אברהם מענעס

# שבת און יום־טוב

סאָציאַלע גערעכטיקייט, חשבון הנפש, גאולה,
אינעם גאַנג פון יידישן יאָר



הוצאת „המנורה" תל־אביב
תשל"ג — 1973

**דעם ליכטיקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן :**

ר׳ מאיר און רחל מענעס ז״ל

ר׳ אהרן און רבקה גאַרדאָן ז״ל




## שבת — דער יידישער טאָג און די יידישע אידעע

שבת קודש, דער הייליקער טאָג שבת, איז במשך פון דורות און דורות געווען און געבליבן דער סימבאָל פון יידיש לעבן. שבת איז דער יידישער טאָג, אָבער אויך, און אפשר קודם כל, די יידישע אידעע. אַ סך מער ווי ביי אַנדערע יום־טובים איז ביי שבת גילטיק דער כלל — סוף מעשה במחשבה תחילה: פריִער איז געווען די שבת־אידעע, ערשט שפּעטער איז געקומען די שבת־ווירקלעכקייט. וואָרום שבת איז אַ סך מער ווי בלויז אַ טאָג פון אָפּרו, טאָג פון ניט־טאָן. כאַראַקטעריסטיש פאַר שבת איז גראָד, וואָס מען טוט יאָ שבת, וואָס מען מאַכט פון שבת און ווי מען מאַכט שבת. גאָט האָט פאַרענדיקט באַשאַפן די וועלט — דערציילט אונדז אַ מדרש — ניט אין זעקס טעג, נאָר אויפן זיבעטן טאָג, וואָרום ערשט אין דעם זיבעטן טאָג האָט גאָט באַשאַפן דעם שבת. און כל זמן עס איז ניט געווען קיין שבת אויף דער וועלט איז די וועלט ניט געווען פאַרענדיקט. דעריבער, דערקלערט דער מדרש, שטייט געשריבן: ויכל אלהים ביום השביעי מלאכתו אשר עשה. שבת איז די יידישע אידעע וועגן דעם זין פון דער וועלט און דעם פּלאַן פון דער וועלט־געשיכטע, וועלכע קען געפינען איר תיקון נאָר אין דעם וועלט־שבת, אין דעם יום שכולו שבת, ווי די משיח־צייט ווערט באַצייכנט אין דער יידישער טראַדיציע. שבת איז אָבער נאָך מער ווי אַן אידעע. אין דער אגדה און קבלה־ליטעראַטור באַווייזט זיך פאַר אונדז די שבת־געשטאַלט אין איר פולער פּראַכט. עס איז די פּערזאָ־

ניפּיצירונג פון דער העכסטער, געלייטערטער גייסטיקייט. שבת איז די נשמה יתרה פון דער וועלט, און דערפאַר זינגען אונדזערע מיסטישע דיכטער מיט אַזוי פיל הייליקייט און דערהויבנקייט זייערע פיוטים און זמירות לכבוד דער בת מלכה שבת.

די מאָטיוון פון שבת פירן אונדז אַריין אין די פאַרבאַרגנסטע ווינקעלעך פון יידישן געדאַנק וועגן צייט, געשיכטע און אייביקייט. צום יידישן פאָלק האָט זיך די געטלעכע השגחה אַנטפּלעקט ניט אין די מאַניפעסטאַציעס פון נאַטור־לעבן, נאָר אין די גרויסע קריזיסן פון דער געשיכטע. די יידן האָבן דערפאַר קיינמאָל ניט פאַרגעטערט די בלינדע כוחות פון דער נאַטור. דער בליק פון די גרויסע יידישע דענקער איז תמיד געווען געווענדעט צום מענטשן און צו דער געשיכטע פון די פעלקער. דער גורל פון מענטשן און פעלקער איז פאַר די יידישע נביאים געווען ניט קיין רעזולטאַט פון שפּיל פון צופאַל, נאָר איז פון זיי באַטראַכט געוואָרן ווי אַ טייל פון אַ גרויסער וועלט־היסטאָרישער דראַמע. און דער גרונט־מאָטיוו פון אָט דער וועלט־היסטאָרישער דראַמע איז — דער כסדרדיקער קאָנפליקט צווישן גלות און גאולה. מיטן פאַקט פון גלות הייבט זיך אייגנטלעך די וועלט־געשיכטע אָן — עס איז די פאַרטרייבונג פון די ערשטע מענטשן פון גן־עדן. זינט יענער אור־קאַטאַסטראָפע איז — לויט דער ביבלישער פאַרשטעלונג — די וועלט אין גלות, ווייט פון גאָט און ווייט פון גערעכטיקייט. אויך דער אָנהייב פון דער יידישער געשיכטע שטייט אונטערן צייכן פון גלות און גאולה — פון שעבוד מצרים און יציאת מצרים. און דער גאַנצער ווייטערדיקער וועג פון יידישן פאָלק איז איין לאַנגער אומאונטער־בראָכענער קאַמף צווישן די פינצטערע קליפּות פון גלות און די הייליק־לויטערע פונקען פון גאולה.

די ערשטע קאַפּיטלעך פון בראשית מאָלן אונדז אַ בילד פון דער מאָראַ־לישער ירידה פון דעם מענטשן און פון דער וועלט. די דאָזיקע טיף־פּעסימיס־טישע שטימונג קומט דייטלעך צום אויסדרוק אין דעם וואָרט־שפּיל אדם —אדמה (מענטש — ערד): פון דער ערד איז דער מענטש באַשאַפן געוואָרן; די ערד מוז ער באַאַרבעטן; און צו דער ערד מוז ער זיך צוריקקערן. אָט די טראַגישע גורל־פאַרבונדנקייט צווישן מענטש און ערד באַטאָנט אַזוי שטאַרק דעם יידישן דענקער. ער ווייסט, אַז דער מענטש איז באַרופן צו מער, אַז ער האָט אַ העכערע שליחות אויף דער וועלט, און ער קען דערפאַר ניט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז מיט די וואָכעדיקע טעג, מיט די טעג פון אַרבעט, זאָרג און פּיין, קען ווערן אויסגעפּילט דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון דעם אַרבעטס־מענטשן איז שווער, אין שווייס פון זיין פּנים עסט ער זיין ברויט. דערנער און ווילדע פּירות — קלאָגט זיך דער דיכטער פון חומש — וואַקסן פון זיך אַליין, אָבער פאַרן שטיקל ברויט, וואָס דער מענטש דאַרף האָבן פאָדערט די ערד שווערע אַרבעט. דער יידישער געדאַנק

האָט דעם דאָזיקן צושטאַנד בשום אופן ניט געקענט באַטראַכטן פאַר אַן ענד־גילטיקן. דעם ענטפער האָבן יידן געפונען אין דעם משיח־גלויבן, וואָס איז אפשר דאָס העכסטע צו וואָס דער יידישער רעיון איז דערגאַנגען. אָבער אַפילו די משיח־אוטאָפּיע האָט דעם יידישן אַרבעטס־מענטשן ניט געקענט געבן די פולע באַפרידיקונג. אויך איצט, אין דער פון גאָט פאַרשאָלטענער וועלט, וויל ער אַ מאָל, לפּחות אויף אַ קורצער צייט, געניסן דעם טעם פון גן־עדן און משיח־צייט. צו דעם צוועק האָט ער נאָך פון דער גליקלעכער גן־עדן־צייט געראַטעוועט אַ קליינעם רעשט פאַר דער קעגנוואַרט אין דער געשטאַלט פון שבת, דעם טאָג פון מנוחה און קדושה, ווען דער מענטש ווערט באַפרייט פון זיין צוגעבונדנקייט צו דער ערד און ווען ער קען זיך ווידער דערנענטערן צו זיין גייסטיקן שורש.

אַ מדרש דערציילט: אין דעם זעקסטן טאָג פון דער בריאה האָט גאָט באַשאַפן דעם מענטשן. אין דעם זעלביקן טאָג, פרייטיק, האָט זיך דער מענטש פאַרזינדיקט און זיין שטראָף וואָלט געווען זייער אַ שווערע. איז אָבער אָנגעקומען דער טאָג שבת, דער פון גאָט געבענטשטער טאָג. האָט זיך דער שבת איינגעשטעלט פאַרן מענטשן און האָט געזאָגט צו גאָט ברוך הוא: האר פון דער וועלט! אין די זעקס טעג פון באַשאַף איז קיין איינציקער פון דיינע ברואים ניט אומגעקומען, ווילסטו מיט מיר אָנהויבן? איז דאָס מיין קדושה און איז דאָס מיין ברכה? איז אָדם הראשון ניצול געוואָרן פון דעם דין פון גיהנום אין זכות פון שבת. און ווען אָדם האָט געזען דעם כוח פון שבת האָט ער אָנגעהויבן זינגען: מזמור שיר ליום השבת!

די זעקסטאָגיקע אַרבעטסוואָך מיטן זיבעטן אָפּרו־טאָג, שבת, פאַרנעמט בכלל אַ פּלאַץ פאַר זיך אין אונדזער קאַלענדאַר־סיסטעם. דער טאָג, דער חודש און דאָס יאָר זיינען אונדז געגעבן געוואָרן פון דער נאַטור, זיי זיינען פאַרבונדן מיט די באַוועגונגען פון דער זון און פון דער לבנה לגבי דער ערד, ווי זיי ווערן געזען פון אונדז. דער חשבון פון דער זיבנטאָגיקער וואָך האָט אָבער צום אַסטראָנאָמישן קאַלענדאַר קיין שום שייכות ניט. די וואָך איז אויסשליסלעך אַ פּראָדוקט פון מענטשלעכן שכל. דאָס האָט דער מענטש געמאַכט דעם פּרווו זיך צו עמאַנציפּירן פון דער נאַטור, צו באַווייזן זיין זעלבשטענדיקייט, זיין אויטאָנאָמיע אין די ראַמען פון אַ געבונדענער וועלט. מיט דער זיבנטאָגיקער וואָך האָט דער ייד געשאַפן זיין אייגענעם ריטם פון אַרבעט און אָפּרו, זיין אייגענעם סדר פון די טעג און די צייטן.

דער מאָדערנער מענטש, וואָס איז אַזוי צוגעוווינט צו דער זיבנטעגיקער וואָך, קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, אַז אַמאָל איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט נאָך ניט געוווּסט פון דער וואָך און פון דער ריטמישער איינטיילונג אין טעג פון אַרבעט און טעג פון אָפּרו. דער אמת איז, אַז עס זיינען נאָך היינט

פֿאַראַן קולטור־פֿעלקער, וועלכע האָבן ניט אונדזער וואָך־רעכענונג און וועלכע האָבן אויך ניט דעם נאָרמאַלן, פֿעריאַדישן אָפּרו־טאָג. אַפֿילו די מערבדיקע קולטור־פֿעלקער, וואָס האָבן ביי אונדז יידן איבערגענומען די זיבנטאָגיקע וואָך, האָבן ביז גאָר ניט לאַנג ניט אַזוי שטרענג אָפּגעהיט דעם געבאָט צו רוען אין דעם זיבעטן טאָג. אין אַ סך קולטור־לענדער איז נאָך במשך פֿון גאַנצן 19טן און אַפֿילו נאָך אין אָנהייב פֿון אונדזער יאָרהונדערט די פּולע, זיבנטאָגיקע אַרבעטסוואָך ווייט ניט געווען קיין זעלטנהייט. דאָס איז באַזונדערס נוגע דעם האַנדל, ווו מען האָט געאַרבעט כמעט די גאַנצע 365 טעג פֿון יאָר. עס איז מחמת דעם ווייט ניט קיין גוזמא צו זאָגן: אַז די איינפֿירונג פֿון שבת איז ניט נאָר דער ערשטער, נאָר, קולטור־היסטאָריש באַטראַכט, בלי ספק דער באַדייטנדסטער אָפּנויג פֿון דעם שטענדיקן כסדרדיקן יאָך פֿון אַרבעט און זאָרג. שבת האָט אָבער דעם מענטשן באַפֿרייט ניט נאָר פֿון דער קללה פֿון „בזעת אפיך תאכל לחם", נאָר אויך פֿון דער שווערער משׂא, וואָס האָט אַזוי אָפּט געדריקט אויפֿן אַרבעטס־מענטשן מחמת דעם אומגערעכטן סדר־העולם.

אַ תלמודישע אגדה דערציילט: ווען משה איז צום ערשטן מאָל אַרויס צו זיינע ברידער און האָט געזען זייער שווערע אַרבעט איז ער געקומען צוריק צו פּרעהן, דעם קעניג פֿון מצרים, און האָט צו אים געזאָגט: אויב עמעצער האָט אַ קנעכט און ער לאָזט אים ניט אָפּרוען איין טאָג אין וואָך, קען ער שטאַרבן. און דיינע קנעכט, אויב דו וועסט זיי ניט געבן איין טאָג אין וואָך רו, וועלן זיי אומקומען. האָט פּרעה צו אים געזאָגט: גיי און טו ווי דו פֿאַרשטייסט. איז משה אַוועק צו זיינע ברידער און האָט פֿאַר זיי באַשטימט דעם טאָג שבת פֿאַר אַן אָפּרו־טאָג.

שבת איז בכן, לויט דער אגדה, דער ערשטער און עלטסטער יידישער יום־טוב, אַפֿילו נאָך עלטער ווי פּסח, דעם יום־טוב פֿון יידישער פֿרייהייט, ווען פֿון די קנעכט אין מצרים איז געוואָרן דאָס פֿאָלק ישראל. עס איז בכל אופן ריכטיק, אַז די שבת־אידעע ליגט אין יסוד פֿון אַלע יידישע יום־טובים, און די געבראַכטע אגדה האָט בלי ספק געשעפּט פֿון דעם קוואַל פֿון דער גאָר אַלטער יידישער טראַדיציע. וואָרום שבת איז לכל הדעות שוין אין דער צייט פֿון תנ"ך באַטראַכט געוואָרן ווי דער וויכטיקסטער יידישער יום־טוב. אין די עשרת הדברות, ווו עס ווערן אויסגערעכנט די צען רעליגיעז־עטישע עיקרים פֿון דער יידישער אמונה, ווערט פֿון אַלע יום־טובים בלויז שבת דערמאָנט: „געדענק דעם טאָג שבת, אים צו האַלטן הייליק" („זכור את יום השבת לקדשו"). צוויי מאָטיווירונגען ווערן אונדז אין חומש געגעבן פֿאַר דער אויסערגעוויינלעכער וויכטיקייט פֿון דער מצוה פֿון שבת: אין שמות (כ', י"א) ווערט שבת פֿאַרבונדן מיט דער געשיכטע פֿון מעשה בראשית: „וואָרום אין זעקס טעג האָט גאָט געשאַפֿן דעם הימל און די ערד, דעם ים, און אַלץ וואָס געפֿינט זיך אין זיי, און דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט; דערפֿאַר האָט גאָט געבענטשט

דעם טאָג שבת, און האָט אים געהייליקט". אין "דברים" ווערט די מצוה פון שבת מאָטיווירט דער עיקר ווי אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע: „זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלע דיינע מלאכות; אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת צו ה' דיין גאָט, זאָלסט ניט טאָן קיין מלאכה, דו און דיין זון, און דיין טאָכטער און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דיין אָקס, און דיין אייזל, און אַלע דיינע בהמות, און דער פרעמדער וואָס אין דיינע טויערן; כדי דיין קנעכט און דיין דינסט זאָלן רוען אַזוי ווי דו. און דו זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין לאַנד מצרים, און ה' דיין גאָט האָט דיך אַרויסגעצויגן פון דאָרטן מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אויסגעשטרעקטן אָרעם; דרום האָט ה' דיין גאָט דיר באַפוילן צו מאַכן דעם טאָג שבת". עס איז אין תוך ניטאָ קיין סתירה צווישן די דאָזיקע צוויי מאָטיווירונגען. שבת איז אַן אוניווערסאַלע אינ־סטיטוציע, וואָס דאַרף זיין אַ טאָג פון ברכה און קדושה פאַר דער גאַנצער וועלט, עס איז אָבער קודם־כל דער הייליקער יידישער טאָג, דער סימבאָל פון יידישער פרייהייט און פון דער יידישער אידעע פון פרייהייט און גלייכהייט.

ווי אַזוי האָט דער יידישער פויער געוווּסט וועלכער טאָג איז שבת? עס קען אָפּילו אין פלוג אויסווייזן, אַז די גאַנצע פראַגע איז ניט אויפן אָרט: וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ גרויסע חכמה צו וויסן, ווען איז שבת? דער אמת איז, אַז דאָס איז גאָרניט געווען אַזוי איינפאַך. דער ייד פון דער צייט פון תנ"ך האָט זיך גרינגער געקענט געבן אַן עצה מיט אויסרעכענען די שעהן פון טאָג און באַשטימען די צייט פון אַנהויב חודש און אַנהויב יאָר. די באַוועגונגען פון דער זון און דער לבנה האָבן דעריין אַרויסגעהאָלפן. ווי גיט מען זיך אָבער אַן עצה מיט די טעג פון דער וואָך? דאָ האָט מען געמוזט אָנווענדן דעם פשוטן מעטאָד פון ציילן און געדענקען. דערפאַר ווערט טאַקע געזאָגט אין די עשרת הדברות: „געדענק דעם טאָג שבת, אים צו הייליקן". (זכור את יום השבת לקדשו). עס איז מחמת דעם פאַראַן אַ גרונד משער צו זיין, אַז דער מנהג פון ספירה, פון ציילן די טעג, איז לכתחילה געווען פאַרבונדן מיט דער אינסטיטוציע פון דער זיבנטעגיקער וואָך. אין דער צייט פון ספירה, אין די טעג צווישן פסח און שבועות, האָט מען אייגנטלעך געציילט ניט די טעג נאָר די וואָכן. און ווען עס פאַרענדיקט זיך דער קרייז פון די וואָכן, דער פעריאָד פון זיבן מאָל זיבן — פון זיבן וואָכן צו זיבן טעג — פייערט מען דעם יום־טוב פון די וואָכן, דעם יום־טוב שבועות.

פאַרוואָס איז דער מנהג פון ציילן ספירה אויפגעהיט געוואָרן נאָר פאַר די זיבן וואָכן פון פסח ביז שבועות? דערויף איז אונדז היינט שווער צו געבן אַ באַפרידיקנדיקן ענטפער. מעגלעך, אַז גראָד אין דער צייט פון שניט איז געווען באַזונדערס וויכטיק צו דערמאָנען די פויערים, אַז שבת דאַרף מען אָפּשטעלן די אַרבעט. אַ רמז פאַר דעם קען מען געפינען אין שמות ל"ד, כ"א: „זעקס טעג — לייענען מיר דאָ — זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג

זאָלסטו רוען; אין דער אַקערצייט און שניטצייט זאָלסטו רוען". עס ווערט דאָ, ווי מיר זעען, באַזונדערס באַטאָנט די וויכטיקייט צו רוען שבת גראָד אין דער אַקערצייט און אין דער שניטצייט, ווען עס איז פאַראַן אַזוי פיל אַר־בעט אויפן פעלד און דער נסיון איז אָפטמאָל זייער גרויס אויסצונוצן אויך דעם שבתדיקן טאָג פאַר וואָכעדיקער אַרבעט. עס איז אַחוץ דעם אויך פאַראַן אַן אידעיִשע קרובהשאַפט צווישן שבת און פסח. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס דער ערשטער טאָג פסח ווערט אין חומש באַצייכנט מיטן וואָרט שבת. דער שייכותדיקער טעקסט אין ויקרא וועגן דער מצווה פון ספירה לייענט זיך:

„און איר זאָלט אייך ציילן פון אויף מאָרגן נאָך דעם שבת, פון דעם טאָג, וואָס איר ברענגט די גאַרב פון אויפהייבונג (עמר התנופה — דער עמר איז געבראַכט געוואָרן אין אָנהויב שניט ווי אַ דאַנק־מתנה צו גאָט פאַר דער מזל־ברכה אויף די פעלדער). זיבן גאַנצע וואָכן זאָלן עס זיין; ביז אויף מאָרגן נאָך דעם זיבעטן שבת זאָלט איר אָפציילן פופציק טעג און ברענגען אַ שפּייזאָפּפער פון דער נייער גערעטעניש צו גאָט". עס ווייזט אויס, אַז דווקא אין שניט־צייט האָט מען די מצווה פון שבת־רו אָפּגעהיט מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט. צוליב דעם טעם האָט דער יום־טוב, וואָס שליסט אָפּ דעם פעריאָד פון דער שניט־צייט, דער חג הקציר אָדער דער חג הבכורים, געקריגן דעם נאָמען שבועות־וואָכן, יום־טוב פון די וואָכן.

דאָס וואָרט „קדש" — הייליקן, קען אַחוץ דעם אויך האָבן די באַדייטונג פון — פייערלעך פּראָקלאַמירן, אָנזאָגן. אַזוי פלעגט מען אָנזאָגן דאָס אָנקומען פון שבת, יום־טוב און ראש־חודש דורך סיגנאַלן און רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע ווערן אין דער תלמודישער ליטעראַטור באַצייכנט מיט די ווערטער קידוש החודש (דאָס פּראָקלאַמירן פון דעם נייעם חודש) און קידוש היום (ביים אָנקומען פון שבת און יום־טוב). דאָס איז דער גרונד פאַר דעם מנהג פון קידוש און הבדלה — אויף אַ פייערלעכן אופן ווערט דער שבת אויפגענומען, און אויף אַ פייערלעכן אופן באַגלייט דער ייד דעם שבת.

פון וואַנען קומט צו יידן די שבת־אידעע און שבת־אינסטיטוציע? פאַר־שיידענע פאָרשער האָבן געפּרוווט באַווייזן, אַז אין דעם ענין שבת זיינען די יידן געווען תלמידים פון די חכמי בבל. הגם עס איז אמת, אַז אין ענינים פון קאַלענדאַר בכלל האָבן יידן אַ סך געלערנט פון דער עלטערער בבלישער קולטור, האָבן מיר שוין אָבער פריִער באַמערקט, אַז די זיבנטאָגיקע וואָך און דער אָפּרו־טאָג שבת פאַסן זיך לחלוטין ניט אַריין אין דעם סיסטעם פון דעם קלאַסישן בבלישן קאַלענדאַר. עס האָט זיך אגב ביז צום היינטיקן טאָג ניט איינגעגעבן צו אַנטדעקן וועלכן ניט איז שפּור פון דעם יידישן שבת אין די אַלטע בבלישע דענקמעלער. מען האָט, אמת, יאָ געפונען אַן אַלטן בבלישן טעקסט, ווו עס ווערט געזאָגט, אַז באַשטימטע טעג אין חודש זיינען ניט מזלדיק און מען דאַרף זיך דעריבער אָפּהאַלטן פון צו טאָן אין זיי געוויסע אַרבעטן.

אָבער די דאָזיקע ניט־מזלדיקע טעג פאַלן ניט צונויף מיטן יידישן שבת; זיי זיינען צוגעפּאַסט צום חשבון פון חודש און ניט פון דער וואָך. אויך לויט זייער גאַנצן כאַראַקטער האָבן זיי לחלוטין ניט צו טאָן מיט דער שבת־אידעע און די שבת־דינים, ווי זיי ווערן פאָרמולירט און באַשטימט אין תנ״ך.

די עצם שבת־אינסטיטוציע איז אין תוך געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער דעמאָלטיקער אָריענטאַלישער קולטור בכלל און דעם אָריענטאַלישן קאַלענדאַר בפרט, דערפאַר אָבער פּאַסט זיך שבת אויסגעצייכנט אַריין אין דער יידישער אידעען־וועלט און אין דעם ריטם פון יידישן סאָציאַלן לעבן און פון יידישן רעליגיעזן געדאַנק. אין דער יידישער וועלט איז שבת ניט קיין צופעליקע און ניט קיין איזאָלירטע דערשיינונג. אַ גענויערער אַנאַליז פון די געהעריקע ביבלישע טעקסטן באַווייזט, אַז מיר האָבן אין דער תורה אַ גאַנצן סיסטעם פון שבת־געזעצן, וועלכע זיינען אַלע דורכגעדרונגען מיט איין צענטראַלער אידעע — מיט דער אידעע פון גאולה און באַפרייונג.

אין פּרשה משפּטים (שמות כ״א—כ״ג), די עלטסטע זאַמלונג פון יידישע געזעצן, געפינען מיר צוויי וויכטיקע סאָציאַלע געבאָטן, וואָס זיינען איידעיש פאַרבונדן מיטן שבת־געדאַנק. די פּרשה משפּטים הייבט זיך אָן — און דאָס איז אגב כאַראַקטעריסטיש פאַרן סאָציאַל־עטישן גייסט פון דער ביבלישער געזעצגעבונג בכלל — מיט באַשטימען די רעכט פון די קנעכט: „אויב דו קויפסט אַ יידישן קנעכט, זעקס יאָר זאָל ער דינען, און אויפן זיבעטן יאָר מוז ער ווערן באַפרייט״. נאָך זעקס אַרבעטס־יאָר קומט דער זיבעטער שבת־יאָר, דער יאָר פון פרייהייט. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער געזעצגעבער האָט מיט דעם געהאַט אין זינען אָן אַלגעמיינעם יאָר, אַ יאָר פון פרייהייט פאַר אַלע קנעכט, פּונקט ווי שבת איז אַ טאָג פון פרייהייט און אָפּרו פאַר אַלע אַרבעטס־מענטשן. זיכער איז בכל אופן, אַז די עצם אינסטיטוציע פון אַ זיבן־יאָריקער וואָך מיט אַ שבת־יאָר איז אין דער צייט פון תנ״ך געווען גוט באַקאַנט. די נאָענטע אידעיִשע קרובהשאַפט צווישן שמיטה — ווי דאָס שבת־יאָר הייסט אין חומש — און שבת נוויטקט זיך ניט אין קיין שום באַזונדערע באַווייזן. שמיטה און שבת ווערן אין פּרשה משפּטים דערמאָנט צוזאַמען. דער טעקסט לייענט זיך:

„און זעקס יאָר זאָלסטו זייען דיין לאַנד און אַראָפּנעמען די תבואה; אָבער דאָס זיבעטע יאָר זאָלסטו דיין פעלד לאָזן פריי, די אָרעמע פון דיין פאָלק זאָלן דערפון עסן, און דעם רעשט זאָלן עסן די חיות פון פעלד. אַזוי זאָלסטו אויך טאָן מיט דיין וויינגאָרטן, מיט דיין איילבערטגאָרטן.

„זעקס טעג זאָלסטו טאָן דיין אַרבעט, און אויפן זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען, כדי עס זאָל רוען דיין אָקס און דיין אייזל, און עס זאָל אָפּאָטעמען דער זון פון דיין דינסט און דער פרעמדער״.

אין די צייטן פון שבת און שמיטה פארשווינדן די סאָציאַלע אונטער־שיידן צווישן מענטשן. און פונקט ווי שבת איז אַן אָפּרו־טאָג פאַר אַלע באַ־שעפענישן, אַפילו פאַר די אַרבעטס־בהמות, פאַרן אָקס און פאַרן אייזל, אַזוי געניסן פון דער פרייהייט פון שבת־יאָר ניט נאָר די אַרעמע, נאָר אויך די חיות פון פעלד. אין דעם יאָר פון שמיטה ווערט אָפּגעשאַפט דאָס אייגנטום אויף דער ערד. די וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן, געהערט איצט אַלעמען, ווייל: „איין פאָטער האָבן מיר אַלע, איין גאָט האָט אונדז באַשאַפן". דערפאַר ווערן אין דעם יאָר פון שמיטה אויך די בעלי חובות — און דאָס זיינען דעמאָלט געווען דער עיקר פאַראַרעמטע פויערים — באַפרייט פון זייערע שולדן: „צום סוף פון אַלע זיבן יאָר זאָלסטו מאַכן שמיטה. און דאָס איז דער דין פון שמיטה: יעטוועדער זאָל אָפּלאָזן די חובות וואָס ער האָט געליען זיין חבר; ער זאָל ניט מאָנען פון זיין חבר און זיין ברודער, ווייל מען האָט אויסגערופן שמיטה צו גאָט".

די ענלעכקייט צווישן דעם שבת־טאָג און דעם שבת־יאָר גייט נאָך ווייטער. דער ציקל פון זיבן וואָכן צו זיבן טעג, וואָס פאַרענדיקט זיך מיטן יום־טוב פון די וואָכן־שבועות, האָט זיין פּאַראַלעל אין דער אינסטיטוציע פון יובל: נאָך אַ פּעריאָד פון זיבן יאָר־וואָכן צו זיבן יאָר קומט דאָס הייליקע פופציקסטע יאָר, דאָס גרויסע שבת־יאָר, דאָס יאָר פון פולער פרייהייט פאַרן גאַנצן פאָלק:

„און זאָלסט אָפּציילן זיבן שבתים יאָרן, זיבן מאָל זיבן יאָר; און די טעג פון די זיבן שבתים יאָרן וועלן דיר זיין ניין און פערציק יאָר. דערנאָכמאָל זאָלסטו לאָזן הערן דעם קול פון שופר, אין זיבעטן חודש, אין צענטן טאָג פון חודש, אום יום־כפור, זאָלט איר לאָזן הערן דעם קול פון שופר אין אייער גאַנצן לאַנד. און איר זאָלט הייליקן דאָס פופציקסטע יאָר, און אויסרופן פריי־הייט אין לאַנד פאַר אַלע אירע באַוווינער, יובל זאָל עס אייך זיין; און איר זאָלט אייך אומקערן איטלעכער צו זיין אייגנטום, און איטלעכער צו זיין משפחה זאָלט איר אייך אומקערן. יובל זאָל דאָס פופציקסטע יאָר אייך זיין... אין דעם דאָזיקן יאָר פון יובל זאָלט איר אייך אומקערן איטלעכער צו זיין אייגנטום". (ויקרא כ"ה).

אין דעם יאָר פון יובל ווערט פאַרווירקלעכט, לפּחות אויף אַ געוויסער צייט, דער משיחיש־נביאישער אידעאַל פון סאָציאַלער גלייכהייט און ברידער־לעכקייט. דער פאַראַרעמטער פויער, וואָס איז אויס נויט געווען געצוווּנגען צו פאַרקויפן זיין נחלה, באַקומט אין דעם הייליקן יובל־יאָר זיין לאַנד צוריק. דער אַרעמער אַרבעטס־מענטש, וואָס האָט צוליב דער שווערער משא פון די חובות זיך אַליין געמוזט פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט, ווערט אינעם יאָר פון יובל ווידער אַ פרייער מענטש: „איטלעכער צו זיין אייגנטום און איטלעכער צו זיין משפחה זאָלט איר אייך אומקערן".

שבת דערמאָנט אונדז אָן דער משיח־צייט. עס איז אַליין אַ שטיק משיח־

צייט, דערפאַר איז שבת דער סימבאָל פון פרייהייט און שלום פאַר אַלעמען. אין סוף פון די טעג — זאָגט אונדז דער נביא — וועלן די מענטשן איבער־שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס און זייערע שפּיזן אויף שנייד־מעסערס, איין פאָלק וועט ניט אויפהייבן קיין שווערד קעגן דעם אַנדערן פאָלק און מען וועט מער ניט לערנען קיין מלחמה. אויך דער אייביקער קאַמף צווישן מענטש און חיה וועט אויפהערן: „און איך וועל לאָזן שליסן אַ בונד צווישן די חיות פון פעלד און די פייגל פון הימל. בויגן, שווערד און מלחמה וועל איך אָפּשאַפן פון דער וועלט (וכרתי להם ברית ביום ההוא עם חיה חדשה ועם עוף השמים וקשת וחרב ומלחמה אשבור מן הארץ. הושע ב׳, כ׳). אָפּהיטן די שבת־ און שמיטה־געזעצן, סיי לגבי מענטשן און סיי אפילו לגבי די בעלי־חיים, הייסט מקרב זיין די גאולה, ברענגען שלום אויף דער וועלט. היט דער ייד אָפּ שבת, קומען די מלאכים פון שלום אים בענטשן, ברענגען זיי אים די ברכה פון שלום אין זיין היים אַריין; וואָלט די וועלט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון שבת, וואָלט די וועלט באַגריפן ווי צו היטן שבת, וואָלטן די מלאכים פון שלום שוין לאַנג געבראַכט די ברכה פון שלום פאַר דער גאַנצער וועלט.

שבת איז דער יידישער טאָג, דער צייכן פון בונד צווישן גאָט און דעם פאָלק ישראל: „און די קינדער פון ישראל זאָלן היטן שבת, צו האַלטן שבת, אויף זייערע דור דורות; אַן אייביקער בונד (ברית עולם) צווישן מיר און צווישן די קינדער פון ישראל איז דאָס, אַ צייכן אויף אייביק". (שמות ל״א). אַ באַזונדערע ראָלע האָט, ווייזט אויס, אין דעם פּרט געשפּילט די תקופה פון גלות־בבל. די נביאים, וואָס האָבן נאָך געווירקט פאַרן חורבן דערמאָנען אָפט שבת צוזאַמען מיט ראש חודש. אין דער צייט פון גלות בבל איז שבת געוואָרן דער סימבאָל פון אַנגעהעריקייט צום יידישן כלל: „און אויך מיינע שבתים — זאָגט אונדז יחזקאל, דער נביא פון גלות, אין גאָטס נאָמען — האָב איך זיי געגעבן, זיי זאָלן זיין אַ צייכן צווישן מיר און צווישן זיי, צו וויסן אַז איך ה׳ האָב זיי געהייליקט (וגם את שבתותי נתתי להם להיות לאות ביני וביניהם לדעת כי אני ה׳ מקדשם). דאָ, אין דעם פרעמדן לאַנד, אין אַ פרעמדער ניט־יידישער וועלט, האָבן די פאַרטריבענע פון יהודה געפילט די באַזונדערע וויכטיקייט און נויטיקייט פון יידישן טאָג. שבת איז מען זיך צונויפגעקומען, מען האָט אָפּגעפרישט די זכרונות פון דעם גרויסן עבר און מען האָט ווייטער געשפּונען דעם פאָדעם פון דער יידישער געשיכטע. שבת איז דאָ געוואָרן גלייכצייטיק דער סימבאָל פון יידיש לעבן און פון יידישער האָפענונג, פון יידישן קאַמף און יידישער גאולה. שבת האָט זיך דאָ דער יידישער מענטש באַפרייט פון דעם דאָפּלטן גלות — פון דעם גלות פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן און פון דעם גלות פון נאַציאָנאַלער עבדות. שבת איז אָבער פאַר די פאַרטריבענע אין בבל אויך געווען אַ פּראָבלעם: — ווי קען מען אָפּהיטן און האַלטן שבת אין אַ פרעמדן לאַנד,

צווישן פרעמדע? אָבער גראַד ווייל עס איז געווען אַזוי שווער צו היטן שבת, איז די מצוה פון שבת געוואָרן אַלץ טייערער און הייליקער. אָפּהיטן שבת איז מיט דער צייט געוואָרן ניט נאָר דער וויכטיקסטער סימן, נאָר אויך איינער פון די וויכטיקסטע עיקרים פון ידישקייט: „ווייל צו דעם מאַן — לייענען מיר אין צווייטן טייל פון ישעיה, אין די נבואות פון נחמה — וואָס טוט דאָס דאָזיקע, און דעם מענטשן־קינד, וואָס האַלט זיך אין דעם: וואָס היט שבת, אים ניט צו פאַרשוועכן, און היט זיין האַנט פון צו טאָן בייז" (אשרי אנוש יעשה זאת ובן אדם יחזיק בה שמר שבת מחללו ושמר ידו מעשות כל־רע) אין דער זעלבי־קער צייט באַטאָנט דער נביא די אוניווערסאַלע באַדייטונג פון שבת און פון דער ידישער אמונה בכלל:

„אויך די פרעמדע, וואָס באַהעפטן זיך צו גאָט
אים צו דינען,
און ליב צו האָבן דעם נאָמען פון גאָט,
אים צו זיין פאַר קנעכט;
איטלעכער וואָס היט שבת אים ניט צו פאַרשוועכן,
און האַלט זיך אין מיין בונד,
זיי וועל איך ברענגען צו מיין הייליקן באַרג,
און וועל זיי דערפרייען אין מיין הויז פון געבעט;
זייערע בראַנד־אָפּפער און זייערע שלאַכט־אָפּפער
וועלן זיין צו באַוויליקונג אויף מיין מזבח;
וואָרום מיין הויז וועט גערופן ווערן
דאָס הויז פון תפילה פאַר אַלע פעלקער. (ישעיה נ"ו).

שבת איז פאַרן נביא פון נחמה, אַ סך מער ווי בלויז איינע פון די מצוות פון דער תורה. אָפּהיטן שבת הייסט — אָפּהיטן ידישקייט. אַזוי זיינען אגב די דאָ ציטירטע שטעלן פון ישעיה נ"ו אויך אויסגעטייטשט געוואָרן פון די בעלי התלמוד. אין ירושלמי נדרים לייענען מיר: „האָט גאָט ברוך הוא געזאָגט צום פאָלק ישראל: אויב איר וועט זוכה זיין צו היטן שבת, וועל איך עס אייך רעכענען ווי איר וואָלט אָפּגעהיט אַלע מצוות פון דער תורה, און אויב איר טוט פאַרשוועכן שבת, רעכן איך דאָס אייך ווי איר וואָלט פאַרשוועכט אַלע מצוות. וואָרום אַזוי זאָגט דער פסוק: (שומר שבת מחללו ושומר ידו מעשות כל רע".

ווען עזרא און נחמיה זיינען צוריקגעקומען פון בבל קיין ארץ ישראל זיינען זיי געווען איבערראַשט און דערשיטערט, וואָס גראַד דאָ, אין דעם לאַנד פון די ידישע האַפענונגען, אין דעם לאַנד פון די אבות, איז גאָטס תורה כמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן און שבת איז דאָ ווייניקער אָפּגעהיט גע־וואָרן ווי אין בבל. נחמיה דערציילט אונדז: „אין יענע טעג האָב איך געזען אין

יהודה ווי מע טרעט קעלטערן אום שבת, און מע ברענגט אַריין די גאַרבן, און מען לאָדט אָן אויף אייזלען, און אויך וויין, טרויבן און פייגן, און אַלערליי משאס, און מען ברענגט אין ירושלים אין טאָג פון שבת; און איך האָב זיי געוואָרנט אין דעם טאָג, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט שפייז. אויך די צורים, וואָס האָבן געוווינט אין איר, פלעגן ברענגען פיש און אַלערליי סחורות, און פאַר־קויפן אום שבת צו די קינדער פון יהודה, און אין ירושלים. האָב איך זיך געקריגט מיט די אדל־לייט פון יהודה. און איך האָב צו זיי געזאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ שלעכטע זאַך, וואָס איר טוט און פאַרשוועכט דעם טאָג פון שבת:

„און עס איז געווען ווי די טויערן פון ירושלים האָבן אָנגעהויבן ווערן טונקל פאַר שבת, האָב איך באַפוילן און די טירן זיינען פאַרשלאָסן געוואָרן, און איך האָב אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל זיי ניט עפענען ביז נאָך שבת; און פון מיינע לייט האָב איך געשטעלט ביי די טויערן, אַז קיין שום סחורה זאָל ניט אַריינקומען אין טאָג פון שבת. און די הענדלער און די פאַרקויפער פון אַלערליי סחורות האָבן גענעכטיקט מחוץ פון ירושלים איין מאָל און צוויי מאָל. האָב איך זיי געוואָרנט, און האָב צו זיי געזאָגט: פאַר וואָס נעכטיקט איר לעבן דער מויער? אַז איר וועט עס טאָן אַ צווייט מאָל, וועל איך לייגן אַ האַנט אויף אייך (יד אשלח בכם). פון יענער צייט אָן זיינען זיי ניט געקומען אום שבת. און איך האָב אָנגעזאָגט די לויים, זיי זאָלן זיך רייניקן, און קומען היטן די טויערן, צו הייליקן דעם טאָג שבת. אויך דאָס געדענק מיר, גאָט מיינער, און באַשיץ מיך לויט דיין גרויס גענאָד" (נחמיה י"ג).

צוויי מאָטיוון דאָמינירן אין דער יידישער שבת־קולטור — דער מאָ־טיוו פון קדושה און די אידעע פון עונג שבת. דער הייליקער טאָג איז אין דער זעלביקער צייט אַ טאָג פון פרייד, פון אָפּרו און פון גייסטיקער דער־הויבנקייט. דער עונג שבת טאָר דערפאַר ניט טראָגן קיין וואָכעדיקן כאַראַק־טער, נאָר מוז ווערן געאיידלט און געלייטערט דורך דער שבתדיקער קדושה. דערפאַר האָט דער יידישער שבת געטראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער ווי די אָפּרו־טעג ביי די אַנדערע פעלקער. דעם ענין פון האַנדלען, קויפן און פאַרקויפן, האָט מען אין דער אַלטער צייט ניט באַטראַכט פאַר קיין מלאכה. פאַר די דאָרפסלייט איז דאָס קומען אין שטאָט, אויפן מאַרק, געווען אַפילו אַ שטיקל שמחה — און דערפאַר באַגעגענען מיר אָפט די פאַרבינדונג פון יום־טוב און מאַרק־טאָג. דער פויער קען דאָן אויסנוצן זיין פרייע צייט סיי פאַר רעליגיעזע און סיי פאַר געשעפטלעכע צוועקן. אויך מצד די האַנדלס־לייט איז אין דעם פּרט ניט געווען קיין מניעה. עס איז קוים פאַראַן נאָך אַ פּראָפעסיאָנעלע גרופּע, וואָס שפּירט אַזוי ווייניק די נויטיקייט אין פּעריאָדישע אָפּרו־צייטן ווי הענדלער. ביים פויער, און נאָך מער ביים שטאָטישן אַרבעטער, איז די באַדערפעניש אין אַ רעגולערן ריטם פון אַרבעט און אָפּרו אַ סך שטאַרקער. די פיזישע כוחות פון מענטשן זיינען באַגרענעצט און נאָך אַ געווויסער צייט

פון אַנגעשטרענגטער אַרבעט מוז דער קערפּער זיך אָפּרוען; אַ קרעמער אָבער קען זיצן אין געשעפט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט ביי נאַכט 365 טעג אַ יאָר. זיין אַרבעט איז ווייניקער קאָנצענטרירט, ווייניקער אינטענסיוו, און דער עיקר — ער איז ווייניקער פריי צו אָרגאַניזירן זיין אַרבעטס־צייט, ער מוז זיך מער צופּאַסן צום קונה. צוליב די טעמים האָט אַפילו די מאָדער־נע סאָציאַלע געזעצגעבונג זיך קודם־כל פאַראינטערעסירט צו רעגולירן די אַר־בעטס־צייט אין די פאַבריקן, בעת די אַרבעטס־צייט אין האַנדלס־געשעפטן איז נאָך אַפילו אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין גאָר אַ סך קולטור־לענדער געווען כמעט ווי ניט באַגרענעצט. דעריבער האָט דער פאַקט, וואָס ביי יידן איז שבת אויך געווען פאַרווערט צו האַנדלען, געשפּילט אַזאַ אויסערגעוויינ־לעכע ראָל אין דער יידישער געשיכטע, באַזונדערס אין די גלות־ישובים, ווו דער האַנדל איז אָפט געווען די וויכטיקסטע יידישע פּרנסה. די רעליגיעזע פירער פון יידישן פאָלק זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער: די הייליקייט פון שבת פאָדערט, אַז דער ייד זאָל אין דעם הייליקן זיבעטן טאָג אַפילו ניט רעדן וועגן וואָכעדיקע ענינים:

> אַז דו וועסט אָפּהאַלטן צוליב שבת דיין פוס,
> פון פאַרנעמען זיך מיט דיינע עסקים אין מיין הייליקן טאָג;
> און וועסט רופן שבת אַ תענוג,
> וועסט אָפּגעבן כבוד דעם הייליקן [טאָג] פון גאָט;
> ניט צו זוכן אין אים אַ געשעפט, אָדער אָפּרעדן אַ זאַך. (ישעיה נח, יג־יד).

שבת דאַרף דער ייד אַפילו ניט רעדן וועגן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו די זאָרגן פון געשעפטלעכן וואָכעדיקן לעבן (שלא יהא דבורך של שבת כדבורך של חול). געוועזן פרומע יידן, וואָס פלעגן בכלל ניט רעדן בלשון חול, נאָר בלשון הקודש, וואָרום דער אָפּרו פון שבת מוז זיין אַ „מנוחה שלמה", אַן אָפּרו ניט נאָר פון קערפּער, נאָר אויך פון דער נשמה: „די מנוחה פון שבת — שרייבט פילאָן פון אַלעקסאַנדריע — ווערט פון אונדז ניט אויסגענוצט פאַר ספּאָרט, טעאַטער־פאַרשטעלונגען און טענץ — ווי עס זיינען זיך נוהג אַ סך אַנדערע פעלקער אין זייערע ימים טובים — נאָר אויסשליסלעך פאַר ענינים פון תורה און חכמה". שבת האָט דער יידישער פאָלקס־מענטש פאַרבראַכט דער עיקר אין דער היים, אין שול און אין בית־מדרש. איז טאַקע ניט קיין חידוש, וואָס אַ גריכישער דענקער באַצייכנט די יידן ווי אַ פאָלק פון פילאָ־זאָפן: „לויט דער גריכישער פאַרשטעלונג — שרייבט דער באַקאַנטער פאַרשער דזשאָרדזש פוט מור — איז דער יידישער בית־מדרש געווען אַ מין פילאָזאָפישע שול... אויך דאָס וואָס מען האָט געלערנט אין בית־המדרש, באַזונדערס דער יסוד פון מאָנאָטעיזם און די עטישע עיקרים, איז פאַר דער גריכישער השגה געווען

אַ ריין פילאָזאָפישע שיטה״... שבת איז ממילא געוואָרן דער טאָג פון יידישן גייסטיקן לעבן, פון יידישן געדאַנק.

די קדושה פון שבת טאָר אָבער ניט שטיין אין קיין סתירה צו דעם כלל פון עונג שבת, וואָרום „שבת איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אייך און ניט איר צום שבת״ (היא מסורה בידכם ולא אתם מסורים בידה). און די יידישע טראַדיציע האָט באַוויזן, אַז קדושת שבת און עונג שבת זיינען ניט קיין תרתי דסתרי, אַז וואָס מער קדושה אַלץ מער עונג, אַלץ ריינער, שטאַרקער און געלייטערטער איז דער עונג שבת. עס האָט זיך אָבער מיט דער צייט אַרויסגעוויזן די נויטיקייט פון געוויסע תקנות, כדי אין אויסנאַם-פאַלן צוצו־פאַסן די דינים פון שבת צו די תנאים פון לעבן. עס איז אַ מאָל אַ מצוה מחלל צו זיין איין שבת (אין פאַל פון פיקוח נפש אָדער מלחמה), כדי שפעטער צו קענען אָפּהיטן אַ סך שבתים. מיט אָט דער אויפגאַבע האָבן זיך פאַרנומען די פרושים און די עלטערע תנאים אין דער צייט פון בית שני.

דער טיף רעליגיעזער ייד האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן קיין גרע־סערן חילול-שבת ווי מלחמה האַלטן אום שבת. די גאַנצע יידישע אמונה איז דאָך אין תוך איין גרויסער פּראָטעסט קעגן אַלע פאָרמען פון שנאה און אונטערדריקונג. דער חלום פון אייביקן שלום פאַרנעמט דערפאַר אַזאַ צענט־ראַלן פּלאַץ אין דער יידישער משיחישער ליטעראַטור. היינט ווי אַזוי זאָל דער ייד אַרויסגיין אין מלחמה, פאַרגיסן בלוט, אין דעם הייליקן טאָג, אין דעם טאָג פון שלום און גאולה? איז דערפאַר ניט קיין חידוש, וואָס יידן האָבן אַלץ געטאָן, כדי אויסצומיידן חילול-שבת אַפילו אין מלחמה-צייטן. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט אַלע מאָל קען אַ פאָלק מאַכן שבת פאַר זיך. אין דעם גרויסן קאָנפליקט צווישן די יידן און דער גריכיש-סעלעוקי־דישער אימפּעריע אין דער צייט פון די חשמונאים האָבן די פרומע יידישע קעמפער אין דער ערשטער צייט מיט מסירת נפש אָפּגעהיט שבת. האָט איין מאָל פּאַסירט — ווערט דערציילט אין ספר חשמונאים א׳ — ווען די גריכישע סאָלדאַטן זיינען אָנגעפאַלן אויף די יידישע מורדים, וואָס האָבן זיך פאַרבאָ־האַלטן אין מדבר, אום שבת, האָבן די יידן זיך ניט אָנטקעגנגעשטעלט, און זיי זיינען אַלע אומגעקומען מיט זייערע פרויען און זייערע קינדער:

„האָבן מתתיהו און זיינע פריינט געהערט פון דער זאַך און עס האָט זיי זייער ווי געטאָן. האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן: אויב מיר וועלן אַזוי טאָן ווי אונדזערע ברידער, וועלן זיי אונדז באַלד אַלעמען פאַרטיליקן, און זיי האָבן דעמאָלט באַשלאָסן: אויב אונדזערע פיינט וועלן אויף אונדז אָנפאַלן אין דעם טאָג פון שבת, וועלן מיר אַרויסגיין אַנטקעגן זיי און מיר וועלן זיך פאַרטיידיקן, און מיר וועלן ניט שטאַרבן, ווי עס זיינען געשטאָרבן אונדזערע ברידער אין זייערע באַהעלטענישן״.

מיר האָבן אין משנה און תלמוד אַ סך חומרות, וואָס איז שייך די דינים פון שבת, מען באַמערקט אָבער געוויינלעך ניט דעם פאַקט, אַז די בעלי המשנה האָבן גאָר אַ סך געטאָן, כדי מעגלעך צו מאַכן אָפּצוהיטן דעם הייליקן זיבעטן טאָג ווי אַ טאָג פון מנוחה און אמתדיקן עונג שבת. די וויכטיקסטע תקנה, וואָס די פּרושים האָבן איינגעפירט, איז געווען די אינסטיטוציע פון עירוב: על פּי דין טאָר מען שבת ניט איבערטראָגן קיין שום זאַך פון איין רשות אין צווייטן רשות: פון שטוב אין גאַס, אָדער פון גאַס אין שטוב, אָדער פון איין הויז אין אַ צווייטן הויז. על פּי דין טאָר מען אויך שבת ניט אַרויס־גיין פון שטאָט ווייטער ווי אַ מרחק פון צוויי טויזנט איילן, אַ תחום שבת. דאָס האָט זייער שטאַרק געשטערט די פרייע באַוועגונג אום שבת, אַפילו וואָס איז שייך דאָס סאָציאַלע און רעליגיעזע לעבן. האָט מען מחמת דעם איינגעפירט די תקנה פון עירוב, וואָס גיט די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען אַ גאַנצע קהילה אין אַ רשות היחיד. כדי צו פאַרגרינגערן די באַוועגונג אויסערן שטאָט האָט מען איינגעפירט די אינסטיטוציע פון עירוב תחומין, אַזוי, אַז אין באַזונ־דערע פאַלן קען מען גיין ווייטער ווי אַ תחום שבת. געווען עקסטרעם־ריגאָ־ריסטישע ריכטונגען ביי יידן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען טאָר שבת ניט לאָזן קיין ליכט און מען טאָר ניט געניסן פון מאכלים, וואָס זיינען פאַקטיש פאַרטיק געוואָרן אום שבת. די פּרושים האָבן, פאַרקערט, באַטאָנט די געוואַלטיקע וויכטיקייט פון בענטשן שבת־ליכט און עסן וואַרעמס (חמין) ביי די שבתדיקע סעודות. מען מעג בכן אַריינשטעלן דאָס עסן אין אויוון פריִיטיק פאַר נאַכט און עס לאָזן אויפקאָכן אין משך פון שבת.

און וואָס איז שייך פּקוח נפש זיינען בנוגע דעם קיין מאָל קיין חילוקי דעות ניט געווען אין די קרייזן פון די פּרושים. עס איז אַ מצוה מחלל שבת צו זיין אַפילו אין פאַל פון אַ קליינעם חשש פון סכנה. און ווען מען פאַרנעמט זיך מיט פּיקוח נפש — שרייבט דער רמב״ם — „טוט מען עס ניט דורך ניט־יידן און ניט דורך קנעכט אָדער פרויען — נאָר דורך די גדולי ישראל״.

יידן האָבן ניט נאָר אָפּגעהיט שבת, יידן האָבן געשאַפן שבת, האָבן גע־מאַכט שבת: „כל המשמר את השבת כאלו עשה השבת״ (מכילתא, כי תשא). און יעדער דור און יעדער יחיד האָט אויף זיין אופן געקעמפט פאַרן שבת, גע־שאַפן דעם שבת און געמאַכט שבת. אויפן לאַנגן וועג פון די יידישע וואַנלונ־גען און וואַנדערונגען איז דער שבת גאָר אָפט געווען אין גרויס סכנה. עס איז גאָרניט געווען אַזוי גרינג פאַרן יידישן ישובניק אין די פאַרוואָרפענע דערפער פון רוסלאַנד און פּוילן צו האַלטן שבת און אָפּצוהיטן שבת. אָבער ניט געקוקט אויף אַלע מניעות און אויף אַלע שוועריקייטן האָבן יידן ניט נאָר אָפּגעהיט שבת, נאָר האָבן נאָך אַפילו באַרייכערט און פאַרלענגערט דעם שבת. און דער כלל פון מוסיפין מן החול על הקודש — מען דאַרף צוגעבן פון

דער וואָכעדיקער צייט צו דער שבתדיקער צייט — איז ווייט ניט געווען קיין פּוסטע פראַזע. אין די תקנות פון דער חברה „פּועלי צדק" אין טשאַרטקאָוו לייענען מיר: „קבלנו על עצמנו שלא לעשות שום מלאכה לא בערבי שבתות ולא בערבי יו"ט אחר חצות" — מיר האָבן אָנגענומען אויף זיך ניט צו טאָן קיין שום מלאכה ערב שבת און ערב יום־טוב נאָך א האַלבן טאָג". דאָס איז אַ תקנה, וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן פון פּשוטע יידישע בעלי מלאכות. דער ייד גייט אַנטקעגן דעם שבת, איז מקבל שבת, פירט אַריין דעם שבת צו זיך אין דער היים אַריין. די מיסטיקער אין צפת פלעגן אַרויסגיין אויסערן שטאָט כדי מקבל פנים זיין די בת־מלכה שבת. שבת הייבט זיך אָן, ווען די מאַמע בענטשט ליכט און שבת ענדיקט זיך ווען יידן מאַכן הבדלה. איר קענט פאַר־לענגערן דעם שבת — איר קענט פריִער בענטשן ליכט און שפּעטער מאַכן הבדלה. און כל זמן יידן מאַכן ניט קיין הבדלה איז שבת אויף דער וועלט, שבת אויף דער ערד און שבת אויפן הימל; אַפילו די רשעים אין גיהנום געניסן פון דעם לענגערן שבת. אין ביאַליקס „החצוצרה נתביישה" ווערט באַשריבן אַ רירנדיקע סצענע ווי אַ יידישע מאַמע בענטשט ליכט אין וואַלד. מען האָט די גאַנצע פאַמיליע ערב שבת אַרויסגעשיקט פון דאָרף. אין דער גרויסער בהלה האָט די מאַמע פון דעסטוועגן ניט פאַרגעסן מיטצונעמען שבת־ליכט. און ווען די זון האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין איז זי אַראָפּ פון פור, אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און די מאַמע האָט געבענטשט ליכט: „און דיביימער אין וואַלד האָבן שטום באַוווּנדערט די יידישע פרוי, וואָס איז איצט געשטאַנען צווישן זיי, האָט אויסגעשפּרייט די הענט איבער די ליכט און האָט שטיל געוויינט".

שבת, דער טאָג פון מנוחה, איז אויך דער טאָג פון גלויבן אין גאולה און אונטערן צייכן פון אָט דעם גלויבן באַגלייט דער ייד דעם שבת. אין די זמירות פון מוצאי שבת באַגריסט דער שבת־ייד דעם אָנזאָגער פון דער גאולה, אליהו הנביא:

במוצאי יום מנוחה
המצא לעמך רוחה
שלח תשבי לנאנחה
ונסו יגון ואנחה

חדש ששוני אל נא
והבא את אליהו הנביא

הריץ ושלח רשמח לבבי
את אליהו הנביא

במהרה יבוא אלינו
עם משיח בן דוד.

# דער טאָג פון שלום

מיר ווייסן זייער ווויל ,אַז שבת איז מער ווי אַ טאָג פון אָפּרו. די טאָג־טעג־לעכע דערפאַרונג לערנט אונדז, אַז דער מענטש קען פאַרברענגען זיין פרייע צייט אויף פאַרשיידענע אופנים. די מנוחה פון שבת האָט אָבער אין זיך אַן עלעמענט, וואָס לאָזט זיך קוים איבערגעבן אין דער וואָכעדיקער שפּראַך פון אַ שרייבער. די מנוחה פון שבת האָט אין זיך אַ חלק פון משיחישער לויטערקייט. ווייל די אידעע פון שבת איז פון לכתחילה אַן געווען פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אחרית הימים, פון משיחס צייטן.

אין די טעג פון דער וואָך אַרבעט דער מענטש, כדי צו קענען לעבן, כדי צו פאַרזיכערן זיין פיזישע עקזיסטענץ. שבת גיט אונדז דעם זין פון לעבן, שבת איז די קרוינונג פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, די קרוין פון בראשית. עס איז ממילא אַ טעות צו טראַכטן אַז שבת איז אַ טאָג פון ניט־טאָן. גראָד פאַרקערט, די טעג פון דער וואָך זיינען פאַרן געוויינלעכן אַרבעטס־מענטשן טעג פון האַרעוואַניע, שבת איז דער טאָג פון שעפערישקייט. דער ייד מאַכט שבת. מיר פילן די שבתדיקייט, מיר באַגעגענען די בת־מלכה שבת. אין די אַלטע אגדות און אין דער קבלה־ליטעראַטור באַווייזט זיך פאַר אונדז די שבת־געשטאַלט אין איר פולער פּראַכט. עס איז די פּערזאָניפיצירונג פון דער העכס־טער, געלייטערטער גייסטיקייט. שבת איז די נשמה יתירה פון דער וועלט. שבת איז דער סוד פון דער וועלט און דער סוד פון דער מענטשלעכער עקזיס־טענץ, ווי דאָס ווערט אַזוי וווּנדערלעך אַרויסגעבראַכט אין די פּיוטים און זמירות וואָס מיר זינגען לכבוד שבת.

מיר לעבן אין אַ וועלט, וואָס איז פול מיט קאָנפליקטן, פול מיט שנאה און קנאה צווישן מענטשן. דער גרעסטער שונא פון דעם מענטשן איז דער מענטש אַליין. און אויך די וועלט פון בעלי חיים איז פול מיט קאַמף. האָבן דענקער פון אַלע צייטן זיך געראַנגלט מיט דעם פּראָבלעם: פאַר וואָס אַזוי פיל רשעות אויף דער וועלט? פאַר וואָס אַזוי פיל ליידן? ווי קומט עס וואָס מענטשן קענען ניט לעבן צוזאַמען אין שלום און ברידערלעכקייט? דאָס איז, למשל, דאָס גרונט־פּראָבלעם פון בודהיזם. און דער בודהיסטישער ענטפער איז אַ פּעסימיסטישער. בודהיסטישע דענקער גלויבן ניט אין דער וועלט און זיי גלויבן ניט אין דעם זין פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ אויף דער וועלט. איז דער בודהיזם ממילא געקומען צו אַ פילאָזאָפיע פון אַסקעטיזם, אַנטלויפן פון דער וועלט, זיך אָפּזאָגן פון די פאַרגעניגנס פון דער וועלט, זיך אָפּזאָגן פון פאַמיליע־לעבן. די מענטשלעכע עקזיסטענץ איז ליידן, לעבן איז ליידן — מוז מען פאַרענדיקן די קייט פון ליידן, מאַכן אַ סוף צו דער מענטשלעכער עקזיס־טענץ. דאָס איז די פילאָזאָפיע פון בודהיזם.

אויך דער יידישער צוגאַנג האָט אין זיך עלעמענטן פון פעסימיזם. די געשיכטע פון בראשית איז פול מיט פעסימיזם. שוין די ערשטע מענטשן, אָדם און חוה, זיינען געוואָרן די געפאַנגענע פון זייערע זינדיקע אַמביציעס. זיי האָבן געגעסן פון דעם בוים פון וויסן און זיינען דערפאַר פאַרטריבן געוואָרן פון גן־עדן. זינט דאַן איז דאָס לעבן פון דעם מענטשן פול מיט ליידן.

אויך די קינדער פון אדם און חוה זיינען געבליבן די געפאַנגענע פון זינדיקע מענטשלעכע אַמביציעס. קין האָט דערהרגעט זיין ברודער — דער ערשטער ברודער־מאָרד אין דער געשיכטע. פון דור צו דור זיינען די מענטשן אַלץ טיפער געזונקען אין דעם תהום פון זינד. אַזוי איז געקומען דער מבול אויף דער וועלט. אויך נאָכן מבול זיינען די מענטשן ניט געוואָרן בעסער. אין זייער זינדיקער גאווה באַשליסן זיי צו בויען אַ טורעם, וואָס זיין שפּיץ זאָל דערגרייכן ביז צום הימל. איז געקומען די שטראָף — גאָט האָט צעמישט די שפּראַכן פון די זינדיקע מענטשן, און דער דור הפלגה, דער דור פון צעטיי־לונג ,איז צעשפּרייט געוואָרן איבער גאַר דער וועלט.

פאַראַן אַ סך פעסימיזם אין אָט דער געשיכטע פון בראשית. די יידישע טראַדיציע גיט אונדז אָבער אויך אַן ענטפער. די תורה ווייזט אונדז אַ וועג. און דער וועג איז — שבת. די גרויסע פילאָזאָפישע און רעליגיעזע דענקער אין דער אַלטער וועלט האָבן ניט צופיל געגלויבט אין דער מעגלעכקייט צו ענדערן די וועלט. געווען דענקער, וואָס האָבן אין דער וועלט געזען בלויז צופאַל און כאַאָס. זיי האָבן געזען אַ כסדרדיקן געראַנגל צווישן פאַרשיידענע כוחות אין דער נאַטור. זיי האָבן אָבער ניט געזען קיין פּלאַן, קיין צענטראַלע קאָסמישע אידעע — און ס'איז פאַר זיי ממילא אויך געווען שווער צו געפינען די אידעע און דעם זין פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ.

ערשט דער יידישער מאָנאָטעיזם, די אידעע פון איין באַשעפער און איין וועלט, האָט מעגלעך געמאַכט אַריינצוברענגען אַ געוויסן אידעיִשן סדר אין דעם וועלט־פּראָצעס. יידישע דענקער האָבן אַנטוויקלט די אידעע פון אַ היס־טאָרישן פּראָצעס אין דעם גאַנג פון די וועלט־געשעענישן. אָט דער היסטאָ־רישער פּראָצעס גייט אין דער ריכטונג פון וואָך צו שבת, פון דער וועלט פון היינט צו אַ נייער וועלט, צו אַ שבתדיקער וועלט. דער נביא ישעיה רעדט וועגן דער צייט פון דער גאולה ווי וועגן אַ נייער וועלט־תקופה: „וואָרום זע, איך טו באַשאַפן הימלען נייע און אַן ערד אַ נייע" (כי הנני בורא שמים חדשים וארץ חדשה). און אין דעם קאָסמישן פּראָצעס פון ווידער־באַשאַפן, פון הימלען נייע און אַן ערד אַ נייע, איז דער מענטש אַ שותף. ער קען מיט זיינע מעשים, מיט זיין אויפפירונג, העלפן ברענגען די נייע וועלט, די שבתדיקע וועלט.

די נייע וועלט איז די וועלט פון שלום. און שבת איז דער סימבאָל פון שלום, פון אַ וועלט־שלום, וואָרום עס האַנדלט זיך ניט בלויז אין שלום צווישן מענטשן, נאָר אויך וועגן שלום צווישן אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט, ווי

דאָס ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דעם צווייטן קאַפּיטל פון נביא ישעיה:

„און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג, זאָגט אונדז דער נביא... און די אומות וועלן גיין און וועלן זאָגן: קומט, לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון גאָט, צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב; און ער וועט אונדז לערנען גיין אין זיינע שטעגן, וואָרים פון ציון וועט קומען די תורה און גאָטס וואָרט פון ירושלים... און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס און זייערע שפּיזן אויף צווייגמעסערס; אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד, און מען וועט מער ניט לערנען מלחמה”.

אין איינעם פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען רעדט דער נביא ישעיה וועגן דעם וועלט־שלום: „און אַ וואָלף וועט הויזן צוזאַמען מיט אַ שעפּס... און אַ לייב וועט ווי אַ רינד עסן שטרוי און אַ זויג־קינד וועט זיך שפּילן אויפן לאָך פון אַ שלאַנג... וואָרים די ערד וועט זיין פול מיט וויסן פון גאָט, ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים”. ווען דער מענטש וועט געפינען דעם וועג צו גאָט, דעם וועג צו שבת, וועט ער אויך געפינען דעם וועג צו שלום און דעם וועג צו זיך.

שבת און שלום געהערן צוזאַמען. שבת איז אַ טאָג פון אָפּרו, אַ טאָג פון קאָסמישער מנוחה, אַ טאָג אָן אונטערדריקונג, אָן מחלוקתן און אַפילו אַ טאָג פון מנוחה פאַר די אַרבעטס־בהמות, „כדי עס זאָל רוען דיין אָקס און דיין אייזל” (למען ינוח שורך וחמורך). די שבת־אידעע ווערט נאָך ווייטער אַנטוויקלט אין דער תורה. די פּרשה משפּטים הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „ווען דו קויפסט אַ יידישן קנעכט, זעקס יאָר זאָל ער דינען, און אויפן זיבעטן יאָר מוז ער ווערן באַפרייט”. די פאַרבינדונג מיט שבת איז קלאָר. דאָס זיבעטע יאָר איז אַ יאָר פון באַפרייונג, אַ יאָר פון שבת פאַר די, וואָס זיינען געצוווּנגען געוואָרן זיך צו פאַרקויפן ווי קנעכט. דאָן קומט דאָס געזעץ פון שמיטה: „זעקס יאָר זאָלסטו זייען דיין לאַנד און אַראָפּנעמען די תבואה, אָבער דאָס זיבעטע יאָר זאָלסטו דיין פעלד לאָזן פּריי, די אָרעמע פון דיין פאָלק זאָלן דערפון עסן, און דעם רעשט זאָלן עסן די חיות פון פעלד”. דאָ זעען מיר ווי די שבת־אידעע פון שלום און ברידערלעכקייט ווערט אויסגעשפּרייט אויף אַלע באַשעפענישן פון דער ערד. אַ יאָר פון שבת פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר מענטשן און פאַר די חיות פון פעלד. פּונקט אַזוי זיינען די געזעצן פון יובל פאַרבונדן מיט דער שבת־אידעע. דאָס פופציקסטע יאָר וואָס פאַרענדיקט זיבן פעריאָדן פון שמיטה איז דאָס גרויסע שבת־יאָר: „און איר זאָלט הייליקן דאָס פופציקסטע יאָר — ווערט געזאָגט אין ויקרא — און אויסרופן פרייהייט אין לאַנד פאַר אַלע אירע באַוווינער, יובל זאָל עס אייך זיין; און איר זאָלט אייך אומקערן איטלעכער צו זיין אייגנטום און איטלעכער צו זיין משפּחה זאָלט איר אייך אומקערן. יובל זאָל דאָס פופציקסטע יאָר אייך זיין...

פרייהייט, ברידערלעכקייט, שלום, דאָס איז דער אינהאַלט פון שבת, דאָס איז דער זין פון שבת. לערנט אונדז טאַקע די תלמודישע טראַדיציע, אַז ווען

דער ייד היט אָפּ שבת, קומען די מלאכים פון שלום אים בענטשן, ברענגען זיי אים די ברכה פון שלום אין זיין היים אַריין. קומט אַזוי דער ייד פרייטיק צו נאַכט צו זיך אַהיים מיט די ווערטער: „שלום עליכם מלאכי השרת... בואכם לשלום מלאכי השלום... צאתכם לשלום מלאכי השלום" (אייער קומען איז שלום מלאכים פון שלום; אייער אַוועקגיין איז שלום, מלאכים פון שלום).

האָט ממילא די אידעע פון שבת ניט פאַרלוירן איר באַדייטונג אויך פאַר אונדזער צייט. שבת קען אונדז אַ סך לערנען.

## דער טאָג פון פרייהייט

אונדזער מאָדערנע ליטעראַטור איז פול מיט לויבגעזאַנגען פאַרן טראַדיציאָנעלן שבת. דעם טאָן האָט געגעבן י. ל. פּרץ אין זיין „די גאָלדענע קייט", וואָס איז אין תוך אַ שיר השירים פאַר די „שבתדיקע יידן". דער קינסטלער האָט זיך פאַרבענקט נאָך שבתדיקייט. אין זיין דיכטערישער פאַנטאַזיע זעט ער „די גרויסע, גרויסע יידן... „שבת־יום־טובדיקע יידן".

אויך היינריך היינע האָט אויף זיין אופן באַזונגען דעם הייליקן שבת. אין זיין פּאָעמע „די בת מלכה שבת" ווערט דער יידישער מענטש געשילדערט ווי אַ פאַרכישופטער פּרינץ, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין דער געשטאַלט פון אַ הונט. אַזוי וואַנדערט אַרום, זאָגט אונדז דער דיכטער, דער געוועזענער בן־מלך אַ גאַנצע וואָך אין זיין פאַרשאָלטענער מאַסקע. אָבער דאַן קומט דער שבת קודש און דער געוועזענער פּרינץ באַפרייט זיך פון זיין גלות און ווערט ווידער אַ בן־מלך. סיי פּרץ און סיי היינע האָבן, לויט מיין מיינונג, געוואַלדיק איבערגעטריבן דעם אונטערשייד צווישן דעם וואָכעדיקן יידן און דעם שבתדיקן יידן. אויך דער וואָכעדיקער ייד האָט געהאַט אין זיך אַן אַ שיעור שבתדיקייט. דער הייליקער טאָג שבת האָט באַשטראַלט די גאַנצע וואָך, דאָס גאַנצע יידישע לעבן. שבת איז דער העכסטער פּונקט, שבת האָט אַנטפּלעקט דאָס שטראַלנדיקע ליכט פון יידישקייט. די גאַנצע יידישע וואָך, די יידישע גאַס און די יידישע היים, יידישע אַרבעט און יידישע גייסטיקייט, זיינען געווען פול מיט פונקען פון שבתדיקייט. אַ גאַנצע וואָך האָט דער יידישער מענטש געהאָרעוועט, כדי צו פאַרדינען אויף שבת, כדי צו קענען מאַכן שבת.

די הויפּט־זאָרג פון דעם יידישן מענטש איז געווען: ווו נעמט מען אויף שבת? הוצאות אויף שבת און געלט אויף שכר לימוד פאַר די קינדער האָבן געהערט צו די דרינגענדיקסטע זאָרגן פון דעם יידישן אָרעמען מענטשן.

און דערמיט ווערט פאַר אונדז קלאָר דער גאָר באַזונדערער כאַראַקטער פון דער יידישער אָרעמקייט. עס איז געווען אַ שבתדיקע אָרעמקייט, אַן אָרעמ־

קייט מיט תורה און אַן אַרעמקייט מיט אַ נשמה יתירה. געווען גענוג נויט און עלנט אויף דער יידישער גאַס, אין די יידישע היימען. דאָס איז אָבער געווען אַ נויט, וואָס איז געלייטערט געוואָרן דורך גלויבן, דורך בטחון, דורך תורה און מעשים טובים, דורך שבת און יום־טובים.

זיצנדיק ביי דער אַרבעט האָט דער יידישער בעל מלאכה אָפט צוגעזונגען די ניגונים פון שבת און יום־טוב.

געווען עקאָנאָמישע נויט, מאַטעריעלע אַרעמקייט, ניט געווען אָבער אין דער יידישער וועלט קיין סימן פון גייסטיקן דלות. ווארים אויך אין די טעג פון אַרבעט האָט דער יידישער בעל־מלאכה זיך אַריינגעכאַפּט אין בית־המדרש אַריין דאַווענען און לערנען. ער פלעגט זיך צוזעצן ביי אַ טיש ווו אַ רבי האָט געלערנט מיטן עולם עין יעקב, אַ פּרק משניות, אַ ביסל מוסר א.א.וו.

און מיט וויפל איידלקייט, מיט וויפל נשמה־יתירהדיקייט האָט דער פּשוטס־טער ייד געפּראַוועט די שבתדיקע סעודה. מיט וויפל קולטור, מיט וויפל גייסטיקייט, איז געווען אָנגעלאָדן דער שבתדיקער טיש, דער קידוש פרייטיק־צונאַכט, די הבדלה שבת־צונאַכט, דער מאַמעס ליכט־בענטשן, דעם טאַטנס שלום־עליכם, קומענדיק פון שול. יאָ, די מלאכים פון שלום זיינען געקומען צוזאַמען מיט דעם שבתדיקן יידן פון בית־מדרש אין זיין שבתדיקער היים. און ביים שבתדיקן טיש זיינען געזעסן אַרעמע און פאַרהאָרעוועטע יידן ווי בני מלכים.

דאָס איז ניט מער ווי ראָמאַנטיק, וועט מען אפשר זאָגן. אָבער ראָמאַנטיק איז אַ גרויסער כוח, ראָמאַנטיק קאָן זיין שעפעריש, ראָמאַנטיק גיט כוח צו לעבן און ראָמאַנטיק העלפט אונדז אין דער מלחמה פאַרן לעבן. דער שבת האָט ניט נאָר באַשטראַלט די וואָך, דער שבת האָט געהייליקט די וואָך, האָט געהייליקט די אַרבעט, האָט אַריינגעבראַכט שעפערישקייט אין די טעג פון דער וואָך. די וואָכעדיקע אַרבעט איז געווען ניט סתם אַן אַפּקומעניש, די וואָכעדיקע אַרבעט האָט געקראָגן אַ זין. מ׳האָט געאַרבעט, כדי צו פאַרדינען אויף שבת, מ׳האָט געאַרבעט, כדי די קינדער זאָלן קענען גיין אין חדר.

שבת האָט דעם יידישן מענטשן געגעבן חשיבות, האָט געהויבן זיין געפיל פון מענטשלעכער ווערדע, האָט געשטאַרקט אין אים זיין געפיל פון רעספּעקט צום מענטשן, צו זיך אַליין. אַזוי איז שבת ביי אונדז געוואָרן די שול פון איידל־קייט און דרך־ארץ.

שבתדיקייט איז דער יידישער אידעאַל, די יידישע אידעע. די גאַנצע וועלט דאַרף ווערן שבתדיק, די וואָך דאַרף ווערן שבתדיק, און — קודם כל — דער מענטש דאַרף ווערן שבתדיק.

שבת איז דער טאָג פון תורה. שבת האָט מען געלייענט די פרשה פון דער וואָך. אויך דער פשוטער ייד האָט מעביר־סדרה געווען. קינדער אין חדר האָבן געלערנט די סדרה פון דער וואָך. האָט מען אַ מענטשן אָפּגעגעבן כבוד, האָט מען אים אויפגערופן צו דער תורה. צו בר־מצווה האָט מען דעם

יונגן יידן אויפגערופן צו דער תורה און אים מכבד געווען מיט מפטיר. צו אַ חתונה האָט מען די „בעסטע" עליות פאַרטיילט צו די מחותנים. האָט מחמת דעם דער אָרעמער ייד ניט פאַרלוירן זיין געפיל פון חשיבות, ווייל עס איז גְעווען אָרעמקייט מיט תורה. ניטאָ היינט קיין עם־הארצים ביי יידן, האָט דער־קלערט איינער פון די גרעסטע יידישע פּוסקים אין פּוילן. איטלעכער ייד קען אַ ביסל לערנען, האָט ער געזאָגט, אַ פּרשה חומש, אַ פּרק משניות און אַפילו אַ בלאַט גמרא.

אחד העם האָט דאָס ריכטיק פאָרמולירט: „מער ווי יידן האָבן אָפּגעהיט שבת, האָט שבת אָפּגעהיט די יידן". מיר קענען היינט גיין נאָך ווייטער. דער שבת האָט ניט נאָר אָפּגעהיט די נאַקעטע עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק, דער שבת האָט אונדז אויך אָן אַ שיעור געהאָלפן אין דער שווערער מלחמה פאַרן לעבן. דער שבת האָט אָפּגעהיט די פּערזענלעכע פרייהייט פון דעם יידישן אַר־בעטס־מענטשן. דער יידישער בעל־מלאכה, דער יידישער געשעפטס־מענטש, האָבן צוגעפּאַסט זייער אַרבעט צום שבת. זיי האָבן זיך ניט געקענט פאַרנעמען מיט פּרנסות, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט חילול שבת. דערפאַר האָבן יידן אַזוי אָפט געזוכט זעלבשטענדיקע פּרנסות, יידישע אַרבעטער האָבן מייסטנס געאַרבעט פאַר יידישע בעלי־בתים. אַ יידיש לערן־יינגל איז געגאַנגען צו אַ יידישן בעל־מלאכה. די דינים פון כשרות און שבת האָבן אין גאַר אַ גרויסער מאָס באַשטימט די יידישע עקאָנאָמיק, דעם כאַראַקטער פון די יידישע פּרנסות.

אין זיין אומגליקלעכער אָפּהאַנדלונג וועגן דער יידן־פראַגע האָט קאַרל מאַרקס געטענהט, אַז די יידישע וואָך דערקלערט אונדז דעם סוד פון יידישן קיום. האַנדל און שאַכער, גאָלד און געלט, האָט מאַרקס דערקלערט, דאָס איז די תורה און דאָס איז דער אני מאמין פון פאָלק ישראל.

קאַרל מאַרקס איז געווען אַ פולשטענדיקער עם־הארץ — וואָס איז שייך יידיש לעבן און יידישער געשיכטע. דער נאַיווער מאַרקס האָט פּשוט בלינד איבערגעחזרט די ווילדע טענות קעגן יידנטום פון לודוויג פויערבאַך און אַנדערע דייטש־קריסטלעכע דענקער. און מאַרקס, דער שעפער פון דער טעאָריע פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם, האָט פּשוט ניט געקענט באַגרייפן דעם פאַקט פון דער יידישער שבתדיקייט. וואָרים שבת איז געוואָרן דער יסוד פון דער יידי־שער פרייהייט, סאָציאַל און עקאָנאָמיש. שבת האָט דעם יידן געצוווּנגען צו קעמפן פאַר זיין סאָציאַלער און עקאָנאָמישער פרייהייט. שבת האָט פאַר יידן פאַרווירקלעכט דעם חלום פון פרייהייט, דאָס מלכות פון פרייהייט.

פרייהייט און קנעכטשאַפט זיינען ניט סתם רעזולטאַטן פון עקאָנאָמיק און פּאָליטיק, נאָר אויך, און אפשר אין דער ערשטער שורה, פון קולטור. די מלוכה קען געזעצלעך באַשטימען די צייט פון דער אַרבעט און די טעג פון אָפּרו. פאַראַן אָבער פאַרשיידענע וועגן ווי צו פאַרברענגען די צייט פון אָפּרו. מען קען אויסנוצן די טעג פון אָפּרו ווי אַ פרייער מענטש און מען קען פאַרשווענדן

די טעג פון אָפּרו ווי אַ קנעכט, אין שיכרות, אין האַזאַרד־שפּילן און אין גראָבע גשמיותדיקע פאַרגעניגנס.

דער הייליקער טאָג שבת האָט דעם יידישן אַרבעטס־מענטשן געגעבן פריי־הייט ניט נאָר אין דער צייט פון אָפּרו, נאָר אויך אין די טעג פון דער וואָך. און עס איז געווען די שבתדיקע פרייהייט, וואָס האָט דעם יידישן מענטשן אַזוי אַנטשיידנדיק געהאָלפן אין זיין מלחמה קעגן נויט און אָרעמקייט.

## די היסטאָרישע באַדייטונג
## פון דער שבת־רעוואָלוציע

קען דען זיין אַ רייד וועגן אַ שבת־רעוואָלוציע? וועלן אוודאי געוויסע לייענער פרעגן. וויל איך דערויף גלייך ענטפערן: איך גלויב, אַז די אינסטי־טוציע פון שבת, פון אַ רעגולערן טאָג פון אָפּרו, באַצייכנט דעם אָנהייב פון אַ נייער תקופה אין דער געשיכטע פון די קולטור־פעלקער. מיר רעדן אָפט וועגן רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אין פּאָליטישן לעבן פון פעלקער און לענ־דער. מ׳האָט אָבער נאָך ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון סאָציאַלע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

מיר הייבן לעצטנס אָן מער צו פאַרשטיין די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון אַזאַ אינסטיטוציע ווי די פאַמיליע. ענדערונגען אין דעם אויפבוי פון דער פאַ־מיליע, פּונקט ווי ענדערונגען אין אונדזערע פאַרשטעלונגען וועגן סעקסועלער מאָראַל, האָבן אויפן שטאַרקסטן אופן באַאיינפלוסט דעם גאַנג פון דער געשיכטע. פּונקט אַזוי וויכטיק זיינען די מנהגים און טראַדיציעס פון אויפהאָדעווען און דערציִען קינדער. אַפילו די מנהגים פון חתונה, למשל, קענען שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אינעם קולטור־לעבן פון אַ פאָלק. דער מנהג צו פאַרבעטן כלי־זמר און אַ בדחן צו אַ חתונה איז געווען גאָר אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דער געשיכטע פון דער יידישער מוזיק און פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָס זעלביקע איז ריכטיק וועגן דעם מנהג פון פּורים־שפּילן, וואָס האָט געהאָלפן אויפהאַלטן אַ טראַדיציע פון אַ יידישן פאָלקס־טעאַטער. נאָך וויכטיקער איז געווען די איב־סטיטוציע פון חזנות. אויב יידן פאַרנעמען היינט אַזאַ חשובן פּלאַץ אין דער מוזיקאַלישער וועלט, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען די „אַלטמאָדישע״ חזנים און כלי־זמר אין דעם אָרעמען יידישן שטעטל.

פּונקט אַזוי וויכטיק זיינען אין יידישן לעבן געווען די דינים פון כשרות. דער פאַקט, וואָס יידן האָבן אָפּגעהיט באַזונדערע געזעצן, וואָס איז שייך מאכלים, האָט געהאָלפן אויפהאַלטן דאָס יידישע צוזאַמענלעבן אין יידישע קהילה־איב־

סטיטוציעס. דער פרומער ייד האָט זיך געקענט זעצן עסן נאָר ביי אַ יידישן טיש, אין אַ יידישן פּלאַץ. דער אָפּצאָל אויף כשר־פלייש איז אויך געווען אַ מקור פון הכנסה פאַר יידישע קהילות. אָבער נאָך אַ סך וויכטיקער איז געווען די קולטורעלע און דערציִערישע ראָל פון כשרות אין דער יידישער היים. די יידישע בעל־הביתטע האָט געהאַט אַ שליחות, זי האָט געמוזט זאָרגן פאַר כשרות אין דער פאַמיליע בכלל און אין דער קיך באַזונדערס: מילכיקע, פליישיקע און פאַרעווע כלים, באַזונדערע כלים פאַר פּסח, די דינים וועגן זאַלצן און ווייקן. זי האָט זיך אויך געמוזט אָריענטירן ווען מען דאַרף פרעגן אַ שאלה. דאָס אַלץ האָט פאַרשאַפט אַ סך מי און זאָרג, אָבער אויך אַ טיפע גייסטיקע באַפרידיקונג.

און די קינדער האָבן גוט געוווּסט, אַז ס'זיינען דאָ זאַכן, וואָס מען מעג און זאַכן, וואָס מען טאָר ניט. אויף אַ נאַטירלעכן אופן זיינען זיי אַריינגעוואַקסן אין אַ וועלט פון דיסציפּלין. דאָס איז ניט געווען קיין דיסציפּלין ספּעציעל פאַר קינדער, ווי דאָס איז אָפט דער פאַל אין אונדזער מאָדערנער דערציִונג. ניין, דאָס איז געווען אַ דיסציפּלין פאַר דער גאַנצער פאַמיליע, פאַרן גאַנצן יידישן כלל, פאַר עלטערע נאָך מער ווי פאַר יינגערע. אַזוי ווערט פאַר אונדז קלאָר די גאָר באַזונדערע ראָל פון טראַדיציעס און אינסטיטוציעס. אָט די טראַדיציעס און אינסטיטוציעס האָבן געשאַפן דעם יסוד פאַר דער יידישער דערציִונג און פאַרן יידישן געמיינדע־לעבן.

דער הייליקער טאָג שבת געהערט צו די סאַמע וויכטיקסטע רעליגיעזע אינסטיטוציעס ביי יידן. די טראַדיציע פון שבת האָט אָבער אויך ניט פאַרפעלט איר ווירקונג אויף דער מערבדיקער קולטור־וועלט בכלל. דער קריסטלעכער זונטיק און דער מאָכמעדאַנישער פרייטיק זיינען ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען פון דעם יידישן שבת. סיי די קריסטן און סיי די איסלאַמישע פעלקער האָבן באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט, און אָפט אפילו פאַרקריפּלט, די יידישע שבת־אידעע. געווען בלויז אַ צאָל קריסטלעכע סעקטעס, וואָס האָבן לפי ערך שטרענג אָפּגעהיט די געזעצן פון שבת. אָבער דער עצם פאַקט, וואָס עס איז איינגעפירט געוואָרן דער מנהג פון איין טאָג פון אָפּרו אַ וואָך האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער קולטור.

דער טאָג פון אָפּרו, וואָס איז אויך געווען אַ טאָג פון רעליגיעזער פייערלעכקייט און דערהויבנקייט, האָט גאָר אַ סך געהאָלפן און דערמוטיקט די סאַמע אָרעמסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, די אָרעמע פויערים און די אָרעמע אַרבעטער. אויך פאַר די נעגערישע שקלאַפן אין אַמעריקע האָט דער טאָג זונטיק געהאַט אַ גרויסע דערציִערישע באַדייטונג, אפילו ווען זיי זיינען ניט געווען אין גאַנצן פריי פון אַרבעט. די ראָל פון זונטיק איז געוואָרן נאָך וויכטיקער נאָך דער עמאַנציפּאַציע פון די נעגערס. אָט דער פּונקט איז ליידער נאָך

ווייט ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן. מיר ווייסן פון דער נעגערישער ליטעראַטור, אַז די פייערלעכקייט פון זונטיק האָט געשפּילט אַ לפי ערך באַדייטנדיקע ראָל אינעם לעבן פון דער נעגערישער פאַמיליע, פּונקט ווי די געזאַנגען פון תהילים האָבן אויפן שטאַרקסטן אופן באַאיינפלוסט די נעגערישע רעליגיעזע ליטעראַטור און די נעגערישע מוזיק. איך צווייפל ניט, אַז אַן ערנסטע אָביעקטיווע אויספאָרשונג וועט קלאָר אַרויסברענגען די וויכטיקייט פון דער שבת-טראַדיציע און פון דער תנ"ך-ליטעראַטור פאַרן אויפשטייג פון די נעגערישע מאַסן.

אַן ענגלישער געלערנטער, וואָס האָט שטודירט די געשיכטע פון זונטיק-רו אין ענגלאַנד, האָט אַ מאָל אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, וואָס גראָד אין די לענדער, ווו די טראַדיציע פון זונטיק-רו ווערט שטרענג אָפּגעהיט, האָבן זיך אויך אַנטוויקלט און פאַרפעסטיקט די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס. דאָס איז ריכטיק פאַר האָלאַנד, ענגלאַנד, אַמעריקע, קאַנאַדע און אויסטראַליע, די אַזוי-גערופענע קאַלוויניסטיש-פּראָטעסטאַנטישע לענדער.

אין לויף פון דער צייט איז די ראָל פון זונטיק אויך אין ענגלאַנד און אַמעריקע באַדייטנד אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אָבער עפּעס פון דעם אַמאָליקן פּוריטאַנישן זונטיק איז דאָך נאָך פאַרבליבן.

פאַר וואָס איז די אינסטיטוציע פון שבת אַזוי וויכטיק? לאָמיר דאָ קודם כל פאַרצייכענען, אַז די איינפירונג פון דעם טאָג פון אָפּרו איז געווען איינע פון די ראַדיקאַלסטע רעוואָלוציעס אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור; אַ רעוואָלוציע אין לעבן און אַ רעוואָלוציע אין דענקען. אויך אַנדערע פעלקער האָבן געהאַט טעג פון פרייד און אָפּרו. אָבער דאָס זיינען געווען בלויז יום-טובים אין באַשטימטע צייטן פון יאָר. אַ פּעריאָדישע אינסטיטוציע ווי שבת מיט דעם נאָרמאַלן ריטם פון אַרבעט און אָפּרו, וואָס חזרט זיך איבער 52 מאָל אַ יאָר, איז אונדז ניט באַקאַנט ביי קיין שום אַנדער פאָלק.

די צווייטע גרויסע באַדייטונג פון שבת איז די אידעע, אַז דער אמתער מענטש איז דער שבתדיקער מענטש. איך האָב דאָ קודם כל אין זינען דעם סאָציאַלן פּלאַנטער פון קנעכטשאַפט און פרייהייט. שבת איז בפירוש געגעבן געוואָרן ווי אַ טאָג פון אָפּרו און פרייהייט פאַר אַלעמען, אַריינגערעכנט די קנעכט און אַפילו די אַרבעטס-בהמות. אַלע זיינען באַרעכטיקט צו רוען שבת, אויך די אַרבעטער, אויך די דינסטן און די קנעכט. אַ טאָג פון אָפּרו פאַר אַלעמען, אַ טאָג פון פרייהייט פאַר גאָר דער וועלט. דערמיט ווערט אָבער גלייכצייטיק קלאָר אַרויסגעבראַכט, אַז די סאָציאַלע אונטערשיידן צווישן מענטשן זיינען ניט קיין רעזולטאַט פון נאַטירלעכע אונטערשיידן צווישן פעלקער און גרופּעס. ביין, פון דער נאַטור זיינען אַלע מענטשן גלייך. דער הייליקער טאָג שבת אַנטפּלעקט פאַר אונדז די שותפות און די ברידערלעכקייט צווישן אַלע פעלקער פון דער וועלט. אַזוי אַרום איז שבת געוואָרן די שטאַרקסטע און די סאַמע איבערצייגנדיקסטע אַפּלייקענונג פון דער אידעע פון ראַסיזם. אַלע מענטשן זיינען לויט

זייער נאַטור גלייך. אַזוי איז עס געווען אין דעם פּלאַן פון בראשית און אַזוי וועט עס זיין ווען די גאולה וועט קומען.

עס איז ניט געווען אַזוי גרינג דורכצופירן די שטרענגע געבאָטן פון שבת אַפילו ביי יידן, ווי מיר זעען עס פון די שטראָף־רייד פון די נביאים און פון אַ צאָל סיפּורים אין די היסטאָרישע ספרים פון תנ״ך. שבת פאָדערט דאָך אַ כסדרדיקע רעוואָלוציע אין מענטשלעכן לעבן. דער איבערגאַנג פון וואָך צו שבת איז אַ גאַנצע איבערקערעניש; עס איז דער איבערגאַנג פון אַ וואָכעדיקער וועלט צו אַ שבתדיקער וועלט. די וועלט ווערט אַנדערש און דער מענטש ווערט אַנדערש.

## דער טאָג פון נשמה יתירה

פאַראַן גאָר אַ נאָענטע שייכות צווישן שבת און דער מאָדערנער פילאָזאָ־פיע. אַן אַלטער גריכישער געלערנטער האָט באַצייכנט די יידן פון זיין צייט ווי אַ „פאָלק פון פילאָזאָפן". אָט די באַצייכענונג האָט בלי שום ספק געהאַט אַ זין. אין אַלטן גריכנלאַנד איז פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט געווען אַן ענין בלויז פאַר דער אַריסטאָקראַטיע. דערפון נעמט עס זיך וואָס אַזעלכע גרויסע דענקער ווי פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס זיינען פאַקטיש געווען רעאַקציאָנערן ווען זיי האָבן באַהאַנדלט סאָציאַלע פּראָבלעמען. סיי פּלאַטאָן און סיי אַריסטאָ־טעלעס האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ, און אַפילו מיט אַ געפיל פון פאַראַכטונג, אויפן פּשוטן פאָלקס־מענטשן, אויפן אַרבעטס־מענטשן. די גרויסע גריכישע דענ־קער האָבן זיך גאָרניט פאַרגעשטעלט, אַז אַן אַרבעטס־מענטש זאָל זיך קענען אָפּגעבן מיט גייסטיקע ענינים, אַז אַן אַרבעטס־מענטש זאָל קענען טראַכטן און פילאָזאָפירן.

עס זיינען, אמת, אויך געווען מער פּראָגרעסיווע און מער דעמאָקראַטישע דענקער צווישן די גריכישע פילאָזאָפן. קיינער וועט אָבער ניט לייקענען, אַז פאַר דער גריכישער קולטור זיינען די נעמען פון פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס באַזונדערס רעפּרעזענטאַטיוו. זיי שטעלן מיט זיך פאַר דעם העכסטן פּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם גריכישן געדאַנק.

גאָר אַנדערש איז געווען דער יידישער צוגאַנג. די תורה איז פון אָנהייב אָן געווען אַ תורה פאַרן גאַנצן פאָלק, אַ פילאָזאָפיע פאַר אַלע יידן. די דער־ציילונג פון מתן תורה ביים באַרג סיני, ווי מיר לייענען דאָס אין חומש, איז גאָר באַזונדערס באַלערנדיק. דאָס פאָלק האָט זיך פאַרזאַמלט ביים באַרג סיני, אַלע שיכטן, אַלע גרופּן, מענער און פרויען. די תלמודישע טראַדיציע גיט

אַפילו נאָך צו, אַז אַלע דורות יידן זיינען געווען ביים באַרג סיני און אַלע דורות יידן האָבן אָנגענומען די תורה, האָבן געענטפערט נעשה ונשמע.

יעדער ייד דאַרף זיין אַ לערנער, יעדער ייד דאַרף זיך פאַרטיפן אין די ענינים פון תורה, צו זאָגן אַ תורה פאַרן גאַנצן פאָלק. אַ סך שווערער איז עס דורכצופירן. ווי אַזוי קענען פשוטע מענטשן, פאַרמאַטערטע און אויסגעהאָרעוועטע, זיך באמת פאַרנעמען מיט די אייביקע פּראָבלעמען פון מענטש און וועלט? אַפילו אין אונדזער צייט, ווען אַרבעטער זיינען פאַרנומען ניט מער ווי 7—8 שעה אַ טאָג, ווען זיי האָבן צוויי טעג אַ וואָך אָפּרו, איז פון דעסטוועגן אָפּט שווער זיך אָוועקזעצן אין די פרייע שעהן האָרעווען איבער אַ בוך, איבער אַ ספר.

אויב יידן האָבן זיך דאָך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ פאָלק פון לערנער, האָט די אינסטיטוציע פון שבת דאָ געשפּילט אַ צענטראַלע ראָל. דער מנהג צו לייענען די תורה שבת, סיי בציבור אין שול, סיי ביחידות, איז נאַטירלעך געווען באַזונדערס וויכטיק. איז דאָך אַפילו די אָרעמע און אָפּט אַזוי ווייניק געבילדעטע יידישע פרוי געזעסן איבערן טייטש־חומש, איבער דער „צאינה וראינה", שבת נאָך שבת.

און יידישע קינדער, נאָך איידער זיי האָבן אָנגעהויבן צו גיין אין חדר, האָבן געזען ווי טאַטע־מאַמע זיצן ביים ספר שבת נאָך שבת. וואָס איז געווען דער שבתדיקער רושם אויף די מוחות פון די יונגע קינדער? טאַטע־מאַמע לערנען, טאַטע־מאַמע באַמיִען זיך צו פאַרשטיין די סודות פון דער תורה. טאַטע־מאַמע זיינען געוואָרן נייע מענטשן. שבת און תורה, שבת און מנוחה; שבת און פילאָזאָפיע — דאָס איז געווען דער איינדרוק, וואָס יידישע קינדער האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אין די סאַמע וויכטיקסטע יאָרן פון מענטשלעכן לעבן.

ווען עמעצער וואָלט מיך געבעטן, איך זאָל פאָרמולירן די זוכענישן פון די מאָדערנע דענקער על רגל אחת, אויף איין פוס, וואָלט איך געענטפערט: די מאָדערנע פילאָזאָפיע זוכט די שבתדיקע נשמה יתירה. דאָס איז אוודאי ניט דער פולער ענטפער, אָבער על רגל אחת קען מען דאָך ניט געבן קיין פולן ענטפער. לאָמיר אָבער דעם ענין אַ ביסל אויסטייטשן.

אַ גרויסער טייל פון די ערנסטע מאָדערנע דענקער זיינען אומצופרידן מיט אונדזער וועלט, מיט דער פאַריאָגטער און צעטומלטער וועלט. אַ סך פון אונדז האָבן אויך פאַרלוירן דעם גלויבן אין פּאָליטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציעס. וואָס מער מיר פרווון ענדערן די וועלט, אַלץ מער בלייבט די וועלט די זעלביקע.

די מאָדערנע דענקער פילן ווייטער די גאַנצע זינלאָזיקייט פון דעם מענטשלעכן לעבן, פון דעם מענטשלעכן גורל. מיט אונדזער שכל רירן מיר אָן די אומענדלעכקייט — און אונדזער לעבן איז אַזוי קורץ, אַזוי צופעליק. מיר פילן זיך ווייטער איינזאַמער אין דער וועלט. מיר פרווון געפינען אַ קאָנטאַקט מיט

דער נאַטור, מיר פּרוּוון רעדן צו דער וועלט, מיר פּרוּוון פאַרשטיין די שפּראַך פון די פּלאַנעטן און די שטערן, די שפּראַך פון אין־סוף. מיר פּרוּוון זיך צו־הערן צום געזאַנג, וואָס אַלע באַשעפענישן פון דער וועלט זינגען צום באַשעפער. און מיט אַ מאָל קומט דער קאַלטער שכל, די אומברחמנותדיקע לאָגיק און זאָגט אונדז, אַז דאָס אַלץ זיינען ניט מער ווי פּוסטע פאַנטאַזיעס. די נאַטור איז שטום און טויט, זי רעדט ניט צו אונדז און מיר קענען ניט רעדן צו איר. די פּלאַנעטן און שטערן זיינען שטום, קיינער זינגט ניט קיין שירה צום באַשע־פער. דאָס אַלץ זיינען ניט מער ווי שיינע, פּאָעטישע חלומות, אויסגעטראַכטע פאַנטאַזיעס.

און דער מאָדערנער מענטש קען מער ניט פאַרטראָגן זיין שוידערלעכע איינזאַמקייט. ער קען ניט שלום מאַכן מיט דער פילאָזאָפיע פון דער קאַלטער וויסנשאַפטלעכער לאָגיק. בפרט, אַז די מאָדערנע וויסנשאַפט אַליין האָט לעצטנס קלאָר איינגעזען די גרענעצן פון דעם מענטשלעכן שכל. דאָס האָט באַזונדערס קלאָר איינגעזען די מאָדערנע פיזיק. גראָד אין אונדזער צייט, ווען די וויסנ־שאַפט האָט צו פאַרצייכענען אַזעלכע געוואַלדיקע דערגרייכונגען, ווערט אַלץ מער קלאָר, אַז ניט נאָר די מענטשלעכע עקזיסטענץ האָט אירע גרענעצן, נאָר אַז אויך דאָס מענטשלעכע וויסן איז שטאַרק באַגרענעצט.

איז געקומען דער בונט קעגן דעם מענטשלעכן שכל, קעגן דער קאַלטער לאָגיק. אַט דער בונט איז געקומען פון צוויי עקסטרעמע ריכטונגען אין דעם מאָדערנעם געדאַנק. פון איין זייט האָט די פרוידיאַנישע פּסיכאָלאָגיע פאַר אונדז אַנטפּלעקט די וועלט פון דעם „אומבאַוווסטן". מיר ווייסן היינט, אַז דאָס מענטש־לעכע לעבן שפּילט זיך אָפּ אין צוויי פּסיכישע דעפּאַרטאַמענטן, אין אַ העכערן עטאַזש וווּ אַלע אונדזערע איבערלעבונגען ווערן באַשטראַלט פון דעם ליכט פון באַוווּסטזיין, און אין אַ נידעריקערן עטאַזש, מען וואָלט אַפילו געקענט זאָגן אין אַ פינצטערן קעלער. אין אַט דעם פינצטערן קעלער לעבט די מענטש־לעכע חיה, די ווילדע בעסטיע, וואָס קאָנטראָלירט גאָר אַ גרויסן טייל פון אונדזערע געפילן און אונדזערע מעשים.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ אַריינצוגיין אין די איינצלהייטן פון דער פּסיכאָ־אַנאַליטישער טעאָריע. פאַר אונדז איז דאָ באַזונדערס וויכטיק איין עלעמענט אין דער טעכניק פון דער מאָדערנער פּסיכאָאַנאַליזע. איך האָב דאָ אין זינען די פּסיכאָאַנאַליטישע סאָפקעס. דער פּאַציענט, וואָס קומט צום פּסיכאָאַנאַלי־טיקער ווערט ניט באַהאַנדלט ווי אַ גלייכער, ווי אַ מענטש, וואָס שטייט אויף איין מדרגה מיטן דאָקטאָר. ניין! מען לייגט דעם פּאַציענט אַוועק אויף דער סאָפקע און דער פּסיכאָאַנאַליטיקער רעדט אַפילו ניט דירעקט צום פּאַציענט. וואָס איז דער טיפערער זין פון אַט דער טעכניק? צוליב וואָס די סאָפקע?

דער ענטפער איז אַ פּשוטער: די סאָפקע איז דער סימבאָל פון אַפּרו, פון שלאָף. עס איז, לויט פרוידס שיטה, די וועלט מיט אירע זאָרגן, מיט אירע

פליכטן, מיט איר דיסציפּלין, מיט מאָראַל אַ מאָל, וואָס דריקט אַזוי אויפן מענטשן. זאָגט דער פּסיכאָאַנאַליטיקער צום פּאַציענט: מאַך שבת! לייג זיך אַ ביסל צו און רו זיך אויס, רעד זיך אויס, ברענג אַרויס אָפּן אַלץ, וואָס מאַטערט דיך! שעם זיך ניט מיט דיינע פאַרבאָרגענע געדאַנקען און ווונטשן! טו זיך אויס גייסטיק נאַקעט. לייג זיך אויף דער סאָפקע ווי אַ קינד, טראַכט ווי אַ קינד, רעד ווי אַ קינד, ווייל אין תוך איז יעדער מענטש, לערנט פרויד, ניט מער ווי אַ קינד. די טעכניק פון דער סאָפקע איז קאַלאָסאַל וויכטיק און קאַלאָסאַל כאַראַקטעריסטיש פאַר פרוידס צוגאַנג צום מענטשן. דער אמתער מענטש איז ניט דער שעפערישער מענטש, גלויבט פרויד, דער אמתער מענטש בלייבט זיין גאַנץ לעבן אַ קינד, דער אמתער מענטש לייגט זיך אויף דער סאָפקע ווען ער וויל זיך באַפרייען פון דעם יאָך פון דער ציוויליזאַציע, פון דעם יאָך פון אַרבעט און זאָרגן.

פרויד האָט פאַר אונדז געפרווווט אַנטפּלעקן דאָס פּסיכישע לעבן פון דער מענטשלעכער אונטערוועלט, פון די פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דעם פינצטערן קעלער פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. און פרוידס שבת איז דערפאַר דער שבת פון דעם „אומבאַוווסטן”, פון דער נשמה אין דעם מענטש־לעכן קעלער. פון אַ נשמה יתירה האָט פרויד ניט געהאַלטן.

פאַראַן אַ צווייטע שטרעמונג אין דער מאָדערנער פילאָזאָפיע, וואָס איז אויך אַ רעזולטאַט פון דעם בונט קעגן דעם שכל. אָט די ריכטונג זאָגט, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן שפּילט זיך אָפּ אין דריי עטאַזשן, אין אַ דרייגאָרנדיקער סיסטעם. אַחוץ דעם פינצטערן קעלער, די וועלט פון פרוידס אומבאַוווסטן, און אַחוץ דער לאָגישער און שכלדיקער וועלט, וואָס געפינט זיך איבערן קעלער, איז נאָך פאַראַן אַ דריטע וועלט, דאָס איז די וועלט פון אינטויציע, פון אַ גייסטיקער אַנטפּלעקונג. דאָס איז אַ וועלט פון אַ העכערן וויסן, וואָס קומט ניט דירעקט אויפן וועג פון ריין לאָגישע באַטראַכטונגען. גאָר אַ סך דענקער האָבן געשריבן וועגן אָט דער וועלט פון אידעען, וואָס קומט צו אונדז אויפן וועג פון אינטויציע, פון אינספּיראַציע, וואָס קומט פון די טיפענישן פון אונדזער נשמה. גענוג צו דערמאָנען דעם גרויסן דענקער פּלאַטאָן פון דער אַלטער צייט און דעם יידיש ־פראַנצויזישן דענקער אָנרי בערגסאָן אין אונדזער צייט. פּונקט אַזוי האָבן אַלע מיסטיקער געזוכט דעם קוואַל פון אינטויציע און אינספּיראַציע. גאָר באַזונדערס באַלערנדיק איז אין דעם פּרט די בודהיסטישע פילאָזאָפיע און די טעכניק פון דער בודהיסטישער מעדיטאַציע.

דער בודהיסטישער אַסקעט, וואָס זוכט די העכסטע מדרגה פון אינספּי־ראַציע, וואָס זוכט צו פאַרשטיין דעם סוד פון דער וועלט און פון דער מענטש־לעכער עקזיסטענץ, באַנוצט אַ מערקווערדיקע טעכניק. עס איז די אייגנאַרטיקע פּאָזיציע פון דעם קערפּער, ווי דאָס איז אונדז באַקאַנט פון די פאַרשיידענע בודהאַ־בילדער. מען זעצט זיך אויף דער ערד, די פיס פאַרלייגט, דער גאַנצער

קערפּער איז רויִק. מען טוט זיך אויס פון דער וועלט, מען אַנטלויפט פון די זאָרגן פון דער וועלט און מען זוכט אין דער אייגענער נשמה דאָס העכערע, דאָס איבערגייסטיקע. מען פּרוּווט געפינען אויפן וועג פון שטילער מעדיטאַציע (אַ טעכניק פון כוונה) אַ צושטאַנד, וואָס שאַפט אָפּ די גרענעץ צווישן מענטש און וועלט. אויך די טעכניק פון דער בודהיסטישער מעדיטאַציע איז אַ פאָרעם פון אַנטלויפן פון דער וואָכעדיקער וועלט, פון דער וועלט פון זאָרגן, פון דער וועלט פון אַרבעט. עס איז אַ פּרוּוו צו „מאַכן שבת" און אַ פּרוּוו צו דערגרייכן צו דער מדרגה פון נשמה־יתירהדיקייט.

אין געוויסע קרייזן פון אונדזער הייַנטיקער אינטעליגענץ האָט זיך לעצטנס פאַרשטאַרקט דער אינטערעס פאַר דער חכמה פון ווייטן מזרח. באַזונדערס פּאָפּולער איז הייַנט די ריכטונג פון זען־בודהיזם, דאָס איז אַ בודהיסטישע סעקטע אין יאַפּאַן, וואָס האָט אירע וואָרצלען אין כינע און אינדיע. עס איז לעצטנס אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע ליטעראַטור וועגן זען־בודהיזם. און אויב איר זענט אַ סנאָב און איר ווילט דווקא באַווייזן, אַז איר זענט ניט הינטערשטעליק אין אייער בילדונג, מוזט איר האָבן געלייענט אַ צאָל ביכער, אָדער לכל הפּחות, אַ פּאָר אַרטיקלען וועגן זען־בודהיזם, איר מוזט פון צייט צו צייט קענען אַרייַנוואַרפן אַ וואָרט אָדער אַ פראַזע פון דעם „זען־זשאַרגאָן", פּונקט ווי איר דאַרפט הייַנט האָבן אין אייער לעקסיקאָן אַ צאָל ווערטער און פראַזן פון דעם פּסיכאָאַנאַליטישן זשאַרגאָן. דאָס איז געזונג. עס איז אַבסאָלוט ניט וויכטיק צו פאַרשטיין די פילאָזאָפיע פון דעם „זען־בודהיזם". דער אמת איז, אַז גאָר ווייניק פון די, וואָס שרייבן וועגן „זען־בודהיזם", פאַרשטייען דעם אייגנטלעכן זין פון אָט דער אייגנאַרטיקער פילאָזאָפיע. וואָרום זען־בודהיזם איז מער אַ וועג פון פילן און אָנען, אַ וועג פון מיסטישער אינטויִציע, ווי אַ וועג פון דענקען.

אין דער שפּראַך פון זען־בודהיזם פאַרנעמט, למשל, אַ צענטראַלן פּלאַץ דער באַגריף „סאַטאָרי", דאָס איז אַ צושטאַנד פון גייסטיקער דערהייבונג, וואָס באַפרייט דעם מענטשן פון אונדזער אַזוי גערופענער רעאַלער וועלט. אויסטייטשן דעם באַגריף „סאַטאָרי" פאַר אַ מאָדערנעם אייראָפּעיִשן מענטשן איז פּונקט אַזוי שווער ווי אויסצוטייטשן פאַר אַ מאָדערנעם מענטשן, וואָס האָט קיין מאָל קיין יידישן שבת ניט געזען, אַזעלכע באַגריפן ווי די מנוחה פון שבת, אָדער די שבתדיקע נשמה יתירה. איך וויל דאָ גלייך באַמערקן, אַז איך בין ניט קיין ספּעציאַליסט אין דער „זען־פילאָזאָפיע" און איך האָב זיך ניט צו פיל פאַרטיפט אין דער זען־ליטעראַטור. איך בין אָבער אַבסאָלוט זיכער, אַז דער זען־באַגריף פון „סאַטאָרי" האָט אַ געוויסע קרובהשאַפט מיט דעם יידישן באַגריף פון נשמה־יתירהדיקייט, אַז עס איז פּאַקטיש אוממעגלעך צו געפינען אַן אַנדער וואָרט, וואָס זאָל מער ווייניקער איבערגעבן אויף יידיש אָדער העברעיִש דעם זין פון „סאַטאָרי".

מיר זעען ווי די מאָדערנע פילאָזאָפיע אין אירע פאַרשיידנסטע פאָרמען זוכט אַ מיטל ווי זיך צו באַפרייען פון דער אַזוי גערופענער רעאַלער וועלט. זי זוכט עס אויפן וועג פון אַ באַשטימטער טעכניק: די טעכניק פון דער סאָפקע, לויט דער פּסיכאָאַנאַליטישער שיטה, די בודהיסטישע פּאָזע פון מעדיטאַציע, דער מעטאָד פון פאַסטן ביי פאַרשיידענע אַסקעטן, די קונסט פון די אינדישע יאָגאָ־ווירטואָזן א. אַ. וו. דער צענטראַלער מאָטיוו אין אָט די אַלע זוכענישן איז, אַז דער מענטש האָט — אין זיין אייגענער נשמה — אַ געוואַלדיקן אוצר פון וויסן, ווילן און פילן; אַז דער מענטש קען געפינען אַן ענטפער אויף די אייביקע פּראָבלעמען אין זיך אַליין, ווען ער אַנטלויפט פון דער וועלט, ווען ער באַפרייט זיך פון דער וועלט. אַנטקעגן דעם איז די יידישע פילאָזאָפיע פון שבת אַ גאַנץ אַנדערע. דער יידישער מענטש אַנטלויפט ניט פון דער וועלט, דער יידישער מענטש פּרוּווט שאַפן אַ שבתדיקע וועלט.

## דער טאָג פון מנוחה און עבודה

אין זעקס טעג האָט גאָט באַשאַפן די וועלט און דאַן האָט גאָט באַשאַפן דעם טאָג שבת, די שבתדיקע וועלט. אויך שבת געהערט צו מעשה בראשית, אויך שבת איז אַ טייל, און אפשר דער וויכטיקסטער טייל פון גאָטס באַשאַף. עס איז ווייט ניט קיין צופאַל ווען מיר באַנוצן אין יידיש אַזאַ אויסדרוק ווי מאַכן שבת, צוגרייטן דעם שבת. ווייל אין תוך גענומען איז שבת אַ כסדרדיקער שעפערישער פּראָצעס. דער הייליקער שבת קומט ניט פון זיך אַליין. מען מוז זיך צוגרייטן צום שבת, מען מוז אויפנעמען דעם שבת, מען דאַרף פאַרשטיין און באַגרייפן די באַדייטונג פון שבת.

קולטור און רעליגיע זיינען אין דער אַלטער צייט געווען גאָר נאָענט פאַרבונדן. אין העברעיש האָט דאָס וואָרט עבודה אַ טאָפּלטן באַדייט: עבודה מיינט אַרבעט, די טאָג־טעגלעכע וואָכעדיקע אַרבעט, און עבודה מיינט אויך דינען גאָט, תפילה־טאָן. ענלעך איז די פאַרבינדונג צווישן די ווערטער „קולטור" און „קולט" אין די אייראָפּעיִשע שפּראַכן. דאָס וואָרט קולטור איז לכתחילה באַנוצט געוואָרן ווי אַ באַצייכענונג פאַר ערד־אַרבעט. מיר רעדן נאָך היינט וועגן לאַנדווירטשאַפטלעכע קולטורן. פון דער אַנדערער זייט האָט דאָס וואָרט קולט (אָדער קולטוס) אַ רעליגיעזע און ריטועלע באַדייטונג. דאָ ווערט פאַר אונדז קלאָר די פאַרבינדונג צווישן אַרבעט און רעליגיעזן ריטואַל.

אונדזער קולטור האָט אַזוי אַרום צוויי וואָרצלען — אַרבעט און רעליגיע, וואָך און שבת. עס איז ביי דער געלעגנהייט כדאי צו פאַרצייכענען, אַז דער באַקאַנטער פראַנצויזישער סאָציאַליסט פּרודאָן האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון דעם יידישן שבת. זיין ערשטע סאָציאַליסטישע שריפט (פאַר־

עפנטלעכט אין 1839 יאָר) האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן זונטיק־רו, און אין אָט דער שריפט האָט פּרודאָן בפירוש אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקייט פון דעם ביבלישן שבת־געבאָט און די עשרת הדברות. דער סאָציאַליסט פּרודאָן קריטי־קירט דערביי די קריסטלעכע קירך, וואָס האָט ניט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן אין דער פולער מאָס דעם גרויסן סאָציאַלן ווערט פון דעם יידישן שבת. פאַרן סאָציאַליסט פּרודאָן איז שבת דער וועג צום סאָציאַליזם.

אנטקעגן דעם האָט קאַרל מאַרקס געשריבן מיטן גרעסטן ביטול וועגן דעם יידישן שבת. מאַרקס האָט אגב מיט דער זעלביקער ביטול־באַציִונג געשריבן וועגן דעם „קליינבירגערלעכן" סאָציאַליסט פּרודאָן. קאַרל מאַרקס האָט געקענט זיין ביטער, שאַרף און אומגערעכט אין זיין פּאָלעמיק. ער איז גאָר אָפט געווען אומגערעכט אין זיין פּאָלעמיק קעגן אַנדערע סאָציאַליסטן און ער איז געווען באַזונדערס אומגערעכט אין זיין פּאָלעמיק קעגן יידישקייט. וואָלט קאַרל מאַרקס אָנגעהויבן פונקט ווי פּרודאָן מיט אַ ריכטיקער אָפּשאַצונג פון דער שבת־אידעע, דאַן וואָלט אפשר אונדזער היינטיקע וועלט אַנדערש אויסגעזען. די מאָדערנע סאָציאַליסטישע באַוועגונג וואָלט דאַן זיכער אויסגעמיטן אַן אַ שיעור בלאָנ־דזשענישן און אומגליקלעכע טעותן. מאַרקס האָט באַטראַכט די גאַנצע רעלי־גיעזע קולטור ווי אַ מין אָפּיום פאַר די מאַסן. אַן ערנסטער סאָציאַלער דענקער ווי מאַרקס וואָלט זיך פון דעסטוועגן געמוזט פרעגן: אפשר איז דער אָפּיום נויטיק? אפשר איז דער מענטשלעכער גורל אַזוי טראַגיש, אַז ער מוז זוכן טרייסט אין אַן אילוזיע, אַ וויכטיקע און אַ שעפערישע אילוזיע, פּונקט ווי די משיחישע אידעע איז אַ וויכטיקע און אַ שעפערישע אילוזיע. דער יידישער אָפּיום איז — שבת, וואָס האָט אין זיך, ווי אַ תלמודישע אגדה דריקט זיך אויס, אַ זעכציקסטל פון עולם הבא. און דער גרויסער צויבער פון שבת באַשטייט דערין, וואָס ער פאַרוואַנדלט די משיחישע אילוזיע אין ווירקלעכקייט. שבת איז די פאַרווירקלעכונג פון דער גרויסער יידישער גאולה־אידעע שוין היינט, אינעם פּראַקטישן לעבן פון דעם פשוטסטן מענטשן.

עס וועט זיכער ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז דער יידישער שבת האָט זיין אייגענע פילאָזאָפיע. מען וועט אויך ניט מאַכן קיין טעות ווען מען זאָגט, אַז די פילאָזאָפיע פון שבת איז די פילאָזאָפיע פון יידישקייט. דערפון נעמט זיך די צעטומלעניש ביי אַ סך אַסימילירטע יידישע דענקער און קינסטלער. זיי פאַרשטייען ניט די באַדייטונג פון שבת, ממילא פאַרשטייען זיי ניט דעם זין פון יידישקייט און דעם זין פון לעבן.

דריי מאָטיוון זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן שבת: קודם כל, שבת איז דער סימבאָל פון יידישקייט, פון דער פאַרבינדונג צווישן דעם מענטשן און זיין באַשעפער, פון דער פאַרבינדונג פון דעם מענטשן מיט מעשה בראשית. אָט דער מאָטיוו ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט אין די ווערטער פון קידוש, אַז

שבת איז אַן אָנדענק צו דער געשיכטע פון בראשית (**זכרון למעשה בראשית**). שבת וועקט אין אונדז דאָס קאָסמישע געפיל, שבת דערמאָנט אונדז די מיסטישע פאַרבינדונג פון מענטש, וועלט און אייביקייט.

ווייטער ווערט אין שבתדיקן קידוש אויך געזאָגט, אַז דער הייליקער טאָג פון אָפּרו איז אַ **זכר ליציאת מצרים**. אַזוי אַרום איז דער טאָג שבת אַ סימבאָל פון פרייהייט. און שבת איז ניט סתם אַ דערמאָנונג, נאָר טאַקע אַ פאַרווירקלעכונג פון דער מענטשלעכער פרייהייט. אַזוי אַרום איז דער טאָג פון אָפּרו אַ פּראָטעסט קעגן יעדער פאָרעם פון מענטשלעכער קנעכטשאַפט, פון מענטשלעכער אָפּהענגיקייט. דערפאַר איז דער יידישער שבת אין גאַנצן אַנדערש און לאָזט זיך לחלוטין ניט פאַרגלייכן מיט די יום־טובים ביי די אַלטע גריכן און רוימער, למשל.

צום אונטערשייד פון די עפּנטלעכע און טומלדיקע יום־טובים ביי אַנדערע פעלקער איז שבת אַ יום־טוב פון רו, פון מנוחה. עס איז אַ יום־טוב אָן געשרייען, אָן מאַסן אין די גאַסן. עס איז אַ יום־טוב פון דעם יחיד, פון דער פאַמיליע, עס איז אַ יום־טוב אין דעם פולסטן זין פון וואָרט, אַ יום־טוב פון גייסטיקייט. עס איז אַ יום־טוב, וואָס יעדער מענטש מאַכט פאַר זיך, יעדער ייד מאַכט שבת, גרייט צו דעם שבת, באַגעגנט דעם שבת און ברענגט דעם שבת צו זיך אין דער היים אַריין. די שבתדיקייט אין דער יידישער שטוב, די שבתדיקייט, וואָס שטראָמט אַרויס אין דער יידישער גאַס. די וועלט ווערט שבת אַן אַנדערע, די היים ווערט אַנדערש, דער מענטש ווערט אַנדערש. אַ נייע וועלט, אַ שבתדיקע וועלט! אַ נייער מענטש, אַ שבתדיקער מענטש!

דער דריטער מאָטיוו פון שבת איז — שלום. עס וואָלט אַפילו געווען ריכטיק צו זאָגן, אַז שלום איז דער צענטראַלער מאָטיוו פון שבת. אין דעם הייליקן טאָג שבת האָט מען, לויטן דין, ניט געטאָרט פירן קיין מלחמה, סיידן עס איז געווען אַ סכנה פאַרן כלל, ווען מען איז געווען געצוווּנגען זיך צו פאַרטיידיקן. אַרום דער פראַגע וועגן שבת און מלחמה זיינען געפירט געוואָרן הייסע וויכּוחים אין דער צייט פון בית שני, בעת די מלחמות פון די חשמונאים.

ווען דער ייד קומט פרייטיק־צונאַכט פון שול צוריק אַהיים באַגריסט ער קודם כל די מלאכים פון שלום (**בואכם לשלום מלאכי השלום**). די יידישע שטוב ווערט פול מיט שלום, מיט דער שבתדיקער רו און דעם שבתדיקן שלום. אַזוי לערנט אונדז אַ מאמר אין מדרש תנא דבי אליהו: אַ מענטש טוט זיין אַרבעט די זעקס טעג אין וואָך און ער רוט אָפּ דעם טאָג שבת. קומט דער שלום בית אין זיין פאַמיליע, צווישן מאַן און ווייב, צווישן עלטערן און קינדער; און ווידער, אַ מענטש טוט זיין אַרבעט אין דער אַנוועזנהייט פון שונאים דורך דער גאַנצער וואָך, קומט דער טאָג שבת, פאַרגעסט ער דעם צער, וואָס ער האָט געהאַט.

די יידישע געשיכטע לערנט אונדז, אַז מען קען מאַכן שבת, אַז איטלעכער ייד, אַפילו דער אָרעמסטער, קען מאַכן שבת. און די געשיכטע פון שבת באַווייזט אונדז ווי גרויס דער מענטש איז, ווי שעפעריש דער מענטש קען ווערן. מען קען מאַכן שבת! מען קען ווערן אַ פרייער מענטש, מען קען מאַכן שלום אויף דער וועלט.




## דער יום־טוב פון מענטשלעכקייט און גערעכטיקייט

דער נאָמען ראש השנה ווערט אין דער תורה ניט דערמאָנט. אין חומש ווערט דער יום־טוב פון אָנהייב יאָר פאַרצייכנט ווי דער טאָג פון שופר בלאָזן (יום תרועה). אין די געציילטע פסוקים, וואָס מיר געפינען אין חומש וועגן ראש השנה ווערט דער עיקר גערעדט וועגן די קרבנות פון דעם ערשטן טאָג אין תשרי און וועגן דעם חוב פון בלאָזן שופר. וועגן דער באַזונדערער באַדייטונג פון דעם יום־טוב פון אָנהייב יאָר ווי אַ טאָג פון משפט, ווערט גאָרניט געזאָגט. אַ ביסל מער ווערט אונדז דערציילט וועגן דעם יום־טוב פון אָנהייב יאָר (דער נאָמען ראש השנה ווערט אויך דאָ ניט דערמאָנט) אין ספר נחמיה. ערשט אין תלמוד פאַרנעמט ראש השנה שוין גאָר אַ באַזונדערן פּלאַץ. אַ גאַנצע מסכתא (די מסכתא ראש השנה) גיט זיך אָפּ מיט די דינים פון דעם יום־טוב פון אָנהייב יאָר. דאָ ווערט אויך שוין קלאָר אַרויסגעבראַכט די באַדייטונג פון ראש השנה.

עס איז וויכטיק אָט דעם פאַקט צו פאַרצייכענען צוליב דעם פּשוטן טעם: פאַראַן ביי אונדז אַ צאָל דענקער און פירער, וואָס זיינען מבטל אַלץ וואָס איז ביי ייִדן געשאַפן געוואָרן נאָך דער צייט פון תנ"ך. דער תלמוד און די גאַנצע רבנישע ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך שפּעטער, טענהן די אָנהענגער פון אָט־דער שיטה, דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון גלות־לעבן. די געשיכטע פון ראש השנה באַווייזט אונדז מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט ווי נאַיִוו און פּרימיטיוו אַזאַ צוגאַנג איז. מען קען ניט פאַרשטיין

דעם תנ״ך אָן דעם תלמוד און אָן דער תלמודישער טראַדיציע, ראש השנה געהערט צו די וווּנדערלעכסטע יידישע שאַפונגען. ראש השנה איז פול מיט אידעען, פול מיט די איידלסטע אידעען פון מענטשלעכקייט און גערעכטיקייט. אָבער אָן דעם תלמוד וואָלטן מיר ניט געהאַט די מינדסטע פאַרשטעלונג וועגן דער באַדייטונג פון ראש השנה.

דערמיט זיינען מיר אַבסאָלוט ניט אויסן צו זאָגן, אַז אין דער צייט פון תנ״ך האָט דער יום־טוב ראש השנה קיין שום ראָל ניט געשפּילט. גראָד פאַר־קערט. דער יום־טוב פון ראש השנה איז פאַרבונדן מיט דער אידעע פון מלכות שמים, פון גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד. פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר האָט די תנ״ך־וויסנשאַפט זיך אַ סך פאַרנומען מיט דעם ענין פון מלכות שמים אין תנ״ך און אין דער שפּעטערדיקער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס אין די תפילות. עס איז היינט קלאָר, אַז אַ צאָל פון די געזאַנגען אין תהילים, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם ווי גאָט ווערט קעניג אויף דער וועלט (ה׳ מלך), געהערן צו די עלטסטע תפילות פון ראש השנה. אַ טייל פון אָט־די מלכות־געזאַנגען פון תהילים געפינען מיר טאַקע אין מחזור פון ראש השנה. אָט־די תפילות דערציילן אונדז וועגן דער באַזונדערער באַדייטונג פון ראש השנה שוין אין די עלטסטע צייטן, אין די צייטן פון תנ״ך און פון תלמוד. אין די תפילות בכלל און אין די תפילות פון ראש השנה בפרט אַנטפּלעקט זיך דער יידישער מענטש, אַנטפּלעקט זיך די גרויסע יידישע בענקשאַפט נאָך מלכות שמים, נאָך אמת און גערעכטיקייט.

דער יידישער מענטש קומט ראש השנה אין שול אויסצובעטן אַ גוט יאָר, אַ גוט יאָר פאַר זיך, פאַר דער פאַמיליע און פאַרן גאַנצן כלל ישראל. אָבער דאָס איז ווייט נאָך ניט אַלץ. פּרוּווט זיך פאַרטיפן אין די תפילות פון ראש השנה — וואָס ווילן מיר, וואָס דערוואַרטן מיר אין דעם טאָג פון משפט? אין דעם הייליקן טאָג פון ראש השנה, זעען מיר קלאָר פון די תפילות, זיינען מיר מתפלל פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר אַלע מענטשן. מיר טוען תפילה טאָן אַז די וועלט זאָל פאַרבעסערט ווערן מיט גאָטס קעניגרייך (לתקן עולם במלכות שדי). אַז אַלע מענטשן זאָלן רופן אין גאָטס נאָמען און אַלע זאָלן נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאָטס קעניגרייך, ווי עס שטייט געשריבן — און גאָט וועט ווערן קעניג איבער גאָר דער וועלט.

די אידעע פון מלכות שמים, פון גאָטס קעניגרייך אויף דער וועלט, מיינט אייגנטלעך — איין וועלט, איין גערעכטע וועלט. אָט די אידעע ווערט באַזונ־דערס קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דער תפילה פון ובכן תן פחדך... די גאַנצע וועלט זאָל פילן די מורא פון גאָט, כדי אַלע זאָלן ווערן איין בונד (ויעשו כולם אגודה אחת). דאָס איז אויך דער זין פון דער תפילה „ויאתיו כל לעבדך״. אַלע מענטשן, אַלע פעלקער זאָלן קומען דינען דעם באַשעפער, אַלע זאָלן אָננעמען גאָטס מלכות (ויקבלו כולם מלכותך). קענען מיר אָפּשאַצן די געוואַלדיקע מאַ־

ראַלישע באַדייטונג פון אַזעלכע תפילות? אין דעם טאָג פון יום־הדין קומט דער פשוטער יידישער מענטש מיט זיין פאַרלאַנג; וואָס וויל אַט־דער פשוטער יידי־שער מענטש? אויסלייזן די וועלט וויל ער; אויסלייזן די וועלט פון רשעות, פון זינד; איין וועלט זאָל זיין, אַן ערלעכע וועלט, אַ גערעכטע וועלט, אַ מענטשלעכע וועלט. ניט בלויז פאַר זיך, ניט בלויז פאַר זיין פאַמיליע איז דער יידישער מענטש מתפלל, פאַר דער גאַנצער וועלט איז ער אומרויִק, מיט דעם גורל פון דער גאַנצער וועלט פילט ער זיך פאַרבונדן. איז דאָך דער באַשעפער פון דער וועלט, דער איין און איינציקער האַר פון דער וועלט, דער פאָטער פון אונדז אַלע! אזוי איז דער טאָג פון משפט אויך דער טאָג פון גערעכטיקייט.

לאָמיר זיך אומקערן צו די געזאַנגען פון תהילים, צו די עלטסטע תפילות פון מלכות שמים: כאַראַקטעריסטיש פאַר די מלכות־געזאַנגען אין תהילים איז דער רוף צו דער וועלט. אַזוי, למשל, הייבט זיך אָן דאָס קאַפּיטל מ״ז אין תהילים מיט די ווערטער: אַלע פעלקער, קלאַפּט די הענט, שאַלט צו גאָט מיט אַ קול פון געזאַנג (כל העמים תקעו כף...). עס איז אגב דער מנהג אין דעם טאָג פון ראש השנה צו זאָגן דאָס קאַפּיטל מ״ז זיבן מאָל פאַרן בלאָזן שופר. דערפון איז קלאָר צו זען, אַז דאָס קאַפּיטל כל העמים תקעו כף, איז שוין אין גאַנץ אַלטע צייטן געווען פאַרבונדן מיט די תפילות פון ראש השנה.

גאָטס קעניגרייך איז דאָס קעניגרייך פון גערעכטיקייט. דאָס קעניגרייך פון גערעכטיקייט פאַר אַלעמען, ווי דאָס ווערט אַזוי קלאָר געזאָגט אין קאַפּיטל צ״ח, וואָס געהערט אויך צו די מלכות־געזאַנגען פון תהילים. דער דיכטער רופט קודם כל צו זינגען צו גאָט אַ נייעם געזאַנג (שירו לה׳ שיר חדש). ניט נאָר די מענטשלעכע וועלט וועט באַגריסן גאָטס קעניגרייך, אויך די גאַנצע נאַטור, די ימען און די ערד, די טייכן און די בערג וועלן זינגען פאַר גאָט... „וואָרים ער קומט משפטן די ערד, ער וועט משפטן די וועלט מיט גערעכטיקייט, און די פעלקער מיט יושר...״ (כי בא לשפט הארץ, ישפט תבל בצדק ועמים במישרים). מיט כמעט די זעלביקע ווערטער פאַרענדיקט זיך קאַפּיטל צ״ו: „ער וועט משפטן די וועלט מיט גערעכטיקייט און די פעלקער מיט וואַרהאַפטיקייט״.

צום אונטערשייד פון די מלוכות פון בייז און רשעות, וואָס הערשן איבער דער וועלט, איז גאָטס קעניגרייך דאָס מלכות פון גערעכטיקייט און וואַרהאַפּ־טיקייט. איז ממילא קלאָר, אַז דאָס קעניגרייך פון אמת און גערעכטיקייט וועט אויך זיין דאָס קעניגרייך פון שלום. וועגן דעם דערציילט אונדז דער דיכטער פון תהילים, קאַפּיטל מ״ו: „קומט און זעט — רופט אויס דער דיכטער — וואָס גאָט טוט אויפטאָן... ער מאַכט אַ סוף צו מלחמות ביז צום עק פון דער ערד, דעם בויגן צעברעכט ער, דעם שפּיז טוט ער צעשמעטערן, די רייטוואָגנס פאַר־ברענט ער אין פייער״ (לכו חזו מפעלות ה׳... משבית מלחמות עד קצה הארץ קשת ישבר וקצץ חנית עגלות ישרף באש).

וועט אונדז איצט גרינגער זיין צו פאַרשטיין דעם זין פון דעם פסוק אין ישעיה, ווו עס ווערט געזאָגט: „וואָרים מיין הויז וועט גערופן ווערן דאָס הויז פון תפילה פאַר אַלע פעלקער״ (כי ביתי בית תפילה יקרא לכל העמים). אוני־ווערסאַלע, אַלגעמיין־מענטשלעכע אידעען פאַרנעמען אין אונדזער יידישער רע־ליגיעזער טראַדיציע אַ סך אַ גרעסערן פלאַץ ווי מיר שטעלן עס זיך געוויינלעך פאָר. דאָס ווערט אגב אויך באַזונדערס קלאָר אַרויסגעבראַכט אין די ערשטע קאַפּיטלען פון חומש, אין דער געשיכטע פון בראשית. דאָס זעען מיר אויך — ווען גאָט באַווייזט זיך צו אברהם אבינו און דערציילט אים וועגן זיין פּלאַן חרוב צו מאַכן די זינדיקע שטעט סדום און עמורה. אברהם פרעגט דאַן — אפשר זיינען דאָ אַ צאָל צדיקים אין אָט־די שטעט פון זינד? וועט דען גאָט, דער ריכטער פון גאָר דער וועלט, ניט טאָן קיין גערעכטיקייט, וועט ער דען פאַר־ניכטן צוזאַמען דעם צדיק מיטן רשע? אברהם אבינוס צוגאַנג איז, ווי מיר זעען, אַן אוניווערסאַלער, אַן אַלגעמיין־מענטשלעכער. ער זוכט צדיקים אַפילו אין אַזעלכע זינדיקע שטעט ווי סדום און עמורה, און גאָט איז פאַר אים קודם כל דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט, דער גאָט פון גערעכטיקייט.

געוויס, דער וועלט־באַשאַפער איז אויך דער גאָט פון ישראל. קומען מיר מיט אונדזערע תפילות צו גאָט ברוך הוא, מיר בעטן פאַר זיך, מיר בעטן פאַר אונדזער פאָלק און מיר בעטן פאַר דער וועלט, פאַר אַ וועלט פון גערעכטיקייט און אַ וועלט פון שלום, ווייל מיר ווייסן — אַז שלום פאַר דער וועלט איז אויך שלום פאַרן פאָלק ישראל.

## האָפענונג און תשובה

מיר ווייסן ווי שווער עס איז אין אונדזער צייט צו טראַכטן וועגן אַ מאָ־ראַלישן חשבון. מיר לעבן, ליידער, אין אַ צייט ווען אַלע מאָראַלישע געזעצן האָבן כמעט ווי פאַרלוירן זייער באַדייטונג. צייטנווייז שטעלן מיר זיך די פראַגע: איז טאַקע באמת לית דין ולית דיין? איז ניטאָ קיין געזעץ און קיין ריכטער אויף דער וועלט? ווי אַזוי איז מעגלעך געוואָרן דער יידישער חורבן? ענלעכע פראַגן האָבן שוין אַ סך מאָל אונדזערע עלטערן געשטעלט אין צייטן פון קאַ־טאַסטראָפעס. זיי פלעגן קומען מיט טענות צום באַשעפער, צום גאָט פון ישראל, וואָס האָט, כביכול, זיין פאָלק פאַרלאָזן. אויך היינט וואָלטן מיר אַוודאי געקאָנט קומען מיט טענות צום באַשעפער. עס איז שווער צו גלייבן אין אַ מאָראַלישן חשבון פון דער וועלט, ווען מיר טראַכטן וועגן די מיליאָנען אומגעקומענע פון אונדזער פאָלק. און ווי קאָנען מיר דען פאַרגעסן די טראַגעדיע פון אונדזער חורבן אין די טעג פון חשבון? עס איז די אַלטע איוב־פראַגע, די אַלטע

פראַגע פון די אומשולדיק־ליידנדע. שווער צו גלויבן אין אַ מאָראַלישן חשבון אין אונדזער צייט.

אָבער נאָך שווערער, גאָר ניט אין אָן ערך שווערער, איז ניט צו גלויבן. ווי קאָנען מיר דען לעבן אָן אַ גלויבן? אָן אַ גלויבן אין מענטשן און אָן אַ גלויבן אין געטלעכקייט? געווען אַ צייט, ווען די וועלט האָט ווייניק געגלויבט אין מענטשן. זי האָט אָבער געגלויבט אין דעם באַשעפער פון דעם מענטשן. דאַן איז געקומען אַ צייט, ווען די וועלט האָט פאַרגעסן דעם באַשעפער און מען האָט אָנגעהויבן צו גלויבן אין דעם מענטשן. עס איז געווען די רעליגיע פון דעם ווידערבאַנייטן גריכיש־פילאָזאָפישן הומאַניזם, וואָס האָט געפירט צו דער פאַרגעטערונג פון דעם מענטשן, צו אָט דעם געצנדינסט פון אונדזער צייט. האָבן די געשעענישן פון אונדזער דור באַוויזן דעם פולשטענדיקן באַנקראָט פון דעם נייעם געצנדינסט, פון דער מאָדערנער רעליגיע פון דעם אַזוי־גערופענעם הומאַניזם. זיינען אַ סך פון אונדז געבליבן אָן אַ גלויבן, אָן אַ גלויבן אין גאָט אין הימל און אָן אַ גלויבן אין מענטשן; זיינען אַ סך פון אונדז געבליבן אין אָן אויסגעליידיקטער וועלט, אין אַ וועלט אָן געטלעכקייט און אָן מענטשלעכ־קייט. עס איז שווער צו גלייבן אין אונדזער צייט, אָבער קאָנען מיר דען לעבן אָן אַ גלויבן? עס איז נאָך שווערער ניט צו גלויבן. מוזן מיר ווידער געפינען דעם וועג, דעם וועג צום מענטשן און דעם וועג צו זיין באַשעפער!

און אָט דעם וועג ווייזט אונדז דער יום־טוב ראש השנה, דער יום־טוב פון חשבון ווייזט אונדז דעם וועג צום מענטשן און דעם וועג צו זיין באַשעפער. דער עצם געדאַנק, אַז מען מוז מאַכן אַ חשבון, אַז דער מענטש טראָגט די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע מעשים, איז געוואַלדיק וויכטיק. גאָר גרויסע עוולות און פאַרברעכנס ווערן אָפט באַגאַנגען דערפאַר, ווייל מיר פאַרגעסן צו מאַכן דעם חשבון. ווייל מיר שאַצן ניט אָפּ אין דער געהעריקער מאָס די ערנסטקייט פון אונדזער אחריות פאַר אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט.

אין דעם פּרט איז די יידישע טראַדיציע אין גאַנצן אַן אַנדערע ווי די טראַדיציע, למשל, פון די קריסטלעכע פעלקער. די קריסטלעכע דענקער באַ־טאָנען אַ סך די זינדיקייט פון דעם מענטשן, זיי רעדן אָבער ווייניקער וועגן דער מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם מענטשן. דאָס איז אַ פונדאַמענטאַ־לער אונטערשייד. דער טיפער זין פון די ימים־נוראים, פון די טעג פון תשובה, איז — דער יידישער גלויבן אין מענטשן. עס איז ניט דער לייכטזיניקער גלויבן אין דער כלומרשטער באַטירלעכער גוטסקייט פון דעם מענטשן, עס איז דער מער ערנסטער גלויבן דערין, אַז דער דערוואַקסענער מענטש דאַרף פאַרשטיין און נעמען אויף זיך די אחריות פאַר זיינע מעשים.

דער יידישער באַגריף פון דעמאָקראַטיע איז גאָר אַ באַזונדערער. געוויינ־לעך באַטראַכטן מיר דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע ווי אַ קאַמף פאַר רעכט. אַלע בירגער האָבן גלייכע רעכט. אַלע בירגער מוזן האָבן די מעגלעכקייט צו

שטימען, אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג. עס ווערט אָבער מייסטנס אַ סך ווייניקער באַטאָנט די דעמאָקראַטיע פון פליכטן. מיר גיבן זיך ניט אָפּ קיין חשבון, אַז יעדער בירגער טראָגט אויך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלץ, וואָס ווערט אין זיין נאָמען געטאָן דורך די פירער פון דער מלחמה.

לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, פון די דעמאָקראַטישע וואַלן. מיר ווייסן, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון דער באַפעל־קערונג דאָ אין לאַנד וועט זיך אין די וואַלן ניט באַטייליקן. דער גאַנצער ענין אינטערעסירט זיי ניט. זיי פילן ניט, אַז זיי זיינען שותפים צום גורל פון לאַנד און צום גורל פון דער וועלט. מען וועט זיך שוין ווי עס איז געבן אַן עצה אָן זיי.

און אַפילו די, וואָס גייען צו די וואַלן, נעמען זיי אויף זיך די מי זיך אַרייננצוטראַכטן אין די פּראָבלעמען פון אונדזער צייט? פּרוּוון זיי זיך באַקענען מיט די פראַגן, אויף וועלכע דאָס לאַנד מוז געבן אַן ענטפער? דער פאַקט איז, אַז אַפילו דער אַקטיווער בירגער וואַרפט פאַקטיש אַרויף די שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף די פּאַרטייען און אויף די פירער. איז ניט קיין ווונדער, וואָס די דעמאָקראַטיע האָט פאַרלוירן אַזוי פיל פּאָזיציעס אין אונדזער צייט!

די מאָראַלישע אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די בירגער האָט אָנגענומען די שוידערלעכסטע פאָרמען אין דייטשלאַנד. אַפילו היינט נאָך פאַרשטייען די מערסטע דייטשן ניט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק, אַז אַלע בירגער טראָגן אין אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער מאָס די מאָראַלישע אחריות פאַר די שוידערלעכע פאַרברעכנס פון די נאַציס.

מען רעדט און מען שרייבט לעצטנס אַ סך וועגן דער כוואַליע פון זינד און פאַרברעכנס, וואָס האַלט כסדר אין שטייגן. מען באַטאָנט באַזונדערס די פאַרברעכנס פון די יוגנטלעכע. און דאָך איז דאָס ניט די צענטראַלע פראַגע פון אונדזער צייט. די גרעסטע געפאַר פאַר אונדזער קולטור ברענגען מיט זיך די פאַרברעכנס, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין נאָמען פון כלל, כלומרשט לטובת הכלל; אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזם, אין נאָמען פון קלאַסנקאַמף, אין נאָמען פון גערעכטיקייט און אַ. וו. דער באַקאַנטער דענקער ריינהאָלד ניבור האָט אָט דעם פאַקט קלאָר אַרויסגעבראַכט אין זיין בוך: „דער מאָראַלישער מענטש און די אוממאָראַלישע געזעלשאַפט". פאַראַן אַ סך פאַרברעכנס, ווייזט ריינהאָלד ניבור אָן, וואָס דער איינצלנער מענטש וואָלט זיי קיין מאָל ניט באַגאַנגען. ווען עס האַנדלט זיך, אָבער, וועגן נאַציאָנאַלע אינטערעסן, אָדער וועגן כלומרשטע קלאַסן־אינטערעסן, דאַן זיינען פאַר אַ צאָל עקסטרעמע פּאָליטישע פירער אַלע מיטלען כשר. אָבער אַפילו אין אונדזערע דעמאָקראַטישע לענדער איז מען אָפט ניט שטאַרק איבערקלייבעריש, ווען עס קומט צו פּאָליטיק. און די גרויסע מאָראַלישע סכנה פון אונדזער צייט באַשטייט דערין, וואָס די פּאָליטישע פירער — טיילווייז אַפילו אין דעמאָקראַטישע לענדער — האָבן צו פיל מאַכט, אַ סך מער מאַכט ווי אַ געוויינטלעכער שטערבלעכער מענטש קאָן

פאַרטראָגן. די אַמביציע פון מאַכט, דער יצר־הרע פון מאַכט קאָן פאַרפירן דעם ערלעכסטן מענטשן. די קריסטלעכע מאָראַל האָט פּראַקטיש שלום געמאַכט מיט דער זינדיקייט פון דער וועלטלעכער מאַכט, מיט דער ממשלת זדון אויף דער וועלט. גאָר אַנדערש איז דער יידישער צוגאַנג. און אָט דער יידישער צוגאַנג ווערט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט אַרויסגעבראַכט אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור.

ראש השנה איז ניט נאָר אַ יום הדין פאַרן איינצלנעם מענטשן. ראש השנה איז אַ יום־הדין פאַר לענדער, פאַר פעלקער (ועל המדינות בו יאמר) און פאַר דער גאַנצער וועלט. עס איז די אידעע פון אַ העכסטן געריכט, פאַר וועלכן מיר אַלע ווערן גערופן, יעדער יחיד באַזונדער און אויך פעלקער און מלוכות. דער היינטיקער באַגריף פון פּאָליטישער סוווערעניטעט איז פאַקטיש — אַז אַ פאָלק אָדער אַ מלוכה איז פאַר קיינעם ניט פאַראַנטוואָרטלעך. אַ פאָלק זינ־דיקט ניט. די יידישע אידעע איז אַן אַנדערע. אויך אַ פאָלק קאָן זינדיקן. דער־פאַר זאָגן מיר „ומפּני חטאינו..." צוליב אונדזערע זינד זיינען מיר באַשטראָפט געוואָרן. ווי אַזוי קאָן געשאַפן ווערן אַ סדר אויף דער וועלט, ווען פעלקער זאָלן זיך פילן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע זינד? אָט דאָס איז דער צענט־ראַלער מאָטיוו פון די תפילות פון ראש השנה.

די תפילות פון ראש השנה זיינען דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון מלכות שמים, פון גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד. דער גאַנצער ענין מלכות שמים, וואָס איז פאַרבונדן מיט די נביאישע אידעאַלן פון משיחס צייטן, איז אַן ענין וועגן וועלכן עס איז אין דער לעצטער צייט זייער אַ סך געשריבן געוואָרן. באַזונדערס האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען די תנ"ך־פאָרשער.

ווער עס טראַכט זיך אַריין אין די ראש השנהדיקע תפילות, מוז ווערן באַהערשט פון אַ געוואַלדיקן געפיל פון דער מלכות שמימדיקער מאַיעסטעט. די וועלט איז ניט הפקר. פאַראַן אַ וועלט־געריכט און פאַראַן אַ ריכטער פון דער וועלט. און אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער וועלט, מענטשן און פעלקער, קומען פריִער אָדער שפּעטער פאַרן העכסטן געריכט.

דאָס גרונט־פּראָבלעם פון מאָראַל איז, גלויב איך, אַ מעטאַפיזישע, אַ רע־ליגיעזע. זי שטייגט ווייט אַריבער די גרענעצן פון איין מענטשלעך לעבן. זי שטייגט אויך אַריבער די גרענעצן פון דער געשיכטע פון איין פאָלק. נאָר ווען מען ווערט דורכגעדרונגען מיט אָט דעם רעליגיעז־אוניווערסאַלן געפיל קאָן דער זינדיקער מענטש געפינען דעם כוח זיך צו שטאַרקן איבערן יצר הרע, וואָס שלעפּט אים כסדר אַלץ טיפער און טיפער אין דעם אָפּגרונט פון רשעות. דערפאַר איז אַזוי וויכטיק צו דערמאָנען דעם מענטשן — אַז אַלע זיינע מעשים האָבן אַ באַדייטונג, אַז יעדער איינצלנער מענטש טראָגט די אחריות פאַרן גורל פון דער וועלט.

ייִדישקייט איז אַ פילאָזאָפיע פון מאָראַלישער דעמאָקראַטיע. יעדער מענטש דאַרף זיך פאָרשטעלן, לערנט אונדז די ייִדישע טראַדיציע, ווי די וועלט וואָלט געווען איינגעטיילט אויף צוויי גלייכע טיילן: אַ העלפט זינדיקע און אַ העלפט גערעכטע. קאָן דעריבער דער איינצלנער מענטש מיט זיינע מעשים אַריבער־וועגן אין איין זייט אָדער אין דער צווייטער זייט. איטלעכער מענטש קאָן העלפן ברענגען די גאולה און איטלעכער מענטש קאָן, חס ושלום, אָפּהאַלטן די גאולה. פאַראַן, הייסט עס, אַ חשבון אויף דער וועלט, און אַלץ וואָס מיר טוען, וואָס יעדער איינצלנער פון אונדז טוט, גייט אַריין אין חשבון. איז ממילא יעדער איינצלנער מחוייב צו מאַכן פאַר זיך אַ שטיקל סך הכל פון זיין וועג אין לעבן, ווייל זיין חשבון איז אויך אַ טייל פון דעם חשבון פון דער וועלט.

אַלע קאָנען מיר העלפן דערנענטערן גאָטס קעניגרייך אויף דער וועלט (מלכות שמים) און דער אידעאַל איז — אַז אַלע פעלקער זאָלן ווערן איין בונד צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן (ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם). דאָס איז דער אידעאַל פון די ראש השנהדיקע תפילות און דאָס איז אויך דער אידעאַל פון אונדזער צייט: אַלע פעלקער זאָלן ווערן איין בונד צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן.

עס וואָלט געווען נאַיוו צו גלייבן, אַז די טעג פון ימים־נוראים קאָנען ראַדיקאַל ענדערן דאָס לעבן פון אַ מענטשן. עס איז ווייניק צו מאַכן אַ מאָ־ראַלישן חשבון איין מאָל אין יאָר. ייִדישע מאָראַל איז אַ מאָראַל פון יעדן טאָג. אָבער די טעג פון ימים־נוראים קאָנען געבן דעם שטויס צו אַן ענדערונג אינעם לעבן פון אַ גאַנץ יאָר. דאָס איז, אייגנטלעך, די אויפגאַבע פון די טעג פון תשובה.

## ליבע און גערעכטיקייט

ראש השנה איז דער יום־טוב פון ליבע און גערעכטיקייט. מען קאָן אוודאי פרעגן: די טעג פון ראש השנה און יום־כיפור ווערן באַצייכנט ווי די פאָרכטיקע טעג, ימים־נוראים — ווי אַזוי קאָנען די טעג פון מורא אין דער זעלביקער צייט זיין די טעג פון ליבע?

עס איז אַן אַלטע פראַגע, אַן ערנסטע פראַגע. די היסטאָרישע דערפאַרונג לערנט אונדז אָבער, אַז עס זיינען אָפט פאַראַן פאַלן ווען ליבע און מורא גייען האַנט אין האַנט. מען קאָן שטאַרק ליב האָבן די עלטערן און מען קאָן אויך מורא האָבן פאַר זיי. אַזוי געפינען מיר, למשל, אין דער תורה דאָס געבאָט פון אָפּגעבן כבוד טאַטע־מאַמע (כבד את אביך ואת אמך...). אין אַ צווייטער

שטעלע ווערט אונדז געזאָגט: דו זאָלסט מורא האָבן פאַר טאַטע־מאַמע (**איש אמו ואביו תיראו**). נאָך דייטלעכער ווערט אָט די קרובהשאַפט צווישן ליבע און מורא אַרויסגעבראַכט אין דער באַציִונג צום טאַטן אין הימל. אין דער פרשה שמע ישראל ווערט אונדז אָנגעזאָגט ליב צו האָבן גאָט מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. אָבער עטלעכע פסוקים ווייטער ווערט אונדז געזאָגט: דו זאָלסט מורא האָבן פאַר גאָט און דו זאָלסט אים דינען. געגוי דאָס זעלביקע ווערט איבערגעחזרט אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע ערטער אין תנ״ך. מיר רעדן סיי פון יראת־שמים (מורא פאַרן הימל, מורא פאַר גאָט) און סיי פון אהבת השם — ליבע צו גאָט.

פאַראַן נאָך אַ באַזונדערע מורא, וועלכע מיר באַצייכענען מיטן נאָמען יראת־הכבוד אָדער יראת־הרוממות. עס איז אייגנטלעך אַ געפיל ניט פון מורא, נאָר פון העכסטן דרך־ארץ אָדער פון אַ געוואַלדיקן רעספּעקט. עס איז די באַציִונג פון אַן איבערגעגעבענעם תלמיד צו אַ גרויסן פירער און לערער. עס איז די באַציִונג פון דעם חסיד צו דעם גרויסן רבין, דעם צדיק. אָדער: שטעלט אייך פאָר, עס קומט זיך צונויף אַ קליינער קרייז פון פּשוטע פאָלקס־מענטשן, מען פאַרברענגט אויף אַ פריינטלעכן, היימישן אופן, מען שפּילט אין קאָרטן. מיט אַ מאָל קומט אַריין אַ גרויסע, וועלט־באַרימטע פּערזענלעכקייט — ווי אַלבערט איינשטיין, למשל — דער עולם וואָלט זיך זיכער פאַרלוירן, מען וואָלט די קאָרטן אַוודאי גלייך אַראָפּגענומען פון טיש און מען וואָלט געזוכט עפּעס אַ וועג ווי צו געפינען אַ גייסטיקע פאַרבינדונג מיט דער גרויסער פּערזענלעכקייט. איז עס מורא אין פּשוטן זין פון וואָרט? ניין! דאָס איז די העכסטע מדרגה פון רעספּעקט. דאָס איז יראת־הכבוד אָדער יראת־הרוממות. און מיט דעם רעספּעקט איז אויך פאַרבונדן דאָס געפיל פון ליבע, פון גאָר אַ סך ליבע.

עס איז אַ ווייט־פאַרשפּרייטע מיינונג — יידישקייט איז צו שטרענג, יידישקייט שטעלט גרויסע פאָדערונגען צום מענטשן, יידישקייט האַלט זיך כסדר ביים דין, ביים געזעץ, דערפאַר ווייסן מיר ווייניקער וועגן ליבע. אַנטקעגן דעם — טענהן אָפּט די קעגנער פון יידישקייט — האָט דאָס קריסטנטום פּראָקלאַמירט די לערע פון ליבע, דאָס קריסטנטום האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די יידישע געזעצן, ווייל זי האָט געשטעלט אויפן ערשטן פּלאַץ די אידעע פון ליבע. פאַראַן ליידער אויך אַ צאָל יידן, וואָס לאָזן זיך פאַרפירן פון אָט־דער דורך פאַלשער קריסטלעכער פּראָפּאַגאַנדע.

עס איז אין אמתן גאַרניט אַזוי שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע. קרוב צוויי טויזנט יאָר קומט אונדז אויס צו לעבן אין אַ קריסטלעכער וועלט. מיר האָבן פאַר דער צייט גענוג אָפט געהאַט די געלעגנהייט צו זען די רעזולטאַטן פון אָט־דער כלומרשטער קריסטלעכער ליבע. מיר האָבן געזען ווייניק ליבע צו אונדז יידן און מיר האָבן אויך געזען ווייניק ליבע צווישן קריסטן און קריסטן.

ביז מיט עטלעכע צענדילק יאָר צוריק איז מערב־אייראָפּע געווען דער צענטער פון דער וועלט. אייראָפּע האָט געשאַפן אַ רייכע און מעכטיקע קולטור. אייראָפּע איז געווען די וועג־ווייזערין פאַר אַלע לענדער. זינט דורות און דורות איז אייראָפּע געווען קריסטלעך און זי האָט געטראָגן די לערע פון קריסטלע־כער ליבע איבער גאָר דער וועלט. אָבער אַט־די קריסטלעכע אייראָפּע האָט אירע אייגענע פּראָבלעמען ניט געקאָנט לעזן. די קריסטלעכע פעלקער האָבן ניט געקאָנט לעזן זייערע פּאָליטישע פּראָבלעמען און זיי האָבן אויך ניט גע־קאָנט לעזן זייערע סאָציאַלע פּראָבלעמען. די קריסטלעכע פעלקער אין אייראָפּע האָבן ניט געהאָט גענוג ליבע, כדי צו פאַרענטפערן זייערע אייגענע פּראָבלעמען.

אונדזערע יידישע רעליגיעזע דענקער האָבן געוווסט דעם אונטערשייד צווישן ליבע און געזעץ, צווישן דין און לפנים משורת הדין. פאַראַן אַ מאמר אין תלמוד: „ירושלים איז חרוב געוואָרן, ווייל זיי האָבן זיך געהאַלטן שטרענג ביים פּרינ־ציפּ פון דין (לא חרבה ירושלים אלא על שהעמידו דיניהם על דין תורה). די בעלי־התלמוד האָבן אויך געוווסט, אַז ס'זענען פאַראַן צייטן ווען אַ פּשרה איז וויכטיקער ווי אַ דין. אויפן פּסוק אין זכריה: „אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם" (אמת און משפט פון שלום טוט משפּטן אין אייערע טויערן). פרעגט דער תלמוד: אויב מען האַלט זיך שטרענג ביים דין, ווי קאָן דאַן זיין שלום? דער צד, וואָס האָט פאַרלוירן, וועט זיך דאָך פילן באַעוולט, און אויב שלום, ווי קאָן דען זיין דין? דאָס מיינט, ענטפערט דער תלמוד, אַז מען דאַרף זוכן אַ וועג צו אַ פּשרה, וואָס זאָל אָפּהיטן אי דעם פּרינציפּ פון שלום, אָבער אויך אויך דעם פּרינציפּ פון דין.

לאָמיר זיך קלאָר מאַכן: דער דין, דאָס געזעץ איז דער יסוד פון שלום, אויב עס איז דאָ אַ דין, קאָן אויך זיין לפנים משורת הדין, קאָן זיין יושר. אָבער נאָר ווען ס'איז דאָ אַ דין, ווען ס'זיינען דאָ קלאָרע געזעצן. ווען קיין דין איז ניטאָ, דאַן קאָן אויך ניט זיין קיין לפנים משורת הדין, דאַן איז עס ניט מער ווי אַנאַרכיע און הפקרות.

דין און שלום גייען צוזאַמען און דערפאַר זיינען אויך די טעג פון דין אין אַ טיפערן זין די טעג פון שלום און די טעג פון ליבע, דערפאַר איז אויך ראש השנה, דער יום־טוב פון ליבע און גערעכטיקייט.

איך האָב מורא ווען מען רעדט בלויז וועגן ליבע, וועגן ליבע אָן דער אידעע פון פליכט, פון געזעץ. אַזאַ ליבע קאָן אָפּט ברענגען מער שאָדן ווי נוצן.

ווען איר גיט אַ נדבה, ווען איר שענקט ליבע, האָט איר דאָס געפיל, אַז איר גיט אייערס, אַז איר זענט פריי. היינט גיט איר און מאָרגן ווילט איר ביט געבן. איר זענט דער בעל הבית; ווען אָבער איר טוט אייער פליכט, קאָנט איר זיך ניט באַרימען, איר האַלט זיך ביים דין. דער אמת איז, אַז עס פאָ־דערט זיך אַ העכערע מאָראַלישע מדרגה צו האַנדלען לויט די פּרינציפּן פון

גערעכטיקייט ווי סתם צו שענקען ליבע. דאָס איז די טיפערע סיבה פאַר וואָס אַפילו די מעשים פון ליבע און רחמנות ווערן ביי יידן באַצייכנט מיטן וואָרט צדקה (גערעכטיקייט), און פאַר וואָס די גרויסע העלדן פון ליבע און רחמנות ווערן ביי אונדז באַצייכנט ווי צדיקים (די גערעכטע). ווייל די העכסטע מדרגה פון ליבע איז גערעכטיקייט. ווען איר שענקט ליבע, זענט איר דער געבער, און דער שוואַכער, וואָס בויטיקט זיך אין ליבע, מוז אָנקומען צו אייער טובה. אָנדערש איז ווען איר האַנדלט לויט די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט. דאַן זענט איר גלייך מיט אייער חבר, ווייל אמתע גערעכטיקייט איז דער יסוד פון ברייךדערלעכקייט.

און דעריבער — שרעקט זיך ניט פאַרן יום־הדין און שרעקט זיך ניט פאַר די פאַרכטיקע טעג. דאָס זיינען ניט קיין טעג פון מורא, נאָר טעג פון דערהייבונג און טעג פון העכסטער שמחה. פאַראַן אַ תלמודישער מאמר: דער מנהג פון דער וועלט איז דאָך, אַז ווען אַ מענטש האָט אַ משפט, גייט ער אַרום טרויעריק און דערשלאָגן, ווער ווייסט וואָס דער טאָג פון משפט קאָן ברענגען, אָבער ניט אַזוי זיינען יידן. זיי טוען אָן זייערע יום־טובדיקע בגדים, זיי עסן יום־טובדיקע מאכלים און זיי פרייען זיך מיטן יום־טוב פון ראש השנה, ווייל זיי ווייסן, אַז זייער ריכטער איז ריכטער פון גאַר דער וועלט, דער טאַטע אין הימל.

און אויב איר ווילט פאַרשטיין וואָס עס מיינט מורא פאַר גאָט, טראַכט זיך אַ ביסל טיפער אַריין אין דער תפילה פון **ובכן תן פחדך**... „און דערפאַר, גאָט, אונדזער גאָט, גיב דיין פחד איבער גאָר דיין ווערק און דיין מורא איבער אַלע דיינע באַשעפעניש, און זאָלן זיך פאַרכטן פאַר דיר אַלץ, וואָס דו האָסט געשאַפן, און זאָלן זיך בוקן פאַר דיר אַלע דיינע ברואים, און זאָלן זיי אַלע ווערן איין בונד צו טאָן דיין ווילן מיטן גאַנצן האַרצן" (**ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם**).

עס איז גענוג קלאָר: עס האַנדלט זיך דאָ ניט סתם וועגן מורא. דער דיכטער פון אָט דער ווונדערלעכער תפילה זאָגט דאָך בפירוש: אַלע זאָלן ווערן איין בונד צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן, בלבב שלם. דאָס איז, ווי מיר זעען, גאָר אָן אַנדער מורא. עס איז די מורא, וואָס הייסט יראת הרוממות, עס איז די מורא פאַר דער געטלעכער מאַיעסטעט, עס איז די מורא פאַר גאָט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער ליבע צו גאָט. אַזוי זיינען די ימים נוראים, די פאַרכטיקע טעג, די טעג פון ליבע און גערעכטיקייט, די טעג פון אמת און מענטשלעכקייט.

# מלכות שמים

ראש השנה און יום כיפור זיינען די גרויסע סימבאָלן פון יידישקייט. אין די טעג דערפילט דער יידישער מענטש גאָר באַזונדערס זיין פאַרבונדנקייט מיטן כלל ישראל און מיטן יידישן גורל; אין די טעג פאַרטראַכט זיך דער ייד וועגן זיינע פליכטן צום כלל, וועגן זיין יידיש לעבן, וועגן דער דערציִונג פון זיינע קינדער און וועגן דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. די טעג פון יום־טוב און חשבון הנפש זיינען אַ גרויסע געשעעניש אין אונדזער יידיש לעבן, אין דעם לעבן פון דעם יחיד און אין דעם לעבן פונעם כלל.

ראש השנה איז דער יום־טוב פון מלכות שמים, דערפאַר פאַרנעמען די מלכויות־תפילות אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ אין דעם ראש השנהדיקן דאַווענען. מלכות שמים איז די אידעע פון אַ נייער וועלט, פון אַ גערעכטער וועלט, פון אַ וועלט פון שלום, ליבע און ברידערלעכקייט, עס איז אַ משיחישער אידעאַל, עס איז דער חלום פון „אחרית הימים" ווי מיר געפינען עס ביי דעם נביא ישעיה און ביי די אַנדערע נביאים. די יידישע דענקער האָבן אָבער פון תמיד אָן געגלייבט, אַז די פאַרווירקלעכונג פון דעם משיחישן אידעאַל ווענדט זיך אַ סך אין אונדז. מיר מענטשן קאָנען, אויב מיר זאָלן עס נאָר באמת ווילן, דערנענטערן די גאולה. וועגן אָט דעם טראַכטן מיר. אויף דער גאולה, אויפן אָנקומען פון מלכות שמים האָפן מיר באַזונדערס אין די טעג פון ראש השנה, ביים אָנהייב פון דעם נייעם יאָר.

אין וואָס באַשטייט דער יידישער אידעאַל פון מלכות שמים? די תפילות פון ראש השנה גיבן אונדז דערויף אַ קלאָרן ענטפער. ראש השנה בעט דער יידישער מענטש קודם כל פאַרן שלום און פאַרן גליק פון דער וועלט: אַלע פעלקער זאָלן ווערן איין בונד, אַלע זאָלן אָפּהיטן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן (ויעשו כלם אגדה אחת לעשות רצונך בלבב שלם). נאָך דייטלעכער ווערט די אידעע אַרויסגעבראַכט אין דער תפילה פון „עלינו", וואָס געהערט אויך צו די ראש־השנהדיקע מלכויות־תפילות: דאָ קומען די מתפללים פאַרן באַשעפער און האָר פון דער וועלט מיט דער בקשה מתקן צו זיין די וועלט מיט דער מלכות פון דעם אַלמעכטיקן, „אַלע באַשעפענישן זאָלן רופן אין דיין נאָמען און עס זאָלן זיך ווענדן צו דיר די רשעים פון דער וועלט" (לתקן עולם במלכות שדי וכל בני בשר יקראו בשמך להפנות אליך כל רשעי ארץ).

עס איז באַזונדערס וויכטיק צו האָבן אין זינען: עס רעדט זיך דאָ ניט וועגן דער פאַרניכטונג פון די רשעים, נאָר וועגן דעם, אַז די רשעים זאָלן תשובה טאָן, זיי זאָלן זיך אומקערן צוריק צו גאָט. און עס האַנדלט זיך דאָ ניט נאָר וועגן תשובה פאַר יידישע רשעים, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, אַלע זאָלן אָננעמען דעם יאָך פון גאָטס מלכות (ויקבלו כלם את עול מלכותך).

די אידעע פון מלכות־שמים איז, ווי מיר זעען, אַלגעמיין־מענטשלעך, אוני־ווערסאַל. געגוי דאָס זעלביקע ווערט קלאָר, ווען מיר לייענען די משיחישע נבואות אין תנ״ך. דער אידעאַל פון אייביקן שלום נעמט אַרום, ווי מיר ווייסן, ניט נאָר די מענטשן, נאָר אַלע באַשעפענישן אויף גאָטס וועלט. אויך די חיות פון וואַלד וועלן פאַרלירן זייער בלוטדורשטיקייט און וועלן זיך פריינטלעך חברן מיט די פרידלעכע בהמות פון די פעלדער, אַ וואָלף און אַ שעפעלע וועלן זיך פיטערן צוזאַמען אין די טעג פון אחרית הימים. דאָס איז די יידישע אידעע פון מלכות שמים, דער יידישער אידעאַל פון אַ גערעכ־טער וועלט.

פאַרגלייכן מיר מיט דעם די אידעאַלע מלוכות פון דעם גרויסן גריכישן דענ־קער פּלאַטאָן, ווי ער האָט עס אַזוי אויספירלעך באַשריבן אין זיין „רעפּובליק״, דאַן וואַרפט זיך דער אונטערשייד ממש אין די אויגן. פּלאַטאָן האָט זיך ניט גע־קאָנט באַפרייען פון דער באַגרענעצטקייט פון דער גריכישער וועלט און ער האָט ניט באַוויזן צו דערגיין צום אידעאַל פון אוניווערסאַליזם. זיין אידעאַלע רעפּובליק איז אַ גריכישע רעפּובליק. די פרעמדע פעלקער בלייבן אַ וועלט פאַר זיך. דערפאַר קאָן דאָ אויך ניט זיין קיין רייד וועגן אייביקן שלום און די מיליטערישע קאַסטע, די מלחמה־לייט, בילדן דעם הערשנדיקן קלאַס אין דער אוטאָפּישער מלוכה פון דעם גרויסן גריכישן דענקער.

די אידעע פון מלכות שמים איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון מענטשלעכער פרייהייט. די יידישע דענקער האָבן זיך אַ סך געראַנגלט מיטן פּראָבלעם פון „צדיק ורע לו רשע וטוב לו״ — פאַר וואָס איז אָפט דעם רשע גוט אויף דער וועלט און דעם צדיק איז שלעכט. באַטראַכט מען די וועלט ווי זי איז, איז שווער זיך צו באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז די וועלט איז טאַקע הפקר, „לית דין ולית דיין״, ניטאָ קיין ריכטער און ניטאָ קיין גערעכטיקייט. די נביאים האָבן דעם אויספיר ניט געוואָלט און ניט געקאָנט אָננעמען. זיי האָבן פון דער אַנדערער זייט אויך ניט געקאָנט אָננעמען די הערשנדיקע מיינונג ביי די אַלטע פעלקער, אַז די וועלט, ווי זי איז, איז די בעסטע וועלט, די אידעאַלע וועלט. עס וואָלט אויסגעקומען, אַז די גליקלעכע זיינען די געבענטשטע פון גאָט און די אומ־גליקלעכע און ליידנדיקע זיינען די פון גאָט געשטראָפטע. דאָס איז אייגנטלעך געווען די הערשנדיקע מיינונג אין דער אַלטער וועלט, און זאָל עס אונדז צו קיין גנאי ניט זיין, איז עס דאָך אויך אַ גאַנץ פאַרשפּרייטע מיינונג אין אונדזער צייט. די וועלט האָט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר הצלחה און ס'איז ניט קיין גרויסער כבוד צו זיין אַ שלים־מזל. מיט דער פּראָבלעם פון אומשולדיק ליידן ראַנגלט זיך דער גרויסער דיכטער פון ספר איוב. טענהן דאָך די גרויסע וועלט־חכמים, וועלכע זיינען געקומען טרייסטן דעם אומגליקלעכן איוב: דו לייסט אַזוי פיל יסורים, זאָגן זיי צו אים, מן הסתם האָט דיך גאָט געשטראָפט פאַר דיינע זינד. ווי קאָן עס דען זיין אַנדערש? דער דיכטער פון ספר איוב איז מיט

דעם ניט מסכים. ער ווייסט, אַז גאָט איז אַ גערעכטער גאָט, ער ווייסט אָבער אויך, אַז די וועלט איז פול מיט אומגערעכטיקייט און אַז דער אומגליקלעכער איוב ליידט אומשולדיק. דערפון די וויכוחים מיטן ריכטער פון דער וועלט סיי אין ספר איוב און סיי ביי די נביאים.

די יידישע דענקער האָבן בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די ליידנדיקע זיינען די פון גאָט־געשטראָפטע, די זינדיקע. מיט אַלע זייערע כוחות פירן זיי די גרויסע אידעישע מלחמה פאַר דער רעהאַבי־ליטירונג פון די שוואַכע. זיי גלייבן אין גאָט, דעם באַשעפער פון דער וועלט און זיי גלייבן אויך אין דעם ענדגילטיקן נצחון פון גערעכטיקייט. דאָס איז דער אידעאַל פון משיחס צייטן, פון מלכות שמים.

דער באַשעפער פון דער וועלט האָט אונדז געגעבן אַ סך פרייהייט, לערנען אונדז די גרעסטע דענקער פון אונדזער פאָלק, און אויף אונדז האָט ער אַרויפ־געלייגט צו דערנענטערן די צייט פון מלכות שמים, אונדז איז די וועלט געגעבן געוואָרן און מיר האָבן דעם כוח צו שאַפן אַ בעסערע וועלט, צו ברענגען גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד.

אויף דער פראַגע, ווו איז גאָט? האָט אַ חסידישער דענקער אַ מאָל גע־ענטפערט: גאָט איז דאָרט ווו מען לאָזט אים אַריין. דאָס איז אויך דער ענטפער וואָס יידישע דענקער האָבן געגעבן וועגן דעם עניין פון מלכות שמים. עס ווענדט זיך אָן אונדז, אָן דעם מענטשן. מיר קאָנען האָבן שלום אויף דער וועלט, מיר קאָנען האָבן גאָטס קעניגרייך אויף דער וועלט. מיר דאַרפן עס וועלן מיטן גאַנצן האַרצן, מיט אַלע אונדזערע כוחות. עס פאָדערט זיך דערצו גרויסע אָנשטרענגונגען און קודם כל מוזן מיר אָנהייבן פון זיך. מיר מוזן ווערן נייע מענטשן, אויב מיר ווילן שאַפן אַ נייע וועלט. דאָס איז דער זין פון ראש השנה און יום כיפור, פון די טעג פון חשבון און תשובה.

## באַנייונג

די יידישע נביאים זיינען זיכער געווען די ערשטע גרויסע דענקער, וואָס האָבן מיט אַ קלאַסישער קלאַרקייט אַרויסגעבראַכט די אידעע פון אַ נייער וועלט און אַ נייעם מענטשן. „דען איך טו באַשאַפן" — רופט אויס דער נביא ישעיה אין שליחות פון גאָט — „נייע הימלען און אַ נייע ערד" **„כי הנני בורא שמים חדשים וארץ חדשה**). אַלץ וואָס איז געווען וועט פאַרגעסן ווערן: די צרות, די זאָרגן, די אומגליקן און די אומגערעכטיקייטן פון דורות און דורות: נייע הימלען, אַ נייע ערד און אַ נייער מענטש!

די גאַנצע יידישע רעליגיעזע טראַדיציע איז דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון באַנייונג. די קלאַסישע גריכישע דענקער, ווי פּלאַטאָן און אַריס־טאָטעלעס, האָבן אין דער וועלט געזען מער דאָס סטאַבילע, דאָס פּאַרענדיקטע, דאָס אייביקע, וואָס ענדערט זיך קיין מאָל ניט. אויך דער רמב״ם איז נאָך טיילוויַיז געווען באַאיינפלוסט פון דער אַריסטאָטעלישער פילאָזאָפיע. אַנטקעגן דעם האָט די הערשנדיקע ריכטונג אין דעם יידישן געדאַנק באַזונדערס באַ־טאָנט די אידעע פון אַנטוויקלונג און באַנייונג. טאָג נאָך טאָג באַנייט דער באַשעפער די מעשה בראשית, ווי עס ווערט געזאָגט אין די טעגלעכע תפילות: „ובטובו מחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית״. מיט יעדן אויפגאַנג פון דער זון הייבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל אין דעם לעבן פון דעם מענטשן און אין דעם גאַנג פון דער וועלט.

אַוודאי איז עס ריכטיק — ווען עס הייבט זיך אָן אַ נײַ יאָר. דער אָנהייב פון יאָר איז אַן אָנזאָג פון אַ נײַער צייט. מיטן אָנהייב פון יאָר פאַרבינדט דער מענטש אַ סך האָפענונגען און דערוואַרטונגען. דער יידישער צוגאַנג איז אָבער, אַז יעדער איינצלנער קאָן מיטהעלפן צו דער באַנייונג פון דער וועלט. מיר קאָנען האָבן אַן אַנדערע וועלט, מיר קאָנען איבערבויען די וועלט, אויב נאָר מיר זאָלן עס וועלן. אויב נאָר מיר זאָלן פאַרשטיין די וויכטיקייט דערפון און מיר זאָלן זיך אָפּגעבן אַ חשבון וועגן אונדזערע פליכטן און אויפגאָבן.

איז עס בלויז אַ פראַגע פון פּאָליטישע און סאָציאַלע רעפאָרמען? איז עס מעגלעך דורך איינפירן אַ בעסערן סדר פון מלוכה־לעבן צו באַנייען די וועלט און באַנייען דעם מענטשן. פאַראַן אַ צאָל דענקער און פּאָליטישע פירער, וואָס גלייבן דערין. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז דאָס איז די פילאָזאָפיע פון די פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערן פון אַלע צייטן. די אידעע פון ראש השנה אָבער איז אין דעם פּרט גאָר אַן אַנדערע. אויך ראש השנה איז אין תוך גענומען אַ רעוואָלוציע, אָבער אַ רעוואָלוציע פון גאָר אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער.

די תפילות פון ראש השנה טיילן זיך איין אין דריי גרופּעס. זיי הייסן: מלכויות, זכרונות און שופרות. די מלכויות־תפילות זאָגן אונדז אַן גאָטס קעניג־רייך, ווען גאָט אַליין וועט איבערנעמען די פירונג פון דער וועלט. די זכרונות־תפילות דערמאָנען אונדז וועגן גאָטס־משפּט און די שופרות — פּראָקלאַמירן די אויסלייזונג פון דער וועלט. פאַרענדיקן טוט זיך דאָס אַלץ פאַרענדיקן מיט דער תפילה: „אונדזער גאָט און גאָט פון אונדזערע עלטערן, לאָז הערן דעם גרויסן שופר פון אונדזער פרייהייט און הייב אויף דעם צייכן אויף צונויפ־קלייבן אונדזערע פאַרטריבענע איבער גאָר דער וועלט!״ עס איז דער שופר פון משיח־צייט, אויף וועלכן דער יידישער מענטש וואַרט מיט אַזוי פיל מוט און אַזוי פיל גלויבן.

סימבאָליש פאַר ראש השנה און די ימים נוראים בכלל זיינען אָבער די מלכויות־תפילות. עס איז די אידעע פון גאָטס קעניגרייך, פון מלכות שמים.

אין די טעג פון משפט ווערט גאָט קעניג איבער דער וועלט, גאָט איז אַ פאָטער און גאָט איז אַ קעניג. אין די טעג פון תשובה ווערט אָבער מער באַטאָנט די אידעע פון גאָטס מלכות. ווערט דעריבער דאָס וואָרט „מלך", אָדער „המלך", אַזוי אָפט איבערגעחזרט און באַזונדערס אַרויסגעהויבן אין די ראש השנהדיקע תפילות. וואָס מיינט אָבער די אידעע פון מלכות שמים, איז עס ניט מער ווי אַ פּאָעטישע מליצה ?

ווען מיר באַקענען זיך נעענטער מיט דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, דאַן ווערט פאַר אונדז קלאָר, וואָס ס'האָבן די יידישע דענקער און דיכטער געמיינט מיט די ווערטער „מלכות שמים", און פאַר וואָס האָבן זיי זיך באַמיט אַזוי קלאָר אַרויסצוברענגען דעם אונטערשייד צווישן די מלוכות אויף דער ערד און דאָס קעניגרייך פון הימל.

יידן האָבן קיין מאָל ניט אַרויסגעוויזן צו פיל באַגייסטערונג פאַר פּאָליטיק, פאַר פּאָליטישן פּרעסטיזש און פּאָליטישע אַמביציעס. די יידישע העלדן זיינען ניט געווען די העלדן פון מלחמה, נאָר די העלדן פון אידעען. די נביאים האָבן פאַרנומען אַ מער חשובן פּלאַץ אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק ווי די מלכים. קיין גרויס גליק האָבן די יידן אַחוץ דעם מיט זייערע מלכים אויך ניט געהאַט. צו דעם קומט נאָך צו, וואָס בלויז פאַר אַ קורצן פּעריאָד האָבן יידן גענאָסן פון באמת פולער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט. זינט דער צייט פון גלות־בבל איז מלוכה פאַר יידן געווען אידענטיש מיטן באַגריף פון אַ פרעמדער מאַכט און אַ פרעמדער אויבערהערשאַפט. געווען זיינען עס די מלכים פון בבל, פון פערסיע, פון גריכנלאַנד און פון רוים, וועלכע האָבן געהערשט איבער דעם קליינעם לאַנד פון יהודה.

פאַר אַ קורצער צייט, אמת, האָבן די חשמונאים באַוויזן ווידער אויפצוריכטן די יידישע פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן און די פירשטן פון דער חשמונאים־משפּחה זיינען אַליין געווען טיילווייז שולדיק אין דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט. האָבן אונדזערע עלטערן דעריבער געווענדט זייערע אויגן צום הימל. זיי האָבן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט גלייבן, אַז מיט די מיטלען פון פּאָליטישער מאַכט וועט זיך לאָזן באַשאַפן אַ נייע וועלט. יידישע דענקער האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען דעם אייביקן קאָנפליקט צווישן מאַכט און גערעכטיקייט. זיינען מיר דאָך אויך היינט, אין אונדזער צייט, עדות פון אָט דעם אייביקן קאָנפליקט.

פּאָליטיק און מאָראַל זיינען אין אונדזער וועלט צוויי גאַנץ באַזונדערע זאַכן. איז דעריבער קלאָר, אַז ס'איז אוממעגלעך צו באַנייען די וועלט בלויז מיט די מעטאָדן פון פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע און פּאָליטישע קאָמבינאַציעס. אַ נייע וועלט בייטיקט זיך גאָר אין אַן אַנדער פּאָליטיק, אין דער אוטאָפּישער פּאָליטיק פון די נביאים, אין דעם פּאָליטישן חלום פון מלכות שמים.

ווי האָבן זיך די יידישע דענקער פאָרגעשטעלט די נייע וועלט, דאָס אָנקו־מען פון מלכות שמים? האָבן זיי עס זיך פאָרגעשטעלט אין דער פאָרעם פון אַ מעכטיקער יידישער אימפעריע, וואָס זאָל איבערנעמען די הערשאַפט איבער דער וועלט? די תפילות פון ראש השנה גיבן אונדז דערויף אַ קלאָרן ענטפער:

„און בכן" — זאָגן מיר אין די ימים נוראימדיקע תפילות — „גיב גאָט אונדזער גאָט דיין פחד איבער אַלע דיינע מעשים און דיין שרעק איבער אַלץ, וואָס דו האָסט באַשאַפן... און בוקן זאָלן זיך טאָן פאַר דיר אַלע דיינע באַשע־פעניש, און זיי זאָלן ווערן איין בונד צו טאָן דיין ווילן מיטן גאַנצן האַרצן" (ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם).

די מאַיעסטעטישע תפילה פון „ובכן תן פחדך" קאָן פאַרפירן נאַיווע מענטשן. בעטן דאָך יידן, אַז דער באַשעפער זאָל אַרויפוואַרפן זיין אימה איבער אַלע באַשעפענישן פון דער וועלט. ניט אומזיסט, ווען מן הסתם אייניקע טראַכטן, רופט מען די טעג פון ראש השנה און יום כיפור ימים נוראים, די פאַרכטיקע טעג. איז נייטיק זיך צו באַוואָפענען מיט אַ ביסעלע געדולד און לייענען די תפילה ווייטער. עס איז אָן אייגנאַרטיקע שרעק, עס איז אַ שרעק, וואָס זאָל ברענגען די מענטשן דערצו, זיי זאָלן ווערן איין בונד, איין וועלט, און אַלע זאָלן טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן, בלבב שלם.

עס איז ניט אַזוי שווער צו פאַרשטיין דעם אמתן זין פון דער תפילה. דאָ חלומט דער יידישער מענטש פון אַ צייט, ווען דאָס געוויסן פון דער וועלט וועט אויפגעוועקט ווערן, ווען אַלע פעלקער וועלן זיך אַרומזען, אַז זיי זיינען קינדער פון איין פאָטער, אַז איין גאָט האָט זיי באַשאַפן, דאַרפן זיי דעריבער אויך אַלע שאַפן איין בונד.

נאָך קלאָרער ווערט די אידעע פון מלכות שמים אַרויסגעבראַכט אין דער תפילה פון עלינו. אויך דאָ חלומט דער ייד דער צייט, ווען די וועלט וועט קריגן איר תיקון דורך גאָטס קעניגרייך (לתקן עולם במלכות שדי) „און אַלע באַשעפענישן וועלן רופן אין דיין נאָמען, עס זאָלן זיך ווידער ווענדן צו דיר די רשעים פון דער ערד". די רשעים זאָלן ווערן אַנדערע מענטשן, בעסערע מענטשן, דאָס איז די אידעע פון מלכות שמים. אַ וועלט פון גערעכ־טיקייט, אַ מלוכה פון גערעכטיקייט, דאָס איז דער חלום פון ראש השנה. וועגן דעם דאַרפן מענטשן כסדר טראַכטן, צו דעם דאַרפן מענטשן כסדר שטרעבן. עס איז דער יום־טוב פון אַ נייעם יאָר, עס איז די אידעע פון אַ נייער וועלט און אַ נייעם מענטשן.

# אתה בחרתנו

איז ראש השנה אַ יום־טוב? איז דער טאָג, ווען דער מענטש ווערט געשטעלט פאַרן ריכטער פון גאַר דער וועלט, אַ טאָג פון שמחה? די פראַגע באַגעגענען מיר שוין אין תלמוד: דער מנהג פון דער וועלט איז, ווערט אונדז דאָ געזאָגט, אַז ווען אַ מענטש שטייט פאַרן משפט, איז ער שטאַרק אומרויִק און גייט אַרום אַ פאַרטרויערטער, אָבער ניט אַזוי איז עס, ווען דאָס פאָלק ישראל גרייט זיך צום יום־הדין. בײַערט, זיי טוען־אָן זייערע יום־טובדיקע בגדים, זיי עסן, טרינקען און פרייען זיך, ווייל זיי ווייסן, אַז דער בורא, געלויבט זאָל זײַן זײַן נאָמען, טוט מיט זיי ניסים.

די פאַרכטיקע טעג, די ימים נוראים, ווי ראש השנה און יום כיפור הייסן, זיינען יום־טובדיקע טעג, און דאָס נעמט זיך דווקא דערפון, וואָס יידן האָבן טיף געגלייבט אין דעם יום־הדין, אין דעם טאָג פון משפט. מיר זיינען תמיד געוועזן אַ קליין פאָלק. אַפילו אין די צייטן פון דוד און שלמה איז די מלוכה פון ישראל נאָך געוועזן גאַנץ ווייט פון צו זײַן אַ וועלטמאַכט. צו דעם קומט נאָך צו, וואָס די בעסטע דענקער פון אונדזער פאָלק האָבן תמיד געהאַט אין זינען אין דער ערשטער שורה די שוואַכע, די אָרעמע און די הילפלאָזע. האָבן זיי דעריבער באַין אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט אַ וועלט פון לית דין ולית דיין, ווו ס'איז ניטאָ קיין געזעץ און ס'איז ניטאָ קיין ריכטער. אַ וועלט אָן געזעצן, אַ וועלט אָן אַ העכסטן ריכטער, איז דאָך אַ וועלט פון הפקרות, אַ וועלט ווו דער שטאַרקערער שלינגט־איין דעם שוואַכערן. איז דערפאַר דער טאָג פון דין, ווען גאָט זעצט זיך אויף זײַן ריכטער־שטול צו משפטן די וועלט, פאַר די שוואַכע און באַעוולטע מערער אַ טאָג פון האָפענונג ווי אַ טאָג פון מורא.

מען האָט צו אונדז אָפט געהאַט טענות: די יידישע תורה איז אַזוי שטרענג, נאָר דין און דין. בין איך זיך מודה, אַז ווען איך קוק זיך צו אַ ביסל נענטער צו דעם קריסטלעכן וועג פון „רחמנות" און וווהין אָט־דער וועג האָט אונדז פאַרפירט, בין איך שטאָלץ מיטן יידישן דין. דער אמת אָבער איז, אַז די יידישע טראַדיציע האָט אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז אַחוץ דעם פרינציפּ פון דין (מידת הדין) איז נאָך נייטיק דער פרינציפּ פון רחמים (מידת הרחמים). גאָט אַליין ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען אב הרחמים, דער פאָטער פון רחמנות, אָדער גאָר רחמנא, דערבאַרעמדיקער. דין אַליין איז ניט אַלץ, אָבער אָן דער אידעע פון אייביקע געזעצן און אַ העכסטן געריכט, פאַר וועמען מיר אַלע זיינען מחוייב פון צייט צו צייט אָפּצוגעבן אַ חשבון פאַר אונדזערע מעשים, קאָן די וועלט קיין קיום ניט האָבן. פאַרלאָזט זיך ניט בלויז אויף מענטש־לעכער רחמנות! דער מענטש מוז אויך וויסן, אַז די וועלט איז ניט הפקר!

ראש השנה איז דערפאַר אַ סך מער ווי אַ טאָג פון משפט, עס איז אַ טאָג פון האָפענונג, אַ טאָג פון גלויבן אין אַ נייער וועלט, אין אַ גערעכטערער וועלט, וואָס וועט און מוז קומען. ראש השנה איז דער טאָג פון גאָטס מלכות אויף דער ערד, ווען מיר פּרוּוון זיך באַפרייען, לכל הפּחות אינערלעך, אין אונדזער האַרצן, פון מלכות פון זינד און רשעות, וואָס האָט פאַרכאַפּט אונדזער וועלט, איז ממילא פאַר אונדז דער באַשעפער פון דער וועלט ניט נאָר אַ קעניג, נאָר קודם־כל — דער פאָטער פון זיינע בעשעפענישן. קומען יידן אין דעם יום הדין פאַר „אונדזער פאָטער און אונדזער קעניג — אָבינו מלכנו", ווייל די וועלט נייטיקט זיך אי אין דער מידה פון דין און אי אין דער מידה פון פאָטערלעכער ליבע, פון מידת הרחמים.

די אידעע פון מלכות שמים איז דער צענטראַלער מאָטיוו אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור. אַ טייל פון די ראש השנהדיקע תפילות הייסן דערפאַר מלכויות, ווייל אין זיי ווערט פּראָקלאַמירט גאָטס הערשאַפט איבער דער וועלט, די הערשאַפט פון אמת און גערעכטיקייט.

די טיפערע און אַלגעמיין מענטשלעכע באַדייטונג פון דער אידעע פון מלכות שמים ווערט אונדז קלאָר, ווען מיר באַקענען זיך אַ ביסל נענטער מיטן אינ־האַלט פון די ראש השנהדיקע תפילות. מיר וועלן דאָן פאַרשטיין, אַז אויך דער באַגריף פון מורא פאַר גאָט, פון יראת שמים, וואָס פאַרנעמט אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ אין יידישן געדאַנק, האָט אַ סך אַ טיפערן זין. עס איז קודם־כל וויכטיק צו געדענקען, אַז אין דעם טאָג פון יום הדין טראַכט דער יידישער מענטש ניט נאָר וועגן זיין פאָלק. ער ווייסט, אַז אויסגעלייזט ווערן מוז די גאַנצע וועלט, הייבט ער דערפאַר אָן דעם סדר פון ראש השנה מיט דער תפילה פון ובכן תן פחדך:

> און דעריבער בעטן מיר דיך, גאָט אונדזער גאָט, גיב דיין פחד אויף אַלע דיינע מעשים, און דיין פאָרכט איבער אַלע דיינע באַ־שעפענישן; עס זאָל פאַר דיר מורא האָבן גאָר די וועלט, און עס זאָלן זיך צו דיר בוקן אַלע ברואים. און זיי זאָלן אַלע ווערן איין בונד צו טאָן דיין ווילן מיטן גאַנצן האַרצן **ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם**).

ניט אויס מורא זאָל די גאַנצע וועלט דינען דעם איין־און־איינציקן גאָט, נאָר מיטן גאַנצן האַרצן, בלבב שלם. די ווערטער יראת שמים, מורא פאַר גאָט, אָדער דער פחד פון גאָט, האָבן, ווי מיר זעען דאָ, גאָר אַן אַנדער באַדייטונג. עס איז דער באַגריף פון יראת־הכבוד, פון דעם מאַיעסטעטישן דרך־ארץ און רעס־פּעקט פאַרן ריכטער פון דער וועלט, פאַרן געוויסן פון דער וועלט. אַזאַ געפיל פון מורא באַגעגענען מיר דאָך אויך, ווי מיר ווייסן זייער ווויל, אין באַציִונגען

צווישן מענטשן. מורא פאַר טאַטע־מאַמע איז ניט אַלע מאָל בלויז פּיזישע מורא. גראַד פאַרקערט: אין דעם רוב פאַלן איז עס אַ מאָראַלישע מורא, אַ געפיל פון שולדיקייט. פונקט אַזוי האָבן מיר אָפט „מורא" פאַר אַ גרויסער מאָראַלישער פעראַנטוואָרטלעכקייט, צו וועמען מיר באַציִען זיך מיט רעספּעקט.

עס איז דעריבער אויך אַ טעות, ווען מען באַשולדיקט אונדז אין איבערגע־טריבענער נאַציאָנאַלער גאווה. והא ראַיה, טענהט מען צו אונדז, מיר רופן זיך דאָך אַליין דאָס אויסדערוויילטע פאָלק. אַפילו אין די תפילות פון ראש השנה פאַרגעסן מיר ניט צו דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אונדז אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער (אתה בחרתנו מכל העמים).

וויל איך אַוודאי דעם עצם פאַקט פון יידישן אתה בחרתנו־גלויבן לחלוטין ניט לייקענען. איך וויל נאָך אַפילו צוגעבן, אַז צו די ראש השנהדיקע מלכויות־תפילות געהערט אויך די באַקאַנטע תפילה עלינו לשבח לאדון הכל, ווו דער ייד דאַנקט דעם באַשעפער פון דער וועלט, וואָס מיר זיינען אויסגעטיילט געוואָרן פון אַלע פעלקער אויף דער ערד, שלא שם חלקנו כהם וגורלנו ככל המונם. קאָן דען געמאָלט זיין אַ העכערע מדרגה פון נאַציאָנאַלער גאווה? פאַרשטיי איך די טענה, און דאָך איז זי ניט אין גאַנצן קיין גערעכטע.

די שאַרפסטע קריטיקער פון דעם יידישן אתה בחרתנו־גלויבן פאַרגעסן דער־ביי דעם וויכטיקן פונקט, אַז מען מוז לייענען אַ טעקסט ביז צום סוף. עס באַקומט זיך גאָר אַן אַנדער בילד, ווען מען לייענט אויך די צווייטע העלפט פון דער תפילה, וועלכע הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „ועל כן נקוה לך...":

> און דאַרום טוען מיר האָפן צו דיר, גאָט אונדזער גאָט, צו זען גאָר גיך די פּראַכט פון דיין מאַיעסטעט; די אָפּגעטער זאָלן פאַרשווינדן פון דער ערד און די געצן זאָלן פאַרשניטן ווערן; די וועלט זאָל אויפגעריכט ווערן מיט דעם קעניגרייך פון דעם אַלמעכטיקן, און אַלע מענטשן זאָלן רופן אין דיין נאָמען. עס זאָלן זיך אומקערן צוריק צו דיר אַלע רשעים פון דער וועלט... און אַלע זאָלן אָננעמען דעם יאָך פון דיין מלכות... וואָרים דאָס קעניגרייך איז דיינס און פאַר אייביק וועסטו קיניגן אין דיין מאַיעסטעט.

דער הייליקסטער ווונטש פון דעם יידישן מענטשן איז: עס זאָל נעמען אַ סוף צו אונדזער אויסדערוויילטקייט. מיר ווילן ניט בלייבן אויף אייביק דאָס פאָלק פון „אתה בחרתנו". גראַד פאַרקערט: גאָטס מלכות זאָל רוען איבער אַלע פעל־קער און אַלע רשעים אויף דער וועלט זאָלן זיך ווידער אומקערן צו גאָט. ווי עס שטייט געשריבן: „און גאָט וועט ווערן אַ קעניג איבער דער וועלט, און אין יענעם טאָג וועט גאָט זיין איינער און זיין נאָמען איינער".

וואָס איז דער זין פון דעם יידישן אתה בחרתנו־גלויבן? עס איז די אידעע פון אַ גרויסער היסטאָרישער שליחות. אין אַ וועלט, וואָס איז געווען באַהערשט פון דעם גלויבן אין מאַכט און אין דעם כוח פון בלינדן צופאַל; אין אַ וועלט ווו מען איז געפאַלן כורעים פאַר יעדן אָפּגאָט, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ ביסל הצלחה, אין אָט דער וועלט פון געזעצלאָזיקייט און הפקרות האָבן די יידישע נביאים צום ערשטן מאָל פּראָקלאַמירט די אידעע פון אַ וועלט־געזעץ, פון אייביקע מאָראַלישע פּרינציפּן.

זיינען די נביאים געקומען צום פאָלק מיט זייערע העכערע פאָדערונגען. און מערקווערדיק — דאָס פאָלק האָט זיך גאָרניט געיאָגט צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאָטס קעניגרייך, פון מלכות שמים. זיי האָבן דווקא געוואָלט זיין אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער. נאָך אין דער צייט פון גלות זיינען די פאַרטריבענע פון יהודה געקומען צום נביא יחזקאל מיט דער טענה: מיר ווילן זיין ווי אַלע פעלקער, כדי מיר זאָלן קענען דינען די געטער פון האָלץ און שטיין (נהיה כגויים כמשפחות הארצות לשרת עץ ואבן). יידן האָבן מוחל געווען דעם כבוד און דעם יחוס פון זיין אַן אתה בחרתנו־פאָלק. דער יחוס האָט זיי צו פיל פאַרפליכטעט, דער יאָך פון אתה בחרתנו איז פאַר זיי צו־שווער געווען. אָבער די נביאים זיינען ניט מיד געוואָרן נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל צו פאַרלאַנגען, אַז מוסרן און צו וואָרענען. דער נביא עמוס האָט דעם זין פון דער יידישער אתה בחרתנו־אידעע קלאָר פאָרמולירט: נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע פעלקער אויף דער ערד, דעריבער וועל איך אייך דערמאָנען אַלע אייערע זינד (רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה, על כן אפקד עליכם את כל עונותיכם). מיר זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פון גאָט ניט פאַר פּריווילעגיעס, ניט כדי אונדז צו באַפרייען פון פליכטן, נאָר גראָד פאַרקערט, כדי צו נעמען אויף זיך אַ שווערן יאָך, אַ יאָך פון תורה, אַ יאָך פון מצוות און דעם יאָך פון מלכות שמים.

האָבן מיר דערפאַר אין לויף פון דורות און דורות כסדר געהאַט טענות צום רבונו של עולם, כסדר האָבן מיר געשטעלט די פראַגע: וואָס ווילסטו פון דיין פאָלק ישראל? וואָס האָסטו צו דיין פאָלק ישראל? קיין ענטפער האָט אָפּילו אונדזער גרויסער מליץ־יושר ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער ניט געקראָגן. מיר האָבן פון דעסטוועגן געדולדיק אויף זיך געטראָגן דעם יאָך, וואָס די געשיכטע האָט אויף אונדז אָרויפגעלייגט.

גערודפט און געיאָגט, פאַראַכטעט פון דער וועלט און פאַרלאָזן פון גורל, ווי וואָלטן מיר דען געקאָנט עקזיסטירן אָן דעם טיפן גלויבן, אַז מיר טראָגן מיט זיך אַ גרויסע אידעע, די אידעע פון אמת און גערעכטיקייט, די אידעע פון מלכות שמים. זיינען דעריבער פאַר אונדז די ימים נוראים קיין מאָל ניט געווען בלויז טעג פון פאַרכט. ניין, גראָד אין די טעג פון משפט איז אונדזער גלויבן אין גאולה געוואָרן נאָך פעסטער, נאָך זיכערער.

און מיר האָבן זיך אויך ניט וואָס צו שעמען מיט אונדזער אתה בחרתנו־גלויבן. אויב אַ פֿאָלק, וואָס האָט אַזוי פֿיל געליטן, וואָס האָט אַזוי פֿיל אַריבער־געטראָגן, קאָן אין דעם טאָג פֿון יום הדין קומען פֿאַרן ריכטער פֿון דער וועלט מיט דער תּפֿילה — אַז די רשעים זאָלן ווידער ווערן ערלעכע מענטשן, אַז אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד זאָלן מיטן גאַנצן האַרצן דינען גאָט, כּדי מתקן צו זיין די וועלט מיט גאָטס מלכות (לתקן עולם במלכות שדי); און ס'איז ניטאָ אין די מלכויות־תּפֿילות פֿון ראש השנה קיין סימן פֿון שנאה, קיין וואָרט פֿון נקמה; אויב דאָס איז דער גייסט פֿון יידישן אתה בחרתנו, האָבן מיר זיך ניט מיט וואָס צו שעמען.

ראש השנה איז דער יום־טוב פֿון אַ גרויסער אידעע, פֿון דער אידעע, וואָס איז אויך נאָך היינט אונדזער חלום און אונדזער האָפֿענונג. די וועלט בייטיקט זיך אין דין ניט ווייניקער ווי אין רחמים. די וועלט בייטיקט זיך אין חשבון. זאָלן אויך די שטאַרקע פֿון דער ערד וויסן, אַז זיי זיינען ניט די לעצטע ריכטער. די וועלט איז ניט הפקר, פֿריִער אָדער שפּעטער וועט דער יום הדין קומען. דער יום הדין, וואָס וועט אונדז ברענגען דעם אָנהייב פֿון אַ נייער וועלט, דעם אָנהייב פֿון מלכות שמים.

און ביז יענעם טאָג מוזן מיר לעבן מיטן גלויבן, מוזן מיר אַלץ טאָן, כּדי צו דערנענטערן די גרויסע ווענדונג. די פּראַקטיקע טעג, די טעג פֿון ראש השנה און יום כּיפּור, ווען מיר באַטראַכטן אונדזער אייגענעם חשבון און דעם חשבון פֿון דער וועלט, העלפֿן אונדז בעסער צו פֿאַרשטיין די שליחות פֿון דעם מענטשן און דעם זין פֿון דער יידישער אתה בחרתנו־אידעע. עס איז אַן אידעע פֿון גרויסע פֿליכטן און פֿון גרויסע האָפֿענונגען.

## די מורא און די פֿרייד

דער יום־טובדיקער כאַראַקטער פֿון ראש השנה ווערט באַזונדערס שטאַרק באַטאָנט אין ספֿר נחמיה. נאָך דעם ווי עזרא איז געקומען צוריק פֿון גלות בבל, ווערט אונדז דערציילט, האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿון יהודה זיך פֿאַרזאַמלט אין ירושלים און זיי האָבן פֿאַרלאַנגט, מען זאָל פֿאַר זיי לייענען די תּורה. דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל איז נאָך דעמאָלט געווען קליין און אָרעם. ערשט ניט לאַנג האָט נחמיה באַפֿעסטיקט די שטאָט ירושלים, און דאָס איז אָנגעקומען ניט אַזוי גרינג צוליב די שונאים, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דאָס לאַנד פֿון יהודה. איצט, ווען די באַפֿעלקערונג האָט זיך געפֿילט אַ ביסל זיכערער, איז גע־קומען די צייט צו זאָרגן פֿאַר די גייסטיקע באַדערפֿענישן פֿון די צוריקגעקומענע. אין ערשטן טאָג פֿון חודש תּשרי האָט עזרא געלייענט די תּורה פֿאַרן פֿאַרזאַמלטן

פאַלק אויף אַן אָפענעם פּלאַץ אין ירושלים. דאָס פאָלק איז געווען טיף גערירט און אַלע האָבן זיך צעוויינט „ווען זיי האָבן געהערט די ווערטער פון דער תורה". דעמאָלט האָט עזרא צו זיי געזאָגט:

„דער היינטיקער טאָג איז אַ הייליקער טאָג פאַר גאָט. איר זאָלט ניט טרויערן און ניט וויינען... גייט אַהיים, עסט גוטע שפּייזן און טרינקט זיסע געטראַנקען, און שיקט מתנות צו די, וואָס האָבן ניט אָנגעגרייט, וואָרים הייליק איז דער טאָג צו אונדזער גאָט; און איר זאָלט זיך ניט מצער זיין, וואָרים די פרייד פון גאָט איז אייער שטאַרקייט (כי חדות ה׳ היא מעוזכם)".

ראש השנה איז אַ יום־טוב ניט פון מורא, נאָר פון פרייד, ווייל אין דער געטלעכער פרייד ליגט אונדזער קראַפט. און דאָך ווערן ראש השנה און יום כיפור באַצייכנט ווי די ימים נוראים, די טעג פון פאַרכט, די טעג פון מורא פאַר גאָט!

דער אמת איז, אַז עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ טיפער אונטערשייד צווישן דער מורא פאַר גאָט און דער פרייד פון גאָט. מורא פאַר גאָט, יראת ה׳ אָדער יראת שמים, האָט גאָר אַן אַנדער באַדייטונג ווי מורא פאַר מענטשן. מיטן וואָרט יראת שמים באַצייכנט די יידישע טראַדיציע אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער מענטשלעכער מאָראַל, מיט אונדזער געוויסן. אויך היינט נאָך זאָגן מיר אויף אַן אוממאָראַלישן און געוויסנלאָזן מענטשן, אַז ער האָט ניט גאָט אין האַרצן. דאָס זעלביקע האָט שוין מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק געזאָגט אונדזער פאָטער אברהם: „איך האָב געטראַכט, פאַרוואָר, עס איז ניטאָ קיין מורא פאַר גאָט אין דעם פּלאַץ, און זיי וועלן מיך הרגענען פון וועגן מיין ווייב" (**כי אמרתי רק אין יראת השם במקום הזה והרגוני על דבר אשתי**). ווי קאָן דען אַ מענטש, און נאָך אַ פרעמדער דערצו, לעבן רויק און זיכער אין אַ לאַנד, וווּ עס איז ניטאָ קיין מורא פאַר גאָט?

וואָס ווייניקער מורא פאַר גאָט, אַלץ מער מורא פאַר מענטשן, וואָרים ווי איז דען מעגלעך רעספּעקט און ליבע צום מענטשן אין אַ גאָטלאָזער וועלט? און נאָר אין אַ וועלט, וווּ עס איז דאָ מורא פאַר גאָט, קאָן דער מענטש לעבן זיכער און פריי. זיינען דערפאַר פאַר אונדז די ימים נוראים, די טעג פון געטלעכער מורא, דער סימבאָל פון מענטשלעכער פרייהייט און געטלעכער שמחה, ווייל אין דער מורא פאַר גאָט און אין דער פרייד פון גאָט ליגט אונדזער קראַפט.

אָבער אפשר קאָנען מיר זיך שוין היינט באַגיין אָן דער מורא פאַר גאָט און אָן דער מורא פאַר מענטשן? אפשר איז געקומען די צייט, ווען מיר קאָנען זיך שוין פאַרגינען דעם לוקסוס צו באַפרייען דעם מענטשן פון אַלע מוראס, געטלעכע און מענטשלעכע? מיר נייטיקן זיך ניט מער — טענהן אַ סך — ניט אין דער פרייד פון גאָט און ניט אין דער מורא פאַר גאָט. עס איז געקומען די

צייט, ווען מען קאָן אויסרופן פאַר דער וועלט דעם נייעם גלויבן, דעם גלויבן אין מענטשן!

נאָך גאָר ניט לאַנג, קוים מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, האָט די אידעע וועגן דעם נייעם גלויבן, דעם גלויבן אין מענטשן, אויסגעזען זייער שכלדיק. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אַ גרונד צו גלייבן אין דער נאַטירלעכער גוטסקייט, אין דער מענטשלעכער גוטסקייט, אין דער מענטשלעכקייט, אין מענטשן. האָבן אַ סך פון אונדז טאַקע אויפריכטיק געגלייבט, אַז עס איז מעגלעך מענטשלעכקייט אָן געטלעכקייט. זיינען אָבער געקומען די טרויעריקע דערפאַרונגען פון די לעצטע מלחמות און רעוואָלוציעס, פון פאַשיזם און נאַציזם, פון קאָמוניזם און ברוטאַלער דיקטאַטור, און מיר האָבן זיך דערשראָקן פאַרן מענטשן, מיר האָבן געקראָגן מורא פאַר מענטשן. עס האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן די חיה אין מענטשן אין איר נאַקעטער גרויזאַמקייט. זוכן מיר ווידער דעם וועג צום מענטשלעכן געוויסן, און מיר שטעלן זיך די פראַגע: איז מעגלעך מענטשלעכקייט אָן געטלעכקייט?

מורא האָבן פאַר גאָט איז גאָר ניט אַזאַ איינפאַכע זאַך. מענטשלעכקייט און מענטשלעך געוויסן קומט ניט פון זיך אַליין. מען מוז עס כסדר אין זיך דערציען, מען מוז כסדר וועגן דעם טראַכטן, און מען מוז זיך באַזונדערס היטן פאַר אַלע פרווון זיך אַליין צו פאַרענטפערן. עס איז ניטאָ קיין גרינגערע זאַך, ווי משפטן זיך אַליין לכף זכות.

די תלמודישע טראַדיציע האָט אויסגעצייכנט געוווסט וואָס יראת שמים מיינט און באַדייט פאַר אונדז. מורא פאַר גאָט, לערנט אונדז דער תלמוד, איז אויך ניט קיין מתנה פון גאָט: **הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים** — אַלץ ליגט אין גאָטס הענט, חוץ די מורא פאַר גאָט. געלט, געזונט און הצלחה איז געווייטלעך אַ גאָט־זאַך; איבער זיין געוויסן איז אָבער דער מענטש אַליין דער בעל־הבית.

איז עס אוודאי ניט אַזאַ גרינגע זאַך צו זיין איבער זיך אַליין דער בעל־הבית. דאָס איז נאָר מעגלעך, ווען מען פירט אַ לעבן מיט אַ חשבון, ווען דער מענטש וועגט זיינע מעשים אויפן וואָגשאָל פון זיין געוויסן. פאַר דעם צוועק זיינען געשאַפן געוואָרן די טעג פון חשבון, ראש השנה און יום כיפור.

ראש השנה איז דער יום הדין, ווען מיר שטעלן זיך פאַרן משפט פון דער געטלעכער השגחה און פון אונדזער אייגענעם געוויסן, ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז ניט אַלץ, וואָס מיר האָבן געטאָן אין משך פון יאָר, איז געווען ריכטיק און גערעכט. מיר זיינען ניט מער ווי מענטשן, און עס איז אַזוי מענטשלעך צו זינדיקן!

זיינען מיר אָבער טאַקע אַזוי זינדיק? איז עס ניט קיין איבערטרייבונג, ווען אַ פרומער ייד שלאָגט זיך על חטא און איז זיך מודה ומתודה אויף זינד, וואָס ער איז קיין מאָל ניט באַגאַנגען? צו וואָס זאָגן מיר אַזוי פיל אשמנו? וואָס האָבן מיר דען געטאָן?

מיר ייִדן זײַנען אַוודאי ניט זינדיקער ווי אַנדערע פֿעלקער, און דאָך איז פֿאַראַן אַ זין אין דעם מודה זײַן זיך אויף די אייגענע זינד. ווי וואָלט דען מעג־לעך געווען אַזוי פֿיל רשעות אויף דער וועלט, ווען יעדער איינצלנער פֿון אונדז וואָלט געווען אַ צדיק? מיר זײַנען אַלע שותּפֿים ניט נאָר אין דעם גורל, נאָר אויך אין די זינד פֿון דער וועלט, יעדערער פֿון אונדז אויף זײַן אופֿן. אָפֿט מאָל זײַנען עס קלייניקייטן, שיער ניט אומשולדיקע עבֿירהלעך. אין סך־הכּל אָבער איז דער רעזולטאַט אַ וועלט פֿון זינד.

זאָל דער איינצלנער דעריבער ניט טראַכטן, וואָס פֿאַר אַ באַדײַטונג קאָנען דען האָבן מײַנע מעשׂים פֿאַרן גורל פֿון דער וועלט? דאָס איז אַ טעות. די וועלט־געשיכטע איז אַ דעמאָקראַטיע. אַלץ, וואָס דער מענטש טוט, ווערט פֿאַר־רעכנט. אַלע זײַנע מעשׂים ווערן געציילט און געוווגן. יעדערער פֿון אונדז איז אַ שותּף צום גורל פֿון דער וועלט, און יעדערער פֿון אונדז דאַרף פֿון צײַט צו צײַט אָפּגעבן אַ חשבון פֿאַר גאָט און פֿאַר זײַן געוויסן.

עס פּאַסירט ניט זעלטן, אַז דער מענטש דערשרעקט זיך פֿאַר זײַן אייגענער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער וויל ניט קיין דעמאָקראַטיע, ער וויל ניט באַשטימען דעם גורל פֿון דער וועלט און ער וויל זיך ניט פֿאַרנעמען מיט אַזאַ ערנסטן פּראָבלעם ווי חשבון־הנפֿש. ער האָט מורא צו מאַכן חשבונות. די רעליגיעזע פֿיי־רער פֿון אונדזער פֿאָלק האָבן עס געוווסט, און זיי האָבן דעריבער ריכטיק באַטאָנט, אַז די טעג פֿון חשבון זײַנען אין דער זעלבער צײַט טעג פֿון געטלע־כער פֿרייד, ווײַל אין דער פֿרייד פֿון גאָט ליגט אונדזער קראַפֿט, (כּי חדות ה׳ היא מעוזכם).

עס איז אַ גרויס גליק און אַ גרויסע פֿרייד צו זײַן אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער מענטש. מיר קענען זינדיקן, מיר קענען אָבער אויך אַ סך גוטס טאָן. דער מענטש איז גרויס מיט דעם, האָט זיך אויסגעדריקט אַ באַקאַנטער מוסרניק, וואָס ער קען זינדיקן, וואָס ער האָט די מעגלעכקייט צו פֿאַלן, אָבער אויך צו שטײַגן. עס איז אָבער שווערער צו גיין באַרג אַרויף ווי באַרג אַראָפּ, דערפֿאַר בײַטיקן מיר זיך אין הילף, אין דער פֿרייד פֿון גאָט, וואָס גיט אונדז דעם כּוח מאָראַליש זיך אויפֿצוהייבן.

דאָס איז די אידעע פֿון ראש השנה, דעם יום־טובֿ פֿון נײַעם יאָר און נײַער וועלט: ווען די מורא פֿאַר גאָט און די פֿרייד פֿון גאָט העלפֿן צו שאַפֿן דעם נײַעם מענטשן. דאָס איז אויך דער זין פֿון דער תּפֿילה: אַ ריין האַרץ באַשאַף מיר, גאָט, און רעכטפֿאַרטיק געמיט באַנײַ אין מיר — **לב טהור ברא לי ה׳ ורוח נכון חדש בקרבי.**

# עבודה

דער יום־טוב פון ראש השנה איז אפשר דער וועלטלעכסטער, דער אַלגעמיין מענטשלעכסטער יום־טוב ביי יידן. בעת כמעט אַלע אַנדערע יום־טובים זיינען אויף דעם אָדער יענעם אופן פאַרבונדן מיט דער יידישער געשיכטע, ווי פסח, שבועות, סוכות, חנוכה, א. אַ. וו., איז ראש השנה אַ יום־טוב פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר אַלע באַשעפענישן אויף גאָטס ערד. און עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס יידן ציילן די יאָרן ניט לויט אַ באַשטימטער געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע, ווי למשל, די צייט פון יציאת מצרים, נאָר פון דער צייט, ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. אונדזערע מאָדערנע פאַרשטעלונגען וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט זיינען נאַטירלעך גאַנץ אַנדערע. דאָס פאַרמינערט אָבער אַבסאָלוט ניט דעם מאָראַלישן ווערט פון דער יידישער טראַדיציע. עס איז געגנוג אין דעם פּרט צו פאַרגלייכן דעם יידישן לוח מיטן קריסטלעכן קאַלענדאַר. פאַר די קריסטן הייבט זיך אָן די געשיכטע פון דער קולטור מיט דער געבורט פון קריסטוסן, ביי יידן אַנטקעגן דעם הייבט זי זיך אָן מיט דער באַשאַפונג פון דעם ערשטן מענטשן.

ראש השנה איז אַ טאָג פון משפט פאַרן איינצלנעם מענטשן, פאַרן יידישן פאָלק און פאַר גאָר דער וועלט. קומט דערפאַר דער ייד פאַרן טאַטן אין הימל אויסצובעטן אַ גוט יאָר פאַר זיך און פאַר זיין משפחה, אַ גאולה שלמה פאַרן פאָלק ישראל און גאָטס מלכות פאַר אַלע מענטשן אויף דער ערד.

דורך און דורך מענטשלעך אין לויטערסטן זין פון וואָרט זיינען די תפילות פון ראש השנה. אין דער תפילה האָט בכלל דער יידישער גייסט און די יידישע פּאָעזיע דערגרייכט איר העכסטע מדרגה. דאָס איז אויך ריכטיק פאַר די תפילות פון די ימים נוראים, פון ראש השנה און יום כיפור.

זיינע באַזונדערע ראש השנהדיקע תפילות הייבט אָן דער ייד מיט אַ בקשה פאַר דער וועלט, פאַר אַלע באַשעפענישן פון דער ערד: „זיי זאָלן אַלע ווערן איין בונד, צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן (וישתחוו לפניך כל הברואים ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם). ערשט נאָך דעם בעט דער יידישער מענטש אויך פאַר זיין אייגן פאָלק. און גראָד אָט די תפילה איז כאַראַקטעריסטיש. דאָס פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן, בעט ניט וועגן נקמה פון די יידישע שונאים און אונטערדריקער, אויך ניט וועגן נצחונות אין מלחמות. אונדזער אייינציקער ווונטש, מיט וועלכן מיר קומען אין דעם יום הדין פאַרן ריכטער פון דער וועלט, איז כבוד פאַר גאָטס פאָלק און פרייד פאַר גאָטס לאַנד (ובכן תן כבוד ה׳ לעמך... שמחה לארצך וששון לעירך).

אויך פאַר די ערלעכע און גערעכטע, וואָס זיי קומט אויס אַזוי פיל צו ליידן אויף דער וועלט, זיינען יידן מתפלל אין די טעג פון משפט. ניטאָ אָבער אין די תפילות קיין וואָרט וועגן שטראָף פאַר די רשעים. דער ייד בעט אַוודאי,

אַז דאָס רשעות, דאָס שלעכטס אויף דער וועלט זאָל פֿאַרשווינדן (וכל הרשעה כלה כעשן תכלה, כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ), עס זאָל נעמען אַ סוף צו דער הערשאַפֿט פֿון זינד און בייז אויף דער וועלט. יידן בעטן אָבער ניט וועגן דער פֿאַרניכטונג פֿון די רשעים.

אָט־די אידעע ווערט נאָך קלאָרער אַרויסגעבראַכט אין דער תפילה פֿון עלינו לשבח, וואָס איז אין דער אַלטער צייט געווען דער עיקר אַ תפילה פֿאַר ימים נוראים. אין דער תפילה פֿון עלינו בעטן יידן, „אַז די געצנדינער זאָלן פֿאַרשווינדן פֿון דער ערד און די אָפּגעטער זאָלן פֿאַרניכטעט ווערן, כדי מתקן צו זיין די וועלט מיט גאָטס קעניגרייך; אַלע באַשעפֿענישן זאָלן רופֿן אין גאָטס נאָמען, און אַלע רשעים אויף דער ערד זאָלן ווענדן זייער האַרץ צו גאָט" (להעביר גלולים מן הארץ והאלילים כרות יכרתון, לתקן עולם במלכות שדי וכל בני בשר יקראו בשמך להפנות אליך כל רשעי ארץ). ניט די רשעים, נאָר דאָס רשעות זאָל פֿאַרשווינדן. דאָס איז אונדזער תפילה און דאָס איז אונדזער האָפֿענונג.

אַזאַ שטרענגער קריטיקער פֿון זיין פֿאָלק ווי מענדעלע מוכר ספרים האָט געהאַלטן פֿאַר זיין חוב צו פֿאַרצייכענען פֿאַר קומענדיקע דורות דעם וווּנדער־לעכן גייסט פֿון די יידישע תפילות. אין זיין שלמה ר' חיימס ברענגט ער אונדז אַ תחינה צו ימים נוראים, ווו די יידישע מאַמע קומט צום רבונו של עולם אויס־בעטן אַ גוט יאָר פֿאַר איר מאַן, אירע קינדער און פֿאַר כלל ישראל. און די תחינה פֿאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„בזכות שלמה, וואָס האָט געבויט דאָס בית המקדש און תפילה געטאָן, ווען אַפֿילו נישט קיין ייד, אַ פֿרעמדער גאָר פֿון אַן אַנדער אומה, אַז ער וועט קומען אין בית המקדש אַריין און דיך בעטן, זאָל זיין געבעט אויף אָנגענומען ווערן — אין דעם זכות, רבונו של עולם, זאָל נישט פֿאַרשלאָסן ווערן דער טויער פֿון הימל פֿאַר מיין געבעט".

און מענדעלע גיט צו דעם צו: „אַ סך אַזעלכע ברענענדיקע געפֿילן, ריינע הערצלעכע ווערטער, הייסע טרערן... ליבשאַפֿט צו מענטשן, צו אַ גאַנצער וועלט מענטשן! און דאָס אַלצדינג ביי וועמען איז עס? ביי יידענעס, ביי פּראָס־טע יידענעס..."

די טעג פֿון ראש השנה זיינען מחמת דעם טעג פֿון אַ גרויסער וועלט־דראַמע. צוויי כוחות קעמפֿן פֿאַר דער הערשאַפֿט: דער שטן מיט זיינע מלאכי חבלה, וואָס ווילן איינהאַלטן די ממשלה פֿון רשעות, פֿון איין זייט, און די צדיקים, וואָס ווילן מאַכן אַ סוף צו דער ממשלה פֿון אומגערעכטיקייט, פֿון דער צווייטער זייט. די עבודה פֿון ראש השנה שפּיגלט אָפּ דעם גרויסן מאָראַלישן קאַמף צווישן די דאָזיקע כוחות פֿון גוטס און בייז.

עס איז אין אַ סך קהילות אַ פֿאַרשפּרייטער מנהג צו זאָגן ראש השנה דאָס קאַפּיטל כ"ד פֿון תהילים, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „גאָט געהערט

די ערד און אַלץ, וואָס אויף איר, די וועלט און אירע איינוווינער" (לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה). די אידעע, אַז די וועלט געהערט גאָט, איז פון תמיד אָן געווען אַ וויכטיקער פּרינציפּ פון יידישן גלויבן, דעריבער ווערט עס אַזוי שטאַרק באַטאָנט אין דעם טאָג פון גאָטס מלכות, אין די תפילות פון ראש השנה. אָבער נאָך וויכטיקער איז, וואָס דאָ ווערט ווייטער געזאָגט. דער דיכטער ווענדעט זיך צום פאָלק מיט די ווערטער: „ווער זאָל אַרויפשטייגן אויף גאָטס באַרג און ווער זאָל פאַרבלייבן אויף זיין הייליקן פּלאַץ? דער מענטש מיט אַ לויטערן האַרצן, וואָס היט אָפּ הייליק זיין וואָרט און שווערט ניט פאַלש" (מי יעלה בהר ה' ומי יקום במקום קדשו. נקי כפיים ובר לבב אשר לא נשא לשוא נפשו ולא נשבע למרמה).

קומען אין בית המקדש צום גרויסן טאָג פון גאָטס משפט קאָן מען נאָר מיט ריינע הענט און מיט אַ לויטערן האַרצן. צום נייעם יאָר מוז מען זיך באַמיִען צו ווערן אַ נייער מענטש, אויסערלעך און אויך מאָראַליש, ווייל נאָר באַנייטע מענטשן קענען פירן די מלחמה פאַר אַ באַנייטער וועלט.

אין תנ"ך און אין אַנדערע ספרים ווערט די מאָראַלישע רייניקונג און באַנייונג אָפט פאַרגליכן מיט דער קערפּערלעכער רייניקונג. דער מענטש וואַשט זיך פון זינד און רייניקט זיין האַרץ פון שלעכטע מחשבות. „וואַשט אייך, ריי־ניקט אייך, באַזייטיקט אייערע שלעכטע מעשים פון מיינע אויגן" רופט אויס דער נביא ישעיה. גענוי אַזעלכע אויסדרוקן פון מאָראַליש זיך רייניקן און אויסלייטערן געפינען מיר אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע שטעלן אין תנ"ך. דערפאַר איז דער מנהג פון טובלען זיך פון תמיד אָן געווען אַ סימבאָל פון מאָראַלישער באַנייונג. דורך אָפּטובלען זיך אין וואַסער ווערט דער מענטש סימבאָליש פריי פון זיינע זינד, ווערט ער אַ נייער מענטש. דאַרף מען דעריבער אויך ערב ראש השנה און ערב יום כיפור גיין זיך טובלען, כדי צו קומען ווי אַ באַנייטער מענטש פאַר גאָט ברוך הוא.

אויך דער מנהג פון תשליך, פון אַוועקוואַרפן די זינד אין די טיפענישן פון ים (ותשליך במצולות ים כל חטאתם), ברענגט דראַמאַטיש צום אויסדרוק די אידעע פון באַנייונג. די יידישע גייסטיקע פירער, וואָס האָבן די מנהגים אָנגענומען, זיינען, נאַטירלעך, ניט געווען אַזוי נאַאיוו צו גלייבן, אַז מיט דער צערעמאָניע פון תשליך ווערט מען באַפרייט פון די זינד. דאָס איז פאַר זיי געווען ניט מער ווי אַ דראַמאַטישער סימבאָל פון ערנסטער מאָראַלישער תשובה, און אַזוי האָבן עס אויך פאַרשטאַנען די פּשוטע פאָלקס־מענטשן.

אַ סימבאָל פון קאַמף קעגן די כוחות פון רשעות און זינד איז באַזונדערס געווען דאָס שופר־בלאָזן. אין דער יידישער טראַדיציאָנעלער ליטעראַטור געפינען מיר אָפט אויסדרוקן וועגן שופר־בלאָזן, פרעמדע פאַר דעם היינטיקן מענטשן. אין אַ סך ספרים ווערט גערעדט וועגן דעם ווי דער שטן ווערט צעטומלט און דערשראָקן, ווען ער דערהערט דעם קול פון שופר. אין חסידישע מעשיות ווערט

אַפּט דערציילט ווי דער שטן פּרוּווט צו שטערן דעם בעל־תוקע ביים בלאָזן שופר, און ווי גרויסע צדיקים האָבן מיט אים מלחמה געהאַלטן און האָבן אים גובר געווען. פאַראַן אַן אַלטע געשיכטע, ווי מען האָט אַמאָל גערופן איין בעל־תקיעה און ער האָט ניט געקאָנט בלאָזן שופר, אויך אַ צווייטער און אַ דריטער האָבן געפּרוּווט און זיי האָבן ניט געקאָנט, האָט דער רב געגעבן אַן עצה מען זאָל איבערדרייען דעם שופר און לייענען דעם פּסוק „ויהי נועם". די סגולה האָט געהאָלפן און דער בעל־תקיעה האָט דאַן געקאָנט בלאָזן שופר. מיטן פּסוק „ויהי נועם", מיינט די לעגענדע, האָט מען דעם שטן פאַרטריבן.

באַזונדערס באַליבט איז דער מאָטיוו פון מלחמה מיטן שטן אין דער געשיכטע פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. דער גרויסער חסידישער מנהיג פלעגט ראש השנה קומען אַרומגעגאַרטלט פול מיט שופרות אין בית מדרש. ער פלעגט דאַן אַרויסנעמען איין שופר פון גאַרטל, בלאָזן מיט אים און אַ וואַרף טאָן מיט כוח, און אַזוי איינעם נאָכן אַנדערן, און די חסידים פלעגן מורא האָבן צוגיין נאָענט צו אים.

אויך דאָס איז ניט געווען קיין נאַיִווער אַבערגלויבן, ווי אייניקע ווילן זיך דאָס פאָרשטעלן. ניין! דאָס האָט ר' לוי יצחק בערדיטשעווער געקעמפט פאַר דער באַניייונג פון דער וועלט און פאַרן שופר פון משיחן ווען אַלע באַשעפעניש אויף דער ערד וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות און פון דער ממשלה פון רשעות.

## דערמאָנונג און האָפענונג

אייגנאַרטיק ווי דער היסטאָרישער גורל פון אונדזער פאָלק, איז אויך דער יידישער געדאַנק. און ווי דאָס יידישע לעבן איז פול מיט קאָנטראַסטן און רייך אין געשעענישן, אַזוי פאַרשיידנאַרטיק און פילפאַרביק איז דער יידישער יום־טוב.

ראש השנה ווערט אין תנ"ך באַצייכנט ווי דער טאָג פון דערמאָנונג (יום הזכרון), דער טאָג פון בלאָזן שופר (יום תרועה). אויך איצט נאָך געהערט דאָס בלאָזן שופר צו די באַזונדערע סימנים פון ראש השנהדיקן דאַווענען. וואָס איז דער זין פון אָט־דער מערקווערדיקער צערעמאָניע פון שופר־בלאָזן? גראָד פאַר די לעצטע פאַר צענדליק יאָר איז אַ דאַנק די פאָרשונגען פון אַ ריי געלערנטע פאַר אונדז מער קלאָר געוואָרן דער זין און דער באַזונדערער כאַראַקטער פון דעם יום־טוב ראש השנה. די גאַנצע פייערלעכקייט פון ראש השנה שטייט אונטער דעם צייכן פון מלכות שמים, גאָטס קעניגרייך. אַ גאַנץ יאָר — זאָגט אונדז די גמרא אין ברכות — איז מען מתפּלל מיט די ווערטער האל הקדוש

(דער הייליקער גאָט)... אַחוץ די צען טעג פון ראש השנה ביז יום כיפור, ווען מען זאָגט המלך הקדוש (דער הייליקער קעניג). די ראש השנהדיקע תפילות ווערן איינגעטיילט אין דריי גרופּעס: מלכויות — די תפילות וועגן גאָטס קעניגרייך, זכרונות — וועגן גאָט דעם גערעכטן ריכטער פון דער וועלט, און שופרות — די תפילות און פּיוטים וועגן גאָט דעם אויסלייזער און די געשיכטע פון מתן תורה, ווען גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די יידן ביים באַרג סיני. וואָס מיינט די אידעע פון מלכות שמים, פון גאָטס געניגרייך? עס מיינט די אויסלייזונג פון דער וועלט, די באַפרייונג פון דער וועלט, די ממשלה פון אמת און אייביקן שלום אויף דער וועלט, ווען דאָס וויסן פון גאָט וועט ווערן פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער ערד. די אידעע פון מלכות שמים איז דער צענטראַלער מאָטיוו פון יידישן גלויבן, עס איז דער משיחישער גלויבן אין אַ בעסערער וועלט „צום סוף פון די טעג״, ווען גאָט וועט איבערנעמען די ממשלה איבער אַלע פעלקער.

און אויב מען האָט ניט געקאָנט אין גאַנצן פאַרווירקלעכן די ווונדערלעכע משיחישע אידעע פון מלכות שמים אין טאָג־טעגלעכן לעבן, האָט מען עס געפּרוּווט פאַרווירקלעכן אויף אַ דראַמאַטישן אופן אין די טעג פון ראש השנה. אומרויק איז תמיד געווען דער יידישער גייסט, אומצופרידן מיט דער וועלט ווי זי איז, מיט דער וועלט פון שנאה און קנאה, מיט דער וועלט פון פאַלשקייט און רשעות. און וואָס וועט ווערן פון אונדזער וועלט, אויב מענטשן וועלן זיך קיין מאָל ניט דערמאָנען דעם טאָג פון משפּט? אָדער אויב גאָט וועט, חס ושלום, פאַרגעסן די וועלט, איבערלאָזן די ערד אין גאַנצן אין די הפקרדיקע הענט פון די שטאַרקע? ניין, גאָט מוז זיך דערמאָנען אָן זיין פאָלק און אָן דער וועלט! און דער טאָג פון דערמאָנונג, דער „יום הזכרון״, איז דער ערשטער פון דעם נייעם יאָר, ראש השנה. און אַזוי איז געווען דער מנהג ביי יידן אין דער אַלטער צייט: אין טאָג פון ראש השנה פלעגט דאָס פאָלק פייערלעך פּראָקלאַמירן גאָט פאַרן קעניג איבער ישראל און פאַרן קעניג איבער דער גאַנצער וועלט. מיט שופרות און טרומפּייטן (בחצוצרות וקול שופר) פלעגט מען אין ירושלים אויסרופן: גאָט איז געקומען, גאָט איז געוואָרן קעניג, האָט גאָט זיך געזעצט אויף זיין הייליקן קרוינשטול! און אָט־די צערעמאָניע, וואָס פלעגט דורכגעפירט ווערן מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער פייערלעכקייט און טיפער ערנסטקייט, האָט געהאַט אַ סך מער ווי בלויז אַ סימבאָלישע באַדייטונג. אין דעם טאָג פון מלכות שמים איז גאָטס געזעץ די העכסטע אויטאָריטעט און די גאַנצע וועלטלעכע מאַכט, דער קעניג און זיינע דינער, מוזן קומען און אָפּגעבן אַ חשבון פאַר זייערע מעשים פון אַ גאַנץ יאָר פאַרן געטלעכן ריכטער, פאַרן ריכטער פון דער וועלט. אין די יאָרן פון שמיטה און יובל פלעגט מען ראש השנה באַפרייען די קנעכט פון זייער שקלאַפן־אַרבעט און די פּויערים פון זייערע חובות. אין תהלים זיינען נאָך אויפגעהיט געוואָרן אַ גאַנצע ריי קאַפּיטלען, מלכות־

געזאַנגען לכבוד דעם טאָג ווען גאָט זעצט זיך אויף זיין קעניגלעכן שטול. צו דעם געהערט אין דער ערשטער שורה קאַפּיטל מ"ז פון תהילים, אַן אויפרוף צו דער וועלט אָנצונעמען גאָטס מלכות. און נאָך ביז צום היינטיקן טאָג ווערט דער דאָזיקער מלכות-געזאַנג איבערגעחזרט זיבן מאָל פון דער גאַנצער עדה אין בית המדרש איידער דער בעל-תקיעה הייבט אָן צו בלאָזן שופר:

איר אַלע פעלקער קלאַפּט מיט די הענט,
טוט שאַלן צו גאָט מיט אַ קול פון געזאַנג.
וואָרים גאָט דער אויבערשטער איז פאַרכטיק,
אַ גרויסער קעניג איבער גאָר דער וועלט.

גאָט איז אויפגעשטיגן מיט שאַלונג
ה' מיט אַ קול פון שופר.
זינגט צו גאָט, זינגט!
זינגט צו אונדזער קעניג, זינגט.
וואָרים גאָט איז דער קעניג פון דער גאַנצער ערד...
גאָט קיניגט איבער די פעלקער,
גאָט זיצט אויף זיין הייליקן שטול...

צו די מלכות שמים-געזאַנגען געהערט אויך קאַפּיטל מ"ו. דאָ ווערט באַזונדערס באַטאָנט די אידעע פון וועלט-שלום:

קומט און זעט די מעשים פון גאָט...
ער מאַכט אַ סוף צו די מלחמות ביז צום עק פון דער ערד.
דעם בויגן צעברעכט ער, טוט צעהאַקן דעם שפּיז;
רייטוואָגנס פאַרברענט ער אין פייער!

אייניקע פאָרשער אַפילו זיינען זיך משער, אַז אַזאַ פאַציפיסטישע צערעמאָניע פון צעשטערן און פאַרברענען די אינסטרומענטן פון בלוט-פאַרגיסונג פלעגט דורכגעפירט ווערן אויף אַ דראַמאַטישן אופן, כדי דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס פלעגט זיין פאַרזאַמלט אין ירושלים, זאָל זיך סימבאָליש באַטייליקן אין ברענגען דעם אייביקן שלום.

דערפאַר קאָן ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי די פאָרשטעלונג, אַז דער יום-טוב פון ראש השנה איז געווען דער עיקר אַ יום-טוב פון מורא. ניין, ראש השנה איז אַ סך מער אַ יום-טוב פון האָפענונג און גלויבן, פון גלויבן אין מלכות שמים און אין דער אויסלייזונג פון דער וועלט. די תפילה פון ראש השנה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: המלך יושב על כסא רם ונשא — דער קעניג זיצט אויף אַ הויכן און דערהויבענעם טראָן. איינע פון די מלכויות-תפילות אין שמונה עשרה לייענט זיך:

„אונדזער גאָט און גאָט פון אונדזערע עלטערן, טו קעניגן איבער גאַר דער וועלט מיט דיין מאַיעסטעט, און טו זיך דערהויבן איבער גאַר דער ערד מיט דיין פּראַכט, און טו לאָזן שיינען די מאַיעסטעט פון דיין מעכטיקייט איבער אַלע איינוווינער פון דער ערד. און אַלץ, וואָס איז געמאַכט געוואָרן זאָל וויסן, אַז דו האָסט עס געמאַכט; און יעדע באַשעפעניש זאָל וויסן, אַז דו האָסט עס באַשאַפן. און אַלץ, וואָס האָט אַ נשמה אין זיך זאָל זאָגן: גאָט, דער גאָט פון ישראל, איז קעניג און זיין מלכות געוועלטיקט איבער אַלץ".

דער זעלביקער אוניווערסאַלער געדאַנק קומט צום אויסדרוק אין אַ צווייטער ימים נוראימדיקער תפילה, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: ויאתיו כל לעבדך — און אַלע וועלן קומען דיר דינען. דער יידישער מענטש ווייסט, אַז זיין פּערזענלעכער גורל איז פאַרבונדן מיטן גורל פון גאַנצן פאָלק און מיטן גורל פון גאַר דער וועלט. און דערפאַר איז דער משיחישער מלכות שמים־מאָטיוו פון די ראש השנה־תפילות מיט דער צייט אַריבער אין די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר. יעדן טאָג פאַרענדיקט דער ייד זיין דאַוונען מיט די ווערטער:

„און דערפאַר טוען מיר האָפן צו דיר, גאָט אונדזער גאָט, צו זען די הערלעכקייט פון דיין מאַכט. עס זאָלן פאַרשווינדן די געטשנבילדער פון דער ערד און די אָפּגעטער זאָלן פאַרשניטן ווערן. עס זאָל פאַרבעסערט ווערן די וועלט מיטן מלכות פון דעם אַלמעכטיקן און אַלע באַשעפענישן פון פלייש זאָלן רופן אין דיין נאָמען... און אַלע זאָלן אָננעמען דעם יאָך פון דיין מלכות... וואָרים דאָס מלכות געהערט צו דיר... ווי עס שטייט געשריבן: גאָט וועט קעניגן פאַר אייביק, און עס שטייט געשריבן: און גאָט וועט זיין אַ מלך איבער גאַר דער ערד, אין יענעם טאָג וועט גאָט זיין איינער און זיין נאָמען איינער".

## דער חלום פון אַ פאָלק

אויך פעלקער האָבן זייערע חלומות, און אין די חלומות אַנטפּלעקט זיך די נשמה פון פאָלק, זיינע האָפענונגען און אַמביציעס, זיינע ווונטשן און אידעאַלן. וועגן וואָס האָט אונדזער פאָלק געחלומט? וואָס איז געווען זיין טיפסטער ווונטש? זיין הייליקסטער אידעאַל? דער חלום פון יידישן פאָלק איז — מלכות שמים, גאָטס קעניגרייך איבער דער וועלט, דאָס קעניגרייך פון גערעכטיקייט, די ממשלה פון שלום.

ראש השנה, דער ערשטער טאָג פון נייעם יאָר, איז דער טאָג פון ווונטשן. מען ווינטשט זיך איינע די אַנדערע אַ גוט יאָר — לשנה טובה תכתבו; און מען בעט ביים האַר פון דער וועלט, ביים בורא עולם, אַ גוט יאָר פאַרן כלל, פאַר אַלעמען. וועגן וואָס טראַכט דער יידישער מענטש אין דעם טאָג פון יום הדין, אין דעם טאָג ווען דער גורל פון דער וועלט ווערט אַנטשידן? לייענט די

תפילות פון ראש השנה! לייענט זיי מיט כוונה! איר וועט זיך דאַן פילן פאַר־בונדן און פאַרייניקט מיט די קינדער פון די נביאים, מיט אַ פאָלק פון טרוימער, וואָס פאַרזאַמלט זיך מתפלל צו זיין צו גאָט פאַרן גליק פון דער גאַנצער וועלט, פאַר שלום פאַר אַלעמען, פאַר מלכות שמים איבער גאָר דער ערד.

אונדזער פאָלק האָט אַ סך איבערגעלעבט, האָט אַ סך געליטן. וויפל גזרות איז אונדז אויסגעקומען אויסצושטיין! וויפל פיין און רדיפות האָבן מיר אַרי־בערגעטראָגן! און דאָך, אין טאָג פון יום הדין פאַר דער גאַנצער וועלט, דער־מאָנט דער ייד כמעט ניט זיינע שונאים. זיין תפילה איז — ניט רי רשעים, נאָר רשעות זאָל פאַרשווינדן, צו דער אומגערעכטיקייט פון דער וועלט זאָל נעמען אַ סוף! די מענטשן זאָלן בעסער ווערן, די רשעים זאָלן ווענדן זייער האַרץ צו דעם איינציקן גאָט, דעם גאָט פון גערעכטיקייט!

די וווּנדערלעכע עלינו לשבח־תפילה , איינע פון די שענסטע דאָקומענטן פון יידישן גלויבן, פון יידישן אוניווערסאַליזם, לייענט זיך:

און דעריבער האָפן מיר צו דיר, ה׳ אונדזער גאָט, אין גיכן צו זען די פּראַכט פון דיין מאַיעסטעט, די געטשן זאָלן פאַרשווינדן פון דער ערד און די אָפּגעטער זאָלן פאַרניכטעט ווערן. די וועלט זאָל קריגן איר תיקון דורך גאָטס מלכות, און אַלע מענטשן זאָלן רופן אין דיין נאָמען, עס זאָלן ווענדן זייער האַרץ צו דיר אַלע רשעים פון דער וועלט... און אַלע זאָלן אָננעמען דעם יאָך פון דיין מלכות און דו זאָלסט איבער זיי קעניגן אין גיכן, אויף אייביק און אייביק...״

(ועל כן נקוה לך ה׳ אלהינו, לראות מהרה בתפארת עוזך להעביר גלולים מן הארץ והאלילים כרות יכרתון לתקן עולם במלכות שדי וכל בני בשר יקראו בשמך להפנות אליך כל רשעי ארץ... יקבלו כולם את עול מלכותך ותמלוך עליה מהרה לעולם ועד...,.

אויב דאָס איז אתה בחרתנו־יידישקייט, האָבן מיר זיך מיט דעם ניט וואָס צו שעמען. אַ פאָלק, וואָס גלייבט טיף אין זיין אויסדערוויילטקייט האָט ניט קיין גרעסערע זאָרג, קיין טיפערן ווונטש, ווי — אַז אַלע מענטשן זאָלן ווערן אויס־דערוויילט, אַלע זאָלן אָננעמען גאָטס מלכות, און אַפילו די רשעים זאָלן זיך אומקערן צוריק צו גאָט. קיין וואָרט ניט פון שטראָף פאַר די רשעים, קיין וואָרט ניט פון נקמה פאַר די יידישע שונאים .אַ תפילה פון העכסטער ליבע, געלייטערטסטער מענטשלעכקייט און איידלסטן אוניווערסאַליזם. דאָס איז דער יידישער אתה בחרתנו־געדאַנק!

פּונקט אַזוי טיף מענטשלעך און אוניווערסאַליסטיש איז די אידעע פון תשובה, וואָס פאַרנעמט אַזאַ דאָמינירנדיקן פּלאַץ אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור. דער מענטש איז שוואַך, דער מענטש איז זינדיק. די יידישע טראַדי־

ציע גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן אָט דער שוואַכקייט אונדזערער. עס איז ריכטיק אַז דער מענטש איז באַשאַפֿן געוואָרן בצלם אלקים, אין גאָטס פּאַרעם און געשטאַלט. אָבער ווי אָפֿט פֿאַרלירט דער מענטש זיין צלם אלקים! ווי אָפֿט קערט זיך דער מענטש ווידער אום צו דעם צושטאַנד פֿון אַ חיה, פֿון אַ בעסטיע! האָט די יידישע טראַדיציע געשאַפֿן די אידעע פֿון תשובה. דער מענטש טאָר ניט פֿאַרלירן דעם מוט, ער טאָר ניט פֿאַרלירן דעם גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות. אויך פֿאַר די זינדיקע, פֿאַר די געפֿאַלענע איז דאָ אַ וועג צוריק. תשובה ווערט באַטראַכט ווי איינע פֿון די יסודות פֿון אונדזער יידישער מאָראַל. זאָל זיך דער מענטש ניט פֿאַרעקשנען אין זיין זינדיקייט, זאָל ער זוכן און געפֿינען דעם וועג צוריק צו גאָט, צוריק צו זיך, צוריק צו זיין מענטשלעכער געשטאַלט.

די אידעע פֿון תשובה ווי אַן אוניווערסאַלע אידעע, ווי גאָטס מתנה פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט, פֿאַר אַלע מענטשן, ווערט קלאָר אויסגעדריקט אין דער געשיכטע פֿון יונה הנביא. דער יידישער נביא ווערט דאָ געשיקט פֿון גאָט אין דער זינדיקער שטאָט נינוה, ער זאָל זיי רופֿן צו תשובה, זיך אומצוקערן פֿון זייער זינדיקן וועג. און ווען דער נביא יונה וויל זיך אָפּזאָגן פֿון זיין שליחות, צווינגט אים גאָט אויסצופֿירן זיין ווילן. גאָטס רחמנות נעמט אַרום די גאַנצע וועלט, אַלע מענטשן אויף דער ערד און אַפֿילו די בעלי־חיים. און די געשיכטע פֿון יונה הנביא פֿאַרענדיקט זיך ווי די זינדיקע שטאָט נינוה האָט תשובה געטאָן, די איינוווינער האָבן חרטה געהאַט אויף זייערע זינד און זיינען דורך דעם געראַטעוועט געוואָרן פֿון גאָטס צאָרן.

איז עס אין דער העכסטער מאָס כאַראַקטעריסטיש וואָס די דורך און דורך אוניווערסאַליסטישע געשיכטע פֿון יונה הנביא ווערט געלייענט יום כיפור צו מנחה (מפטיר יונה). ראש השנה און יום כיפור זיינען די טעג פֿון חשבון פֿאַר אַלע פֿעלקער, די טעג פֿון האָפֿענונג פֿאַר אַלע מענטשן. צום אָנהייב פֿון נייעם יאָר וואַרטן מיר, האָפֿן מיר און גלייבן מיר ווידער אין גאָטס מלכות, אין דער ממשלה פֿון גערעכטיקייט. בעטן מיר דערפֿאַר, אַז אַלע זאָלן ווערן איין בונד, כדי צו דינען דעם גאָט פֿון גערעכטיקייט מיטן גאַנצן האַרצן. דאָס איז די יידישע האָפֿענונג און דאָס איז דער יידישער חלום.

## די תפילה

מערקווערדיק איז דער יום־טוב פֿון ראש השנה. דער יום־טוב פֿון אָנהייב יאָר. עס איז אַ יום־טוב פֿון פֿרייד און פֿון האָפֿענונג, אָבער אויך אַ צייט פֿון אַן ערנסטן מאָראַלישן חשבון מיט זיך אַליין. ראש השנה און יום כיפור זיינען דערפֿאַר פֿייערלעכע, דערהויבענע און פֿאַרטיקע טעג. און עס וועט אפשר ניט

זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז קיין שום יום־טוב שפּיגלט ניט אַזוי אָפּ דעם יידישן צוגאַנג צו אַלע פּראַגן פון מאָראַל און פון פּערזענלעכן לעבן ווי ראש השנה. פּסח איז דער יום־טוב פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג, ראש השנה איז דער יום־טוב פון דעם פרייען מענטשן. פון דעם מענטשן, וואָס פילט זיך מאָראַליש פאַראַנטוואָרטלעך ניט נאָר פאַר דעם וואָס ער האָט געטאָן, נאָר פאַר זאַכן, וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן און ער האָט ניט געטאָן.

עס איז ניט מעגלעך קיין אמתע פרייהייט אָן מאָראַלישער דיסציפּלין, אָן מאָראַלישער דערציִונג. פריי זיינען נאָר יענע מענטשן, וואָס ווייסן וואָס זיי דאַרפן יאָ טאָן און וואָס זיי דאַרפן ניט טאָן, וואָס האָבן דעם מוט אַליין צו טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייערע מעשים, וואָס וואַרפן ניט אַרויף די שולד פאַר זייערע שוואַכקייטן און זייערע זינד אויף אַנדערע. דאָס איז דער טיפער זין פון דער יידישער טראַדיציע, וואָס האָט אויסגעלערנט דעם מענטשן, יעדן מענטשן, צו קוקן אויף זיך ווי אויף אַ זעלבשטענדיקער מאָראַלישער פּער־זענלעכקייט מיט אַ פרייען ווילן צו טאָן גוטס און בייז. נאָר פרייע מענטשן קענען מאַכן אַ חשבון מיט זיך אַליין; נאָר פרייע מענטשן קענען טאָן מצוות, קענען זינדיקן און קענען תשובה טאָן!

אין דעם קומט צום אויסדרוק דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן דעם יידישן און קריסטלעכן צוגאַנג צום עצם באַגריף פון זינד און מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. לויט דער קאַטוילייש־קריסטלעכער פאַרשטעלונג, למשל, איז דער איינצלנער מענטש אַליין כמעט הילפלאָז. ער מוז אָנקומען צו אַ פאַר־מיטלער, צו אַ גייסטלעכן, כדי צו באַקומען אַ מחילה פאַר זיינע עבירות. די יידישע טראַדיציע, פאַרקערט, האָט איבערגעלאָזן דעם מענטשן אַליין צו מאַכן זיין חשבון מיט זיך, מיט זיינע מיטמענטשן און מיטן האַר און באַשאַפער פון דער וועלט.

אונדזער היינטיקע וועלט ליידט פון צוויי עקסטרעמען: פון דער גוזמאדי־קער גאווה פון די פירער און פון דער מאָראַלישער פּאַסיווקייט פון גרויסע טיילן פון פאָלק. די פירער האַלטן זיך ביים כלל, אַז זיי זיינען שטענדיק גערעכט. זיי קאָנען גאָרניט זינדיקן, ווייל זינדיקן איז דאָך אַ מענטשלעכע שוואַכקייט, און זיי, די איבערמענטשן, זיינען פריי פון אַזעלכע שוואַכקייטן. און ווי באַלד אַז מען זינדיקט ניט, דאַרף מען אויך ניט תשובה טאָן. די מאַסן, פאַרקערט, פילן ניט דעם חוב פון מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און זיי לאָזן זיך פירן און פאַרפירן. לאָמיר זיך אויף איין מאָמענט פאַרשטעלן ווי וואָלט די וועלט אויסגעזען, ווען אַלע „גויים", די ניט־יידישע „גויים" און אַפילו די יידישע „גויים", ווערן מיט אַ מאָל פרומע יידן. טאַקע פרומע יידן אויף אַן אמת. און אָט קומט אָן דער חודש אלול, די טעג פון סליחות און די פאַרכטיקע טעג, ראש השנה און יום כיפור. גאַנץ פרי פאַרטאָג גייט דער שמש וועקן אַלע דיפּלאָמאַטן און דיקטאַטאָרן, זיי זאָלן מוחל זיין זיך אויפצוהייבן און גיין זאָגן

סליחות — ווארים דער יום הדין דערנענטערט זיך אויך פאר זיי. די גאנצע וועלט מאכט א חשבון הנפש, אלע דערשפירן די מורא פארן ריכטער פון דער וועלט, וואס זעט אלץ און ווייסט אלץ. אין בערלין, פאריז און מאסקווע שטעלט מען דערוויייל אפ דעם „קאלטן קריג״, גענעראלן און דיפלאמאטן פון אלע לענדער באגעגענען זיך אין די שולן און בתי מדרשים, זיי אלע טוען תשובה אויף זייערע זינד און בעטן מחילה איינע ביי די אנדערע און ביים האר פון דער וועלט. עפעס, דוכט מיר, וואלט אויף דער וועלט בעסער געווארן. די שווערע וואלקנס, וואס באדעקן אונדזערע הימלען, וואלטן זיך א ביסל צעשפרייט און א שטראל פון ליכט און האפענונג וואלט זיך דורכגעבראכן.

תשובה איז גאר א גרויסער ענין, און נאר מאראליש שטארקע און פרייע מענטשן זיינען פעיק צו מאכן א חשבון מיט זיך אליין און צו דערקענען זייערע טעותן און פעלערן.

די יידישע טראדיציע ווייסט ניט און אנערקענט ניט קיין איבערמענטשן, ווארום עס איז ניטא אזא צדיק אויף דער וועלט, וואס זאל ניט זינדיקן (**כי אדם אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא**). ניטא צווישן אונדז מענטשן קיין געטער און האלבע געטער, וואס זאלן זיין בארופן צו הערשן איבער זייערע מיטמענטשן. יעדער מענטש, אפילו דער גרעסטער, איז ניט מער ווי א בשר ודם. אדם איז פארבונדן מיט אדמה, דער מענטש שטאמט פון ערד. דארף ער וויסן זיינע גרענעצן. טאר מען דערפאר דעם מענטשן ניט פארגעטערן, טאר מען צו א מענטשן ניט דינען. פון דער אנדערער זייט אבער לערנט אונדז די יידישע טראדיציע די גרויסע אידעע פון דער הייליקייט פון מענטשלעכן לעבן און פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. ווארים אין גאטס פארעם און אין זיין געשטאלט איז דער מענטש באשאפן געווארן. יעדער מענטש טראגט אויף זיך דעם צלם אלקים, אפילו דער זינדיקער, אפילו דער פארברעכער פארלירט ניט זיין מענטשלעכע פערזענלעכקייט. כאראקטעריסטיש איז אין דעם פרט א מערקווערדיק געזעץ, וואס געפינט זיך אין חומש דברים: „און אויב א מענטש וועט באגיין א זינד — ווערט דא געזאגט — וואס אים קומט דערפאר די שטראף פון טויט, און דו וועסט אים אויפהענגען אויף א בוים, זאלסטו ניט לאזן איבערנעכטיקן זיין קערפער אויפן בוים, נייערט אין דעם אייגענעם טאג זאלסטו אים ברענגען צו קבורה, ווארים א שענדונג פון גאט איז א געהאנגענער (**וכי יהיה באיש חטא משפט מות והומת ותלית אותו על עץ לא תלין נבלתו על העץ כי קבור תקברנו ביום ההוא כי קללת אלקים תלוי**). אויך דער כבוד פון דעם געהאנגענעם פארברעכער מוז אפגעהיט ווערן, ווייל ער טראגט נאך אויף זיך דעם צלם אלקים. טאר מען דערפאר זיין קערפער ניט לאזן הענגען, ווארים דאס מיינט א לעסטערונג פון גאט, א פארשוועכונג פון גאטס כבוד. עס איז כדאי דערביי צו באמערקן, אז די מיינסטע קריסטלעכע איבערזעצער פון תנ״ך האבן דעם טיף עטישן זין פון דעם געזעץ ניט פארשטאנען און האבן געפרוווט

אויסטייטשן דעם פּסוק אויף גאָר אַן אַנדער אופן ווי דאָס האָבן געטאָן די יידישע מפרשים.

צוויי זאַכן זיינען אָפּט דעם הייגטוועלטיקן מענטשן ניט געפעלן אין דער יידישער טראַדיציע: עס איז אים ניט צום האַרצן דער אַלטער יידישער אתה בחרתנו־גלויבן, די פאַרשטעלונג, אַז מיר יידן זיינען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, דאָס פאָלק וועמען גאָט האָט געגעבן זיין תורה, און עס איז אים נאָך ווייניקער פאַרשטענדלעך דער מנהג פון זיך שלאָגן על חטא פאַר עבירות, וואָס מען האָט אפילו קיין מאָל גאַרניט געקאָנט טראַכטן צו טאָן. ווילן מיר דאָ דערווייל לאָזן דעם גאַנצן ענין פון דעם אתה בחרתנו־גלויבן אַן אַ זייט. איצט, אין די טעג פון ראש השנה און יום כיפור, איז כדאַי זיך מער אָפּצושטעלן אויף דער פראַגע, פאַר וואָס שלאָגן זיך יידן אַזוי פיל על חטא? זיינען זיי זינדיקער ווי אַנדערע פעלקער? און פאַר וואָס שרעקן זיך גראַד פרומע און ערלעכע יידן אַזוי פאַרן יום הדין?

פאַראַן אַ טיפער זין אין דעם שלאָגן זיך על חטא. יעדערער פון אונדז טראָגט אחריות ניט נאָר פאַר זיינע אייגענע מעשים, נאָר אויך, ביז צו אַ גע־וויסן גראַד, פאַר די מעשים פון זיינע פריינד און פאַר די זינד פון כלל. ווען מען קוקט זיך גלייכגילטיק צו צו די פאַרברעכנס, וואָס ווערן אָפּגעטאָן, און אַ מאָל גיט מען נאָך אַפילו צו מוט דעם שטאַרקערן, איז מען אַ שותף צו דער עבירה. פאַרשווייגן עוולות, וואָס ווערן אָפּגעטאָן פאַר אונדזערע אויגן, איז אויך אַ זינד. און ווער פון אונדז איז אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן ריין פון אַזעלכע עבירות? מיר וואָשן גאָר אָפּט אונדזערע הענט און זאָגן: ידינו לא שפכו את הדם הזה (אונדזערע הענט האָבן דאָס בלוט ניט פאַרגאָסן), אָבער ניט אַלע מאָל קאָנען מיר מיט אַ ריינעם געוויסן אויך זאָגן דעם צווייטן העלפט פסוק — ועינינו לא ראו, אונדזערע אויגן האָבן עס ניט געזען. מיר זעען אַלע אַ סך, אַ סך זאַכן, וואָס דאַרפן ניט און טאָרן ניט געשען און מיר שווייגן. זיינען מיר דערפאַר דירעקט און אומדירעקט באַטייליקט אין אַ סך טעותן און אַ סך עוולות, וואָס ווערן געטאָן אויף דער וועלט. דער טיפער מוסר־דענקער ר׳ ישראל סאַ־לאַנטער האָט אַמאָל געזאָגט צו זיינע תלמידים: „אויב מען רעדט אין קאָוונער בית מדרש לשון הרע, איז מען אין פּאַריז מחלל שבת“. פאַראַן אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די קליינע עבירהלעך, וואָס מען טוט אין דעם אייגענעם בית מדרש און די גרויסע עבירות, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין דער גרויסער וועלט. איז דערפאַר טאַקע ריכטיק, אַז מיר אַלע זאָלן זיך פון צייט צו צייט פאַרטראַכטן וועגן אַלץ וואָס מיר האָבן געטאָן, און אויך וועגן זאַכן, וואָס מיר האָבן ניט געטאָן; וועגן עבירות, וואָס מיר זיינען באַגאַנגען דורך רעדן, און וועגן די עבירות, וואָס מיר זיינען באַגאַנגען דורך שווייגן. עס איז תמיד פאַראַן פאַר וואָס זיך צו שלאָגן על חטא „וואָרים עס איז ניטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, וואָס זאָל טאָן לויטער גוטס און זאָל ניט זינדיקן“.

ראש השנה און יום כיפור זיינען די טעג פון תפילה, די טעג ווען דער ייִדישער מענטש רעדט זיך דורך מיטן טאַטן אין הימל. דער היינטיקער ייִד האָט נאָך אַ שטיקל פאַרשטענדעניש פאַר דעם וואָס מיר באַצייכענען געוויינטלעך מיטן נאָמען תורה. מיר לעבן דאָך אין אַ תקופה פון ליטעראַטור, און אונדז דוכט זיך אויס, אַז תנ״ך און גמרא זיינען אויך אַ מין ליטעראַטור. אָבער וואָס איז אַזוינס תפילה, וואָס איז דער זין פון דאַווענען? דאָס איז פאַר אַ סך מענטשן ניט פאַרשטענדלעך. דער אמת איז, אַז אין ייִדישן לעבן האָט תפילה געשפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָל ווי תורה. אין דער תורה רעדט גאָט צום מענטשן, אין דער תפילה רעדט דער מענטש צו גאָט, צו זיין באַשאַפער און פאָטער אין הימל. אין דער תפילה און דורך דער תפילה האָט דער פשוטער ייִדישער מענטש זיך אויסגעלערנט רעדן. עס מאַכן זיך שווערע מאָמענטן אין לעבן, ווען דאָס האַרץ איז פול און עס איז ניטאָ וועמען אַ וואָרט צו זאָגן. די ייִדישע טראַדיציע האָט ווונדערלעך פאַרשטאַנען די באַדערפעניש פון דעם איינזאַמען און עלנטן מענטשן צו רעדן, צו זאָגן, זיך אויסצוטענהן. געווען אַ צייט, אויך ביי אונדז, ווען דער פשוטער מענטש איז אין אַזעלכע שווערע מאָמענטן פון לעבן געווען שטום. וואָרים ווי אַזוי האָט דען דער אָרעמער ייִד געקאָנט וואַגן צו קומען פאַרן האַר פון דער וועלט מיט זיין שטאַמלענדיקער שפּראַך, מיט זיין אומבאַהאָלפּע־נעם לשון? זיינען פאַר דעם צוועק געווען ספּעציעלע כהנים, וואָס האָבן געוווּסט, ווי מען קאָן זיך דערנענטערן צו גאָט און ווי מען דאַרף צו אים רעדן. ערשט די דעמאָקראַטישע באַוועגונג פון די נביאים האָט דעם ייִדישן מענטשן אויסגעלערנט אַליין צו קומען צום האַר פון דער וועלט מיט זיינע זאָרגן און פאַרלאַנגען. חנה, די מוטער פון דעם נביא שמואל, ווערט דערציילט אין תנ״ך, האָט אַזוי איין מאָל שטיל פאַר זיך מתפּלל געווען צו גאָט. האָט דער כהן עלי באַמערקט ווי זי שאָקלט מיט אירע ליפּן, אָבער איר קול הערט זיך ניט, און ער האָט געמיינט ,אַז זי איז אַ שיכורע (רק שפתיה נעות וקולה לא ישמע ויחשבה עלי לשכורה). דער כהן האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס האָט אַן אומגליק־לעכע פרוי צו רעדן אין גאָטס הויז! „האָט עלי געזאָגט צו איר: ביז וואַנען וועסטו זיין שיכור...״ האָט אים חנה געענטפערט: ניין, מיין האַר, אַ פרוי מיט אַ שווער געמיט בין איך, און קיין ווין האָב איך ניט געטרונקען, מיין האַרץ האָב איך אויסגעגאָסן פאַר גאָט!״ דאָס איז דער אָנהייב פון דער ייִדישער תפילה! אַזוי האָט דער ייִדישער מענטש מיט אַן אָנגעלאָדענעם האַרץ אָנגעהויבן זיך דורכצורעדן אויף אַ פשוטן אופן מיטן טאַטן אין הימל. די תפילה האָט דעם מענטשן אויסגעלערנט רעדן. זי האָט באַפרייט זיין געמיט, זי האָט דערהויבן זיין נשמה. אַ דאַנק דער תפילה האָט דער ייִד אויפגעהערט צו זיין אַ פּאַסיווער שטו־מער צוהערער. אין דער צייט פון תפילה האָט דער מענטש פון פאָלק דאָס וואָרט און גאָט ברוך הוא הערט זיך צו.




## יום כיפור — דער הייליקסטער טאָג ביי יידן

יום כיפור איז דער הייליקסטער טאָג אין יידישן יאָר. אפשר נאָך מער ווי שבת איז יום כיפור כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן וועג אין לעבן, פאַרן יידישן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון מענטש און וועלט. דער שבתדיקער שבת (שבת שבתון), ווי יום כיפור ווערט באַצייכנט אין חומש, איז אַחוץ דעם אויסערגע־וויינטלעך רייך אין אידעען און סימבאָלן. אונדזערע עלטערן האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט זייער ווונדערלעכער מייסטערשאַפט, ווי חיים נחמן ביאַליק האָט עס ריכטיק באַמערקט, צו שאַפן קונסט־ווערק אין צייט און אין לעבן. אַזאַ קונסט־ווערק איז דער טאָג שבת און אַזאַ קונסטווערק איז יום כיפור. וואָס גיט יום כיפור דעם יידישן מענטשן? וואָס לערנט אונדז יום כיפור היינט?

„אַזוי האָט געזאָגט ר' עקיבא — לייענען מיר אין מסכתא יומא — ווויל איז אייך קינדער פון ישראל! פאַר וועמען טוט איר זיך רייניקן, און ווער טוט אייך רייניקן? אייער פאָטער אין הימל!" ניטאָ קיין פאַרמיטלער צווישן גאָט און פאָלק. דער פּשוטסטער מענטש קאָן קומען, און דאַרף קומען, בעטן פאַר־געבונג ביים טאַטן אין הימל. אין בית המקדש האָט נאָך, אמת, דער כהן גדול

דורכגעפירט די עבודה פון יום כיפור. אָבער דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ סימבאָלישער ריטואַל. די אייגנטלעכע אידעע פון יום כיפור איז, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז אַ הייליק פאָלק.

אין דערפאַר יום כיפור אַ יום־טוב פון גאַנצן פאָלק ,אַ טאָג פון אויפריכ־טיקסטער פאַרברידערונג. ערב יום כיפור גייען יידן בעטן סליחה און מחילה איינע ביי די אַנדערע, צי האָט מען אַמאָל עמעצן באַעוולט אָדער באַליידיקט. אַלע פאַראיבלס צווישן מענטשן דאַרפן פאַרגעסן ווערן, אַלע זינד פאַרגעבן ווערן. אַפילו ווען איינער האָט זיך שטאַרק פאַרזינדיקט קעגן דעם כלל און מען האָט אים דערפאַר הארב באַשטראָפט, אין דעם טאָג פון יום כיפור קאָן ער ווידער קומען און זיך פאַרייניקן מיטן כלל ישראל. איז דערפאַר אַנגענומען דער מנהג, אַז נאָך איידער מען הייבט אָן זאָגן כל־נדרי, שטעלן זיך צוויי חשובע בעלי־בתים לעבן דעם חזן מיט ספר־תורהס אין די הענט און צוזאַמען דער־קלערן זיי פייערלעך אין נאָמען פון דער ישיבה אין הימל און פון דעם בית־דין דאָ, אין נאָמען פון גאָט און אין נאָמען פון קהל, אַז אַלע פאַרזינדיקטע, וואָס זיינען פון אונדז אַוועק, מעגן ווידער קומען מתפלל צו זיין מיט אונדז:

בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה על דעת המקום ועל דעת הקהל אנו מתירים להתפלל עם העבריינים.

אַ סך וויכוחים האָט אָפט אַרויסגערופן די ערשטע תפילה פון יום כיפור — כל נדרי. בעת דער ניגון פון כל נדרי רירט אונדז אַזוי טיף און טראָגט אונדז אַוועק אין אַ גאָר העכערער וועלט, זיינען פאַר אונדז די ווערטער פון דער אַזוי וווּנדערלעכער תפילה כמעט ווי אומפאַרשטענדלעך. וואָס איז דער זין פון דער פייערלעכער דערקלערונג, אַז אַלע נדרים און שבועות, וואָס מיר וועלן נעמען אויף זיך אין לויף פון דעם יאָר, זיינען בטל ומבוטל, האָבן ניט קיין שום קראַפט און קיין שום ווערט? וואָס מיינען די ווערטער, אַז אונדזער נדר איז ניט קיין נדר און אונדזער שבועה איז ניט קיין שבועה? הייסט עס, אַז מיר דערקלערן דאָ פון פאָרויס, אַז אונדזער וואָרט און אונדזער צוזאָג איז גאָר ניט ווערט?

עס איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז וועגן דעם קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין. דאָס גאַנצע יידישע לעבן האָט זיך דאָך געהאַלטן אויף דער הייליקייט פון וואָרט. יידישע אינסטיטוציעס האָבן זיך, דער עיקר, אויסגעהאַלטן אויף די נדרים און נדבות, וואָס מען פלעגט צוזאָגן פאַר עליות און כלערליי אַנדערע כיבודים. ביים צאָלן שטייערן אין די קהילות פלעגט מען אָפט דאַרפן אָפּגעבן אַ שבועה. אויך ביי דין־תורהס האָט מען זיך ניט זעלטן באַנוצט מיט דעם מיטל פון געבן אַ שבועה. וועלכן זין וואָלט דאָס אַלץ געהאַט, ווען מען וואָלט זיך פון די אַלע פייערלעכע צוזאָגן געקאָנט באַפרייען?

דער זין פון כל נדרי איז אין אמתן גאָר אַן אַנדערער. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דער מאָראַלישער מלחמה, וואָס דער מענטש פירט מיט זיך אַליין. עס

זיינען דאָ אינעווייניקסטע ראַנגלענישן מיטן יצר־הרע, די פּרוּוון פון דעם מענטשן זיך מאָראַליש צו דערהייבן, זיך אַרויסצורייסן פון דער געבונדנקייט צו דער וועלט און צו די זאָרגן פון דער וועלט.

די יידישע רעליגיעזע מאָראַל איז פון די עלטסטע צייטן אָן געווען פאַר־בונדן מיט דער הייליקייט פון וואָרט, מיט דער אינסטיטוציע פון נדר, פון נעמען אויף זיך פרייוויליק געוויסע פליכטן און אויפגאָבן. האָט אַ מענטש ניט געהאַט גענוג כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם יצר־הרע פון וויין, פון שיכרות, האָט ער אויף זיך גענומען אַ נדר — אין לויף פון אַ געוויסער צייט זיך אָפּצו־האַלטן פון טרינקען. זייער אָפט פלעגן פרומע יידן, אַפילו יידן לומדים, וואָס האָבן געהאַט אַ שוואַכקייט צו קאָרטן, טאָן אַ נדר — אין לויף פון אַ לענגערער צייט ניט צו שפּילן אין קאָרטן.

שוין אין דער צייט פון תנ״ך האָט דער הייליקער צוזאָג אין דער פאָרעם פון אַ נדר אָדער אַ שבועה געשפּילט אַ גרויסע ראָל. מיר ווייסן פון די נזירים, וועלכע פלעגן אויף זיך נעמען ניט צו טרינקען קיין וויין. עס איז אָבער זיכער, אַז דער מנהג פון נדר און שבועה איז געווען נאָך אַ סך מער פאַרשפּרייט. מיר ווייסן עס פון דעם פּסוק אין תהלים: „איך האָב געשווירן, און האָב מקיים געווען, צו היטן דיינע גערעכטע געבאָטן — נשבעתי ואקימה לשמר משפטי צדקך״. מענטשן האָבן זיך געמוזט אָנטאָן כוח, נעמען אויף זיך אַ הייליקע שבועה, כדי אָפּצוהיטן די מצוות פון דער תורה. עס איז געווען שווער צו זיין אַ ייד, שווער צו טראָגן דעם יאָך פון יידישקייט!

דאָס זעלבע איז אויך געווען אין דער צייט פון תלמוד: נדרים זיינען אַ מיטל צו אָפּגעהיטקייט (נדרים סיג לפרישות) לייענען מיר אין פּרקי אבות. אויב אַ מענטש האָט געוואָלט זיין מער אָפּגעהיט אין לעבן און נעמען אויף זיך די מצוות פון די פּרושים, פלעגט ער עס אָפט טאָן דורך אַ נדר. אַזוי האָט מען זיך געפּרוּווט שטאַרקן אין דער מלחמה מיטן יצר־הרע.

דער יידישער וועג איז דער וועג פון פרייוויליקייט. דער מענטש מוז זיך אַליין שטאַרקן אין דעם שווערן ראַנגלען זיך פאַר אַ העכערער מאָראַל. עס איז אַ כסדרדיקע מלחמה, וועלכע פאַרענדיקט זיך קיין מאָל ניט. דער נדר און די שבועה זיינען געווען וויכטיקע אינסטרומענטן אין דעם מענטשלעכן קאַמף מיט די אייגענע שוואַכקייטן. אָבער ניט אַלע מאָל האָבן מיר דעם כוח מקיים צו זיין דאָס אַלץ, וואָס מיר נעמען אויף זיך. דווקא די בעסטע כוונות און די בעסטע אַמביציעס איז אונדז שווער דורכצופירן.

טאָר מען אָבער אַ מענטשן ניט לאָזן אַריינפאַלן אין אַ געפיל פון יאוש, אין דעם געפיל, אַז ער איז אין גאַנצן אומבאַהאָלפן אין דער מלחמה מיטן יצר־הרע. יידן גלייבן ניט, אַז דער מענטש איז פון דער נאַטור בלויז אַ זינדיק באַ־שעפעניש. דער מענטש איז פון דער נאַטור אַ קעמפער. פאַראַן אויך אַ סך

גוטס אין דעם מענטשן. דערפֿאַר גיט זיך אים אַ מאָל איין צו שטייגן העכער, און אַ מאָל האַלט ער כסדר אין פֿאַלן. דאָס איז דער זין פֿון תשובה, דאָס איז דער זין פֿון יום כיפּור. כסדר זיך שטאַרקן, כסדר זיך גרייטן צו דער מלחמה מיט די פֿינצטערע כוחות אין זיך אַליין. רופֿן מיר דעריבער אַלעמען, אַפֿילו די עברינים, די פֿאַרזינדיקטע, צו קומען צוזאַמען מיט אונדז, כדי צו ווערן איין געמיינדע און איין פֿאָלק.

די גרויסקייט פֿון דעם מענטשן באַשטייט דערין, לערנען אונדז די מוסר־ניקעס, וואָס ער קען אויך זינדיקן. דאָס איז אָבער ניט מער ווי איין טייל פֿון דער מענטשלעכער גרויסקייט. נאָך אַ העכערע מדרגה איז, וואָס דער מענטש קאָן געפֿינען וועגן און מיטלען ווי זיך אויסצוהיטן פֿון זינד.

און דערין באַשטייט די גאַנצע שווערקייט פֿון דעם מענטשלעכן נסיון — קענען זינדיקן און דאָך ניט זינדיקן. געווען אַ צייט, ווען אַ סך פֿון אונדז האָבן געגלייבט, אַז עס איז אייגנטלעך קיין זינד גאָר ניטאָ. דער מענטש איז גוט. אויך דאָס איז אַ טעות. זיין גאַנץ לעבן ווערט דער מענטש אינערלעך צעריסן פֿון די פֿאַרשיידענע כוחות, וואָס קעמפֿן אין אים. דערפֿון נעמט זיך עס, וואָס די מענטשלעכע געשיכטע איז אַזוי פֿול מיט מאָראַלישע קאָנפֿליקטן, וואָס נאָך געוויסע פּעריאָדן פֿון אָפּטימיזם קומען פּעריאָדן פֿון פֿאַרטראַכטן זיך, צייטן פֿון תשובה.

## דער יום־טוב פֿון שלום

געווען אַ צייט, ווען אַ סך פֿון אונדז האָבן ניט פֿאַרשטאַנען דעם טיפֿן זין פֿון יום כיפּור, פֿון דעם טאָג פֿון תשובה, פֿון סליחה און מחילה. עס איז פֿאַר אונדז אָפּט שווער צו פֿאַרשטיין די באַדייטונג פֿון יום כיפּור, די באַדייטונג פֿון דעם טענית, פֿון די תפֿילות, פֿון די יום כיפּורדיקע ניגונים, פֿון כל נדרי און נעילה. פֿאַר וואָס איז יום כיפּור געווען און פֿאַרבליבן דער גרויסער יידישער טאָג ?

עס איז שווער צו געפֿינען ווערטער, כדי איבערצוגעבן אויף אַ געהעריקן אופֿן די טיפֿע איבערלעבונגען, וואָס זיינען ביי אונדז פֿאַרבונדן מיט יום כיפּור. דאָס וואָלט געווען אַפֿילו שווער פֿאַר אַ קינסטלער פֿון גאָטס גענאָד. פֿאַראַן געפֿילן און איבערלעבונגען, פֿאַר וועלכע מיר האָבן ניט קיין ווערטער. פֿילט מען זיך דעריבער הילפֿלאָז, ווען עס קומט אויס צו שרייבן וועגן דעם גרויסן סוד פֿון יידיש לעבן, וועגן דעם טאָג פֿון תשובה און מחילה. און פּונקט ווי דער שליח־ציבור, וואָס קומט פֿאַר דעם האַר פֿון דער וועלט מיט די תפֿילות פֿון זיין עדה, הייבט אָן מיט די ווערטער „הנני העני ממעש" (דאָ שטיי איך, דער אָרעמער אין מעשים), אַזוי פֿילט אויך אָפּט אַ יידישער שרייבער, וואָס

איז דאָך אַ שטיקל שליח־ציבור, זיין גאַנצע אָרעמקייט און אומבאַהאָלפנקייט, ווען עס קומט אים אויס צו שרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן יום כיפּור.

אין תּלמוד ווערט געבראַכט אַ מאמר פון דעם גרויסן תּנא רבי עקיבא: „ווייל איז אייך, קינדער פון ישראל, פאַר וועמען איר טוט זיך רייניקן, און ווער עס טוט אייך רייניקן: אייער פאָטער אין הימל״ (אשריכם ישראל, לפני מי אתם מטהרים ומי מטהר אתכם: אביכם שבשמים). מיר קומען זיך אָפּריי־ניקן פאַר אונדזערע זינד פאַר גאָט, פאַרן טאַטן אין הימל. וואָס מיינט אָט די אידעע וועגן אָפּרייניקן זיך פון זינד, וואָס איז אַזאַ צענטראַלער מאָטיוו אין די יום כיפּורדיקע תּפילות? דאַרף אַ מענטש זיך אָפּרייניקן פון זינד? קען אַ מענטש זיך אָפּרייניקן פון זינד?

איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי גייסטיקע, מאָראַלישע רייניקייט? דער מאָדערנער מענטש האַלט אַ סך פון קערפּערלעכער רייניקייט. פאַראַן אַפילו אַזעלכע, וואָס דענקען, אַז די קולטור פון אַ פאָלק ווערט געמאָסטן מיט דער מדרגה ווי דאָס פאָלק היט אָפּ די פאָדערונגען פון זויבערקייט.

אָבער דער זעלביקער מאָדערנער און וועלטלעכער מענטש, וואָס האַלט אַזוי פיל פון קערפּערלעכער זויבערקייט, פאַרשטייט אין גאַנצן ניט דעם ענין פון גייסטיקער רייניקייט. מיר פאַרשטייען דאָס ניט דערפאַר, ווייל אין תּוך גענו־מען האָבן מיר זייער ווייניק דרך־ארץ פאַרן מענטשן און פאַר מענטשלעכע מעשׂים.

מיר ווייסן אַלע, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ מענטש, וואָס זאָל קיין מאָל ניט זינדיקן. זיינען מיר דאָך אַלע ניט מער ווי זינדיקע מענטשן. עס זיינען מערסטנס קליינע זינד, קליינינקע עברהלעך. אַ מאָל — און גאָרניט אַזוי זעלטן — באַ־רעדט מען אַ גוטן פריינט. אַ מאָל באַליידיקט מען אַ מענטשן. אַמאָל פאַרגעסט מען צו טאָן, וואָס מען איז מחויב צו טאָן אין אַ צייט ווען אַ חבר איז אין נויט. איך רעד דאָ ניט וועגן גרויסע זינד, וועגן פאַרברעכנס. אָבער אויך די קליינע עברהלעך קלייבן זיך אָן אַלץ מער און מער. שטעלן מיר זיך באמת פאָר, אַז אָט די קליינע עבֿרות, וואָס מיר האָבן זיך צו זיי אַזוי צוגעוווינט, לאָזן ניט איבער קיין שום שפּור אין אונדזער לעבן?

עבֿרות, זינד ווערן אין אונדזער יידישער טראַדיציע פאַרגליכן צו פלעקן אויף דער מענטשלעכער נשמה, וואָס מער עבֿרות און עוולות עס קלייבן זיך ביי אונדז אָן, אַלץ מער ווערט אונדזער מאָראַלישע פּערזענלעכקייט פול מיט פלעקן, פול מיט אומזויבערקייט. איך וויל דערביי צוגעבן, אַז די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע אָנערקענט אין דער פולסטער מאָס דעם טראַדיציאָנעלן יידישן צוגאַנג. עס איז היינט פאַר אַלעמען קלאָר, אַז אויב אַ מענטש איז, למשל, באַגאַנגען אַן עוולה, בלייבט די עוולה מיט אים. זי באַגלייט אים דורכן גאַנצן לעבן. זי לאָזט אים ניט אָפּ. זי טרייבט אים אָפּט אַפילו צו טאָן ווייטערדיקע עוולות.

אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט לעבט מיט אונדז; זי לעבט אין אונדז. און עס איז ניט אַזוי גרינג זיך צו באַפֿרייען פֿון עוולות, וואָס מיר זיינען באַגאַנגען אַמאָל. וואָס מער אַזעלכע זינד און עוולות עס קלייבן זיך ביי אונדז אָן, אַלץ מער ווערן מיר אומרויִק. אָפֿט דערגייט דאָס אַזוי ווייט, אַז דער מענטש פֿאַלט אַריין אין אַ שטימונג פֿון יאוש, פֿון מרה־שחורה, און מיר ווייסן אַליין ניט פֿון וואַנען דאָס נעמט זיך. דאָס זיינען מערסטנס אונדזערע אייגענע טעותן, די עברות פֿון אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט, וואָס דריקן אַזוי שטאַרק אויף אונדזער געמיט, וואָס באַאומרויִקן אונדז אַזוי טיף.

די תלמודישע טראַדיציע וואָרנט אונדז זייער שטאַרק פֿאַר דער זינד פֿון שנאת־חינם. צוליב שנאת־חינם — ווערט אונדז דערציילט אין תלמוד — איז חרוב געוואָרן דער בית המקדש. און אויך אין אונדזער צייט איז די וועלט פֿול מיט שנאה, מיט שנאת־חינם. ניטאָ, אייגנטלעך, קיין שום גרונד אין אונדזער היינטיקער וועלט פֿאַר שנאה. מענטשן קאָנען לעבן צוזאַמען, מענטשן קאָנען זיין גליקלעך צוזאַמען; שנאה קאָן אונדז ניט העלפֿן, נאָר ליבע און שלום קאָנען אונדז העלפֿן. פֿון וואַנען נעמט זיך דען דער כוח פֿון שנאה, פֿון שנאת־חינם?

אונדזער וועלט האָט אַזוי פֿיל געגלייבט אין פּראָגרעס — און עס איז געווען אַ גרונד דערפֿאַר. מיר האָבן דערגרייכט אַ צושטאַנד ווען עס איז דאָ ברויט גענוג פֿאַר אַלעמען. און ווען ניט די מורא פֿאַר מלחמה, וואָלט די וועלט אַפֿילו געקאָנט זיין באַזאָרגט מיט מער ווי בלויז ברויט. פֿאַר וואָס איז דאָך ניטאָ קיין שלום אויף דער וועלט?

עס איז שווער צו געבן אַ פֿולן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע, אַן ענטפֿער, וואָס זאָל אין גאַנצן באַפֿרידיקן. איך גלייב אָבער, אַז טיילווייז קאָנען מיר דעם ענטפֿער געפֿינען. די סיבה איז — עס דריקט אויף אונדז די ירושה פֿון שנאה, שנאה פֿון דורות און דורות, פֿון וועלכער מיר קענען ניט פּטור ווערן. דאָס איז ריכטיק בנוגע יחידים, דאָס איז ריכטיק בנוגע פֿעלקער. די ירושה פֿון שנאת־חינם פֿון יאָרן און דורות פֿאַרסמט אונדזער לעבן און פֿאַרסמט אונדזער וועלט.

עס איז אַן אַלטער יידישער מנהג ערב יום כיפּור צו גיין בעטן מחילה ביי פֿריינד און באַקאַנטע. אין זיין „מען איז זיך מוחל" גיט אונדז שלום עליכם אַ סעריע בילדער פֿון ערב יום כיפּור אין שטעטל. לאָמיר זיך צוהערן צו דעם, וואָס דער קינסטלער האָט אונדז צו זאָגן וועגן איינעם פֿון זיינע העלדן, וועגן נח־וואָלף דעם קצב:

„דער טאָג פֿון ערב יום כיפּור זאָל זיין דריי מאָל אַזוי גרויס ווי ער איז, וואָלט ער אויך געווען קאָרג פֿאַר נח־וואָלף דעם קצב, ער זאָל פֿאַרטיק ווערן מיט זיין אַרבעט ביז דער גרויסער ערב יום כיפּורדיקער מנחה.

און אַרבעט האָט נח־וואָלף געַנוג. ער דאַרף זיך איבערבעטן מיט אַ שטאָט יידן, בעטן מחילה ביי אַלע זיינע קונים... און ביי אַלע זיינע שכנים...

ס׳איז ניטאָ אין שטאָט אַ מענטש, וואָס נח־וואָלף דער קצב זאָל מיט אים ניט האָבן געהאַט עפּעס אַ סטיטשקע. ניט מחמת נח־וואָלף דער קצב איז, חלילה, אַזאַ שלעכטער מענטש, נאָר ס׳איז ביי אים, ווי ער אַליין זאָגט אויף זיך, אַ פּאַדלער כאַראַקטער — זיך קריגן מיט דער וועלט״.

ווען עס קומען אָבער די טעג פון תשובה, ווייסט שלום עליכמס העלד, אַז עס איז צייט צו מאַכן שלום מיט דער וועלט; מען קאָן זיך דאָך אַ גאַנץ יאָר ניט אַרומקריגן. און דעריבער ווערט נח־וואָלף ערב יום כיפור פּאַרטיק גאַנץ פרי:

„פאַרשלאָסן די יאַטקע; דאַוועגען האָט ער געדאַוונט מיטן ערשטן מנין, טוט ער אָן די יום־טובדיקע קאַפּאָטע און גייט פון שטוב צו שטוב צו אַלע זיינע קונים און שכנים, פריינד און באַקאַנטע, זיי איבערבעטן, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגערירט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינטש אייך אַ חתימה טובה.

דערויף ענטפערט מען אים: „גם אתם, זאָל גאָט מוחל זיין״, און מען בעט אים זיצן און מען איז אים מכבד מיט לעקאַך .

אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, איז יעדער פון אונדז אַ „נח־וואָלף דער קצב״. קיינער איז ניט פריי פון דעם יצר־הרע פון גאווה, קנאה, רכילות א. אַ. וו. אַ מאָל זאָגט מען אַ בייז־וואָרט, אַ מאָל לאַכט מען אויס דעם נאָענטסטן פריינד, און אַוודאי האָבן מיר אַלע הנאה פון רכילות. און דאָס אַלץ ברענגט אונדז צו שנאה, צו שנאת־חינם. ביסלעכווייז צעווערטלט מען זיך און מען צעקריגט זיך מיט אַ וועלט, איז מען ברוגז מיט אַלעמען און מען גייט אַרום אָן איינזאַמער. יעדערער פון אונדז וואָלט געקאָנט מאַכן דעם חשבון מיט וויפל פריינד און באַקאַנטע מען איז ברוגז. און אויב אַפילו מען רעדט נאָך מיט די באַקאַנטע, איז עס אַ גאַנץ קאַלטע חברשאַפט און פריינדשאַפט.

אין וואָס באַשטייט אייגנטלעך די פּראָבלעם? איך גלייב, אַז דער ענטפער איז זייער אַן איינפאַכער. עס איז אַ סך, אַ סך גרינגער צו ווערן ברוגז, ווי צו מאַכן שלום. כדי צו ווערן ברוגז, איז גענוג אַ טעות אָדער אַן עולה פון איין צד, כדי צו מאַכן שלום, מוז מען אָבער האָבן דעם אויפריכטיקן גוטן ווילן פון ביידע צדדים. פאַראַן נאָך אַ גרויסע שוועריקייט: מיר מענטשן האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט די קונסט פון מאַכן שלום. מיר ווייסן איינפאַך ניט — ווי מאַכט מען שלום?

אַזוי לאַנג ווי מיר מאַכן אונדזערע מענטשלעכע חשבונות אויף אַ פּראַק־טישן אופן, איז זייער שווער, כמעט אוממעגלעך, צו קומען צו אַן אויסגלייך. ווען מיר דערמאַנען זיך אָבער, אַז איין גאָט האָט אונדז אַלע באַשאַפן, אַז אַלע זיינען מיר ברידער, איין משפחה, דאַן פאַרלירן די חשבונות פון דעם איינצל־נעם זייער באַדייטונג. פאַראַן אַ גרויסער חשבון פון דער וועלט. אין אָט דעם גרויסן חשבון קאָנען ניט זיין זיגער און באַזיגטע, עס קאָן ניט זיין קיין חשבון פון דער שטרענגקייט פון מידת הדין. דער גרויסער חשבון קאָן נאָר אויסגעג־גליכן ווערן אויפן וועג פון מידת הרחמים, ווען מיר פאַרשטייען אונדזערע אייגענע מענטשלעכע שוואַכקייטן. און יעדערער פון אונדז קאָן זאָגן וועגן זיך, ווי שלום עליכמס נח־וואַלף דער קצב פלעגט זאָגן: „וואָס קאָן מען מאַכן, אַז מען איז אַ 'פאַדלער כאַראַקטער' — זיך קריגן מיט דער וועלט".

נח־וואַלף דער קצב האָט געהאַט אַן אויסוועג. ערב יום כיפור איז מען געגאַנגען זיך איבערבעטן. ניט געווען מער קיין חשבונות, ווער איז שולדיק און ווער איז גערעכט. אין די טעג פון ראש השנה, טראַכט מען וועגן זיך, אַז מען איז אַליין שולדיק.

מיר זעען אָפט די רשעות פון דעם מענטשן; מיר זעען אָבער ניט, אַז כמעט יעדער מענטש טראָגט זיך אָפט אַרום מיט געדאַנקען פון תשובה. אַפילו די זינדיקע שטאָט נינווה, ווערט אונדז דערציילט אין ספר יונה (וואָס ווערט געלייענט יום כיפור צו מנחה), האָט תשובה געטאָן, ווען דער נביא יונה איז געקומען זיי מוסרן פאַר זייערע זינד.

די וווּנדערלעכע געשיכטע פון דעם נביא יונה, וואָס ווערט געשיקט פון גאָט צו ראַטעווען אַ גרויסע און זינדיקע שטאָט, איז סימבאָליש פאַר דער אידעע פון יום כיפור, די אידעע פון תשובה און מחילה. ניט נאָר יידן, די גאַנצע וועלט נייטיקט זיך אין תשובה און מחילה, ווייל דער באַשעפער פון דער וועלט האָט רחמנות אויף אַלץ וואָס ער האָט באַשאַפן. דער אוניווערסאַליזם פון דעם ספר יונה ברענגט באַזונדערס קלאָר אַרויס דעם אוניווערסאַליזם פון דער יידישער טראַדיציע, די אידעע פון איין גאָט און איין וועלט.

יעדערער פון אונדז איז פול מיט טענות צו דער וועלט. און אַ סך פון אונ־דזערע טענות זיינען אַוודאי באַרעכטיקט. אין די טעג פון תשובה איז אָבער די ריכטיקע צייט צו טראַכטן ניט וועגן די עוולות, פון וועלכע מיר האָבן געליטן, נאָר וועגן די עוולות, וואָס מיר זיינען באַגאַנגען. ווען מען מאַכט אָט דעם חשבון, ווערט מען אַ ביסל באַשיידן ביי זיך. דאָס איז דער וועג פון שלום — שלום מיט זיך אַליין, שלום מיט פריינד און באַקאַנטע, שלום מיט דער וועלט און שלום מיטן באַשעפער פון דער וועלט.

# „כל זמן דאָס ליכטל ברענט, קען מען נאָך פאַרריכטן"

מען האָט זיך אָפט געשטעלט די פראַגע: וואָס פאַר אַ ראָל האָבן גע־שפּילט די יום־טובים פון ראש השנה און יום כיפור אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון דעם יידישן מענטשן? האָט מען דען באַלד נאָך יום כיפור, נאָך דעם ווי מען האָט זיך אַזוי פיל געשלאָגן על־חטא און מען האָט פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אין פאַסטן און תשובה, ניט אָנגעהויבן איבערצוחזרן פון ס׳נײַ די אַלטע עברות פון פאַרגאַנגענעם יאָר? דער בעסטער באַווײַז איז דאָך, אַז ווי נאָר עס איז אַריבערגעלאָפן דאָס נײַע יאָר, איז מען ווידער געקומען זיך שלאָגן על־חטא! וואָס איז דאָן דער זין און וואָס איז דער תכלית פון אַזאַ תשובה?

עס ווײַזט מיר אויס, אַז אָט־דער צוגאַנג איז אַ פאַלשער. עס איז ריכטיק, אַז ווי נאָר עס זײַנען אַריבער די טעג פון תשובה, האָט זיך דער ייד ווידער גענומען צו זײַנע אַלטע געשעפטן און מען האָט אויך אָנגעהויבן ווידער צו זינדיקן. און דאָך האָבן די ימים נוראים געהאַט אַ געוואַלדיקע מאָראַלישע ווירקונג אויפן יידישן יחיד און אויפן יידישן כלל. די פראַגע איז דעריבער ניט — צי האָבן יידן אויפגעהערט צו זינדיקן, נאָר: צי זײַנען זיי ניט געוואָרן, לפּחות אויף אַ צײַט, מאָראַליש אויסגעלײַטערט, דורכגייענדיק די טעג פון תשובה?

פונקט אַזוי ווי מ׳דאַרף זיך פון צײַט צו צײַט אָרומוואַשן, און וואָס אָפטער מען טוט עס, אַלץ בעסער; און פונקט ווי מען דאַרף כסדר אַכטונג געבן אויף די אייגענע בגדים, אַזוי מוז אויך דער מענטש כסדר אַכטונג געבן אויף זײַנע מעשים. עס איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט, מען זאָל איין מאָל תשובה טאָן און דאָס זאָל קלעקן פאַר אַ גאַנץ לעבן. דורך תשובה ווערט דער מענטש ניט קיין מלאך, עס איז אָבער דער איינציקער וועג צו בלײַבן אַ מענטש. אין גאַנצן אָן תשובה — ווערט מען אַ חיה!

די געשיכטע דערציילט אונדז אָן אַ שיעור פון כלערליי פּאָליטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציעס. מיר האָבן אָבער ביז אַהער נאָך ניט געהאַט קיין איין איינציקן בײַשפּיל פון אַ מאָראַלישער רעוואָלוציע. אין זייערע טיפסטע טיפענישן בלײַבן מענטשן על־פּי־רוב די זעלביקע, ווי שטאַרק די אויסערלעכע באַדינגונ־גען זאָלן זיך ניט ענדערן. עס איז אַ סך גרינגער צו ענדערן דעם פּאָליטישן רעזשים פון אַ לאַנד ווי צו ענדערן דאָס גאַנצע לעבן פון אַ פאָלק. דערפון נעמען זיך אַ סך פון אונדזערע אַנטוישונגען אין די פאַרשיידענע פּאָליטישע און סאָ־ציאַלע באַוועגונגען.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מ׳דאַרף זיך אין גאַנצן אָפּזאָגן פון דער האָ־פענונג אויף אַ בעסערער וועלט. דאָס דווקא ניט! מיר מוזן אָבער וויסן, אַז די אויפגאַבע איז אַ שווערע, און קודם־כל, אַז אַ בעסערע וועלט איז ניט מעגלעך אָן בעסערע מענטשן. אַלע רעוואָלוציעס וועלן אונדז ווייניק וואָס העלפן, כל־זמן

דער איינצלנער מענטש וועט בלייבן ביי זיין רשעות. מוזן מיר אָנהייבן פון דעם מענטשן, און דער איינציקער וועג דערצו איז תשובה און חשבון־הנפש.

אין אונדזער צייט טראַכטן מיר ווייניקער וועגן דעם, ווי צו פאַרבעסערן דעם מענטשן, נאָר — ער זאָל לפּחות ניט ווערן ערגער. מיר זיינען געוואָרן אומרויִק בנוגע אַלע פּרווון פון מתקן זיין די וועלט, וואָס זיינען פאַר די לעצטע טעלעכע יאָר געמאַכט געוואָרן. די וועלט און די מענטשן אויף אונדזער וועלט זיינען זיכער ניט בעסער געוואָרן.

אין די קרייזן פון די מוסרניקעס ווערט דערציילט: ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז אַ מאָל שפּעט אין אָוונט אַריינגעקומען צו אַ שוסטער מיט אַ פּאָר שיך צו פאַרריכטן. פרעגט ר׳ ישראל דעם בעל־מלאכה: וועט ער נאָך איצט האָבן צייט צו פאַרריכטן די שיך? דער שוסטער האָט אַ קוק געטאָן אויפן חלבנעם ליכטל, ביי וועלכן ער איז געזעסן און געאַרבעט, און האָט געענטפערט: כל־זמן דאָס ליכטל ברענט קאָן מען נאָך פאַרריכטן!

דעם באַגרינדער פון דער מוסר־באַוועגונג איז ביי די ווערטער מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרן דער זין פון דער תשובה. אויך דאָס מענטשלעכע לעבן איז דאָך געגליכן צו אַ ליכט, נר ה׳ נשמת אָדם. און דעריבער כל־זמן דער מענטש לעבט, כל־זמן דאָס ליכטל ברענט, קאָן מען נאָך פאַרריכטן, איז נאָך פאַראַן צייט פאַר תשובה!

דאָס מוזן מיר אויך האָבן אין זינען, ווען עס קומען אויף אונדז אַרויף שווערע רעיונות וועגן דעם גורל פון דער וועלט און דעם מצב פון אונדזער יידישן פאָלק אין דער וועלט. כל־זמן עס איז נאָך געבליבן אַ פונק פון געוויסן אין דער וועלט און אַ פונק פון עקשנות אין אונדז אַליין, טאָרן מיר ניט רעזיג־נירן, טאָרן מיר זיך ניט מייאש זיין. כל־זמן דאָס ליכטל ברענט, קאָן מען נאָך פאַרריכטן!

עס איז ריכטיק, אַז מען קאָן ניט אין איין טאָג פאַרוואַנדלען די מענטשן אין מלאכים. מאָראַליש בייט זיך דער מענטש זייער ווייניק און זייער לאַנגזאַם. עס וואָלט אָבער אויך געווען אַ געפערלעכער טעות צו גלייבן, אַז דער מענטש ענדערט זיך בכלל ניט. אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור ווערט קיין שום אָנשטרענגונג ניט פאַרלוירן. דאָס איז אגב דער גרונט־יסוד פון דער יידישער רעליגיעזער מאָראַל: די וועלט ווערט באַשטימט דורך אונדזערע מעשים און אַלץ, וואָס אַ מענטש טוט, האָט אַ באַדייטונג פאַרן גורל פון דער וועלט.

זיינען מיר בכן באַרעכטיקט צו אַ געוויסן אָפּטימיזם. אונדזערע אָנשטרענ־גונגען און אונדזערע גוטע מעשים וועלן זיכער ניט פאַרלוירן גיין. אויף דעם אָדער יענעם אופן וועלן מיט דער צייט די רעזולטאַטן זיך באַקומען. קיינער פון אונדז האָט ניט קיין גרונט צו טראַכטן, אַז מיר זיינען אַ פאַרלוירענער דור. אויך יענע פּרווון, וואָס האָבן אין פלוג קיין הצלחה ניט געהאַט, קאָנען נאָך

מיט דער צייט ברענגען פרוכט. אויב ניט היינט אָדער מאָרגן, איז אַ דור שפּעטער.

דעריבער וואָלט אויך געווען פאַלש דער גלויבן, אַז די וועלט ענדערט זיך בכלל ניט. פאַר דעם טעות מוזן מיר זיך באַזונדערס היטן. דער בעסטער עדות איז אין דעם פּרט טאַקע דער יום־טוב יום כיפּור. ס'איז גענוג צו פאַרגלייכן דאָס וואָס מיר געפינען אין חומש און אין דער משנה, אין מסכתא יומא, וועגן יום כיפּור מיט דער געוואַלטיקער טראַדיציע, וואָס האָט זיך אַנגעקליבן אין לויף פון דורות ביז צו אונדזער צייט. דער גרויסער יידישער טאָג פון תשובה איז גייסטיק אויסערגעוויינטלעך באַרייכערט געוואָרן. דער וויט־גרעסטער טייל פון די ימים נוראימדיקע תפילות און דער באַדייטנדסטער טייל פון אונדזער יום כיפּור־ראָמאַנטיק איז ערשט געשאַפן געוואָרן נאָכן חורבן, דער עיקר אין מיטל־עלטער און אין די לעצטע יאָרהונדערטער. אַ כהן גדול פון דער צייט פון בית שני וואָלט זיך מיט אונדזער היינטיקן מחזור זיכער קיין עצה ניט געקאָנט געבן, די ווונדערלעכע קלאַנגען פון כל־נדרי, ונתנה תוקף און אַנדערע תפילות, וואָלטן אים געווען אומבאַקאַנט. אַפילו די תנאים פון דער משנה און די אמוראים פון תלמוד, וואָלטן זיך אַ ביסל פאַרלוירן, אַריינקומענדיק אין אַ היינטיקער יידישער שול.

צום באַדויערן האָט אַ טייל פון אונדזערע רעליגיעזע פירער דעם פאַקט אין גאַנצן פאַרגעסן. זינט דער צייט פון יציאת־מצרים און מתן־תורה האָט זיך יידיש לעבן אַ היפּש ביסל געביטן. מיר זיינען די קינדער פון אונדזערע אבות, פאַר אונדז איז הייליק די יידישע טראַדיציע, מיר זיינען אָבער ניט געצוי די זעלביקע יידן ווי אַמאָל, אויך די תורה האָט זיך פאַר דער צייט געביטן. זי איז אייביק און דאָך ניט אין גאַנצן אייביק. יעדער דור האָט עפּעס געשאַפן, יעדער דור האָט עפּעס מתקן געווען, ווייל כל־זמן דאָס ליכט פון לעבן ברענט, קאָן מען מתקן זיין און מען דאַרף מתקן זיין. אַ לעבעדיק פאָלק וואַקסט און אַנטוויקלט זיך, און צוזאַמען מיט אים וואַקסט און אַנטוויקלט זיך די תורה.

אין די טעג פון תשובה און חשבון איז אונדזער חוב זיך קלאָר צו מאַכן, אַז די תורה פון ישראל איז אַ תורה פון לעבן, און אַז יעדער דור איז אַ שותף אין דעם גרויסן גייסטיקן פאַרמעגן פון אונדזער פאָלק. אויך אונדזער דור מעג און דאַרף עפּעס מתקן זיין, ווייל כל־זמן דאָס ליכטל ברענט, קאָן מען נאָך פאַרריכטן.

## דער וועג צו אַ גערעכטער וועלט

ווער עס וויל פאַרשטיין די יידישע געשיכטע, דעם יידישן צוגאַנג צו די אייביקע פּראָבלעמען פון מענטש און וועלט, דער קאָן גאָר אַ סך לערנען פון

די יידישע יום־טובים, און באַזונדערס פון די תפילות אין די טעג פון ראש השנה און יום כיפור.

עס איז איבעריק צו באַווייזן, אַז אין די תפילות בכלל אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז די נשמה פון פאָלק אין איר פולסטער עכטקייט. זיינען עס דאָך די אינטימסטע ווונטשן פון דעם יידישן פאָלקס־מענטשן, וועלכע קומען צום אויס־דרוק אין די רירנדע ווערטער ווען ער קומט אויסגיסן זיין האַרץ פאַרן באַשעפער פון דער וועלט און דעם טאַטן אין הימל!

זאָרגן האָבן אין יידישן לעבן ניט געפעלט. געוועז זאָרגן פון כלל און זאָרגן פון דעם איינצלנעם: געזונט, פרנסה, פאַמיליע־דאגות, און דער עיקר — דער אַזוי לאַנגער און שווערער יידישער גלות. פאַרנעמען געוויס די אַלע זאָרגן אַ פּלאַץ אין אונדזערע תפילות בכלל און אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור בפרט. דער צענטראַלער מאָטיוו פון ימים נוראימדיקן דאַווענען אָבער איז — די בענקעניש נאָך אַ גערעכטער וועלט, נאָך אַ וועלט פון שלום און ברידערלעכקייט.

דער חלום פון אַ ברידערלעכער וועלט ווערט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט אַרויסגעבראַכט אין דער תפילה „ובכן תן פחדך". עס איז אַ תפילה פאַר אַלע באַשעפענישן אויף דער ערד ,אַלע זאָלן זוכה זיין מורא צו האָבן פאַר גאָט און אַלע זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין בונד צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן (**ויעשו כלם אגדה אחת לעשות רצונך בלבב שלם...**).

די אידעע וועגן מורא פאַר גאָט (יראת שמים, גאָטספאַרכטיקייט) ווערט ביי אונדז אָפט פאַלש אויסגעטייטשט. עס האַנדלט זיך לחלוטין ניט וועגן מורא אין פשוטן זין. יראַת שמים ווערט אין דער יידישער טראַדיציע באַטראַכט פאַר אַ הויכער מדרגה, וואָס ניט אַלע דערגרייכן דערצו! עס האַנדלט זיך דאָ וועגן יענער מאַיעסטעטיש־געטלעכער מורא, וואָס וועקט אין אונדז אויף דעם מענטש־לעכן געוויסן. עס איז אַ מורא פון גאָר אַ באַזונדערער קאַטעגאָריע, וועלכע ווערט אויך באַצייכנט מיט די ווערטער **יראת הרוממות** (די מורא פון דערהויבנ־קייט). און עס איז נייטיק אָט־די מאַיעסטעטיש־געטלעכע מורא, כדי מענטשן זאָלן קאָנען רויִק און אָן מורא לעבן אויף דער וועלט.

ווען אברהם אבינו האָט פאַרלאָזן זיין היים און האָט זיך געלאָזן אין וועג אַריין אין אַ פרעמדער וועלט, ווערט דערציילט אין חומש, איז ער געוואָרן שטאַרק אומרויִק. קאָן אַ וואַנדערער זיין זיכער מיטן לעבן אין אַ לאַנד, האָט ער זיך געפרעגט, ווו ס'איז ניטאָ קיין מורא פאַר גאָט? (**רק אין יראת אלקים במקום הזה והרגוני...**). אַזוי איז צום ערשטן מאָל געשטעלט געוואָרן די פראַגע אין דער פולער שאַרפקייט: מורא פאַר גאָט אָדער מורא פאַר מענטשן?

מען קאָן, אויב מען וויל שטאַרק, דאָס פּראָבלעם פאָרמולירן אויף אַן אַנדער אופן. מען קאָן רעדן וועגן מורא פאַרן אייגענעם געוויסן, דרך־ארץ פאַרן גע־וויסן פון דער וועלט, פאַרן משפט פון דער געשיכטע א. אַ. וו. דאָס ענדערט

אָבער ניט דעם תוך פון דער פראַגע. מיר ווערן ניט קיין סך קליגער אויב מיר פאַרבייטן דעם באַגריף פון געטלעכקייט מיט געוויסן. קאָן דען זיין דער מינדסטער ספק, אַז ווען מיר רעדן וועגן געוויסן האָבן מיר אין זינען עפּעס מערער ווי אַ ריין־ביאָלאָגישן אינסטינקט?

אַזוי איז פאַר אונדז קלאָר, אַז די תפילה „ובכן תן פחדך" ברענגט אַרויס די יידישע בענקעניש נאָך אַ וועלט, וואָס ווערט באַהערשט ניט פון פּרימיטיווע חיהשע אינסטינקטן, נאָר פון די לויטערסטע מאָטיוון פון אונדזער געוויסן. דאָס איז דער זין פון די ווערטער „און אַלע זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין בונד צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן הארצן".

עס איז אַ משיחישע תפילה, אַ תפילה פאַר אַ וועלט פון שלום און גערעכ־טיקייט, און אָט־די משיחישע תפילה איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן משיחישן אינ־האַלט פון די „פאַרכטיקע טעג", פון די ימים נוראים.

די טעג פון ראש השנה און יום כיפור, דער אָנהייב פון נייעם יאָר, זיינען סימבאָליש פאַרן משיחישן גלויבן פון די נביאים, פאַרן חלום פון אַ נייער וועלט. אַ צאָל שטעלן אין תנ"ך און אין תלמוד ווייזן מיט באַזונדערער קלאָרקייט אויף דעם משיחישן כאַראַקטער פון דעם טאָג פון משפט און פאַרגעבונג, פון יום הכיפורים.

מיר וויסן אַלע נאָך פון די חדר־יאָרן וועגן די געזעצן פון דעם יובל־יאָר, דעם יאָר פון פרייהייט. דער צוועק פון דעם יובל־יאָר איז געווען אָפּצושאַפן, אויף ווי ווייט מעגלעך, די שווערסטע סאָציאַלע עוולות און אומגערעכטיקייטן. איז אַן אָרעמאַן געווען געצוווּנגען צו פאַרקויפן זיין נחלה, אָדער גאָר צו פאַר־קויפן זיך אַליין פאַר אַ קנעכט, האָט דאָס יאָר יובל אים אומגעקערט צוריק זיין נחלה און זיין פּערזענלעכע פרייהייט: „און אין דעם זיבענטן חודש, דעם צענטן אין חודש, אין דעם טאָג פון יום כיפור — לייענען מיר אין ויקרא כ"ה — זאָלט איר לאָזן הערן דעם שאָל פון שופר איבערן גאַנצן לאַנד, און איר זאָלט הייליקן דאָס פופציקסטע יאָר, און איר זאָלט אויסרופן פרייהייט פאַר אַלע איינוווינער, אַ יאָר פון יובל זאָל עס אייך זיין און איטלעכער זאָל זיך אומקערן צו זיין נחלה און צו זיין משפחה". אַזוי איז דער טאָג פון יום כיפור דער טאָג פון באַפרייונג אין דעם יאָר פון יובל.

אין תלמוד געפינען מיר אַ גענויערע דערקלערונג פאַר וואָס דאָס יאָר פון באַפרייונג איז אויסגערופן געוואָרן אין דעם טאָג פון יום כיפור און ניט ראש השנה, דעם ערשטן טאָג פון יאָר. די טעג פון ראש השנה ביז יום כיפור זיינען די קנעכט נאָך געבליבן צוזאַמען מיט זייערע הארן, אָבער ניט מער ווי קנעכט און באַדינער, נייערט זיי האָבן געגעסן, געטרונקען און זיך יום־טובדיק משמח געווען. און ווען ס'איז געקומען יום כיפור און דאָס בית־דין האָט געלאָזט הערן דעם שאָל פון שופר, פלעגן די קנעכט אַוועקגיין צו זיך אַהיים.

אַ צווייטע שטעלע אין תלמוד דערציילט אונדז: רבן שמעון בן גמליאל האָט געזאָגט: עס זיינען ניט געווען אַזוינע ימים־טובים ביי יידן ווי חמשה עשר באָב און יום כיפור. וואָרים אין די טעג פלעגן די טעכטער פון ירושלים אַרויס־גיין אין געבאָרגטע קליידער, כדי ניט צו פאַרשעמען די, וואָס האָבן ניט. און די טעכטער פון ירושלים פלעגן אַרויסגיין און טאַנצן אין די ווייַנגערטנער, און וואָס פלעגן זיי זאָגן? בחור, הייב אויף דיינע אויגן און זע וואָס דו קלייבסט זיך אויס...

כדי ניט צו פאַרשעמען די אָרעמע יידישע קינדער, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אייגענעם יום־טובדיקן בגד, האָט מען איינגעפירט דעם מנהג אַרויסצוגיין טאַנצן אין דעם טאָג פון יום כיפור אין געבאָרגטע קליידער. אַזוי איז יום כיפור געוואָרן דער יום־טוב ווען ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער אונטערשייד צווישן האָרן און קנעכט, צווישן אָרעם און רייך. עס איז דער יום־טוב פון פאָלק און דער יום־טוב פון דעם משיחישן אידעאַל.

יום כיפור איז אַ טאָג פון פאַרגעבונג, פאַרגעבן און מוחל זיין צווישן גאָט און מענטש און צווישן מענטש און מענטש. און אויב פּראַקטיש איז יום כיפור בלויז אַ יידישער יום־טוב, איז ער אָבער לויט דער אידעע אַ יום־טוב פאַר דער גאַנצער וועלט. און אויך דאָס איז ניט קיין צופאַל. איז דאָך קיין שום פאָלק ניט אַזוי פאַראינטערעסירט אין שלום און ברידערלעכקייט אויף דער וועלט ווי מיר יידן!

עס איז די אידעע פון דער גרויסער מענטשלעכער שותפות, די אידעע פון איין גאָט און איין וועלט, וואָס צייכנט אַזוי אויס די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור.

פון די עלטסטע צייטן אָן זיינען געווען מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן דער פראַגע — צי זאָלן מיר יידן זיך אָנשטרענגען צו פאַרשפּרייטן אונדזער אמונה און אונדזערע אידעען צווישן אַנדערע פעלקער? מיר ווייסן, אַז אויף אַ דירעקטן און אומדירעקטן אופן איז דער יידישער איינפלוס אויף די קולטור־פעלקער געווען אָן אויסערגעוויינטלעך שטאַרקער. אין פאַרשיידענע צייטן איז די צאָל ניט־יידן וואָס האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע. לפי־ערך זייער גרויס איז געווען די צאָל גרים און האַלבע גרים אין דער צייט פון בית שני. די יידישע צעשפּרייטונג איבער דער וועלט איז דעמאָלט געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער פאַרשפּרייטונג פון יידישע אידעען און מנהגים. יידן האָבן באַוויזן צו ווערן אַ וועלט־פאָלק אין אַ היפּשער מאָס אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן מיט זיך געטראָגן אַ וועלט־אידעע. זיי האָבן זיך ניט געפילט אַזוי עלנט און פאַרלאָזן אין דער ווייטער און פרעמדער וועלט, ווייל אומעטום האָבן זיי מיט זיך געבראַכט זייער גלויבן און זייערע משיחישע האָפענונגען. צוזאַמען מיטן פאָלק איז דאָך אויך די שכינה מיטגעגאַנגען אין גלות!

נאָכן חורבן בית שני איז פאַר יידן געוואָרן שווערער צו פירן אַן אַקטיווע פּראָפּאַגאַנדע פאַר יידיש גלויבן און יידישע אידעען. אַפילו אין פאַלן ווען איינצלנע ניט־יידן האָבן פון זייער איניציאַטיוו אָנגענומען דעם יידישן גלויבן, איז יידן אָפט אויסגעקומען דערפאַר אויסצושטיין אַ סך צרות. פון דעסטוועגן האָבן מיר זיך קיין מאָל ניט אָפּגעזאָגט פון דעם עצם פּרינציפּ צו באַווירקן און צו באַאיינפלוסן אַנדערע פעלקער. פיזיש האָבן יידן אָפט געלעבט אין געטאָ, גייסטיק זיינען זיי קיין מאָל ניט געבליבן איינגעשלאָסן אין די ענגע ראַמען פון דער יידישער גאַס און אַפילו ניט אין דער ברייטערער טעריטאָריע פון כלל־ישראל. אויף פאַרשיידענע אופנים האָבן מיר געפירט און פירן מיר נאָך היינט דעם גרויסן אידעישן קאַמף פאַר אַ גערעכטער וועלט, פאַר אַ וועלט פון פאַרשטענדיקונג און ברידערלעכקייט. עס קאָן דעריבער ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי צו באַטראַכטן די יידישע טראַדיציע ווי אַן ענג־נאַציאָנאַלע קולטור־שאַפונג. אַ וועלט־פאָלק מיט אַ געשיכטע פון איבער דריי טויזנט יאָר גייסטיקע ראַנגלענישן האָט עפעס וואָס צו זאָגן דער וועלט. פון די צייטן פון די נביאים אָן איז עס געווען אונדזער גרויסע היסטאָרישע שליחות צו ברענגען דעם אומרויקן מענטשן דעם חלום פון משיחס צייטן, און זינט דער צייט פון די נביאים האָבן יידישע דענקער און דיכטער אַלץ געטאָן, כדי צו דערנענטערן די צייט, ווען דער משיחישער חלום וועט ווערן ווירקלעכקייט. דאָס איז אין תוך דער זין און דער אינהאַלט פון די תפילות פון יום כיפור, פון דעם טאָג פון משפט, פאַרגעבונג און שלום!

## יום כיפור און דער „יידישער וועג" אין לעבן

אַן אַלטע יידישע אגדה דערציילט: ווען גאָט ברוך הוא האָט באַשאַפן די וועלט, האָבן זיך די כוחות פון דער נאַטור אַנטקעגנגעשטעלט דעם באַשעפער; די וואַסערן האָבן זיך געבונטעוועט, דער לויתן האָט זיך געבונטעוועט, ביז גאָט האָט זיי באַצוווּנגען מיט זיין וואָרט און זיין באַפעל. אויך אין דער מענטשלעכער געשיכטע קומען אָפט צייטן, ווען עס ברעכט אויס אַ בונט קעגן די איינגעשטעלטע מאָראַלישע יסודות פון דער געזעלשאַפט. אין נאָמען פון דער „נאַטור" ווערט פּראָקלאַמירט די אידעע פון ברוטאַלער מאַכט, די חיה אין דעם מענטשן ווערט דערהויבן צום העכסטן אידעאַל. אין אַזעלכע טראַגישע צייטן זיינען מיר יידן, ליידער, צו אָפט די ערשטע קרבנות.

אונדזערע שונאים האָבן אייגנטלעך גאַנץ קלאָר און דייטלעך געזאָגט, קעגן וואָס זיי בונטעווען זיך. היטלער ימח שמו האָט בפירוש באַטאָנט, אַז דער נאַציזם איז אויפגעקומען ווי אַ פּראָטעסט קעגן די יידישע עשרת הדברות.

קודם־כל האָבן זיי אָפּגעשאַפט דאָס געבאָט פון „לא תרצח" — דו זאָלסט ניט הרגענען! מאָרד און בלוט־פאַרגיסונג איז פאַר זיי גאָר געוואָרן אַ מצווה. די נאַטור ווייס ניט פון קיין מאָראַלישע געזעצן. אין דער נאַטור הערשט דער שטאַרקערער.

עס קאָן ניט געלייקנט ווערן, אַז ביז אַ געוויסן גראַד זייַנען אַפּילו אונ־דזערע מאָדערנע פּראָגרעסיווע באַוועגונגען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם קולט פון דער נאַטור. מיר האָבן זיך נאַטירלעך גאָר ניט געקאָנט פאַרשטעלן צו וואָס דאָס קאָן און מוז מיט דער צייט פירן. מיט אַן ערך אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק האָבן זיך אַפּילו געפונען אָנגעזעענע יידישע שרייבער, וואָס זייַנען געקומען אויף דער יידישער גאַס פּרעדיקן די „פּראָגרעסיווע" אידעען פון דעם דייטשן פילאָזאָף ניטשע, מיט זיין נייער תורה וועגן דעם „איבערמענטשן", וועלכער וואַרפט אין גאַנצן אָפּ די „אַלטע" מאָראַל פון ליבע, גערעכטיקייט און רחמנות. ניטשע האָט פאַרהערלעכט די מאָראַל פון דער „בלאָנדער בעסטיע", די מאָראַל וואָס האָט פּראַקטיש אויסגעטראָטן דעם וועג פאַרן נאַציזם. און נאַיִווע יידישע און העברעיִשע שרייבער האָבן ניט באַמערקט דעם סם, וואָס האָט גע־שטעקט אין דער „נייער תורה" וועגן דער „איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן". דער קולט פון דער נאַטור האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די קרייזן פון די יידישע סאָציאַליסטן. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס איינע פון די עלטסטע יידישע אַרבעטער־לידער הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „הייליק איז די נאַטור". זיי האָבן אין זייער נאַיִוויטעט ניט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ טיפער תהום עס טיילט אָפּ די צוויי באַגריפן — הייליקייט און נאַטור!

ניין, די גאַנצע געשיכטע פון דער קולטור באַשטייט דערין, וואָס דער מענטש האָט זיך מיט דער צייט אַלץ מער באַפרייט פון דער קנעכטשאַפט צו דער נאַטור. ער איז געוואָרן דער בעל־הבית פון דער נאַטור, ער האָט געבונדן און געשעמלט אין זיין דינסט די בלינדע כוחות פון דער נאַטור. אָבער איין זאַך האָט דער שטאָלצער קולטור־מענטש נאָך ביז צום הייַנטיקן טאָג ניט באַוויזן. ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו ווערן דער בעל־הבית איבער זיך אַליין, איבער זיין אייגענעם יצר־הרע; צו באַהערשן די בלינדע כוחות, וואָס לעבן אין אים און ווירקן אין אים.

דער אַמאָליקער מענטש האָט געלעבט אין כסדרדיקער מורא פאַר נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, פאַר פאַרפלייצונגען און טריקענישן, הונגער און מגפות. פאַר דעם אַלץ האָט דער הייַנטיקער מענטש מער קיין מורא ניט. איין מורא איז אים נאָך געבליבן — די מורא פאַר זיינע מיטמענטשן; די מורא פאַר מלחמות! די גרעסטע סכנה פאַרן מענטשן איז הייַנט דער מענטש אַליין — דער יצר־הרע פון מענטשן און פעלקער צו הערשן איבער די אַנדערע.

דער טיפער זין פון דער יידישער קולטור איז באַשטאַנען דערין וואָס זי האָט כסדר געלערנט דעם מענטשן צו ווערן דער בעל־הבית איבער זיך אַליין. אַ

העלד איז ניט יענער — לערנט אונדז די יידישע טראַדיציע — וואָס באַצווינגט אַנדערע, נאָר דער, וואָס האָט דעם כוח צו באַצווינגען זיך אַליין, זיין אייגענעם יצר־הרע (איזהו גבור הכובש את יצרו). אין דער יידישער געשיכטע האָט דער נביא און דער צדיק שטענדיק פאַרנומען אַ העכערן פּלאַץ ווי דער גבור. אפשר זיינען מיר אַמאָל אַוועק צו ווייט, אפשר האָבן מיר יידן צו פיל באַוואָלט דעם יצר־הרע, און אפשר האָט דאָס אַרויסגערופן די פּראָטעסט־באַוועגונג אין אונ־דזער צייט, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו בענקען אַ ביסל צוריק צו דער נאַטור, ווען עס שטאַרקט זיך ביי אונדז די טענדענץ צו פאַרבייטן קדושה מיט גבורה. מיר טאָרן אָבער קיין מאָל ניט פאַרגעסן, אַז אונדזער הויפּט־וועג — דער דרך המלך פאַרן יידישן פאָלק און פאַר דער וועלט בכלל, איז ניט דער וועג פון גבורה, נאָר דער וועג פון גערעכטיקייט און דער וועג פון קדושה.

עס איז אגב אַ טעות ווען מען מיינט, אַז יידישקייט האָט געלערנט דעם מענטשן אָפּצוטויטן אין אים זיינע נאַטירלעכע געפילן. אַפילו אַזאַ שטרענגער אַסקעטישער מתנגד ווי דער ווילנער גאון האָט זייער גוט געוווּסט, וואָס פאַר אַ וויכטיקער כוח עס איז דער יצר־הרע אין מענטשלעכן לעבן. און דער גאון ברענגט אַ גאַנצע רייע מאמרים פון גמרא און באַווייזן, אַז דער צוועק פון דער תורה איז גאָר אויסצובעסערן דעם יצר־הרע, אים אַזוי אויסצואיידלען, ער זאָל ניט צעשטערן דאָס מענטשלעכע אין דעם מענטשן. מיט דעם שטייט גראָד דער מענטש העכער פאַר מלאכים, וואָס ער האָט אַ יצר־הרע. דערפאַר האָט גאָט ברוך הוא די תורה געגעבן דעם מענטשן און ניט די מלאכים. דעם פּסוק, אַז מען דאַרף דינען גאָט מיטן גאַנצן הארצן (בכל לבבך), דרשנט די יידישע טראַ־דיציע, אַז דאָס מיינט צו דינען גאָט סיי מיטן יצר־הרע און סיי מיטן יצר־טוב. און דאָס איז טאַקע דער זין פון דעם מאמר — לערנט אונדז דער ווילנער גאון — „אויב דיך האָט באַגעגנט דער מנוול, דער יצר־הרע — שלעפּ אים אין בית־מדרש אריין ((אם פגע בך מנוול זה — משכהו לבית המדרש). עס איז ניט געזאָגט, באַמערקט דער גאון, אַנטלויף פון יצר־הרע אין בית־מדרש, נאָר שלעפּ אים אין בית־מדרש, וואָרים אויך אין בית־מדרש ברויכט מען גאָר נייטיק דעם יצר־הרע! (כי גם בבית המדרש נצרך מאד ליצר הרע).

און וואָס דאָס מיינט האָט אונדז אויסגעצייכנט אויסגעטייטשט דער גרוי־סער חסידישער פירער, דער מליץ יושר פאַרן כלל ישראל, ר׳ לוי יצחק בערדי־טשעווער. אַ חסידישע לעגענדע דערציילט: איין מאָל ערב יום כיפּור, קורץ פאַר כל נדרי, ווען דער עולם האָט זיך שוין צונויפגעקליבן אין שול אַריין, האָט דער צדיק ר׳ לוי יצחק גענומען אַ ליכט אין האַנט און איז אַרומגעגאַנגען איבערן גאַנצן שול, פון באַנק צו באַנק, עפּעס זוכן. פרעגט אים דער עולם: רבי, וואָס זוכט איר? און ר׳ לוי יצחק האָט זיי געענטפערט: איך זוך אַ יידן, וואָס האָט זיך אָנגעשיכורט, איך זוך און איך קאָן ניט געפינען! און דאַן איז ר׳ לוי יצחק צוגעגאַנגען צום עמוד און האָט אָנגעהויבן, ווי זיין שטייגער איז געווען, זיין

שמועס מיטן רבונו של עולם: האר פון דער וועלט! — האָט ר' לוי יצחק זיך אויסגעטענהט — קוק אַראָפּ פון הימל, וואָס פאַר אַ הייליק פאָלק ישראל דו האָסט! דו האָסט אונדז יידן געזאָגט מיר זאָלן היינטיקן טאָג עסן און טרינקען און זיך משמח זיין, און די מצווה פון עסן און טרינקען ערב יום כיפּור איז אַפילו געגליכן צו דער מצווה פון פאַסטן יום כיפּור. ווען דו וואָלסט אַזאַ טאָג געגעבן אַן אַנדער פאָלק, וויפל שיכורים וואָלט מען באַגעגנט, וויפל וואָלטן זיך געוואָלגערט אין די גאַסן? ניט אַזוי דיין פאָלק ישראל! היינט האָבן זיי מקיים געווען די מצווה פון עסן, טרינקען און זיך משמח זיין, און איצט, דער טאָג איז נאָך ניט אַוועק, זיינען זיי זיך שוין אַלע צונויפגעקומען אין שול אַריין. קיינער פון זיי איז ניט שיכור, קיינער פון זיי פאַלט ניט פון די פיס, נאָר אַלע שטייען זיי פאַר דיר הייליקע, לויטערע, מוכן ומזומן אָנצונעמען דיין מלכות און אָפּצוהיטן דעם הייליקן טאָג פון יום כיפּור!

און אַפילו דאָס פאַסטן יום כיפּור איז ניט קיין אויסדרוק פון צער און טרויער, נאָר אַ סימבאָל פון מאָראַלישער דיסציפּלין. יום כיפּור איז אַ יום־טוב, אַ טאָג פון שמחה — ווי עס ווערט געזאָגט אין תלמוד — און דערהויבנקייט. אין יום כיפּור קומט צום אויסדרוק די יידישע אידעע פון סדר, פון אַ מאָראַלישער אָרדענונג אין דעם לעבן פון דעם יחיד און אין דעם לעבן פון כלל. די יידישע טראַדיציע צייכנט זיך אויס מיט איר באַזונדערן חוש פאַר איינטיילן די צייט אין וואָכעדיקע טעג און אין הייליקע טעג. פאַראַן צייטן ווען דער מענטש דאַרף זאָרגן פאַר זיינע מאַטעריעלע באַדערפענישן און פאַראַן צייטן ווען ער מוז זיך באַפרייען פון זיינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן. און אויך דאָס וואָכעדיקע לעבן מוז ווערן געהייליקט. דעם יצר־הרע מוז מען מיט געוואַלט אַריינשלעפּן אין בית־מדרש אַריין; ער מוז ווערן דער קנעכט פון דעם מענטשן אין זיין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, ער טאָר ניט ווערן דער בעל־הבית איבערן מענטשן. ניין, די נאַטור איז ניט הייליק! הייליק קאָן און דאַרף ווערן דער מענטש, און דער געהייליקטער מענטש קאָן דורך זיינע מעשים אויך הייליקן די נאַטור.

דאָס איז דער זין פון די טעג פון תשובה. דער מענטש קאָן ווערן דער בעל־הבית איבער זיך, ער מוז זיך אָבער דערצו זייער אָנשטרענגען. עס פאָדערט זיך גאָר אַ סך גבורה, כדי צו באַהערשן דעם אייגענעם יצר־הרע. מוז מען פון צייט צו צייט מאַכן אַ חשבון מיט זיך: ווו האַלט מען אין דער וועלט? איז מען געגאַנגען פאַראויס אָדער, חס ושלום, צוריק?

עס איז גאָר אַ הויכע מדרגה ווען אַ מענטש קען תשובה טאָן, ווען ער קען שטייגן פון שטאַפּל צו שטאַפּל אויפן וועג פון אמת און גערעכטיקייט. דאָס איז דער איינציקער וועג צו אַ בעסערער וועלט, צו אַ מענטשלעכער וועלט, ווען די ממשלה פון רשעות וועט פאַרשווינדן פון דער ערד און אַלע פעלקער וועלן ווערן איין בונד, צו טאָן גאָטס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן — **ויעשו כולם אגודה** אחת לעשות רצונך בלבב שלם.

# יום כיפור און די אידעע פון מענטשלעכער שותפות

ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון וועגן דער ראָל פון קאָנקורענץ אין אונדזער היינטיקן קולטור־לעבן, ווערט פאַר אונדז קלאָר די באַדייטונג פון די טעג פון תשובה. עס איז זיכער ניט קיין צופאַל וואָס אַזאַ טאָג ווי יום כיפור, אַ טאָג פון פאַסטן, פון אָפּזאָגן זיך פון די עולם־הזהדיקע פאַרגעניגנס, איז געוואָרן דער יידישער טאָג, אַ סימבאָל פון יידיש לעבן. פאַראַן אַ טיפער זין אין דעם יידישן צוגאַנג צום מענטשן, צו מענטשלעך לעבן, צו זינד און תשובה.

דער זין פון יום כיפור איז שותפותדיקייט, די פולסטע שותפותדיקייט צווישן יידן, און ניט נאָר צווישן יידן. דער עצם פאַקט וואָס אַ געמיינדע יידן קומט זיך צוזאַמען און אַלע זיינען מתפלל, אַלע בעטן פאַר אַ גוט יאָר, פאַר אַ בעסערער וועלט, אָט דער עצם פאַקט פון דאַווענען בציבור איז דער העכסטער אויסדרוק פון קאָאָפּעראַציע, פון זיין צוזאַמען, פון מוחל זיין איינער דעם אַנדערן, פון פאַרגעסן און פאַרגעבן די פאַרשיידענע עוולות און פאַראיבלס.

פאַראַן אין דעם פּרט אַ גרויסער אונטערשייד צווישן תפילה און תורה. אויך דאָס לערנען תורה האָט בלי ספק אויפגעהאַלטן יידיש לעבן. ביים לערנען תורה איז אָבער פאַראַן מער פּלאַץ פאַר קנאה. איינער איז אַ גרעסערער למדן, דער צווייטער איז ניט אַזאַ גרויסער למדן און דער דריטער איז אין גאַנצן אַן עם־הארץ. פאַראַן אַ זין אין דער אַמביציע צו זיין דער ערשטער, דער בעסטער. געפינען מיר דאָך שוין אין דעם תלמוד דעם כלל „קנאת סופרים תרבה חכמה", די קנאה צווישן לערנער העלפט פאַרמען די חכמה. און דאָך בלייבט פון קנאה כמעט תמיד אַ רעשטל פון שנאה.

אַנטקעגן דעם פאַרשווינדט די קנאה צווישן מענטשן כמעט אין גאַנצן ווען אַן עדה קומט זיך צונויף און אַלע דאַווענען צוזאַמען. דאָס איז דער סוד פון יום כיפור: די גאַנצע עדה פון מתפללים צוזאַמען, דאָס פאָלק צוזאַמען, יידן פון גאָר דער וועלט צוזאַמען. אין דעם הייליקן טאָג יום כיפור דערפילן מיר, אַז מיין פריינד איז באמת מיין פריינד. מיין ברודער איז מיין ברודער. דערפאַר וויל איטלעכער פון אונדז אין דעם טאָג פון יום כיפור זיין מיטן כלל ישראל צוזאַמען, מיט יידן צוזאַמען.

עס איז פאַר אונדז אָפּט שווער צו פאַרשטיין די גאָר באַזונדערע באַדייטונג פון דער כלל ישראל־אידעע. יידישקייט איז ניט סתם נאַציאָנאַליזם, יידישקייט איז אַ פילאָזאָפישער און מאָראַלישער וועג. און דאָס קומט באַזונדערס צום אויסדרוק אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור. עס איז קודם־כל די בענקעניש נאָך אַ גערעכטער וועלט, אַ וועלט אָן שנאה און אָן קנאה. יום כיפור איז מחמת דעם ניט נאָר אַ יידישער טאָג. יום כיפור ברענגט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט צום אויסדרוק דעם יידישן אוניווערסאַליזם, דעם נביאישן גלויבן אין איין וועלט. ניטאָ קיין קאָנפליקט צווישן דער יידישער וועלט און דער ניט־יידי־

שער וועלט אַרום אונדז. און אויף וויפל עס זיינען אין איינצלנע פאַלן פאַראַן געוויסע סכסוכים, קאָן מען תמיד געפינען וועגן ווי זיי אויסצוגלייכן. מיר יידן ווייסן צו־גוט פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג ווי וויכטיק עס איז פאַר אונדז דער שלום פון דער וועלט. שוין דער נביא ירמיה האָט אין אַ בריוו צו די פאַרטריבענע אין בבל געשריבן: זייט מתפלל פאַר דער שטאָט ווו איר לעבט, וואָרים דער שלום פון דער שטאָט מיינט אויך שלום פאַר אייך (כי בשלומה יהיה לכל שלום).

יידישקייט איז אַ וועלט־אידעע און דערין ליגט דער באַזונדערער צויבער פון יידישקייט. עס איז מעגלעך אַ מאָדערנע אויסטייטשונג פון יידישקייט, עס קאָן אָבער ניט זיין קיין רייד וועגן אַ מאָדערנער יידישקייט פּונקט ווי עס קען ניט זיין קיין רייד וועגן אַ מאָדערנעם תנ״ך, אַ מאָדערנעם תלמוד, אַ מאָדערנעם כותל המערבי. איז אין די טעג פון תשובה וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז די פאַר־גאַנגענע דורות זיינען ניט אונדזערע קאָנקורענטן. זיי זיינען אונדזערע פריינד, אונדזערע שותפים.

## דער וועג צו שמחה און פריינדשאַפט

מיר האַלטן היינט וועגניק פון אַזעלכע באַגריפן ווי זינד און תשובה. מיר פאַרשטייען די באַדייטונג פון פאַרברעכן און שטראָף, אָבער וואָס איז זינד? איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי זינדיקייט? קאָן מען היינט רעדן ערנסט וועגן תשובה? איז אַ מענטש באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, דאַרף מען אים באַשטראָפן, אָבער צוליב וואָס סתם באַמרויקן אַ מענטשן מיט גריבלען זיך אין דער אייגענער נשמה, מיט שלאָגן זיך על חטא פאַר עברות, וואָס מען איז יאָ באַגאַנגען און מ׳איז ניט באַגאַנגען? דער היינטיקער מענטש האָט גענוג צרות אָן דעם. ער זוכט אַלע מיטלען צו באַרויקן זיין געמיט, צו וואָס נאָך מאַטערן אים מיט אַזעלכע איידעלע און קאָמפּליצירטע ענינים ווי זינד און תשובה?

עס איז אָבער שווער צו אַנטלויפן פון מענטשלעכע פּראָבלעמען. זינד און תשובה זיינען אַ טייל פון אונדזער קולטור־לעבן, אויך אין אונדזער צייט, הגם מיר ווילן עס ניט אָנערקענען. פאַראַן זינדיקייט אין מענטשלעכן לעבן און פאַראַן אַ טיפע באַדערפעניש ביי מענטשן פון אַ העכערער מאָראַלישער קולטור נאָך תשובה. איז דערפאַר באַזונדערס וויכטיק אין די טעג פון תשובה זיך צו באַקענען מיט זיך אַליין, מיט די אייגענע זוכענישן און עפּעס אויסצוגעפינען וועגן דעם וועג צו אַ מאָראַלישן שלום מיט זיך אַליין.

די יידישע טראַדיציע מאַכט אַן אונטערשייד צווישן פאַרברעכנס, פאַר וועלכע אַ מענטש ווערט באַשטראָפט דורכן געריכט, און עברות, פאַר וועלכע דער

מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך בלויז פאַר גאָט. מיר געפינען אין תלמוד אָפט דעם אויסדרוק „פטור בדיני אדם וחייב בדיני שמים", ער איז פטור פון שטראָף ווען ער קומט פאַר אַ מענטשלעכן געריכט, ער איז אָבער שולדיק ווען ער קומט פאַרן געריכט פון הימל. און עס זיינען גראָד די גרינגערע עברות, די עברות פאַר וועלכע אַ געריכט קאָן ניט באַשטראָפן, וועלכע ברענגען אָפט די גרעסטע געפאַרן סיי פאַרן יחיד און סיי פאַרן כלל. דאָס פּראָבלעם פון זינד איז דער פאַר אַ סך אַן ערנסטערער ווי דאָס פּראָבלעם פון פאַרברעכן. אַ פּאָר ביישפּילן וועלן אונדז דעם ענין קלאָר מאַכן.

פאַראַן אַזעלכע מענטשלעכע שוואַכקייטן ווי קנאה און ניט־פאַרגינען, און מערקווערדיק איז דער פאַקט וואָס גראָד צווישן נאָענטסטע פריינט איז די קנאה אַמשטאַרקסטן. צוליב קנאה, ווערט אונדז דערציילט אין בראשית, איז עס געקומען צום ערשטן ברודער־מאָרד: קין האָט ניט פאַרגינען זיין ברודער הבלען, וואָס גאָט האָט אָנגענומען זיין קרבן, און ער האָט אים דערהרגעט. קנאה איז אויך געווען צווישן די קינדער פון יעקב אבינו. צוליב קנאה איז יוסף פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ קנעכט אין מצרים. אַפילו אין דער משפחה פון משה רבינו, ווערט דערציילט אין חומש, איז געווען קנאה. משהס ברודער אהרן און זיין שוועסטער מרים האָבן אים מקנא געווען. זיי האָבן אים ניט פאַרגונען וואָס גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן און האָט מיט אים גערעדט פנים אל פנים. משה איז גראָד געווען דער באַשיידנסטער מענטש אויף דער וועלט,, פון דעסט־וועגן האָבן זיין ברודער און שוועסטער גערעדט שלעכטס וועגן אים.

אפילו משה רבנו אַליין, דער לערער און פירער פון פאָלק, דער פאָטער פון די נביאים, איז ניט געווען פריי פון קנאה. אַ מערקווערדיקער מדרש דערציילט אונדז, אַז ווען ס'איז געקומען די צייט און משה רבינו האָט זיך געדאַרפט געזעגענען מיטן פאָלק, האָט גאָט צו אים געזאָגט: יעדער דור האָט זיינע מנהיגים, יעדער דור האָט זיינע לערער. ביז איצט איז דיין צייט געווען. איצט איז געקומען די צייט, אַז דיין תלמיד יהושע זאָל ווערן דער מנהיג פון פאָלק ישראל. האָט משה געזאָגט: האַר פון דער וועלט, אויב צוליב יהושען דאַרף איך אַוועק־גיין פון דער וועלט, בין איך וויליק צו זיין אַ תלמיד ביי אים. האָט גאָט געזאָגט צו משהן: אויב דו ווילסט — גיי.

האָט משה צונויפגערופן דאָס פאָלק און האָט זיי געגעבן צו וויסן, אַז פון איצט אָן איז יהושע זייער מנהיג און לערער. און ווען יהושע האָט מיטן פאָלק געלערנט תורה איז משה געזעסן ווי איינער פון זיינע תלמידים. און נאָך דעם ווי יהושע האָט געלערנט מיטן פאָלק איז משה צוזאַמען מיט אים אַוועק צום משכן. האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ זייל פון וואָלקן און האָט געמאַכט אַ צווישנ־שייד צווישן זיי. ווען דער זייל פון וואָלקן האָט זיך אויפגעהויבן, האָט משה געפרעגט זיין פריערדיקן תלמיד: יהושע, וואָס האָט גאָט מיט דיר גערעדט?

האָט יהושע אים געענטפערט: ווען גאָט פלעגט זיך צו דיר באַווייזן, האָב איך דען געוווּסט וואָס גאָט האָט מיט דיר גערעדט? דעמאָלט האָט משה אויסגע־שריִען: בעסער הונדערט מאָל שטאַרבן איידער איין מאָל מקנא זיין! האַר פון אַלע וועלטן, ביז איצט האָב איך ביי דיר געבעטן לעבן, איצט אָבער גיב איך דיר וויליק אָפּ מיין נשמה!

און אויב משה רבינו אַליין האָט זיך ניט געקאָנט אויסהיטן פון אַ שפּור פון קנאה, וואָס זאָלן מיר טראַכטן, פּשוטע מענטשן? דאָס פאָלק האָט דעריבער אַזוי מורא געהאַט פאַר די ניט־פאַרגינער, פאַר די מענטשן מיט אַ בייז אויג (עין הרע). און ניט נאָר מענטשן זיינען אַזוי באַהערשט פון קנאה, די וועלט איז פול מיט קנאה. ווערט געבוירן אַ קינד דאַרף מען עס אָפּהיטן פון די „ניט־גוטע", וועלכע פאַרגינען ניט טאַטע־מאַמע זייער גליק. האָבן יונגע מענטשן חתונה, מוז מען זיך אַוודאי היטן פאַר די בייזע רוחות. פאַראַן אַ פאַרשפּרייטער מאָטיוו אין דער פאָלקס־ליטעראַטור פון אַ סך פעלקער. עס איז דער מאָטיוו פון דעם חתן, וואָס שטאַרבט אין דער נאַכט פון דער חופּה. די ניט־גוטע פאַר־גינען אים ניט זיין גליק. היט זיך פאַר די ניט־פאַרגינער! די וועלט איז פול מיט ניט־פאַרגינער. דערמיט קומען מיר צום פּראָבלעם פון זינד און תשובה.

ווען אַ מענטש פילט זיך טיף אויפגערודערט, ווען עס דריקט אים אויפן האַרצן און ער קאָן זיך ניט קיין עצה געבן, ער קאָן ניט פאַרטרייבן די מרה־שחורה, וואָס מאַטערט אים, גייט ער צו אַ דאָקטאָר זוכן אָפּרו פאַר זיין געמיט. פאַרשפּרייט איז היינט, ווי מיר ווייסן, דער מעטאָד פון פּסיכאָאַנאַליז, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן פון דעם גרויסן געלערנטן און דענקער זיגמונד פרויד. דער פּאַציענט קומט צום פּסיכאָאַנאַליטיקער, רעדט זיך פריי אַראָפּ פון האַרצן און דער דאָקטאָר פּרוּווט אויסגעפינען, וואָס עס באַאומרויִקט דעם פּאַציענט אַזוי שטאַרק. דער דאָקטאָר נעמט איבער די ראָל פון אַ פאָטער און באַשיצער און דער פּאַציענט ווערט צוריק אַ קינד. ער קערט זיך אום צו די קינדערשע יאָרן. ער ווערט אין גאַנצן הילפלאָז און אָפּהענגיק און זוכט שטיצע ביי דעם ניי־געפונענעם פאָטער.

דער פּסיכאָאַנאַליטישער מעטאָד העלפט דעם קראַנקן אויסצוגעפינען ניט נאָר די סיבה פון זיין מרה־שחורה, נאָר אויך דעם שולדיקן. מייסטנס איז עס דער טאַטע אָדער די מאַמע. דער פּסיכאָאַנאַליטיקער באַפרייט דעם פּאַציענט פון די טאַטע־מאַמע־קאָמפּלעקסן און ער ווערט אַ נייער מענטש. וויל איך זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין חקירות אויף וויפל דער מעטאָד פון פּסיכאָאַנאַליז איז וויסנ־שאַפטלעך באַרעכטיקט. פאַראַן בנוגע דעם פּונקט זייער ערנסטע ספקות. פאַראַן געלערנטע, וואָס דענקען, אַז דער וועג פון פרויד און זיינע תלמידים איז אַ געפערלעכער וועג. דאָ וויל איך בלויז אָנווייזן, אַז ס'איז פאַראַן אַן אַלטער יידישער מעטאָד פון פּסיכאָאַנאַליז. דאָס איז דער מעטאָד פון תשובה.

תשובה איז חשבון־הנפש. דער מענטש מאַכט אַ חשבון מיט זיך אַליין, ער מאַכט אַן אַנאַליז פון זיינע מעשים און פון זיינע מחשבות און ער זוכט דעם וועג ווי זיך צו באַפרייען פון זיינע פעלערן און טעותן. פאַראַן אָבער אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן תשובה און דעם מעטאָד פון פסיכאָאַנאַליז.

די יידישע טראַדיציע באַטאָנט אין דער ערשטער שורה דעם קאָנפליקט צווישן דעם מענטשן און זיין ברודער און חבר. מיר האָבן אין תנ"ך ווייניק ביישפּילן פון דעם קאָנפליקט צווישן פאָטער און זון, אַ קאָנפליקט, וואָס פאַרנעמט אַ צענטראַלן פּלאַץ אין פרוידס פסיכאָלאָגיע. די קאָנפליקטן אין תנ"ך זיינען קאָנפליקטן צווישן ברידער: צווישן קין און הבל, צווישן יצחק און ישמעאל, צווישן יעקב און עשיו, צווישן יוסף און זיינע ברידער. די קאָנפליקטן אין תנ"ך זיינען קאָנפליקטן און קאַמפן צווישן דערוואַקסענע. מיר באַגעגענען זיך דאָ מיט מענטשלעכע אַמביציעס און מענטשלעכער קנאה. אין אַט דער קנאה צווישן ברידער און פריינט זעט דער תנ"ך די גרויסע געפאַר פאַרן מענטשן.

די קנאה מאַכט אונדז זינדיק. די קנאה פילט אונדז אָן מיט פאַרביטערונג, מיט שנאה; זי פירט אונדז אויפן וועג פון כסדרדיקע שטרויכלונגען. און שולדיק דערין איז דער מענטש אַליין. ער אַליין, דער דערוואַקסענער און מאָראַליש־פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש, דאַרף דערפאַר זוכן דעם וועג פון תשובה.

תשובה איז אַזוי אַרום אַ וועג פון מאָראַלישער רייניקונג און מאָראַלישער דערציִונג. זי באַפרייט אונדז פון זינד, פון קנאה און שנאה, זי העלפט אונדז צו ווערן בעסערע מענטשן, זי העלפט אונדז בעסער צו פאַרשטיין דעם ברודער און חבר.

אַנטקעגן דעם פירט אונדז דער מעטאָד פון פסיכאָאַנאַליז, ווי שוין פריִער דערמאָנט, צוריק צו די קינדער־יאָרן. דער פסיכאָאַנאַליז איז אויך אַ וועג פון רייניקונג. אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור באַנוצט מען דערפאַר דאָס גריכישע וואָרט קאַטאַרזיס, עס איז אָבער ניט קיין וועג פון מאָראַלישער דערציִונג. טאַקע דערפאַר ווייל דער פסיכאָאַנאַליטיקער פרוווט מייסטנס איבערצייגן דעם פּאַציענט, אַז ער איז גאָרניט שולדיק; שולדיק זיינען אַנדערע, אין דער ערשטער שורה — די עלטערן. און באמת, ווי קען אַ קינד זיין שולדיק? דער פסיכאָאַנאַליז באַהאַנדלט דעם מענטשן ווי אַ קינד, ניט ווי אַ מאָראַליש־פאַראַנטוואָרטלעכן דערוואַקסענעם.

עס קאָן, לויט מיין מיינונג, קיין ספק ניט זיין, אַז אין סך־הכל איז דער יידישער וועג פון תשובה דער ריכטיקער. עס איז די יאָגעניש נאָך געלט, נאָך מאַכט און נאָך כבוד, וואָס באַאומרויִקט אַזוי טיף דעם מענטשן אויך אין אונדזער צייט. קנאה און שנאה ליגן אין יסוד פון אַ סך פון אונדזערע סאָציאַלע און פּאָליטישע קאָנפליקטן. די ברוטאַלסטע פאָרמען פון דיקטאַטור, פון היטלעריזם און סטאַליניזם, זיינען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער סאַדיסטישער תאווה נאָך

מאַכט, פון דעם ניט קענען טאָלערירן אַ גלייכן נעבן זיך. די ברוטאַליטעט פון די „פירער" איז מייסטנס אַ רעזולטאַט פון זייער אייגענער אומזיכערקייט. טעראָר איז דער איינציקער וועג ווי זיי קאָנען פּטור ווערן פון קאָנקורענטן.

דער אמת אָבער איז, אַז איטלעכער פון אונדז איז אין געוויסע גרענעצן אַ קליינער דיקטאַטאָר. מיר האָבן ניט צו שטאַרק ליב קאָנקורענץ, און דער דער־פאַלג פון דעם נאָענטסטן חבר, פון דעם ליבסטן פריינד, קאָן אונדז אַ מאָל ווייטאָן. פאַר וואָס האָט מיין חבר מער דערפאַלג פון מיר? פאַר וואָס ווערט ער מער אָנערקענט? פאַר וואָס האָט ער מער מזל? מיר זיינען ניט־פאַרגינערס און דעריבער איז אָפּט אונדזער פריינדשאַפט אַ געמיש פון אמתער ליבע און אַ היפּשער דאָזע קנאה. דערפאַר פילן מיר זיך אָפּט שולדיק, ווען אונדזער פריינד איז מער שוין מיט אונדז ניטאָ. האָבן מיר אַלץ געטאָן אָנצוהאַלטן אונדזער פריינדשאַפט?

דער טיפערער זין פון תשובה און פון די טעג פון תשובה איז — וואָרט ניט אויפן טויט! דערמאָנט זיך, אַז דער מענטש לעבט ניט אייביק, אַז מען טאָר ניט צו־לאַנג אָפּלייגן מיט אמתער פריינדשאַפט, עס קאָן ווערן צו־שפּעט. ווען מיר שטייען פאַרן סוד פון אייביקייט, פאַרשטייען מיר ווי נישטיק און קליין מיר זיינען מיט אונדזער קנאה און מיט אונדזער ניט־פאַרגינען; דערפילן מיר, אַז מיר זיינען עפּעס שולדיק אונדזער פריינד און עס ווילט זיך איבער־בעטן, ווידער באַנייען אמתע פריינדשאַפט. מיר זיינען אויך גרייט מוחל צו זיין די עוולות, וואָס מען איז באַגאַנגען לגבי אונדז. אַזוי איז דער טאָג פון יום כיפּור דער טאָג פון מחילה און גרויסער פאַרברידערונג, אַ טאָג פון אַ גרויסער מאָראַלישער רייניקונג, ווען מיר באַפרייען זיך פון קרענקלעכע און זינדיקע קאָמפּלעקסן, וואָס מאַטערן אונדז, און מיר ווערן ווידער גייסטיק־געזונטע מענטשן. אין דעם טאָג פון תשובה פאַרשטייען מיר, ווי טייער עס איז אַ מענטש, ווי ווייטיקדיק עס איז דער פאַרלוסט פון אַ נאָענטן פריינד. לאָמיר זיך צוויילן מיט פריינדשאַפט!

עס איז ניטאָ קיין בעסערער וועג ווי אָפּצוהיטן די מאָראַלישע ריינקייט און דעם פּסיכישן געזונט פון אַ מענטשן ווי תשובה און גוטע מעשים. מען ווערט פּטור אויף אַן ערלעכן אופן פון די געפילן פון שולד, וואָס פּלאָגן אונדז אַזוי אָפּט; מען ווערט ווידער נאָענט מיטן ברודער, מיטן חבר; עס ווערן אָפּגעווישט די מחיצות פון קנאה און שנאה, פון טעותן און עוולות, וואָס זיינען געשען; מיר ווערן נייע מענטשן און מיר הייבן אָן אַ לעבן פון דאָס ניי.

קאָן זיין, אַז ווען מיר וואָלטן מער געטראַכט וועגן תשובה, וואָלטן מיר געהאַט מערער שמחות און מער פריינדשאַפט. מיר וואָלטן באַוויזן איבערצו־בעטן אונדזערע פריינד ביים לעבן, אַנשטאָט זיך אומצווזען, ווען עס איז שוין ליידער צו־שפּעט. פאַראַן אַ זין אין תשובה, אין דער גרויסער מאָראַלישער

באַנייונג פון יום כיפּור. פֿאַראַן אַ זין אין טראַכטן וועגן אייביקייט, כּדי צו פֿאַרשטיין וואָס צו טאָן אין דער צייט, וואָס איז אונדז באַשערט. תשובה איז דער וועג פון אַ געלייטערטן לעבן, דער וועג צו אַ בעסערן מענטשן און אַ בעסערער וועלט.

## אין די טעג פון חשבון

אין לויף פון דורות און דורות איז שבת געווען דער וויכטיקסטער סימבאָל פון יידיש לעבן. שוין אין דער אַלטער צייט איז דאָס אָפּהיטן שבת געווען דער סימן מובהק, וואָס האָט אָפּגעטיילט די יידיש־קריסטלעכע סעקטעס פון די העלעניזירטע קריסטן, וועלכע האָבן זיך אין גאַנצן אָראָפּגעוואָרפן דעם יאָך פון דער תורה. אויך אין די לעצטע יאָרהונדערטער זיינען דאָס רוב רעליגיעזע סעקטעס, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן נייגונגען צום יידנטום, באַצייכנט געוואָרן ווי שבת־היטער (ווי, למשל, די רוסישע „סובאָטניקעס", די „סעווענט דעי אַדווענטיסטס" א. אַ.). אין אונדזער יידישער וועלט גופא אָבער האָט שבת ביסלעכווייז פאַרלוירן זיין באַדייטונג ווי דער סימן מובהק פון יידישקייט. די כסדרדיקע סעקולאַריזירונג פון יידיש לעבן האָט אין דעם פּרט געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל. ניט געקוקט דערויף אָבער איז יידישקייט אויך נאָך היינט דער עיקר פאַרבונדן מיט רעליגיעזע סימבאָלן.

מיר פאַרמאָגן ניט קיין גענויערע ציפערן וועגן דער צאָל יידן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט בתי־מדרשים, שולן און קאָנגרעגאַציעס פון די פאַרשיידענע ריכטונגען. די צאָל יידן, וואָס דאַווענען בציבור אויך אין די טעג פון דער וואָך, איז היינט אויסערגעוויינטלעך קליין. שבת און יום־טוב קומען דאַווענען בערך צווישן 15 ביז 20 פּראָצענט פון דער דערוואַקסענער יידישער באַפעלקערונג. די צאָל דערוואַקסענע, וואָס קומען אין שול ראש השנה און יום כיפּור, דערגרייכט אַן ערך זעכציק ביז זיבעציק פּראָצענט. נאָך גרעסער איז די צאָל יידן, דער עיקר פרויען, וועלכע פילן אַן די שולן יום כיפּור צו הזכרת נשמות.

מיר האָבן אַ גרונד משער צו זיין, אַז בערך איבער אַכציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע היטן אָפּ געוויסע רעליגיעזע מנהגים אין שייכות מיטן פאַמיליע־לעבן, ווי בר־מצווה, רעליגיעזע צערעמאָניעס ביי חתונה מאַכן אַ קינד א. אַז. וו. נאָך מערער ווערן אָפּגעהיט אַ טייל מנהגים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אָפּגעבן כבוד און אָפּהיטן דעם אָנדענק פון די פאַרשטאָרבענע עלטערן, ווי קדיש, יאָרצייט, הזכרת נשמות וכו'.

עס איז זיכער ניט קיין צופאַל, וואָס דווקא די דורך און דורך רעליגיעזע טראַדיציעס און סימבאָלן אָפּעלירן אויך נאָך היינט אַ סך מער צום יידישן

מענטשן ווי די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע. די ערנסטע טעג פון תשובה און חשבון־הנפש, ראש השנה און יום כיפור, ווערן מער אָפּגעהיט ווי אַלע אַנדערע יידישע יום־טובים. דאָס זעלביקע איז אויך ריכטיק בנוגע די מנהגים פון יאָרצייט און קדיש. מיר דערמאָנען זיך אָן יידישקייט, ווען מיר שטייען פאַרן סוד פון אייביקייט, פאַר דער מיסטעריע פון לעבן און טויט.

אין אונדזערע היינטיקע וועלטלעכע קרייזן גיבן מיר זיך ניט אָפּ קיין חשבון פון דער געוואַלטיקער וויכטיקייט גראָד פון די מאָמענטן אין מענטש־לעכן לעבן, וואָס זיינען ניט פאַרבונדן מיט די טאָג־טעגלעכע פּראַקטישע זאָרגן און נויטן. מיר זיינען געוואָרן צו „רעאַליסטיש" און מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען ווי געהעריק אָפּצושאַצן די גרויסע רעאַליטעט פון חלומות, האָפע־נונגען, רעיונות און אַפילו מיסטיש פאַרנעפּלטע סענטימענטן, וועגן וועלכע מיר קאָנען זיך אַליין קיין רעכענונג ניט אָפּגעבן.

יידיש לעבן איז תמיד געווען און איז נאָך אויך היינט אַ קאַמף מיט דער רעאַליטעט, מיט דער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט. יידיש לעבן אין גלות איז אַ כסדרדיקער קידוש־השם, און אונדזער גאַנצער קיום וואָלט פאַרלוירן יעדן זין אָן דער אידעע פון קידוש־השם און מלכות שמים. איז ממילא ניט קיין חידוש, וואָס דווקא דער אוניווערסאַלער אידעאַל פון מלכות שמים פאַרנעמט אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ אין די תפילות פון ימים נוראים. עס איז גענוג צו דער־מאָנען אַזעלכע תפילות ווי „ובכן תן פחדך", „ויאתיו כל לעבדך", די „תפילה זכה" און „כתר מלכות" פון שלמה אבן גבירול. ניט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס גראָד יום כיפור צו מנחה לייענט מען צו דער הפטרה די געשיכטע פון יונה הנביא, אַ ספר, וואָס איבעראַשט אונדז מיט זיין טיפער מענטשלעכקייט און זיין אוניווערסאַלן פאַרנעם.

„דער עיקר פון די ראש השנהדיקע תפילות איז" — לייענען מיר אין נהורא השלם — „עס זאָל געהייליקט ווערן גאָטס נאָמען איבער דער וועלט — דעריבער דאַרף דער מענטש זיך זייער מצער זיין אין דעם טאָג פון דעם גרויסן יום־הדין פון וועגן דער פאַרשוועכונג פון גאָטס נאָמען און ער זאָל פאַר דער הייליקונג פון גאָטס נאָמען מתפלל זיין מיטן גאַנצן האַרצן נאָך מערער, ווי ווען ער איז מתפלל וועגן זיך אַליין".

די ימים נוראים זיינען אויך טעג פון פּערזענלעכן חשבון־הנפש. אין די טעג פון ראש השנה און יום כיפור שטייט יעדער יידישער מענטש פאַר דער געטלעכער מאַיעסטעט, פאַרן באַשעפער פון דער וועלט. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט קיין שום אַנדער אמונה ניט קיין יום־טוב, וואָס זאָל זיך אין דעם פרט קאָנען פאַרגלייכן מיט די ימים נוראים. מיט דעם דערקלערט זיך דער אויסערגעוויינטלעכער רושם, וואָס אַזעלכע תפילות ווי כל־נדרי און נעילה האָבן פון תמיד אָן איבערגעלאָזן אויף גלייביקע און אַפילו ניט־גלייביקע. דער באַקאַנטער רעליגיע־פאָרשער רודאָלף אָטאָ האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז

די פולע רעאַליטעט פון רעליגיעזן געפיל איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, ווען ער איז אַמאָל יום כיפור געקומען אין אַ יידישער שול און ער איז מיטגע־ריסן געוואָרן מיט די תפילות פון דער פאַרזאַמלטער עדה.

דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער פראַנצויזישער דענקער און שריפטשטע־לער עמעי פאַליער, וואָס האָט שוין אין זיינע יונגע יאָרן אַנגענומען דעם יידישן גלויבן, דערציילט אין זיינע זכרונות, וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינטלעכן רושם עס האָט אויף אים געמאַכט, ווען ער איז אַלס יונגער בחור אַמאָל געקומען צו נעילה אין אַ יידיש־אָרטאָדאָקסישער שול. דער רושם איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זינט יענעם מאָמענט, דערציילט עמעי פאַליער, האָט מיין גאַנץ לעבן זיך געענדערט. צוויי דערשיינונגען האָבן אים באַזונדערס גערירט. די גאַנצע עדה איז געווען אַנגעטאָן אין טליתים, ווי זיי אַלע וואָלטן געווען כהנים, וועלכע ריכטן אָפּ די עבודה פאַרן באַשעפער; די גאַנצע עדה איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון מישיחישער דערוואַרטונג, מיט אַ טיפן גלויבן אין גאולה.

ווען איך וואָלט געהאַט כוח, האָט אַמאָל אַ חסידישער מנהיג זיך אויס־געדריקט, וואָלט איך אַלע תעניתים אָפּגעשאַפט אַחוץ תשעה באָב און יום כיפור: תשעה באָב, ווייל ווער קאָן דען אין אַזאַ טאָג עסן? דער תענית פון יום כיפור האָט מחמת דעם גאָר אַן אַנדערן זין. עס איז ניט קיין תענית פון פייניקן דעם גוף, נאָר גראָד פאַרקערט. יום כיפור ווערט דער מענטש באַפרייט פון דער עבודות צום חומר, ווער וויל דען יום כיפור עסן?

די סאָלידאַריטעט צווישן דעם גאַנצן כלל ישראל קומט באַזונדערס שטאַרק צום אויסדרוק ווען די עדה פאַרזאַמלט זיך צו כל־נדרי און עס ווערט פייער־לעך דערקלערט: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה על דעת המקום ועל דעת הקהל אנו מתירין להתפלל עם העבריינים". אויך די פאַרזינדיקטע און אַפילו די, וואָס זיינען צוליב שווערע עבירות אויסגעשלאָסן געוואָרן פון קהל, ווערן איצט ווידער אַריינגענומען ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער אין דער געמיינדע פון כלל ישראל.

די שותפות גייט נאָך ווייטער. צום כלל ישראל געהערן אויך די פאַרגאַנ־גענע דורות. איז מען דעריבער זיך נוהג אָנצוצינדן ליכט יום כיפור פאַרן זכות פון די פאַרשטאָרבענע. געווען אַ צייט, ווען מען האָט אין אונדזערע וועלטלעכע קרייזן פון יאָרצייט, נשמה־ליכט, הזכרת נשמות און קדיש ווייניק געהאַלטן. אַ סך פון אונדז האָבן אַפילו געגלייבט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן בלויז מיט רעשטלעך פון אַלטן אָבערגלויבן, וואָס מוזן מיט דער צייט פאַר־שווינדן. עס ווילט זיך גלייבן, אַז נאָך דעם ווי אַ ריי יידיש־וועלטלעכע קולטור־אָרגאַניזאַציעס האָבן גערופן די יידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער אָפּצוהיטן דעם יאָרצייט פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע־ווער געטאָ דורך אָנצינדן ליכט, וועלן אַ טייל פון אונדזערע ראַדיקאַלן אפשר

אָנהייבן צו פאַרשטיין דעם טיפערן זין פון די נשמה־ליכט אין טאָג פון יום כיפור. מיר לעבן מיט סימבאָלן, באַזונדערס, ווען מיר ווילן ברענגען צום אויסדרוק געפילן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער מיסטעריע פון אייביקייט. צינדן מיר אָן ליכט צום אָנדענק פון פאַרשטאָרבענע. עס איז אונדזער פּראָ־טעסט קעגן טויט, עס איז דער אויסדרוק פון אונדזער גלויבן אין אייביקייט, פון אונדזער גלויבן, אַז די נאָענטע פאַרשטאָרבענע זיינען אויך נאָך היינט מיט אונדז.

אונדזער וועלטלעכער דור האָט ליידער ניט אַרויסגעוויזן גענוג פאַרשטענ־דעניש פאַר אָט די אייביקע מיסטישע געפילן, וועלכע לעבן און ווירקן אין יעדערן פון אונדז. די בענקעניש נאָך אייביקייט איז אַ טייל פון אונדזער עקזיס־טענץ, פון אונדזער מענטשלעך פילן און דענקען. און אויב דער גורל האָט אונדז ניט געשענקט די מעגלעכקייט פון אייביקייט אין פּערזענלעכן לעבן, זוכן מיר פון דעסטוועגן מיטלען, אַז לפּחות אונדזער נאָמען זאָל ניט פאַרגעסן ווערן. ווי אינטענסיוו די דאָזיקע בענקעניש איז, ווערט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט אילוסטרירט אין אַ טיף רעליגיעזן דאָקומענט געשריבן פון אַן אין גאַנצן ניט רעליגיעזן מענטשן. דעם דאָקומענט וועט דער לייענער געפינען אין דעם בוך פון דעם רוסיש־סאָוועטישן שריפטשטעלער באָריס וואָיטעכאָוו, וואָס טראָגט דעם טיטל „די לעצטע טעג פון סעוואַסטאָפּאָל״.

דאָס בוך פון וואָיטעכאָוו, ווי עס ווערט באַשריבן די באַלאַגערונג פון סע־וואַסטאָפּאָל אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה, פאַרענדיקט זיך מיט אַ בריוו פון אַ סאָוועטישן אָפיציר צו זיין פרוי. די לעצטע ווערטער פון דעם בריוו לייענען זיך:

„איך ווייס, אַז ווען איך וועל שוין מער ניט זיין, וועל איך פאַר דיר נאָך אַלץ לעבן, און קיינער וועט מיך ניט אַרויסשטויסן פון דיין האַרצן. איך ווייס, אַז די דאָזיקע וווּנד וועט קיין מאָל ניט פאַרהיילט ווערן. אויב אָבער דו וועסט באַגעגענען אַ מענטשן, וואָס איז גענוג צאַרט פאַר דיין צער און וועמען דו וועסט אַ ביסל ליב האָבן און פון דער ליבע וועט אַרויסקומען אַ ניי לעבן, זאָל דאָס קינד טראָגן מיין נאָמען. זאָל דאָס קינד זיין מיין המשך, הגם איך בין טויט און דיין נייער פריינד לעבט... און אויב ער קאָן עס ניט פאַרשטיין, פאַרלאָז אים, אַן טרויער, אָן טרערן און אָן בענקעניש און זאָל דאָס קינד זיין אונדזער קינד. און ווען סעוואַסטאָפּאָל וועט ווידער אויפגעבויט ווערן, קום אַהער און ערגעץ ווו נאָענט ביים ים, פאַרפלאַנץ מאַן־בלומען, זיי וואַקסן דאָ זייער גוט. און דאָס וועט זיין מיין קבר. עס קאָן זיין, אַז דו וועסט מאַכן אַ טעות. עס וועט אפשר זיין אַן אַנדערער, וואָס ליגט אויף דעם פּלאַץ. אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. עמעצער אַנדערש וועט

פֿאַרפֿלאַנצן בלומען אויף מיין קבר, טראַכטנדיק וועגן איר נאָענטן. קיינער וועט ניט בלייבן אויסגעלאָזן, מיר ליגן דאָ נאָענט איינע לעבן די אַנדערע.

אין מאָמענטן פֿון גורלדיקע אַנטשיידונגען, זיינען עס אָפּט דווקא די טונקעלע אַנונגען פֿון אייביקייט, וועלכע באַשטימען אונדזער וועג, אונדזערע געפֿילן און געדאַנקען. דאָס טאָר אויך ניט פֿאַרגעסן דער היינטיקער וועלטלעכער ייד אין די טעג פֿון חשבון־הנפש.




## די געלייטערטע פרייד פון לערנען תורה

דער שליסל צו דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק איז — תורה, די פרייד פון לערנען תורה, די פרייד פון פאַרשטיין תורה. און די פרייד פון תורה איז אַ געלייטערטע און דורך און דורך מענטשלעכע פרייד. פרייד קאָן זיין טיף־מענטשלעך, און פרייד קאָן אויך זיין אוממענטשלעך, גרויזאַם, סאַדיסטיש. מען קאָן זיך פרייען מיט דעם קעגנערס מפלה, מיטן צווייטנס אומגליק. ווערט טאַקע דעריבער געזאָגט אין משלי: „ווען דיין שונא פאַלט, זאָלסטו זיך ניט פרייען; און ווען ער ווערט געשטרויכלט, זאָל זיך ניט דערקוויקן דיין האַרץ (בנפל אויביך אל תשמח ובכשלו אל יגל לבך).

עס וועט אפשר זיין ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע איז אין גאַר אַ גרויסער מאָס אַ געשיכטע ווי פעל־קער זוכן פרייד. מען קאָן געפינען פרייד אין שבת און יום־טוב, מען קאָן גע־פינען פרייד אין תורה און אין גייסטיקע דערגרייכונגען. און מען קאָן, להבדיל, אויך געפינען פרייד אין רשעות, אין הפקרות, אין אויסגעלאַסנקייט, אין שכרות א. אַ. וו.

עס איז ליידער אַ פאַקט — די געשיכטע פון מענטשלעכער רשעות איז אַ געשיכטע פון זוכן פרייד. גרויסע פייערונגען זיינען ביי אַ צאָל פעלקער פאַרבונדן מיט גרויזאַמע שפילן און אַפילו מיט מענטשלעכע קרבנות. די ברו־טאַלע גלאַדיאַטאָרן־קאַמפן אין אַלטן רוים — און דאָס זיינען געווען קאַמפן אויף לעבן און טויט אין דעם סאַמע פשוטסטן זין פון וואָרט — האָבן געהערט צו די

סאַמע באַליבטסטע שפּילן אין דער רוימישער וועלט. אַקסן־קאַמפּן געהערן נאָך היינט צו די באַליבטסטע שפּילן אין אַ צאָל שפּאַניש־רעדנדיקע לענדער. און אַפילו אין דער היינטיקער אַמעריקע איז דער זיגרייכער באָקסער אַ גרויסער העלד. איר קאָנט געווינען אַן אַ שיעור אַנהענגער, איר קאָנט פאַרדינען אַ סך געלט, אויב איר האָט אַ שטאַרקן קולאַק און איר קענט צעממיתן אייער קעגנער. אָט די גרויזאַמע פאָלקס־שפּילן באַווייזן קלאָר ווי טיף אוממענטשלעך דער מענטש קאָן ווערן. און אָט דער יצר־הרע פון שנאה און צעשטערן צעשפּילט זיך אַזוי שוידערלעך אין אומרויִקע צייטן, אין צייטן פון מלחמות, רעוואָלוציעס און ראַיאָטן. ניט נאָר די סאָציאַל באַוווּלטע, נאָר אויך די סתם אומצופרידענע נוצן אויס אַזעלכע געלעגנהייטן, כדי צו באַפרידיקן די קרענקלעכע תאווה פון סאַדיזם, פון ווילדער און אין גאַנצן ניט באַרעכטיקטער גרויזאַמקייט.

ווי קאָן מען באַקעמפן אָט די מיליטאַנטיש־אַגרעסיווע און סאַדיסטישע תאווה ביי מענטשן? פאַראַן אין תוך צוויי שיטות: איין טעאָריע האַלט פון דעם פריבּציפּ, אַז מען דאַרף דעם מענטשן געבן אַ מעגלעכקייט פון צייט צו צייט צו זיין אַ ביסל ברוטאַל און סאַדיסטיש. מען טאָר ניט צופיל אונטערדריקן דעם יצר־הרע, מען טאָר ניט אונטערדריקן די „מענטשלעכע נאַטור". אָט די שיטה פאַרטיידיקט די ליטעראַטור פון פאָרנאָגראַפיע און סאַדיזם. אַזאַ ליטעראַטור, טענהן אייניקע, גיט דעם מענטשן אַ געלעגנהייט זיך אויסצולעבן; זיינע חיהשע אינסטינקטן האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוקומען אָפן. ביי דער שיטה האַלטן זיך געוויסע פּרווידיאַנער און גאָר אַ היפּשע צאָל מאָדערנע שריפטשטעלער.

אַנטקעגן דעם לייקנט די צווייטע שיטה די מעגלעכקייט פון דורכקומען מיטן יצר־הרע. איר קאָנט ניט באַפרידיקן אַלע אונדזערע אַגרעסיווע און ווילדע אינסטינקטן. פּונקט ווי ס'איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו באַפרידיקן היטלערן ימח שמו וזכרו. די פּאָליטיק פון „אַפּיזמענט", ווי ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן פּראַקטיצירט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז פאַר זיך אַליין ניט קיין שלעכטע. אַ קאָמפּראָמיס, אַ פּשרה, איז אין גאָר אַ סך פאַלן דער סאַמע ריכטיקסטער וועג. אָבער מיט היטלערן האָט דער מעטאָד ניט געאַרבעט. וואָס מער מען האָט אים נאָכגעגעבן, אַלץ מער האָט ער פאַרלאַנגט. און טאָקע צוליב דעם איז נייטיק אין יעדן ספּעציפישן פאַל אָפּצוּווועגן און אָפּצומעסטן, ווען איז אַ פּשרה נייטיק און ווען ס'איז נייטיק זיך אַנטקעגנשטעלן מיט אַלע כוחות. און דאָס איז אויך ריכטיק בנוגע דעם יצר־הרע פון רשעות.

אָט די צווייטע שיטה, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו מאַכן פּשרות מיטן יצר־הרע פון רשעות און סאַדיזם, האָט געפונען אַן אַנדער וועג פון פרייד. דאָס איז די פרייד פון עפּעס אויפטאָן, פון פרידלעכע און שעפערישע דערגרייכונגען. דער יום־טוב סוכות, דער יום־טוב פון צונויפזאַמלען די תבואה פון די פעלדער (חג האסיף), איז באַזונדערס סימבאָליש פאַר אָט דער שעפערישער פרייד. ווערט דאָך טאָקע סוכות באַצייכנט ווי אַ צייט פון שמחה (זמן שמחתנו). נאָך חדשים

פון שווערער אַרבעט און וואַרטן, פון אַקערן און זייען, האָט מען דערלעבט אַראָפּצונעמען די תבואה פון די פעלדער. דאָס איז די ריינסטע שמחה, די שמחה פון אַרבעט און שאַפן.

און דער יום־טוב סוכות איז פאַרבונדן מיט נאָך אַ העכערער שעפערישער פרייד, עס איז די פרייד פון תורה. פאַרענדיקן זיך דאָך די טעג פון סוכות מיטן יום־טוב פון תורה, מיט דער שמחה פון תורה. און אין דער שמחה פון תורה האָט יידישקייט דערגרייכט איר העכסטן פונקט, ווייל די שמחה פון תורה איז אַ שמחה פון מענטשלעכקייט, אַ שמחה פון שלום. אַ שמחה פון די העכסטע גייסטיקע דערגרייכונגען.

מען פירט איצט אין אַמעריקע אַליידנשאַפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ בעסערער דערציִונג פון דער יוגנט. מען פירט אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן די, וואָס פאַרלאָזן די שול פאַר דער צייט. מען באַמיט זיך איינצוהאַלטן די קינדער אין די קלאַסן. און די באַגרינדונג איז געוויינלעך אַ פּראַקטישע. איר וועט פאַרענדיקן מיטלשול, טענהט מען איין מיט די תלמידים, וועט איר גיכער קריגן אַרבעט, איר וועט קריגן אַ בעסער באַצאָלטע אַרבעט. אין אָט דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע איז ניטאָ קיין סימן פון גייסטיקער פרייד. אונדזער אַזוי גערופענע וועלטלעכע קולטור פאַרשטייט ניט די באַדייטן פון תורה לשמה, פון לערנען צוליב לערנען, פון דער שמחה פון לערנען. מען לערנט זיך נאָר צוליב אַ תכלית, כדי צו פאַרדינען געלט.

בין איך לחלוטין ניט קיין קעגנער פון פּראַקטישע חשבונות און פון אַ תכלית. אַוודאי, דאַרף אַ מענטש זוכן תכלית. אונדזער יידישע טראַדיציע האַלט אָבער, אַז דער גרעסטער תכלית איז תורה און טאַקע תורה לשמה.

לאָמיר אָננעמען, אַז דער מענטש האָט דערגרייכט זיין פּראַקטישן תכלית אין לעבן. ער האָט אַ גוטע שטעלע, אַ פיינע הכנסה, ער קאָן זיך אַ סך פאַרגינען. איז מען שוין פּטור פון לערנען? יידן האָבן אָן אַנדער צוגאַנג: גראָד ווען מען האָט שוין דערגרייכט דעם פּראַקטישן תכלית, דאַרף מען אָנהייבן טראַכטן וועגן אַ גייסטיקן תכלית. ווייל תורה איז דער זין פון לעבן. אין תורה געפינט דער מענטש זיין דערגרייכונג און זיין באַפרידיקונג. און די פרייד מיט דער תורה, דער שטאָלץ מיט דער תורה ווערט באַזונדערס קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דער וווּנדערלעכער תפילה פון „אהבה רבה". דאָ קומט דער יידישער מענטש מיט זיין געבעט צום טאַטן אין הימל:

„אבינו, אונדזער פאָטער, דערבאַרעמדיקער פאָטער... גיב אונדז אין אונדזערע הערצער צו פאַרשטיין, צו באַגרייפן, צו דערהערן, צו לערנען אַליין און צו לערנען מיט אַנדערע, אָפּצוהיטן, צו טאָן און מקיים זיין די אַלע ווערטער פון דער תורה מיט ליבע. און דערלייכט אונדזערע אויגן אין דיין תורה... מיר זאָלן זיך קיין מאָל ניט שעמען".

ליבע צו תורה, פרייד מיט דער תורה, אַ הייליקע פרייד, אַ שטראַלנדיקע פרייד. דאָס איז דער זין פון שמחת תורה.

## דאָס פאָלק פון תורה און די תורה פון פאָלק

עס איז כמעט ווי אוממעגלעך צו דערקלערן אָדער צו פאַרטייטשן די באַדייטונג פון דעם וואָרט תורה אויף אַ פרעמדער שפּראַך. אין אַ צאָל אייראָפּעיִשע שפּראַכן ווערט אָפט באַנוצט דער אויסדרוק „דאָס געזעץ", כדי איבערצוגעבן דעם טייטש פון תורה. אָבער דאָס איז בפירוש אַ פאַלשע איבערזעצונג, ווייל תורה איז גאָרניט אין אַן ערך מער ווי געזעץ. געוויס, די געזעצן פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער תורה. און דאָך איז דער אונטערשייד צווישן תורה און געזעץ אַ פונדאַמענטאַלער. לאָמיר אַפילו נעמען די קאָנסטיטוציע פון אַמעריקע, וואָס איז אַ סך מער ווי בלויז אַ געזעץ. קאָנט איר זיך פאַרשטעלן אַ פּשוטן אַמעריקאַנער בירגער, וואָס וועט זאָגן וועגן דער קאָנסטיטוציע פון זיין לאַנד: „ווי געזאַנגען זיינען מיר געווען דיינע געזעצן, ווען איך האָב געלעבט אין דער פרעמד" (זמירות היו לי חקיך בבית מגורי). אָדער לאָמיר נעמען אַ צווייטן פּסוק פון „אשרי תמימי דרך": „דיינע געזעצן זיינען פאַר מיר אַ דערקוויקונג, איך פאַרגעס ניט דיין וואָרט" (בחקותיך אשתעשע לא אשכח דברך). אַפילו אין אַזאַ דעמאָקראַטישער מדינה ווי אַמעריקע איז לערנען און שטודירן די געזעצן אַן אויפגאַבע פאַר ספּעציאַליסטן, פאַר ריכטערס און אַדוואָקאַטן. קיינער האַלט ניט פאַר נייטיק יעדן טאָג צו לערנען אַ קאַפּיטל פון דער קאָנסטיטוציע. די באַציִונג צו די געזעצן, אַפילו צו דער דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע, איז אַ זאַכלעכע, אַ פּראַקטישע. ניטאָ דאָ אין גאַנצן די מיסטישע באַציִונג, וואָס איז פול אָנגעלאָדן מיט די טיפסטע רעליגיעזע איבערלעבונגען. די תורה איז ניט נאָר אַ וועג ווי זיך אויפצופירן. די ווערטער פון דער תורה אַנטפּלעקן די סודות פון דער וועלט, די וווּנדער פון באַשאַף. אַזוי זאָגט אונדז דער דיכטער פון דעם זעלבן קאַפּיטל און תהילים, דער דיכטער פון אשרי תמימי דרך: „דאָס איז מיין טרייסט אין מיין פּיין, וואָרום דיין וואָרט גיט מיר חיות" (זאת נחמתי בעניי כי אמרתך חיתני). און אַ פּאָר פּסוקים ווייטער זאָגט דער זעלביקער דיכטער: „איך האָב זיך דערמאָנט, גאָט, אָן דיינע משפּטים, וואָס פון אייביק אָן, און איך האָב מיך געטרייסט". און ווייטער: „אין האַלבער נאַכט שטיי איך אויף דיר צו דאַנקען פאַר דיינע גערעכטע געזעצן" (חצות לילה אקום להודות לך על משפטי צדקך). לאָמיר דאָ ברענגען נאָך איין פּסוק פון דער וווּנדערלעכער שירה וועגן תורה, פון אשרי תמימי דרך: „ווען די תורה וואָלט ניט געווען מיין דערקוויקונג, וואָלט איך אונטערגעגאַנגען אין מיין פּיין" (לולי תורתך שעשועי

אז אבדתי בעניי). די תורה איז אַ טרייסט, די תורה איז אַ דערמוטיקונג און אַ דערקוויקונג אין צייטן פון נויט און פּיין, אין באַדינגונגען פון איינזאַמקייט און הילפלאָזיקייט. דערפאַר האָבן מיר דאָך תמיד געלערנט תורה מיט אַ ניגון.

ווען מיר באַטראַכטן אונדזער לאַנגע גלות־געשיכטע, קאָנען מיר זאָגן צוזאַמען מיטן דיכטער פון תהילים: ווי געזאַנגען זיינען פאַר אונדז געווען דיינע געזעצן אויפן וועג פון אונדזערע וואַנדערונגען.

א מאמר אין זוהר מאַכט פאַר אונדז קלאָר דעם טיפערן זין פון דער תורה־מיסטיק: „גאָט ברוך הוא, די תורה און דאָס פאָלק ישראל זיינען איינס" ווערט דאָ געזאָגט (קודשא בריך הוא, אורייתי וישראל חד הוא). גאָט, תורה און פאָלק. די תורה געהערט דעם פאָלק און דאָס פאָלק איז אַ שותף צו דער תורה. אַ צענטראַלער מאָטיוו אין דער יידישער תורה־מיסטיק איז: דער שטאָלץ מיט דער תורה. וויל מען אָפּגעבן אַ יידן כבוד, רופט מען אים אויף צו דער תורה. די תורה איז אונדזער יחוס, די תורה גיט אונדז חשיבות. ווערט דאָך שוין געזאָגט אין דברים: „וואָרום די תורה איז אייער חכמה און אייער פאַרשטענדיקייט אין די אויגן פון די פעלקער, ווייל ווען זיי וועלן הערן אַלע די דאָזיקע געזעצן, וועלן זיי זאָגן: באמת, אַ קלוגע און פאַרשטענדיקע אומה איז דאָס דאָזיקע גרויסע פאָלק". און אין דער וווּנדערלעכער תפילה „אהבה רבה" בעטן מיר דעם באַשעפער, ער זאָל שטאַרקן אונדזער האַרץ צו לערנען און צו פאַרשטיין די ווערטער פון דער תורה. אונדזערע אויגן זאָלן זען דאָס ליכט פון דער תורה, און מיר זאָלן קיין מאָל ניט פילן זיך פאַרשעמט. (ולא נבוש לעולם ועד).

דער זעלביקער מאָטיוו פון ניט ווערן פאַרשעמט ווערט איבערגעחזרט אין „אשרי תמימי דרך". „קייקל אַראָפּ פון מיר שאַנד און חרפה, ווערט דאָ געזאָגט, ווייל דיינע געבאָטן האָב איך אָפּגעהיט" (גל מעלי חרפה ובוז כי עדותיך נצרתי). אַ צווייטער פסוק זאָגט: איך וועל רעדן וועגן דיינע געבאָטן פאַר מלכים און איך וועל מיך ניט שעמען (ואדברה בעדותיך נגד מלכים ולא אבוש). און ווען מיר זאָגן אונדזערע תפילות „אתה בחרתנו מכל העמים" דו האָסט אונדז אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער, האָבן מיר דאָך אין זינען די תורה און די מצוות. גאָר באַזונדערס דערמאָנען מיר אין „אתה בחרתנו" די יום־טובים: און דו האָסט אונדז געגעבן מיט ליבשאַפט, ווערט דאָ געזאָגט, באַשטימטע טעג פאַר שמחה, יום־טובים און צייטן פאַר פרייד. אויך אונדזערע טעג פון שמחה זיינען פאַרבונדן מיט תורה, גאָר באַזונדערס דער טאָג פון שמחת־תורה, ווען אַ גאַנץ פאָלק פרייט זיך מיט זיין תורה. גאָט ברוך הוא, די תורה און דאָס פאָלק ישראל זיינען איינס. און דער עיקר — די תורה איז אונדזער יחוס, די תורה באַפרייט אונדז פון בושה. דער פאַרשעמטער מענטש געפינט זיין טרייסט אין דער תורה.

דערין באַשטייט דער גרויסער אונטערשייד צווישן יידישקייט און די רעליגיעזע טראַדיציעס פון אַנדערע פעלקער. ביים באַרג סיני האָט זיך פאַרזאַמלט דאָס גאַנצע פאָלק ישראל און אַלע האָבן געהערט גאָטס וואָרט. און משה רבינו

זאָגט צו די קינדער פון ישראל: „אַ קול פון ווערטער האָט איר געהערט, אָבער אַ געשטאַלט האָט איר ניט געזען, בלויז אַ קול" (קול דברים אתם שומעים ותמונה אינכם רואים זולתי קול). דאָ ווערט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט אַרויסגע־בראַכט דאָס וואָס איז געווען אַזוי רעוואָלוציאָנער, אַזוי ניי אין דער דראַמע ביים באַרג סיני. אַ קול פון ווערטער האָט איר געהערט, אָבער אַ געשטאַלט האָט איר ניט געזען. דאָ האָבן מיר דעם וועלט־היסטאָרישן קאָנפליקט צווישן וואָרט און געשטאַלט. יעדע פאָרעם פון געשטאַלט איז פאַר אונדז אַ סימן פון עבודה זרה. יידישקייט איז אַ וועג אָן געשטאַלטן, אָן בילדער, ווייל אַ בילד איז אַן אָפּגאָט, ווייל אַ בילד איז עבודה זרה. די תורה איז אַ תורה פון פאָלק, ניט פון איינצלנע קלאַסן. ניט פון איינצלנע העלדן, נאָר פון גאַנצן פאָלק. גאָטס פאָלק איז דאָס פאָלק פון תורה און גאָטס תורה איז די תורה פון פאָלק.

דער מענטש איז לויט זיין נאַטור אַ געצנדינער. אַ געשטאַלט אַפּעלירט צו אים מער ווי דאָס וואָרט. אַפילו נאָך אין אונדזער צייט האָבן „העלדן" אַ גרעסערע ווירקונג ווי ביכער און אַפילו געזעצן. מיר ווערן פאַרכישופט פון דער ראָמאַנטיק פון גרויסע פערזענלעכקייטן, גרויסע פירער. אַ געוועזענער גענע־ראַל האָט גרעסערע שאַנסן אויסגעקליבן צו ווערן אַלס פּרעזידענט ווי דער גרעסטער דענקער. די אינסטיטוציע פון טעלעוויזיע האָט נאָך פאַרשטאַרקט די באַדייטונג פון דער געשטאַלט, דעם עלעמענט פון געצנדינערישקייט אין פּאָלי־טישן לעבן. אַ קאַנדידאַט פאַר אַ וויכטיקן פּאָליטישן אַמט דאַרף קודם־כל אַפּעלירן מיט זיין אויסזען, מיט זיין אויסערלעכקייט. ער דאַרף קענען „שפּילן אַ ראָל", כדי אויסצונעמען ביי די וויילער. אידעען שפּילן אַ סך אַ קלענערע ראָל. און דער עיקר — מיט אידעען ווערן אונדזערע קאַנדידאַטן באַזאָרגט. דערויף זיינען דאָ עצה־געבער, אַפילו די רעדעס ווערן צוגעגרייט פון פּראָפעסיאָנעלע שרייבער. דער קאַנדידאַט דאַרף זיך בלויז אויסלערנען צו שפּילן די ראָל פון דעם גרויסן פירער.

די תורה איז אָבער ניט סתם אַן אַבסטראַקטע תורה, אַ תורה פון הימל. אַזוי ווערט אין דברים געזאָגט „לא בשמים היא", די תורה איז ניט אין הימל. יידישקייט איז אַ וועג פון לעבן, פון טאָג־טעגלעכן לעבן. ניטאָ ביי אונדז קיין אונטערשייד צווישן רעליגיעזע און וועלטלעכע געבאָטן. ווייל גאָט און וועלט, פאָלק און תורה גייען צוזאַמען. דאָס איז דער סוד פון שמחת־תורה. די תורה איז אונדזער פרייד און די תורה העלפט אונדז צו פאַרשטיין די גרויסקייט פון דעם מענטשן און די הייליקייט פון מענטשלעכן לעבן.

# דער יום־טוב פון פרייד און פון שעפערישער אַרבעט

סוכות איז דער יום־טוב פון פרייד, זמן שמחתנו. עס איז אַ פרייד פאַר אַלעמען, פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר דער פאַמיליע און פאַר יעדן איינצלנעם, אויך פאַרן אָרעמסטן. „און דו זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום־טוב", ווערט געזאָגט אין ספר דברים, „דו און דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט און דער לוי און דער גר און דער יתום און די אלמנה, וואָס לעבן צוזאַמען מיט דיר".

וואָס איז דער טעם פון דער פרייד פון סוכות? אויך דערויף געפינען מיר אַן ענטפער אין ספר דברים: עס איז אַ פרייד פון ברכה, די מזל־ברכה פון אַרבעט. „וואָרום גאָט דיין גאָט וועט דיך בענטשן", ווערט דאָרט ווייטער געזאָגט, „אין אַלץ וואָס דאָס לאַנד ברענגט אַרויס און אין אַלץ וואָס דיינע הענט שאַפן און דו וועסט זיין לויטער פרייד".

סוכות ווערט אויך באַצייכנט ווי דער חג האסיף, דער יום־טוב פון איינזאַמלען, ווען מען פאַרענדיקט אַראָפּנעמען גאָטס ברכה פון די פעלדער און די גערטנער. דאָס אַלץ איז אונדז אַלעמען גוט באַקאַנט, און דאָך איז עס נייטיק אויך אין אונדזער צייט זיך אַריינצוטראַכטן און עפּעס צו לערנען פון אָט די אַזוי גוט באַקאַנטע פאַקטן און אידעען וועגן דעם יום־טוב סוכות. וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער אַלטער יום־טוב פון לאַנדווירטשאַפטלעכן לעבן אין אַמאָליקן ארץ־ישראל צו אונדזער צייט, צו דעם יידישן מענטשן פון אונדזער דור?

געוויס, סוכות איז ניט נאָר אַ יום־טוב פון לאַנדווירטשאַפטלעכן לעבן. סוכות איז אפשר דער קאָלירפולסטער יום־טוב, וואָס די טראַדיציע האָט אָפּגעהיט. און דאָך איז סוכות ביז צום היינטיקן טאָג נאָך פול מיט סימבאָלן פון אַלטן יידישן פויערים־לעבן, ווי דאָס זאָגן עדות די סוכה, דער לולב, דער אתרוג און אַז. וו. אָט די אַלטע סימבאָלן האָבן אויך פאַר דעם היינטיקן מענטשן ניט פאַרלוירן זייער זין. וואָרום אין תוך זיינען די פּראָבלעמען פון היינט ניט אַנדערש ווי די פּראָבלעמען פון אַמאָל. וואָרים וואָס זוכט דען אַ מענטש אין דער קורצער צייט, וואָס אים איז באַשערט צו פאַרברענגען אויף דער וועלט? ער זוכט אַרבעט, וואָס זאָל אים ברענגען פרייד און באַפרידיקונג.

אַרבעט און פרייד — אָט דאָס זיינען די צענטראַלע פּראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן אויך אין אונדזער צייט.

אַרבעט קאָן פאַרשאַפן אַ סך פרייד, אַרבעט קאָן אויך פאַרשאַפן צער און פאַרדרוס. מען מוז זיך היטן פון אַן איבערגעטריבענער ראָמאַנטיק פון אַרבעט. מען האָט אין אונדזער צייט געזונגען אַ סך לויב־געזאַנגען וועגן דער באַדייטונג און דער וויכטיקייט פון אַרבעט. מען האָט אַפילו געפּרוווט שאַפן אַ קולט פון אַרבעט, דער עיקר — פון ערד־אַרבעט. לאָמיר זיך מודה זיין, אַז דאָס אַלץ איז גאָר אָפט ניט מער ווי פּאָעזיע, ווי ליטעראַטור. מען שרייבט וועגן דער

שיינקייט פון אַרבעט, ווי די אַרבעט מאַכט דעם מענטשן איידעלער. אָבער די אַלע, וואָס שרייבן אַזוי וווּנדערלעך וועגן דער שיינקייט און הייליקייט פון אַרבעט, פאַרנעמען זיך אַליין גאָר זעלטן מיט פיזישער אַרבעט.

אויך דער תנ"ך איז ווייט פון דער נאַיווער ראָמאַנטיק פון אַרבעט. שוין אין די ערשטע קאַפּיטלען פון בראשית ווערט אָנגעוויזן אויף דער שווערער האַרעוואַניע, וואָס איז דער גורל פון דעם אַרבעטס־מענטשן. „מיט דעם שווייס פון דיין פּנים זאָלסטו עסן דיין ברויט", ווערט דאָ קלאָר געזאָגט: ניט אַזוי גרינג איז אָנגעקומען דעם יידישן מענטשן אין דער צייט פון תנ"ך אויסצו־האַרעווען זיין שטיקל ברויט. און דאָך זיינען אונדזערע גרויסע יום־טובים, פּסח, שבועות און סוכות, יום־טובים פון אַרבעט.

אַרבעט איז אָפט שווער, דערפאַר, אָבער, פאַרשאַפט אונדז אַ סך פרייד ווען מיר האָבן דאָס גליק צו זען די פּרוכט פון אונדזער אַרבעט. די גרויסע פרייד קומט ווען מען באַווייזט אַראָפּצונעמען די תבואה פון די פעלדער. עס איז ניט נאָר אַ ריין־מאַטעריעלע פרייד. פאַראַן אַ טיפערער זין אין אָט דער פרייד פון שניידן און זאַמלען. עס איז אַ הייליקע פרייד, אַ יום־טובדיקע פרייד. עס איז די פרייד פון שעפערישקייט. אונדזער גאַנצע מענטשלעכע קולטור איז דאָך געבויט אויף אַרבעט. עס איז ניט מעגלעך קיין שעפערישקייט אָן אַרבעט. דורך זיין אַרבעט ווערט דער מענטש אַ שותף צום באַשעפער פון דער וועלט. דאָס איז דער זין פון „בצלם אלקים ברא אותו", אין גאָטס געשטאַלט איז דער מענטש געשאַפן געוואָרן.

דער מענטש וואָס אַרבעט טראַכט ניט וועגן היינט. ווען דער פּויער פאַר־זייט זיין פעלד, ווייסט ער זייער גוט, אַז אים וועט אויסקומען לאַנג צו וואַרטן ביז די צייט פון שניט וועט קומען. קענען וואַרטן, קענען האַרעווען פאַר דער צוקונפט — דערין באַשטייט די גרויסקייט פון מענטשלעכער אַרבעט. און ווען אַ מענטש פאַרפלאַנצט אַ פּרוכט־גאַרטן, קומט אים דאָך אויס אָפט יאָרן און יאָרן צו וואַרטן. דאָס איז דער זין פון קולטור — טראַכטן וועגן דער צוקונפט, שאַפן די צוקונפט, לעבן מיט דער צוקונפט.

און אַזוי איז עס אויך, ווען אַ מענטש בויט אַ הויז, אָדער ווען ער הייבט אָן בויען זיין פאַמיליע־לעבן. פאַראַן אין חומש דברים אַ געזעץ וועגן מלחמה, פון וועלכן מיר קאָנען זייער אַ סך לערנען: ווען דאָס פאָלק פאַרזאַמלט זיך צו דער מלחמה, ווערט דאָרט געזאָגט, דאַרפן די אויפזעער זיך ווענדן צו די פאַר־זאַמלטע מלחמה־לייט מיט די ווערטער: „ווער פון אייך האָט געבויט אַ ניי הויז און האָט עס ניט באַנייט, זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, טאָמער פאַלט ער אין מלחמה און אַן אַנדערער וועט עס באַנייען" (מי האיש אשר בנה בית חדש ולא חנכו ילך וישב לביתו פן ימות במלחמה ואיש אחר יחנכנו). און דאָס זעלביקע ווערט געזאָגט וועגן דעם וואָס האָט ערשט איצט פאַרפלאַנצט אַ ווייַנגאַרטן און וואָס האָט פאַרקנסט אַ פרוי און האָט נאָך מיט

איר ניט חתונה געהאַט. אַט די אַלע ווערן באַפרייט פון זייערע מיליטערישע פליכטן. מיר מוזן געבן דעם מענטשן די מעגלעכקייט פון פרייד אַפילו אין קריטישע צייטן, אַפילו ווען דאָס לאַנד איז אין סכנה.

מיר זעען דאָ די טראַגישע סיטואַציע פון דעם מענטשן, וואָס הייבט אָן בויען אַ הויז און האָט ניט דאָס גליק עס אַליין צו באַניייען. אַן אַנדערער פאַר־נעמט זיין פּלאַץ, אַן אַנדערער באַגייט דאָס הויז. מענטש האָט פרייד פון זיין אַרבעט דער עיקר ווען ער קאָן זען די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט. דאָס איז דער טיפערער זין פון דעם יום־טוב פון אַרבעט.

מיר קאָנען גיין נאָך ווייטער: אויך דער הייליקער טאָג שבת איז אין תוך אַ יום־טוב פון אַרבעט. ווער עס וויל פאַרשטיין דעם טיפערן זין פון יידישקייט מוז אָנהייבן פון די מאַיעסטעטישע פסוקים פון בראשית. די גע־שיכטע פון בראשית האָט באַזונדערס אין לויף פון די לעצטע הונדערט יאָר אַרויסגערופן אַ סך וויכוחים. קאָנען מיר היינט אָננעמען, פרעגן אַ סך, אַז די וועלט איז טאַקע געשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג? אַ וויסנשאַפטלעכער וויכוח פאַר זיך אַליין איז היינט, גלייב איך, ניט מער אַקטועל. מען קאָן געפֿי־נען פאַרשיידענע דערקלערונגען און אויסטייטשונגען. דערפאַר איז אָבער פאַר אונדז גאָר וויכטיק די גאַנצע יידישע פאַרשטעלונג וועגן גאָט ווי דעם באַשע־פער פון דער וועלט, דעם בורא עולם.

מען האָט אָפט צו אונדז טענות, מען קריטיקירט אָפט די יידישע פאַר־שטעלונג וועגן גאָט, מ׳וואַרפט אונדז פאָר, אַז דער גאָט פון תנ״ך איז אַ צו שטרענגער גאָט. פאַראַן זיכער אַ צאָל שטעלן אין תנ״ך, וואָס לאָזן זיך אין דעם זין אויסטייטשן, און דאָך איז אָט־די גאַנצע קריטיק ניט באַגרינדעט. די יידישע פאַרשטעלונג וועגן וועלט און גאָט געפינט איר קלאַסישן אויסדרוק אין דער געשיכטע פון בראשית. די געשיכטע פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט. דער גאָט פון תנ״ך איז דער בורא עולם. באַשאַפן, שעפערישקייט, דאָס איז די יידישע אידעע און דער יידישער אידעאַל.

און דער חומש האָט ניט מורא צו באַנוצן גאַנץ נאַיִווע אויסדרוקן, כדי קלאָר אַרויסצוברענגען די אידעע פון שאַפן און באַשאַפן. גאָט באַשאַפט די וועלט מיטן כוח פון זיין וואָרט: „און גאָט האָט געזאָגט: עס זאָל ווערן ליכט. און עס איז געוואָרן ליכט". („ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור"). און דאָך געפינען מיר אין דער געשיכטע פון בראשית דעם מענטשלעכן אויסדרוק מלאכה. אין דעם זיבעטן טאָג, ווערט אונדז דאָ געזאָגט, האָט גאָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט, „און ער האָט גערוט אין דעם זיבעטן טאָג פון זיין גאַנצער אַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן" („וישבת ביום השביעי מכל מלאכתו אשר עשה"). אַ פּאָר פסוקים פריִער ווערט געזאָגט, אַז דער בורא האָט באַטראַכט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט באַשאַפן און עס איז זייער גוט („וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד").

עס איז אַבסאָלוט קלאָר: דאָ מוזן מיר באַנוצן דעם כלל פון **דברה תורה כלשון בני אדם** (די תורה רעדט אויף דעם אופן ווי מענטשן רעדן). די תורה איז דאָך ניט געשריבן געוואָרן פאַר מלאכים. זי איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן. וואָס איז דער מענטשלעכער זין פון אָט־דער ווונדערלעכער געשיכטע פון בראשית? דער באַשעפער פון דער וועלט האָט דעם מענטשן געשענקט די מתנה פון שעפערישקייט. אויך דער מענטש קאָן באַשאַפן וועלטן, און ער קאָן, ליידער, אויך חרוב מאַכן וועלטן. און פונקט ווי דער בורא עולם האָט אין זעקס טעג באַשאַפן די וועלט און דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט, אַזוי מוז אויך דער מענטש פאַרשטיין, אַז ס'זיינען דאָ טעג פון אַרבעט און טעג פון אָפּרו. עס קאָן ניט זיין קיין פרייד פון אַרבעט אָן אַ שבת, אָן אַ יום־טוב.

און נאָך אַ זאַך לערנט אונדז די געשיכטע בראשית: דער שעפער מוז האָבן די מעגלעכקייט צו זען די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט. דאָס איז די גרויסע פרייד פון אַרבעט און שעפערישקייט.

אין אונדזער צייט האָט דער מענטש, דער דורכשניטלעכער אַרבעטס־מענטש, גאָר זעלטן די מעגלעכקייט צו זען די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט. דאָס איז דער כאַראַקטער פון דער מאָדערנער מאַסן־פּראָדוקציע. וואָס פאַר אַ ראָל שפּילט דען דער איינצלנער אַרבעטער אין דער מאָדערנער גרויסער פאַבריק? עס איז אין אונדזער צייט אַ סך שווערער צו פאַרבינדן אַרבעט מיט פרייד, עס איז היינט שווער צו פילן די יום־טובדיקייט ווען מען פאַרענדיקט אָן אַרבעט.

געוויס, עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען. דער אינזשיניער, דער דערפינדער, דער גרויסער אַנטדעקער האָט אָפּט די מעגלעכקייט צו באַוווּנדערן זיין אַרבעט. אָבער דאָס זיינען אַלץ אויסנאַמען. די גרויסע מאַסע איז פּאַקטיש באַרויבט פון דער פרייד פון אַרבעט, פון דער פרייד פון שעפערישקייט. מיר האָבן היינט די מעגלעכקייט בעסער צו לעבן, מער צו פאַרדינען. עס פעלן אונדז אָבער די פרייד פון אַרבעט און די פרייד פון יום־טובדיקייט. אַנטקעגן דעם איז אין גאַנצן געבליבן דער פאַרדרוס פון אַרבעט. אונדזערע טעג פון אַרבעט זיינען וואָכעדיק און אונדזערע טעג פון אָפּרו זיינען ניט וויניקער וואָכעדיק.

אַ גרויסער דענקער ווי קאַרל מאַרקס האָט דאָס פּראָבלעם פאַרשטאַנען, אָבער קיין ענטפער אויף אָט־דער פראַגע, וואָס איז דער עיקר פאַרבונדן מיט די מאָדערנע מעטאָדן פון מאַסן־פּראָדוקציע, האָט אויך קאַרל מאַרקס ניט געפונען. און איך גלייב בפירוש, אַז מיר קאָנען ניט געפינען קיין ענטפער אויף אָט־דער פראַגע, כל זמן מיר בלייבן אין די גרענעצן פון וואָכעדיקייט. פּאָליטישע ענדע־רונגען און סאָציאַלע רעפאָרמען קאָנען דאָ ניט העלפן, ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין. די גרויסע פראַגע פון אונדזער צייט איז — ווי רייסט מען זיך אַרויס פון דעם פאַרכישופטן קרייז פון וואָכעדיקייט, פון 365 וואָכעדיקע טעג אַ יאָר?

דער היינטיקער מענטש האָט ניט אַלע מאָל די מעגלעכקייט צו זיין דער פולער בעל־הבית איבער זיך אַליין אין די וואָכעדיקע טעג. ניט יעדער מענטש

האָט דאָס גליק צו זיין צופרידן מיט זיין אַרבעט. דאָס לאָזט זיך קוים ענדערן. דערפֿאַר, אָבער, האָט יעדער מענטש די מעגלעכקייט צו מאַכן פֿאַר זיך שבת, צו מאַכן פֿאַר זיך יום־טוב. ער קאָן זיך בויען אַ סוכה, אויב אַפילו ער האָט ניט קיין מעגלעכקייט צו בויען פֿאַר זיך אַ הויז. דאָס איז דער סימבאָל פֿון דער סוכה, פֿון דער שעפֿערישקייט פֿון יידישן יום־טוב. אויך דער יידישער מענטש אין גלות האָט געקאָנט בויען פֿאַר זיך אַ סוכה. עס זיינען גאָר באַזונדערס די טעג פֿון יום־טוב ווען מיר קאָנען געפֿינען פֿרייד און באַפֿרידיקונג. דאָס איז דער זין פֿון סוכות, פֿון זמן שמחתנו.

## שמחת־תורה

אונדזערע יום־טובים זיינען אַלע יום־טובים פֿון פֿאָלק, אָבער נאָך מער ווי די אַנדערע יום־טובים איז דער טאָג פֿון שמחת־תורה אַ יום־טוב פֿון גאַנצן פֿאָלק.

עס איז ניט קיין יום־טוב פֿאַר לומדים און רבנים, עס איז ניט קיין יום־טוב פֿאַר גבירים און מנהיגים; עס איז אַ יום־טוב פֿון גאַנצן פֿאָלק, אַ יום־טוב פֿון אַלע יידן און יעדן יידן. עס איז אַ יום־טוב פֿון העכסטער גייסטיקייט און גלייכצייטיק — אַ יום־טוב פֿון דער פּשוטסטער און נאַטירלעכסטער פֿאָלקסטימלעכקייט.

און געשאַפֿן געוואָרן איז דער יום־טוב שמחת־תורה אין די שווערסטע צייטן אין גלות, אין די פֿינצטערע דורות פֿון מיטלאַלטער. אין ארץ־ישראל, ווו סוכות איז ניט מער ווי אַכט טעג, איז שמחת־תורה נאָך היינט אויך פֿאַרבונדן מיט שמיני עצרת. אין אָנהייב מיטלאַלטער האָט אַפילו דער נאָמען שמחת־תורה נאָך ניט עקזיסטירט. פֿון דער צייט פֿון תלמוד איז אונדז, אמת, באַקאַנט דער מנהג צו פּראַווען אַ סיום ווען מען פֿאַרענדיקט לערנען אַ ספר. אין דער תלמודישער צייט אָבער פֿלעגט מען אין ארץ־ישראל געוויינטלעך פֿאַרענדיקן לייענען די תורה בציבור איין מאָל אין דריי יאָר (אָדער איין מאָל אין דריי און אַ האַלב יאָר). אַנטקעגן דעם איז אין חוץ לארץ געווען אָנגענומען דער מנהג צו פֿאַרטיילן די תורה אויף סדרות, לויט דער צאָל שבתים פֿון יאָר. אַזוי אַז יאָר־איין יאָר־אויס האָט מען אָנגעהויבן און פֿאַרענדיקט אַלע פֿינף חומשים פֿון דער תורה: שבת נאָך סוכות האָט מען אָנגעהויבן פֿון בראשית און שמחת־תורה האָט מען פֿאַרענדיקט מיט וזאת הברכה, מיט די לעצטע ווערטער פֿון משה רבינו.

ביסלעכוויז הייבט זיך אָן אין מיטלאַלטער איינצובירגערן דער נאָמען שמחת־תורה. עס ווערן איינגעפירט אַ צאָל מנהגים, ווי די הקפות, למשל, וועלכע ווערן נאָך אין די עלטערע ספרים אַפילו ניט דערמאָנט. אַזוי ווערט דער לעצטער טאָג סוכות אַ יום־טוב פאַר זיך, מיט זיין אייגענעם סטיל און זיין אייגענעם קאָלאָריט, אַ יום־טוב פון דער תורה און אַ יום־טוב פון פאָלק.

אַ פאָלק אַ נע ונד, פאַרפאָלגט און געטרודפט דורך דורות און דורות; אַ פאָלק אָן אַ היים, אָן אַ לאַנד און אָן אַ מלוכה, און אַזאַ פאָלק האָט אין זיך דעם מאָראַלישן כוח צו שאַפן אַ יום־טוב פון לויטער גייסטיקייט, אַ שמחה פון תורה! און דער יום־טוב ווערט אַנגענומען, ווערט אַלץ מער און מער באַליבט, באַהערשט אַלץ מער און מער די נשמה פון פאָלק, איז אַזאַ פאָלק געווען אין גלות?

יאָ, מיר זיינען געווען אין גלות פיזיש, סאָציאַל, אָבער ניט גייסטיק. אויך אין די שווערסטע צייטן זיינען מיר געבליבן אַ פריי פאָלק, האָבן מיר ניט פאַרלוירן דעם ווילן צו פרייהייט, האָבן מיר ניט פאַרלוירן דעם גלויבן אין אונדזערע כוחות, האָבן מיר ניט פאַרלוירן דעם מוט צו שאַפן.

אונדזערע שונאים האָלטן אונדז אין איין באַשולדיקן: מיר זיינען אַ פאָלק פון קרעמער, פון הענדלער, אַ פאָלק פון לויטער געשעפטסלייט און געלט־זוכער. דאָס האָבן אַפילו ניט געלייקנט אַ טייל פון אונדזערע אַזוי גערופענע פריינט. זיי האָבן בלויז געפונען אַ פאַרענטפערונג פאַר אונדזער כלומרשטער געפאַלנקייט. וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן? אַפילו יידישע דענקער און יידישע שרייבער רעדן דאָך ניט זעלטן וועגן אונדזער געפאַלנקייט אין גלות. פרעגט זיך אָבער: ווען און ווו האָט אַ פאָלק, וואָס איז דורך זיין גאַנצער געשיכטע געבליבן אויף זיין לאַנד, געשאַפן אַזוי פיל גייסטיקייט ווי אונדזער פאָלק האָט געשאַפן? ווען האָט אַ פאָלק זיך אַזוי מוסר נפש געווען, כדי אויפצוהיטן זיין גייסטיקע ירושה?

באַקענט זיך מיט אונדזערע יום־טובים און איר וועט דאַן פאַרשטיין די נשמה פון אונדזער פאָלק, איר וועט דאַן פאַרשטיין די האָפענונגען און די בענקענישן פון דעם יידישן פאָלקס־מענטשן. דער יידישער יום־טוב איז אַ טאָג, ווען מען טראַכט ניט וועגן געלט, ווען מען טאָר אַפילו וועגן געשעפטן ניט רעדן, און דער יידישער חלום איז די צייט, ווען עס וועט זיין כולו שבת, אָן געשעפטן, אָן געלט, אָן באַנק־ביכלעך און אָן פראָפיטן, יידן וועלן זיין פריי פון דאגות פרנסה, פריי פון געשעפטן און וועלן קאָנען זיצן טאָג און נאַכט לערנען תורה. דאָס איז דער יידישער חלום, דאָס איז די בענקעניש פון דעם יידישן פאָלקס־מענטשן.

די נשמה פון פאָלק אַנטפּלעקט זיך אין זיינע חלומות, אין זיינע יום־טובים. און אויב דאָס פאָלק האָט מיט אַזוי פיל ליבע געשאַפן אַ יום־טוב פון דער תורה, איז דערפון קלאָר, אַז די תורה איז געווען דער חלום פון פאָלק. און מערקווערדיק — גראָד שמחת־תורה איז געווען דער מנהג צו זינגען לידער אין

יידיש. מען פלעגט זיך אַפילו ניט אָפּשרעקן צו זינגען העברעיִשע און יידישע לידער, געמישט מיט רוסישע אָדער אוקראַיִנישע פּערזן. אַזוי, למשל, ברענגט אונדז שלום עליכם אין זיינע „אָרעמע און פריילעכע" אַ שמחת־תורה־ליד פון אַ „סיבירניק":

ראַדויסאַ איזראַעל,
סעוואָדניאַ שמחת־תורה;
דאַזשע וו'סיבירי —
פאַר וועמען האָב איך מורא?

און שלום עליכמס „חברה הוליאַקעס" פלעגן שמחת־תורה ווערן גאָר בייע מענטשן: קאַפּל דער שוסטער און אַליק דער שניידער „לאָזן זיך אין אַ טענצל... און ביידע זינגען זיי אַ יום־טובדיק ליד און די גאַנצע חברה הוליאַקעס העלפן אונטער, ווער מיטן קול און ווער מיטן פּליעסקען פון די הענט. אָט דאָס איז דאָס ליד, וואָס זיי זינגען:

אתה בחרת־ת־נו
מכל הע־מים.
איזאַ וסיעך נאַראַ־ראַ־ראַדאָוו
טי נאַס פּאַלוביל.

וואָס איז דאָ געווען אַזוי גרויס די שמחה פון דער תורה? מיט וואָס האָבן זיך דאָס די פּראָסטע יידן אַזוי געפרייט? איז עס באמת געווען זייער תורה?

אַן אַלטע אגדה דערציילט: ווען משה רבינו האָט געגעבן די תורה צו די כהנים, זיי זאָלן עס אויפהיטן פאַרן פאָלק, זיינען די יידן געקומען צו אים מיט אַ טענה: „דו האָסט גענומען די תורה און דו האָסט זי אַוועקגעגעבן צו די כהנים?" האָט משה זיי געענטפערט: ווילט איר מיר זאָלן שליסן אַ בונד, אַז ווער נאָר עס וועט וועלן לערנען תורה זאָל אים קיינער דערין ניט שטערן? האָבן זיי געענטפערט: יאָ! האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט און האָבן געשוווירן, אַז מען טאָר קיין שום מענטשן ניט אָפּהאַלטן פון לערנען תורה, ווי עס ווערט געזאָגט אין פּסוק: אל כל ישראל, צו אַלע יידן (עמדו ונשבעו שאין אדם נמנע מלקרות בתורה, שנאמר אל כל ישראל). די תורה איז געגעבן געוואָרן צו אַלע יידן. ניט נאָר צו די כהנים און אַפילו ניט בלויז צו די לומדים, נאָר צום גאַנצן פאָלק ישראל. איז ממילא די שמחה פון דער תורה אַ שמחה פון גאַנצן פאָלק.

די מנהגים פון שמחת־תורה ברענגען די דאָזיקע אידעע אַרויס מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט. די תורה פון ישראל און דאָס פאָלק פון ישראל לאָזן זיך איינס פון דעם אַנדערן ניט אָפּטיילן. עס איז אַן אייביקער בונד, וואָס

ווערט פון דעסטוועגן יאָר נאָך יאָר ווידער און ווידער באַנייט. עס איז אַ בונד פון אייביקער ליבע און אייביקער געטרייקייט, די געטרייקייט פון אַ גאַנץ פאָלק צו אַ הייליקער אידעע!

עס איז ניט געווען אַזוי גרינג צו געווינען דאָס גאַנצע פאָלק פאַר דער תורה. מיר ווייסן, אַז אין דער צייט פון בית שני זיינען פאָרגעקומען הייסע וויכוחים און אַפילו פאַרביטערטע קאַמפן אַרום דער פראַגע וועגן דער ראָל פון דער תורה אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון דעם פאָלקס־מענטש. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן, אַז תורה איז גאָרניט קיין ענין פאַרן פשוטן פאָלק. ווי קומען פאַרזאָרגטע און פאַרהאָרעוועטע מענטשן צו תורה?

די אַריסטאָקראַטישע פּאַרטיי פון די צדוקים האָט בפירוש געהאַלטן, אַז תורה דאַרף זיין דער קנין בלויז פון אַ קליינער גרופּע. נאָר די כהנים האָבן געענוג צייט און געדולד זיך אָפּצוגעבן מיט גאָטס תורה, דעריבער דאַרף מען גאָרניט מאַכן דעם פּרווו צו ברענגען די תורה אין דער שוסטער־גאָס אַריין, ווי מען וואָלט זיך היינט אויסגעדריקט. דאָס איז געווען אַ פאַרשפּרייטע מיינונג, און מען מוז צו דעם נאָך צוגעבן, אַז באַדייטנדיקע טיילן פון פאָלק גופא האָבן אין תוך מיט דעם געדאַנקען־גאַנג מסכים געווען. געווען פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבי געטראַכט: צו וואָס זאָלן מיר טאַקע, פאַרהאָרעוועטע און פאַרזאָרגטע אַרבעטס־לייט, אָפּגעבן אַזוי פיל צייט אויף לערנען תורה?

עס איז אַ טעות ווען מען מיינט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק קעמפט תמיד פאַר דעמאָקראַטיע און פרייהייט. דער אמת איז, אַז זייער אָפט זאָגן זיך אַ סך פאָלקס־מענטשן אָפּ פון זייערע רעכט, ווייל פרייהייט און דעמאָקראַטיע איז פאַר זיי אַ צו־שווערער יאָך.

איינער פון די גרעסטע טעותן, וואָס ווערן ביי אונדז אָפט געמאַכט, איז די אידעע, אַז עס איז פאַראַן שיער ניט אַן אייביקער קאָנפליקט צווישן די לומדים און דעם פשוטן פאָלק. ווייל איך ניט לייקענען, אַז עס זיינען פאַראַן באַדייטנדע אונטערשיידן צווישן קלאַסן און גרופּעס. זיכער האָט דער למדן ניט זעלטן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן פּראָסטן יידן. דער פאַקט איז אָבער, אַז ביי קיין שום אומה ולשון האָט די אינטעליגענץ ניט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פאַרשטענדעניש פאַרן פאָלק, ווי ביי יידן.

די יידישע אינטעליגענץ, אָנגעהויבן פון דער צייט פון דער משנה, האָט געהאַט נאָר איין און איינציקן ציל, צו פאַרוואַנדלען אַלע יידן אין אַ פאָלק פון תלמידי־חכמים. די יידישע לומדישע וועלט האָט געקעמפט ניט קעגן עם־הארצים, זי האָט געקעמפט קעגן עם־הארצות. יידישע תלמידי־חכמים האָבן זייער ערנסט גענומען די אידעע, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן צום גאַנצן פאָלק, צו אַלע יידן. ממילא האָט איטלעכער ייד אַ חלק אין דער תורה. ניט געווען דעריבער ביי קיין שום אומה אַזעלכע איבערגעגעבענע קעמפער פאַר פאָלקס־בילדונג, ווי די יידישע תלמידי־חכמים. עס איז גאָרניט געווען קיין גרעסערע

מצווה ביי יידן ווי לערנען תורה מיט יידישע קינדער (ותלמוד תורה כנגד כולם), ניט געווען קיין הייליקערע פליכט ווי בויען ישיבות און שטיצן אָרעמע בחורים, זיי זאָלן קאָנען אָפּגעבן זייער צייט פאַר תורה. דער יידישער לערנער איז דאָך כמעט תמיד געווען אַן „אָרעם־בחור", און אָרעמקייט איז ביי אונדז קיין מאָל ניט געווען קיין פאַרענטפערונג פאַר ניט לערנען.

עס איז אפשר ריכטיק, אַז אונדזערע תלמידי־חכמים האָבן מיט כוח אַרויפגעצוווּנגען אויפן פאָלק דעם יאָך פון תורה. אָבער אַזאַ אַרויפצווינגען איז אין תוך די העכסטע מדרגה פון דעמאָקראַטיע. מיט דער צייט איז די תורה געוואָרן דאָס אייגנס פון גאַנצן פאָלק און איטלעכער ייד האָט זיך מיטן גאַנצן הארצן און מיט דער גאַנצער נשמה געפרייט מיט דער תורה.

דער יום־טוב פון שמחת־תורה איז סימבאָליש פאַר דער דעמאָקראַטישער אידעע אין דער יידישער טראַדיציע. עס איז די דעמאָקראַטיע פון גייסטיקייט, עס איז דער אידעאַל פון אַ קעניגרייך פון כהנים און אַ הייליק פאָלק (ממלכת כהנים וגוי קדוש). אָט דער אידעאַל איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דווקא אין די שווערסטע צייטן פון אונדזער גלות־לעבן, אין יענע צייטן ווען דאָס פאָלק האָט געשאַפן דעם יום־טוב פון דער תורה, דעם טאָג פון שמחת־תורה!

## אונדזער רייכסטער אוצר פון פרייד

וואָס איז אַזוינס פרייד? קאָן אַ מענטש זיך משמח זיין נאָר ווען ער איז גליקלעך, אָדער איז פרייד אַ מתנה, וואָס דער טאַטע אין הימל האָט געשענקט פאַר אַלע זיינע קינדער? אונדזער גרויסער קינסטלער שלום עליכם האָט אונדז געגעבן אַ סעריע וווּנדערלעכע בילדער פון „אָרעמע און פריילעכע". וואָס פאַר אַ שמחות זיינען עס געווען אין אונדזערע אָרעמע שטעטלעך פון אַמאָל? מיט וואָס האָבן זיך אונדזערע פאַרזאָרגטע און פאַרהאָרעוועטע עלטערן אַזוי געפרייט? פון וואַנען האָט זיך דאָס מיט אַ מאָל צו אונדז גענומען די „חברה הוליאַקעס"?

מיר ווייסן זייער וווּל, אַז פרייד קאָן מען קויפן פאַר געלט. האָבן מיר דאָך אַ גאַנצע אינדוסטריע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פריילעך מאַכן מענטשן. די מאָדערנע בדחנים, די פריילעך־מאַכער, פאַרנעמען היינט שיער ניט דעם חשובסטן פּלאַץ אין אונדזער וועלט, און דאָך האָט די געקויפטע פרייד ניט דעם ריכטיקן טעם. עפּעס פעלט דאָ, און דאָס איז דערפאַר, ווייל ס'איז פרייד אָן יום־טובדיקייט; פרייד אָן אַ נשמה יתירה.

די גרויסע קונסט פון אמתער פרייד איז — אַרויסצוכישופן די שמחה, וואָס שטעקט פאַרבאָרגן טיף אין דער מענטשלעכער נשמה. עס איז אָפט גאָרניט

נייטיק צו גיין זוכן פרייד. דעם רייכסטן אוצר פון פרייד האָבן מיר אין זיך. אָבער ניט אַלע מאָל גיט זיך אונדז איין צו געפינען דעם שליסל צו אונדזער אייגענעם אוצר.

צוליב דעם טאַקע האָט דער מענטש געקראָגן במתנה די יום־טובים. דער יום־טוב איז דער שליסל צום אוצר פון שמחה, צו יענער העכערער פרייד, וואָס איז אַ סך מער ווי פּערזענלעכער גליק, ווי מאַטעריעלע הצלחה. עס איז די פרייד פון שותפות מיטן כלל, מיט דער געשיכטע און מיט דער גאַנצער וועלט. אַ מענטש קאָן אפשר גליקלעך זיין פאַר זיך; פרייד אָבער איז כמעט ניט מעגלעך אָן פריינט און אָן חברים. אָן געסט, אָן שותפים איז די שמחה קיין מאָל ניט פאַרפולט.

אויב אַלע יום־טובים זיינען טעג פון פרייד, איז סוכות אָבער דער באַזונדערער יום־טוב פון שמחה — „זמן שמחתנו". און קומען קומט דער יום־טוב פון פרייד נאָך די ערנסטע טעג פון תשובה און משפט. אָט ערשט פאַרענדיקט דעם תענית יום כיפור און שוין נעמט זיך דער ייד בויען זיין סוכה.

געווען אַ סך סיבות, וואָס האָבן די טעג פון סוכות צוגעגעבן דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון אַ יום־טוב פון שמחה. סוכות איז קודם־כל דער חג האסיף, דער יום־טוב, ווען מען זאַמלט איין דעם לעצטן טייל פון דער גערעטעניש פון דעם יאָר, די פּרוכט פון די וויינגערטנער. שוין דאָס אַליין איז אַ גרונד פאַר דאַנק און שמחה, וואָרים וויין ברענגט אַריין פרייד אין דעם מענטשלעכן געמיט.

אין דער צייט פון די מלכים און נביאים איז סוכות געווען דער וויכטיקסטער יום־טוב, ווערט ער דערפאַר אין אַ ריי שטעלן אין תנ"ך באַצייכנט מיטן נאָמען „החג", דער יום־טוב. אַ יאָר פון שווערער אַרבעט איז פאַרענדיקט און עס הייבט זיך באַלד אָן אַ ניי יאָר. מיט געמישטע געפילן פון אומרו און האָפענונג דערוואַרט דאָס פאָלק די צייט פון רעגן. די ברכה פון רעגן אין האַרבסטיקע טעג באַשטימט דעם גורל פון דעם גאַנצן יאָר. דאָס אויסגעטריקנטע לאַנד דורשט נאָך וואַסער, איז מען דעריבער שמיני עצרת מתפלל די תפילה פון גשם: גאָט זאָל שיקן גענוג רעגן, כדי די פּראַצע פון דעם דאָרפס־מענטש זאָל ניט גיין פאַרלוירן. מיט דעם איז געווען פאַרבונדן דער מנהג פון ניסוך המים, גיסן וואַסער פאַר גאָט. עס איז געווען מער אַ סימבאָלישע צערעמאָניע. אָט ווי מיר גיסן דאָ וואַסער אין בית המקדש, אַזוי זאָל אונדז גאָט שיקן די מזל־ברכה פון וואַסער אויף אונדזערע פעלדער. עס איז מעגלעך, אַז אויך דער מנהג פון שמחת בית השואבה, ווי ער ווערט באַשריבן אין דער משנה, איז פאַרבונדן מיטן ריטואַל פון שעפּן און גיסן וואַסער. אַזוי ווערט עס יעדנפאַלס דערקלערט אין דער תלמודישער טראַדיציע. די שמחת בית השואבה איז געווען אַ פאָלקס־שמחה אין פולסטן זין פון וואָרט: ווער עס האָט ניט געזען די שמחת בית השואבה, זאָגט אונדז די משנה, האָט ניט געזען קיין שמחה אין זיין לעבן.

די פייערלעכע צערעמאָניע פון גיסן וואַסער האָט אַחוץ דעם אויך געהאַט אַ טיפערן זין. וואַסער איז אַ משיחישער סימבאָל, עס איז דאָס וואַסער פון לעבן, וואַסער פון הילף. „און איר וועט שעפּן וואַסער מיט שמחה״, זאָגט אונדז ישעיה, „פון די קוואַלן פון הילף״. (ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה). לויטן תלמוד איז וואַסער דער סימבאָל פון תורה (אין מים אלא תורה). פּונקט אַזוי רעדט דער דיכטער פון תהילים וועגן דער דאָרשטיקייט פון דער מענטשלעכער נשמה, וועגן דער בענקעניש נאָך גאָט:

וויי אַ קינד טוט לעכצן נאָך טייכן וואַסער,
אַזוי לעכצט מיין זעל נאָך דיר, גאָט.
מיין זעל טוט לעכצן נאָך גאָט,
נאָך דעם לעבעדיקן גאָט.

האָט דער יום־טוב סוכות מיט זיין וווּנדערלעכער פאָלקסטימלעכער פייער־לעכקייט געשטילט אָט די בענקעניש נאָך הייליקייט.

נאָך מער ווי אַנדערע יום־טובים איז סוכות געווען פאַרבונדן מיטן באָדן פון ישראל. איז דערפאַר געווען די געפאַר אַזוי גרויס, אַז יידן אין גלות זאָלן, חס ושלום, פאַרלירן זייער פאַרבינדונג מיטן יום־טוב. ווי קאָנען מיר זיך פרייען, באַקלאָגט זיך איינער פון אונדזערע דיכטער, ווען אונדזער לאַנד איז חרוב, ווען קיין גערעטעניש זיינען מער ניטאָ און דאָס פאָלק איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זיין באָדן? און באמת, וואָס האָט פאַר דעם יידן אין גלות געקאָנט באַדייטן דער חג האסיף, דער יום־טוב פון זאַמלען?

איז דאָס אפשר טאַקע געווען דער גרעסטער נס אין אונדזער געשיכטע. מיר האָבן אונדזערע יום־טובים ניט פאַרלוירן און מיר האָבן אויסגעפונען דעם קוואַל פון שמחה אין אונדזער אייגענעם געמיט. אַזוי איז די באַשיידענע סוכה געוואָרן דער סימבאָל פון אונדזער גורל. אַ סוכה קאָן מען אומעטום אויפבויען: לעבט מען מיט דער וועלט און אויך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. אַ סוכה, האָט איינער פון אונדזערע אָריגינעלסטע רעליגיעזע דענקער באַמערקט, טאָר ניט זיין אין גאַנצן אָפּגעשלאָסן, אין גאַנצן צוגעדעקט. דורכן סכך דאַרף דער ייד פון דעסטוועגן נאָך האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוקוקן צום הימל. ער זיצט אין סוכה, ער שפּירט אָבער כסדר די ווינטן פון דרויסן. ער לעבט פאַר זיך און אויך אין דער וועלט.

דער ייד האָט קיין מאָל ניט פאַרגעסן זיין צוגעבונדנקייט צו דעם לאַנד פון די אבות. האָט מען געבראַכט אתרוגים און לולבים, כדי צו פייערן דעם יום־טוב אויף דעם זעלביקן אופן ווי אונדזערע עלטערן האָבן געפייערט דעם יום־טוב סוכות אַמאָל, ווען דער בית המקדש איז נאָך געווען. אין דער זעלבי־קער צייט אָבער ווערט ביים אתרוג־בענטשן אָפּגעהיט אַ מערקווערדיקער מנהג. מען שאָקלט דעם לולב אַנטקעגן אַלע פיר עקן פון דער וועלט, צו מזרח און

צו דרום, מערב און צפון; דאַן אויך אַנטקעגן הימל און צו דער ערד. אַזוי אַרום פאַרבינדט זיך דער ייד מיט דער גאַנצער וועלט. די צוגעבונדנקייט צום לאַנד ווערט דאַ אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן פאַרבונדן מיטן יידישן אוני־ווערסאַליזם, מיטן גלויבן אין איין גאָט און איין וועלט. דאָס איז דער סימבאָל פון באַוועגן דעם לולב, ווי ר׳ לוי יצחק האָט עס אַזוי קלאַסיש פאַרמולירט:

מזרח דו, מערב דו,
צפון דו, דרום דו,
מעלה דו, מטה דו,
נאָר דו, אַלץ דו...

דער סימבאָל פון דער סוכה איז — די קונסט צו לעבן אין צוויי וועלטן. ס׳איז אָבער אויך די קונסט צו שאַפן אַ וועלט פאַר זיך. ס׳מאַכט ניט אויס וואָס די אייגענע וועלט זעט אויס אַזוי קליין און באַשיידן, אויב נאָר איר קאָנט דורכן סכך אַרויסקוקן צום הימל.

בויען אַ סוכה פאַר זיך פאָדערט אַ סך מי, אָנשטרענגונג און נאָך מער מוט. צו וואָס דאַרף מען אַ סוכה, אַז עס איז פאַראַן דער גרויסער הימל? צו וואָס זוייזן דער וועלט אונדזער סוכה? — פרעגן אַ סך. פאַרגעסן מיר אָבער, אַז עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערע פרייד ווי די פרייד פון בויען, פון שאַפן. ווער פון אונדז געדענקט ניט די שמחה פון בויען די אָרעמע סוכה? צונויפשלאָגן די פאַר ברעטלעך, צודעקן מיט סכך און דאַן נאָך אויספוצן דעם „פּאַלאַץ" אינעווייניק. אויך די קינדער האָבן פאַרשטאַנען די סימבאָלישע און היסטאָרישע באַדייטונג פון דער סוכה. דערפאַר איז די שמחה פון דער סוכה אַריבער אַלע גרענעצן.

דער סוד פון יידישן קיום איז דער סוד פון שמחה. יידישע יום־טובים, מנהגים און טראַדיציעס האָבן אַריינגעבראַכט אַן אַ שיעור פרייד אין דעם שווערן לעבן פון דעם יידישן פאָלקס־מענטשן. ניט געקוקט אויף אַלע צרות, האָט דער יידישער מענטש זיך געפרייט מיט דער וועלט, ווייל גאָטס וועלט איז דאָך אויך אונדזער וועלט. ניט ווייניקער האָט דער ייד זיך געפרייט מיט דער תורה: אַ קאַפּיטל תהילים ,אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא. קאָן דען זיין אַ גרעסערע שמחה, ווי די שמחה פון דער תורה? האָט מען דעריבער אין דעם יום־טוב פון פרייד אויך געפייערט די פרייד פון דער תורה. שמחת־תורה איז געווען דער העכסטער פונקט פון יידישער יום־טובדיקייט און יידישער פרייד.

# די תורה פון לעבן

דער לעצטער טאָג סוכות פאַרענדיקט אויף אַ וווּנדערלעכן אופן דעם קרייז פון די גרויסע יום־טובים, וואָס הייבט זיך אָן אין פרילינג מיטן יום־טוב פון באַפרייונג (פסח) און ווערט אָפּגעשלאָסן אין האַרבסט, אין דעם חודש תשרי, מיטן יום־טוב פון דער תורה — שמחת־תורה. און מערקווערדיק איז, וואָס שמחת־תורה איז ביי אונדז געוואָרן אַ באַזונדערס פאָלקסטימלעכער יום־טוב. ניט בלויז לומדים, נאָר דווקא פשוטע יידן, אַרבעטס־מענטשן און פאָלקס־מענטשן, האָבן זיך אָן אַ שיעור געפרייט מיט דער תורה און האָבן מיט זייער גאַנצער נשמה געזונגען „שישו ושמחו בשמחת תורה", ווייל תורה איז די בעסטע סחורה.

איך צווייפל, צי עס איז פאַראַן נאָך אַ קולטור־פאָלק אויף דער וועלט, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ יום־טוב ווי שמחת־תורה. אוודאי האָבן אויך אַנדערע פעלקער געשענקט דער וועלט גרויסע ווערק און גרויסע פערזענלעכקייטן; דער באַגריף תורה איז אָבער אַ ריין־יידישער. דאָס האָט שוין באַמערקט מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר צוריק דער יידישער היסטאָריקער יוסף פלאַוויוס, ווען ער האָט פאַרגליכן די יידישע קולטור מיט דער גריכישער. די גריכן, האָט ער געזאָגט, האָבן אַ סך ביכער; מיר יידן, אָבער, האָבן איין ספר — די תורה. דערפאַר איז די תורה פאַר אונדז געווען אַ סך מער ווי בלויז ליטעראַטור — די תורה איז פאַרן יידישן פאָלק פון די עלטסטע צייטן אָן געווען דער לויטערער קוואַל פון אונדזער גייסטיקייט און דער זין פון אונדזער לעבן.

און ווי אַ יום־טוב פאַרן פאָלק, איז שמחת־תורה באַזונדערס אויך אַ יום־טוב פאַר קינדער, וואָרים יידן האָבן תמיד געהאַלטן פון דעם כלל, אַז שמחות פראַוועט מען נאָר בציבור, פאַרן גאַנצן כלל און מיטן גאַנצן כלל, בנערינו ובזקנינו, יונג און אַלט, אָרעם און רייך, דאָס גאַנצע פאָלק. קומען דערפאַר די קינדער מיט די שמחת־תורה־פאָנען אין שול אַריין און אַפילו צו דער תורה ווערן זיי שותפים.

און עס איז געוויס ניט קיין צופאַל, וואָס דער פריילעכסטער יום־טוב ביי יידן איז אַזאַ ריינער און לויטערער יום־טוב. עס איז ניט קיין יום־טוב פון נאַציאָנאַלע נצחונות, פון מיליטערישער גבורה, נאָר אַ יום־טוב פון אַ גרויסער אידעע, דער יום־טוב פון דער תורה.

אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור זיך צו פרייען מיט דער תורה, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן מיט מער ווי דריי טויזנט יאָר צוריק? אונדזערע עלטערן האָבן די פראַגע זייער גוט פאַרשטאַנען און זיי האָבן אויך דערויף געפּרווּווט געבן אַן ענטפער. משה רבינו, אַזוי דערקלערט די יידישע טראַדיציע, האָט אונדז געגעבן ניט קיין פאַרענדיקטע, ניט קיין אָפּגעשלאָסענע תורה. יעדער דור גיט עפּעס צו, יעדער דור ברענגט אַריין עפּעס נייעס אין דער תורה. אַזוי

דערקלערט די אַלטע יידישע אגדה דעם פסוק „תורה צוה לנו משה מורשה קהילת יעקב" — די תורה האָט אונדז באַפוילן משה, זי איז אָבער אַ ירושה פאַרן גאַנצן פאָלק פון יעקב. די תורה געהערט דעם גאַנצן פאָלק, דאַרף דעריבער יעדער ייד ניט נאָר לערנען תורה, נאָר אויך עפּעס אַריינברענגען אין דער תורה, ווייל עס איז דאָך אונדזער תורה. האָבן יידישע פירער זיך דערפאַר באַ־צויגן מיטן גרעסטן רעספּעקט צו די פאָלקסטימלעכע מנהגים, צו אַלץ, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן, ווייל דאָס איז דאָך געווען דער חלק פונעם פאָלק אין דער תורה.

פאַראַן אַ ווונדערלעכע תלמודישע אגדה, וועלכע אילוסטרירט אויף אַ קלאַסישן אופן אָט די אידעע פון דער תורה ווי אַ ירושה פון גאַנצן פאָלק ישראל. ווען משה רבינו איז אַרויף אויפן הימל, ווערט דערציילט אין תלמוד, האָט אים גאָט געוויזן ווי אַ סך דורות שפּעטער וועט דער גרויסער תנא ר׳ עקיבא זיצן און דרשענען זיין תורה, און אויף יעדן וואָרט און יעדן אות וועט ער אויפבויען בערג און בערג מיט הלכות (תלי־תלים של הלכות). האָט משה זיך געזעצט אויף אַ הינטערשטער באַנק זיך צוהערן ווי ר׳ עקיבא לערנט תורה מיט זיינע תלמידים, און ער האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען (ולא היה יודע מה הם אומרים). איז משה רבינו געוואָרן ביי זיך שטאַרק אַראָפּגעפאַלן. מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט ווי די תלמידים פרעגן ר׳ עקיבאן: פון וואַנען ווייסטו די הלכה? האָט ער זיי געענטפערט: דאָס האָט אונדז משה איבערגעגעבן ביים באַרג סיני (הלכה למשה מסיני). האָט זיך משה רבנו באַרויקט. ער האָט טאַקע ר׳ עקיבאס תורה ניט פאַרשטאַנען, עס איז אָבער דאָך געווען זיין תורה, די תורה, וואָס ער האָט געלערנט מיטן פאָלק ישראל.

דערפאַר איז די תורה פאַר אונדז קיין מאָל ניט געווען אַלט און יעדן שמחת־תורה האָבן מיר זיך געפרייט מיט דער תורה, ווי זי וואָלט געווען ביי, ווי זי וואָלט היינט געגעבן געוואָרן ביים באַרג סיני (מסלסלים בה כחדשה ולא כישנה שעברה). הינטער דער תורה פון פאָלק איז אָבער דאָך ניט פאַרשוווּנדן די געשטאַלט פון דעם גרויסן לערער און געזעץ־געבער, פון משה רבינו. שמחת־תורה לייענט מען דעריבער די סדרה „וזאת הברכה". דאָס זיינען די לעצטע ווערטער פון דעם פירער און לערער צו זיין פאָלק, עס איז די צוואה פון משה רבינו.

אין אַ תלמודישער אגדה ווערט וועגן דעם דערציילט: ווען משה רבינו האָט געפילט, אַז זיינע לעצטע טעג דערנענטערן זיך, האָט ער פאַרזאַמלט דאָס פאָלק זיך צו געזעגענען מיט זיי. אין דעם אויסערגעוויינטלעכן מאָמענט האָט משה רבנו זיך דערפילט שולדיק לגבי זיינע ברידער. אַ גאַנץ לעבן בין איך געווען שטרענג מיט זיי, איך האָב געהאַלטן אין איין שטראָפן און אין איין וואָרענען זיי, און איצט איז געקומען די צייט, אַז איך זאָל זיי בענטשן. און משה האָט דאַן גע־זאָגט צום פאַרזאַמלטן פאָלק: אַ סך האָב איך אייך מצער געווען צוליב דער

תורה און די מצוות, בעט איך אייך איצט איר זאָלט מיר מוחל זיין (הרבה צערתי אתכם על התורה ועל המצוות, ועכשו מחלו לי). האָבן זיי צו אים געזאָגט: אונ־דזער רבי און אונדזער האַר, מיר זיינען דיר מוחל! דעמאָלט האָבן אויך די יידן זיך געשטעלט פאַר אים און האָבן צו אים געזאָגט: משה, אונדזער לערער! אַ סך האָבן מיר דיך דערצאַרנט און אַ סך זאָרג און טרחא האָבן מיר דיר פאַר־שאַפט, זיי אונדז מוחל! האָט משה צו זיי געזאָגט: איך בין אייך מוחל!

און קיינער ווייסט ביז צום היינטיקן טאָג ניט, ווערט אונדז דערציילט צום סוף פון חומש דברים, ווו משה האָט געפונען זיין לעצטע רו (ולא ידע איש את קבורתו עד היום הזה). עס איז שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז אַ פאָלק זאָל ניט קאָנען געפינען דעם קבר פון זיין גרעסטן זון. די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט אין אַזעלכע פאַלן זיך שטענדיק געקענט געבן אַן עצה. דער אמת איז אָבער, אַז אין דער טראַדיציע וועגן דעם פאַרשווונדענעם קבר פון משה רבינו איז פאַראַן אַ טיפע כוונה. יידן האָבן ניט געוואָלט האָבן קיין קבר פון זייער פירער, ווייל זיי האָבן ניט געדינט צו קיין קברים. דאָס פאָלק האָט איבערגענומען די תורה פון דעם גרויסן לערער, דאָס איז פאַר אים דער גרעסטער כבוד. צו וואָס נאָך אָפּ־געבן כבוד זיין קבר?

מען איז זיך אויך נוהג צו לייענען שמחת־תורה דעם מדרש „פטירת משה", אָדער „נשיקת משה". דאָס איז די געשיכטע ווי אַזוי משה רבינו האָט זיך גע־זעגנט מיט דער וועלט. אין אייניקע מחזורים ווערט אַפילו געדרוקט אַ פאָלקס־טימלעכע יידישע איבערזעצונג פון „נשיקת משה", ווייל אין דעם טאָג פון שמחת־תורה איז אויך די צייט זיך צו דערמאָנען וועגן דעם לערער פון דער תורה און דעם לערער פון פאָלק.

עס איז פאַרן פאָלק שווער געווען שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער באַליבטער לערער און באַפרייער פון פאָלק האָט אַליין ניט זוכה געווען צו קומען און זען ווי דאָס פאָלק באַזעצט זיך אויף זיין לאַנד. און דער מדרש דער־ציילט אונדז די טענות מיט וועלכע משה איז געקומען פאַרן רבונו של עולם. „וויפל צער האָב איך געהאַט, ביז איך האָב זיי באַפרייט און זיי געגעבן די תורה און די מצוות, און איך האָב ביי מיר געטראַכט: אַזוי ווי איך האָב געזען זייער צער, אַזוי וועל איך זוכה זיין צו זען זייער גליק (כשם שראיתי בצערם, כך אראה בטובתם). און איצט, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען דאָס פאָלק קומט צו זיין ציל, זאָגסט דו צו מיר: איך זאָל דאָ בלייבן, איך זאָל ניט אַרי־בערגיין דעם ירדן! איז דאָס דאָס געצאָלט פאַר מיינע פערציק יאָר האַרעוואַניע ביז די קינדער פון ישראל זיינען געוואָרן אַ הייליק פאָלק?" האָט אים גאָט־ברוך־הוא געענטפערט: „אַזוי איז עס באַשטימט. גזירה היא מלפני!"

עס איז אָבער ניט געווען קיין בלינדער גזר־דין פון דעם באַשעפער, אָן אַ גרונד און אָן אַ דערקלערונג. און דאָ פירט אונדז דער מדרש אַריין אין די טיפענישן פון דעם יידישן געדאַנק. ווען משה רבינו פירט דאָן ווייטער זיין

וויכוח מיטן רבונו של עולם, ווייל ער וויל זיך ניט געזעגענען מיטן לעבן, ענטפערט אים גאָט: אַזוי איז דער פּלאַן פון דער וועלט. יעדער דור מיט זיינע לערער און יעדער דור מיט זיינע פירער (כך מנהגו של עולם: דור דור ודורשיו, דור דור ומנהיגיו). עס איז געקומען די צייט, אַז דיין תלמיד יהושע זאָל פאַר־נעמען דיין פּלאַץ. האָט משה רבינו געענטפערט: אויב צוליב מיין תלמיד יהושע מוז איך אַוועקגיין פון דער וועלט, בין איך גרייט צו ווערן זיין תלמיד. האָט אים גאָט געענטפערט: אויב דיר געפעלט אַזוי, אדרבא, גיי און טו עס!

משה רבנו האָט געמאַכט דעם פּרווו. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן די תלמידים פון יהושע און האָט געהערט תורה פון זיין מויל. ווען ער האָט אָבער צום סוף באַמערקט, אַז דער רוח הקודש האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן און איז אַוועק צו זיין תלמיד יהושע, האָט דער גרויסער לערער און פירער פון פאָלק עס מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן. און משה האָט אויסגערופן: בעסער הונדערט טויטן איידער איין קנאה. האַר פון דער וועלט! ביז איצט האָב איך געוואָלט לעבן, און איצט נעם מיין נשמה... (מאה מיתות ולא קנאה אחת! רבון העולמים, עד עכשיו בקשתי חיים, ועכשיו הרי נפשי נתונה לך).

די תורה איז אייביק, אָבער יעדער דור האָט זיינע פירער און זיינע לערער און יעדער דור דערקלערט די תורה און פאַרשטייט די תורה אויף זיין אופן. די תורה איז אונדז ניט געגעבן געוואָרן קיין פאַרענדיקטע און די געשיכטע פון פאָלק איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער תורה. דערפאַר האָבן אונדזערע עלטערן געקענט פירן אַ לעבן פון תורה, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ תורה פון לעבן, אַ תורה פון דורות פאַר דורות.

## דער יום־טוב פון פאָלקס־פאַרברידערונג

סוכות ווערט אין תנ"ך באַצייכנט ווי דער יום־טוב (החג), דער הויפּט־יום־טוב פון פאָלק, און אַזוי איז עס טאַקע געווען אין דער צייט פון די נביאים און אַפילו נאָך אין דער צייט פון בית שני. סוכות איז אַחוץ דעם געווען אַ סך מער ווי בלויז אַ יום־טוב פון שמחה פאַר דער מזל־ברכה אויפן פעלד. עס איז געווען דער יום־טוב פון יידישער פרייהייט, פון אינערלעכער פרייהייט, דער יום־טוב פון פאָלקס־פאַרברידערונג. פּסח איז דער יום־טוב פון נאַציאָנאַלער פרייהייט, ווען יידן זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון דעם יאָך פון קנעכטשאַפט אין מצרים; סוכות איז דער יום־טוב פון פערזענלעכער פרייהייט, פון דער פריי־הייט פון דעם יידישן פאָלקס־מענטש, דעם בירגער פון ישראל.

עס איז געווען דער מנהג אין דער אַלטער צייט צו פאַרזאַמלען דאָס גאַנצע פאָלק אין דעם יום־טוב סוכות און צו לייענען פאַר זיי די תורה, די יידישע

קאָנסטיטוציע. מיט אַ באַזונדער ליבער פייערלעכקייט פלעגט די צערעמאָניע פון לייענען די תורה פאַרן גאַנצן פאָלק דורכגעפירט ווערן אין דעם זיבעטן יאָר, דעם יאָר פון שמיטה, ווען די אָרעמע באַפעלקערונג איז באַפרייט געוואָרן פון אירע חובות. די מצווה פון פאַרלייענען די תורה אין דעם יום־טוב סוכות האָט לויט דער תלמודישער טראַדיציע געהערט דעם קעניג, און דאָס פאָלק פלעגט דאַרפן באַשטעטיקן צי דער קעניג האָט זיך אויפגעפירט לויט די געבאָטן פון דער תורה אָדער ניט. אין תלמוד ווערט דערציילט, אַז דער קעניג אגריפס האָט ביים לייענען די תורה פאַרן פאָלק זיך פונאַנדערגעוויינט. דאָס איז געווען צוליב דעם, ווייל זיין יחוס איז ניט געווען אין גאַנצן קיין יידישער. ער איז געווען אַן אייניקל פון דעם טיראַן הורדוס, וועמען דאָס פאָלק האָט געהאַסט, און דער השמונאישער פּרינצעסין מרים. האָט דאָס פאָלק דאַן אויסגערופן צום קעניג: „זיי ניט טרויעריק, אגריפס! אונדזער ברודער ביסטו, אונדזער ברודער ביסטו! (אל תירא אגריפס, אחינו אתה, אחינו אתה!)". דער יחוס און זכות פון דער באַליבטער חשמונאישער פּרינצעסין מרים איז אים בייגעשטאַנען.

איינער פון די לעצטע יידישע נביאים, וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין דער צייט פון בית שני, האָט סוכות פּראָקלאַמירט ווי אַ יום־טוב פאַר דער גאַנצער וועלט, אַ יום־טוב פאַר אַלע פעלקער „און אַלע, וואָס וועלן איבער־בלייבן פון די פעלקער, וואָס זיינען געקומען מלחמה האַלטן אויף ירושלים — זאָגט אונדז דער נביא זכריה — וועלן קומען יעדעס יאָר זיך בוקן פאַר גאָט און פייערן דעם יום־טוב פון סוכות (והיה כל הנותר מכל הגויים הבאים על ירושלים ועלו מדי שנה בשנה להשתחוות למלך ה' צבאות ולחוג את חג הסוכות)". אויך אין דער תלמודישער טראַדיציע ווערט סוכות באַטראַכט ווי אַ יום־טוב פאַר דער גאַנצער וועלט. דאָס געבאָט צו ברענגען סוכות זיבעציק קרבנות, ווערט אין דער גמרא דערקלערט, האָט דעם צוועק צו פאַרגעבן די זינד פון די זיבע־ציק אומות (הני שבעים פרים כנגד שבעים אומות), און אין דעם צוזאַמענהאַנג רופט אויס ר' יוחנן: „ווי צו די פעלקער! זיי האָבן עפּעס פאַרלוירן, און זיי ווייסן אַפילו ניט וואָס זיי האָבן פאַרלוירן. כל־זמן דער בית־המקדש האָט עקזיסטירט, האָט דער מזבח פאַרגעבן זייערע זינד, און איצט, ווער וועט פאַר־געבן זייערע זינד?" (אוי להם לעכו"ם שאבדו ואין יודעין מה שאבדו. בזמן שבית־המקדש קיים מזבח מכפר עליהן ועכשיו מי מכפר עליהן? (סוכה נ"ה).

פאַרן נביא זכריה איז סוכות אַחוץ דעם אויך דער יום־טוב פון פאָלקס־פאַרברידערונג. אין דעם יום־טוב סוכות — זאָגט אונדז דער נביא — וועט אין ירושלים מער ניט זיין קיין מיינס און דיינס, קיין האַנדל און געשעפט. „יעדער טאָפּ אין ירושלים און יהודה וועט זיין הייליק צו גאָט, און אַלע, וואָס ברענגען קרבנות, וועלן נעמען און קאָכן אין זיי, און קיין הענדלער וועלן מער ניט קומען אין גאָטס הויז אין יענע טעג (והיה כל סיר בירושלים וביהודה קודש

**להי צבאות ובאו כל הזבחים ולקחו מהם ובשלו בהם ולא יהיה כנעני עוד בבית ה' צבאות ביום ההוא).**

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער מנהג פון פאָלקס־פאַרברידערונג און פאָלקס־שמחה, ווען עס ווערט אָפּגעשאַפט די גרענעץ צווישן מיינס און דיינס, ווען מענטשן הערן אויף צו רעכענען אין טערמינען פון געלט, פון קויפן און פאַרקויפן, האָט זיך נאָך טיילווייז איינגעהיט ביז צו אונדזער צייט. אין אַ סך שטעט אין אונדזערע קהילות איז געווען אָנגענומען דער מנהג, אַז שמחת־תורה פלעגט דער עולם זיך אַרויסלאָזן איבער די גבירישע הייזער, אַרויסנעמען די טעפּ פון די אויוונס און דעם ווייַן פון די שאַפעס און זיך משמח זיין. באַזונדערס איז געווען פאַרשפּרייט דער דאָזיקער מנהג אין דער חסידישער וועלט. אַזוי דערציילט אונדז יחזקאל קאָטיק אין זיינע זכרונות:

„סוכות האָט זיך ביים טאַטן געהויבן די שטוב גאַנצע טעג און נעכט פון געזאַנג און טענץ, באַלד ווי די חסידים האָבן נאָר אָפּגע־דאַוונט אין שטיבל און ווי־עס־איז אָפּגעכאַפּט אין דער היים די סעודה, זיינען זיי גלייך געקומען צו דעם טאַטן און עס איז אַוועק אַ טאַנצעריי מיט אַ זינגעריי.

„און שמחת־תורה איז שוין געווען איינגעפירט משנים קדמוניות, אַז צוויי קאָצקער חסידים, יאַנקל און שעפּסל דער סופר, מיט אַ פּאָר צענדליק יינגלעך זאָלן גיין איבער דער גאַנצער שטאָט און אַרויסנע־מען פון אַלע אויוונס די עסנס מיט די צימעסן, מיט די געבראָטענע גענדז, מיט די געבעקסן — און ברענגען צו אונדז, וווּ מען האָט אי־בערגעקערט אַ וועלט".

מיט אַנדערע ווערטער און נאָך לעבעדיקער באַשרייבט דעם דאָזיקן מנהג, פון „באַראַבעווען" די באַלעבאַטים אויף שמחת־תורה, שלום עליכם. דער גרוי־סער קינסטלער האָט אונדז אין זיין „מע הוליעט" געגעבן עטלעכע בילדער פון „טיפּן, וואָס שטאַרבן־אָפּ", און פון מנהגים, וואָס זיינען ביסלעכווייז ביי אונדז פאַרשוווּנדן.

„חברה הוליאַקעס" — אַזוי רופט מען זיי ביי אונדז. דאָס זיינען יידן דווקא שטילע מענטשעלעך און דווקא נישקשה פון אָרעמעלייט און געהערן זיך ניט אָן אַ גאַנץ יאָר איינער מיטן אַנדערן גאָרניט ניט; נאָר אַז עס קומט שמחת־תורה, ווערט מען לעבעדיק־פריילעך, און גלייך ווי מען וואָלט זיך אויפגערעדט: מען נעמט זיך אָרום גאַנץ ברידערלעך און מען גייט איבער די גאַסן, טאַנצנדיק און זינגענדיק פריילעכע ניגונים און מען מאַכט פריילעך די גאַנצע שטאָט. מען קומט

אריין צו אַלע באַלעבאַטים גוט־יום־טוב בעטן, מ׳רייסט זיך אויך אַריין צו די נגידים און מען מאַכט זיי דעם פריילעכן שמחת־תורהדיקן קידוש, און באין־ברירה מוז געשטעלט ווערן ווײַן אויפן טיש, אָדער ביר, אָדער פשוטער בראַנפן מיט פאַרבייסן, אַניט, קאָנען די „הוליאַקעס״ אַליין נעמען. זיי ווייסן, ווו וואָס ס׳שטייט, זיי קאָנען טרעפן צום אויוון און אַרויסנעמען וואָס ס׳איז דאָ, אַרויסציִען פון די שאַפעס די איינגע־מאַכטסן, אַראָפּלאָזן זיך אין קעלער און אַרויפטראָגן פון דאָרטן די גוטע ׳באַליווקעס׳ מיט די שיינע געזאַלצענע אוגערקעס, מיט די קלוגע גע־זייערטע אַרבוזעס, וואָס שטייען ביי די נגידים צוגעגרייט אויפן ווינ־טער, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס ס׳איז גאָרניט צו גלייבן, אַז יידן קאָנען אַזעלכעס טאָן...״

אין משנה ווערט דערציילט וועגן אַן אַלטן מנהג פון פאָלקס־פאַרברידערונג, וואָס איז, ווייזט אויס, געווען איינגעפירט ביי יידן אין דער צייט פון בית שני. „ניט געווען אַזעלכע יום־טובים ביי יידן — ווערט דערציילט אין מסכת תענית — ווי חמשה עשר באָב און יום כיפור. דעמאָלט פלעגן די טעכטער פון ירושלים זיך אויספוצן אין ווייסע קליידער, וואָס זיי פלעגן באָרגן איינע ביי די אַנדערע, כדי ניט צו פאַרשעמען די, וואָס האָבן ניט, און אַרויסגיין טאַנצן אין די ווייַנ־גערטנער״. (**שבהם בנות ירושלים יוצאות בכלי לבן שאולים, שלא לבייש את מי שאין לו, ובנות ירושלים יוצאות והולות בכרמים**). עס קאָן אָבער כמעט קיין ספק ניט זיין, אַז לכתחילה איז דער מנהג געווען פאַרבונדן מיטן יום־טוב סוכות, דעם יום־טוב פון פרייד און דאַנק פאַר דער מזל־ברכה אין די וויינגערט־נער. אַזאַ מנהג צו טאַנצן סוכות אין די וויינגערטנער איז, ווי מיר ווייסן עס פון תנ״ך, אָפּגעהיט געוואָרן אין דער אַלטער שטאָט שילה, וואָס איז נאָך אין דער צייט פון די שופטים געווען דער גייסטיקער צענטער פון ישראל.

## שמיני עצרת — דער יום־טוב פון רעגן און וואַסער

קיין שום אַנדער יום־טוב איז ניט געווען אַזוי פאַרבונדן מיטן לעבן פון פאָלק און מיטן לעבן פון לאַנד ווי סוכות. איז דערפאַר פאַרשטענדלעך, וואָס דער צענטראַלער מאָטיוו פון סוכות איז — וואַסער, רעגן! נאָך דעם ווי מען האָט אַראָפּגענומען די תבואה פון די פעלדער הייבט־אָן דער אַרבעטס־מענטש צו טראַכטן וועגן דעם קומענדיקן יאָר, וועגן נייער אַרבעט, נייע זאָרגן און נייע שמחות. און די ערשטע פראַגע איז אין ארץ־ישראל תמיד געווען און איז נאָך היינט — וואַסער, רעגן!

סוכות איז, לויט דער יידישער טראַדיציע, דער יום־הדין פאַרן רעגן. סוכות ווערט באַשטימט צי דאָס לאַנד וועט האָבן במשך פון יאָר גענוג וואַסער אָדער וועט, חס ושלום, ליידן פון טריקעניש. קומט דערפאַר דאָס פאָלק מתפלל זיין פאַר אַ יאָר פון רעגן, פאַר דער מתנה פון וואַסער. און דעם אַכטן טאָג סוכות, שמיני עצרת, זאָגט מען די תפילה „גשם" (רעגן) ביים געעפנטן אָרון־קודש.

וואַסער איז דער גורל פון ארץ־ישראל אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווי אין אַנדערע לענדער, און סוכות איז די צייט, ווען עס דאַרף זיך אָנהייבן דער פעריאָד פון רעגנס אין לאַנד. די צייט פון רעגן, פון אַקערן און זייען איז אין ישראל אַנדערש ווי ביי אונדז. די ימות־הגשמים (רעגן־טעג) פאַלן דאָ אויס ווינטערצייט, בעטן יידן אין דער גאַנצער וועלט ווינטער פאַר רעגן, זאָגן זיי די תפילה „משיב הרוח ומוריד הגשם". ניט פאַר זיך בעטן זיי עס אויף רעגן, נאָר פאַר זייערע ברידער אין ישראל, פאַרן לאַנד פון זייערע עלטערן.

אין תנ"ך באַגעגענען מיר אָפט דעם פאַרגלייך צווישן ארץ־ישראל און מצרים. אויך דאָס לאַנד ביים נילוס האָט זיך געגייטיקט אין וואַסער. אין מצרים אָבער האָט דער פויער ניט געוואַרט אויף רעגן פון הימל. דאָס וואַסער אין מצרים איז אַ מתנה פון דעם טייך נילוס, וואָס פאַרפלייצט אין באַשטימטע פע־ריאָדן דאָס גאַנצע לאַנד, און שוין אין די עלטסטע צייטן האָט די רעגירונג, האָבן די פרעהס פון אַמאָל, איינגעאָרדנט אַ סיסטעם פון קינסטלעכער באַוואַ־סערונג, פון קאַנאַלן און דאַמבעס, וועלכע רעגולירן דאָס לאַנדווירטשאַפטלעכע לעבן פון גאַנצן לאַנד.

מצרים איז געווען באַרימט מיט איר פרוכטבאַרקייט. אין יאָרן פון טרי־קעניש און הונגער פלעגט מען פון ישראל שיקן איינקויפן תבואה אין מצרים. אַזוי, ווערט דערציילט אין חומש, זיינען אויך יעקב און זיינע קינדער געקומען קיין מצרים אין אַ צייט פון אַ גרויסן הונגער. און דאָך זיינען יידן מער געווען צופרידן מיט זייער אייגענעם לאַנד, אַ לאַנד פון בערג און טאָלן, אַ לאַנד פון ווייניק וואַסער. „וואָרים דאָס לאַנד, וווהין דו קומסט — ווערט געזאָגט אין חומש — איז ניט ווי דאָס לאַנד מצרים, פון וואַנען איר זייט אַרויסגעגאַנגען, וואָס דו טוסט באַוואַסערן מיט דיין פוס ווי אַ גאָרטן פון גרינס. נייערט דאָס לאַנד, וואָס איר קומט אַהין, איז אַ לאַנד פון בערג און טאָלן, פון רעגן פון הימל טרינקט עס וואַסער (למטר השמים תשתה מים). אַ לאַנד, וואָס ה' דיין גאָט זאָרגט פאַר איר, תמיד זיינען די אויגן פון ה' דיין גאָט געווענדט צום לאַנד פון אָנהייב יאָר ביז צום סוף יאָר (ארץ אשר ה' אלהיך דורש אתה תמיד עיני ה' אלהיך בה מראשית השנה ועד אחרית השנה").

אין מצרים האָט דער פויער באַוואַסערט זיין לאַנד ווי מען באַגיסט אַ גאָרטן פון גרינס. זיינע אויגן זיינען תמיד געווען געווענדט צו דער ערד, צום טייך נילוס און די הערשער פון לאַנד, וואָס האָבן דאָס וואַסער פון טייך רעגולירט און פאַרטיילט. איז דערפאַר ניט קיין ווונדער, וואָס דער הערשער, דער קעניג

פּרעה, איז געוואָרן דער פולער בעל־הבית פון לאַנד. מצרים איז געווען דער ערשטער מוסטער פון אַ ברוטאַלער מלוכה־מאַשין, וואָס פאַרשקלאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק. דאָס וואַסער פון נילוס, די ברכה פאַרן לאַנד, איז דאָ געוואָרן אַ קללה פאַרן פאָלק. מצרים איז געוואָרן אַ „בית־עבדים", אַ לאַנד פון קנעכט ניט נאָר פאַר פרעמדע, נאָר אויך פאַר די אייגענע, פאַר די מצרים גופא.

איז טאַקע ניט קיין ווּנדער, וואָס יידישע מענטשן האָבן געקוקט מיט אַזוי פיל שטאָלץ אויפן לאַנד ישראל, וואָס ווערט באַזאָרגט מיט וואַסער פון הימל. תמיד זיינען דאָ גאָטס אויגן געווענדט צום לאַנד און תמיד האָט דאָ דער פויער זיינע אויגן געווענדט צום הימל. אין שווערע צייטן האָט דער מענטש אין ישראל ניט געזוכט קיין הילף ביי די מאַכטלאָזע און אומבאַהאָלפענע ערדישע הערשער, ביי די פירשטן און מלכים, נאָר ביי זיין פאָטער און קעניג אין הימל. און אין אָט־דעם הימל פון ארץ־ישראל שטעקט דער סוד פון יענער ווּנדערלעכער אַנט־וויקלונג, וואָס האָט אונדז געשענקט דעם תנ"ך, די ספרים פון די נביאים און די גרויסע אידעען פון פרייהייט און גערעכטיקייט.

קליין און אָרעם איז געווען דאָס לאַנד אין פאַרגלייך מיט די גרויסע און מעכטיקע שכנים אָרום, מיט מצרים, אַשור און בבל. אָבער דאָס פאָלק אין ישראל האָט תמיד געהאַט צו ווּעמען זיך צו ווּענדן — צום טאַטן אין הימל!

אין אַנדערע לענדער זיינען די געזעצן געקומען פון די ערדישע הערשער, פון די פּאָליטישע פירער און מלכים; אין ישראל איז די תורה געקומען פון הימל (תורה מן השמים), פון דעם פאָטער און קעניג אין הימל.

און דווקא דערפאַר איז די תורה געוואָרן אַ תורה פון גאַנצן פאָלק. זיינען דאָך אַלע יידן, דאָס גאַנצע פאָלק געווען פאַרזאַמלט ביים באַרג סיני בעת גאָט ברוך הוא האָט זיי געגעבן זיין תורה! האָבן דאָך אַלע יידן, דאָס גאַנצע פאָלק, געענטפערט אין איין קול: נעשה ונשמע! מיר וועלן הערן און פאָלגן אַלץ, וואָס אין דער תורה שטייט געשריבן! האָבן דאָך אַלע יידן געשלאָסן אַ הייליקן בונד מיטן באַשעפער פון דער וועלט און ביידע האָבן זיך פאַרפליכטעט אָפּצוהיטן די אייביקע געזעצן פון דער תורה!

איז דערפאַר ניט קיין ווּנדער, וואָס דער יום־טוב פון וואַסער, דער יום־טוב פון רעגן, איז אויך געוואָרן דער יום־טוב פון דער תורה. שמיני עצרת און שמחת־תורה זיינען ענג פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן און אין ארץ־ישראל איז עס טאַקע ניט מער ווי איין טאָג, די שמחה פון דער תורה ווערט דאָ געפיי־ערט דעם אַכטן טאָג סוכות, שמיני עצרת.

די ערד האָט אין ישראל געהערט דעם פאָלק, ווייל זי האָט געהערט גאָט (כי לי הארץ). איז דערפאַר ניט דער קעניג, נאָר דער פויער געבליבן דער בעל־הבית איבערן לאַנד. און דאָס זעלביקע איז געווען מיט דער תורה. די תורה פון גאָט האָט געהערט דעם גאַנצן פאָלק. און אין די טעג פון סוכות, ווען מען האָט פאַרן פאָלק געלייענט די תורה, ווען אַלע יידן פרייען זיך מיט דער תורה, ווערט

נאָך אַ מאָל פּייערלעך באַשטעטיקט, אַז די תּורה געהערט דעם גאַנצן פֿאָלק. גייט דער עולם הקפֿות מיט דער תּורה, ווערן אַלע אויפֿגערופֿן צו דער תּורה, זיינען אַלע יידן שותּפֿים אין דער תּורה.

עס ווייזט מיר אויס, אַז די אידעען פֿון יום־טובֿ סוכּות האָבן נאָך אויך היינט פֿאַר אונדז אַ גרויסן ווערט, און אפֿשר זיינען זיי קיין מאָל ניט געווען אַזוי אַקטועל ווי דווקא אין אונדזער דור. די פֿראַגע פֿון אונדזער צייט איז — קאָנען מענטשן לעבן אָן אַ הימל? איז מעגלעך פֿרייהייט אויף דער וועלט ווען די אויגן פֿון דעם מענטשן זיינען תּמיד געווענדט צו דער ערד, צו די הערשער אויף דער ערד?

מצרים איז ניט אונטערגעגאַנגען. אין אונדזער צייט, אין אונדזער דור האָבן מיר דאָך אַ לעבעדיקן מוסטער פֿון אַלטן מצרים. די סיסטעם פֿון אַ מלוכהשער אָרגאַניזאַציע פֿון גאַנצן לעבן, פֿון אַ מלוכהשן קאָנטראָל איבער אַלץ זעען מיר דאָך פֿאַרווירקלעכט אין היינטיקן סאָוויעט־רוסלאַנד! די בליקן פֿון דעם היינטיקן סאָוויעטישן מענטשן זיינען כּסדר געווענדט צו דער ערד, צום „פּירער״, צום „פֿאָטער פֿון די פֿעלקער״ אין מאָסקווע. ערד איז פֿאַראַן אין רוסלאַנד אַ סך — אָבער פֿרייהייט? וווּ איז די פֿרייהייט פֿון דעם רוסישן מענטשן?

און לאָמיר זיך ניט איינרעדן, אַז אַזאַ אייזערנע דיקטאַטור איז מעגלעך נאָר אין סאָוויעט־רוסלאַנד. די גאַנצע אַנטוויקלונג פֿון אונדזער צייט, די מאָדערנע אָרגאַניזאַציע פֿון דער פּראָדוקציע און פֿון עקאָנאָמישן לעבן פֿירט צו אַ כּסדר־דיקער צענטראַליזאַציע, וואָס שטעלט אין סכּנה אונדזערע בעסטע טראַדיציעס פֿון פֿרייהייט און דעמאָקראַטיע. וואָס פֿאַר אַ ראָל שפּילט דען דער איינצלנער מענטש אין אונדזער היינטיקער געזעלשאַפֿט? ווי אַזוי קאָן דער איינציקער מענטש זיך אַנטקעגנשטעלן דער קאָנצענטרירטער מאַכט פֿון דער היינטיקער מלוכה און פֿון די גרויסע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס?

עס איז געווען אַ צייט, ווען אַ סך פֿון אונדז האָבן געגלייבט, אַז דער סאָ־ציאַליזם גיט אַ פֿולן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע. דער סאָציאַליזם וועט פֿאַר אַלעמען — האָבן מיר געהאָפֿט — זיכערן די פֿולסטע מעגלעכקייט פֿון פּאָליטי־שער און אידעישער פֿרייהייט. אָט דער נאַיווער גלויבן אין סאָציאַליזם איז היינט מער ניט מעגלעך. און גראָד אין די אינטערעסן פֿון אַ באמת דעמאָקראַ־טישן סאָציאַליזם איז נייטיק זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון וועגן אַלע געפֿאַרן, וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פֿון מאָדערנעם לעבן.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אייראָפּע זיינען פֿאַר די לעצטע יאָרן גע־וואַלדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער סאָציאַליזם האָט פֿאַרלוירן אַ סך פֿון זיין אַמאָליקן צויבער, פֿון זיין כּוח צו איבערצייגן, צו געווינען נייע אָנהענגער. און שולדיק דערין איז, דוכט מיר, וואָס מיר האָבן צו פֿיל געווענדט אונדזערע בליקן צו דער ערד, וואָס מיר האָבן פֿאַרגעסן פֿון צייט צו צייט אויפֿצוהייבן אונדזערע אויגן צום הימל. דער מענטש האָט ניט נאָר עקאָנאָמישע פּראָבלעמען,

לא על הלחם לבדו יחיה האָדם, און אַן אַ הימל איבער אונדז וועלן מיר קיין פרייהייט ניט האָבן.

און ניט ווייניקער וויכטיק איז אַ תורה פון הימל, דער גלויבן אין אייביקע פרינציפּן, אין הייליקע אידעאַלן. וואָרים נאָר אַ תורה פון הימל קאָן ווערן אַ תורה פון פאָלק, די תורה פון יעדן מענטשן. פּונקט ווי אונדזערע עלטערן אַמאָל האָבן זיך געקאָנט באַפרייען פון דער קנעכטשאַפט פון מצרים נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען דעם יאָך פון דער תורה, דעם יאָך פון אַ סיס־טעם פון מאָראַלישע מצוות, אַזוי שטייען מיר אויך היינט, פאַר דער ברירה — פרייוויליקע מאָראַלישע דיסציפּלין, אָדער הפקרותדיקע דיסציפּלין פון אַ דיק־טאַטור. יידן זיינען געבליבן אַ פריי פאָלק נאָר צוליב דעם, ווייל זיי זיינען געוואָרן די דינער, די „קנעכט", פון גאָט (כי לי בני ישראל עבדים). דאָס זעלבע פּראָבלעם שטייט אויך פאַר אונדזער צייט.

## די סוכה פון שלום

אַ גרויסער טייל פון דעם ייִנגערן דור האָט קוים אַ פאַרשטעלונג וואָס סוכות האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אין דער יידישער טראַדיציע און אין יידישן לעבן.

און דאָס איז באמת אַ גרויסער שאָד. אונדזער יידיש קולטור־לעבן איז דורך דעם געוואָרן אַ סך אָרעמער. אין דער אַלטער היים האָט סוכות געהערט צו די שענסטע און פייערלעכסטע יידישע יום־טובים. קיין אַנדער יום־טוב איז ניט אַזוי פּילפּאַרביק, אַזוי רייך אין אידעען און סימבאָלן, ווי דער יום־טוב, ווען דער ייד פאַרלאָזט מיט אַ מאָל זיין איינגעפונדעוועטע היים און באַזעצט זיך אין אַביידל, ווו מען איז ניט געשיצט ניט פאַר קעלט און ניט פאַרן רעגן.

עס קאָן ניט זיין קיין ספק, אַז דער יום־טוב סוכות איז פון אָנהייב געווען פאַרבונדן מיטן לעבן פון די יידישע דאָרפס־מענטשן אַמאָל אין ארץ־ישראל. האָט מען דעריבער אין די טעג פון פרייד און דאַנק פאַר גאָטס מזל־ברכה פאַרבראַכט אין ביידלעך אויף די פעלדער און אין די וויינגערטנער. צו די סימ־באָלן פון דעם „יום־טוב פון צונויפזאַמלען", דעם חג האסיף, געהערן אויך דער לולב און דער אתרוג. אין דעם געזאַנג פון פרייד האָט זיך שוין אין דער עלטע־רער צייט אַריינגעמישט אַן ערנסטער טאָן. מען הייבט זיך אָן גרייטן צו אַ נייעם יאָר. מען דערוואַרט די צייט פון רעגן. איז סוכות געוואָרן דער יום־טוב, ווען דאָס פאָלק בעט אויף רעגן, ווען מען זאָגט די תפילות פון גשם, תפילות, וואָס זיינען אונדז אין חוץ־לארץ אָפּט געווען אומפאַרשטענדלעך. דערפאַר ווערט

אויך חול־המועד סוכות דורכגעפירט אויף אַ פייערלעכן אופן די „שמחה פון שעפּן וואַסער", די שמחת בית השואבה.

די יידישע טראַדיציע האָט זיך מיט דעם אַליין ניט געקאָנט באַנוגענען, און דער יום־טוב פון האַרבסט האָט מיט דער צייט געקראָגן אַלץ מער אַן אידעיִשן, אַ גייסטיקן כאַראַקטער. די סוכה איז געוואָרן דער סימבאָל פון די יידישע וואַנ־דערונגען אין דעם מדבר. מיט דער צייט האָט מען מיט דעם ווייטער פאַרבונדן דעם יום־טוב פון שמחת תורה, די פרייד פון דעם פאָלק, וואָס האָט זוכה געווען צו באַקומען און צו לערנען די תורה.

אין דער לאַנגער און שווערער גלות־צייט איז די סוכה געוואָרן דער סימ־באָל פון דעם יידישן גורל. אין דער אַלטער יידישער דרוש־ליטעראַטור געפינט מען אָפט דעם פאַרגלייך צווישן דעם יידישן גלות־לעבן און דער סוכה. פון שטורעם־ווינטן און רעגנס האָט אונדז די סוכה קיין מאָל ניט געקאָנט שיצן, אָבער אַ ווינקעלע פאַר זיך איז עס דאָך געווען. האָבן אונדזערע עלטערן אַזוי געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד, פאַנאַנדערגענומען די סוכה אין איין אָרט, זי ווידער אויפגעשטעלט אין אַ צווייטן אָרט.

און אפשר איז אין דעם משל פאַראַן מער ווי מגידות? אפשר שטעקט דערין טאַקע דער סוד פון אונדזער יידיש לעבן?

עס איז אַ פאַרשפּרייטער מנהג סוכות צו לייענען דעם ספר קהלת. אין אָט־דעם מערקווערדיקן ספר באַמיט זיך דער פּעסימיסטישער יידישער דענקער פון אַמאָל צו באַווייזן דעם אומזין פון אונדזער יאָגעניש און לויפעניש אין לעבן. דער מחבר פון קהלת איז ניט צו שטאַרק באַגייסטערט פון דער וועלט און ער גלייבט אויך ניט, אַז די וועלט קאָן ווערן אַ סך בעסער. די וועלט ענדערט זיך ניט — טענהט דער פּעסימיסטישער דענקער — ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון (אין כל חדש תחת השמש). און ווייל די וועלט בלייבט נאָך אַלעמען אין אַ היפשער מאָס די זעלביקע, יעדנפאַלס בלייבן די מענטשן די זעלביקע, מיט זייערע שוואַכקייטן, זייערע איינרעדענישן און זייערע אַמביציעס, קאָנען מיר דערפאַר אויך אַ סך לערנען פון די דערפאַרונגען פון די פאַרגאַנגענע דורות.

די שבתדיקע און יום־טובדיקע טעג זיינען פאַרן יידישן מענטשן געווען די סוכה, וואָס האָט אים אַ ביסל געשיצט פון דער אַרומיקער פרעמדער וועלט. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך געמוזט צופּאַסן צו דער וועלט, שבת און יום־טוב האָט מען זיך אָפּגעשלאָסן פאַר זיך. מען האָט צונויפגעשלאָגן עטלעכע ברעט־לעך, דעם דאַך צוגעדעקט מיט צווייגלעך און מען האָט זיך געפילט פריי.

אַזעלכע סוכות האָט דער ייד כסדר געמוזט בויען אויף זיין לאַנגן וואַנדער־וועג. ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין דער היים, ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיין בית־המדרש און ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיינע שבתדיקע און יום־טוב־דיקע טעג.

די יידישע טראַדיציע האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון אַ קולטור פאַר אַלעמען. פאַר אַלע שיכטן און פאַר אַלע דורות. סימבאָליש איז אין דעם פּרט טאַקע דער לעצטער טאָג סוכות, דער טאָג פון שמחת־תורה. ס׳איז געווען פאַרשפּרייט דער מנהג ביי יידן, אַז אין דעם טאָג האָט מען אַלעמען, גרויס און קליין, אויפגערופן צו דער תורה. אַלע זיינען שותפים אין דער תורה, און אַפילו די קינדער, וואָס קאָנען אַליין ניט מאַכן די ברכה אויף דער תורה, ווערן אויפגערופן צו „כל־הנערים״. אין אַ סך קהילות איז אויך געווען פאַרשפּרייט דער מנהג, אַז אַלע, די גאַנצע עדה, פלעגן אויפגערופן ווערן צו הקפות, צו טראָגן די תורה אַרום דער בימה.



סוכות איז דער יום־טוב פון דער שמחה פון דער וועלט, ווען אַלץ, וואָס גאָט האָט באַשאַפן אין די טעג פון בראשית, איז פול מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט. אַזוי זאָגט אונדז אָן דער נביא זכריה אין זיין נבואה וועגן די צייטן פון משיח:

און עס וועט זיין, די אַלע וואָס זיינען פאַרבליבן פון די פעלקער, וואָס זיינען געקומען אויף ירושלים, זיי וועלן עולה רגל זיין יאָר נאָך יאָר, כדי צו קומען זיך צו בוקן צו גאָט און צו פייערן דעם יום־טוב סוכות...

און די פעלקער, וואָס וועלן ניט אָפּהיטן צו האַלטן דעם יום־טוב סוכות, זאָגט אונדז דער נביא ווייטער, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט דעם וואָס קיין רעגן וועט אויף זייער לאַנד ניט קומען.

סוכות פילט זיך דער יידישער מענטש באַזונדערס פאַרבונדן מיט דער וועלט, גייט מען אַרויס פון די פעסט־געבויטע הייזער און מען באַזעצט זיך אין אַ ביידל, וואָס איז קוים צוגעדעקט, כדי דורכן סכך זאָלן נאָך אַפילו דורכשיינען די שטערן פון הימל. דער באַרימטער רב און מיסטיקער ר׳ יונתן אייבעשיץ (ר׳ יונתן פּראַגער) האָט אַפילו אויפגעבויט אַ גאַנצע שיטה אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מצווה פון סוכה. יידישקייט, דערקלערט ער, לערנט אונדז זיך ניט צופיל צו פאַרבינדן מיט דער איינגעזעסענער און איינגעוואָרצלטער וועלט. דאַרף מען אַרויסגיין פון די שטענדיקע דירות און זיך באַזעצן אין צייטווייליקע דירות, נעמען אויף זיך גלות. אונדזערע עלטערן, די אָבות, זאָגט אונדז ר׳ יונתן פּראַגער ווייטער, האָבן געלעבט אין געצעלטן און ניט אין פעסט־געבויטע הייזער. און ווען בלעם האָט געזען די יידן, ווי זיי רוען אין געצעלטן, האָט ער אויסגערופן: ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב! (מה טובו אהליך יעקב) און מיט אָט די ווערטער הייבט אָן דער ייד אַלע טאָג די תפילה פון שחרית: מה טובו אהליך יעקב!

ר׳ יונתן פּראַגער פאַררופט זיך נאָך אויף אַ גאַנצער ריי שטעלן פון תנ״ך און שאַפט אַזוי אָן אייגנאַרטיקע טעאָריע וועגן גלות און סוכה. דער משכן, גאָטס

געצעלט אין דער צייט פון די יידישע וואַנדערונגען און נאָך דורות שפּעטער, געהערט, לויט ר׳ יונתן אייבעשיץ, צו אַ העכערער מדרגה פון קדושה ווי דער בית־המקדש. זיינען דאָך ביידע, דער ערשטער בית־המקדש און דער צווייטער בית־המקדש, חרוב געוואָרן. איז דעריבער די מצווה פון סוכה חל ניט נאָר אויף די זיבן טעג סוכות. אַ גאַנץ יאָר, זיין גאַנץ לעבן, דאַרף דער מענטש זיצן אין אַ סוכה, אָדער זיך וויזיקסטנס פילן ווי ער וואָלט געלעבט אין אַ סוכה (צדיקי ישראל... ישבו בסוכות תמיד מבלי הפסק ומבלי זמן כלל... ותמיד יהיה כל העולם אצלם לדירת עראי).

און ווען אַלע פעלקער וועלן צוזאַמען מיט אונדז פייערן דעם יום־טוב סוכות, דאַן וועט ערשט קומען די צייט, גלייבן די מיסטיקער, ווען דער האַר פון דער וועלט וועט אויסשפּרייטן איבער אונדז אַלע די סוכה פון שלום.

פאַראַן, נאַטירלעך, אין די דאָזיקע געדאַנקען אַ היפּש ביסל דרוש. אַנדערע וועלן אַפילו זאָגן — מגידות. דאַרף מען זיך דערפאַר ניט אָפּשרעקן. מיר האָבן ניט קיין שום גרונד זיך צו באַציִען מיט ביטול צו מגידות. מען באַגעגנט אָפט געגנוג ערנסטע, אָריגינעלע און טיפע געדאַנקען אין דער דרוש־ליטעראַטור. מען קאָן אמת פרעגן: איז אַלץ טאַקע ריכטיק וואָס מען פּרוווט אַריינטייטשן אין די יום־טובים בכלל און אין דעם יום־טוב סוכות בפרט? איך גלייב, אַז די פראַגע איז ניט אַזאַ וויכטיקע. בנוגע איין פּונקט קאָן יעדנפאַלס קיין שום ספק ניט זיין: אַלע יידישע יום־טובים האָבן דווורכגעמאַכט אַ רייכע געשיכטע, זיי האָבן הינטער זיך אַן אַנטוויקלונג פון דורות און דורות. און דער וועג איז געווען — פון פּרימיטיווער יום־טובדיקייט פון נאַטור־לעבן צו אַ העכערער און ריין־ גייס־טיקער יום־טובדיקייט.

אויך סוכות ווערט אין חומש פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון יציאת־מצרים: „זיבן טעג זאָלט איר זיצן אין סוכות... כדי אייערע קינפטיקע דורות זאָלן וויסן, אַז אין סוכות האָב איך געלאָזט זיצן די קינדער פון ישראל, ווען איך האָב זיי אַרויסגענומען פון מצרים״ (בסוכות תשבו שבעת ימים... למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים).

יום־טוב איז אָבער ניט נאָר אַ סימבאָל פון באַפרייונג, דער יום־טוב איז די באַפרייונג אַליין. דורך דעם יום־טוב און אין דעם יום־טוב ווערט דער ייד אַ פרייער מענטש. און באַזונדערס איז סוכות, דער יום־טוב פון שמחה, אַ יום־טוב פון פרייהייט.



דער באַשעפער האָט דעם מענטשן געבענטשט מיט אַ וווּנדערלעכער מתנה, די מתנה פון פאַנטאַזיע. דאָס גאַנצע לעבן איז פול מיט עלעמענטן פון חלום און פאַנטאַזיע. און יידישקייט איז דער גרויסער חלום, וואָס ווערט כסדר פאַרוואַנדלט אין וואָר. יידישקייט איז די גרויסע דראַמע פון גאָט, וועלט און מענטש.

אין אַט דער וועלט־דראַמע שפּילט דער מענטש אַ וויכטיקע ראָל. מיט זיינע מעשים ווערט ער אַ שותּף צו דער געשיכטע פון דער וועלט, אַ שותּף צו דער געשיכטע פון זיין פאָלק. און גאָר אַ באַזונדערע ראָל שפּילן דאָ אונדזערע יום־טובים. יעדער טאָג פון שבת און יום־טוב פאַרוואַנדלט דעם וואָכעדיקן יידן אין אַ נייעם מענטשן. יעדער טאָג פון שבת און יום־טוב איז אַ רעוואָלוציע.

די סוכּה איז כּולה הייליקייט, אין גאַנצן יום־טוב. די יידישע היים האָט יום־טובדיקייט און אויך וואָכעדיקייט. די סוכּה אַנטקעגן דעם איז פון לכתחילה אָן געבויט פאַר יום־טוב, לויטער יום־טוב. בויען די סוכּה איז אַ מצווה, זיצן אין סוכּה איז אַ מצווה, עסן און פאַרברענגען אין סוכּה איז אַ מצווה. און דאָס אַלץ אין דער פּשוטער אָרעמער סוכּה.

מען שרייבט ביי אונדז היינט אַ סך וועגן סלאַמס, וועגן נויט און עלנט אין די סלאַמס, וועגן קולטורעלער פאַרלאָזנקייט א. אַ. וו. און טראַכט זיך אַריין: וואָס האָבן פּשוטע יידן געמאַכט פון דער אָרעמער סוכּה, פון די פּאָר צונויפגע־שלאָגענע ברעטלעך. וויפל גייסטיקע שעפערישקייט!

די דראַמע פון דער סוכּה איז די דראַמע פון דער יידישער געשיכטע, דער סימבאָל פון יידישע וואַנדערונגען, פון גלות און קיום אין גלות. אויך אַ סוכּה קאָן ווערן אַ היים. אַ ביידל פון אַ פּאָר ברעטלעך קאָן ווערן אַ בית־המקדש, אויב איר האָט קדושה אין זיך, אויב איר קומט אַריין מיט דער ריכטיקער כּוונה.

מיט דער סוכּה זיינען מיר דורכגעגאַנגען וועלטן, די סוכּה איז דער סוד פון יידישן קיום. אַיין ייד, איין יידישע פאַמיליע קאָן בויען אַ סוכּה. איר קאָנט אויסקומען אָן אַ רב, אָן אַ חזן, און אָן אַ ראַבאַי, איר אַליין קאָנט פאַרברענגען אין סוכּה. דאָ פילט איר זיך פאַרבונדן מיט הונדערטער יידישע דורות. דאָ פילט איר זיך ווי אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט פון דער יידישער געשיכטע. און מיינט ניט, אַז איר זייט אײנזאַם אין דער סוכּה. גאָר חשובע געסט קומען צו אייך אין די טעג פון סוכּות צו פאַרברענגען מיט אייך אין סוכּה. אין די טעג פון סוכּות, לערנט אונדז אַ פאַלקסטימלעך־מיסטישע טראַדיציע, קומען אין דער סוכּה צו גאַסט אברהם, יצחק און יעקב, יוסף, משה, אהרן און דוד. דאָס זיינען די אַזוי גערופענע זיבן אושפּיזן, די זיבן געהויבענע געסט, די גרויסע גע־שטאַלטן פון דער יידישער געשיכטע.

און ווען דער ייד און זיין פאַמיליע זעצן זיך ביים טיש אין דער סוכּה, פאַרבעט ער די חשובע געסט מיט די ווערטער: „איך טו פאַרבעטן צו דער סעודה די גרויסע געסט". ניטאָ מער קיין יידישע איינזאַמקייט. אויפגעשטעלט איז דער בונד צווישן יידן פון אַלע דורות, צווישן יידן פון גאָר דער וועלט. דער גאַנצער כּלל ישׂראל, די אבות פון פאָלק, די גרויסע געשטאַלטן פון אונדזער געשיכטע, אַלע זיינען מיר פאַרזאַמלט אין דער סוכּה, ביים יום־טובדיקן טיש אין דער הייליקער סוכּה, דאָס איז די דראַמע פון סוכּות, די דראַמע פון דער סוכּה.




## דער יום־טוב פון ליכט, באַפרייונג און באַנייונג

מערקווערדיק איז דער וועג פון די יידישע יום־טובים; אַזוי מערקווערדיק און אייגנאַרטיק ווי עס איז דער היסטאָרישער וועג פון יידישן פאָלק. כמעט אַלע אונדזערע יום־טובים זיינען פאַרבונדן מיט געשעענישן פון דער יידישער געשיכטע; אין דער זעלביקער צייט אָבער האָבן זיי אונדז כסדר געהאָלפן בויען יידיש לעבן און האָבן געשטאַרקט אונדזער גלויבן אין יידישן קיום און אין דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. זיינען דערפאַר אַלע אונדזערע יום־טובים אַזוי רייך אין אינהאַלט און טראָגן אין זיך אַ וועלט פון אידעען, פון נאַציאָנאַלע זכרונות און נאַציאָנאַלע האָפענונגען.

די יידישע טראַדיציע האָט, אמת, ניט געמאַכט קיין גרויסן וועזן פון דעם יום־טוב חנוכה. מען דאַרף דאַנקען גאָט פאַר די ניסים, וואָס ער האָט געטאָן מיטן פאָלק ישראל, מען איז אָבער לויטן דין ניט מחויב צו מאַכן אין די טעג קיין באַזונדערע יום־טובדיקע סעודות, ווי מיר טוען עס אין די אַנדערע יום־טובים. און דאָס וואָס דער עולם איז זיך נוהג צו מאַכן סעודות אין די טעג פון חנוכה — ווערט געזאָגט אין שולחן ערוך — איז עס ניט קיין חוב, נאָר אַן ענין פון פרייען ווילן (וריבוי הסעודות שמרבים בהם הם סעודות הרשות). דאָס פאָלק האָט זיך ניט געהאַלטן ביים דין און האָט פון חנוכה געמאַכט אַ יום־טוב פון פאָלקסטימלעכער פרייד, און באַזונדערס איז חנוכה געוואָרן דער יום־טוב פון יידישן קינד, דער יום־טוב פון אונדזער צוקונפט.

אין די טעג פון חנוכה פלעגט מען געוויינטלעך אָפּלאָזן די קינדער אַ סך פריַער פון חדר. איז ממילא געווען מער צייט זיך צו שפּילן און צו פאַרברענגען. אויך די יידישע היים און דער בית־מדרש זיינען אין די טעג פון חנוכה פול מיט ליכט, מיט פרייד און מיט גלויבן. צו דעם איז חנוכה אַזאַ גרינגער יום־טוב: מען מעג אַלץ עסן, מען מעג אַלץ טאָן און מען מעג אַפילו שפּילן אין קאָרטן. קאָן דען זיין אַ פריילעכערער יום־טוב ווי חנוכה, בפרט, אַז מען קריגט נאָך אויך חנוכה־געלט! האָט דער יום־טוב פון ליכט און באַנייונג דערפאַר אויך פון תמיד אַן אַריינגעבראַכט אַזוי פיל פרייד און ליכטיקייט אין דער נשמה פון דעם יידישן קינד.

חנוכה איז אָבער אין אַ באַזונדערער מאָס דער יום־טוב פון דער יידישער פרוי. שוין אין תלמוד ווערט אויסדריקלעך געזאָגט, אַז אויך די פרויען זיינען מחויב אָפּצוהיטן די מצווה פון אָנצינדן הנוכה־ליכט, ווייל זיי זיינען געווען באַטייליקט אין דעם נס (שאַף הן היו באותו נס). מיט דער צייט איז די ראָל פון דער יידישער פרוי אין דער חנוכה־טראַדיציע געוואָרן אַלץ וויכטיקער. פרויען זיינען זיך נוהג ניט צו טאָן קיין שום אַרבעט אין דער צייט, ווען די חנוכה־ליכט ברענען, און דער טעם דערפון איז, אַזוי ווערט דערקלערט אין פאַרשיידענע ספרים, ווייל דער נס איז געקומען דורך די פרויען. שוין אַן אַלטע יידישע אגדה האָט דערציילט פון דער גבורה פון יהודית, וואָס האָט מיט אירע אייגענע הענט אומגעבראַכט דעם גריכישן גענעראַל, דעם שונא־ישראל האָלאָפערנעס און האָט דערמיט געבראַכט אַ ישועה פאַר איר פאָלק. עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז דער עצם נאָמען יהודית איז סימבאָליש, — עס איז די יידישע פרוי, וואָס האָט דערמוטיקט די יידישע העלדן צו קעמפן פאַר זייער פאָלק און פאַר זייער גלויבן.

די גבורה פון דער יידישער פרוי, פון דער יידישער מאַמע, קומט אפשר נאָך שטאַרקער צום אויסדרוק אין דער וווּנדערלעכער געשיכטע פון חנה און אירע זיבן קינדער. אין די טעג פון חנוכה דערמאָנען מיר ניט נאָר די גבורה פון אונדזערע העלדן, נאָר אויך, און ניט אין קיין קלענערער מאָס, די אויסער־געוויינטלעכע מאָראַלישע גבורה פון די שוואַכע, פון די אַלטע לייט און קינדער, וועלכע האָבן זייער קאָפּ ניט געבויגן פאַרן שונא און האָבן זיך מוסר־נפש געווען על קידוש־השם. און צווישן די דאָזיקע גיבורים פון גייסט פאַרנעמען אַ באַזונ־דער פּלאַץ חנה מיט אירע זיבן קינדער.

די מלחמה פאַר יידישער פרייהייט איז פון אָנהייב אָן געווען אַ מלחמה פאַרן יידישן גלויבן. דער ווידערשטאַנד קעגן די גריכישע הערשער, קעגן אַנטיוכוס הרשע און זיינע דינער, האָט זיך אָנגעהויבן אין די קרייזן פון די פרומע, די חסידים, ווי זיי האָבן דעמאָלט געהייסן. אָט די חסידים האָבן בשום אופן זיך ניט געוואָלט בוקן פאַר די פרעמדע הערשער און פאַר די פרעמדע געטער און זיינען דעריבער אַנטלאָפן אין מדבר, כדי זיי זאָלן קאָנען פריי דינען דעם גאָט

פון זייערע עלטערן. איין מאָל — ווערט אונדז דערציילט אין ספר החשמונאים — האָט דאָס גריכישע מיליטער אויסגעפונען דעם פלאַץ, ווו עס האָבן זיך באַהאַלטן אַ גרויסע צאָל חסידים. אַ צייט האָבן זיי זיך העלדיש פאַרטיידיקט. ווען עס איז אָבער אָנגעקומען דער הייליקער טאָג שבת, האָבן זיי זיך מער ניט אָנט־קעגנגעשטעלט. די גריכישע סאָלדאַטן האָבן זיך דאַן געווענדט צו זיי, זיי זאָלן אַרויסגיין פון זייער באַהעלטעניש און זיך אונטערגעבן. אויך דאָס האָבן די חסידים ניט געטאָן. מיר וועלן זיך ניט אַנטקעגנשטעלן און מיר וועלן זיך ניט אונטערגעבן, האָבן זיי געענטפערט. „מיר זיינען גרייט צו שטאַרבן פאַר אונדזער גלויבן. הימל און ערד זיינען עדות, אַז איר פאַרגיסט אומשולדיק בלוט". און אַזוי זיינען זיי אַלע אומגעקומען.

ווען די חשמונאים זיינען דערפון געוווּיר געוואָרן, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז פון איצט אָן מוזן יידן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם שונא אויך אין דעם טאָג פון שבת. די מאָראַלישע גבורה פון די ערשטע חסידים איז אָבער ניט געווען אומזיסט. אין דער געשיכטע פון דער קולטור און פון אונדזער קאַמף פאַר פרייהייט איז קידוש־השם געווען אַ סך וויכטיקער ווי מיליטערישע גבורה. דעריבער זיינען ניט נאָר הימל און ערד, נאָר אויך די געשיכטע פון אונדזער פאָלק און די געשיכטע פון דער וועלט, געבליבן עדות פון יידישן קידוש־השם אין דער צייט פון די חשמונאים.

און מחמת דעם, איז דווקא חנוכה ניט קיין יום־טוב פון מלחמה און פון מיליטערישער גבורה, נאָר אַ יום־טוב פון פרייהייט, פון פרייד און פון שלום. זיינען צוליב דעם טעם די חנוכה־ליכט דער וויכטיקסטער סימבאָל פון דעם יום־טוב: די מצווה פון חנוכה־ליכט — זאָגט אונדז דער רמב"ם — איז זייער אַ וויכטיקע מצווה, און דער ייד דאַרף עס זייער טייער האַלטן, כדי עדות צו זאָגן אויף די ניסים און צו דאַנקען גאָט פאַר זיי. און אויב אַפילו אַ מענטש מוז אָנקומען צו צדקה, איז ער מחויב צו פאַרמשכונען אָדער צו פאַרקויפן זיין בגד, כדי צו קויפן חנוכה־ליכט. האָט ער ביי זיך מער ניט ווי איין פרוטה און ער מוז אויסקלייבן צווישן חנוכה־ליכט און ווייַן אויף שבת, איז חנוכה־ליכט וויכטיקער. אויב אָבער עס קומט אים אויסצוקלייבן צווישן חנוכה־ליכט און שבת־ליכט איז קודם־כל וויכטיקער שבת־ליכט. ווייל דאָס ליכט פון שבת, וואָס מען צינדט אָן אין דער היים, איז דער סימן פון שלום. און גרויס איז דער שלום, ווייל די גאַנצע תורה איז געגעבן געוואָרן, כדי צו שאַפן שלום אויף דער וועלט, ווי עס שטייט געשריבן: „אירע וועגן זיינען די וועגן פון פריינד־שאַפט און אירע שטעגן זיינען שלום" (גדול השלום שכל התורה נתנה לעשות שלום בעולם שנאמר דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום).

און באַזונדערס מערקווערדיק איז, וואָס חנוכה איז געוואָרן דער יום־טוב פון שפּיל. אין די טעג פון חנוכה האָבן אַפילו פרומע יידן זיך דערלויבט אַראָפּ־צוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון יידישקייט און פאַרברענגען אַ ביסל צייט אין

שפּילן. באַזונדערס באַליבט איז נאַטירלעך דער שפּיל אין חנוכה־דריידלעך. אַן אַלטער שפּיל, באַקאַנט ביי אַ סך פעלקער, וואָס איז אָבער ביי אונדז אין גאַנצן פאַרייִדישט געוואָרן. דאָס דריידל האָט באַקומען ייִדישע אותיות און איז געוואָרן אַ טייל פון דעם חנוכה־ריטואַל. אַחוץ דעם טראַדיציאָנעלן חנוכה־דריידל האָט מען אָבער אויך נאָך געשפּילט אין פאַרשיידענע אַנדערע שפּילן, און באַזונדערס אין קאָרטן.

געווען אמת אַ סך רבנים און תלמידי חכמים, וואָס האָבן שטאַרק פּראָטעס־טירט קעגן די דאָזיקע חנוכה־מנהגים. אין זיין זייער וויכטיקער אַרבעט: „דער קאַמף קעגן האַזאַרד־שפּילן ביי ייִדן" ברענגט יצחק ריבקינד אַן אויסצוג פון אַ תחינה צו חנוכה, ווו עס ווערט געזאָגט: „און זאָלסט אונדז אויך העלפן האַלטן די הייליקע טעג הייליק, ניט מטמא זיין זיי מיט לצנות און קאָרטן־שפּילן". נאָך שאַרפערע דערקלערונגען קעגן דעם מנהג פון קאָרטן־שפּילן אין די טעג פון חנוכה געפינען מיר אין די פאַרשיידענע מוסר־ספרים. איז דאָך די גאַנצע מלחמה פון די חשמונאים — טענהן די שטרענגע מוסרניקעס — געווען דערפאַר, וואָס מען האָט אונדז געוואָלט צווינגען אָנצונעמען די פרעמדע מנהגים און זיך צו באַטייליקן אין די גויישע שפּילן. היינט ווי אַזוי קאָנען מיר פאַרשוועכן דעם יום־טוב חנוכה מיט אַזאַ ניט־ייִדישן שפּיל ווי קאָרטן! געווען אַפילו רבנים, וואָס האָבן באַוויזן, אַז דאָס וואָרט קרטן (קאָרטן) איז בגמטריא שטן, עס איז איינס און דאָס זעלביקע.

דער מנהג איז פון דעסטוועגן געבליבן, און דער גרעסטער טייל רבנים האָבן מיט דעם שלום געמאַכט. געווען געענטן, באַזונדערס אין גאַליציע, ווו ייִדן האָבן אַפילו פאַבריצירט זייערע אייגענע „כשרע" קאָרטן, כדי מען זאָל ניט דאַרפן באַנוצן די קאָרטן מיט די פאַרשיידענע פיגורן — די מלכים און די מלכות — וואָס איז קעגן דעם ייִדישן גייסט. אָט די „ייִדישע" קאָרטן האָט מען גערופן „קוויטלעך". דער ייִדישער וועג פון מלחמה קעגן יצר־הרע איז פון תמיד אַן געווען גאָר אַ באַזונדערער. מיר זיינען קיין מאָל ניט אַנטלאָפן פון דער וועלט, מיר האָבן זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט פון עולם הזה, ווי דאָס האָבן געטאָן געוויסע קריסטלעכע פרעדיקער און מאָנאַכן. אונדזער מלחמה מיט די נידעריקע מענטשלעכע אינסטינקטן איז געגאַנגען אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג. ייִדן האָבן געפּרוּווט אַריינברענגען דערהויבנקייט און אַפילו קדושה אין די סאַמע פּשוטסטע מענטשלעכע מעשים. מיר האָבן זיך באַמיט צו הייליקן דאָס לעבן, צו דערהייבן און צו לייטערן די מענטשלעכע באַדערפענישן אין פאַרגעניגן און שפּיל. אונדזער העכסטע עולם־הזה איז געווען פאַרבונדן מיט שבת און יום־טוב, מיט תורה און מעשים טובים. האָבן מיר דעריבער אויך די נאַטירלעכע באַדערפעניש אין שפּיל פאַרבונדן מיט יום־טובים, מיט חנוכה, פורים און אַפילו פסח. אַזוי זיינען אונ־דזערע יום־טובים געוואָרן מענטשלעכער און אונדזערע שפּילן ייִדישער.

# דער חלום פון איין וועלט

עס וועט אפשר ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די מלחמה, וואָס איז געפירט געוואָרן צווישן די יידן און די גריכן אין דער צייט פון די חשמונאים, מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, איז נאָך אויך היינט ניט פאַרענדיקט. דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים איז דאָך אין אמתן געווען ניט מער ווי אַ טייל פון אַ גרעסערן קאַמף, פון אַן אידעיִשן קאָנפליקט צווישן דעם יידישן גלויבן און דער קולטור פון דער אַרומיקער ניט־יידישער וועלט.

עס איז געווען די אַלטע אידעיִשע מלחמה פון יידישן מאָנאָטעיִזם, דעם גלויבן אין דעם איינציקן באַשעפער פון דער וועלט, קעגן דעם ניט־יידישן געצנדינסט, וואָס איז ניט זעלטן געווען פאַרשפּרייט אַפילו צווישן יידן גופא. אין דער צייט פון די חשמונאים האָט דער אַלטער קאָנפליקט אָנגענומען באַזונדערס קריטישע פאָרמען. ביז איצט זיינען די יידישע רעליגיעזע דענקער געווען די ערשטע און כמעט די איינציקע, וואָס האָבן פּראָקלאַמירט פאַר אַלע פעלקער די אידעע פון אוניווערסאַליזם: איין גאָט, איין וועלט און איין מענטשהייט. דאָס האָט זיך איצט צום טייל געביטן. די דעראָבערונגען פון אַלעקסאַנדער מוקדון האָבן צוגעגרייט דעם וועג פאַר אַ נייעם אוניווערסאַליזם, אַן אוניווערסאַליזם, וואָס איז געווען געבויט גאָר אויף אַנדערע יסודות ווי דער נביאישער.

די יורשים פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן האָבן ווייטער פאַרפעסטיקט די גריכישע ממשלה איבער די וויכטיקסטע לענדער פון דער דעמאָלטיקער אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. צוזאַמען מיט דעם נעמען אַלע פעלקער איבער די מאַניערן און זיטן פון די גריכישע הערשער. גריכיש ווערט אַלץ מער די אָנערקענטע שפּראַך אין די קולטור־צענטערס פון דער אַלטער וועלט. עס ווערן ביסלעכווייז אָפּגעווישט די פּריִערדיקע גרענעצן, און די העלעניסטישע קולטור, ווי די גריכישע ציוויליזאַציע פון יענער צייט ווערט געוויינטלעך באַצייכנט, ווערט איצט די הערשנדיקע קולטור, וואָס פאַראייניקט די פעלקער פון מזרח און מערב.

דער חלום פון איין וועלט איז כמעט ווי פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס איז אָבער געווען אַ וועלט געבויט אויפן פּרינציפּ פון מאַכט און ניט אויפן פּרינציפּ פון גערעכטיקייט. און דאָס איז געווען די סיבה פאַר וואָס די יורשים פון די נביאים, די גייסטיקע פירער פון יהודה אין דער צייט פון בית שני, האָבן בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם אוניווערסאַליזם פון די גריכן.

אַ טייל קריסטלעכע געלערנטע, וואָס האָבן געשריבן וועגן די קאַמפן פון די חשמונאים, באַשולדיקן די יידן אין פאַנאַטישן און באַגרענעצטן שאָוויניזם. פאַר אָט־די קריסטלעכע געלערנטע זיינען גראָד די יידישע אַסימילאַטאָרן פון יענער צייט, די אַזוי־גערופענע העלעניסטן, די אמתע אוניווערסאַליסטן. האָבן דאָך די העלעניסטן, וואָס זיינען גרייט געווען זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע אייגענע טראַדיציעס, געפּרוּווט ווערן אַ טייל פון דער דעמאָלטיקער העלעניזירטער וועלט, און אויף אַזאַ אופן בייטראָגן צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל פון איין מענטשהייט!

אין דעם ספר החשמונאים, ווו עס ווערט דערציילט די געשיכטע פון דעם אויפשטאַנד פון יהודה המכבי און זיינע ברידער, לייענען מיר ווי דער קעניג אַנטיוכוס האָט אַרויסגעלאָזן אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער פון זיין קעניגרייך זאָלן ווערן איין פאָלק און זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע באַזונדערע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. אַלע געצנדינערישע פעלקער האָבן אָנגענומען דעם באַפעל פון דעם קעניג. אויך ביי יידן איז געווען אַ טייל, וואָס האָט זיך אונטערגעוואָרפן דער גזירה. בלויז אַ מינדערהייט פון איבערגעגעבענע, וועלכע מען האָט באַצייכנט מיטן נאָמען חסידים, האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און האָבן מיט עקשנות און מסירת־נפש געקעמפט פאַר זייער רעכט אָפּצוהיטן די תורה און די מצוות און געטריי צו דינען דעם גאָט פון זייערע עלטערן.

אָט־די חסידים זיינען עס געווען, לויט דער מיינונג פון די פריער־דערמאָנטע געלערנטע, די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פאַנאַטיקער, וואָס האָבן דעם גריכישן הער־שער געשטערט אין זיין כלומרשט־מענטשלעכער אויפגאַבע צו מאַכן פון אַלע פעלקער איין פאָלק.

צום באַדויערן ווערט אַן ענלעכער טעות געמאַכט אויך פון אַ טייל יידישע געלערנטע און שריפטשטעלער. אויך יידישע היסטאָריקער באַטאָנען אָפט צו פיל דעם ריין־נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים. דער קאַמף קעגן די גריכישע הערשער ווערט אָפט געשילדערט בלויז ווי אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, ווי אַ מלחמה פון פאַטריאָטן, וועלכע האָבן געהאַט אין זינען בלויז איין ציל — באַפרייען דאָס לאַנד פון יהודה פון דעם פרעמדן פאָליטישן יאָך.

עס קאָן ניט געלייקנט ווערן, אַז די ריין־נאַציאָנאַלע באַגייסטערונג האָט גע־שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים. עס איז אָבער פּונקט אַזוי זיכער, אַז דאָס איז געווען אַ סך מער ווי בלויז אַ נאַציאָנאַלע מלחמה. דער אמת איז, אַז אַנטקעגן דעם גריכישן אוניווערסאַליזם האָבן די פאַטריאָטן פון יהודה אַרויסגעשטעלט זייער אייגענעם, זייער יידישן אוניווער־סאַליזם. קעגן דער גריכישער ממשלה פון מאַכט האָבן די יידישע קעמפער אַרויסגעשטעלט די אידעע פון מלכות־שמים, פון אַ וועלט, וואָס איז געבויט אויף די יסודות פון גערעכטיקייט. און דווקא צוליב דעם, ווייל די מלחמה איז געווען אין דער ערשטער שורה אַן אידעאָלאָגישע, איז זי געפירט געוואָרן מיט אַזוי פיל עקשנות און מיט אַזוי פיל מסירת־נפש.

די אידעע פון איין וועלט איז פון די עלטסטע צייטן אַן געווען דער חלום פון די נביאים. פון דער אַנדער זייט אָבער, זיינען אויך אָפט געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל מיט די מיטלען פון מיליטערישער מאַכט. דאָס האָט געפּרוּווט אַלעקסאַנדער דער גרויסער, דאָס האָבן שפּעטער געפּרוּווט די רוימישע אימפּעראַטאָרן, דער קייסער נאַפּאָלעאָן און אַנדערע. אין

אונדזער צייט זיינען אַזעלכע פּרוּוון געמאַכט געוואָרן פון די דיקטאַטאָרן פון רעכטס און לינקס.

עס איז איבעריק צו באַווייזן, אַז דער נביאישער אידעאַל פון איין וועלט איז גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער. די נביאישע אוטאָפּיע איז קודם־כל פאַרבונדן מיטן אידעאַל פון שלום, פון אמתן שלום און אמתער ברידערלעכקייט צווישן מענטשן. ממילא האָבן זיי זיך קיין מאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן די פאַרווירקלעכונג פון זייער חלום מיט די מיטלען פון ברוטאַלער מיליטערישער מאַכט.

עס איז נייטיק דאָס צו האָבן אין זינען באַזונדערס אין אונדזער צייט. דער יידישער יום־טוב חנוכה ווערט זייער אָפט געשטעלט אין שאָטן, אַפילו אין יידישע היימען, פון דער ווייַנאַכט. ניט זעלטן לאָזן זיך אויך יידן פאַרפירן פון דער פאַלשער פאָרשטעלונג, אַז בעת ווייַנאַכט איז אַן אוניווערסאַלער יום־טוב, איז חנוכה בלויז אַ ריין־יידיש־נאַציאָנאַלער. אַז חנוכה האָט ממילא הינטער זיך ניט קיין אַלגעמיין־מענטשלעכן אידעאַל. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ געפערלעכער טעות.

ווען מען באַקענט זיך נעענטער מיט די אַלטע יידישע טראַדיציעס וועגן חנוכה און וועגן דעם יידישן ווידערשטאַנד קעגן די גריכישע הערשער, דאַן ווערט קלאָר, אַז די צענטראַלע אידעע, וואָס האָט באַגייסטערט די קעמפער, איז געווען ניט נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, נאָר קידוש־השם. אונדזערע עלטערן זיינען געווען גרייט אויף אַ צייט שלום צו מאַכן מיטן פאַקט פון דער גריכישער הערשאַפט מיטן תנאי, מען זאָל זיי איבערלאָזן די פולע פרייהייט אויפן געביט פון רעליגיעזן גלויבן און רעליגיעזע טראַדיציעס. און זיי זיינען אַרויס אין קאַמף בלויז אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט ביי זיי געפּרוּווט צונעמען זייער פרייהייט צו דינען דעם גאָט פון זייערע עלטערן. איין וועלט, אוודאי! אָבער נאָר מיט איין תנאי — עס זאָל זיין אַ פרייע וועלט!

דערפאַר איז פאַר חנוכה די געשיכטע פון חנה און אירע זיבן קינדער, וועלכע זיינען אַלע אומגעקומען על קידוש־השם, ניט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש ווי די גבורות פון די חשמונאים. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור באַגעגענען מיר זיך דאָ מיט אַ העלדישקייט פון אַ גאָר באַזונדערן מין, מיט דער מאָראַלישער גבורה פון קידוש־השם.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען פון יענער צייט איז דער ספר דניאל. דאָס רוב געלערנטע זיינען היינט מסכים, אַז די דערציילונגען, וועלכע מיר געפינען אין דניאל, שפּיגלען בלי ספק אָפּ די צייט פון דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים. עס איז געווען די צייט פון די שווערסטע פאַרפאָלגונגען פאַר יהודה, און די גייסטיקע פירער פון פאָלק האָבן דעמאָלט געהאַט איין איינציקע אויפגאַבע: צו שטאַרקן דעם מוט פון די קעמפער און צו דערמונטערן דאָס פאָלק צום ווידערשטאַנד.

ווי אַזוי וועט אָבער דאָס קליינע און שוואַכע יהודה קאָנען באַווייזן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד קעגן דער געוואַלטיקער מאַכט פון דעם שונא? וועלכן זין האָט בכלל אַזאַ אויסזיכטלאָזער קאַמף?

און דער ענטפער איז געווען: עס איז דאָ אַ העכערע מאַכט, ווי די מאַכט פון די ערדישע הערשער! אין ספר דניאל ווערט צום ערשטן מאָל פּראָקלאַמירט אַ נייע פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע. פאַראַן אַ געטלעכער פּלאַן, ווערט דאָ כסדר באַטאָנט, אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אויך די מעכטיקסטע מענטשלעכע מלוכה האָט אירע גרענעצן, און דניאל זעט אין זיינע נביאישע וויזיעס דעם אונטערגאַנג און צעפאַל פון די גרעסטע אימפעריעס, פון די אימ־פעריעס פון בבל, מדי, פערסיע און אויך פון דער גרויסער אימפעריע פון אַלעקסאַנדער מוקדון. דער מחבר פון דניאל האָט עס געשאַפן דאָס וווּנדערלעכע בילד פון דעם ריז אויף ליימענע פיס. אַט־דער צענטראַלער מאָטיוו, די אינער־לעכע שוואַכקייט פון די גרעסטע אימפעריעס, ווערט כסדר איבערגעחזרט אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן, כדי אַלץ מער קלאָר צו מאַכן דעם געדאַנק, אַז עס איז דאָ נאָר איין אייביקע מאַכט, וואָס איז אייביק און וואָס וועט קיין מאָל ניט צעשטערט ווערן. דאָס איז די מאַכט פון דעם באַשעפער און האַר פון דער וועלט.

דער צווייטער צענטראַלער מאָטיוו פון ספר דניאל איז — קידוש־השם. ווען דער אַלמעכטיקער הערשער פון בבל, דער קעניג נבוכדנאצר, פאַרלאַנגט פון חנניה, מישאל און עזריה, זיי זאָלן זיך בוקן צו זיין בילד, און אויב ניט, וועט מען זיי אַריינוואַרפן אין קאַלך־אויוון, ענטפערן זיי אים מיט די ווערטער: דער גאָט, וועלכן מיר דינען, קאָן אונדז באַשיצן פון דיין האַנט, אָבער אויב אַפילו ער זאָל אונדז ניט ראַטעווען, זאָלסטו וויסן זיין, אַז צו דיין בילד, וואָס דו האָסט אַוועקגעשטעלט, וועלן מיר זיך ניט בוקן. זיי האָפן אויף גאָטס הילף, זיי זיינען אָבער אויך גרייט אומצוקומען פאַר דער הייליקונג פון גאָטס נאָמען. דער זעלביקער מאָטיוו פון קידוש־השם ווערט אַ ביסל אויף אַן אַנדער אופן אַרויס־געבראַכט אין דער געשיכטע פון דניאל, ווען ער ווערט אַריינגעוואָרפן אין לייבן־גרוב, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוגעבן דעם קעניג דריוש געטלעכן כבוד.

דער יום־טוב חנוכה איז דעריבער אין דער ערשטער שורה אַ סימבאָל פון מאָראַלישער גבורה, פון דעם קאַמף פון שוואַכע קעגן שטאַרקע, פון דעם קאַמף פון גייסט קעגן פיזישער מאַכט, פון דער מלחמה פאַר מלכות שמים קעגן אַלע פּרוּוון צו באַהערשן די וועלט מיט די אינסטרומענטן פון כוח און אונטערדריקונג.

# די באַדייטונג פון די חנוכה־ליכטלעך

די חשמונאים האָבן באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די טעריטאָריע פון יהודה. אָבער דאָס איז ניט די הויפּט־זאַך. אין דער צייט פון די חשמונאים זיינען יידן געוואָרן אַ גרויס פאָלק, אַ פאָלק און אַ וועלט־פאָלק. די מיליטערישע נצחונות פון די חשמונאים האָבן געשטאַרקט דעם יידישן גלויבן אין זייערע אייגענע כוחות, זיי האָבן געשטאַרקט דעם גלויבן אין די יידישע קולטור־טראַדיציעס, זיי האָבן באַזונדערס געשטאַרקט דעם מוט פון די שוין דעמאָלט צעשפּרייטע יידישע ישובים איבער גאָר דער וועלט. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די גריכישע קולטור איז ניט דער איינציקער וועג. אַז עס איז דאָ נאָך אַ וועג, דער יידישער וועג. די תקופה פון די חשמונאים האָט געדויערט אַ יאָרהונדערט, דעם יום־טוב חנוכה היטן מיר אָפּ שוין מער ווי צוויי טויזנט יאָר. וואָס איז דער סוד פון חנוכה?

פאַראַן אַ צאָל דינים וועגן חנוכה. דעם היינטוועלטיקן מענטשן זיינען אַ טייל פון די דינים ניט פאַרשטענדלעך: וואָס גריבלט מען זיך אַזוי פיל אַרום דער פראַגע וועגן אָנצינדן די חנוכה־ליכט?

די דינים פון חנוכה־ליכט הייבן זיך אָן אין שולחן־ערוך מיט די ווערטער:

„מען דאַרף זיין זייער אָפּגעהיט מיט דער מצווה פון אָנצינדן חנוכה־ליכט, אוןֹ אַפילו אַן אָרעמאַן, וואָס לעבט פון צדקה, איז מחויב צו באָרגן געלט, אָדער אַפילו צו פאַרקויפן אַ בגד, כדי צו קויפן בוים־אייל אויף אָנצינדן חנוכה־ליכט".

ווייטער ווערט געזאָגט: „מען בענטשט חנוכה־ליכט אויך אין בית־מדרש. אָבער קיינער איז ניט יוצא מיט די חנוכה־ליכט, וואָס מען בענטשט אין בית־מדרש. ווען מען קומט אַהיים מוז מען ווידער בענטשן חנוכה־ליכט".

יעדע יידישע היים איז אַ בית־המקדש. דאָס איז דער סוד פון חנוכה און דאָס איז דער סוד פון יידישן קיום. דערפאַר קאָן מען ניט יוצא זיין בלויז מיט דעם, וואָס מען בענטשט חנוכה־ליכט אין בית־מדרש. אין אונדזער צייט האָבן מיר זיך צוגעוווינט, אַז יידישע קולטור ווערט געפּראַוועט, דער עיקר, אויף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען. און אויך אונדזער רעליגיעז לעבן איז דער עיקר פאַרבונדן מיט דער סינאַגאָגע און מיטן טעמפּל. דאָס איז ניט דער יידישער וועג. יעדע יידישע היים איז געגליכן צו אַ בית־המקדש, מוז מען אין יעדער היים אָנצינדן חנוכה־ליכט, יעדער ייד איז פאַר זיך מחויב אָפּצוהיטן יידיש לעבן, טאָר ער זיך ניט פאַרלאָזן אויף אַנדערע.

פאַראַן אַ מדרש: אין דער צייט פון אנטיוכוס הרשע איז אַרויס אַ גזירה, אַז יידן זאָלן ניט טאָרן צושליסן זייערע הייזער. די יידישע היים זאָל זיין אַן אָ טיר, אָפן פאַר דער וועלט. דריי יאָר האָט די גזירה געדויערט — דערציילט אונדז דער מדרש — און יידן זיינען די גזירה אַריבערגעקומען. די פראַגע פון דער הייליקייט פון דער היים איז, גלייב איך, באַזונדערס אַקטועל אין אונדזער צייט.

אין די מלחמות פון די חשמונאים האָבן זיך באַגעגנט צוויי וועלטן — די גריכישע און די יידישע. עס וואָלט געווען אַ טעות צו זאָגן, אַז די דעמאָראַליזירטע גריכישע דינאַסטיעס אין דער צייט נאָך אַלעקסאַנדער מוקדון האָבן מיט זיך רעפּרעזענטירט די קלאַסישע גריכישע קולטור ווי זי האָט געבליט אין דער צייט פון דער דעמאָקראַטישער אַטענישער רעפּובליק. עס איז ניטאָ קיין גרונד צו לייקענען די מאָנומענטאַלע דערגרייכונגען פון דער גריכישער ציוויליזאַציע אויף די פאַרשיידנסטע פעלדער פון קולטור־לעבן. די ווערק פון די גרויסע גרי־כישע דענקער און קינסטלער זיינען אויך נאָך היינט פאַר אונדז אַקטועל. אין די קאַמפן פון די חשמונאים איז עס אָבער געווען ניט קיין באַגעגעניש צווישן ירושלים און אַטען, נאָר אַ באַגעגעניש צווישן ירושלים און די דעגענערירטע יורשים פון דער אַטענישער קולטור.

## קידוש השם

עס איז אַ פאַקט, אַז במשך פון די לעצטע יאָרן איז די חנוכה־מנורה, ווי אַ סימבאָל פון יידישקייט, אַריינגעדרונגען אַלץ מער און מער אין אונדזער יידיש לעבן אומעטום. מיר קענען היינט ניט זיין אַזוי אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער וועלט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דורות צוריק. מיר זיינען שותפים צום אַלגעמיינעם קולטור־לעבן פון לאַנד; אונדזערע קינדער גייען אין די אַלגעמיינע שולן און אוניווערסיטעטן; אַפילו אין סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן זיינען כמעט ווי פאַרשווונדן די ספּעציעלע יידישע קוואַרטאַלן, די יידישע פאַכן און די יידישע פאַך־אָרגאַניזאַציעס. פילט זיך ממילא איצט אַ סך מער די בייטי־קייט פון אַ יידישן אינהאַלט אין דער היים. אָט דעם אינהאַלט געפינען מיר אין דער ערשטער שורה אין די יידישע יום־טובים.

די געשיכטע פון די חשמונאים באַווייזט אונדז, אַז ס'איז פאַראַן אַ געפאַר פון אַסימילאַציע אַפילו ווען אַ פאָלק לעבט אין זיין אייגן לאַנד, אויף זיין איי־גענעם באָדן. דער קאַמף פון די חשמונאים איז דעריבער געווען געווענדט ניט נאָר קעגן די פרעמדע אונטערדריקער, נאָר אויך קעגן די אָפּטריניקע פון אינע־ווייניק, קעגן דער אַסימילירטער פירערשאַפט, וואָס איז געווען גרייט זיך אָפּצו־זאָגן פון דער אייגענער טראַדיציע.

די געפאַר פון אַסימילאַציע איז גרויס ווען מען באַגעגנט זיך אומגעריכט און אומבאַוואָפנט מיט אַ פרעמדער קולטור, אַ ביסל אַסימילאַציע איז אין געוויסע פאַלן דער זיכערסטער מיטל קעגן אַ פולער אַסימילאַציע. מיר מוזן אין זיך איינזאַפּן געוויסע עלעמענטן פון די אַרומיקע קולטורן. מיר מוזן זיי אויף אַ געהעריקן אופן אַסימילירן אין זיך, כדי צו ווערן אימוניזירט, כדי זיך אָפּצוהיטן פון די בייזאַרטיקע פאָרמען פון אַסימילאַציע, וועלכע שטעלן ממש אין סכנה

די עצם עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק. דערמיט דערקלערט זיך עס וואָס יידן אין די גלות־לענדער זיינען צייטנווייז געווען אַפילו מער יידיש ווי די יידן אין ארץ־ישראל.

די חנוכה־געשיכטע האָט פאַר אונדז אַ גרויסע באַדייטונג אין נאָך אַן אַנ־דערן זיך. דער קאַמף פון די יידישע פּאַטריאָטן קעגן דער פרעמדער הערשאַפט האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַ נייעם באַגריף — דעם באַגריף פון קידוש־השם, פון מסירת־נפש פאַר אַ גרויסער אידעע.

געווען אַן אַ שיעור גבורה אינעם העלדישן קאַמף פון די חשמונאים. די יידישע טראַדיציע האָט זיך אָבער פון אָנהייב אָן באַמיט מערער אַרויסצוברענגען די מאָראַלישע גבורה פון די שוואַכע און הילפלאָזע אין אַט דער צייט פון גרויסן נאַציאָנאַלן נסיון. דער אויפשטאַנד קעגן די פרעמדע הערשער איז דאָך אין דער ערשטער שורה אַרויסגערופן געוואָרן צוליב די גזירות קעגן דעם יידישן גלויבן. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט אַ גאַנץ פאָלק זיך אויפגעהויבן, כדי צו פאַרטיידיקן זיין גלויבן און זיינע אידעאַלן. מענער און פרויען, יונג און אַלט, די פיזיש שטאַרקסטע און די פיזיש שוואַכסטע האָבן צוזאַמען מיט פאַראייניקטע כוחות און מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג געשטעלט דעם מוטיקסטן ווידער־שטאַנד קעגן דעם מעכטיקסטן שונא. סימבאָליש איז די דערציילונג — ווי די אומגליקלעכע מוטער חנה און אירע זיבן זין זיינען אומגעקומען על קידוש־השם ווייל זיי האָבן זיך ניט געוואָלט מטמא זיין מיט אומריין פלייש.

געוויס, מיליטערישע גבורה איז צייטנווייז אויסערגעוויינטלעך נייטיק און וויכטיק, אָבער נאָך וויכטיקער איז, דוכט מיר, דערציִען די מענטשן צו אידעיִשער גבורה. און אונדזער תקופה נייטיקט זיך באַזונדערס אין אידעיִשער גבורה. די מאָדערנע דיקטאַטור־סיסטעמען וואָלטן זיכער געווען אַ סך ווייניקער סטאַביל און אַוודאי ווייניקער הוצפּהדיק, ווען דער ווידערשטאַנד פון די אומצופרידענע פון אינעווייניק וואָלט פון צייט צו צייט געקומען דייטלעכער צום אויסדרוק. מיר האָבן זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז אַ מיליטערישע מפּלה איז דער בעס־טער וועג צו באַזייטיקן די פּאָליטישע רעזשימען פון טעראָר און דיקטאַטור. מ'טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דאָס איז אַ צו־טייערער און אַ צו־ריזיקאַלישער וועג. מיר זיינען אַחוץ דעם קיין מאָל ניט זיכער וואָס וועט קומען נאָכן פאַלן פון דער דיקטאַטור. נויט, חורבן און אַנאַרכיע זיינען ווייט ניט דער זיכערסטער וועג צו דעמאָקראַטיע. וואָס האָט אונדז דען געהאָלפן דאָס פאַלן פון צאַריזם, אויב קוים אַכט חדשים שפּעטער איז געקומען דער באָלשעוויזם? אַן אידעיִשע גבורה, מאָראַלישער ווידערשטאַנד, גרייטקייט צו מסירת־נפש — דאָס איז דער איינציקער זיכערער וועג צו פרייהייט און דעמאָקראַטיע. די יידישע פּאַטריאָטן אין דער צייט פון די השמונאים זיינען אויף דעם וועג געגאַנגען. דערין איז באַשטאַנען זייער גרויסקייט; דערמיט האָבן זיי געוויזן אַ ביישפּיל פאַר דורות און דורות.

עס איז דאָ אַ מיינונג וואָס ווערט געטיילט פון אַ צאָל פון די אָנגעזעענסטע געלערנטע, אַז ערשט אין דער צייט פון די חשמונאים האָט זיך ביי יידן פאַרשפרייט דער גלויבן אין תחית־המתים. מיר ווייסן וויל, אַז אין דער תורה געפינט זיך ניט קיין שום אָנדייטונג וועגן תחית־המתים. דאָס האָט אויך שוין געוווּסט די תלמודישע טראַדיציע. צום ערשטן ווערט די אידעע פון תחית־המתים דייטלעך אַרויסגעבראַכט אין ספר דניאל, אַ ספר, וואָס שטאַמט, לויט דער מיינונג פון די מייסטע פאָרשער, פון דער צייט פון דעם אויפשטאַנד קעגן דער סירישער אימפעריע. אַזוי לייענען מיר אין דניאל:

> און עס וועט זיין אַ צייט פון נויט, וואָס איז ניט געווען פון זינט עס איז געווען אַ פאָלק אויף דער וועלט ביז יענער צייט. און אין יענער צייט וועט דיין פאָלק געראַטעוועט ווערן, איטלעכער וואָס איז פאַרשריבן אין בוך. און פיל פון די, וואָס שלאָפן אין דעם שטויב פון דער ערד, וועלן אויפוואַכן, טייל צו אייביק לעבן און טייל צו אייביקער שאַנד.

עס איז געווען אוממעגלעך שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש־השם, זיינען באמת פאַרלוירן, אַז זייער גבורה און זייערעליידן זיינען געווען כמעט ווי אומזיסט. איז דען באמת ניטאָ קיין דין און קיין דיין אויף דער וועלט? דער גלויבן אין אייביקייט, אין תחית־המתים, איז געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער קידוש־השם־באַוועגונג, וואָס די גזירות פון אַנטיוכוס האָבן אַרויסגערופן.

אַט דער גלויבן האָט זיך געקלאַמערט אָן דער כסדרדיקער באַנייונג אין דער נאַטור. נאָך דער לאַנגער פינצטערער נאַכט קומט תמיד ווידער דער ליכטיקער טאָג. און אויך אין דער געשיכטע זיינען מיר עדות פון כסדרדיקער באַנייונג און ווידעראויפלעבונג. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער יום־טוב חנוכה, אַ יום־טוב פון ליכט און אַ יום־טוב פון באַנייונג.

חנוכה, דער יום־טוב פון ליכט, איז סימבאָליש פאַר די ענדערונגען אין דער נאַטור אין די ווינטער־טעג פון כסלו און טבת. די זון הייבט אָן ווידער מער צו שיינען, מער צו באַלייכטן אונדזער ערד, און ווידער הייבן אָן אויפצוּוואַכן אין אונדז האָפענונגען און דערוואַרטונגען אויף בעסערע צייטן, אויף מער גליק, מער ליכט און מער וואַרעמקייט. גלייכצייטיק מיט דעם איז חנוכה דער יום־טוב פון אידעאישער באַנייונג, די באַנייונג פון בית־המקדש, די באַנייונג פון יידישן גלויבן און די באַנייונג פון יידישן לעבן. און פונקט ווי מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, נייטיקן מיר זיך אויך היינט אין אַ רענעסאַנס פון יידיש לעבן, אין מער ליכט און אין מער האָפענונג. איז דעריבער חנוכה אויך דער יום־טוב פון אונדזער צייט, אַ יום־טוב פון אידעאישער גבורה, אַ יום־טוב פון ליכט און באַנייונג.

# דער נס פון חנוכה

וואָס איז חנוכה? עס קאָן אַפּילו אויסוויזן, אַז די פראַגע פאַר זיך אַליין איז אין גאַנצן אַן איבעריקע. ווער ווייסט עס ניט וועגן דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים, וועגן די גבורות פון יהודה המכבי און זיינע ברידער? און דאָך האָט שוין דער תלמוד געהאַלטן פאַר נייטיק צו שטעלן די פראַגע, און די דינים וועגן חנוכה הייבן זיך אָן מיט די מערקווערדיקע צוויי ווערטער: „מאַי חנוכה?" וואָס איז חנוכה?

אַ יום־טוב מוז האָבן אַן אידעע. מיליטערישע גבורה אַליין איז ווייניק פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט הינטער זיך אַזאַ לאַנגע היסטאָרישע דערפאַרונג ווי יידן. אין פּרט פון מיליטערישע דערפאָלגן האָבן יידן כמעט קיין מאָל ניט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ. מיר האָבן געזען גענוג וועלט־אימפּעריעס ווי זיי זיינען גרויס געוואָרן און ווי זיי זיינען זיך צעפאַלן, מיר האָבן געזען גענוג הערשער קומען און פאַרגיין. וואָס באַדייט פאַר אַזאַ אויסגעפּרוווט פאָלק מענטשלעכע גבורה! ס׳איז ניטאָ מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטן און ס׳איז ניטאָ וואָס צו יום־טובן! האָבן יידישע דענקער דערפאַר זיך מער פאַרנומען מיט דער פראַגע: וואָס איז די אידעע פון חנוכה?

אַוודאי האָבן די גבורות פון די חשמונאים פון תמיד אָן אַרויסגערופן ביי אונדז געפילן פון שטאָלץ און נאַציאָנאַלער דערהייבונג. און דאָך האָבן אונדזערע עלטערן זיך קודם־כל געפרייט ניט מיט די גבורות פון די העלדן, נאָר מיטן נס פון חנוכה. און דער נס פון חנוכה איז געווען — גייסטיקע גבורה, די גבורה פון די שוואַכע. אין די טעג פון חנוכה גיט דער יידישער מענטש אָפּ אַ דאַנק וואָס „די גבורים זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די שוואַכע און פיל זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון ווייניקע" (מסרת גבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים).

עס איז ניט קיין ספק, אַז דער תלמוד האָט מיט אַ כוונה פאַרקלענערט די ראָל פון די חשמונאים אין די גרויסע קאַמפן פאַר נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער פרייהייט. פאַרשיידענע סיבות האָבן דערצו געפירט. די קינדער און אייניקלעך פון די חשמונאים האָבן מיט די אייגענע הענט צעשמעטערט דאָס אַלץ וואָס זייערע עלטערן האָבן אויפגעבויט. זייערע איבערגעטריבענע פּאָליטישע און מיליטערישע אַמביציעס האָבן געפירט צו די ביטערסטע אינעווייניקסטע מלחמות און סוף־כל־סוף איז יהודה אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ נייעם יאָך פון אַ פרעמדער מאַכט, אונטערן יאָך פון די רוימער.

מיט דעם אַליין, וואָס מיר האַלטן אין איין פאַראייביקן מיליטערישע גבורה, פּראָקלאַמירן מיר פאַר דער וועלט, אַז מיליטערישער דערפאָלג איז דאָס העכסטע וואָס אַ מענטש און אַ פאָלק דאַרפן שטרעבן. אַזוי פאַרסמען מיר די מוחות

פון דער יוגנט מיט דער פאַלשער פאָרשטעלונג, אַז עס קאָן ניט זיין קיין העכע־רער אידעאַל ווי מאַכט.

די יידישע גייסטיקע פירער אין דער צייט פון תלמוד האָבן די געפאַר אָפּגעשאַצט. האָבן זיי דעריבער מיט אַזוי פיל עקשנות פאַרשוויגן די העלדן פון מלחמה: די חשמונאים, די קנאים פון דער צייט פון חורבן, די גבורים פון דער צייט פון בר־כוכבא א. אַ. וו. אַנטקעגן דעם האָבן אין דער תלמודישער ליטעראַטור פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ די העלדן פון שלום: הלל הזקן, רבי יוחנן בן זכאי, רבי שמעון בן יוחאי א. אַ. וו. ניט גבורה, נאָר קדושה איז געוואָרן דער העכסטער אידעאַל פון דער יידישער דערציִונג.

האָט די תלמודישע טראַדיציע זיך דעריבער פאַרנומען מערער מיטן סימבאָל פון חנוכה, מיט די חנוכה־ליכטלעך. אונדז איז אַלעמען באַקאַנט די געשיכטע מיטן קריגל בוימל אין בית־המקדש, וואָס איז געווען גענוג נאָר אויף איין טאָג, און על־פּי־נס האָט עס געברענט גאַנצע אַכט טעג. איז עס מיטן פּשוטן שכל שווער צו פאַרשטיין דעם נס און ס׳איז נאָך שווערער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי מען האָט צוליב דעם איינגעפירט אַ יום־טוב פון ליכט פאַר דורות און דורות.

אַ טייל געלערנטע ווילן האָבן, אַז די חנוכה־ליכט סימבאָליזירן גאָר אַן אַנדער געשעעניש. עס איז אַ געשעעניש, וואָס חזרט זיך איבער יאָר־איין און יאָר־אויס. חנוכה פאַלט אויס אין דער צייט, ווען די נאַכט דערגרייכט איר העכסטן פּונקט און די טעג הייבן אָן ווידער צו ווערן לענגער. במשך פון חדשים באַהאַלט זיך פון אונדז די זון אַלץ מער און מער. די וועלט ווערט אַלץ מער און מער איינגעהילט אין אַ טיפער פינצטערניש. דאָן קומט, אין דער צווייטער העלפט פון דעצעמבער, די ווענדונג אין נאַטור־לעבן. די זון הייבט זיך אָן פון ס׳ניי מערער צו באַווייזן. די נעכט ווערן קירצער און די טעג — לענגער. עס הייבט זיך ווידער אָן סימבאָליש די ערשאַפט פון ליכט. צוליב דעם ווערט חנוכה געפייערט ווי דער יום־טוב פון ליכט. אַזעלכע יום־טובים פון ליכט באַ־געגענען מיר, אגב, ביי אַ ריי אַנדערע פעלקער אין דער אַלטער צייט.

אין אָט־דער דערקלערונג איז בלי ספק פאַראַן אַ קערנדל אמת. חנוכה איז ביז צו אַ געוויסער מאָס אויך אַ נאַטור־יום־טוב. שפּורן דערפון געפינען מיר אַפילו אין דער תלמודישער ליטעראַטור. און דאָך איז דאָס ווייט ניט די פולע דערקלערונג.

און דערמיט קומען מיר צו דעם וויכטיקסטן סימבאָל פון חנוכה — צו דער מנורה. די אויסגראַבונגען, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר אין לאַנד ישראל און אין אַ ריי אַנדערע לענדער, באַ־ווייזן, וואָס פאַר אַ ראָל די מנורה אַלס אַ סימבאָל האָט געשפּילט אין יידישן לעבן אין דער גאַנצער צייט. אויף שריט און טריט באַגעגענען מיר דאָס בילד פון דער מנורה. וואָס האָבן די קינסטלער פון דער אַלטער צייט אונדז געוואָלט זאָגן מיט אָט־דעם סימבאָל פון ליכט אין בית־המקדש?

די גריכישע הערשער האָבן געגלייבט, אַז מיט דעם, וואָס זיי וועלן פאַר־נעמען ירושלים און זיי וועלן אַריינפירן דאָס בילד פון דעם גריכישן אָפּגאָט אין בית־המקדש, וועלן זיי ענדגילטיק ברעכן דעם מאָראַלישן ווידערשטאַנד פון דעם קליינעם פאָלק פון יהודה. אין דעם חשבון האָבן זיי אָבער געמאַכט אַ גרויסן טעות. דער בית־המקדש איז אוודאי געווען פאַרהייליקט ביים פאָלק, אָבער דעם וועג צו גאָט האָט דאָס פאָלק אויך געפונען מחוץ דעם בית־המקדש, ווייל אומעטום וווּ יידן זיינען געווען איז גאָט געווען מיט זיי.

האָט אַזוי פּאַסירט, אַז ווען די מנורה אין בית־המקדש איז אויסגעלאָשן געוואָרן דורך דער ברוטאַלער האַנט פון דעם אונטערדריקער, האָבן זיך אָנגעצונדן די מנורות אין די יידישע היימען דורך דער גאַנצער לענג און ברייט פון לאַנד. איטלעך יידישע היים איז געוואָרן אַ בית־המקדש און איטלעכער ייד איז געוואָרן אַ כהן גדול, אַזוי אַז דער נר־תמיד פון יידיש לעבן איז ניט איבערגעריסן געוואָרן.

אַרום דער מנורה ווי אַ סימבאָל האָט זיך אַ לאַנגע צייט געפירט אַן אידעאָלאָגישער קאַמף. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען טאָר באַין אופן ניט נאָכמאַכן די מנורה. לויטן דין טאָר מען בכלל ניט מאַכן קיין שום כלים און מכשירים לויטן מוסטער פון די הייליקע כלים אין בית־המקדש (**לא יעשה אדם בית תבנית היכל... שלחן כנגד שלחן מנורה כנגד מנורה**). האָט מען זיך געגעבן אַן עצה מיט דעם, וואָס מען האָט די חנוכה־מנורה געמאַכט אַ ביסל אַנדערש: די מנורה אין בית־המקדש האָט געהאַט זיבן רערן, די חנוכה־מנורה האָט אַכט. אַזוי איז אָפּגעהיט געוואָרן דער אונטערשייד צווישן דעם בית־המקדש ווי אַ נאַציאָנאַלער סימבאָל און דעם מקדש מעט, דעם קליינעם בית־המקדש פון דער יידישער היים.

## חנוכה — אַ יום־טוב פון דער יידישער היים

קומט אַ יום־טוב, פילט זיך דער היינטיקער יידישער מענטש אַ ביסל פאַר־לוירן און פאַריתומט. ער דערמאַנט זיך דעם יידישן יום־טוב פון אַמאָל, דעם יום־טוב ביי טאַטע־מאַמען אין דער היים, און די בענקעניש נאָך יידיש לעבן, נאָך יידישער יום־טובדיקייט ווערט אַלץ שטאַרקער, וואָס ווייטער מען איז דערפון אַוועק. מיר פילן אַלץ מער די נייטיקייט פון יום־טובדיקע מאָמענטן אין אונדזער אָפּט צו־לאַנגער וואָכעדיקייט. אָבער ווי קאָן אַ היינטיקער ייד מאַכן יום־טוב? ווי קאָן מען ווידער אויפלעבן די יום־טובדיקייט פון טאַטע־מאַמע אָן דעם גלויבן פון טאַטע־מאַמע?

מען גיט זיך נאָך ווי־עס־איז אַן עצה בנוגע די יום־טובדיקע מאכלים. דאָ

זיינען אייגנטלעך קיין גרויסע פּראָבלעמען ניטאָ. די גוטע היימיש־יידישע מאכלים זיינען מאכלים אַפילו ביי אונדזערע פריידענקער. פאַרנעמט דעריבער די קיך אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ אין אונדזער היינטיקער יידישקייט. פון דעסטוועגן פילן מיר אַלע, אַז דאָס איז ווייניק. מיט יידישע מאכלים אַליין קאָן מען נאָך קיין יום־טוב ניט מאַכן. דערצו איז אויך נייטיק אַ יום־טובדיקע אַטמאָספער, אַ יום־טובדיקע פייערלעכקייט. כדי חנוכה־לאַטקעס זאָלן האָבן דעם ריכטיקן טעם, מוז מען אויך האָבן די חנוכה־ליכטלעך. און קאָן מען אָנצינדן די חנוכה־ליכטלעך אָן אַ ברכה און אָן הנרות הללו?

אַ שטיקל אויסוועג האָט מען פון דעסטוועגן געפונען. דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם פאַרגעניגן צו פאַרברענגען אויף אַ זייער פיין־דורכגעפירטן חנוכה־אָוונט, וואָס איז געוואָרן איינגעאָרדנט פון אַ יידיש־וועלט־לעכער שול. מען האָט דאָ אָנגעצונדן די חנוכה־ליכט אונטער די קלאַנגען פון אַ שיין יידיש ליד פון אונדזער באַליבטן דיכטער, אברהם רייזען. דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט די דאָזיקע ווערטער:

ברוך אתה!
זינגט דער טאַטע
און ער צינדט די ליכט,
און די שטראַלן,
מילדע, פאַלן
אויף זיין בלאַס געזיכט.

אונדזער היינטיקער ייד האָט ניט דעם כוח צו דאַנקען דעם רבונו־של־עולם פאַרן נס פון חנוכה, דאַנקט ער דעם אַלטן טאַטן, וואָס האָט אים געשענקט אַזאַ שיינעם יום־טוב. און דאָס איז, אפשר, מער ווי סימבאָליש. מיר האָבן נאָך יום־טוב מיט די רעשטלעך און ברעקלעך, וואָס זיינען פאַרבליבן פון דעם טאַטנס טיש. וועט קיינער פון אונדז קענגן דעם אַוודאַי קיין טענות ניט האָבן. עס איז שוין אַ מדרגה, ווען מיר האָבן מיט דער הילף פון דעם אַלטן טאַטן ווידער געפונען דעם וועג צו דעם יידישן יום־טוב. גיט ווילנדיק, אָבער, קומען אויף טרויעריקע מחשבות: איז דאָס גענוג? מיר זיינען נאָך אפשר די גליקלעכע. פון דעם רייכן יום־טובדיקן טיש פון אונדזערע עלטערן זיינען פאַרבליבן גענוג רעשטלעך, כדי מיר זאָלן קאָנען פראַוועז יום־טוב. וועט פון אונדזער אָרעמען יום־טוב־טיש נאָך אויך עפּעס פאַרבלייבן פאַר אונדזערע קינדער? וועלן זיי נאָך קאָנען זינגען:

ברוך אתה!
זינגט דער טאַטע?

דער דיכטער פֿאַרענדיקט דאָס ליד מיט די ווערטער:

אַלטע קלאַנגען
לאַנג פֿאַרגאַנגען,
ניין! עס קלינגט נאָך אַצינד
זינג מיר, טאַטע:
ברוך אתה —
און איך בלייב דיין קינד!

אויף אַ ווונדערלעכן אופֿן ברענגט דער דיכטער דאָ אַרויס די שטימונג פֿון דעם היינטיקן יידישן מענטש. אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור צו פֿאַרבלייבן אַ קינד? אונדזערע וועלטלעכע יידן זיינען דאָך שוין ב״ה אַליין טאַטעס, זיי זיינען דאָך שוין זיידעס געוואָרן!

איז אפֿשר שוין צייט מען זאָל זיך אויסלערנען אַליין פּראַווען אַ יום־טוב־דיקן טיש!

אַן אַלטע יידישע אגדה דערציילט: ווען גאָט ברוך הוא האָט זיך צום ערשטן מאָל געדאַרפֿט באַווייזן צו משה רבינו, האָט ער זיך מיישב געווען מיט זיך אַליין: זאָל איך זיך צו אים אַנטפּלעקן מיט אַ שטאַרקן קול, וועט זיך משה דערשרעקן; זאָל איך צו אים רעדן מיט אַ שוואַכער שטימע, וועט ער זיך ניט צוהערן צו דער נבואה. וואָס האָט גאָט ברוך הוא געטאָן? ער האָט צו משהן גערעדט מיט זיין פֿאָטערס קול. האָט משה געענטפֿערט: טאַטע! וואָס ווילסטו? האָט גאָט ברוך הוא צו אים געזאָגט: איך בין ניט דיין טאַטע, איך בין דער גאָט פֿון דיין טאַטן!

אַזוי אַנטפּלעקט זיך אַ מאָל די אייביקייט צו אונדז דורך טאַטע־מאַמעס קול. אין אויסערגעוויינטלעכע מאָמענטן, אין מינוטן, ווען מיר קאָנען זיך באַ־פֿרייען פֿון דעם טומל פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן, דערגייען צו אונדז באַזונדערס דייטלעך די קלאַנגען פֿון דער יידישער אייביקייט. אין אַזעלכע מאָמענטן באַ־וווּנדערן מיר דעם נס פֿון חנוכה.

אַן אַלטע יידישע טראַדיציע דערציילט: ווען די חשמונאים האָבן באַפֿרייט דעם בית־המקדש, האָבן זיי דאָרטן געפֿונען אַ קליין קריגעלע מיט אייל, וואָס האָט קוים געקאָנט קלעקן פֿאַר איין טאָג ברענען, האָט געטראָפֿן אַ נס און דאָס ביסעלע אייל האָט געלויכטן גאַנצע אַכט טעג. צום אָנדענק פֿון יענעם נס צינדן מיר אָן די חנוכה־ליכט. אָבער אפֿשר איז דער נס, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן באַוויזן אין משך פֿון קנאַפּע הונדערט דורות נאָך גרעסער? מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן אונדזערע עלטערן אָנגעצונדן די ערשטע חנוכה־ליכטלעך. דורות און דורות זיינען זינט דעמאָלט אַוועק און די חנוכה־ליכט האָבן כסדר פֿאַר אונדז געלויכטן און לייכטן נאָך ביז צום היינטיקן טאָג.

אונדזערע עלטערן האָבן זיך ניט אַזוי שטאַרק אינטערעסירט מיט דער גע־שיכטע פון חנוכה. אין די אַלטע יידישע ספרים געפינט איר וועגן דעם זייער ווייניק. דערפאַר אָבער, האָט אונדזערע עלטערן אַ סך מער אינטערעסירט די פראַגע: ווי מאַכט מען חנוכה? וואָס זיינען די דינים פון חנוכה?

ווי אַלע אַנדערע יידישע יום־טובים איז אויך חנוכה קודם־כל אַ יום־טוב פון דער יידישער היים. יעדער ייד מוז פּראַוועז חנוכה, אַפילו דער אָרעמסטער, אַפילו אַ ייד, וואָס קומט אָן צו צדקה, דאַרף באָרגן אָדער פאַרקויפן זיין בגד, כדי צו קויפן חנוכה־ליכטלעך (אַפילו עני המתפרנס מן הצדקה שואל או מוכר כסותו וקונה שמן להדליק). און אין גמרא ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז דער, וואָס היט־אָפּ די מצווה פון חנוכה־ליכטלעך, וועט זוכה זיין צו האָבן קינדער תלמידי־חכמים. די חנוכה־ליכט און די שבת־ליכט זיינען ביי יידן געוואָרן דער סימבאָל פון דער נשמה פון פאָלק און פון דעם ליכט פון דער תורה (כי נר מצוה ותורה אור). און סימבאָלן שפּילן אין לעבן פון פעלקער אַ סך אַ גרעסערע ראָל ווי מיר שטעלן זיך געוויינטלעך פאָר.

ליכט איז אַמאָל געווען אַ גרויסע הוצאה, באַזונדערס פאַרן אָרעמען יידישן מענטשן. אַ גאַנצע וואָך פלעגט מען אין אָרעמע יידישע הייזער זעלטן ברענען ליכט. אין זיין „שלמה ר' חיימס" באַשרייבט אונדז מענדעלע מוכר־ספרים די אַמאָליקע באַלייכטונג אין דעם יידישן שטעטל: ניצן פלעגט מען פאַר דעם צוועק אַ „לוטשניק", אויף וועלכן „עס ווערט צעלייגט אַ פייערל פון דאַרע שפּענדלעך צו באַלייכטן אַלע אָוונט די שטוב, חוץ פרייטיק־צונאַכט... דער דאָזי־קער „לוטשניק" גיט, ווי די זון, ליכט, וואַרעמקייט דעם גאַנצן הויזגעזינד און טראָגט אַריין פריילעכקייט, לעבן אין שטוב. אַרום אים פאַרברענגט מען די ווינטער־נעכט אין געזעלשאַפט מיט עפּעס אָן אַרבעט, אָדער גלאַט אַזוי זיך אַ געשפּרעד". מיט די „קינעלעך" ווי די דאַרע שפּענדלעך האָבן געהייסן, האָט זיך דער אָרעמער מענטש דורכגעהאָלפן די גאַנצע וואָך. איז דערפאַר קויפן חנוכה־ליכטלעך אָפּט געווען אַ פּראָבלעם. שטויסן מיר זיך צוליב דעם אָן אויף אַ ריי מערקווערדיקע דינים, וואָס קלינגען אונדז היינט פרעמד, כמעט ווי אומפאַרשטענדלעך.

## די מנורה און דער מגן־דוד

די מנורה און דער מגן־דוד זיינען די לעצטע צייט געוואָרן די באַליבטסטע יידישן סימבאָלן. פאַרשיידן איז געווען זייער וועג און זייער היסטאָרישער מזל. די מנורה האָט הינטער זיך אַ יחוס פון טויזנטער יאָרן. שוין אין בית־המקדש האָט די מנורה פאַרנומען אַ באַזונדערן פּלאַץ. אָנצינדן די ליכט אין בית־המקדש, לערנט אונדז דער תלמוד, איז מער חשוב ווי די מצווה פון ברענגען קרבנות.

די מנורה איז אַ סימן פאַר דער וועלט — לערנט אונדז ווייטער דער תלמוד — אַז די שכינה רוט אויפן פאָלק ישראל.

מיר וועלן שפּעטער זען וואָס די דאָזיקע ווערטער באַדייטן. פּאַרלויפיק ווילן מיר בלויז באַמערקן, אַז דער מגן־דוד קאָן זיך ניט פאַררופן אויף אַזאַ אַלטן יחוס. אַ צאָל אָנגעזעענע געלערנטע האַלטן אַפילו, אַז דער מגן־דוד האָט בכלל ניט קיין יידישן יחוס, און אַז ערשט אין ניינצנטן יאָרהונדערט איז דאָס שטערנבילד מיט די זעקס שפּיצן, אין דער פאָרעם פון מגן־דוד, געוואָרן אַן אָנגענומענער יידישער סימבאָל. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, ביים היינטיקן טאָג איז דער מגן־דוד ביי אונדז דער אַממייסטן אָנגענומענער נאַציאָנאַלער צייכן.

פאַראַן היינט אַ גאַנצע ליטעראַטור וועגן דער ראָל פון צייכנס און סימבאָלן אין לעבן פון פעלקער און יחידים. זיגמונד פרויד און זיינע תלמידים האָבן זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט דער אויספאָרשונג פון סימבאָלישע צייכנס. מיר זיינען אָבער ניט מחויב צו גיין אַזוי ווייט, בפרט אַז אַ סך פון זייערע טעאָריעס זיינען ווייניק באַגרינדעט. וויכטיק איז פאַר אונדז צו וויסן, אַז געוויינטלעך זוכט דער מענטש אַ זין אין די צערעמאָניעס, סימבאָלן און צייכנס, מיט וועלכע אים קומט זיך אויס צו באַגעגענען. די קשיות, וואָס דאָס קינד פרעגט פּסח ביים סדר זיינען כאַראַקטעריסטיש. דאָס איז ניט נאָר אַן אויסדרוק פון סתם נייגעריקייט; פאַראַן אַ טיפער אינהאַלט אין די פראַגן גופא. די קשיות פון מה נשתנה פירן סימבאָליש אַריין דעם יונגן מענטשן אין דער יידישער געשיכטע און אין יידישן כלל. דער יונגער יידישער מענטש ווערט געוווירט וועגן דעם יידישן גורל און ער ווערט אַ שותף צו יידיש לעבן.

אין אונדזער יידישער געשיכטע און באַזונדערס אין אונדזער גייסטיקן לעבן האָבן מיר אַנטוויקלט אייגנאַרטיקע פאָרמען פון צייכנס, צערעמאָניעס און סימבאָלן. די פאַנטאַזיע פון דעם יידישן קינסטלער האָט זיך געמוזט מער ווייניקער צופּאַסן צו די שטרענגע פאָדערונגען פון יידישן דין. אין לויף פון אַ סך דורות האָבן די נביאים געהאַט צו פירן אַ שווערן קאַמף קעגן די פאַרשיידנסטע פאָרמען פון אָפּגעטעריי. האָבן יידן מיט דער צייט אָנגעהויבן אויסצומיידן אַלע בילדער און סימבאָלן, וועלכע קאָנען דערמאָנען די קולטן פון עבודה־זרה און פון פּרימיטיווע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען בכלל.

די יידישע קולטור איז געווען אין דער ערשטער שורה אַ קולטור פון וואָרט: דאָס וואָרט פון גאָט, די ווערטער פון דער תורה, די רייד פון די נביאים און די תורה שבעל פּה פון די תנאים און אמוראים. אַנטקעגן דעם האָט די יידישע טראַדיציע תמיד געקוקט מיט חשד אויף דער קולטור פון בילד. בילדער קאָנען פאַרפירן צו זינדיקע מחשבות און זינדיקע מעשים.

זיינען יידישע סימבאָלן דעריבער דער עיקר געווען פאַרבונדן מיטן וואָרט. דער בעסטער באַווייז איז — די מזוזה. ניט־יידישע געלערנטע און פאָרשער קענען נאָך ביז צום היינטיקן טאָג ניט אָפּשאַצן ווי געהעריק דעם זין און די

באַדייטונג פון דער מזוזה ביי יידן. ביי אַ סך פעלקער איז פאַרשפּרייט די פאַר־שטעלונג, אַז דאָס הויז, די היים מוז אָפּגעהיט ווערן פון פרעמדע און געפערלעכע כוחות. זוכט מען מיטלען ווי אָפּצוהיטן דאָס הויז פון די ניט־גוטע, פון די בייזע רוחות, וועלכע לויערן אויפן מענטשן, באַזאָרגט מען זיך מיט פאַרשיי־דענע אַמולעטן און שמירות פאַר דער טיר, כדי צו שיצן דעם אַריינגאַנג. עס איז ריכטיק, אַז אויך ביי יידן האָט מען אין דער מזוזה געזען אַ שמירה קעגן בייזע רוחות. און דאָך איז עס דער גרעסטער טעות צו באַטראַכטן די מזוזה סתם ווי אַ מין שמירה אָדער קמיע, ווי מיר האָבן עס ביי אַ סך אַנדערע פעלקער. וויכטיק אין דער מזוזה זיינען די פּרשיות פון קריאת שמע, די פּרשיות שמע ישראל, און והיה אם שמוע, וועלכע דער ייד איז מחויב צו זאָגן צוויי מאָל אַ טאָג, כדי פרייוויליק צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון יידישקייט. די ווערטער פון שמע ישראל האָבן אַ טיפן רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן זין. און דאָ קאָן ניט זיין קיין שום רייד וועגן מאַגישע צייכנס, סגולות און קמיעות. מען לייענט, אמת, אויך קריאת שמע ווען מען שרעקט זיך איבער. דאָס ענדערט אָבער אַבסאָלוט ניט דעם טיפערן סימבאָלישן ווערט פון שמע ישראל. און וואָס עס איז גילטיק פאַר קריאת שמע איז ממילא אויך גילטיק פאַר דעם סימבאָל פון דער מזוזה, אַ סימבאָל פון אָנגעהעריקייט צום יידישן גלויבן און צום כלל ישראל.

און איצט צו דער מנורה: די פאַרשיידענע אַרכעאָלאָגישע אויספאָרשונגען באַווייזן אונדז, אַז באַזונדערס נאָכן צווייטן חורבן איז די מנורה געוואָרן שטאַרק אָנגענומען ווי אַ סימבאָל פון יידישקייט. מיר געפינען דאָס בילד פון דער מנורה אין שולן, אין פּריוואַטע פּלעצער, אויף מצבות א. אַ. וו. דאָס איז באַזונ־דערס מערקווערדיק דערפאַר, ווייל לויטן דין האָט מען די מנורה פון בית־המקדש ניט געטאָרט נאָכמאַכן. אין תלמוד ווערט קלאָר געזאָגט: מען מעג מאַכן אַ מנורה מיט פינף, מיט זעקס און מיט אַכט רערן, מען טאָר אָבער ניט מאַכן קיין מנורה מיט זיבן רערן, ווי עס איז געווען די מנורה אין בית־המקדש.

פאַראַן אַ מיינונג אַפילו, אַז דערפאַר היטן מיר אָפּ אַכט טעג חנוכה און מיר צינדן אָן דעם לעצטן טאָג אַכט ליכטלעך, הגם דער נס האָט געדויערט בלויז זיבן טעג, כדי די חנוכה־מנורה זאָל האָבן אַכט רערן און מ׳זאָל ניט פאַרבייטן די מנורה פון בית־המקדש מיט די חנוכה־לאָמפּ. ניט געקוקט אויף דעם איז דאָס בילד פון דער מנורה געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט, און עס באַקומט זיך דער קלאָרער איינדרוק, אַז צום סוף בית שני איז די מנורה איינע פון די אָנגענומענסטע סימבאָלן פון צוגעהעריקייט צום יידישן כלל.

צוליב צוויי וויכטיקע טעמים איז דער סימבאָל פון דער מנורה געוואָרן אַזוי באַליבט ביי יידן: קודם־כל האָט דאָ געשפּילט אַ ראָל דער נס פון חנוכה. די חנוכה־ליכטלעך זיינען דאָך געוואָרן דער סימן פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. און באמת איז די חנוכה־מנורה געוואָרן אָן איב־

סטרומענט פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אין אַ סך אַ טיפערן זין ווי מען שטעלט זיך עס געוויינטלעך פאָר.

די חנוכה־ליכטלעך האָבן אַריינגעבראַכט דעם בית־המקדש אין דער יידי־שער היים. די מנורה אין בית־המקדש האָט דער שונא נאָך געהאַט דעם כוח צו פאַרלעשן, די הייליקע ליכט אין די יידישע היימען האָט קיין שונא צום גליק ניט באַוויזן צו פאַרלעשן. געווען אַחוץ דעם נאָך אַ סיבה: פאַראַן אַ מיינונג פון געלערנטע, אַז די מנורה אין בית־המקדש האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם בוים פון אייביקן לעבן, דעם עץ החיים. אַזוי איז די מנורה פאַר די יידישע ישובים אין די גלות־לענדער געוואָרן דער סימבאָל פון יידיש ליכט און יידי־שער אייביקייט.

אַז די מנורה איז געגליכן צו אַ בוים זעען מיר קלאָר פון דער באַשרייבונג אין חומש. דאָ רעדט זיך וועגן די מאַנדל־פאַרמיקע בעכערלעך (גביעים משקדים) און די בלומען, וואָס באַצירן די מנורה. סימבאָליזירט בכן די מנורה דעם לייכטנדן בוים פון דעם אייביקן לעבן, וואָס ברענט און ברענט און ווערט ניט פאַרברענט. דאָ שטויסן מיר זיך אָן אויף דעם סימבאָל פון דעם סנה, דעם דאָרן אין מדבר ווו משה האָט צום ערשטן מאָל געהערט גאָטס רוף און ווו דער שפּע־טערדיקער לערער און פירער פון פאָלק ישראל איז איבערראַשט געוואָרן צו זען דעם ווונדער ווי עפּעס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט.

דאָס בילד פון דער מנורה האָט פון אָנהייב אָן געהאַט אַ נאָענטע קרובה־שאַפט מיטן יידישן וואָרט, און עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דאָס ליכט פון דער מנורה ווערט אין תלמוד פאַרגליכן מיטן ליכט פון דער תורה. אויך אין תנ״ך באַגעגענען מיר די ביידע באַגריפן — ליכט און תורה — זייער אָפט זייט ביי זייט. פונקט אַזוי זיינען די דאָזיקע באַגריפן פאַרבונדן מיט דעם סימבאָל פון לעבן — פון אייביקן לעבן: ליכט איז לעבן און תורה איז לעבן.

די מנורה פון בית־המקדש דערמאָנט אונדז ווייטער דעם מנהג פון ליכט־בענטשן. אויך דאָ האָט די דעמאָקראַטיזירונג פון יידישן רעליגיעזן לעבן אין דער צייט פון בית שני געבראַכט מערקווערדיקע רעזולטאַטן. די יידישע פרוי און מוטער האָט אויף זיך גענומען די ראָל פון דעם כהן גדול אין דעם קליינעם בית־המקדש פון דער יידישער היים. זינט דער צייט פון בית שני געהערן די שבת־ליכט צו די סאַמע וויכטיקסטע סימבאָלן פון יידיש לעבן און יידיש גלויבן.

דער געדאַנק, אַז די שבת־ליכט האָבן גאָר אַ נאָענטע שייכות צו דער מנורה אין בית־המקדש און צו דעם ליכט פון דער תורה ווערט קלאָר אַרויס־געבראַכט אין די תחינות פון ליכט־בענטשן. איינע פון די דאָזיקע תחינות, למשל, הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

רבונו של עולם: מיין מצווה פון ליכט־אָנצינדן זאָל אַזוי זיין אָנ־גענומען ווי די מצווה פון דעם כהן גדול, ווען ער האָט די ליכט אין

ליבן בית־המקדש אנגעצונדן... **נר לרגלי דבריך ואור לנתיבתי.** דיינע רייד איז ווי אַ ליכט צו מיינע פיס, און מיינע קינדער זאָלן גיין אין גאָטס וועג. און די מצווה פון מיין ליכט־צינדן זאָל אָנגענומען ווערן, אַז מיינע קינדערס אויגן זאָלן לייכטן אין דער ליבער הייליקער תורה. אויך טו איך בעטן ביי די ליכט דעם ליבן גאָט, אַז מיין מצווה פון די ליכט זאָל אָנגענומען ווערן ווי דאָס ליכט, וואָס האָט געברענט פון דעם בוים־אייל אין בית־המקדש און איז ניט פאַרלאָשן געוואָרן...

ליכט, תורה און לעבן, אייביק ליכט און אייביק לעבן. דאָס איז דער סימבאָל פון דער מנורה.

גאָר אַנדערש איז די געשיכטע און דער יחוס פון מגן־דוד. פּראָפעסאָר גרשום שלום, דער באַקאַנטער פאָרשער פון קבלה, האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער געשיכטע פון מגן־דוד. ווי גרשום שלום באַווייזט איז דער זעקס־שפּיציקער שטערן ביי יידן געווען כמעט ווי אומבאַקאַנט. אַנטקעגן דעם געפינט זיך דאָס בילד פון די צוויי דריי־עקן, פון וועלכע דער מגן־דוד באַשטייט, אויך ביי אַנדערע פעלקער און אַפילו אין קריסטלעכע קירכן.

אינטערעסאַנט איז ווייטער, וואָס סיי דער סימבאָל פון דעם זעקס־שפּיציקן שטערן (אין דער פאָרעם פון מגן־דוד) און סיי דער פינף־שפּיציקער סימבאָלישער שטערן ווערן אין מיטלאַלטער באַצייכנט ווי שלמה המלכס זיגל. דער נאָמען מגן־דוד איז ערשט ביסלעכווייז אָנגענומען געוואָרן. באַנוצט האָט מען די ביידע סימבאָלן פאַר צוועקן פון קמיעות, ווי שמירות קעגן קראַנקייטן און בייזע רוחות. אין דער עלטערער קבלה־ליטעראַטור איז אָבער נאָך פון דעם מגן־דוד קיין סימן ניטאָ.

דאָס ענדערט זיך ביסלעכווייז זינט דעם 17טן יאָרהונדערט. צוערשט איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז דער שטעמפּל פון דער יידישער קהילה אין פּראַג האָט געהאַט דאָס בילד פון דעם מגן־דוד. אויך די יידישע קהילה אין ווין האָט אויף איר שטעמפּל געהאַט דאָס בילד פון מגן־דוד. שפּעטער באַגעגענען מיר דאָס בילד פון מגן־דוד ווי אַן אָפיציעלן צייכן אויף די זיגלען פון פאַרשיידענע קהילות און חברות אין עסטרייך. דאָס אַלץ איז אָבער נאָך ווייט פון אַ נאַציאָ־נאַלן סימבאָל.

אַ טיפערע ענדערונג איז געקומען אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט אין פאַרבינדונג מיט די דורכגעפאַלענע משיחישע באַוועגונגען, וועלכע האָבן איי־בערגעלאָזן דעם שטאַרקסטן רושם אין דער יידישער וועלט. שוין פון די עלטסטע צייטן איז דער סימבאָל פון שטערן געווען פאַרבונדן מיטן סימבאָל פון גאולה. ניט אומזיסט האָט דער פירער פון דעם גרויסן אויפשטאַנד קעגן רוים געטראָגן דעם נאָמען בר כוכבא. אין אָט די משיחישע גרופּעס, ווייזט גרשום שלום אַן, ווערט דער מגן־דוד אַלץ מער אָנגענומען, און אַ דאַנק דעם איז דאָס בילד פון

מגן־דוד ביסלעכווייז געוואָרן פאַרשפּרייט און אָנערקענט אין ברייטערע יידי־
שע קרייזן.

געווירקט האָט דאָ ווייטער, מיינט פּראָפעסאָר שלום, דער איינפלוס פון
קריסטנטום. די קריסטלעכע קירך האָט אַן אַלגעמיין אָנגענומענעם און אָנערקענטן
סימבאָל. האָבן גראָד די אַסימילירטע יידישע קהילות אין מערב־איירראָפּע גע־
פילט די נייטיקייט אין אַ באַזונדערן צייכן, וואָס זאָל אַרויסברענגען דעם יידישן
כאַראַקטער פון די יידישע אינסטיטוציעס, ווי סינאַגאָגעס, טעמפּלען א. אַ. וו.
מיט דער צייט איז דער מגן־דוד געוואָרן אָנגענומען אין מזרח־אייראָפּע. באַ־
זונדערס אָבער האָט די מאָדערנע ציוניסטישע באַוועגונג בייגעטראָגן צו פאַר־
וואַנדלען דעם מגן־דוד אין אַ יידיש־נאַציאָנאַלן סימבאָל.

אַזוי איז דער מגן־דוד מער אַ נאַציאָנאַלער ווי אַ רעליגיעזער סימבאָל. די
אידעע וועגן פּאַנצער (דער שילד) פון דוד המלך איז נאַטירלעך מער באַרופן
אויפצוועקן אין אונדז שטימונגען פון נאַציאָנאַלן מוט ווי פון רעליגיעזן חשבון
הנפש. אין דעם פּרט איז דער סימבאָל פון דער מנורה אַ סך נאָענטער צו דער
יידישער קולטור־טראַדיציע. די מנורה האָט ניט נאָר מער יחוס, נאָר אויך מער
אינהאַלט און אַ טיפערן סימבאָלישן זין. די מנורה סימבאָליזירט די וועלט־אידעע
פון אַ וועלט־פאָלק, אָדער ווי די תלמודישע טראַדיציע האָט עס אויסגעדריקט:
די מנורה איז אַ סימן פאַר דער וועלט, אַז די שכינה רוט אויפן פאָלק ישראל.

## דער יום־טוב פון ליכט, געשיכטע און לעבן

אויך יום־טובים האָבן זייער מזל. צוזאַמען מיט פּורים געהערט חנוכה צו
די „האַלבע" יום־טובים, ווען עס איז דערלויבט צו אַרבעטן און צו פאַרנעמען
זיך מיט טאָג־טעגלעכע וואָכעדיקע ענינים. דאָס זיינען יום־טובים, ווען דער
מאָטיוו פון פרייד ווערט מער באַטאָנט, ווי דער מאָטיוו פון הייליקייט, און
די שטרענגע יידישע טראַדיציע איז געוואָרן אַזוי ליבעראַל, אַז זי האָט אַפילו
דערלויבט אין די טעג פון חנוכה צו שפּילן אין קאָרטן. אָבער בעת דער נס פון
פּורים האָט זוכה געווען פאַרשריבן צו ווערן אין אַ באַזונדער ספר אין תנ"ך,
אין מגילת אסתר, איז דעם נס פון חנוכה „ניט געגעבן געוואָרן פאַרשריבן צו
ווערן" (יומא כ"ט). די געשיכטע פון די חשמונאים ווערט אויך כמעט אין גאַנצן
פאַרשוויגן אין דער תלמודישער ליטעראַטור. די פּרושים, די רעליגיעזע פירער
פון פאָלק אין דער צייט פון בית שני, האָבן געהאַט זייערע טענות צו דער
דינאַסטיע פון די חשמונאים. די לעצטע הערשער פון די חשמונאים זיינען
ווייט אָוועק פון די טראַדיציעס, פאַר וועלכע זייערע עלטער־פאָטערס האָבן גע־
קעמפט. זיי האָבן זיך אַליין דערווייטערט פון פאָלק און האָבן זיך אָנגעהויבן
צו פירן לויטן שטייגער און לויט די מנהגים פון די אַרומיקע ניט־יידישע הער־

שער. די פּערזענלעך־אַמביציעזע פּאָליטיק פון די אייניקלעך פון מתתיהו החשמונאי האָט סוף־כּל־סוף געפירט צום אונטערגאַנג פון דער יידישער זעלבשטענדיקייט, וואָס איז מיט אַזוי פיל קרבנות אויסגעקעמפט געוואָרן פון יידישן פאָלק אין דער צייט פון יהודה המכבי און זיינע ברידער.

זיינען די פּרושים מחמת דעם געווען מער פּאַראינטערעסירט צו באַטאָנען די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע באַדייטונג פון חנוכה. אין דער גמרא ווערט דערפאַר דערציילט די וווּנדערלעכע געשיכטע פון חנהן מיט אירע זיבן קינדער, וועלכע זיינען אַלע געגאַנגען אויף קידוש־השם, ווען מען האָט זיי געוואָלט צווינגען זיך אָפּצוזאָגן פון יידישן גלויבן. עס ווערן אָבער אַפילו מיט איין וואָרט אין ערגעץ ניט דערמאָנט די גבורות פון יהודה המכבי. צו אַ סך פון אונדז, מענטשן פון גאָר אַן אַנדער צייט, אַפּעלירט אפשר מער די אַקטיווע גבורה פון די חשמונאים, ווי די פּאַסיווע העלדישקייט פון קידוש־השם. דער אמת איז אָבער, אַז דער יאָרן־לאַנגער קאַמף פון דער קליינער צאָל יידן אין ארץ־ישראל קעגן דער גרויסער און לפּי־ערך מעכטיקער סיריש־גריכישער אימ־פּעריע, איז געווען פון אָנהייב ביזן סוף אַ מלחמה פון קידוש־השם, אַן אידעיִשע מלחמה, וואָס האָט געשעפּט איר באַגייסטערונג פון אַן אומדערשיטערלעכן רע־ליגיעזן גלויבן.

עס איז, אויף וויפל מיר ווייסן, דער ערשטער פאַל אין דער געשיכטע, ווען אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך אויפגעהויבן צו קעמפן פאַר זיין לאַנד; ווען ניט בלויז יחידים, נאָר גרויסע מאַסן זיינען געוואָרן מאַרטירער פון זייער גלויבן. דער־פאַר האָט די העלדישקייט פון דער שוואַכער מוטער און פון די שוצלאָזע קינ־דער געהאַט ניט קיין קלענערע באַדייטונג ווי דער אויסערגעוויינטלעכער מוט און די העלדישקייט פון די חשמונאים־פירער. דערפאַר איז אויך דער זיג באַ־טראַכט געוואָרן אין דער ערשטער שורה ווי אַן אידעיִשער זיג, אַ נצחון פון גאָט: „און דיר — זאָגט דער רבונו של עולם — האָסטו פאַרשאַפט אַ גרויסן און הייליקן נאָמען אין דיין וועלט און דיין פאָלק האָסטו געבראַכט אַ גרויסע הילף און אַן אויסלייזונג". (ולך עשית שם גדול וקדוש בעולמך ולעמך ישראל עשית תשועה גדולה ופרקן כהיום הזה).

ווען יהודה המכבי און זיינע ברידער האָבן באַפרייט ירושלים פון דער גריכישער הערשאַפט, האָבן זיי גלייך אויסגערייניקט דעם בית־המקדש פון דער געצנדינערישער טומאה, וואָס די גריכן האָבן מיט דריי יאָר פריִער אַהין אַריינ־געבראַכט, און האָבן מיט גרויס פייערלעכקייט געפּראַוועט די באַנייונג און די הייליקונג פון דעם מזבח אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן פאָלק: „און יהודה און זיינע ברידער און די גאַנצע פאַרזאַמלונג פון ישראל האָבן באַשטימט, אַז די טעג פון דער באַנייונג און הייליקונג פון מזבח (חנוכת המזבח) זאָלן אָפּגעהיט ווערן אין זייער צייט, יעדעס יאָר אַכט טעג, אָנגעהויבן מיטן 25סטן כסלו, ווי טעג פון פרייד און שמחה". (ספר החשמונאים).

דער אויסערלעכער סימבאָל פון דעם יום־טוב פון ווידער־באַנייונג זיינען די חנוכה־ליכטלעך. דעם 25סטן כסלו, ווען מען האָט ווידער אָנגעצונדן די מנורה אין בית־המקדש, האָט מען אָנגעצונדן מנורות אין אַלע יידישע הייזער אין ארץ־ישראל, און שפּעטער אויך אין אַלע יידישע היימען אין גאַר דער וועלט. אַזוי איז חנוכה געוואָרן דער יום־טוב פון ליכט. אין תלמוד געפינען מיר אַ מערקווערדיקע דערקלערונג פאַרן מנהג אָנצוצינדן ליכט במשך פון די אַכט טעג חנוכה: „בעת די גריכן זיינען אַריין אין בית־המקדש, האָבן זיי פאַראומ־רייניקט דאָס גאַנצע בוימאייל, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען. און ווען די חשמונאים האָבן זיי באַזיגט, האָבן זיי געזוכט און זיי האָבן מער ניט געקאָנט געפינען ווי איין קריגעלע בוימאייל, וואָס איז געווען פאַרזיגלט מיט דעם חותם פון כהן־גדול. און געווען איז דאָרטן בוימאייל אויף איין טאָג. האָט געטראָפן אַ נס און דאָס ביסעלע בוימאייל האָט געברענט אַכט טעג". (שבת, כ"א).

עס איז אָבער אפשר ניט אין גאַנצן קיין צופאַל, וואָס חנוכה, דער יום־טוב פון ליכט, פאַלט אויס גראָד אין די לעצטע טעג פון כסלו און די ערשטע טעג פון טבת. דאָס זיינען די „קריטישע" טעג פון יאָר. אין די ערשטע חדשים פון ווינטער באַווייזט זיך די זון אַלץ וויניקער און וויניקער. די טעג ווערן קירצער און די נעכט — אַלץ לענגער. דאַן קומט די ווענדונג (תקופה), די זון הייבט זיך ווידער אָן מער צו באַווייזן און די פינצטערניש פון די לאַנגע נעכט הייבט אַלץ מער אָן אָפּצוטרעטן איר פּלאַץ פאַר דעם ליכט פון טאָג. ביי אַ סך פעלקער איז דערפאַר די צייט פון דער „ווענדונג" אַ צייט פון פרייד, אַ יום־טוב פון ליכט. אין תלמוד ווערט דער דאָזיקער יום־טוב פון ליכט, וואָס איז געווען איינגעפירט ביי די אַלטע רוימער, אויף אַ ווונדערלעך־שיינעם אופן דער־קלערט: „ווען אָדם הראשון האָט צום ערשטן מאָל געזען — לייענען מיר אין מסכת עבודה זרה — ווי דער טאָג ווערט אַלץ קלענער און קלענער, האָט ער געזאָגט: וויי איז מיר, אפשר דערפאַר וואָס איך האָב געזינדיקט, ווערט די וועלט אַלץ פינצטערער און קערט זיך אום צום צושטאַנד פון תהו ובהו. איז דאָס די שטראָף, וואָס איז פאַר מיר באַשטימט געוואָרן פון הימל? האָט ער זיך געזעצט אַכט טעג פאַסטן און מתפלל זיין. ווען עס איז געקומען די תקופה פון טבת, און ער האָט געזען, אַז דער טאָג ווערט ווידער לענגער, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַזוי איז דער מנהג פון דער וועלט. האָט ער געמאַכט אַכט טעג יום־טוב... ער האָט עס באַשטימט אַ יום־טוב פאַר גאָט, און זיי (די אומות העולם), האָבן עס געמאַכט אַ יום־טוב פאַר די אָפּגעטער". עס איז מעגלעך, אַז אויך אין יהודה איז געווען פאַרשפּרייט דער מנהג צו פייערן די תקופה, פּונקט ווי מען האָט, למשל, געפייערט דעם טאָג פון ראש־חודש. אַ שטיקל רמז אויף אַזאַ יום־טוב געפינען אייניקע אין די ווערטער פון תהילים: „אל ה' ויאר לנו" (ה' איז גאָט און ער האָט אונדז ליכטיק געמאַכט). (אגב, אַ קאַפּיטל, וואָס געהערט צו די הלל־געזאַנגען). אין יהודה איז עס, נאַטירלעך,

געוועזן אַ יום־טוב לשם שמים: גאָט מאַכט פינצטער און גאָט ברענגט ווידער ליכט: **אל ה׳ ויאר לנו.** האָבן דערפאַר אפשר די חשמונאים מיט כוונה אויסגע־קליבן דעם 25סטן כסלו ווי אַ פּאַסיקן טאָג פאַר דער הייליקונג פון מזבח און פאַר אָנצינדן פון דאָס ניי דעם נר־תמיד, דאָס שטענדיקע ליכט פון דער מנורה אין בית־המקדש.

אָן אַ שיעור ליבע האָט דאָס יידישע פאָלק אַריינגעלייגט אין זיינע יום־טובים, און דאָס איז באַזונדערס ריכטיק בנוגע דעם יום־טוב חנוכה. אַכט טעג געדויערט דער יום־טוב פון ליכט, צינדט מען אָן יעדן טאָג אַ ליכטל מער. יעדן טאָג ווערט דער יום־טוב געהויבענער און ליכטיקער. און הייליק זיינען די חנוכה־ליכטלעך: „די ליכטלעך זיינען הייליק און מיר האָבן ניט קיין רשות זיך צו באַנוצן מיט זיי נאָר צו זען זיי, כדי צו דאַנקען דיין נאָמען פאַר דיינע וווּנדער, דיינע ניסים און דיינע ישועות״ (**הנרות הללו קדש הם, ואין לנו רשות להשתמש בהם אלא לראותם בלבד, כדי להודות לשמך על נפלאותיך ועל נסיך ועל ישועותיך**).

אויך אַ בלינדער דאַרף זיך באַטייליקן אין דער מצווה פון מאַניפעסטירן דעם נס־חנוכה פאַר דער וועלט (לפרסומי ניסא). דערפאַר דאַרף ער געבן צושטייער אויף חנוכה־ליכט, און אויב ער לעבט פאַר זיך, דאַרף עמעצער פאַר אים אָנצינדן די ליכט. אויך ווען אַ מענטש געפינט זיך ניט אין דער היים, דאַרף ער אָפּהיטן די מצווה פון חנוכה־ליכט, הגם ביי אים אין שטוב צינדט מען געוויס אָן באַזונדער.

פאַראַן אויך אַ פראַגע וועגן שבת־חנוכה, וועלכע מצווה קומט פריִער — די שבת־ליכט אָדער די חנוכה־ליכט? און ווי איז דער דין, ווען אַן אָרעמער ייד קאָן זיך מער ניט דערלויבן ווי איין ליכט: וואָס איז בילכער, די שבת־ליכט, אָדער די חנוכה־ליכט? אַ יום־טוב איז טאַקע פאַרן יידישן פאָלקס־מענטשן אַ גרויסער ענין. דערפאַר האָט דער יידישער מענטש קיין מאָל ניט געוואָלט איינשפּאָרן קיין יום־טוב. ווען עס פּאַסירט, אַז עס פאַלן אויס אין איין טאָג צוויי יום־טובים, איז די שמחה אַ דאָפּלטע. געוועזן, למשל, אַ מנהג אין אַ סך יידישע פאַמיליעס שבת־חנוכה צוצוגרייטן צוויי קוגלען: איינעם לכבוד שבת און איינעם לכבוד חנוכה. און אויב שבת־חנוכה פלעגט אויספאַלן אין אַ טאָג פון ראש־חודש, פלעגט מען מאַכן דריי קוגלען: איין קוגל לכבוד שבת, איין קוגל לכבוד ראש־חודש, און איין קוגל לכבוד חנוכה. קיין שום יום־טוב טאָר ניט ווערן באַעוולט!

די יידישע טראַדיציע האָט זיך ניט פיל אינטערעסירט מיט דער געשיכטע פון די חשמונאים. זי האָט אונדז ווייניק דערציילט וועגן די יידישע גבורות אין דער מלחמה מיט דער דעמאָלטיקער סיריש־גריכישער אימפּעריע. די אַזוי גערופענע „ספרי־החשמונאים״, ווו דאָס אַלץ ווערט אויספירלעך דערציילט, זיינען צו אונדז דערגאַנגען ניט אין זייער העברעיִשן אָריגינאַל, נאָר אין אַ

גריכישער איבערזעצונג. גראַד די יידישע קהילות אין מצרים, ווו גריכיש איז דעמאָלט געווען די אָנגענומענע שפּראַך, האָבן די ספרים אויפגעהיט. די יידישע טראַדיציע האָט אָבער באַוויזן דעם וווּנדער צו פאַרוואַנדלען געשיכטע אין ווירקלעכקייט. אפשר האָבן אונדזערע עלטערן גראַד מורא געהאַט פאַר צו פיל ליטעראַטור. עס איז גרינג צו מאַכן פון געשיכטע אַ בוך, עס איז אַ סך שווערער איבערצושמידן געשיכטע אין לעבן. און דערפאַר, ווען מיר צינדן אָן חנוכה די הייליקע חנוכה־ליכט, באַווייזן זיך אונדז די יידישע גבורים און קדושים פון אַלע דורות, וואָס האָבן געקעמפט און האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַרן יידישן קיום און פאַר יידישער פרייהייט.



איך האָב דאָס געפיל, אַז מיר שטעלן היינט צו־שטאַרק דעם טראָפּ אויפן נאַציאָנאַלן פאַקטאָר אין דעם יום־טוב חנוכה. געוויס, אַ פאָלק, וואָס איז דורכ־געגאַנגען דורות און דורות פון גלות האָט אַ באַזונדער בענקעניש נאָך נאַציאָ־נאַלער פרייהייט. מען האָט אונדז אָפט באַשולדיקט, אַז מיר זיינען אַ פאָלק פון פחדנים, אַ פאָלק, וואָס האָט מורא איינצושטעלן דאָס לעבן. דאָס איז נאַטירלעך דער גרעסטער אומזין. די גאַנצע געשיכטע פון אונדזער פאָלק איז איין לאַנגע קייט פון מסירת־נפש און קידוש־השם. און דאָך האָבן די ווילדע אַנטיסעמיטישע טענות ניט פאַרפעלט זייער ווירקונג אויך אויף אַ צאָל יידישע דענקער און דיכטער. האָבן מיר דעריבער אָנגעהויבן אין אונדזער געשיכטע צו זוכן מער גבורה ווי קדושה.

דער נאָמען בר־כוכבא איז ביי אונדז היינט שטאַרק באַליבט. די לעצטע אַרכעאָלאָגישע פאַרשונגען אין מדינת ישראל האָבן אונדז געבראַכט אַ צאָל נייע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן גראַד פון דער צייט פון דעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד. מיר מוזן פון דעסטוועגן זען ביידע זייטן פון דער מטבע. דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא איז געווען פול מיט פאַרצווייפלטער גבורה. אָבער פאַרענדיקט האָט זיך דער אויפשטאַנד מיט אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. די פאַרלוסטן אין מענטש־לעכע לעבנס זיינען געווען קאָלאָסאָלע. דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל איז געוואָלדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז נאָך דער קאַטאַסטראָפע שוין מער ניט געקומען צו זיך. עס איז זייער מעגלעך, הגם קיינער קאָן עס היינט ניט זאָגן מיט זיכערקייט, אַז ארץ־ישראל וואָלט טיילווייז פאַרבליבן אַ יידיש לאַנד, ווען ניט די מוראדיקע פאַרלוסטן אין מענטשלעכע לעבנס אין דער צייט פון חורבן בית שני און בעת דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא. מיר האָבן ניט קיין שום וויסנשאַפטלעכע מעגלעכקייט צו זאָגן היינט מיט זיכערקייט: וואָס וואָלט

געווען, ווען דאָס אָדער דאָס וואָלט ניט געשען. עס איז אָבער אַבסאָלוט זיכער, אַז די מיליטערישע קאַטאַסטראָפעס אין דער צייט פון חורבן בית שני און אין דער צייט פון בר־כוכבא האָבן אונדז נאַציאָנאַל געוואַלדיק אָפּגעשוואַכט. און אויב מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין גלות און מיר האָבן באַוויזן ווידער אויפֿצוריכטן אַ יידישע היים אין ארץ־ישראל, איז עס געווען דער כוח פון יידישער קדושה, דער כוח פון דער יידישער אמונה.

און די חנוכה־ליכטלעך זיינען טאַקע דער סימבאָל פון יידישער קדושה. אַט די ליכטלעך — ווערט געזאָגט — זיינען הייליק (הנרות הללו קודש הם).

אין דער רבנישער ליטעראַטור איז ווייטער באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע: דאַרף מען אָנצינדן חנוכה־ליכט אין די שולן און בתי־מדרשים? ווי אַזוי האָט עס גאָר געקאָנט איינפאַלן צו שטעלן אַזאַ פראַגע? אָבער דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער דורך־און־דורך דעמאָקראַטישער צוגאַנג פון דער יידישער טראַדיציע. חנוכה איז דער יום־טוב פון יידישן יחיד, פון דער יידישער פאַמיליע. האָט מען מורא געהאַט, אַז דאָס אָנצינדן ליכט אין בית־מדרש וועט פאַרמינערן די באַדייטונג פון די חנוכה־ליכט אין דער יידישער היים.

אונדזערע נביאים האָבן געשאַפן דעם גלויבן אין גאולה, דעם גלויבן אין משיחס צייטן. מען האָט אָבער אין אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור שטאַרק איבערגעטריבן די ראָל פון דעם פערזענלעכן משיח אין דער יידישער טראַדיציע. עס איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז די פערזענלעכקייט פון דעם משיח פאַרנעמט ניט אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ אין דער יידישער רעליגיעזער ליטעראַטור. משיח וועט אוודאי קומען, ער וועט אָבער זיין דער שליח פון גאָט ברוך הוא. דער עיקר אָבער: די גאולה דאַרפן מיר ברענגען. עס איז די אויפגאַבע פון יעדן מענטשן אַליין צו טאָן, כדי צו פאַרגיכערן די גאולה. דאָס פאָלק ברענגט משיחן, דאָס פאָלק ברענגט די גאולה. און ווען מיר זאָגן — פאָלק, מיינען מיר יעדן יחיד, וואָס קאָן דורך זיינע גוטע מעשים דערנענטערן די טעג פון אויסלייזונג.

אַזוי איז יעדער איינצלנער אין דער מדרגה פון אַ משיחישן העלד. דאָס איז דער טיפערער זין פון חנוכה. אַלע זיינען מיר שותפים אין דער גאולה, אַלע העלפן מיר ברענגען משיחס־צייטן. אונדזער יידישע טראַדיציע האָט געפירט אַ בפירושע מלחמה קעגן יעדן קולט פון איינצלנע העלדן, פון אַ פערזענלעכן משיח, וואָס קאָן מיט זיין אייגענעם כוח און מיט זיין אייגענעם זכות אויסלייזן די וועלט. דערפאַר האָט די יידישע טראַדיציע אַזוי ווייניק באַטאָנט די גבורות פון די חשמונאים און די גבורות פון בר־כוכבא. יידישע גבורה איז קדושה. און דערמיט איז געמיינט ניט די הייליקייט פון גרויסע פערזענלעכקייטן, נאָר די קדושה פון גאַנצן פאָלק. די גרייטקייט פון יעדן יידישן יחיד צו פירן אַ הייליק לעבן.






## דער נס פון פורים
## און דער נס פון דער יידישער געשיכטע

פורים איז דער יום־טוב פון יידישן אָפּטימיזם, פון יידישן בטחון, פון אונדזער טיפן גלויבן אין דער אייביקייט פון יידישן לעבן אויף דער וועלט. און אפשר איז אונדזער גלויבן אין יידיש לעבן, אונדזער עקשנותדיקער אָפּטימיזם, ניט געקוקט אויף אַלע צרות, וואָס האָבן אונדז באַגעגנט, דער גרעסטער נס אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק?

דער נס פון פורים און המנס מפּלה איז געווען אַ טרייסט פאַרן יידישן מענטשן אין די שווערסטע צייטן, וואָס אונדזער פאָלק איז דורכגעגאַנגען. ווי מיר האָבן איבערגעלעבט אַלע המנס פון אַמאָל, האָבן מיר זיך תמיד געטרייסט, וועלן מיר אויך איבערלעבן די המנס פון אונדזער צייט. נאָך די טרויעריקע געשעענישן אין די געטאָס אין אייראָפּע איז אונדז היינט שווער זיך צו טרייסטן. אונדזערע ברידער אין פוילן און אין די אַנדערע לענדער אין אייראָפּע איז ליידער ניט געווען באַשערט איבערצולעבן דעם המן פון אונדזער צייט. אַ שטיקל נחמה איז אונדז געבליבן. אויך דער היינטיקער המן, היטלער ימח שמו, האָט סוף־כּל־סוף געהאַט זיין פאַרדינטע מפּלה. אפשר איז דאָס אַ גרונט מיר זאָלן זיך ווייטער האַלטן ביי אונדזער עקשנותדיקן אָפּטימיזם און ניט פאַרלירן דעם גלויבן אין דער צוקונפט פון יידיש לעבן און אין דער צוקונפט פון אַ בעסערער וועלט?

פורים איז אַ יום־טוב פון גלות־לעבן. עס איז אַ נס פון גלות, און צוליב דעם טעם האָט די פייערונג פון פורים גאָר אָפט אַרויסגערופן געוויסע ספקות. קיין גרויסע גבורות האָט דאָס יידישע פאָלק ביים נס פון פורים ניט באַוויזן, ניט געווען קיין העלדישקייטן דאָ ווי אין דער צייט פון די חשמונאים. און דאָך, ניט געקוקט אויף דעם, איז פורים ביי יידן געווען נאָך מער באַליבט ווי חנוכה. פאַראַן אַפילו אַ מדרש, וואָס זאָגט: אַלע יום־טובים וועלן בטל ווערן, אָבער די טעג פון פורים וועלן קיין מאָל ניט בטל ווערן (כל המועדים בטלים וימי הפורים אינם בטלים לעולם). געוויס דאַרף מען ניט נעמען יעדן מאמר אַזוי ערנסט און מען קאָן אגב אין תלמוד און אין מדרש געפינען אויך אַנדערע מאמרים וועגן פורים. עס קאָן אָבער ניט געלייקנט ווערן, אַז דער יום־טוב פורים האָט פון תמיד אָן געהערט צו די פּאָפּולערסטע יום־טובים ביי יידן. און דאָס איז דערפאַר, ווייל דער יום־טוב פורים איז געווען און געבליבן די שטאַרקסטע דעמאָנסטראַציע פון יידישן אָפּטימיזם און יידישן בטחון. און כל־זמן יידן וועלן לעבן ווי אַ פאָלק, וועלן די טעג פון פורים ניט פאַרשווינדן און זייער אָנדענק וועט ניט פאַרגעסן ווערן (וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם).

געווען שווער פאַר יידן זיך צו פרייען אַט אַזוי ווי עס פרייען זיך אַנדערע פעלקער. ווי קומט אַ ייד דערצו סתם זיך פריילעך מאַכן? געוויס, מען האָט געפּראַוועט שבת און יום־טוב און יידן האָבן זיך שבת און יום־טוב משמח געווען. אָבער דאָס איז געווען אַ שמחה פון גאָר אַן אַנדער מין. עס איז געווען אַן ערנסטע, פייערלעכע שמחה, אַ יום־טובדיקע שמחה. אַ שמחה מיט גרעּ־נעצן, וואָרים ניט אַלץ איז דערלויבט צו טאָן שבת און יום־טוב. די שמחה פון פורים אָבער איז גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער. פורים איז דער איינציקער יום־טוב, ווען יידן זיך פּרוּוון פרייען ווי „גויים". מען וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם יאָך פון יידישער ערנסטקייט, דעם טרויער פון גלות און מען איז זיך משמח ווי קינדער. און עס איז אַ מצווה פורים צו טרינקען אַזוי פיל — ווערט געזאָגט אין דער גמרא — אַז מ'זאָל מער ניט וויסן דעם אונטערשייד צווישן פאַרשאָלטן זאָל ווערן המן און געבענטשט זאָל זיין מרדכי (עד דלא ידע בין ארור המן לברוך מרדכי).

פון אַט דער פורימדיקער מצווה האָבן אמת פרומע יידן ניט אַזוי פיל געעּ־האַלטן. תעניתים האָבן אונדזערע פרומע עלטערן, געוויינטלעך, אָפּגעהיט אַ סך שטרענגער ווי די מצווה פון אָנשיכורן זיך פורים. אַ ביסל משקה פלעגט מען, באַטירלעך, נעמען; מען פלעגט זיך אויך אַ ביסל מאַכן שיכור, אָבער באמת שיכור, מען זאָל טאַקע ניט וויסן „בין ארור המן לברוך מרדכי", אַזוי ווייט איז עס כמעט קיין מאָל ניט דערגאַנגען. געווען אַפילו רבנים, וואָס האָבן געפּסקנט, אַז עס פּאַסט ניט אָנצושיכורן זיך פאַר אַ יידן אַפילו אין דעם טאָג פון פורים. טרינקען אַ ביסל — אַוודאי, אָבער ניט שיכרות. און דער רמב"ם, וואָס פּסקנט,

אַז מען מעג טרינקען ביז שיכרות (עד שישתכר), דערקלערט, פון דעסטוועגן, אַז עס איז גלייכער אויסצוגעבן דאָס געלט אויף צדקה, שיקן שלח־מנות פאַר אָרעמע לייט, וואָרים עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערע און שענערע שמחה ווי צו דערפרייען דאָס האַרץ פון אָרעמע, יתומים, אלמנות און פרעמדע (מוטב לאדם להרבות במתנות לאביונים מלהרבות בסעודתו, שאין שם שמחה גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים ויתומים ואלמנות וגרים). אַזוי האָט אויסגעזען דער יום־טוב פון יידישער שיכרות!

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו גלייבן, אַז דער יום־טוב פורים איז בלויז אַן עדות פון יידישער פאַסיווקייט, אָדער גאָר פון יידישער שוואַכקייט, ניין, פורים איז דער יום־טוב פון אַ באַזונדערער מין גבורה מיט וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט זיך אויסגעצייכנט. ס'איז די גבורה פון קידוש־השם, פון הייליקן גאָטס נאָמען. עס איז די גבורה פון גייסטיקער פרייהייט.

דער ייד מרדכי האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו לעבן בשלום מיט המנען. ער האָט געקאָנט טאָן דאָס זעלביקע וואָס אַלע האָבן געטאָן אין יענער צייט — זיך בוקן און פאַלן אויף די קני פאַרן אַלמעכטיקן מיניסטער פון דעם קעניג אחשורוש. אַלע האָבן עס געטאָן, אָבער דער ייד מרדכי האָט עס ניט געטאָן, ווייל אַ ייד פאַלט ניט אויף די קני פאַר אַ מענטשן (ומרדכי לא יכרע ולא ישתחוה).

די געשיכטע פון פורים איז אַ געשיכטע פון יידיש לעבן אין גלות — געוויס, און דאָך ניט אין גאַנצן אַזוי. די געשיכטע פון פורים איז די געשיכטע פון יידישן קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר מענטשלעכער ווערדע, און קיין פאָלק איז אפשר ניט געווען אַזוי פריי ווי דאָס יידישע גלות־פאָלק. אַלע האָבן זיך געבוקט, אַלע זיינען געפאַלן אויף די קני פאַר דעם רשע המן ימח שמו, אָבער ניט דער גלות־ייד מרדכי.

מלחמות האָבן יידן ניט געקאָנט פירן, מיליטערישע גבורה האָבן זיי ניט געקאָנט באַווייזן אין די לענדער, איבער וועלכע דער גורל האָט זיי צעשפּרייט, אָבער פרייע מענטשן זיינען זיי געבליבן, און במשך פון יאָרהונדערטער האָבן זיי באַוויזן די גרעסטע גבורה, וואָס פרייע מענטשן קענען באַווייזן — די גבורה פון קידוש־השם! אַ פרייער מענטש איז געווען מרדכי און קנעכט זיינען געווען יענע, וואָס זיינען געפאַלן אויף די קני פאַרן רשע המן. פריי זיינען יענע, וואָס האָבן דעם מוט זיך ניט צו בייגן פאַר דער ממשלה פון רשעות אויף דער וועלט. אויך דער יום־טוב פורים איז דעריבער אַ יום־טוב פון יידישער גבורה.

די פראַגע פון דער פרייהייט פון דער וועלט, פון דער צוקונפט פון דער גאַנצער מאָדערנער קולטור הענגט, דער עיקר, אָפּ דערפון צי מיר וועלן האָבן גענוג מוטיקע קעמפער קעגן די רשעים און דער רשעות, וואָס הערשן אויף דער וועלט. דער מצב פון אונדזער צייט איז אין גאָר אַ סך הינזיכטן ענלעך

צו יענער צייט, ווען יידן איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אויסגעקומען צו פירן זייער קאַמף פאַר גייסטיקער פרייהייט.

די וועלט האָט ניט געקענט פאַרשטיין, און זי קען עס אויך היינט ניט פאַר־שטיין, דעם זין פון דער יידישער עקשנות. וואָס איז דער אומגליק אַז מען בייגט אַ ביסל דעם רוקן פאַרן שטאַרקערן? אַלע טוען עס דאָך, פאַר וואָס זאָלן עס יידן ניט טאָן? די גאַנצע יידישע ליטעראַטור פון דער צייט פון בית שני איז פול מיט אָט־דעם קאָנפליקט צווישן די יידישע עקשנים און די הער־שער פון דער וועלט. אויף פאַרשיידענע אופנים ווערט דער זעלביקער מאָטיוו איבערגעחזרט אין ספר דניאל. יידן ווילן זיך ניט בוקן פאַר די פרעמדע אָפּגע־טער, ווילן ניט פאָלגן די שטרענגסטע באַפעלן פון די הערשער און זיינען כסדר גרייט צו גיין על קידוש־השם. אַזוי זיינען חנניה, מישאל און עזריה געגאַנגען אין קאַלך־אויוון, אַזוי איז דניאל געווען גרייט אָפּצוגעבן זיין לעבן, אַזוי זיינען יידן אין דער צייט פון די חשמונאים געגאַנגען על קידוש־השם פאַר זייער גלויבן און פאַר זייער פרייהייט.

אַזוי האָבן די גלות־יידן, שוואַכע און שוצלאָזע, געוויזן דער וועלט אַ ביי־שפּיל ווי אמת פרייע מענטשן קענען און מוזן קעמפן פאַר זייער מענטשלעכער ווערדע און פאַר זייער גייסטיקער פרייהייט. זיי האָבן דעם קאַמף געקאָנט פירן, ווייל זיי האָבן אויף איין מאָמענט ניט פאַרלוירן דעם גלויבן אין אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט, ווייל זיי האָבן טיף געגלייבט, אַז סוף־כל־סוף וועלן מיר אַלע המנס איבערלעבן. דעריבער איז אַזוי וויכטיק היינט ווייטער אָנצו־האַלטן אונדזער יידישן אָפּטימיזם און אונדזער יידישן בטחון אין אַ בעסערער צוקונפט. דאָס איז דער זין פון דעם יום־טוב פורים, וואָס וועט קיין מאָל ניט פאַרגעסן ווערן, דאָס איז דער נס פון דער יידישער געשיכטע.

## די געמיינזאַמקייט פון יידישן גורל

אין יענער צייט — ווערט דערציילט אין דער פאָלקסטימלעכער טראַדיציע פון מגילת־אסתר — איז המן, דער זון פון המדתא, דערהויבן געוואָרן פון דעם מלך אחשורוש אויף דעם העכסטן פלאַץ אין דעם קעניגלעכן ראַט. און אַלע דינער פון דעם קעניג האָבן זיך געקניט און געבוקט פאַר המנען, וואָרים אַזוי האָט דער קעניג באַפוילן. נאָר מרדכי פלעגט זיך ניט קניִען און ניט בוקן. האָבן די קנעכט פון דעם קעניג געזאָגט צו מרדכין: פאַר וואָס טוסט דו ניט אָפּהיטן די באַפעלן פון דעם קעניג? און עס איז געווען, אַז זיי האָבן צו אים געזאָגט טאָג נאָך טאָג, און ער, מרדכי, האָט זיך צו זיי ניט צוגעהערט... וואָרים ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד!

דער ייד מרדכי האָט זיך ניט געבוקט און איז ניט געפאַלן אויף די קני

פאַר המנען, ווייל אַ ייד בוקט זיך ניט פאַר קיין מענטשן. דאָס איז פאַר די אי־בעריקע דינער פון דעם קעניג אחשורוש ניט געווען פאַרשטענדלעך. דאָס האָט די אַלטע צייט בכלל ניט געקאָנט פאַרשטיין. יידן זיינען געווען די ערשטע אין דער געשיכטע פון אונדזער קולטור־וועלט, וועלכע האָבן פּראָקלאַמירט די אידעע וועגן דער הייליקייט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. אַלע מענטשן זיינען קינדער פון איין פאָטער און איין מענטש טאָר זיך ניט בוקן פאַרן צווייטן. דאָס איז דער זין פון קאָנפליקט צווישן דעם ייד מרדכי און אַלע המנס. עס איז דער קאַמף פאַר דער פרייהייט פון מענטשלעכן געוויסן, פאַר דער ווערדע פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט.

און ווי המן הרשע האָט געזען — ווערט ווייטער דערציילט אין מגילת־אסתר — אַז מרדכי טוט זיך ניט קניִען און בוקן צו אים, איז המן פול געוואָרן מיט גרימצאָרן. און עס איז געווען צו־קליין אין זיינע אויגן צו באַשטראָפן מרדכין אַליין... האָט המן געזוכט צו פאַרטיליקן אַלע יידן אין גאַנצן קעניגרייך פון אחשורוש, דאָס פאָלק פון מרדכין.

אַזוי איז דער גורל פון יידישן פאָלק געוואָרן פאַרבונדן מיטן גורל פון אַ גרויסער און הייליקער אידעע. און דערפאַר איז אפשר ניט קיין וווּנדער, ווען מיר געפינען אין תלמוד אויך אַן אַנדער אַפּשאַצונג וועגן דעם יום־טוב פורים. אין מדרש געפינען מיר אַ מאמר: „אַלע יום־טובים וועלן בטל ווערן, אָבער די טעג פון פורים וועלן קיין מאָל ניט בטל ווערן”. (כל המועדים בטלים וימי הפורים אינעם בטלים לעולם).

באַזונדערס ווערט אין דער פורים־טראַדיציע באַטאָנט די אידעע פון יידי־שער סאָלידאַריטעט, פון דער געמיינזאַמקייט פון דעם יידישן גורל. ווען עס איז אַרויס די גזירה אומצוברענגען אַלע יידן אין דער פערסישער אימפעריע — ווערט דערציילט אין דער פאָלקסטימלעכער געשיכטע פון מגילת־אסתר — האָט אסתר געלעבט אין דעם קעניגלעכן הויף. אין דער געשיכטע האָט ניט זעלטן פּאַסירט, אַז יידן, וואָס דער מזל האָט זיי דערהויבן, האָבן פאַרגעסן זייער פאָלק און זייער אָפּשטאַם. אפשר וואָלט עס אויך געקאָנט פּאַסירן מיט דער קעניגין אסתר? און דאָ געפינט דער דיכטער פון דער אסתר־געשיכטע די גע־לעגנהייט אַרויסצוברענגען זיין פילאָזאָפיע וועגן דער געמיינזאַמקייט פון אונ־דזער גורל. מרדכי היהודי, דער ייד מרדכי, לאָזט איבערגעבן אסתרן די פילבאַ־דייטנדיקע היסטאָרישע ווערטער:

„זאָלסט ניט מיינען ביי זיך, אַז דו וועסט אַנטרינען פון דעם גורל פון אַלע יידן אין דעם קעניגלעכן הויז. וואָרים אויב שווייגן וועסטו טאָן שווייגן אין דער איצטיקער צייט, וועט אַ רעטונג און אַ הילף קומען צו יידן פון אַן אַנדער אָרט, און דו און דיין פאָטערס הויז וועלן אונטערגיין. און ווער ווייסט, אויב ניט פאַר אַזאַ צייט ווי די איצטיקע, איז דיר באַשערט געווען צו קומען צו דער מלוכה!

„און ווען דער נס איז געקומען און די יידן האָבן געזען די נקמה פון זייערע שונאים, האָבן זיי באַשטימט די טעג פון פורים פאַר אַ יום־טוב: זיי צו מאַכן פאַר טעג פון מאַלצייטן און שמחה, מיט שיקן שלח־מנות איינער צום אַנדערן און מתנות צו אָרעמע לייט... און די טעג פון פורים זאָלן ניט אָפּגעשאַפט ווערן ביי יידן, און זייער אָנדענק זאָל ניט פאַרגעסן ווערן ביי זייערע קינדער".

דער מנהג פון שיקן שלח־מנות איז באַזונדערס געבליבן כאַראַקטעריסטיש פאַר די טעג פון פורים, ווי אַ סימבאָל פון יידישער סאָלידאַריטעט. לויטן דין דאַרפן ניט נאָר די פאַרמעגלעכע שיקן מתנות צו די אָרעמע, נאָר יעדער ייד איז מחויב צו שיקן פורים־מתנות לכל הפחות צו צוויי מענטשן. אפילו אַן אָרע־מאַן, וואָס לעבט אַליין פון צדקה, דאַרף שיקן שלח־מנות צו צוויי אַנדערע אָרעמע לייט.

פאַרשפּרייט איז אויך געווען דער מנהג פון פאַרטיילן פורים־געלט צו יעדן, וואָס קומט און שטרעקט אויס די האַנט. אין אַ סך ערטער פלעגט אַפילו זיין אַ מנהג צו פאַרטיילן פורים־געלט אויך צו ניט־יידישע אָרעמע (ובמקום שנהגו ליתן אף לעכו״ם נותנים). ערב פורים צו מנחה האָט מען זיך אַחוץ דעם נוהג געווען צו געבן אַ האַלבן שקל אויף צדקה, צום אָנדענק אָן דעם שקל־אָפּצאָל, וואָס יידן האָבן אַמאָל געצאָלט פאַרן בית־המקדש. אין אַ יידישער שטאָט אין דער אַלטער היים פלעגט מען דערציילן, ווי דער רב איז אַ מאָל אַריינגעקומען אין בית־מדרש פורים ביי טאָג און ער האָט דאָרטן געפונען דעם גביר פון שטאָט זיצנדיק ביי דער גמרא. איז דער רב צו אים צוגעגאַנגען, האָט פאַרמאַכט די גמרא און האָט אים אַרויסגע־טריבן פון בית־מדרש. „היינט — האָט דער רב אויף אים אָנגעשריִען — איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דיר אין בית־מדרש; היינט זיצט אַ יידישער גביר אין דער היים ביי אַ טעלער פול מיט מטבעות און טיילט צדקה פאַר אָרעמע און נויט־באַדערפטיקע!"

## די פרייד פון פורים

פורים צייכנט זיך אויס מיט זיין גאָר באַזונדערן כאַראַקטער, מיט זיין דורך און דורך פאָלקסטימלעכער פריילעכקייט. פורים איז דער יום־טוב ווען מען „מעג אַלץ", ווען דער ייד וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם טרויער פון גלות און דעם שווערן יאָך פון דער שטרענגער יידישער דיסציפּלין. עס איז פאַראַן אַ שטיקל אמת אין דעם וויץ, אַז דער טאָג פון יום הכיפּורים (יום כיפּור), דער טאָג ווען כמעט אַלץ איז פאַרבאָטן, איז געגליכן צום טאָג פון פורים, דעם טאָג ווען כמעט אַלץ איז דערלויבט. דער אונטערשייד באַשטייט דערין — האָט

אַמאָל אַ חסידישער רבי געזאָגט — וואָס יום כיפּור ווערן אַלע „גויים" (גע־מיינט זיינען באַטירלעך די יידישע גויים) — פרומע יידן, און פּורים ווערן אַפילו די פרומע יידן — „גויים".

יידן פרייען זיך פּורים ניט נאָר מיטן נס, וואָס זיי זיינען געראַטעוועט גע־וואָרן פון המנס גזירות, נאָר אפשר נאָך מער מיט המנס מפּלה. דאָס איז דער איינציקער יידישער יום־טוב ווו דער מאָטיוו פון נקמה שפּילט אַ ראָל. און דאָס איז גראָד אַ ווונדער ביי אַ פאָלק, וואָס האָט אין משך פון זיין געשיכטע אַזוי פיל געליטן פון אַלערליי קליינע און גרויסע המנס. געווען צייטן, די אַנדערע צייטן פון פאַר היטלערן, ווען דאָס געפיל פון נקמה איז אונדז געווען אין גאַנצן פרעמד. מיר האָבן געוואָלט פאַרגעסן די צרות און פאַרגעסן די המנס. אונדזער דור אָבער פאַרשטייט איצט אַ סך בעסער די שמחה מיט המנס מפּלה. פּורים האָט דעם יידן דערמאָנט, אַז אויב אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט אַזוי פיל המנס וועט עס אויך איבערלעבן די המנס פון זיין צייט. אין אמתן איז אַפילו אונדזער נקמה אין דעם שונא ישראל המן געווען אַ גוטמוטיקע און אומשולדיקע. עס איז געווען אַ נקמה פון חוזק און וויצן איבער דעם צורר היהודים און זיינע בנים. דערביי האָט מען זיך אַ ביסל פריילעך געמאַכט אויך אויפן חשבון פון די יידישע „העלדן", פון אסתר המלכה און דעם שני למלך מרדכי. די וויכטיקע אויפגאַבע פון „אַפּרעכענען" זיך מיט המנען האָט מען דער עיקר איבערגעלאָזן די חדר־יינגלעך און די „פּורים־שפּילער". און מען מוז מודה זיין, אַז באַזונדערס די חדר־יינגלעך האָבן די אויפגאַבע דורכגעפירט בשלמות. זיי האָבן המנען ניט געשאָנעוועט. באַוואָפנט מיט די מאָדערנסטע מיטלען פון מלחמה, מיט אַלערליי המן־קלאַפּערס, גראַגערס און טיילווייז אַפילו מיט פּורים־ביקסלעך האָבן זיי גענומען נקמה פון די שונאי ישראל. דער עלטערער עולם קלאַפּט אַ ביסל צו מיט די פיס און טראַכט: אונדזער פאָלק האָט זוכה געווען צו זען דעם סוף פון אַזוי פיל המנס, וועלן מיר אויך, מיט גאָטס הילף, דערלעבן צו זען דעם סוף פון די המנס פון אונדזער צייט!

מיטן „גויישן" כאַראַקטער פון דעם יום־טוב פּורים זיינען אויך פאַרבונדן די פאַרשיידענע פּורים־שפּילן. שוין פון דער עלטערער צייט איז אונדז באַ־קאַנט אַ מנהג צו פאַרברענען דאָס בילד פון המנען. פיר־פינף טעג פאַר פּורים פלעגט מען אין בבל לאָזן הענגען דאָס בילד פון המנען און אין דעם טאָג פון פּורים פלעגט מען די המן־בילדער פייערלעך פאַרברענען. וואָס מער יידן האָבן געליטן, אַלץ מער האָבן זיי געוואָלט זען המנס מפּלה מיט די אייגענע אויגן. אין אַ באַשרייבונג פון יידישן לעבן אין תימן פון פאַריקן יאָרהונדערט ווערט דערציילט: „די יינגלעך מאַכן דאָ אַ המן־פיגור פון געפלאַכטענעם האַלץ, גע־פאַרבט אין פאַרשיידענע פאַרבן. זיי מאַכן אויך אַ פיגור פון מרדכי ווי ער רייט אויפן פערד און המן לויפט פאָרויס. ווען זיי קומען אויפן שול־הויף הענגען זיי אויף המנען אויף אַ הויכן בוים און שיסן אויף אים מיט פיילן און שטיינער

ביז זיי צעשמעטערן אים אויף שטיקלעך. אַזוי שפּילן זיך די ייִנגלעך דעם גאַנצן טאָג און שלאָגן און שילטן המנען".

פון אָט די המן־שפּילן פירט דער וועג צו די מער מאָדערנע אחשורוש־שפּילן ווען די האַלץ־פיגורן ווערן פאַרביטן דורך לעבעדיקע שפּילער. עס איז דער אָנהייב פון ייִדישן טעאַטער. אין דעם פּרט האָבן די פּורים־פאַרשטעלונגען געשפּילט גאַר אַ וויכטיקע ראָל. די פּורים־שפּילער זיינען מייסטנס געווען פּשוטע ייִדן, בעלי־מלאכות און פאַלקס־מענטשן. צוגעהאָלפן האָבן נאַטירלעך אויך די חדר־ייִנגלעך. אָבער כדי צו שפּילן טעאַטער האָבן די „העלדן" זיך געמוזט איבערטאָן. די פּשוטע בעלי־מלאכות האָבן זיך געדאַרפט אָנטאָן ווי „מיניסטאָרן" און די העלדן, וואָס האָבן געשפּילט די ראָל פון אסתר און אחשורוש, האָבן דאָך געמוזט אָנטאָן אמתע „בגדי מלכות". דערצו האָט מען צווישן די פּורים־שפּילער קיין פרויען ניט אַריינגעלאָזן, אַזוי אַז די ראָל פון אסתר און ושתי האָבן גע־מוזט שפּילן יונגע בחורים. ייִנגלעך האָבן געוויינטלעך אויך איבערגענומען די ראָל פון מרדכיס פערד. געפינען מיר טאַקע אין דער רבנישער ליטעראַטור דיס־קוסיעס וועגן דער פראַגע, צי קאָן מען דערלויבן פּורים, אַז מענער זאָלן אָנטאָן פרויען־זאַכן, וואָס דאָס איז דאָך אַ בפירושער איסור מן התורה. געווען שטרענגע רבנים, וואָס זיינען געווען שטאַרק אומצופרידן מיט די פּורים־מאַסקאַראַדן, אָבער דאָס פאָלק האָט זיך מיט דעם גאַנץ ווייניק גערעכנט. און אַזאַ גרויסע אויטאָ־ריטעט ווי דער רמ"א (ר' משה איסערליש) האָט געפּסקנט, אַז ווי באַלד דאָס פאָלק האָט דעם מנהג אָנגענומען, איז עס מיט דעם אַליין געוואָרן אַ גוטער ייִדישער מנהג: „דאָס וואָס מען איז זיך נוהג אָנצוטאָן מאַסקעס אום פּורים, ווען אַ מאַן טוט אָן פרויען־קליידער און פרויען — מענער־קליידער, איז דערין ניטאָ קיין שום איסור, ווייל זייער כוונה איז דאָך נאָר זיך משמח צו זיין". ווי עס ווייזט אויס, האָבן אין אַ סך ייִדישע קהילות די פּורים־פריילעכקייטן אָנגע־נומען די פאָרעם פון קאַרנעוואַל־מאַסקאַראַדן. אויך פרויען פלעגן זיך איבערטאָן אָדער אָנטאָן מאַסקעס אויף די פּנימער און אַזוי פלעגן גאַנצע גרופּעס מאַרשירן איבערן גאַס טאַנצנדיק און זינגענדיק און „באַוואָפנט זיינען אַרויס די ייִדישע טעכטער — לייענען מיר אין אַ באַשרייבונג פון אַזאַ פּורים־מאַסקאַראַד מיט איבער דריי הונדערט יאָר צוריק — מיט פאַנצערס פון מלחמה־גבורים, און יעדער ייִד מיטן שווערד אויף זיינע לענדן און מיט געשאַרפטע פיילן. אויך די ייִנגלעך קלייבן זיך אויף קאָמפּאַניעסווייז פאַרמאַסקירטע, איבערגעטאָן אין אַנ־דערע בגדים, מיט קלאַפּערס און גלעקלעך, און פון ווייטן הערט מען שוין זייערע ווילדע אויסגעלאַסענע קולות".

דער פרומער רב, וואָס האָט אונדז איבערגעלאָזן אָט־די באַשרייבונג, איז שטאַרק ניט צופרידן מיט דעם „גויישן" כאַראַקטער פון די פּורים־שפּילן. איז דאָס אַ ייִדישער יום־טוב? — טענהט ער תמימותדיק. אָבער פּורים האָט מען דעם רב גאַר ווייניק געהערט. געווען אפילו אין אַ סך ייִדישע שטעט און שטעט־

לעך אַ מנהג אויפן טאָג פון פורים „אָפּצוזאָגן" דעם רב פון זיין רבנות און אויסצוקלייבן אַ „פּורים־רב". דאָס קלייבן אַ פּורים־רב, איז, ווייזט אויס, אויפ־געקומען ביי יידן אונטערן איינפלוס פון די קריסטלעכע שכנים, ביי וועמען עס איז געווען פאַרשפּרייט דער מנהג אויסצוקלייבן אַ קאַרנאַוואַל־קעניג. פאַר אַ פּורים־רב פלעגט מען געוויינטלעך אויסקלייבן איינעם פון די יונגע לערנער פון שטעטל עטלעכע טעג פאַר פּורים. דעם ניי־אויסגעקליבענעם רב פלעגט דער עולם באַגריסן מיט אויסרופן „יחי המלך". שבת פאַר פּורים פלעגט דער „פּורים־רב" קריגן די שענסטע עליה, אָבער ערשט אין דעם טאָג פון פּורים איז די גאַנצע „מאַכט" אַריבער צום פּורים־רב. די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דעם פּורים־רב איז געווען די „דרשה", אָדער דער „פּלפּול". אין אַ וויציק־סאַטירי־שער פאָרעם פלעגט דער נייער רב אויסלאַכן די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט, בתוכם אויך דעם גייסטיקן פירער פון דער קהילה. אָט די פרייהייט צו זאָגן וואָס ער וויל און וואָס ער טראַכט, צו זאָגן און אַריינצוזאָגן, איז געווען די פּריווילעגיע פון דעם פּורים־רב. אויך אין אַ סך פון די גרויסע ישיבות איז געווען פאַרשפּרייט דער מנהג דורכצופירן פּורים־שפּילן מיט אַ פּורים־רב אָדער אַ פּורים־ראש־ישיבה.

מיטן יום־טוב פּורים זיינען אויך געווען פאַרבונדן אַ גאַנצע ריי „פּורים־פּרנסות". געווען אַזעלכע, וואָס האָבן „פאַרדינט" געלט פון טראָגן שלח־מנות און דער עיקר האָבן פּורים „פאַרדינט גאָלד" די פּורים־שפּילער. די באַזונדערע „פּורים־פּרנסות" ווערן באַשריבן ביי שלום־עליכם אין „די גאָלדשפּינערס". דאָס האָט מען זיי אַזאַ נאָמען געגעבן אין כתרילעווקע מחמת קנאה — דערציילט אונדז שלום־עליכם:

„מען איז זיי מקנא, פאַרשטייט איר מיך, וואָס זיי זיינען גרויסע פאַרדינער, דאָס הייסט, קבצנים זיינען זיי, ניט פאַר אייך געדאַכט, גלייך מיט אַלע כתרילעווקער אָרעמעלייט, נאָר אַז עס קומט פּורים פאַרדינען זיי שטיקער מיט גאָלד. דער אויבערשטער האָט זיי געבענטשט אַלע פון זיין ברייטער האַנט, יעדן מיט אַ באַזונדער טאַלאַנט, און מענטשן מיט טאַלאַנט איז די וועלט מקנא".

מיט געמישטע געפילן פייערן מיר היינט דעם יום־טוב פּורים. ס'איז שווער אונדז היינט צו פרייען זיך ביז מיר זאָלן פאַרגעסן צווישן ארור המן און ברוך מרדכי. דעם המן פון אונדזער צייט וועלן מיר אַזוי גיך ניט פאַרגעסן. אויך אין די געטאָס האָבן יידן געפייערט יום־טובים און נאָך מער האָבן יידן דעמאָלט געוואַרט אויף אַ נס ווי אין געוויינטלעכע צייטן. ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי דערציילט אין זיין בוך: „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" וועגן דעם אָוונט פון פּורים 1943 אין ווילנער געטאָ:

„די שול אויף יאַטקאָווער־גאַס איז געווען איבערפולט. ס'איז גע־ווען שטאָק־פינצטער אין בית־המדרש, נאָר ביי דער בימה האָט גע־

צאַנקט אַ קליין ליכטל. צונויפגעפּרעסטע, זיינען געשטאַנען יידן, און ווי פון ווייטע ווייטענישן האָט אָפּגעקלונגען די שטים פון בעל־קריאה: — שעשה ניסים לאבותינו בימים ההם בזמן הזה — מיט כוונה און האָפענונג האָט אויפגעכאַפּט דער עולם די לעצטע ווערטער, און הונדערטער קולות האָבן אָפּגעענטפערט אין כאָר:

— בזמן הזה —

און ס'האָט זיך געדוכט, אַז די צונויפגעפּרעסטע עדה יידן, און די ציטערנדיקע שאָטנס ביים צאַנקענדיקן ליכטל און די עמודים פון אַלטן בית־מדרש זאָגן אַלע איין תפילה — בזמן הזה!

— בזמן הזה!!!

דער נס איז ניט געשען. די יידן פון די געטאָס האָבן צו אונדזער אַלעמענס טרויער ניט דערלעבט צו זען די מפּלה פון דעם לעצטן המן. אָבער אַ האַלבער נס איז געשען. די מפּלה פון דעם בלוטיקן המן איז געקומען. און מיר, די שארית הפּליטה פון יידישן פאָלק, קאָנען היינט טראַכטן וועגן ווידער אויפ־בויען יידיש לעבן. אפשר איז אָט דער האַלבער נס, דער סוף פון היטלער הרשע ימח שמו, און דער אָנהייב פון גאולה, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו דערלעבן, אַ שטיקל נחמה פאַר אונדזער דור!

## פּורים — דער לוסטיקער יום־טוב

איז פּורים אַ יום־טוב? פאַראַן אַ באַקאַנט ווערטל: „פּורים איז ניט קיין יום־טוב און קדחת איז ניט קיין קרענק". פון דעסטוועגן זיינען דאָ מענטשן, וואָס האַלטן, אַז קדחת איז יאָ אַ קרענק, און אַ גאַנץ אומאָנגענעמע מחלה דערצו. אויף אַ פאָלקס־ווערטל קאָן מען זיך, ווי מיר זעען, ניט אין גאַנצן פאַרלאָזן. איז אפשר פּורים טאַקע אַ יום־טוב?

און אין איין הינזיכט איז פּורים גאָר אַ באַזונדערער יום־טוב, אַ גלות־יום־טוב. דאָס לעבן אין גלות איז געווען שווער, פול מיט זאָרגן און ערנסט־קייט. געווען ווייניק געלעגנהייטן פאַר פרייד אין גלות, פאַר פּשוטער, וואָכע־דיקער פרייד. די טעג פון שבת און יום־טוב זיינען, אמת, ניט נאָר טעג פון אָפּרו, נאָר אויך טעג פון פרייד. דאָס איז אָבער פרייד פון אַ העכערער מדרגה, פרייד פאַרבונדן מיט הייליקייט, דאַנקבאַרקייט, נשמה־יתירהדיקייט. עס פאַר־בענקט זיך אָבער אַ מאָל נאָך פּשוטער פרייד, וואָכעדיקער פרייד, אָן וואָכעדיקע זאָרגן. די יידישע טראַדיציע בכלל האָט געקוקט קרום אויף וואָכעדיקער פרייד.

פאַר טרינקען האָבן מיר מורא געהאַט. און ס'איז געווען אַ גרונד דערפאַר. ווערט אַ מענטש שיכור, פאַרלירט ער זיין רעספּעקט צו זיך, צו זיין מענטש־לעכן כבוד. און אַ ייד אין גלות האָט קודם־כל געמוזט אָפּהיטן זיין מענטש־

לעכע ווערדע. און דאָס זעלביקע איז ריכטיק בנוגע אַנדערע פאָרמען פון פאָלקסטימלעכע פאַרגעניגנס, וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט ביי אַנדערע פעלקער. הוליען, סתם הוליען, האָט אַ ייד ניט געקאָנט פאַרשטיין; עס האָט געדאַרפט זיין פאַרבונדן אַ מצווה מיט דעם: אַ חתונה, אַ ברית, אַ סיום און אַזוי ווייטער.

דער יידישער מענטש האָט אויך פּורים זיך זעלטן אָנגעשיכורט. אויף די גאַסן האָבן זיך יידישע שיכורים ניט געוואַלגערט. אָבער פריידן האָט אונדז פּורים געגעבן אין דער פולער מאָס. באַזונדערס דער אָרעמער מענטש האָט געהאַט אַ סך פון פּורים. דער עיקר האָט זיך פּורים אויסגעצייכנט מיט די פּורים-שפּילן, מיטן פאָלקסטימלעכן פּורים -טעאַטער. פּורים איז אויך געווען דער טאָג ווען מען האָט געקאָנט אָריינזאָגן די גבירים, די גבאים און אַפילו דעם רב. אין אַ סך ערטער פלעגט מען פּורים אויסקלייבן אַ ספּעציעלן „פּורים-רב" אָדער אַ „פּורים-ראש-ישיבה". פּורים איז דער יום-טוב פון דעם פאָלקס-מענטשן, פון דעם קבצן. ווי האָט מען אין דער אַלטער היים געזונגען:

וואָס מער קבצן,<br>מער הוליאַקע;<br>וואָס מער נגיד,<br>מער סאָבאַקע!

פון דעסטוועגן האָט מען אַפילו פּורים געוווּסט ווי צו הוליען. פּורים האָט זיין סטיל, זיינע געזעצן. מען דאַרף הערן די מגילה, מען דאַרף פאַרטיילן צדקה, מען דאַרף שיקן שלח-מנות און פאַרבעטן מענטשן צו דער סעודה. אויך פּורים, האָט דער יידישער מענטש געהאַלטן, דאַרף מען וויסן ווי צו הוליען. האָבן יידן געזונגען און דווקא אויף רוסיש: „מען דאַרף וויסן ווי צו הוליען! אָפּצוגעבן אַ חשבון צו גאָט!"

דאָס צדקה-געלט פון פּורים (פּורים-געלט) טאָר מען ניט אויסגעבן פאַר קיין שום אַנדער צדקה. אין טור אורח חיים געפינען מיר אַחוץ דעם נאָך די מערקווערדיקע באַשטימונג, אַז ביי פאַרטיילן פּורים-געלט שטעלט מען ניט קיין שום פראַגן. יעדער וואָס קומט און בעט, דאַרף מען אים געבן, אַ ייד און ניט קיין ייד (ואין מדקדקים בהן, אלא כל מי שפושט ידו ליטול נותנים לו, אחד ישראל ואחד גוי).

דער מנהג צו פאַרטיילן פּורים-מתנות צווישן ניט-יידישע אָרעמע, באַזונדערס צו די ניט-יידישע אַרבעטער און דינסטן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי יידן, איז געווען פאַרשפּרייט אין אַ סך קהילות. געווען אויך פּוסקים, וואָס האָבן מיט דעם ניט אין גאַנצן מסכים געווען. אין דער ערשטער שורה, האָבן זיי געגלייבט, דאַרף מען באַזאָרגן פּורים די יידישע אָרעמע לייט. קיין יידישע קבצנים האָבן דאָך ניט געפעלט. עס איז יעדנפאַלס כאַראַקטעריסטיש,

וואָס דער יום־טוב פּורים איז ניט געווען פאַרבונדן מיט אַ שטימונג פון שאָ־וויניזם. מיר פייערן דעם נצחון איבער המנען, אָבער המן האָט פאַר אונדז קיין מאָל ניט רעפּרעזענטירט די ניט־יידישע וועלט.

פאַראַן נאָך אַ פּראָבלעם, וואָס האָט אַרויסגערופן שטאַרקע מיינונגס־פאַר־שיידנהייטן. פּורים איז אַ יום־טוב פון גאַנצן פאָלק, ווייל דאָס גאַנצע פאָלק, רייכע און אָרעמע, מענער, פרויען און קינדער, זיינען געווען אין סכנה. זיינען דערפאַר אויך פרויען מחוייב צו הערן די מגילה. אויך די קינדער דאַרף מען, אויף ווי ווייט מעגלעך, ברענגען אין שול, זיי זאָלן הערן די מגילה. עס איז ווייטער אַ מצווה צו לייענען די מגילה מיט אַ מנין. האָט זיך געשטעלט די פראַגע: קאָן מען פרויען צורעכענען צום מנין? זיי זיינען דאָך פולבאַרעכטיקטע שותפים צום נס פון פּורים און ביים לייענען די מגילה! געווען פאַרשיידענע מיינונגען. צו קיין ענדגילטיקן רעזולטאַט איז מען ניט געקומען. אָבער דער עצם פאַקט, וואָס אַ צאָל רעליגיעזע פירער און דענקער האָבן געגלייבט, אַז מען מעג פרויען צורעכענען צום מנין, זאָגט אַ סך. אפשר איז עס געווען דער זכות פון אסתר המלכה?

קענען מיר איצט שוין ענטפערן: פּורים איז אַ יום־טוב, אַן אייגנאַרטיקער יום־טוב, אַ פאָלקסטימלעכער יום־טוב; אַ יום־טוב, וואָס פאַרשאַפט אונדז אַ סך פרייד; אַ יום־טוב, וואָס האָט אונדז געהאָלפן און העלפט אונדז אַריבערצוטראָגן דעם גלות.




## דער פרייער מענטש ביים פסח־טיש

פסח איז אפשר אַ סך מער אַ יום־טוב פון דער צוקונפט, אַ יום־טוב פון גלויבן און האָפענונג, ווי אַ יום־טוב פון דער פאַרגאַנגענהייט. פסח איז פאַרבונדן מיטן אָנהייב פון דער יידישער געשיכטע. עס איז דער עלטסטער יידישער יום־טוב, און דאָך איז ער פאַר אונדז תמיד ניי; איז דער יום־טוב פון פרילינג פאַר אַלע יידישע דורות געוועזן דער סימבאָל פון אַ נייעם אָנהייב, פון ווידעראויפלעבונג און ווידעראויפריכטונג, פון באַפרייונג און אויסלייזונג.

דער יום־טוב פון פרילינג איז דערפאַר אַ סך מער ווי בלויז אַ היסטאָרישער יום־טוב, וואָס דאַרף אונדז דערמאָנען די געשיכטע פון יציאת־מצרים. גלות און אויסלייזונג זיינען ניט קיין איינמאָליקע דערשיינונגען. פרייהייט איז גאָר ניט אַזאַ איינפאַכער און קלאָרער באַגריף. זייער אָפט באַמערקט דער מענטש אַליין ניט ווי ווייניק פריי ער איז, ווי ווייט ער איז אַ קנעכט פון באַדינגונגען, פון מאָדעס און פאָראורטיילן. יעדער מענטש האָט זיין אייגענעם גלות, און יעדער מענטש מוז פון צייט צו צייט פרווון זיך אַרויסצוראַטעווען פון זיין אייגענעם גלות. דאָס איז דער זין פון דעם יום־טוב פסח. עס איז דער יום־טוב פון יציאת־מצרים פאַר יעדערן פון אונדז. און דאָס ווערט אַזוי וווּנדערלעך סימבאַליזירט אין דעם אופן ווי די יידישע פאַמיליע פאַרברענגט די פסח־אָוונטן ביים סדר־טיש.

אין וואָס שטעקט דער כישוף פון דעם סדר־טיש? וואָס איז דער זין פון די פאַרשיידענע מערקווערדיקע מנהגים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן יום־טוב פסח? אַ גרויסער יידישער דענקער האָט עס געפּרוווט דערקלערן אויף אַזאַ אופן: אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר גייט דער ייד זוכן גאָט אין גאָטס הויז, אין בית־המקדש; אין די טעג פון פסח אָבער, גייט די שכינה זוכן דעם יידישן מענטשן אין זיין היים. פּסח ווערט דאָס יידישע הויז אַ בית־המקדש און דער יידישער טיש אַ מזבח. דאָס איז דער סוד פון דעם פּסח־סדר.

יידישע דענקער האָבן פון די עלטסטע צייטן אָן אַ סך געטראַכט וועגן די פּראָבלעמען פון גלות. אָנגעהויבן האָט זיך דער גלות, לערנען אונדז די יידישע מיסטיקער, ווען גאָט האָט אַרויסגעטריבן דעם ערשטן מענטשן פון גן־עדן. די קללה פון בזעת אפיך תאכל לחם, אין שווייס פון דיין געזיכט זאָלסט דו עסן ברויט, איז די שטראָף פון גלות פאַר אַלע קינדער פון אָדם און חוה.

זינט דאַן איז דער מענטש געוואָרן דער קנעכט פון זיינע לעבנס־באַדער־פעניש. אין דער ערשטער שורה שטייט נאַטירלעך די עלעמענטאַרע בויט: ברויט מיט וואַסער און אַ דאַך איבערן קאָפּ. דער מענטש קאָן אָבער אויך ווערן אַ קנעכט פון עשירות און פון לוקסוס. אָט די צווייטע קנעכטשאַפט ווערט אין חומש סימבאָליזירט מיטן יצר־הרע צו שיכרות. דער יצר־הרע פון וויין פאַר־פירט דערצו נאָך דעם מענטשן צו אַנדערע עבירות, ווי דאָס ווערט אַזוי אויס־געצייכנט אילוסטרירט אין די דערציילונגען וועגן נחן און וועגן לוטן. נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג זאָגט מען ביי אונדז: שיכור ווי לוט.

האָט די יידישע טראַדיציע געפונען אַ וועג ווי זיך צו באַפרייען פון דעם שווערן טאָג־טעגלעכן גלות, אין וועלכן דער מענטש האַלט כסדר אין זינקען; זי האָט געשאַפן די שבתים און יום־טובים, די טעג פון פרייד און הייליקייט.

אונדז אַלעמען איז באַקאַנט דער אַלטער יידישער מנהג פון קידוש. די טעג פון שבת און יום־טוב ווערן געהייליקט מיט אַ ברכה איבער חלה, אָדער וויין. אָן אַ ברכה זיינען ברויט און וויין דער סימבאָל פון מאַטעריעלער, גשמיותדיקער קנעכטשאַפט, מיט אַ ברכה זיינען ברויט און וויין אַ סימבאָל פון פרייהייט און הייליקייט. עס איז דוכט זיך אַ קלייניקייט, בלויז געמאַכט אַ ברכה, און דאָך האָט זיך אַלץ אַזוי געענדערט. ווי זאָגט דער חסיד ביי פּרצן אין זיין „שהשמחה במעונו״:

> מיר טרינקען און זיי טרינקען...
> וואָס פאַר אַ טעם האָט אַ טרונק בראָנפן אין שענק... און — וואָס פאַר אַ טעם האָט אַ טרונק בראָנפן אין שטיבל ביי אַ סיום, ביי אַ יאָרצייט, אָדער גלאָט ביי אַ פּשוטן שלש־סעודות!

די מנהגים פון פּסח ברענגען באַזונדערס קלאָר אַרויס אָט די צענטראַלע אידעע פון באַפרייונג דורך לייטערונג און דערהייבונג. פּסח הייסט דער יום־טוב

פון מצות (חג המצות), און דאָס מיינט דאָך אייגנטלעך אַ יום־טוב פון ברויט, אמת פון גאָר אַ באַזונדער מין ברויט. וואָס איז די סימבאָלישע באַדייטונג פון די מצות?

מיר קאָנען היינט ניט זאָגן מיט זיכערקייט, ווי אַזוי עס איז אויפגעקומען דער מנהג פון מצות. אין חומש ווערט דערציילט, אַז ווען די יידן זיינען אַרויס פון מצרים האָבן זיי פון גרויס איילעניש ניט באַוויזן צוצוגרייטן ברויט אויפן וועג, האָבן זיי דעריבער געבאַקן מצות. אַ צווייטע דערקלערונג, וועלכע געפינט זיך אויך אין חומש, איז, אַז די מצה דאַרף אונדז דערמאָנען די נויט פון אונ־דזערע עלטערן אין מצרים. די מצה ווערט דאָ באַצייכנט מיט דעם נאָמען „ברויט פון אָרעמקייט — ברויט פון פיין" (לחם עני). און אַזוי ווערט אויך די מצה באַצייכנט אין אונדזער הגדה: דאָס איז דאָס אָרעמע ברויט (הא לחמא עניא).

די מאָדערנע פאָרשער פון תנ"ך האָבן אויך אויסגעפונען אַנדערע דער־קלערונגען. אייניקע געלערנטע גלייבן, למשל, אַז דער מנהג צו עסן מצה אין דעם יום־טוב פון פרילינג איז פאַרבונדן מיט דעם, וואָס פסח־צייט איז אין ארץ־ישראל דער אָנהייב פון שניט, ווען די פעלד־אַרבעטער קאָנען צום ערשטן מאָל געניסן פון דער בייער גערעטעניש. אין תוך איז אין די אַלע דערקלערונגען פאַראַן אַ קערנדל אמת. דער טיפערער זין פון דעם מנהג ניט צו עסן קיין חמץ אום פסח איז אָבער בלי ספק דער — וואָס מצה איז אַנדערש ווי ברויט. פסח איז דער יום־טוב, ווען דער מענטש באַפרייט זיך סימבאָליש פון דער עלעמענטאַרער פיזישער נויט, דאַרף ער דעריבער ניט קיין ברויט.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אין דער יידישער רעליגיעזער ליטעראַטור איז חמץ געוואָרן דער סימבאָל פון יצר־הרע. מוז מען צוליב דעם טעם פאַרן אָנקומען פון דעם יום־טוב פון פרייהייט אין גאַנצן אויסראַמען דעם חמץ, קיין ברעקל זאָל פון אים ניט פאַרבלייבן. ערב פסח איז מען זיך דעריבער נוהג צו פאַרברענען אַלע רעשטלעך חמץ, וואָס זיינען אויפגעהיט געוואָרן במשך פון גאַנצן יאָר. פאַרן יום־טוב פון פרייהייט מוזן מיר קודם־כל אַליין ווערן פריי. צום פסחדיקן טיש קומען מיר ווי פרייע מענטשן און נייע מענטשן.

ניט ווייניקער וויכטיק איז פאַר פסח דער מנהג פון טרינקען וויין. אַפילו אַן אָרעמאַן, וואָס לעבט פון צדקה, זאָגט אונדז דער דין, טאָר ניט טרינקען ווייניקער ווי די פיר כוסות (**אפילו עני המתפרנס מן הצדקה לא יפחתו לו מארבעה כוסות**). קאָן דעריבער ניט געמאָלט זיין אַ סדר אָן כוסות, און דאָך איז עס אונדז ממש אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן אַ שיכורן יידן ביים סדר. עס איז עפעס גאָר אַן אַנדער טרינקען און אַן אַנדער ווייַן פסח ביים סדר. עס איז וויין פון גאולה, פון וועלכן דער מענטש ווערט געהייליקט און געלייטערט.

איז ממילא ניט קיין חידוש, וואָס פסח צום סדר ווערט די יידישע היים אַ בית־המקדש און דער טיש אַ מזבח. און ווען די עלטערן און קינדער זעצן זיך ביים סדר־טיש און זאָגן די הגדה, קומט די שכינה צו זיי. ס'איז די שכינה

פון יידישן פאָלק, די שכינה, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט אונדז אין אַלע גלותן. און נאָך אַ גאַסט קומט צו אונדז צום סדר — דער נביא אליהו, דער נביא פון גוטע בשורות און גאולה, וואָס באַגלייט דעם יידישן מענטשן אויף אַלע זיינע וואָגלענישן אין גוטע און אויך אין שווערע צייטן.

ניטאָ נאָך אַזאַ מענטשלעכער יום־טוב ווי פסח, ניטאָ נאָך אַזאַ לויטערע פייערלעכקייט ווי דער סדר. דאָס האָט פון דעסטוועגן ניט געשטערט די שונאי־ישראל אויסצוטראַכטן אויף אונדזער פאָלק די ווילדסטע בלבולים אין צוזאַמענהאַנג מיטן יום־טוב פסח. וויפל צרות און וויפל אומגליקן זיינען איבער אונדזער פאָלק געקומען צוליב אָט די ווילדע בלבולים.

עס איז אַ פאַרשפּרייטער מנהג אין דער יידישער וועלט פסח צו לייענען שיר־השירים. וואָס פאַר אַ שייכות האָבן די וווּנדערלעכע ליבע־געזאַנגען פון שיר־השירים צום יום־טוב פון פרייהייט?

מען וואָלט אפשר געקאָנט נאָך ווייטער פרעגן: ווי קומען די געזאַנגען פון שיר־השירים אין תנ״ך? אָבער אויף דער פראַגע האָבן שוין די בעלי־התלמוד געגעבן זייער ענטפער: „די גאַנצע וועלט — זאָגט רבי עקיבא — איז ניט געווען כדאַי ווי דער טאָג, ווען שיר־השירים איז געגעבן געוואָרן צום פאָלק ישראל. וואָרים אַלע ספרים זיינען הייליק, אָבער שיר־השירים איז קודש קדשים״.

אָט דער מאמר פון רבי עקיבא ווערט כסדר איבערגעחזרט פון די שפּעטערדיקע יידישע מפרשים. די ליבע־געזאַנגען פון שיר־השירים זיינען ניט סתם ליבע־לידער צווישן אַ בחור און אַ מיידל, אַ חתן און אַ כלה. ניין, דאָס איז דאָס געזאַנג פון ליבע צווישן גאָט ברוך הוא און דעם יידישן פאָלק, דער כנסת ישראל. די דאָזיקע ליבע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צייט פון יציאת מצרים. אין מדבר האָט זיך דאָס פאָלק ישראל באַגעגנט מיטן גאָט פון ישראל, און ביים באַרג סיני איז געשלאָסן געוואָרן דער בונד צווישןביידן. קאָן דען זיין אַ פּאַסיקערע צייט, ווי פסח, פאַרן געזאַנג פון ליבע צווישן גאָט און דער כנסת ישראל?

די געזאַנגען פון שיר־השירים צייכענען זיך אויס מיט זייער אויסערגעוויינטלעכער פּאָעטישער קונסט. איך בין זיך אָבער מודה, אַז די פּאָעטישע שיינקייט פון דער שיר־השירים־לעגענדע אַפּעלירט נאָך צו מיר מערער. פאַראַן אַ סך פּאָעזיע אין דער ליבע צווישן גאָט און פאָלק ישראל. עס איז אַ געזאַנג פון יאָרהונדערטער, אַ געזאַנג פון קידוש־השם, פון עקשנותדיקן גלויבן און אויסערגעוויינטלעכער טרייהייט. אויך די ליבע איז ווערט באַוווּנדערט און באַזונגען צו ווערן.

צום סדר געהערט אויך די הגדה. עס וואָלט אפשר געווען נאָך ריכטיקער צו זאָגן, אַז די אַלע פּסחדיקע מאכלים מיט די כוסות וואָלטן געהאָט ווייניק זין און ווייניק טעם אָן דער הגדה. וואָס דערציילט אונדז די פּסח־הגדה? אין דער הגדה הערן מיר דאָס געזאַנג פון דער יידישער געשיכטע אין לויף פון מער

ווי דריי טויזנט יאָר. און נאָך ביז צום היינטיקן טאָג איז דאָס דאָזיקע געזאַנג ניט פאַרענדיקט.

## פרייהייט און דער יאָך פון פרייהייט

פסח איז דער יום־טוב פון פרייהייט. אונדזער פאָלק איז באַפרייט געוואָרן פון דורות־לאַנגער קנעכטשאַפט. און דאָס גרעסטע ווונדער — מיר זיינען גע־בליבן אַ פריי פאָלק. און אין לויף פון דער געשיכטע האָבן מיר פאַר אונדזער פרייהייט באַצאָלט אַן אַ שיעור קרבנות. פרעגט זיך: איז טאָקע פרייהייט אַזאַ גרויסע זאַך, לוינט זיך צו קעמפן פאַר פרייהייט?

אמתע פרייהייט שטעלט דעם מענטשן כסדר פאַר די שווערסטע אויפגאַבן און זי פאָדערט פון אים כסדר אַן ענטפער. ער אַליין מוז באַשליסן, ער אַליין מוז מיטבאַשטימען זיין אייגענעם גורל און דעם גורל פון זיין לאַנד. ווילט זיך דעם מענטשן אָפט ניט נעמען אויף זיך דעם יאָך פון פרייהייט, דעם יאָך פון פאַראַנטוואָרטונג.

אַזאַ טיפער און אָריגינעלער קינסטלער ווי דאָסטאָיעווסקי האָט דאָס אויס־געצייכנט פאַרשטאַנען. אין זיין באַרימטן ראָמאַן „די ברידער קאַראַמאַזאָוו" גיט ער אונדז אַ בילד פון דעם גרויסן אינקוויזיטאָר, פון דער צייט ווען די אינ־קוויזיציע האָט געבושעוועט אין דער פרום־קאַטוילישער שפּאַניע. ווען מען לייענט היינט די באַשרייבונג פון דעם גרויסן אינקוויזיטאָר, ווי דער רוסישער קינסטלער האָט אים אין זיין פאַנטאַזיע געזען, ווערט מען ממש דערשיטערט. דאָ האָט אונדז דער גענויאַלער שריפטשטעלער מיט זיין שיער ניט נביאישער וויזיע צוויי דורות אין פאָרויס געגעבן אַ בילד פון דעם גרויזאַמסטן דיקטאַטאָר, וואָס רוסלאַנד האָט געזען. דאָס בילד פון דעם גרויסן אינקוויזיטאָר איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי אַקטועל, ווי אין אונדזער צייט.

דאָסטאָיעווסקי פירט אונדז אַריבער אין דער תקופה פון די שוידערלעכע רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען אין שפּאַניע, ווען די אינקוויזיציע האָט געהאַלטן אין איין פאַרברענען די „אַפּיקורסים" אויף די שייטער־הויפנס, כדי כלומרשט אָפּ־צוהיטן די ריינקייט פון קריסטלעכן גלויבן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון קריסטוסן און פון זיין כבוד וועגן.

מיט גרויס פּאַראַד פלעגט די אינקוויזיציע דורכפירן דאָס פאַרברענען פון די „אַפּיקורסים", און דאָס פאָלק פלעגט הנאה האָבן. צו דער ראַפינירטער קונסט פון די מאָסקווער פּראָצעסן האָט, אמת, אַפילו די אינקוויזיציע ניט דערגרייכט. מיר האָבן פאַר די עטלעכע הונדערט יאָר אַ היפּש ביסל „פּראָגרעסירט". שיל־דערט אונדז דאָסטאָיעווסקי ווי איין מאָל, נאָך אַזאַ פייערלעכן פּאַראַד, ווען מען

האָט פֿאַרברענט אַ גרויסע צאָל ניט־גלויביקע, האָט זיך מיט אַ מאָל באַוויזן פֿאַרן פֿאָלק קריסטוס אַליין. דאָס פֿאָלק האָט אים דערזען. דאָס פֿאָלק האָט זיך אָנגעהויבן זאַמלען אַרום אים און ווונדער זײַנען געשען, ווונדער ווי זיי ווערן דערציילט אין די שריפֿטן פֿון דעם נײַעם טעסטאַמענט.

לאַנג האָט דאָס אָבער ניט געדויערט. די קירך, די אינקוויזיציע, דאַרף קריס־טוסן ניט האָבן. זי דאַרף אים יעדנפֿאַלס ניט אויף דער ערד. דער גרויסער אינ־קוויזיטאָר קומט אָן, צוזאַמען מיט זײַן סוויטע. דאָס גאַנצע פֿאָלק, צעטומלט און דערשראָקן, מאַכט פֿאַר אים אַ וואַרע, און ער לאָזט קריסטוסן אַרײַנוואַרפֿן אין געפֿענגעניש. דאָס פֿאָלק בייגט זיך, דאָס פֿאָלק נעמט עס אָן. אַזוי איז דער ווילן פֿון דעם גרויסן אינקוויזיטאָר.

דאָן קומט דער אינקוויזיטאָר צו קריסטוסן אין געפֿענגעניש און רעדט זיך דורך מיט אים. דאָס פֿאָלק, טענהט דער אינקוויזיטאָר מיט גרויס פּאַטאָס, דאַרף דיך ניט מער. דו האָסט דעם מענטשן געגעבן צו פֿיל פֿרײַהייט, דו האָסט אויף אים אַרויפֿגעלייגט אַ צו גרויסע פֿאַראַנטוואָרטונג. האָבן מיר, די פֿירער פֿון דער קירך און די פֿירער פֿון דער אינקוויזיציע, אויף זיך גענומען דעם יאָך פֿון פֿרײַהייט און פֿאַראַנטוואָרטונג. מיר זאָרגן פֿאַרן פֿאָלק און מיר נעמען אויף זיך די זינד פֿון פֿאָלק! און פֿאַר דיר, רופֿט ער זיך אָפּ צו קריסטוסן, פֿאַר דיר איז מער ניטאָ קיין פּלאַץ אויף דער וועלט. דײַן מאַכט און דײַן אויטאָריטעט האָסט דו אונדז איבערגעגעבן. מיר רעדן אין דײַן נאָמען, מיר טוען אַלץ פֿון דײַן כּבֿוד וועגן. און אין דײַן נאָמען וועלן מיר אויך דיך פֿאַרמשפּטן. דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן. באַוויז זיך ניט מער אויף דער ערד.

פֿרײַהייט איז אַ שווערער יאָך און אַ גרויסע פֿאַראַנטוואָרטונג, און מענטשן זײַנען אָפֿט ווי קינדער: אומפֿאַראַנטוואָרטלעך ווי קינדער און גרויזאַם ווי קינדער. זײַנען זיי צופֿרידן, אַז עס געפֿינט זיך „אַ טאַטע", וואָס נעמט די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטונג און די זאָרג אויף זיך. און טאָמער גייט ניט אַלץ כּשורה, איז פֿאַראַן אַן אויסגעפּרוווט מיטל. מען געפֿינט אויס די שולדיקע, מען פֿירט דורך אַ פֿייערלעכן משפּט און מען פֿאַרברענט די אַפּיקורסים. אַזוי איז עס געווען אין דער צייט פֿון דער אינקוויזיציע, אַזוי איז עס הײַנט אין די לענדער פֿון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור.

אויך אונדזערע עלטערן, לערנט אונדז די טראַדיציע, האָבן אויף זיך ניט געוואָלט נעמען דעם יאָך פֿון פֿרײַהייט. אין חומש ווערט דערציילט, ווי די ייִדן האָבן כּסדר געהאַט טענות צו משהן, פֿאַר וואָס ער האָט זיי באַפֿרײַט פֿון מצרים. פֿון צײַט צו צײַט האָבן זיי זיך אַפֿילו אויפֿגעבונטעוועט און זיי האָבן געוואָלט גיין צוריק צו דעם לאַנד פֿון די פּרעהס. עס האָט זיך זיי ווידער פֿאַר־בענקט נאָך די פֿיש און די טעפּ מיט פֿלייש, וואָס זיי האָבן געהאַט אין דעם לאַנד פֿון זייער קנעכטשאַפֿט.

דער פֿונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן פֿרײַהייט און קנעכטשאַפֿט באַ־

שטייט דעריין, וואָס דער פרייער מענטש נעמט אויף זיך פרייוויליק אַ ריי מאָראַלישע פליכטן און אַ שטרענגע מאָראַלישע דיסציפּלין. ער ווייסט זיינע גרענעצן, ער ווייסט וואָס ער מעג און וואָס ער טאָר ניט; ער ווייסט, אַז ער האָט געוויסע פליכטן. גאָר אַנדערש דער קנעכט, דער מענטש וואָס איז גייסטיק און מאָראַליש אַ קנעכט. ער איז גרייט צו טאָן זיינע פליכטן נאָר אין איין פאַל, ווען ער ווערט דערצו געצוווּנגען, ווען ער האָט מורא פאַר אַ שטראָף. באַפרייט איר אים פון דער מורא, דאַן פאַלט ער אַריין אין אַ צושטאַנד פון הפקרות, דאַן וויל ער ניט וויסן פון קיין שום דיסציפּלין, פון קיין שום פליכטן.

ניטאָ קיין גרעסערע געפאַר אין לעבן פון אַ פאָלק, ווי דער פּלוצלינגער איבערגאַנג פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט. די נעכטיקע קנעכט ווערן אָפט די ברוטאַלסטע אונטערדריקער. פרייהייט מיינט פאַר זיי גאָרניט זעלטן — די פרייהייט צו ראַבעווען, צו צעשטערן, צו פאַרגוואַלטיקן. די פרייהייט צו נעמען נקמה, די פרייהייט צו טרעטן מיט די פיס אַלץ, וואָס איז אַמאָל געווען הייליק. אַזאַ פרייהייט פירט צו אַנאַרכיע, צו מאָראַלישער הפקרות, און מיט דער צייט — צו אַ באַנייטער קנעכטשאַפט.

דאָס איז דער טיפער זין פון דער פסח־טראַדיציע. עס איז דאָך באמת מערקווערדיק, וואָס דער יום־טוב פון פרייהייט האָט אויף דעם יידישן מענטשן אַרויפגעלייגט אַזאַ שווערן יאָך פון געבאָטן און פאַרבאָטן. צו די געוויינטלעכע דינים פון כשרות, וועלכע רעגולירן דאָס לעבן פון דער יידישער פאַמיליע במשך פון דעם גאַנצן יאָר, קומט נאָך צו דער שטרענגער איסור פון חמץ. אַפילו דער מינדסטער שפּור פון חמץ טאָר זיך ניט געפינען אין אַ יידיש הויז. מוז מען אַלץ כשרן, אַלץ בודקן, אויסראַמען דעם חמץ פון די יידישע הייזער.

און דאָס אַלץ דאַרף מען מאַכן אַליין, פרייוויליק: אָן פּאָליציי, אָן דיקטאַטור און אָן פּראָצעסן. דאָס באַפרייטע פאָלק האָט מיט דער צייט פאַרשטאַנען די גרויסע באַדייטונג פון זעלבסט־דיסציפּלין און מאָראַלישער אחריות. אונדזערע עלטערן האָבן פון זיך אָפּגעוואָרפן דעם יאָך פון קנעכטשאַפט און זיי האָבן אויף זיך גענומען דעם יאָך פון אַן אידעע, דעם יאָך פון פרייהייט. זיי זיינען געוואָרן די קנעכט פון דעם גאָט פון ישראל.

ווי די אַלטע יידישע טראַדיציע לערנט אונדז, זיינען מיר געוואָרן אַ פריי פאָלק ניט אין דעם טאָג, ווען אונדזערע עלטערן זיינען אַרויס פון מצרים, נאָר אין דעם טאָג ווען זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים באַרג סיני און האָבן אויף זיך גענומען אָפּצוהיטן די תורה. ווען די יידן האָבן געענטפערט „נעשה ונשמע", מיר וועלן אָפּהיטן און פאָלגן די געבאָטן פון גאָטס תורה, איז פון זיי אַוועקגענומען געוואָרן די גייסטיקע קנעכטשאַפט, וועלכע זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך פון מצרים. ביים באַרג סיני האָבן אונדזערע עלטערן אויף זיך גענומען אַ נייעם יאָך, דעם יאָך פון דער תורה, דעם הייליקן יאָך פון מלכות שמים. ערשט דאַן זיינען מיר געוואָרן אַ פריי פאָלק.

פריי, באמת פריי, איז נאָר דער מענטש, וואָס קען קאָנטראָלירן זיך אַליין, זיין אייגענעם יצר־הרע; פריי איז דער מענטש, וועלכער פילט זיך פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. ניט פאַר די ברוטאַלע חיהשע אינסטינקטן אין דעם מענטשן פאַרלאַנגען מיר פרייהייט, נאָר פאַרן מענטשלעכן געוויסן אין אונדז. דאָ סאיז דער זין פון פּסח, דעם יום־טוב פון מענטשלעכער פרייהייט און מענטש־לעכע פליכטן.

## סדר און אחריות — דער יסוד פון פרייהייט

פּסח איז אין דער אַלטער היים געווען ניט קיין גרינגער יום־טוב. עס האָט געקאָסט אַ סך אַרבעט און זאָרג ביז מען האָט דעם יום־טוב אַריינגעבראַכט אין שטוב אַריין. אַ קלייניקייט: דער פייערטאָג פון יציאת מצרים, פון דער באַ־פרייונג פון אונדזער פאָלק! שוין אַ חודש פאַר פּסח — זאָגט אונדז דער תלמוד — דאַרף ;מען אָנהייבן צו לערנען די דינים פון פּסח (שואלין ודורשין בהלכות הפסח קודם לפסח שלושים יום). יאָר־איין, יאָר־אויס האָט מען גע־פייערט פּסח און פון דעסטוועגן האָט מען תמיד ווידער געלערנט די דינים פון פּסח. און עס פרעגט זיך: האָט מען דעם יום־טוב פון פרייהייט ניט געקאָנט מאַכן אַ ביסל פּשוטער, אַ ביסל גרינגער, מיט ווייניקער דינים? איז טאַקע ניט מעגלעך קיין פרייהייט אָן דינים, אָן אַ שטרענגער דיסציפּלין, אָן אַ שולחן־ערוך?

פּסח איז דער סימבאָל פון דער יידישער אידעע וועגן פרייהייט. עס איז פרייהייט מיט אַ „סדר", פרייהייט מיט געזעצן. דער סדר, די קלאָרע און באַ־שטימטע אָרדענונג, ווי דער פּסח ווערט געפייערט, איז אפשר דער וויכטיקסטער מאָטיוו אין דעם גרויסן יום־טוב פון פרייהייט און באַפרייונג. און דווקא דער סדר האָט דעם יום־טוב פון פרייהייט צוגעגעבן אַזוי פיל וואַרעמקייט און שיינקייט.

פּסח איז אַ סך מער ווי בלויז אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב, עס איז דער יום־טוב פון אַ גרויסער אידעע, דער ערשטער יום־טוב פון פרייהייט און באַפרייונג, וואָס די וועלט־געשיכטע ווייס. אין אָנהייב איז געווען די באַפרייונג און דאַן האָט דאָס פאָלק באַקומען די תורה. ניטאָ קיין תורה אָן פרייהייט און עס איז ניט מעגלעך קיין פרייהייט אָן אַ תורה, אָן מאָראַלישע פליכטן. און דער גרעסטער פירער פון פאָלק, משה רבינו, איז אין דער זעלבער צייט זיין באַפרייער און געזעץ־געבער.

באַפרייונג איז ניט קיין איינמאָליקע געשעעניש. יעדער מענטש און יעדער דור מוז כסדר קעמפן פאַר זיין פרייהייט. דערפאַר האָבן אַזוי פיל פעלקער

ווידער פאַרלוירן זייער פרייהייט, ווייל זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען ווי אָפּצו־היטן דאָס הייליקסטע און טייערסטע, וואָס אַ מענטש און אַ פאָלק קאָנען באַזיצן.

די יידישע אידעע איז, אַז ערשט ווען די קינדער פון ישראל האָבן אָנגע־נומען די תורה ביים באַרג סיני, זיינען זיי באמת געוואָרן פרייע מענטשן. די באַפרייונג פון מצרים איז געווען בלויז דער אָנהייב. אַ פריי פאָלק, גייסטיק און מאָראַליש פריי, זיינען זיי ערשט געוואָרן נאָך דעם ווי זיי זיינען געוואָרן גאָטס פאָלק. ביים באַרג סיני זיינען די יידן געוואָרן די דינער און קנעכט פון גאָט, קאָנען זיי ניט מער זיין ,,קנעכט ביי מענטשן, ,,וואָרים צו מיר זיינען די קינדער פון ישראל קנעכט, מיינע קנעכט זיינען זיי, ווייל איך האָב זיי אַרויס־געצויגן פון מצרים" (**כי לי בני ישראל עבדים עבדי הם אשר הוצאתי אותם מארץ מצרים**).

און אָט דער גלויבן האָט אונדז איין לויף פון דער גאַנצער געשיכטע פון אונדזער פאָלק אויפגעהאַלטן ווי פרייע מענטשן. דער גורל איז ניט אַלע מאָל געווען פריינדלעך צו אונדז. במשך פון יאָרהונדערטער האָבן מיר געפירט אַ גלות־לעבן, האָבן מיר געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד. מיר זיינען אָבער תמיד געבליבן פרייע מענטשן און קיין קנעכט זיינען מיר מער קיין מאָל ניט גע־וואָרן. מיר האָבן בלויז אָנערקענט איין איינציקן האַר איבער אונדז — דעם באַשעפער פון דער וועלט. און אומעטום וווּ פעלקער האָבן געקעמפט פאַר זייער פרייהייט, זיינען מיר געווען מיט זיי.

אין דער אַלטער היים האָט מען זיך געפירט, אַז שוין צו אַכט־ביין יאָר, אַ מאָל אַפילו נאָך פריִער, פלעגט מען אָנהייבן מיט קינדער לערנען גמרא. געוויינטלעך פלעגט מען אָנהייבן פון בבא קמא אָדער בבא מציעא, ווו עס ווערן באַהאַנדלט די פאַרשיידענע דינים וועגן געלט־זאַכן און סכסוכים וועגן שאָדנס. אויך די עלטערע בחורים אין די ישיבות פלעגן זיך אַ סך פאַרנעמען מיט די זעלבע ענינים און בכלל מיט אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דעם סדר נזיקין, די געזעצן וועגן שאָדנס און די באַשטימונגען ווי דער שאָדן, וואָס איין מענטש טוט דעם אַנדערן אָן, זאָל ווידער גוט געמאַכט ווערן.

פלעגן מיר זיך אָפּט וווּנדערן: ווי קאָן מען מיט יונגע קינדער אָנהייבן צו לערנען אַזעלכע שווערע ענינים? וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט עס בכלל צו לערנען מיט קינדער גמרא? און איך בין זיך מודה, אַז איך אַליין האָב עס אַ לאַנגע צייט ניט פאַרשטאַנען. ווי קאָן מען אָנהייבן מיט אַ קינד צו לערנען אַזאַ פרק, ווי שור שנגח את הפרה — אַן אָקס האָט געשטויסן די קו? וואָס ווייסט אַ קינד, וואָס קאָן אַ קינד פאַרשטיין פון אַזעלכע פּראָבלעמען, און וואָס קאָן אַ קינד פאַרשטיין, ווען מען לערנט מיט אים דעם פרק ארבעה אבות נזיקין — עס זיינען פאַראַן פיר גרונד־פּרינציפּן וועגן די דינים פון שאָדנס?

עס איז, דוכט מיר, געקומען די צייט מיר זאָלן אַ ביסל רעווידירן אונדזער

מיינונג אויך וועגן אַט דער אַלטער יידישער דערציִונג. אונדזערע עלטערן זיינען גאַר ניט געווען אַזוי באַזוו און אין ענינים פון דערציִונג האָבן זיי גע־האַט אַ גאַנץ היפּשע דערפאַרונג. די פּראָבלעם פון נזיקין, שאַדנס, וואָס איין מענטש קאָן ברענגען דעם צווייטן, איז ניט בלויז אַ פראַגע פאַר אַדוואָקאַטן און רבנים. יעדער מענטש דאַרף וויסן וועגן זיינע פליכטן לגבי זיינע מיט־מענטשן. צוליב דעם טאַקע ווערט שוין אין תלמוד אַרויסגעבראַכט דער כלל: ווער עס וויל זיין אַ פרומער און ערלעכער מענטש, זאָל אָפּהיטן די דינים פון נזיקין (האי מאן דבעי למהוי חסידא לקיים מילי דנזיקין). אַ מענטש דאַרף זיין אָפּגעהיט, ווען עס צעברעכט זיך ביי אים אַ כלי אין גאַס — ער דאַרף אויפ־רוימען די שערבלעך, כדי קיינער זאָל ניט געשעדיקט ווערן. דאָס זעלבע דאַרף ער זיין אָפּגעהיט ווען ער גיסט אַרויס וואַסער אויף דרויסן — מענטשן קאָנען גליין און פאַלן. דווקא אַ פריי פאָלק דאַרף מיט קינדער לערנען אַט די אַלע דינים, די דינים ווי זיך אָפּצוהיטן פון ברענגען שאַדן דעם חבר.

און טאַקע אין די לעצטע יאָרן האָט מען אין אַ ריי שולן דאָ אין אַמעריקע אָנגעהויבן צו לערנען מיט די קינדער די דינים פון נזיקין: ווי מען דאַרף זיין אָפּגעהיט ווען מען גייט אין גאַס, ווען מען פאָרט מיט אַן אויטאָ, ווען מען שפּילט זיך מיט פאַרשיידענע אינסטרומענטן. קינדער מוזן וויסן ווי זיך צו באַגיין אין אַזעלכע פאַלן, ווי אָפּצוהיטן זיך און אָפּצוהיטן אַנדערע.

פאַרשטייען מיר היינט בעסער וואָס פאַר אַן אינטערעס עס האָט געהאַט פאַר די יונגע תלמידים צו לערנען אַזאַ פּרק ווי המניח את הכד ברשות הרבים, אויב איינער לאָזט ליגן אַ קרוג אויפן גאַס און עמעצער האָט זיך דערויף אָנ־געשטויסן — ווער איז דער שולדיקער? און אפשר נאָך וויכטיקער איז געווען, וואָס די יונגע קינדער אין חדר זיינען שוין דערציִגן געוואָרן צו וויסן פון דעם כלל, אַז אָדם מועד לעולם, אַ מענטש איז שטענדיק פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס ער טוט, און פאַרן שאַדן וואָס ער איז גורם צו זיין חבר. דאָס איז דער יסוד פון פרייהייט — מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

קוקן מיר דעריבער היינט אין גאַנצן אַנדערש אויף די אַלע שטרענגע דינים און מנהגים, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אַרום דעם יום־טוב פון באַפרייונג. תורה איז אַ גרויסע אידעע און געזעצן, פעסטע באַשטימונגען און רעגולירונגען זיינען גאַר אַ וויכטיקער טייל פון אונדזער מענטשלעכער קולטור. אַ גרויסער רעליגיעזער דענקער פון אונדזער תקופה, הרב קוק ז״ל, האָט עס אויף אַ ווונדערלעכן אופן פאָרמולירט: כשם שיש חוקים בשירה — האָט ער זיך אויס־געדריקט — כך יש שירה בחוקים — פונקט ווי עס זיינען פאַראַן געזעצן אין דער פּאָעזיע, אַזוי איז אויך פאַראַן פּאָעזיע אין די געזעצן. עס איז פאַראַן אַ סך מער שיינקייט אין אַ לעבן מיט אַ סדר ווי אין אַ סדרלאָזן, כלומרשט פרייען, לעבן. און פונקט ווי עס איז פאַראַן אַ סטיל אין שרייבן, אַזוי איז אויך פאַראַן אַ סטיל אין לעבן. דערפון נעמט זיך די אויסערגעוויינטלעכע שיינקייט פון דעם

יום־טוב פסח, ווייל עס איז אַ יום־טוב מיט אַ סדר, אַ יום־טוב פון אַ פאָלק, וואָס האָט זיך באַפרייט פון צו זיין קנעכט ביי מענטשן, כדי צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאָטס מלכות.

## די מלחמה מיטן חמץ

אַ פאָלק ווערט ניט אויסגעלייזט מיט איין מאָל. דאָס דאַרף מען באַזונדערס געדענקען אין דעם יום־טוב פון פרייהייט. די פולע אויסלייזונג וועט ערשט קומען, אַזוי גלייבט די יידישע טראַדיציע, „צום סוף פון די טעג", אין משיחס צייטן. די גאַנצע יידישע געשיכטע און די געשיכטע פון דער וועלט בכלל איז אַ כסדרדיקער קאַמף צווישן גלות און גאולה, צווישן קנעכטשאַפט און פריי־הייט. אַלץ וואָס האָט פאַסירט מיט אונדזער פאָלק זינט דער צייט פון יציאת מצרים זיינען בלויז עפּיזאָדן, איינצלנע עטאַפּן אויפן לאַנגן וועג, וואָס פירט צו דער גאולה שלמה, צו דער פולער און ענטגילטיקער אויסלייזונג. דער יום־טוב פסח איז דערפאַר ניט בלויז אַ יום־טוב פון דערמאָנונג אָן די ניסים פון אַמאָל, נאָר אפשר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אַ יום־טוב פון דערמונטערונג און צוגרייטונג צו דער אויסלייזונג, וואָס דאַרף קומען .יעדער דור לעבט איבער זיין קאַמף פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, זיין יציאת מצרים. יעדער דור איז אַ שותף אין דעם גרויסן קאַמף פאַר באַפרייונג און דער יום־טוב פסח איז ניט נאָר אַ סימבאָל, נאָר אַליין אַ וויכטיקע פּאָזיציע אויף אונדזער היסטאָרישן וועג צו דער גאולה שלמה.

פסח באַפרייט זיך דער יידישער מענטש פון גלות, פסח האָט דער ייד באַוויזן, אַז טיף אין האַרצן איז ער תמיד געבליבן אַ פרייער מענטש, אַז די צרות און נויטן פון גלות, פון דורות און דורות וואַנדערונגען, האָבן אים מאָ־ראַליש ניט דערדריקט, נאָר, פאַרקערט, דערהויבן און געלייטערט. ווי קאָן מען דען אַנדערש פאַרשטיין דעם וווּנדער וואָס אַ פאָלק האָט במשך פון מער ווי הונדערט דורות ניט פאַרגעסן דעם נס פון יציאת מצרים?

די אידעע פון אויסלייזונג האָט אָבער אין דער יידישער טראַדיציע פון תמיד אָן געהאַט אַ ברייטערע באַדייטונג. געמיינט איז ניט נאָר די אויסלייזונג פון ריין־פיזישער קנעכטשאַפט, נאָר אויך מאָראַלישע באַפרייונג. דער מענטש איז ניט זעלטן אין גלות ביי זיך אַליין, ביי זיין אייגענעם יצר־הרע. אין תוך איז אונדזער גאַנצע וועלט אין גלות און אַפילו די שכינה, כביכול, איז אין גלות. איז דערפאַר טאַקע נייטיק כסדר, יעדעס יאָר, צו באַנייען דעם נס פון באַפרייונג. דאָס איז דער זין פון פסח.

יידן ווינטשן זיך געוויינטלעך אַ גוטן, אַ פריילעכן און כשרן יום־טוב. אַ

סך מער ווי אַלע אַנדערע יום־טובים שטייט פּסח אונטערן צייכן פון כשרות. די לעצטע טעג פאַר פּסח איז מען באַזונדערס פאַרנומען מיט רייניקן און „כשרן". מען טרייסלט פון זיך אָפּ דעם שטויב פון אַ גאַנץ יאָר. מען רייניקט אויס די דירות, מען כשרט די כלים און דער עיקר איז מען פאַרנומען מיטן באַזייטיקן דעם חמץ. פּסח איז דער מנהג צו עסן מצות צום אָנדענק פון דעם „אָרעמען ברויט", וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געגעסן ווען זיי זייבען אַרויס פון מצרים. אָבער פון וואַנען נעמט זיך ביי יידן די שרעק פאַרן חמץ? פאַר וואָס ציטערט דער ייד טאָמער פאַרוואַלגערט זיך ביי אים אַ „ברעקל ברויט"? צו וואָס דער גאַנצער פייערלעכער ריטואַל פון „אויסראַמען" דעם חמץ?

אין דער יידישער ליטעראַטור געפינט איר אָפּט באַשרייבונגען פון די מערקווערדיק־פייערלעכע צערעמאָניעס פון „זוכן" דעם חמץ, „פאַרברענען" דעם חמץ און „פאַרקויפן" דעם חמץ. נאָך דעם ווי מען האָט די לעצטע טעג פאַר יום־טוב שוין אַלץ אויסגערייניקט און אַלץ אויסגעראַמט, קומט דער בעל־הבית דעם אָוונט פאַר פּסח אין דער היים און נעמט זיך מקיים זיין די מצווה פון „בדיקת חמץ", זוכן דעם חמץ. אין אַ סך יידישע שטעטלעך פלעגט דער שמש צוגרייטן ספּעציעל פאַר דעם צוועק ליכטלעך, וועלכע ער פלעגט פאַרקויפן די בעלי־בתים. דער פאָטער פון דער פאַמיליע, וואָס גרייט זיך שוין מאָרגן צו זעצן זיך אויף זיין קעניגלעכן שטול און פראַווען דעם סדר, ווייסט זייער וויל, אַז דעם חמץ האָט מען שוין אויסגעראַמט, אָבער די מצווה פון בדיקת חמץ מוז מען פון דעסטוועגן אָפּהיטן. גרייט מען צו אין באַשטימטע פלעצער שטיקעלעך ברויט, כדי מען זאָל עפּעס פון דעם חמץ געפינען, די ברכה „על ביעור חמץ" זאָל ניט זיין לבטלה.

איז פאַראַן אַ טיפערער זין אין אָט־דער צערעמאָניע פון בודק חמץ זיין? צו וואָס דער שפּיל מיט פאַרבאַהאַלטן ברעקלעך ברויט און שפּעטער אויסגעפינען זיי? אגב, איז מיט דעם די „מלחמה מיטן חמץ" נאָך ניט פאַרענדיקט. אויף מאָרגן אין דער פרי, נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעגעסן דעם לעצטן חמצדיקן מאָלצייט, נעמט מען זיך פאַר דער מצווה פון פאַרברענען דעם חמץ מיט גרויס פייערלעכקייט אויפן שול־הויף. בעלי־בתים און חברה יונגוואַרג פלעגן זיך צונויפקלייבן פון גאַנצן שטעטל. און פרומע יידן פלעגן דערביי טראַכטן וועגן פאַרברענען נאָך אַ חמץ, דעם חמץ פון הארצן, די תאווה, די טומאה, דעם יצר־הרע.

חמץ איז אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור געוואָרן דער סימבאָל פאַרן יצר־הרע. אין אַ באַקאַנטן מאמר אין ברכות ווערט געזאָגט: „האַר פון דער וועלט! דיר איז וויל באַוווסט, אַז אונדזער ווילן איז צו טאָן דיין ווילן און ווער דען שטערט אונדז אין דעם? דער זויער אין דעם טייג און דער יאָך פון די פרעמדע מלוכות!" (רבון העולמים גלוי וידוע לפניך שרצוננו לעשות רצונך ומי מעכב שאור שבעיסה ושעבוד מלכויות).

דאָס איז דער סוד, אַזוי לערנען אונדז די מקובלים, פון „פאַרברענען" דעם חמץ. אין דעם יום־טוב פון פרייהייט דאַרפן יידן אַריינגיין, ניט נאָר מיט נייע בגדים און געכשרטע כלים, נאָר אויך מיט גערייניקטע און געלייטערטע הער־צער, מוזן זיי זיך דערפאַר באַפרייען פון דעם גייסטיקן חמץ. איז עס ניט מער ווי סתם דרוש? ניין! דערין שטעקט אַ טיפער אמת. די היינטיקע וויסנ־שאַפט האָט זיך אויסגעלערנט צו באַציִען זיך מיט מער פאַרשטענדעניש און מיט מער רעספּעקט צו טראַדיציעס. אונדזערע עלטערן זיינען ווייט ניט געווען אַזעלכע בטלנים ווי אַ סך פון אונדזערע „אויפגעקלערטע" ווילן האָבן. דער היינ־טיקער געלערנטער ווייסט, אַז אין אָט־די אַלע אַלטע צערעמאָניעס און טראַדי־ציעס זיינען פאַרבאַהאַלטן גרויסע און טיפע אמתן, און זיין אויפגאַבע איז זיי צו דערגיין און זיי צו פאַרשטיין.

די מלחמה מיטן חמץ, מיטן סימבאָל פון זינד און טומאה, איז בלויז איין טייל פון דער פּסחדיקער גאולה־דראַמע. עס איז דער ענטפער אויף דער ערש־טער קשיא פון „מה נשתנה": פאַר וואָס מעג מען אַ גאַנץ יאָר עסן סיי חמץ און סיי מצה, אָבער די נאַכט פון סדר, בלויז מצה. אַ פריינט פון ארץ־ישראל, אַ הייסער ייד, אָבער אין דער זעלבער צייט אַ פאַרברענטער קעגנער פון דער „קלעריקאַלער טראַדיציע", האָט דעם שרייבער פון די שורות אַ מאָל געפּרוּווט באַווייזן, אַז מען קאָן אויסגעצייכנט פּראַוּוען אַ יידישן סדר מיט חמץ און מצה צוזאַמען. וואָס שרעקן זיך יידן אַזוי פאַר חמץ? האָט ער צו מיר געטענהט. מיין ליבער פריינד! יידן זיינען אָן אַלט פאָלק. אפשר זיינען מיר דאָס פאָלק מיט דער גרעסטער דערפאַרונג אין דער געשיכטע. ווער דען נאָך אויף דער וועלט האָט אַזוי פיל איבערגעלעבט? ווייסן מיר דערפאַר אויך ווי נייטיק עס איז פון צייט צו צייט אויסצוראַמען און צו „פאַרברענען" דעם חמץ. און נייטיק איז עס סיי אין גלות, סיי אין ארץ־ישראל!

ניט וויניקער וויכטיק ווי די מצווה פון „ביעור חמץ" איז די מצווה פון צוגרייטן די מצות, פון מאַכן פּסח. דער היינטיקער יונגער דור ווייסט ליידער שוין זייער ווייניק וואָס עס האָט באַדייט פאַרן יידישן מענטשן אין דער אַלטער היים זיך צוגרייטן צום יום־טוב, אַריינברענגען דעם פּסח אין דער היים. אַלץ קריגט מען היינט פאַרטיק צוגעגרייט.

איז עס טאַקע וויכטיק מיר זאָלן זיך פון צייט צו צייט דערמאָנען ווי אונ־דזערע עלטערן האָבן זיך געגרייט צום פּסח, צום יום־טוב פון גאולה. געווען אַן אָנגענומענער מנהג צו עסן די ערשטע נאַכט פון סדר שמורה־מצה. די דאָזיקע שמורה־מצה, וועלכע הייסט אויך „מצת מצוה", פלעגט אָפּגעהיט ווערן מיט דער גרעסטער זאָרגעוודיקייט פון דעם מאָמענט פון שניט. פרומע יידן פלעגן נאָך זומער־צייט אָפּדינגען אַ שטיקל פעלד ביים פּויער, זיי פלעגן אַליין שניידן די תבואה, אַליין דרעשן און אַליין מאָלן. שפּעטער האָט מען די מצת מצוה געבאַקן אויף גאָר אַ באַזונדערן אופן. ערב פּסח נאָך צוועלף אַ זייגער, אין דער

צייט ווען מען פלעגט אַמאָל בעת דער בית־המקדש איז געווען, מקריב זיין דעם קרבן פסח, פלעגן פרומע יידן זיך צונויפקלייבן און אַליין באַקן די מצות. דערביי פלעגט מען זאָגן הלל מיט שמחה און התלהבות. אַזוי האָבן יידן אַמאָל זיך געגרייט צום פסח: „ווער עס האָט ניט געזען זייער שמחה ביים שניידן, טריקענען און מאָלן די תבואה און דערנאָך דאָס באַקן, יענער האָט נישט געזען קיין שמחה אין זיין לעבן" (יחזקאל קאָטיק).

דער יום־טוב פון פרייהייט איז אַ יום־טוב פון גאַנצן פאָלק, פון אַלע יידן. אויך דעם אָרעמסטן יידן מוז געגעבן ווערן די מעגלעכקייט אָפּצוהיטן דעם יום־טוב פסח און צו פּראַווען דעם סדר. הייבט טאַקע אָן דער שולחן־ערוך די דינים פון פסח מיט דער מצווה פון מעות חטים. אַ חודש פאַר פסח, ווערט געזאָגט אין דין, מוז מען שוין אָנהייבן צו זאָרגן, אַז אַלע יידן זאָלן האָבן אויף פסח. אין אַ סך קהילות איז געווען דער מנהג, אַז מ'האָט ניט דערלויבט דעם בעקער אַרויסצוגעבן די מצות כל זמן דער קונה האָט ניט געבראַכט קיין וואָלט געבן קיין מעות חטים, האָט ער ניט געקראָגן קיין מצות. דער אמת איז, אַז גאָר זעלטן האָט מען געדאַרפט אָנקומען צו אַזעלכע שטרענגע מיטלען. האָט אַ ייד ניט געהאָט קיין אייגענע פאַמיליע, איז ער צופעליק געווען פסח אין דער פרעמד, האָט מען אים אויף אַ בכבודיקן אופן אויפגענומען ווי אַן אורח צום סדר. אַן אַלטע פאָלקס־לעגענדע דערציילט ווי מען האָט אַמאָל אין ירושלים פאַרגעסן צו באַזאָרגן אַן אָרעמען יידן מיט די נייטיקע מיטלען אויף מאַכן פסח. האָט דער בית דין של מעלה דעמאָלט שיער ניט אַרויסגע־טראָגן די גזירה פון חורבן אויף דער גאַנצער קהילה. צום גליק האָט אליהו הנביא באַצייטנס געבראַכט הילף דעם אָרעמאַן אויף פסח און האָט מיט דעם געראַטעוועט די גאַנצע קהילה פון חורבן. עס קאָן ניט זיין קיין גאולה — לערנט אונדז די יידישע טראַדיציע — אויב עס געפינט זיך נאָר איין איינציקער ייד, וואָס האָט ניט די מעגלעכקייט צו פייערן צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק דעם יום־טוב פון גאולה.

## די הגדה פון גלות און גאולה

דער עלטסטער יידישער יום־טוב איז אויך תמיד געווען און געבליבן דער פאָלקסטימלעכסטער יום־טוב ביי יידן. דאָס פאָלק, וואָס האָט אין משך פון זיין גאַנצער געשיכטע אַזוי פיל געקעמפט פאַר זיין פרייהייט, האָט אויך באַ־זונדערס פאַרהערלעכט און פאַרהייליקט דעם יום־טוב פון פרייהייט. פסח איז דערפאַר געוואָרן דער סימבאָל פון יידישער געשיכטע און פון יידיש לעבן,

פון יידישן גלויבן און יידישע האָפענונגען. פון גלות צו גאולה, פון קנעכט־שאַפט צו פרייהייט, פון אונטערדריקונג צו אויסלייזונג — דאָס איז דער יידישער וועג זינט מיר זיינען געוואָרן אַ פאָלק.

דער גרויסער יידישער דענקער פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, וואָס האָט געלעבט צום סוף פון דער צייט פון בית שני, האָט ריכטיק באַמערקט, אַז אין די טעג פון דעם פרייהייטס־יום־טוב ווערן אַלע יידן דערהויבן צו דער מדרגה פון כהנים, און יעדע יידישע היים ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בית־המקדש. נאָך ביז צום היינטיקן טאָג האָט דער סדר ניט פאַרלוירן די כאַראַקטעריסטישע סימנים פון הייליקייט און דערהויבנקייט, וואָס האָבן אַזוי אויסגעצייכנט די פסח־פייערונג אין ירושלים אין דער צייט פון בית שני.

דער פסחדיקער מאָלצייט, דער סדר — באַמערקט ווייטער פילאָן — צייכנט זיך אויס מיט דעם, וואָס די גוטע מאכלים פאַרנעמען דאָ ניט דעם צענטראַלן פּלאַץ. דער עיקר איז דאָ די הייליקע עבודה, די תפילות און לויב־געזאַנגען, די הגדה און די צערעמאָניעס, וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדן. דורך דעם ווערט אויך דאָס עסן געהייליקט און געלייטערט. דער סדר־טיש איז געגליכן צו אַ מזבח, און דער פאָטער פון דער פאַמיליע, וואָס זיצט אַזוי מלכותדיק אָנגעלענט אויפן קישן, פירט אויס די פונקציעס פון אַ כהן גדול.

פסח איז דער יום־טוב פון דער יידישער געשיכטע און פון דער יידישער פאַמיליע. די פייערלעכקייט פון סדר הייבט זיך אָן מיט די פראַגעס פון דעם יינגסטן פון דער פאַמיליע: מה נשתנה הלילה הזה — פאַר וואָס איז די נאַכט אַנדערש ווי די אַנדערע אָוונטן פון אַ גאַנץ יאָר. דאָס קינד פרעגט, און דער פאָטער ענטפערט: עבדים היינו — קנעכט זיינען מיר געווען צו פרעהן אין מצרים און פון דער קנעכטשאַפט זיינען מיר אויסגעלייזט געוואָרן. „און אַפילו ווען מיר וואָלטן געווען אַלע חכמים, אַלע געלערנטע, ווען מיר אַלע וואָלטן געוווּסט די תורה, איז עס דאָך אַ מצווה צו דערציילן די געשיכטע פון יציאת מצרים; און וואָס מער איינער דערציילט אַלץ בעסער". וואָרים וויסן אַליין איז ווייניק. יעדער ייד מוז ביי יעדן סדר פון דאָס ניי איבערלעבן די געשיכטע פון דער באַפרייונג פון זיין פאָלק, ווייל יעדער דור און דור מוז זיך באַטראַכטן ווי ער וואָלט אַליין אַרויסגעגאַנגען פון מצרים: „ניט נאָר אונדזערע עלטערן האָט גאָט ברוך הוא אויסגעלייזט — נאָר אויך אונדז צוזאַמען מיט זיי האָט ער אויסגעלייזט". זיצט טאַקע ביים סדר אין יעדער יידישער היים דאָס גאַנצע אויסגעלייזטע פאָלק, אַלע דורות פון יידישן פאָלק. און אַזוי ווערן איבערגעגעבן די טראַדיציעס פון פאָלק און זיין געשיכטע פון פאָטער צום זון, פון איין דור צום אַנדערן.

מיט דער געשיכטע פון יציאת מצרים ווערן אויך מאָטיווירט אין חומש אַ גאַנצע ריי סאָציאַלע פאָדערונגען און געזעצן. די באַשטימונגען צום שוץ פון

די קנעכט און די גרים ווערן באַגרינדעט מיט דעם, וואָס אויך די יידן זיינען געווען קנעכט און פרעמדע אין לאַנד מצרים: „דו זאָלסט ניט פאַרבייגן דעם משפט פון אַ פרעמדן, פון אַ יתום; און זאָלסט ניט נעמען אין משכון דעם בגד פון אַן אלמנה; און זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביסט דו געווען אין מצרים, און ה׳ דיין גאָט האָט דיך אויסגעלייזט פון דאָרטן; דעריבער באַפעל איך דיר צו טאָן די דאָזיקע זאַך" (**לא תטה משפט גר יתום ולא תחבל בגד אלמנה; וזכרת כי עבד היית במצרים ויפדך ה׳ אלהיך משם על כן אנכי מצוך לעשות את הדבר הזה**). געשיכטע איז מחייב! און די יידישע טראַדיציע האָט פאַרשטאַנען אויסצונוצן די וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן אין לעבן פון פאָלק פאַר דער מאָראַלישער דערציִונג פון די קומענדיקע דורות.

גראָד די, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן אין דער יידישער טראַדיציע, באַמערקן אָפט ניט דעם אַזוי ערנסטן און גלייכצייטיק טיף־רירנדיקן דראַמאַטישן כאַראַקטער פון די יום־טובים. ניט וויניקער וויכטיק ווי דער יום־טוב גופא איז געווען די צוגרייטונג צום יום־טוב. מען ווונדערט זיך אָפט, פון וואַנען נעמט זיך ביי אונדז יידן אַזאַ גרויסער אינטערעס פאַר טעאַטער־קונסט, בעת מיר זיינען במשך פון דורות און דורות געווען אַזוי ווייט פון דעם. דער אמת איז, אַז דער אַלטער יידישער לעבנס־שטייגער איז געווען אַ סך דראַמאַטישער ווי מיר שטעלן זיך עס געוויינטלעך פאָר. יעדער ייד האָט געפילט ווי ער איז אַקטיוו באַטייליקט אין דעם דראַמאַטישן גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע. שטאַרק דראַמאַטיש איז אַפילו דאָס געוויינטלעכע וואָכעדיקע יידישע דאַווענען, ווען אַ מנין יידן קלייבן זיך צונויף, אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, כדי מתפלל צו זיין פאַרן האַר פון דער וועלט. נאָך דראַמאַטישער זיינען די שבת־ און יום־טובדיקע, באַזונדערס אָבער די ימים־נוראימדיקע תפילות. פון אַן אַנדער כאַראַקטער, מער דעקאָראַטיוו, אָבער פונקט אַזוי ערנסט, איז די צוגרייטונג צום פסח און דער פסחדיקער סדר. דער ליכטיקער יום־טוב פסח איז ניט נאָר אַ יום־טוב פון דער געשיכטע, נאָר אַ יום־טוב פון לעבן. מיט דער אויסלייזונג פון מצרים האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע דראַמע פון דער גאולה, וואָס דאַרף זיך פאַרענדיקן מיט דער ענדגילטיקער אויסלייזונג פון יידישן פאָלק און פון דער גאַנצער וועלט. יעדער סדר איז אַ טריט ווייטער, איז אַ ניי רינגעלע אין דער ווונדערלעכער קייט פון דער גאולה. דער אוניווערסאַלער און משיחישער כאַראַקטער פון די יידישע יום־טובים ווערט אויך כסדר באַטאָנט אין דער אַלטער תלמודישער טראַדיציע. די זיבעציק קרבנות, וואָס מען פלעגט מקריב זיין סוכות — זאָגט די גמרא — זיינען געבראַכט געוואָרן, כדי מכפר צו זיין אויף די זינד פון די זיבעציק אומות, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט. דערויף זאָגט ר׳ יוחנן: „ווי צו די אומות העולם, וואָס האָבן עפּעס פאַרלוירן און פאַרשטייען ניט, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן. וואָרים כל זמן דער בית־המקדש האָט עקזיסטירט האָט דער מזבח מכפר

געוועזן אויף זייערע זינד, און איצטער, ווער וועט מכפר זיין אויף זייערע זינד?" (אוי להם לעכו"ם שאבדו ואין יודעין מה שאבדו. בזמן שבית המקדש קיים מזבח מכפר עליהן ועכשיו מי מכפר עליהן?). דער שוין פריִער דערמאָנ־טער פילאָן פון אַלעקסאַנדריע שרייבט דאָס זעלביקע וועגן דעם עומר, וואָס יידן פלעגן ברענגען פסח ווי אַ דאַנק־מתנה צו גאָט אין אָנהייב פון דער שניט־צייט. דער עומר, באַמערקט פילאָן, איז געווען אַ דאַנק־קרבן צו גאָט ניט נאָר פאַרן פאָלק ישראל, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער וועלט. און דערפאַר איז עס מיר אַ ווונדער — רופט אויס דער יידיש־אַלעקסאַנדרישער דענקער — וואָס מען באַשולדיקט אונדז יידן אין נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט, בעת מיר נוצן אויס אַלע אונדזערע יום־טובים און תפילות און קרבנות צו בעטן ביי גאָט פאַרן שלום פון דער גאַנצער וועלט.

דער יום־טוב פון אויסלייזונג פלעגט אין דער אַלטער צייט געוויינטלעך געפייערט ווערן ביי אָפענע טירן. גאָר אַלט איז אויך דער אַריינפיר־טעקסט צום סדר, וואָס ווערט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג געזאָגט אין דער פאָלקס־שפּראַך פון דער תלמודישער צייט, אין אַראַמעיִש: „דאָס איז דאָס אָרעמע ברויט, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געגעסן אין לאַנד מצרים. יעדערער וואָס איז הונגעריק זאָל קומען און עסן, יעדערער וואָס איז נויטבאַדערפטיק זאָל קומען און זיך זעצן ביים סדר־טיש. היינט זיינען מיר דאָ — איבער אַ יאָר אין לאַנד פון ישראל; היינט זיינען מיר קנעכט, איבער אַ יאָר — פרייע מענטשן". עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז אין דער צייט ווען דער טעקסט פון „הא לחמא עניא" איז געשאַפן געוואָרן, זיינען די ווערטער: „כל דכפין ייתי ויכול" ניט געווען סתם אַ פוסטע פראַזע. אַזוי איז נאָך געווען דער מנהג אין דער צייט פון די גאונים, אַז מען פלעגט פראַוועןן דעם סדר ביי אָפענע טירן און יעדערער, וואָס איז געווען נויטבאַדערפטיק, האָט געקאָנט קומען און זיך זעצן ביים טיש. פאַר־בונדן איז דערמיט געווען די פאַרשטעלונג, אַז אין דער געשטאַלט פון אַ פרעמדן און אומבאַקאַנטן אורח קאָן אפילו אַ מאָל אליהו הנביא זיך באַווייזן צום סדר. זיינען אָבער שפּעטער, אין דער צווייטער העלפט מיטלאַלטער, געקומען שווערע צייטן פאַר יידן. עס הייבט זיך אָן אַ סדרה פון ווילדע בלוט־בלבולים. מען באַשולדיקט יידן, אַז זיי געברויכן קריסטלעך בלוט צו די מצות. און די ליל שמורים, די הייליקע נאַכט פון פרייהייט און אויסלייזונג, ווערט אָפט פאַר יידן פאַרוואַנדלט אין אַ נאַכט פון שרעק. האָט מען געמוזט אָנהייבן פּראַוועןן דעם סדר ביי פאַרשלאָסענע טירן. אין גאַנצן זיך אָפּזאָגן פון דעם אַלטן מנהג אָבער האָבן אונדזערע עלטערן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט. האָבן זיי, פאַרבי־טערטע און פאַרצאַרנטע, מיט די ווערטער פון „שפוך חמתך" אויף די ליפּן, לפּחות אויף אַ מאָמענט, געעפנט די טיר. און אין דעם מאָמענט איז אליהו הנביא, דער שליח פון שלום און אויסלייזונג, אַריינגעקומען אין דער יידישער היים און דער סדר איז פאַרענדיקט געוואָרן אין דער שטימונג פון טיפן גלויבן

און פעסטער האָפענונג, אַז אַפילו ווען משיח טוט זיך פאַרזאַמען, אָבער קומען וועט ער זיכער קומען.

אַזוי דערציילן אונדז דער סדר און די הגדה פון מער ווי דריי טויזנט יאָר יידישע געשיכטע, פון יידיש לעבן און יידישע האָפענונגען. יעדער דור האָט צוגעגעבן עפּעס פון זיך און די פסח־טראַדיציע איז געוואָרן אַלץ רייכער און פילפאַכיקער. די ווונדערלעכע שיינקייט פון סדר באַשטייט גראָד אין דעם אָר־גאַנישן פאַרבינדן זיך מיט דער יידישער געשיכטע און צוזאַמען מיט דעם אויך מיטן כלל ישראל. מען רעדט ביי אונדז היינט אָפט וועגן מאָדערניזירן דעם כדר און וועגן מאַכן אַ נייע הגדה. די הגדה פון פסח האָט מען ניט „גע־מאַכט", זי איז געשריבן געוואָרן פון דער יידישער געשיכטע, און די יידישע געשיכטע שרייבט ווייטער די הגדה פון גלות און גאולה און די לעגענדע פון יידישן קאַמף פאַרן קיום.

## יציאת מצרים
## די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַדייטונג פון יום־טוב פסח

עס איז זייער פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז דער ייד פון אַמאָל האָט כסדר געלעבט אין שרעק פאַר גאָטס צאָרן און אַז דאָס געפיל פון מורא האָט באַ־הערשט די גאַנצע יידישע רעליגיעזע קולטור. באַקענט מען זיך נעענטער מיט דעם יידישן לעבן אין דער ביבלישער צייט, דאַן באַקומט זיך גאָר אַן אַנדער בילד. כאַראַקטעריסטיש פאַרן רעליגיעזן פאָלקס־לעבן זיינען ניט די טעג פון ערנסט און טרויער, נאָר די „גוטע טעג", די יום־טובים, די צייטן פון פרייד און אָפרו. און אַפילו נאָך די שווערע קאַטאַסטראָפעס, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעלעבט, זיינען די יידישע הויפּט־יום־טובים געבליבן „טעג פון שמחה". אין חומש ווערט כסדר באַטאָנט: „דו זאָלסט זיך פרייען אין דיין פייערטאָג, דו און דיין פאַמיליע, דיינע קנעכט און די פרעמדע, וואָס וווינען אין דיין שטאָט".

דער מענטש, באַזונדערס דער פרימיטיווער פויער, האָט ניט אַלע מאָל זיך געפילט ווי דאָס געליבטע קינד פון דער מוטער־נאַטור. דער מענטש איז פאַרשאָלטן געוואָרן: „אין שווייס פון דיין געזיכט זאָלסטו עסן דיין ברויט". אַזוי שטייט געשריבן אין חומש. דערנער און ווילדע פרוכטן וואַקסן פון זיך אַליין. פאַר די חיות פון פעלד גרייט גאָט אָן זייער שפּייז. אָבער פאַרן שטיקל ברויט, וואָס דער מענטש דאַרף האָבן, פאַרלאַנגט די נאַטור שווערע האָרעוואַ־ניע. איז דערפאַר טאַקע ניט קיין ווונדער, וואָס די אַלטע פעלקער האָבן אַזוי פיל געחלומט וועגן דער גליקלעכער צייט, ווען מענטשן האָבן נאָך ניט גע־דאַרפט אַזוי שווער אַרבעטן און האָבן געלעבט פון די ווונדערבאַרע פירות

פון גן־עדן. חלומות אַליין האָבן אָבער דעם מענטשן ניט געקאָנט צופרידנשטעלן. אויך איצט, אין דער פון גאָט־פאַרשאָלטענער וועלט, וויל דער מענטש זיך אַ מאָל באַפרייען פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן און נויטן; וויל ער אַ מאָל, ווייניקסטנס אויף אַ קורצער צייט, ווידער געניסן דעם טעם פון גן־עדן. צו דעם צוועק האָט ער פון יענער גליקלעכער צייט נאָך געראַטעוועט אַ קליינעם רעשט פאַר דער קעגנוואַרט — ער האָט זיך געשאַפן, לויטן אידעאַלן מוסטער פון זיינע חלומות, זיינע יום־טובים.

שפּעטער האָבן יידן איבערגעטראָגן זייערע טרוימען וועגן אַן אידעאַלער צייט אויף דער צוקונפט. עס קומט אויף די פאַרשטעלונג וועגן „אחרית הימים״, דעם „סוף פון די טעג״, די צייט ווען משיח וועט קומען. די מענטשן וועלן דאַן באַפרייט ווערן פון זייערע שווערע זאָרגן און אייביקער שלום וועט הערשן אויף דער וועלט. צוזאַמען מיט דעם האָבן אויך די יום־טובים באַקומען אַ פריי־הייטס־באַדייטונג. שבת און יום־טוב ווערט דער ייד אויסגעלייזט און לעבט אין אַ פרייער, אין אַ העכערער וועלט, וועלכע וועט אָבער געפינען איר פולע פאַרווירקלעכונג ערשט ווען משיח וועט קומען.

באַזונדערס שטאַרק קומען די דאָזיקע אידעען צום אויסדרוק אין דעם יום־טוב פסח, דעם עלטסטן און אויך דעם שענסטן יידישן יום־טוב. די יידישע טראַדיציע ברענגט, ווי באַקאַנט, דעם יום־טוב פסח אין פאַרבינדונג מיט דער געשיכטע פון יציאת מצרים. אין חומש ווערט אויספירלעך באַשריבן ווי שווער די יידן האָבן געלעבט אין מצרים און ווי משה האָט זיי דאַן באַפרייט. די אויסלייזונג איז געשען אין דער נאַכט פון 14טן אויפן 15טן ניסן.

די דאָזיקע היסטאָרישע באַגרינדונג פון דעם פרילינגס־יום־טוב איז גע־שאַפן געוואָרן ערשט שפּעטער, נאָך דעם ווי פסח איז שוין געווען לאַנג איינ־געפירט און אַלגעמיין אָנגענומען. פון די עלטסטע שטעלן אין תנ״ך איז נאָך צו זען, אַז פסח איז פון אָנהייב געווען אַ יום־טוב פון פאַסטוכער־שבטים. דער אויסדרוק פון פרייד און דאַנק צו גאָט, וואָס האָט געבענטשט די פרוכט פון זייער מי. שפּעטער, ווען יידן זיינען געוואָרן אַ פויערים־פאָלק, האָט דער פריי־לינגס־יום־טוב באַקומען אַ נייע באַדייטונג. אין ניסן הייבט זיך אָן אין ארץ־ישראל די צייט פון שניט, און די אויף־גיך געבאַקענע קוכנס (מצות) סימבאָ־ליזירן די פרייד פון דעם פויער מיט דער נייער געררעטעניש. עס איז אָבער ניט קיין צופאַל, וואָס דער פרילינגס־יום־טוב האָט מיט דער צייט געקראָגן אַלץ מער אַ נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן כאַראַקטער.

עס איז געווען ניט נאָר די נאַטירלעכע באַדערפעניש פון לאָזן אויסרוען דעם קערפּער, וואָס האָט דעם מענטשן באַוויגן צו שאַפן זיך יום־טובים. נאָך אַ גרעסערע ראָל האָט דאָ געשפּילט די נייטיקייט זיך גייסטיק אויסצורוען, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די טאָג־טעגלעכע דאגות, פון דער צוגע־בונדנקייט צו דער ערד. אַן דער יום־טובדיקער שטימונג האָבן אויך די יום־טוב־

דיקע מאכלים ניט דעם ריכטיקן טעם, ווייל ניט בלויז דער גוף, נאָר אויך די נשמה פאַרלאַנגט איר חלק אין יום־טוב.

עס איז דערפאַר אין גאַנצן ניט וויכטיק די פראַגע, צי איז טאַקע פאַראַן אַ וואָסער ניט איז היסטאָרישער גרונד פון פאַרבינדן פסח מיט דער געשיכטע פון יציאת מצרים. אונטערן איינפלוס פון די נביאים האָבן די אידעען פון גע־רעכטיקייט און יושר אַלץ מער באַהערשט דאָס רעליגיעזע לעבן ביי יידן. אויך די יום־טובים זייַנען געשטעלט געוואָרן אין דינסט פון די דאָזיקע נביאישע אידעען. די צייט פון אויסלייזונג וועט מאַכן אַ סוף מיט דער הערשאַפט פון דער אומגערעכטיקייט אויף דער וועלט, און עס וועלן אין גאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן די סאָציאַלע אונטערשיידן פון אָרעם און רייך, פון האַרן און קנעכט. דעריבער דאַרפן שוין אויך איצט, אין די טעג פון שבת און יום־טוב, אָפּגעשאַפט ווערן אַלע סאָציאַלע אונטערשיידן: די קנעכט, די לוין־אַרבעטער און אַפילו די אַרבעטס־בהמות מוזן קאָנען אָפּרוען פונקט ווי זייערע באַלעבאַטים.

די לעגענדעס וועגן דער באַפרייונג פון מצרים פאַרנעמען דערפאַר אין דער ביבלישער ליטעראַטור אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ. דער ייד מוז שטענדיק גע־דענקען, אַז ער איז געווען אַ קנעכט ביי פרעהן אין מצרים און גאָט האָט אים פון דאָרטן באַפרייט. דערפאַר איז ער פאַרפליכטעט צו באַהאַנדלען מענטשלעך אַלע אָרעמע, שוואַכע און אונטערדריקטע. כמעט אַלע געזעצן אין דער תורה, וואָס האָבן דעם צוועק צו שיצן די יתומים און אלמנות, די קנעכט און די לוין־אַרבעטער, ווערן מאָטיווירט דערמיט, וואָס אַלע יידן זייַנען אַמאָל געווען קנעכט אין מצרים און דעריבער דאַרפן זיי פאַרשטיין ווי שווער עס איז דער גורל פון אָרעמע און שוצלאָזע מענטשן. ווען עס איז דאָן אויפגעקומען די באַדערפעניש צו פייערן דעם אָנדענק פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג איז דער פרילינגס־יום־טוב, וואָס איז אויך געווען דער עלטסטער יידישער יום־טוב, געווען די פּאַסיקסטע צייט. אַזוי איז פסח געוואָרן דער יום־טוב פון פרייהייט און נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. שפּעטער, ווען דאָס פאָלק האָט דורכ־געלעבט די שווערע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס, איז פסח אויך געוואָרן דער יום־טוב פון דער קומענדיקער גאולה, פון דער משיחישער אויסלייזונג. און אָט די אַלע אידעען האָבן געפונען אַ וווּנדערבאַרן אויסדרוק אין דעם פסח־ריטואַל, אין דער צערעמאָניע פון סדר.

רעליגיעזע סעודות זייַנען געווען זייער אַ פאַרשפרייטע דערשיינונג ביי יידן, באַזונדערס אין דער אַלטער צייט. פון דער נייער צייט איז גענוג אָנצו־ווייזן אויף דער פאַרערונג פון רבינס טיש און דאָס געמיינזאַמע פראַוועון שלש סעודות ביי די חסידים. די דאָזיקע סעודות פלעגן ווערן געפייערט ניט אין דעם ענגן קרייז פון דער פאַמיליע, נאָר האָבן געוויינטלעך פאַראייניקט ביי איין טיש אַ גרעסערע גרופּע מענטשן. דער צוועק פון די רעליגיעזע סעודות איז געווען אַ דאָפּלטער: דער רעליגיעזער באַנקעט איז אין דער ערשטער שורה

אַ פאַרברידערונגס־מאָלצייט. עס איז אין דער אַלטער צייט געווען אָנגענומען, אַז דאָס זיצן ביי איין טיש און דאָס עסן צוזאַמען שאַפט אַ געפיל פון ברידער־לעכקייט צווישן די אָנטיילנעמער. די אידעע פון איין משפחה, וואָס איז זיך צונויפגעקומען ביי איין טיש, פלעגט נאָך ווערן סימבאָליזירט דורך דעם, וואָס דער עלטסטער פון דער באַנקעט־געמיינדע פלעגט נעמען איין חלה, מאַכן דערויף אַ ברכה און עס דאַן פאַרטיילן צווישן אַלע, וואָס זיינען געזעסן ביים טיש. דערנאָך פלעגט ער מאַכן קידוש אויף אַ בעכער ווייַן און די גאַנצע גע־מיינדע פלעגט טרינקען פון דעם זעלביקן כוס. אַזוי אַרום פלעגט דעמאָנסטרירט ווערן דאָס געפיל פון איינהייט און ברידערלעכקייט, וואָס דאַרף באַהערשן די גאַנצע געמיינדע. די רעליגיעזע סעודה האָט אָבער אַחוץ דעם אָפט נאָך געהאַט דעם צוועק צו געבן אויך די אָרעמסטע די מעגלעכקייט צו געניסן פון יום־טוב. אין דער אַלטער צייט פלעגן רעליגיעזע מאָלצייטן פאָרקומען אין די טעמפּלען און בתי־מדרשים און יעדערער האָט זיך געקאָנט זעצן ביים טיש. עס איז אָפט אַפילו געווען אַ פליכט ספּעציעל איינצולאַדן צו די סעודות אָרעמע און נויט־באַדערפטיקע.

אין דעם פסחדיקן סדר האָט די הייליקע סעודה געפונען איר העכסטע און אידעאַלסטע פאָרעם. אין אַ באַקאַנטן ספר פון סוף מיטלאַלטער לייענען מיר: „אַזוי איז אַמאָל געווען דער מנהג צו פראַווען דעם סדר: מען פלעגט לאָזן די טירן אָפן, און אַלע אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע האָבן געקאָנט אַריינגיין און זיך זעצן ביים טיש". נאָך היינט הייבט זיך אָן, ווי באַקאַנט, די פסחדיקע הגדה מיט די פאָלגנדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „דאָס איז דאָס אָרעמע ברויט (הא לחמא עניא), וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געגעסן אין לאַנד מצרים; ווער עס איז הונגעריק זאָל קומען און מיטעסן, ווער עס איז נויטבאַדערפטיק זאָל קומען און מיטפּייערן. היינטיקס יאָר זיצן מיר דאָ, איבער אַ יאָר אין ירושלים". אָט דער מערקווערדיקער פראַלאָג איז היינט געוואָרן אַן אינהאַלטסלאָזע פראַזע. ווען אָבער דער „הא לחמא עניא" איז געשאַפן געוואָרן, האָט עס בלי ספק געהאַט אַ רעאַלן אינהאַלט.

מיט דעם דאָזיקן מנהג, אַז יעדערער קאָן קומען צו אַ סדר און זיך זעצן ביים טיש, זיינען נאָך פאַרבונדן אייניקע צערעמאָניעס, וואָס ווערן אַפילו אָפּ־געהיט ביז צום היינטיקן טאָג. אַזוי גרייט מען צו צום סדר דריי מצות און ווען מען זעצט זיך ביים טיש צעברעכט מען די מיטלסטע מצה אויף צוויי טיילן (דאָס ווערט באַצייכנט אין דער הגדה מיטן וואָרט „יחץ"). איין העלפט, דעם אַזוי גערופענעם אפיקומן, פאַרבאַהאַלט מען ביזן סוף פון דער סעודה. שפּע־טער פילט מען אויך אָן אַ באַזונדערן בעכער מיט ווייַן, וואָס קיינער פון די, וואָס זיצן ביים טיש, טרינקט ניט און איז, לויט דער טראַדיציע, רעזערווירט פאַר אליהו הנביא. וואָס איז דער זין פון די דאָזיקע צערעמאָניעס?

דאָס וואָרט „אפיקומן" שטאַמט פון גריכיש און באַצייכנט, לויט דער מיי־

נונג פון אייניקע געלערנטע, דעם גאַסט, דעם איינגעלאַדענעם צו דער סעודה. דערמיט ווערט אויך פאַרשטענדלעך די צערעמאָניע פון אפיקומן. דעם סדר פּראַוועט מען ביי אָפענע טירן, אַלע הונגעריקע און נויטבאַדערפטיקע ווערן איינגעלאַדן צום טיש. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אורחים, וואָס קאָנען ניט קומען באַצייטנס. פאַר די דאָזיקע געסט טיילט מען גלייך פון אָנהייב אויס אַ טייל פון דער סעודה — מצה און וויין. דערפאַר הייסט די אָפּגעבראָכענע מצה אפיקומן — פאַרן גאַסט.

שפּעטער האָט מען ביי יידן איינגעפירט דעם מנהג פון פאַרטיילן מצה אָדער מעות חטים (געלט אויף מצה) פאַר פסח, כדי יעדער אָרעמער ייד זאָל קאָנען מאַכן אַ סדר ביי זיך אין דער היים. בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פאַמיליעס, פלעגט מען איינלאַדן צום סדר. עס איז אָבער נאָך פאַרבליבן די צערעמאָניע צום סוף פון דער סעודה צו עפענען די טיר. דאָס איז אַ סימ־באָלישע האַנדלונג, וואָס באַדייט, אַז יעדער פרעמדער אורח קאָן אַריינגיין און זיך זעצן ביים טיש.

מיט דעם דאָזיקן מנהג איז אויך פאַרבונדן די לעגענדע, אַז אליהו הנביא קומט צייטנווייז אַלס גאַסט צום סדר. אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור ווערט אָפט דערציילט, ווי אַ מלאך אָדער אליהו הנביא קומט אין געשטאַלט פון אַן אָרעמען אורח און בעט, מען זאָל אים אויפנעמען. יענע, וואָס היטן אָפּ די מצווה פון העלפן אורחים, ווערן באַלוינט, יענע אָבער, וואָס באַציִען זיך שלעכט צו פרעמדע, ווי, למשל, די לייט פון סדום, ווערן באַשטראָפט. קאָנסט קיין מאָל ניט וויסן — מיינען די אַלטע דערציילער — ווער עס קומט צו דיר אין דער געשטאַלט פון אַן אָרעמען אורח. אַ מאָל איז עס אַ גרויסער צדיק, און אַ מאָל אָפילו אליהו הנביא אָדער אַ מלאך. באַזונדערס אָבער איז אַ גרויסע מצווה איינצולאַדן אורחים פסח צום סדר. פסח זיינען די יידן אַרויס פון מצרים, פסח וועט גאָט אויך באַפרייען די יידן פון גלות. דעם לעצטן סדר וועט אליהו הנביא גיין אָנזאָגן די בשורה, אַז משיח קומט. יענע, וואָס לאָזן די טיר אָפן פאַר אָרעמע אורחים, וועלן זוכה זיין אליהו הנביא זאָל צו זיי קומען; יענע אָבער, וואָס פאַרשליסן פסח צום סדר די טיר, וועלן ניט אויסגעלייזט ווערן פון גלות.

## דער „קנעכט פון גאָט"

די יידישע געשיכטע, די געשיכטע פון יידן ווי אַ פאָלק פאַר זיך, הייבט זיך אָן מיטן ערשטן פסח, מיט דער באַפרייונג פון מצרים. אַ מאָסע פון פאַר־יאושטע, צעבראָכענע און דערדריקטע קנעכט האָט זיך מיט אַ מאָל פאַרוואַנדלט אין אַ גרויס פאָלק, אין אַ פריי פאָלק. צום ערשטן מאָל אין דער וועלט־געשיכטע

איז איצט פּראָקלאַמירט געוואָרן די הייליקייט פון דעם פּרינציפּ פון פרייהייט, פון דעם פּרינציפּ, אַז איין מענטש טאָר ניט פאַרקנעכטן דעם צווייטן. פּסח איז דער יום־טוב ווען אַ פריי פאָלק איז געבוירן געוואָרן. עס איז דער יום־טוב פון פרילינג, דער יום־טוב פון אַ ניי לעבן. פּסח איז דערפאַר אויך דער סימבאָל פון יידישן גלויבן, פון יידישער האָפענונג אין דער כסדרדיקער באַנייונג פון יידיש לעבן. עס איז פאַראַן אַ יידישע טראַדיציע, אַז דער נס פון תחית המתים, ווען משיח וועט קומען, וועט פאָרקומען אין די טעג פון פּסח. צוליב דעם טעם לייענט מען דעם שבת פון חול־המועד די הפטרה פון יחזקאל ל״ז. דאָ דערציילט אונדז דער נביא פון דער צייט פון גלות בבל, ווי גאָט האָט אים אַרויסגעפירט אין אַ טאָל, וואָס איז געווען פול מיט פאַרטריקנטע ביינער. און מיט אַ מאָל זיינען אָט־די פאַרטריקנטע ביינער דורך גאָטס וואָרט ווידער אויפגעשטאַנען צום לעבן. פלייש און הויט איז אויף זיי אַרויפגעקומען און אַ גייסט איז אין זיי אַריינגעקומען „און זיי האָבן זיך געשטעלט אויף זייערע פיס, זייער און זייער אַ גרויסער חיל״. אָט־די ווונדערלעכע זעונג פון דעם נביא יחזקאל וועגן די פאַרטריקנטע ביינער, וואָס זיינען ווידער אויפגעשטאַנען צום לעבן, ווערט עס געלייענט אין דעם שבת פון חול־המועד פּסח. עס איז די נבואה פון יידיש גלויבן, פון דעם גלויבן פון אַן אייביק פאָלק, וואָס ווערט כסדר ווידער געבוירן און וואָס באַנייט כסדר זיין פאָלקס־לעבן.

די אידעע פון ווידערגעבורט, פון אַ ניי לעבן, ווערט אויך סימבאָליזירט ביים פּסחדיקן סדר. צווישן די טראַדיציאָנעלע מאכלים, וואָס ווערן צוגעגרייט צום סדר־טיש, ווי מצה, מרור און וויין, געפינען מיר אויך דעם סימבאָל פון לעבן — אַן איי. עס איז, אמת, אָנגענומען, אַז דאָס איי, וואָס געפינט זיך אויפן סדר־טעלער, איז אַן אָנדענק אָן דעם קרבן, וואָס יידן פלעגן אַמאָל ברענגען אין דער צייט פון בית־המקדש, עס איז אָבער אַ סך וואָרשיינלעכער, ווי איי־ניקע זיינען זיך משער, אַז דאָס איי איז אַ סימבאָל פון געבורט, פון אַ באַנייונג פון לעבן, פון תחית המתים.

„פאַראַן אַזעלכע וואָס פרעגן, — זאָגט אונדז דער מהר״ל פון פּראַג, — וואָס איז געווען דער נוצן פון יציאת מצרים, אויב מיר זיינען היינט ווידער אין גלות אין אַנדערע לענדער?״ אָט די טענות האָבן ניט קיין שום זין, ענט־פערט אונדז דער מהר״ל, וואָרים ווען די יידן זיינען אַרויס פון מצרים זיינען זיי געוואָרן אַ פריי פאָלק לויט זייער נאַטור, לויט זייער גאַנצן וועזן. זיי האָבן זיך אינערלעך דערהויבן צו דער מדרגה פון פרייע מענטשן... „און עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז זינט יענער צייט זיינען יידן בעצם, לויט זייער אינערלעכן וועזן, געבליבן פרייע מענטשן, הגם זיי געפינען זיך אין גלות״. קיין אויסערלעכער צופאַל קאָן ניט ענדערן, זאָגט דער מהר״ל ווייטער, דאָס וואָס ליגט אין דער נאַטור פון דעם מענטשן. מיט אַנדערע ווערטער האָט די זעלביקע אידעע שפּעטער אויסגעדריקט אַ מאָדערנער יידישער דענקער, אחד־העם,

ווען ער האָט געשריבן וועגן „פרייהייט אין קנעכטשאַפט" (**חירות בתוך עבדות**) און „קנעכטשאַפט אין פרייהייט" (**עבדות בתוך חירות**).

ווי אַזוי זיינען עס יידן געוואָרן פרייע מענטשן בעצם, לויט זייער איבער־לעכן ווענן? דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, — זאָגט אונדז די יידישע טראַ־דיציע, — וואָס זיי זיינען געוואָרן גאָטס פאָלק, וואָס זיי האָבן אָנגענומען די תורה. פאַראַן אַ טיפער זין אין אָט־דער יידישער טראַדיציע. געווען אַ צייט ווען מיר האָבן געמיינט, אַז פרייהייט גייטיקט זיך ניט אין קיין שום גאַראַנטיעס, אַז אַלע געזעצן זיינען אין אמתן נאָר אַ באַגרענעצונג פון דער פרייהייט. היינט האָבן מיר צו דער פראַגע גאָר אַן אַנדער צוגאַנג. מיר ווייסן היינט, אַז עס קאָן ניט זיין קיין אמתע פרייהייט אָן געזעצן, וועלכע באַגרענעצן און גאַראַנטירן די פרייהייט.

אויב אַ פאָלק וויל באמת זיין פריי, מוז עס אויף זיך נעמען דעם „יאָך פון געזעץ". אויב מיר קענען נאָך ביז צום היינטיקן טאָג ניט קומען צו אַן אמתן און זיכערן שלום, דאַן איז די איינציקע סיבה דערפון, וואָס מיר האָבן ניט קיין אינטערנאַציאָנאַלע געזעצן, וועלכע זאָלן באַגרענעצן און גלייכצייטיק זיכערן די פרייהייט פון אַלע פעלקער. אמתע פרייהייט גייטיקט זיך אין געזעצן, אין אַ קאָנסטיטוציע, אין אַ תורה. און יידן זיינען געוואָרן דאָס פאָלק פון פרייהייט אין דעם טאָג ווען זיי האָבן אָנגענומען די תורה פון פרייהייט.

געווען אַ פאַרשפרייטער מנהג אין דער אַלטער וועלט, אַז ווען מען האָט געוואָלט באַפרייען אַ קנעכט האָט מען אים פאַרקויפט צו גאָט. דער באַפרייטער איז דעמאָלט געוואָרן דער „קנעכט פון גאָט". און ער האָט שוין ממילא מער ניט געקאָנט זיין קיין קנעכט פון מענטשן. אָט־די אידעע ליגט אויך אין יסוד פון דער יידישער פרייהייט. יידן זיינען נאָך דער באַפרייונג פון מצרים געוואָרן גאָטס פאָלק. זיי זיינען געוואָרן די קנעכט פון גאָט, קענען זיי און טאָרן זיי מער ניט זיין די קנעכט פון מענטשן. מיט דעם מאָטיוו ווערן באַגרינדעט אין חומש די געזעצן וועגן דער באַפרייונג פון די יידישע קנעכט: „וואָרים צו מיר — זאָגט גאָט — זיינען די קינדער פון ישראל קנעכט; מיינע קנעכט זיינען זיי, וואָס איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים" (**כי לי בני ישראל עבדים עבדי הם אשר הוצאתי אותם מארץ מצרים**). ווער עס וויל ניט ווערן קיין קנעכט פון מענטשן, דאַרף ווערן אַ קנעכט פון אַ גרויסער און הייליקער אידעע. נאָר יענע, וואָס שטעלן זייער לעבן אין דינסט פון אַ גרויסער אידעע, זיינען פעיִק צו קעמפן פאַר פרייהייט און אָפּצוהיטן זייער פרייהייט.

עס טרעפט זייער אָפט, אַז מענטשן פאַרגעסן די נייטיקייט פון דעם „יאָך פון געזעץ". עס דוכט זיך זיי אויס, אַז מען קאָן זיך אפילו פאַרגינען דעם לוקסוס זיך צו „באַפרייען" פון געזעצן און אידעאַלן. דאָס איז, ווי די געשיכטע לערנט אונדז, זייער און זייער אַ געפערלעכער טעות. עס קאָן ניט גענוג איבער־געחזרט ווערן, אַז פרייהייט איז דער אַבסאָלוטער קעגנזאַץ פון הפקרות. די

גאַנצע יידישע געשיכטע לערנט אונדז, אַז דער „יאָך פון גאָטס מלכות" (עול מלכות שמים) האָט אונדזער פאָלק כסדר געהאָלפן און כסדר דערמוטיקט צו קעמפן פאַר זיין פרייהייט, צו קעמפן קעגן דעם יאָך פון די וועלטלעכע הער־שער. „מיר זיינען די דינער פון גאָט און ניט די קנעכט פון מענטשן". מיט דעם לאָזונג האָבן די יידישע קנאים געקעמפט קעגן זייערע אייגענע טיראַנען און קעגן פרעמדע טיראַנען. דאָס איז געווען און געבליבן במשך פון יאָרהונ־דערטער און יאָרהונדערטער דער גרונד־פּרינציפּ פון יידישער פרייהייט.

סימבאָליש פאַר דער יידישער אידעע פון פרייהייט איז דאָס וואָרט „סדר". אויך פרייהייט, און דווקא פרייהייט, מוז האָבן אַ סדר, מוז האָבן אַ באַשטימטע אָרדענונג. עס קאָן ניט זיין קיין פרייהייט אָן אַ סדר, אָן אַ ריטעם פון לעבן. עס איז אָבער אויך פאַלש ווען מען גלייבט, אַז שיינקייט, פּאָעזיע, קענען זיך באַגיין אָן געזעצן, אָן אַ סדר. מען איז ביי אונדז געוווינט צו רעדן וועגן די טרוקענע שולחן ערוך־אידעען, וועגן דער פּאַרגליווערטער תלמודישער יידיש־קייט, אָדער וועגן די טרוקענע מתנגדים. איז נייטיק דערפאַר צו באַטאָנען, אַז עס איז פאַראַן אַ סך פּאָעזיע ניט נאָר אין ראָמאַנטישן חסידות, נאָר אויך אין דער „טרוקענער" מתנגדות. פּונקט ווי עס איז דורכגעזאָפּט מיט העכסטער שיינקייט דער פּסחדיקער סדר, דער סדר פון פּסח.

און נאָך אַן אַלטער מנהג פון פּסח איז סימבאָליש פאַר דער יידישער אידעע פון פרייהייט. דעם צווייטן טאָג פּסח הייבט זיך אָן, ווי מיר ווייסן, די צייט פון ספירה, די צייט ווען מען „ציילט" די טעג און די וואָכן. וואָס איז דער זין פון דעם מנהג צו ציילן די „טעג" אין דעם פּעריאָד צווישן פּסח און שבועות? וואָס איז געווען אַמאָל די באַדייטונג פון דעם מנהג פון ספירה?

פּסח איז ניט נאָר אַ יום־טוב פון באַפרייונג — עס איז אויך אַ יום־טוב פון פרילינג, אַ יום־טוב פון לאַנדווירטשאַפטלעכן לעבן. אין די טעג פון פּסח הייבט זיך אָן אין ארץ־ישראל די צייט פון שניט, וואָס ציט זיך בערך ביז שבועות. דאָס זיינען דערפאַר געווען וואָכן פון שווערער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט. האָבן זיך די יידישע גייסטיקע פירער געשטעלט די פראַגע: וואָס וועט ווערן פון דער יידישער פרייהייט, אויב דער ייד וועט ווערן אין גאַנצן איינגעשלונגען פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און די טאָג־טעגלעכע זאָרגן? איז נאָך דאָ אַ זיכערער ווינקל פאַר פרייהייט אין אַ לעבן, וואָס איז כסדר וואָך, כסדר אַרבעט, כסדר זאָרג? דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן דער טאָג שבת, דער טאָג פון הייליקער רו, אַפילו אין צייטן פון שווערסטער און אָנגעשטרענגסטער אַרבעט. מיר קאָנען זיך היינט קוים אָפּגעבן אַ חשבון, וואָס פאַר אַ רעוואָלוציע עס איז געווען אין יידישן לעבן די סיסטעם פון דער וואָך, פון זעקס אַרבעטס־טעג און דעם זיבעטן טאָג פון אָפּרו. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע איז איינגע־פירט געוואָרן אַ סדר אין דעם אַרבעטס־לעבן פון דעם מענטשן!

ווי אַזוי האָט אָבער דער יידישער פּויער געוווּסט וועלכער טאָג איז שבת,

ווען ער דאַרף אויפהערן צו אַרבעטן? היינט איז עס ניט קיין פראַגע: מען טוט אַ קוק אין קאַלענדאַר אָדער אין אַ צייטונג און מען ווייסט ווו מען האַלט אין דער וועלט. אַמאָל איז עס ניט געווען אַזוי איינפאַך. מיר ווייסן, אַז אַ סך פון אונדזערע פאַרוואָרפענע ישובניקעס פלעגן ניט זעלטן האָבן שוועריקייטן צו „געדענקען" ווען עס איז שבת און יום־טוב. האָט מען דערפאַר אין יענער אַל־טער צייט געמוזט אָנווענדן דעם פשוטן מעטאָד פון ציילן און געדענקען. מען פלעגט באַזונדערס אין ברען פון דער אַרבעטס־צייט אויף די פעלדער ציילן די טעג, כדי מען זאָל וויסן ווען עס קומט אָן שבת, ווען מען דאַרף פאַרענדיקן די אַרבעט. דאָס איז דער סוד פון ציילן ספירה, פון „ציילן די וואָכן", ווי עס ווערט באַצייכנט אין חומש. און צום סוף פון דער שניט־צייט ווען מען האָט פאַר־ענדיקט די שווערע אַרבעט אויף די פעלדער, האָט מען דערפאַר געפייערט דעם יום־טוב שבועות, דעם יום־טוב פון די וואָכן. דער מנהג פון ציילן די טעג, פון רעכענען די צייט, פון לעבן מיט אַ חשבון איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער טראַדיציע און פאַרן יידישן צוגאַנג צום לעבן בכלל.

## פרייהייט און מענטשלעכקייט

די גאַנצע געשיכטע פון יידישן פאָלק איז אַ געשיכטע פון קאַמף פאַר מענטשלעכקייט. אַ גרויסער יידישער דענקער האָט אַפילו די תורה באַצייכנט ווי דאָס בוך פון דעם מענטשן. „זה ספר תולדות אָדם", דאָס איז דער ספר פון דער געשיכטע פון דעם מענטשן — מיט די ווערטער הייבט זיך אָן דער פינפטער קאַפּיטל אין בראשית. די תורה פון גאָט איז די תורה פון דעם מענטשן. איז דאָך דער מענטש באַשאַפן געוואָרן אין דער פאָרעם און אין דער געשטאַלט פון זיין באַשעפער!

דער קאַמף פאַר מענטשלעכקייט איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט. אין אַ געוויסן זין פילט זיך גראָד אין אונדזער צייט נאָך שטאַרקער די נייטיקייט אָפּצוהיטן דעם כבוד און דעם ווערט פון דעם איינצלנעם מענטשן. מיר זעען די גרויסע פּראָבלעמען פון מלוכות, פעלקער און סאָציאַלע גרופּעס. מיר זיינען אָבער גענייגט צו פאַרגעסן דעם איינצלנעם מענטשן. מיר פאַרשטייען מער־ווייניקער די מאַטעריעלע זאָרגן פון דעם יחיד. מיר באַמיִען זיך צו העלפן דעם מענטשן אין דער צייט פון נויט, קראַנקייט א. אַ. וו. מיר האָבן אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר אַנטוויקלט אַ סיסטעם פון סאָציאַלע פאַרזיכערונגען, וואָס פאַרדינט די גרעסטע אָנערקענונג. אָבער ביז צום היינטיקן טאָג איז שווער צו פאַרשטיין די באַדערפעניש פון דעם דורכשניטלעכן מענטשן אין דער געהעריקער אָנערקענונג און אָפּשאַצונג מצד זיינע פריינד און חברים. קיינער פון

אונדז איז ניט פריי פון אַמביציעס. זעלטן ווען אַ מענטש האָט דעם כוח זיך אָפּצוזאָגן פון כיבודים, עליות און קאָמפּלימענטן, אַפילו ווען זיי זיינען שטאַרק איבערגעטריבן. מיר קוקן אָפּט מיט ביטול אויף אַנדערע, ווען יענע ווייזן אַרויס די זעלביקע שוואַכקייט. מיר קאָנען ניט פאַרשטיין, פאַר וואָס יאָגן זיך מענטשן אַזוי פיל נאָך כבוד, אַנערקענונג און קאָמפּלימענטן. מיר קענען זיין אָביעקטיוו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מאַטעריעלער נויט. עס איז אונדז אָבער שווער צו זיין באמת אָביעקטיוו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די גייסטיקע סאָציאַלע נויטן פון אונדזערע נאָענטסטע. דערפאַר איז דער אַלטער יידישער כלל: יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך — דער כבוד פון דיין חבר זאָל דיר זיין אַזוי טייער ווי דיין כבוד — אַזוי וויכטיק, הגם אַזוי שווער אָפּצוהיטן.

אין אָנהייב איז געווען דער מענטש, דער איינצלנער מענטש, ניט דאָס פאָלק און ניט די מלוכה. דאָס איז אפשר ניט אין גאַנצן ריכטיק פון אַ ריין וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט. מען קאָן אָודאי באַווייזן, אַז מענטשן האָבן תמיד געלעבט אין גרופּעס. דאָס איז אָבער אַבסאָלוט ריכטיק פון אַ מאָראַ־לישן שטאַנדפּונקט. און דעריבער — דרך־ארץ פאַרן מענטשן, פאַר יעדן מענטשן, פאַרן געזונטן ווי פאַרן קראַנקן, פאַר דעם יונגן מענטשן און פאַר דעם אַלטן מאַן. דרך־ארץ, אַפילו פאַר דעם רעשט, וואָס בלייבט איבער פון דעם מענטשן, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין לעבנסוועג.

די קולטור־וועלט פייערט איצט די דאַטע פון 200 יאָר מאָצאַרט. גע־שטאָרבן איז דער געניאַלער מוזיקער אין זיינע יונגע יאָרן אין גרויס עלנט. זיין פרוי האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן. ווען זי איז ווידער געקומען צו זיך, האָט זי זיין קבר שוין ניט געקאָנט געפינען. ניט געווען, ווייזט אויס, ווער עס זאָל זיך פאַרנעמען אויף אַ געהעריקן אופן מיט דער לוויה פון דעם גרויסן קינסטלער.

וואָלט אַזאַ זאַך געווען מעגלעך ביי יידן, אין אַן אָרעם יידיש שטעטל אין פּוילן אָדער ליטע? ניין, דאָס וואָלט געווען אַבסאָלוט אוממעגלעך. וועגן דעם זאָגט עדות אַזאַ אָביעקטיווער קענער פון יידיש לעבן אין אַמאָליקן פּוילן, ווי שלמה מיימון. דער גרויסער יידישער דענקער, וואָס האָט געלעבט אין דער זעלביקער צייט ווי מאָצאַרט, באַטאָנט באַזונדערס, ווי יידן אין פּוילן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער זאָרג פאַר קראַנקע און פאַרשטאָרבענע. גאָר גרויס איז געווען די מצווה אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד אַן עלנטן פאַר־שטאָרבענעם.

אַפילו בנוגע אַ קרימינעלן פאַרברעכער, וואָס איז געשטאָרבן אין גע־פענגעניש, האָט מען אָפּגעהיט די פליכט אים צו טאָן זיין רעכט און ברענגען אים לקבורת ישראל. געווען פאַלן, ווען מען פלעגט אַ יידישן פאַרברעכער פאַרמשפּטן צום טויט. דער משפּט פלעגט אָפּט דורכגעפירט ווערן פאַר אַ גרויסן עולם און דעם פאַרמשפּטן פלעגט מען לאָזן הענגען אויף דער תליה אַ געוויסע צייט. אין אַזעלכע פאַלן פלעגן די יידישע קהילות אַלץ טאָן, אַראָפּ־

צוגנבענען דעם בר־מינן פון דער תליה און אים ברענגען אַזוי גיך ווי מעג־
לעך צו זיין אייביקער רו, אָפט אַפילו אויף אַ בית־עולם אין אַ שכנותדיקער
קהילה. על פּי רוב פלעגט מען אונטערקויפן די שומרים, און דאָס איז נאַטיר־
לעך געווען פאַרבונדן מיט גאַנץ באַדייטנדיקע הוצאות. די קריסטלעכע באַ־
פעלקערונג פלעגט ניט קאָנען פאַרשטיין, וואָס גייט דאָס יידן אַזוי אין לעבן
אָפּצוהיטן דעם כבוד פון פאַרברעכער? זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז דערמיט
האָבן יידן בלויז געוואָלט אָפּהיטן דעם כבוד פון דעם מענטשן, לויט דעם דין
פון דער תורה.

אַזוי ווערט געזאָגט אין דברים כ״א: „און אויב אַ מענטש וועט באַגיין
אַ פאַרברעכן, וואָס אים קומט דערפאַר טויט־שטראָף און דו וועסט אים אויפ־
הענגען אויף אַ בוים, זאָלסטו ניט לאָזן איבערנעכטיקן זיין קערפּער אויפן
בוים, נייערט מקבר זיין זאָלסטו אים אין דעם זעלביקן טאָג״ (וכי יהיה באיש
חטא משפט מות והומת ותלית אותו על עץ. לא תלין נבלתו על העץ כי קבור
תקברנו ביום ההוא). אויך דער פאַרברעכער האָט ניט פאַרלוירן דאָס רעכט,
עס זאָל אָפּגעהיט ווערן זיין מענטשלעכער כבוד, ווייל אויך ער איז באַשאַפן
געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט. באַליידיקן די מענטשלעכע ווערדע, אַפילו פון
אַ זינדיקן, הייסט באַליידיקן דעם מענטשלעכן מין, מיינט אַן עברה קעגן די
יסודות פון מענטשלעכקייט.

ס'איז אָבער ניט געווען ביי יידן קיין קולט פון פאַרשטאָרבענע. מיר האָבן
די פון אונדז אַוועקגעגאַנגענע אָפּגעגעבן זייער מענטשלעכן כבוד, מיר האָבן
אָפּגעהיט זייער אָנדענק, מיר האָבן זיי אָבער ניט פאַרגעטערט, ווי דאָס איז
געווען דער פאַל אין אַלטן מצרים. קעגן אָט דעם קולט פון די פאַרשטאָרבענע,
דער טומאה פון מצרים, ווערן די יידן כסדר געוואָרנט, אַז ברענגען קרבנות
צו די פאַרשטאָרבענע ווערט באַטראַכט ווי איינע פון די גרעסטע זינד. אַ
גאַנצער תהום האָט אָפּגעטיילט די קולטור פון יהודה און ישראל פון דער
קולטור פון אַלטן מצרים, ווו די טויטע האָבן אייגנטלעך אויפגעגעסן די לע־
בעדיקע. דאָ זיינען די פאָלקס־מאַסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קנעכט, כדי
אויפצובויען די פּיראַמידן, „אייביקע״ קברים פאַר די הערשער פונעם לאַנד.

ניט געווען ביי אונדז קיין פאַרגעטערונג פון די פאַרשטאָרבענע און ניט
געווען ביי אונדז קיין פאַרגעטערונג פון לעבעדיקע. מיר האָבן געוווּסט, אַז
אויך דער גרעסטער מענטש איז ניט מער ווי שטויב און אַש, און אויך אין
דעם איינפאַכסטן מענטשן האָבן מיר געזוכט דעם פונק פון געטלעכקייט.
מיר האָבן דעם מענטשן קיין מאָל ניט פאַרגעטערט און מיר האָבן אים אָבער
אויך קיין מאָל ניט געלאָזן אַראָפּזינקען צו דער מדרגה פון אַ חיה. מיר האָבן
פון דעם מענטשן פאַרלאַנגט איין זאַך — מענטשלעכקייט. מיט אָט דעם קאַמף
פאַר מענטשלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע געשיכטע.

די באַפרייונג פון מצרים באַצייכנט דעם אָנהייב פון אַ טיפער גייסטיקער

רעוואָלוציע אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור. די קינדער פון ישראל זיינען באַפרייט געוואָרן ניט נאָר פון פיזישער קנעכט־שאַפט, אַ סך וויכטיקער איז געווען דער פאַקט, וואָס זיי האָבן באַוויזן זיך צו באַפרייען פון דער טומאה פון מצרים, פון דער שוידערלעכער גייסטיקער קנעכטשאַפט, וואָס האָט געהערשט אין דעם לאַנד פון די פּיראַמידן.

די גאַנצע געשיכטע פון יציאת מצרים וואָלט פאַרבליבן ניט מער ווי אַ צופעליקער עפּיזאָד, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט בלויז וועגן באַפרייונג פון פיזישער קנעכטשאַפט. געווען אין דער געשיכטע גענוג פאַלן, ווען פעלקער זיינען באַפרייט געוואָרן. כמעט תמיד האָט עס זיך פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די פריִערדיקע קנעכט האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די געוועזענע אונטערדריקער און האָבן צוזאַמען מיט דעם אויך איבערגענומען די מאָראַל און די זיטן פון די געוועזענע הערשער. גייסטיק זיינען זיי געבליבן קנעכט, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי זיינען איצט געוואָרן פירער און הערשער. צייטנווייז זיינען די נייע בעלי־בתים אַפילו געווען ברוטאַלער ווי די פריִער־דיקע הארן. מיר האָבן אגב פאַר דעם גענוג ביישפּילן אויך פאַר אונדזער צייט. דאָס באַלשעוויסטישע רוסלאַנד איז די בעסטע אילוסטראַציע.

די גייסטיקע פירער פון אונדזער פאָלק האָבן צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע געמאַכט דעם פּרוּוו צו פאַרוואַנדלען דעם פאַקט פון יידישער אויס־לייזונג און דעם יום־טוב פון אויסלייזונג אין מעכטיקע אינסטרומענטן פון מאָראַלישער דערציִונג. כסדר ווערט אין דער תורה איבערגעחזרט: און דו זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין דעם לאַנד מצרים (וזכרת כי עבד היית בארץ מצרים). דעריבער דאַרפסטו פאַרשטיין דעם געמיט פון דעם אָרעמען, פון דעם פרעמדן און דעם עלנטן. העלף די נויטבאַדערפטיקע און די געליטענע, ווייל דו אַליין ביסט אַ מאָל געווען עלנט און נויטבאַ־דערפטיק...

## דער וועג צו פרייהייט ביי יידן

דער שבת פאַר פּסח געהערט צו די אויסגעצייכנטע שבתים. ער האָט זיין באַזונדערן נאָמען — שבת הגדול, דער גרויסער שבת. מיר ווייסן ניט גאַנץ גענוי פון וואַנען דער נאָמען שבת הגדול קומט. אייניקע זיינען זיך משער, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט דעם גרויסן נס פון פּסח, עס באַצייכנט דעם שבת, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו דער גאולה. אַנדערע פאַרבינדן דעם נאָמען שבת גדול מיט דער משיחישער בשורה, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער הפטרה פון דעם שבת פאַר פּסח, דעם אָנזאָג פון אליהו הנביאס אָנקומען פאַרן

גרויסן טאָג פון משיח־צייט (**הנה אנכי שלח לכם את אליהו הנביא לפני בוא יום ה׳ הגדול והנורא**). ווארים פסח איז דער יום־טוב פון דער ערשטער גאולה פון מצרים און דער יום־טוב פון גלויבן אין דער גאולה, וואָס וועט קומען. אָבער ווי די דערקלערונג זאָל ניט זיין, ווייסן מיר גאַנץ גענוי דעם זין פון שבת הגדול. עס איז דער שבת פון ערב גאולה, ווען אַלץ ווערט באַהערשט פון גאולה־האָפע־נונגען און גאולה־גלויבן. דערפון נעמט זיך דער מנהג צו לייענען שבת הגדול דעם ערשטן טייל פון דער הגדה. ווארים ווארטן אויף גאולה און גלייבן אין גאולה איז שוין פאַר זיך אַ האַלבע גאולה.

פסח איז דער יום־טוב פון פרעגן קשיות. עס פרעגן אַלע: די חכמים און די רשעים און אַפילו דער תם וויל אויך וויסן דעם זין פון פסח. און אין די שווערע גלות־יאָרן זיינען ניט זעלטן געקומען חכמים מיט דער שאלה: וואָס איז די שמחה פון פסח? איר זייט אוסגעלייזט געוואָרן פון איין גלות און איר זייט אַריינגעפאַלן אין אַ צווייטן גלות. אַמאָל זייט איר געווען קנעכט אין מצרים — זאָגט איר עבדים היינו, און היינט זייט איר קנעכט דאָ — זאָגט איר השתא עבדי. איז בכן מה נשתנה? וואָס איז דער אונטערשייד און וואָס איז די שמחה? דער ענטפער איז גאָר אַ פשוטער. דער גרויסער אונטערשייד באַשטייט דערין, וואָס מיר היינט האָבן אַ יום־טוב פסח, אַ יום־טוב פון גלויבן און האָפענונג און גאולה. אונדזערע עלטערן אין מצרים האָבן קיין יום־טוב פסח ניט געהאַט, און משה האָט אַפילו מורא געהאַט מיט זיי צו רעדן וועגן גאולה. מיר זאָגן אמת היינט השתא עבדי — היינט זיינען מיר קנעכט, אָבער מיר פאַרענדיקן מיט — לשנה הבאה בני־חורין, איבער־אַ־יאָר וועלן מיר זיין פריי. און ווייל מיר גלייבן אין פרייהייט און מיר שטרעבן צו פרייהייט, זיינען מיר דורך דעם אַליין שוין געוואָרן פרייע מענטשן.

גלות און גאולה, דאָס זיינען די צוויי גרונד־מאָטיוון פון דער יידישער גע־שיכטע. מיר זיינען דאָס פאָלק, וואָס האָט באַוויזן דעם ווונדער צו לעבן אין גלות און גובר זיין דעם גלות; מיר זיינען דאָס פאָלק, וואָס האָט דער וועלט געבראַכט די אידעע פון גאולה, די בשורה פון אַ בעסערער וועלט און אַ גערעכ־טערער וועלט, די בשורה פון משיחס צייטן. די יידישע געשיכטע הייבט זיך אָן מיט גלות און גאולה, מיט גלות־מצרים און גאולת־מצרים, און ביידע מאָטיוון באַגלייטן ווייטער אונדזער פאָלק אויפן לאַנגן און שווערן וועג פון זיין מער ווי דרייטויזנט־יאָריקער געשיכטע.

די משיחישע אידעע איז ביי אונדז אָבער קיין מאָל ניט געווען פאַרבונדן בלויז מיטן חלום פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג. די נביאים, וואָס האָבן דאָך געלעבט אין דער תקופה פון דער זעלבשטענדיקער יידישער מלוכה — און אַ צייט זיינען אַפילו געווען צוויי יידישע מלוכות — האָבן קיין מאָל זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דעם משיח־געדאַנק. זיי האָבן אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז עס איז אָפט גאָר אַ ווייטער וועג פון מלוכה ביז גאולה. פאַר די נביאים זיינען גלות און גאולה

געוועזן ניט נאָר יידיש־נאַציאָנאַלע, נאָר אויך מענטשלעך־אוניווערסאַלע באַ־גריפן. די געשיכטע פון גלות האָט זיך לויט דער יידישער טראַדיציע אָנגעהויבן מיט דער געשיכטע פון ערשטן מענטשן. מיט דער זינד פון דעם ערשטן מענטשן. אויפן פסוק אין בראשית: ויגרש את האדם — גאָט האָט פאַרטריבן דעם מענטשן פון גן־עדן, זאָגט דער מדרש — ער האָט אים געוויזן דעם חורבן פון דעם בית־המקדש (הראה לו חורבן בית־המקדש). זינט יענער צייט איז דער מענטש אין גלות, איז די וועלט אין גלות. די וועלט ווייסט עס אפשר ניט, די וועלט פאַר־שטייט עס אפשר ניט. דערפאַר קאָן די וועלט אויך ניט פאַרשטיין אונדזער בענקשאַפט נאָך גאולה און אונדזער גלויבן אין משיחס צייטן.

אָבער אויך מיר יידן פאַרשטייען אָפט ניט דעם זין פון אונדזער געשיכטע און דעם זין פון אונדזער דורות־לאַנגן געראַנגל פאַר באַפרייונג און אויסליי־זונג. אויך דער וועג פון גאולה איז אַ לאַנגער און שווערער וועג. די ביבלישע טראַדיציע דערציילט, אַז ווען גאָט ברוך הוא האָט אַרויסגענומען די יידן פון מצרים, האָט ער זיי געפירט קיין ארץ־ישראל ניט מיטן קירצערן וועג, מיטן ברעג פון ים, נאָר דורך דעם ווייטן און שווערן אַרומוועג פון מדבר. און דאָ, אין מדבר, צווישן מצרים און ארץ־ישראל, האָט זיי די השגחה נאָך פאַרזאָרגט מיט אַ תורה. קאָן מען אויך דאָ פרעגן אַ קשיא, וואָס געהערט אפשר ניט צו די קשיות פון דער הגדה — וואָלט ניט געווען ריכטיקער אַפּריער צו ברענגען די יידן אין זייער לאַנד און שפּעטער, ווען זיי וועלן האָבן זייער נחלה און זייער מנוחה, אויף זיי „אַרויפצווינגען” אַ תורה? אפשר האָט יהושע, דער מלחמה־פירער און דעראָבערער, געדאַרפט קומען פאַר משהן, דעם נביא און געזעץ־געבער?

אָבער די יידישע טראַדיציע האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַן אַנדערע שיטה. ניטאָ קיין גאולה, קיין אמתע גאולה, אָן אַ גרויסער אידעע, אָן אַ גרויסן ציל, אָן אַ תורה. נאָר אַ פאָלק מיט אַ תורה קאָן ווערן אויסגעלייזט, קאָן זיין אַ פריי פאָלק. דאָס איז דער זין פון דער יידישער געשיכטע, דאָס איז אונדזער גורל, און דאָס איז אפשר אונדזער גרויסע היסטאָרישע שליחות. פרייהייט פאַר־פליכטעט, גאולה איז מחייב, נאָר אַ פאָלק מיט אַ גלויבן און מיט אַ תורה קאָן העלפן ברענגען משיחן!

עס איז אָוודאי ניט קיין ווונדער, וואָס אין די שווערסטע טעג פון אונדזער גלות־געשיכטע גנבענען זיך אָפט אַריין ספקות בנוגע דער ריכטיקייט פון אונ־דזער ביז־אַהעריקן וועג. אפשר איז גאָר דער וועג פון דעם פּעטער עשו, דער וועג פון ברוטאַלער מאַכט, דער ריכטיקער? מיר מוזן זיך אָבער אָפּגעבן אַ חשבון, אַז אין דעם פאַל, חס ושלום, וואָלטן מיר אָוודאי געווען די, וואָס האָבן פאַרשפּילט. צו־שפּעט היינט פאַר אונדז צו ווערן אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, „גויים”. און אין דעם מאָמענט, ווען מיר זאָלן זיך לאָזן אָפּשערן די לאַנגע האָר פון אונדזער מער ווי דרייטויזנט־יאָריקער געשיכטע, ווען מיר זאָלן אַוועקוואַרפן

די העכסטע מאָראַלישע טראַדיציעס פון אונדזער עבר, דאַן מוזן מיר פאַרלירן אונדזער כוח, ווי דער אַפגעשוירענער שמשון הגבור — וואָרים וואָס איז דאָס יידישע פאָלק אָן דעם יחוס פון זיין גרויסער ירושה?

אין דער געשטאַלט פון משה רבינו האָט אונדז דער חומש געגעבן דעם אידעאַל פון דעם יידישן פירער. און מערקווערדיק איז דער פאַקט, וואָס ביים וויגעלע פון דער יידישער געשיכטע איז געשטאַנען ניט קיין קעניג, ניט קיין קריגס־פירער, ניט קיין פאָליטישער פירער, נאָר אַ לערער, אַ גזוזעץ־געבער, אַ דערציִער — משה רבינו. די יידישע טראַדיציע דערציילט אַפילו, אַז דער גרויסער פאָלקס־פירער איז געווען אַ כבד־פּה — כמעט אַ שטאַמלער. וואָלט משה רבנו געווען אַ גרויסער רעדנער, וואָלט ער מן־הסתם געהאַט ווייניקער יסורים מיט זיינע יידן. אַ רעדנער וואָלט זיך אפשר געגעבן אַן עצה מיט דעם עם קשה־עורף. עס איז אָפט גאָרניט געווען אַזוי שווער צו באַפרידיקן דעם „עולם״. אָט, למשל, האָט משהס ברודער, אהרן, פאַר זיי געמאַכט אַ קליינעם געטש, אַ גאָלדענע קאַלב, און דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן טאַנצן אַרום דעם נייעם גאָט. משה רבנו איז אפשר אויך ניט געווען קיין צו־געשיקטער פּאָליטיקער, אָבער דער אמת איז — ווען משה וואָלט יאָ געווען אַ גוטער רעדנער און אויך אַ געשיקטער פּאָליטיקער, וואָלט ער ניט געווען משה רבנו און מיר וואָלטן ניט געוואָרן דאָס פאָלק פון דער תורה. מיר וואָלטן נאָך היינט געבליבן ביים עגל הזהב.

ווען זיך אפשר געפינען חכמים אָדער רשעים, וואָס וועלן פרעגן: און וואָס וואָלט געווען דער אומגליק ווען יידן וואָלטן געקומען קיין ארץ־ישראל אָן אַ תורה? דער ענטפער איז שוין דאָ אין חומש. די יידן, וואָס האָבן זיך געבונטעוועט קעגן משהן אין מדבר, האָבן זיך גאָרניט אַזוי שטאַרק געיאָגט נאָך פרייהייט. זיי האָבן כסדר געהאַלטן אין דערמאָנען די אומזיסטע פיש און די טעפּ מיט פלייש, וואָס זיי האָבן געהאַט אין מצרים. און געצוויגן האָט זיי כסדר צוריק צו דעם לאַנד, ווו זיי זיינען געווען קנעכט.

צו פרייהייט דאַרף מען דערצויגן ווערן, פרייהייט דאַרף מען ווערט זיין, און אָן אַ גרויסן אידעאַל, אָן אַ תורה, קאָן אַ פאָלק ניט ווערן פריי, קאָן אַ פאָלק ניט בלייבן פריי!

און אַזוי פלעגט זיך נוהג זיין דער אַלטער בעל־תפילה, דער יידישער שליח־ציבור: מיטן פּנים צום אָרון־קודש, מיטן פּנים צום רבונו־של־עולם. און, איך בין זיך מודה, איך האָב תמיד אַ מאָדנעם שווערן געפיל, ווען איך זע דעם היינטוועלטיקן חזן, ווי ער שטייט און איז מתפלל מיטן פּנים צום עולם. איך האָב מורא פאַר אַ שליח־ציבור, וואָס זעט פאַר זיך כסדר דעם עולם. דער יצר־הרע געפעלן צו ווערן דעם עולם, אויסצונעמען ביים עולם איז געוואַלדיק גרויס.

אַ שליח־ציבור מוז זיך ווענדן מיטן פּנים צו דער אייביקייט, מיטן פּנים צו דער געשיכטע. און דאָס איז ריכטיק און וויכטיק באַזונדערס אין אונ־

דזער שווערער צייט. די שליחי־ציבור פון אונדזער פאָלק טראָגן היינט אַ באַ־זונדערע אחריות. טאָרן זיי זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דעם יצר־הרע געפעלן צו ווערן דעם עולם. פאַראַן צייטן, ווען פירער דאַרפן און מוזן האָבן דעם מוט צו נעמען אויף זיך שווערע אחריותן, נאָר ווייל זייער געוויסן צווינגט זיי דערצו, הגם דער עולם וועט זיי דערפאַר ניט דאַנקען. אין מאָמענטן, ווען דער גורל פון פאָלק ווערט אַנטשידן, מוז דער פירער האָבן אין זינען די צוקונפט פון פאָלק, און ניט די שטימונג פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. היינט נייטיקן מיר זיך אין פירער מיט דעם גרויסן מוט פון די נביאים און ניט מיט דער קונסט פון גרויסע פאָלקס־רעדנער. היינט איז די צייט, ווען דער יידישער מענטש דאַרף האָבן אין זינען די רירנדיקע ימים נוראים־תפילה, ווען דאָס גאַנצע פאָלק טוט בעטן גאָט, ער זאָל אַריינגעבן אין מויל פון שליח־ציבור די ריכטיקע ווערטער, ער זאָל אים לערנען, וואָס צו זאָגן און וואָס צו רעדן: **היה עם פיפיות שליחי עמך בית ישראל... הורם מה שיאמרו, הבינם מה שידברו, השיבם מה שישאלו...** און מיר אַלע דאַרפן פאַרשטיין די אויסערגעוויינטלעך שווערע אחריות, וואָס ליגט אויף אונדז און באַזונדערס אויף אונדזערע שליחי־ציבור.

דער אָנהייב פון גאולה איז דער גלויבן אין גאולה, און דער וועג צו גאולה איז דער עקשנותדיקער וועג פון דעם אַלטן אני מאמין: און אַפילו, ווען ער טוט זיך פאַרזאַמען, פון דעסטוועגן טו איך וואַרטן אויף אים יעדן טאָג ער זאָל קומען — וואָרים קומען מוז ער קומען!

## דער אורח ביים סדר־טיש

זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, איז דער טיש אין דער יידישער היים — לערנט אונדז די תלמודישע טראַדיציע — געגליכן צום מזבח. זעצט זיך אַ יידישער מענטש עסן און אַן אורח זיצט אויך ביים טיש, קומט די שכינה צו אים. וואָרים פאַרבעטן אַן אורח צו זיך אַהיים איז געגליכן ווי מען וואָלט געבראַכט אַ קרבן אין בית־המקדש. גרויס איז די מצווה פון הכנסת אורחים און דער זכות פון אויפנעמען אַן אורח איז נאָך גרעסער ווי דער זכות פון מקבל פנים זיין די שכינה (**גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פני שכינה**).

די געשיכטע פון דער מענטשלעכער מאָראַל הייבט זיך אפשר אָן מיט דער מצווה פון הכנסת אורחים, מיטן רעספּעקט צום פרעמדן, צו דעם אומבאַקאַנטן און שוצלאָזן. יעדנפאַלס הייבט זיך מיט דעם אָן די געשיכטע פון דער יידישער מאָראַל. דער אידעאַל פון תנ״ך איז דער פריינטלעכער מכניס אורח, וואָס לויפט אַנטקעגן דעם מידן וואַנדערער. אַזוי איז אונדזער עלטער־פאָטער אברהם געזעסן ביי דער טיר פון זיין געצעלט און איז אַנטקעגנגעלאָפן די מלאכים, וואָס האָבן זיך צו אים באַוויזן אין דער געשטאַלט פון פשוטע מענטשן,

פון פאַרמאַטערטע דורכגייער. און ווען די תורה האָט אונדז געוואָלט געבן אַ פאַרשטעלונג פון אַ זינדיקער וועלט, פון אַ וועלט, וואָס האָט פאַרלוירן דאָס רעכט צו עקזיסטירן, האָט זי די זעלביקע מלאכים, וואָס האָבן אָקאָרשט פאַר־בראַכט ביי אברהם אבינו, אַריבערגעפירט קיין סדום. דאָ האָבן זיי געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער „ קולטור” פון אַ וועלט, וואָס גלייבט, אַז דער פרעמדער און שוצלאָזער איז הפקר. אין סדום האָט זיך אַן אורח ניט געטאָרט ווייזן, און ווי איז געווען דעם פרעמדן וואַנדערער, וואָס איז דאָ אַריינגעפאַלן. סדום האָט ניט געוווּסט פון קיין „מאָראַלישע סענטימענטן”. דאָ האָט געהערשט דאָס רעכט פון דעם שטאַרקערן. איז דערפאַר טאַקע סדום חרוב געוואָרן.

און פרעמדע און שוצלאָזע זיינען די קינדער פון אברהם געווען אין דעם לאַנד מצרים. קנעכט זיינען זיי דאָ געוואָרן, און די מצריים „האָבן פאַרבי־טערט זייער לעבן מיט שווערער אַרבעט, ביי ליים און ביי ציגל און ביי אַלערליי אַרבעט אין פעלד”. האָט דערפאַר משה רבנו, דער לערער און באַפרייער פון יידישן פאָלק, אונדז אָנגעזאָגט: „אַ פרעמדן זאָלסטו ניט דריקן, וואָרים איר ווייסט דאָס געמיט פון דעם פרעמדן, ווייל פרעמדע זייט איר געווען אין דעם לאַנד מצרים” (**וגר לא תלחץ ואתם ידעתם את נפש הגר כי גרים הייתם בארץ מצרים**). דאָס איז דער גרונטמאָטיוו פון דער יידישער מאָראַל: פאַרגעסט ניט, אַז קנעכט זייט איר געווען אין דעם לאַנד מצרים, דאַרפט איר דעריבער פאַר־שטיין דאָס געמיט פון דעם פרעמדן, פון דעם שוואַכן און פון דעם הילפלאָזן.

און אַוודאי דאַרף אַ ייד געדענקען, אַז אַ פרעמדער איז ער געווען אין לאַנד מצרים, אין דער נאַכט פון סדר, ווען ער זיצט און דערציילט די ווונדער פון יציאת מצרים. מער ווי אַלע מאָל איז אין דעם אָוונט פון דעם יום־טוב פון גאולה דער טיש אַ מזבח. פסח זיינען אַלע פריי, ביים סדר־טיש זיינען אַלע יידן בני־מלכים. און וואָס איז מיט די, וואָס האָבן ניט אויף פסח, וואָס קאָנען ניט אַליין מאַכן דעם סדר?

דרייסיק טעג פאַר פסח — ווערט געזאָגט אין שולחן־ערוך — הייבט מען אָן צו לערנען די דינים פון פסח. און דער רמ"א גיט צו דעם צו: „און עס איז אַ מנהג איינצוקויפן ווייץ פאַר די אָרעמע אויף פסח” (**ומנהג לקנות חטים לחלק לעניים לצורך הפסח**). פון מצרים זיינען אַלע יידן אַרויס גלייך, ניט געווען דעמאָלט קיין אונטערשייד פון אָרעמע און רייכע, דאַרפן דערפאַר אויך דעם יום־טוב פון פסח, אויף ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך, אַלע יידן פייערן אויף דעם זעלביקן אופן. אַפילו דער אָרעמסטער (**אַפילו עני שבישראל**) — ווערט געזאָגט אין תלמוד — דאַרף האָבן צום סדר ניט ווייניקער ווי פיר כוסות וויין. און יעדער ייד מוז פאַרזאָרגט ווערן מיט דער מעגלעכקייט צו פּראַווען אַ סדר. דערפאַר הייבן מיר אויך היינט אָן דעם סדר מיט די ווערטער: ווער עס איז הונגעריק, קאָן קומען און מיטעסן, ווער עס איז נויטבאַדערפטיק, קאָן קומען און

זיך זעצןביים סדר־טיש. איז מחמת דעם געווען אָנגענומען צו ברענגען אַן אורח צום סדר. אָפט האָט דער בעל־הבית מער געזוכט דעם אורח, ווי דער אורח דעם בעל־הבית. עס איז קיין מאָל ביי יידן ניט געבליבן אָן אורח אָן אַ סדר, אָבער אַ סך יידן האָבן אָפט באַדויערט, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט קריגן קיין אורח צום סדר.

נעמען אַן אורח אויף שבת, אַן אורח אויף יום־טוב, איז אַ סך מער ווי סתם מקיים זיין די מצווה פון צדקה. דער אורח ביים טיש איז דער סימבאָל פון דעם יידישן כלל, ער איז דער שליח פון דעם יידישן כלל. זיצט מען ביים שבתדיקן אָדער יום־טובדיקן טיש צוזאַמען מיטן כלל ישראל. געווען פרומע יידן, וואָס פלעגן זיך בכלל ניט זעצן עסן, אויב אַן אורח איז ניט געווען ביים טיש.

פסח צום סדר איז אַן אורח תמיד ביי אונדזער טיש. אַ מאָל זעען מיר אים און אַ מאָל באַמערקן מיר אים אַפילו ניט. עס זיצט מיט אונדז דער אייביקער ייד, דער וואָס סימבאָליזירט די יידישע אייביקייט, עס זיצט ביי אונדזער טיש אליהו הנביא. עס קאָן ניט זיין קיין סדר־טיש, ווו דער שענסטער כוס זאָל ניט זיין גרייט פאַר אים — דער כוס פון אליהו הנביא.

אויף דעם מאָטיוו ווי אליהו הנביא קומט צום סדר איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל פאָלקס־מעשיות און לעגענדעס. די געשטאַלט פון דעם גרויסן קעמפער, פון דעם שטרענגן שטראָפער און מאַנער — ווי אליהו הנביא ווערט געשילדערט אין תנ״ך, — האָט מיט דער צייט אָנגענומען מילדערע שטריכן. די שווערע גלות־צייט האָט געפאָדערט אַנדערע העלדן. יידן האָבן זיך געניייטיקט אין אַ טרייסטער, אין אַ העלפער אין צייטן פון צרות, האָט זיי די השגחה געשיקט דעם נביא אליהו. ער קומט העלפן דעם כלל און ער קומט אויך העלפן דעם יחיד אין צייטן פון נויט.

אין מדרש ווערט דערציילט: ווען אליהו הנביא איז אַמאָל געקומען צום רבונו־של־עולם מיט טענות אויף יידן, האָט גאָט אויף אים פאַראיבל געהאַט. אַנשטאָט צו קומען און דערציילן מיר וועגן די זינד פון פאָלק ישראל — האָט גאָט געזאָגט צום שטרענגן נביא — וואָלסטו פריִער געדאַרפט גיין זען, ווי עס פירן זיך אויף אַנדערע פעלקער. זיינען זיי דען בעסער ווי די קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב? און גאָט האָט צו אים געזאָגט: דו קאָנסט מער ניט זיין קיין נביא פאַר מיינע קינדער. דעמאָלט האָט אליהו אויף זיך גענומען צו ווערן דער מליץ־יושר פאַרן פאָלק ישראל. און יעדעס מאָל, ווען אַ ייד טוט אַ מצווה, קומט אליהו הנביא און ברענגט עס פאַר גאָט ברוך הוא.

מיר ווייסן היינט ניט מער, וואָס עס הייסט „מאַכן פסח", ווי שווער עס איז אַמאָל געווען אַריינצוברענגען דעם יום־טוב. און געווען אַ סך יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך קוים געגעבן אַן עצה מיט באַזאָרגן מצות און ווייַן אויף פסח. אָבער אַ ייד האָט געהאַט בטחון און מיט גאָטס הילף האָט מען אַלץ

צוגעגרייט צום סדר פאַר דער אייגענער פאַמיליע און אַפילו נאָך פאַר אַן אורח.

האָט אַמאָל געלעבט אין ירושלים — דערציילט די לעגענדע — אַ רב, אַ גרויסער למדן און אַ פרומער ייד, וואָס פלעגט תמיד פאַר פסח באַזאָרגן די אָרעמע לייט מיט מצה און אַנדערע נייטיקע זאַכן אויף יום־טוב. האָט אָבער איין מאָל פּאַסירט, אַז דער רב האָט אין גאַנצן פאַרגעסן צו באַזאָרגן מיט מעות חיטים אַ שטילן צדיק, אַן אָרעמאַן, וואָס פלעגט קיין מאָל אַליין ניט קומען בעטן, און פלעגט קיינעם ניט דערציילן פון זיין נויט און דחקות. דער צדיק האָט זיך ניט געקענט געבן קיין עצה, ווי צו מאַכן יום־טוב, און ערב פסח, ווען ער האָט מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם עלנט פון זיין פאַמיליע, איז ער אַוועק פון דער היים, און האָט זיך געלאָזן אין וועג אָן אַ ציל און אָן אַ פּלאַן, אפשר וועט גאָט עפּעס צושיקן. באַגעגנט דער צדיק אַן אַלטן מאַן מיט אַ גרייז־גרויער באָרד, און יענער גייט פריינדלעך צו אים צו און זאָגט אים: שלום עליכם! ענטפערט אים דער אָרעמער צדיק: עליכם שלום. וואָס איז אייער ווונטש? ענטפערט אים דער אַלטער מאַן: איך בין ערשט געקומען דאָ אין שטאָט און עס איז ערב פסח, זוך איך אַ פּלאַץ, וווּ איך זאָל קאָנען זיין איבער יום־טוב. אפשר וואָלסטו מיך געקאָנט נעמען צו זיך אויף יום־טוב? דאָ האָסטו געלט אויף די נייטיקע הוצאות. האָט דער אָרעמער צדיק אים געענטפערט: מיט פאַרגעניגן וועלן מיר אייך אויפנעמען, איר זאָלט זיין אונדזער גאַסט אויף פסח, אָבער קיין געלט וויל איך ביי אייך ניט נעמען. דער אַלטער מאַן אָבער האָט שטאַרק געבעטן און דער אָרעמער צדיק האָט דאָס געלט אָנגענומען. און מיט גרויס שמחה איז ער אַוועק אַהיים און האָט זיך צוגעגרייט צום סדר.

נאָך מעריב האָט דער אָרעמער צדיק אָנגעהויבן צו זוכן אין שול זיין אורח. ער האָט אים אָבער ניט געקאָנט געפינען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי באַקאַנטע, צי האָט עמעצער געזען דעם אַלטן מאַן, אָבער קיינער האָט אַזאַ מענטשן ניט באַגעגנט. קומענדיק אַהיים האָט ער נאָך געוואַרט אויפן אַלטן מאַן, אָבער ווען עס איז שוין געוואָרן שפּעט, האָט דער אָרעמער צדיק פאַר־שטאַנען, אַז דאָס האָט זיך צו אים באַוויזן ניט קיין אַנדערער ווי אליהו הנביא.

אין דער זעלביקער סדר־נאַכט — דערציילט די לעגענדע — איז אליהו הנביא געקומען צו חלום צום רב פון ירושלים און האָט אים שטאַרק געמוסרט, וואָס ער האָט פאַרגעסן צו באַזאָרגן דעם אָרעמען שטילן צדיק מיט מעות חיטים. אויף מאָרגן איז דער רב צו אים געקומען בעטן מחילה פאַר זיך און פאַר אַלע יידן פון דער קהילה, פאַר וואָס זיי האָבן ניט געטאָן זייער חוב אין דעם הייליקן יום־טוב פסח.

דער נביא אליהו, דער אָנזאָגער פון דער גאולה, דער טרייסטער און העלפער פון פאָלק ישראל, קומט אָבער נאָר צו יענע, וואָס וואַרטן אויף אים, וואָס וואַרטן אויף דעם יידישן אורח. זיצן יידן ביים סדר און פילן זיך פאַרבונדן

מיטן כלל ישראל, זיינען זיי שותפים מיטן יידישן כלל אין זיין צער און אין זיין פרייד, דאַן איז דער סדר־טיש אַ מזבח און די יידישע היים אַ בית־המקדש — קומט אליהו הנביא צום טיש און די שכינה מיט אים.

אַזוי באַגלייט אונדז דער אַלטער נביא אויף אונדזער שווערן וואַנדער־וועג דורות און דורות. יעדער פון אונדז איז אַ מאָל דער אורח און אַ מאָל דער מכניס אורח. און ווייל מיר געדענקען עס, ווייל מיר דערמאָנען זיך כסדר, אַז אַמאָל זיינען מיר אַלע געווען פרעמדע אין דעם לאַנד מצרים, פאַרשטייען מיר די באַדייטונג פון דעם סדר און דעם זין פון גאולה.

## די תורה פון פסח

וואָס לערנט אונדז דער יום־טוב פסח? וואָס לערנט אונדז דער פסחדיקער סדר? געוויס, מיר ווייסן זייער גוט, אַז פסח איז דער יום־טוב פון פרייהייט, פסח איז אַוודאי אַ יום־טוב פון פרייד, ניט ווייניקער אָבער איז פסח אַ יום־טוב פון תורה, פון דער תורה פון פרייהייט.

אין די הלכות וועגן פסח אין שולחן־ערוך ווערט געזאָגט: „דרייסיק טעג פאַר פסח הייבט מען אָן לערנען די דינים פון פסח; עס איז דער מנהג צו קויפן ווייץ און עס פאַרטיילן פאַר די אָרעמע לייט אויף פסח, און איטלעכער, וואָס וווינט אין שטאָט צוועלף חדשים, דאַרף זיך באַשטייערן פאַר מעות חיטים".

אַ חודש פאַר פסח הייבט מען אָן צו לערנען די דינים פון פסח. וואָס איז דאָ אַזוי פיל צו לערנען, וואָס מ'זאָל יאָר נאָך יאָר זיך ווידער דאַרפן פאַר־נעמען מיט די דינים פון פסח? דער ענטפער איז אַ פּשוטער: די תורה פון פסח איז אַ תורה, וואָס מען קאָן גרינג פאַרגעסן, עס איז די תורה פון פרייהייט.

די געשיכטע פון דער וועלט איז אין גאַר אַ גרויסער מאָס די געשיכטע פון אַ קאַמף פאַר פרייהייט. און מערקווערדיק איז דערביי, וואָס גאַר אַ סך פון די גרויסע קעמפער פאַר פרייהייט זיינען מיט דער צייט געוואָרן די ברו־טאַלסטע אונטערדריקער פון דער פרייהייט פון אַנדערע. זיינען דאָך אַ היפּש ביסל דיקטאַטאָרן פון אונדזער צייט און פון אַלע צייטן געווען „קעמפער פאַר פרייהייט". וויפל רעוואָלוציעס האָבן פאַרפעלט זייער ציל, ווייל די פירער פון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען האָבן זיך ניט געקאָנט געבן קיין עצה מיט זייער פרייהייט!

פאַר פרייהייט איז ניט אַזוי שווער צו קעמפן, אַ סך שווערער איז עס — אָפּצוהיטן די הייליקע געבאָטן פון פרייהייט; עס איז ניט אַזוי שווער צו קעמפן פאַר דער אייגענער פרייהייט, עס איז אַ סך שווערער אָפּצוהיטן און צו רעס־פּעקטירן די פרייהייט פון דעם קעגנער. דעריבער איז פרייהייט אַ תורה, וואָס מען דאַרף כסדר לערנען, ניט נאָר יאָר נאָך יאָר, נאָר אויך טאָג נאָך טאָג.

די דינים פון פרייהייט מוז מען כסדר לערנען, פאַר פרייהייט מוז מען כסדר קעמפן; איז דאָ די אויסזיכט, אַז דער קאַמף פאַר פרייהייט וועט זיך אַ מאָל פאַרענדיקן מיט הצלחה? אַז די קעמפער פאַר פרייהייט פון היינט וועלן ניט ווערן די אונטערדריקער פון מאָרגן?

פאַראַן דענקער, וואָס זיינען אין דעם פונקט זייער און זייער פעסימיסטיש. „דער עקספּערימענט מיטן מענטשן — האָט בערנאַרד שאָו אין זיינע לעצטע יאָרן געזאָגט — איז איין גרויסער דורכפאַל". וואָס מער דער מענטש דערגרייכט, אַלץ מער וואַקסט זיין אַפּעטיט, אַלץ גרעסער ווערן זיינע אַמביציעס. אַזוי איז עס מיט געלט, אַזוי איז עס מיט מאַכט, אַזוי איז עס מיט כבוד, מיט רעקלאַמע און מיט אַלע אַנדערע תאוות. די מענטשלעכע חיה זאָגט קיין מאָל ניט — גענוג. און גראַד די קעמפער, די קעמפער פאַר פרייהייט, די קעמפער פאַר אמת און גערעכטיקייט זיינען אָפט מענטשן מיט די גרעסטע אַמביציעס, מיט אַמבי־ציעס, וואָס לאָזן זיך קוים באַפרידיקן. און דערין באַשטייט אונדזער גאַנצע פּראָבלעם.

מענטשן שטילע, מענטשן, וואָס יאָגן זיך ניט נאָך מאַכט, וואָס יאָגן זיך ניט נאָך געלט און נאָך כבוד, זיינען געוויינטלעך ניט קיין קעמפער. פאַרקערט, אויף ווי ווייט מעגלעך, מיידן זיי אויס יעדן קאַמף. זיי קענען פאַרטראָגן עוולות, וואָס מען באַגייט קעגן זיי, זיי קענען אַ סך פאַרשטיין און אַ סך מוחל זיין. אַזעלכע שטילע צדיקים וואָלטן אפשר געוועזן באַרופן צו זיין די פירער און וועגווייזער פון פאָלק — פעלט זיי אָבער דערצו די נייטיקע עקשנות, עס פעלט זיי די אַמביציע, זיי זיינען אַחוץ דעם צו באַשיידן און צו ערלעך. מיט די מעלות פון ערלעכקייט און באַשיידנקייט קאָן מען אָבער ווייט ניט אַוועקגיין, אין אונדזער צייט פון קרענקלעכער פּראָפּאַגאַנדע און רעקלאַמע אַוודאי און אַוודאי ניט. שטייען מיר כסדר פאַרן פּראָבלעם: די שטילע און ערלעכע ווילן ניט זיין קיין פירער, זיי שטופּן זיך ניט אויבן־אָן; די ליידנשאַפטלעכע קעמפער מיט גרויסע אַמביציעס ווילן דווקא זיין פירער — אין די מייסטע פאַלן ווערן זיי אָבער די געפערלעכסטע פאַרפירער.

און עס איז אַ פראַגע ניט נאָר פון די פירער, עס איז אויך אַ פראַגע פון פאָלק, פון די געפירטע. משה רבנו, ווערט אונדז דערציילט אין חומש, איז געוועזן דער אידעאַל פון אַ לערער און אַ פירער. ער איז געוועזן דער באַ־שיידנסטער מענטש אין דער וועלט, ער האָט פאַר זיך גאָרניט פאַרלאַנגט און איז געוועזן פול מיט ליבע צום פאָלק. איז דאָס פאָלק געוועזן צופרידן מיט זיין פירערשאַפט? ניין, ווערט אונדז אין חומש דערציילט, דאָס פאָלק איז כסדר געוועזן אומצופרידן, ביי יעדער געלעגנהייט איז מען געקומען צו אים מיט טענות. געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַפילו געוואָלט אומקערן צוריק צו די „טעפּ מיט פלייש", אין מצרים.

משה רבנו איז ניט געוועזן קיין פּאָליטיקער, לויט דער פאַרשטעלונג פון

דער טראַדיציע. ער איז אַפילו ניט געווען קיין רעדנער. אין חומש ווערט דער־ציילט, אַז משה רבנו איז געווען אַ כבד פּה, ער איז געווען „שווער אויפן מויל און שווער אויף דער צונג״. ווען גאָט האָט אים איבערגעגעבן די שליחות אויסצולייזן דאָס פאָלק פון מצרים, האָט דער באַשיידענער משה ניט געוואָלט אויף זיך נעמען אָט די גרויסע אויפגאַבע. געפין אַן אַנדער שליח, האָט משה רבנו געזאָגט צו גאָט. סוף־כל־סוף האָט משה די שליחות אויף זיך גענומען. ער האָט דאָס פאָלק אויסגעלייזט פון מצרים, ער האָט זיי געפירט דורכן מדבר און ער איז אַרויף אויפן באַרג סיני זיי צו ברענגען גאָטס וואָרט, זיי צו ברענגען די תורה.

האָט דאָס פאָלק געוואַרט אויף משהן און זיי האָבן זיך ניט געקאָנט דער־וואַרטן. צו פיל איז משה רבנו געווען פאַרנומען מיט הימל־זאַכן, צו פיל האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט הימלישע ענינים, מיט תורה און מיט מצוות. האָט דאָס פאָלק זיך געשאַפן אַן אָפּגאָט, דאָס גאָלדענע קאָלב. מיט אַ ווילדער שמחה, מיט אַ קרענקלעכן עקסטאַז, האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן צו טאַנצן אַרום דעם גאָל־דענעם קאָלב. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער דורות־לאַנגער קאַמף צווישן דער תורה פון סיני און דעם אָפּגאָט, וואָס מענטשלעכע הענט האָבן געשאַפן, דעם גאָלדענעם קאָלב. און ביז צום הײַנטיקן טאָג גייט נאָך אַלץ אָן, אין דער אָדער יענער פאָרעם, דער ווילדער און משוגענער טאַנץ אַרום דעם גאָלדענעם קאָלב.

די משה־געשטאַלט איז די גרעסטע און ווונדערלעכסטע געשטאַלט, וואָס די געשיכטע האָט אַרויסגעבראַכט. דער גרויסער באַפרייער, דער לערער און וועגווייזער פון פאָלק, איז געבליבן אַ מענטש, ער האָט בשום אופן ניט דערלאָזט מ׳זאָל אים אָפּגעבן געטלעכן כבוד. פאַראַן אַ מערקווערדיקע דערציילונג אין חומש. מען איז איין מאָל געקומען צו משהן און מ׳האָט אים דערציילט: אלדד און מידד זאָגן נביאות פאַרן פאָלק (אלדד ומידד מתנבאים במחנה). האָט יהושע, דער זון פון נון, וואָס איז געווען דער תלמיד פון משהן פון זיין יוגנט אָן, זיך אָפּגערופן: „מיין האַר משה, האַלט זיי אָפּ דערפון!״ האָט משה צו אים גע־זאָגט: „וואָס נעמסטו זיך אָן פאַר מיר? הלוואי זאָל דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט זיין נביאים. ער זאָל לאָזן רוען זיין גייסט אויף זיי״.

דער געטרייער תלמיד פון משה האָט געגלייבט, אַז מ׳מוז אָפּהיטן די אױ־טאָריטעט פון זיין רבין, און אַז מען טאָר דערפאַר ניט דערלאָזן, אַז אַנדערע מענטשן זאָלן נביאות זאָגן פאַרן גאַנצן פאָלק. אַנטקעגן דעם זאָגט משה אַרויס זיין ווונטש — הלוואי וואָלט דאָס גאַנצע פאָלק געווען נביאים (ומי יתן כל עם ה׳ נביאים) איין נביא אָדער אַ גאַנץ פאָלק פון נביאים? דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון פרייהייט און דאָס פּראָבלעם פון דעמאָקראַטיע ביז צו אונדזער צייט.

אַ פאָלק פון נביאים איז אַן אידעאַל, אַ ווייטער אידעאַל, וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי גרינג פאַרווירקלעכן. איין נביא איז אַ געפאַר — מען קאָן דעם נביא פאַרגעטערן. ער קאָן ווערן אַן אָפּגאָט. דער מצב ווערט ניט קיין סך בעסער,

ווען עס ווערט געשאַפן אַ גאַנצער קלאַס פון נביאים, אַ קלאַס פון לערער, פירער און פּאָליטיקער. הונדערט פירער, הונדערט דיקטאַטאָרן, זיינען ווייניקער געפערלעך ווי איין דיקטאַטאָר, אָבער קיין סך געזונט קומט דערפון ניט צו. ביוראָקראַטיע קאָן זיין פונקט אַזוי געפערלעך ווי דיקטאַטור. אין וואָס באַ־שטייט דער אויסוועג?

עס איז אַ שווערע מלחמה, אַן אויסערגעוויינטלעך שווערע מלחמה. דער יצר־הרע איז שטאַרק און דער מענטש איז שוואַך. באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַמביציעס פון מאַכט, פירערשאַפט און אָנערקענונג. דאָס איז ריכטיק פאַר פּאָליטיקער און אויך ריכטיק פאַר שרייבער און קינסטלער. פאַראַן אַ גמרא, אַז אַ תלמיד־חכם מעג האָבן אַן אַכטל פון אַן אַכטל גאווה (**שמינית שבשמינית**).

דריי פון די גרעסטע רוסישע שריפטשטעלער האָבן געלעבט אין איין צייט: טורגעניעוו, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. זיי האָבן געהערט צו איין דור, געוועזן אָבער זייער ווייניק פריינטשאַפט צווישן זיי. טורגעניעוו און טאָלסטאָי זיינען אַ צייט געווען שונאים, דאָס זעלביקע איז ריכטיק וועגן טורגעניעוו און דאָס־טאָיעווסקי. יעדערער פון זיי האָט, נאַטירלעך, געהאַט זיין כאַראַקטער, עס איז אָבער ניט נאָר געווען אַ פראַגע פון כאַראַקטער. אויך קנאה, פשוטע מענטש־לעכע קנאה, האָט דאָ זיכער געשפּילט ניט קיין קליינע ראָל.

דער יצר־הרע אין מענטשן געפינט שטענדיק וועגן ווי צו דערגרייכן צו זיין ציל. דער בעסטער ביישפּיל איז עליות. ווען מען האָט איינגעפירט דעם מנהג פון אויפרופן צו דער תורה איז די כוונה געווען די בעסטע. איטלעכער ייד איז באַרעכטיקט אויפגערופן צו ווערן צו דער תורה, ווייל די תורה איז געגעבן געוואָרן אַלעמען, דעם גאַנצן פאָלק. קאָן זיין מער דעמאָקראַטיע ווי פאַרטיילן עליות צווישן דעם גאַנצן עולם? האָט זיך דער יצר־הרע פון דעסט־וועגן אַן עצה געגעבן. עס איז אים איינגעפאַלן איינצורעדן די מיוחסים, אַז שלישי און שישי זיינען בעסערע, מער געהויבענע עליות. און מיר ווייסן זייער וואויל וויפל מחלוקתן, וויפל שנאת חינם עס זיינען ביי אונדז אַרויסגעקומען צוליב די פעטע עליות. פאַר וואָס זיינען שלישי און שישי בעסערע עליות ווייס קיין מענטש ניט, דאָס ווייס נאָר דער יצר־הרע.

און דאָך איז דער וועג פון פאַרטיילן עליות אין פּרינציפּ אַ ריכטיקער. עס איז אַ סך בעסער ווי ווען אַ קליינע גרופּע פירער און טוער נעמען די אַלע עליות און אַלע כיבודים. דער וועג פון דעמאָקראַטיע איז דער וועג פון פאַר־טיילן וואָס מערער מצוות, וואָס מערער אויפגאַבן, עליות און כיבודים צווישן פאָלק, צווישן פשוטע פאָלקס־מענטשן. דאָס איז דער טיפערער זין פון משה רבנוס ווונטש — הלוואַי זאָלן אַלע זיין נביאים. מיר מוזן געפינען וועגן ווי אויפצורופן יעדן מענטשן צו דער תורה, צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צו עליות און כיבודים. אַ גאַנץ פאָלק פון נביאים, אַ גאַנץ פאָלק פון כהנים. דערין

באַשטייט דער סוד פון יידישן קיום און דאָס איז אויך דער טיפערער זין פון יידישן קיום.

פאַרטיילן פליכטן און אויפגאַבן צווישן וואָס אַ גרעסערער צאָל מענטשן איז איין וועג. נאָך וויכטיקער איז — צו שאַפן די געמיינדע ווו מענטשן זאָלן זיך פילן ווי זיי וואָלטן געווען איין משפחה. דאָס קאָן ניט געשען, ווען מען ברענגט צונויף גרויסע מאַסן. אין גרויסע מאַסן ווערט דער איינצלנער פאַר־לוירן. גרויסע מאַסן גרייטן־צו דעם וועג פאַר דיקטאַטור. אויך אין דעם פּרט האָט די יידישע טראַדיציע געפונען דעם ריכטיקן וועג. די יידישע געמיינדע איז דער מנין, דער קליינער בית־מדרש, דאָס שטיבל: ווען צען יידן קומען זיך צונויף, איז די שכינה מיט זיי, קאָנען זיי דאַווענען בציבור. עס איז דערביי ניטאָ קיין שום אונטערשייד ווער די צען יידן זיינען — לערנער אָדער גאַנץ פּראָסטע מענטשן! יעדער ייד ווערט פאַררעכנט צום מנין.

אין דער צייט פון בית־המקדש זענען יידן פון גאַנצן לאַנד זיך צונויפגע־קומען קיין ירושלים פייערן דעם יום־טוב פּסח, דעם יום־טוב פון באַפרייונג. דעם קרבן פּסח האָט מען אָבער געגעסן אין לפי ערך קליינע גרופּעס, אין חבורות פון איין פאַמיליע אָדער פון אַ פּאָר פאַמיליעס. אַזוי איז פּסח אין דער ערשטער שורה געווען און געבליבן אַ יום־טוב פון דער פאַמיליע, וואָס איז אין דער זעלביקער צייט אַ יום־טוב פון פאָלק; אַ יום־טוב פון כלל און אַ יום־טוב פון דעם איינצלנעם; אַ יום־טוב אָן פּאַראַדן און אין דער זעלביקער צייט אַ יום־טוב פון דער גרעסטער און איידלסטער פייערלעכקייט.

נאָר אין אַ קליינער געמיינדע, אין אַ קליינעם קרייז מענטשן, קאָן געשאַפן ווערן די אַטמאָספער פון אַ פאַמיליע, פון אמתער און ערלעכער ברידערלעכ־קייט. דערפאַר איז עס אַזאַ געפערלעכער טעות ווען די מאָדערנע צייט האָט אין גאַנצן פאַרנאַכלעסיקט דעם ענין פון פאַמיליע און געמיינדע. מען האָט געפירט אַ מלחמה קעגן דער פאַמיליע, און אויך די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע און די מאָ־דערנע פּעדאַגאָגיק פאַרשטייען ניט ווי אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון דער פאַמיליע.

פּסח איז דער יום־טוב פון פרייהייט און דער יום־טוב פון דער פאַמיליע. פּסח ווייזט אונדז אויך דעם וועג צו פרייהייט און דעם וועג צו דעמאָקראַטיע. דערפאַר קאָנען מיר אַזוי פיל לערנען פון דעם אופן ווי אונדזער יידישע טראַדיציע פייערט דעם יום־טוב פון פרייהייט. ווער עס פאַרשטייט די דינים און טראַדיציעס פון פּסח, פון „הא לחמא עניא" (דאָס איז דאָס אָרעמע ברויט) און „עבדים היינו" (קנעכט זיינען מיר געווען), דער פאַרשטייט די תורה פון פריי־הייט, אַ תורה וואָס מען טאָר ניט פאַרגעסן.

# די טעג פון ספירה




## ספירה — דער מנהג צו ציילן די טעג צווישן פּסח און שבועות

דער גרעסטער פאַרמעגן פון אַ פאָלק איז — דער מענטש; דער וויכטיקסטער פאַרמעגן פון דעם מענטשן איז — זיין צייט. איז דעריבער די ערשטע אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט — אָפּצוהיטן דעם מענטשן און די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דעם איינצלנעם — אָפּצוהיטן זיין צייט.

אָפּהיטן דעם מענטשן איז ווייט ניט אַזאַ איינפאַכער ענין. אונדזער קולטור איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון קאָנקורענץ. אַזוי איז אונדזער נאָענטסטער פריינט גאָר אָפט אונדזער שטאַרקסטער קאָנקורענט. די גרעסטע קנאה — און אַ מאָל אויך שנאה — איז ניט זעלטן צווישן די נאָענטסטע.. דער ערשטער מאָרד, ווערט אונדז דערציילט אין בראשית, איז געווען אַ ברודער־מאָרד. צוליב קנאה האָט קין דערהרגעט זיין ברודער הבלן.

פאַראַן אַ מדרש: ניטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל ליב האָבן זיין קאָלעגע פון פאַך, אָבער דער חכם האָט ליב זיין קאָלעגע פון פאַך **(אין לך אָדם אוהב בן אומנותו)**. דער ערשטער טייל פון דעם מאמר איז געוויס ריכטיק. די קנאה צווישן מענטשן פון דער זעלביקער פּראָפעסיע איז אַ באַקאַנטע דערשיינונג. איך בין אָבער ניט אַזוי זיכער מיט דער צווייטער העלפט פון דעם מאמר, אַז חכמים האָבן איינע די אַנדערע ליב.

פאַראַן בלויז איין וועג, כדי צו העלפן דעם מענטשן צו האָבן דרך־ארץ צו זיך אַליין און צו האָבן מער רעספּעקט פאַרן חבר. דער וועג איז: מאָראַליש

דערהייבן און גייסטיק באַרייכערן און פאַרשענערן דאָס מענטשלעכע לעבן. דאָס קאָן געשען ווען דער מענטש וועט פאַרשטיין ווי אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון צייט — פון דעם באַדייטנדסטן פאַרמעגן, וואָס דאָס לעבן האָט אים געשענקט. אויסלערנען דעם מענטשן אויסצונוצן זיין צייט איז אפשר געווען דער וויכ־טיקסטער צושטייער פון יידן צו דער אַלגעמיינער מאָדערנער קולטור. איטלעכער מענטש קאָן פאַר זיך דערגרייכן אַן אַ שיעור, אויב נאָר ער פאַרשטייט ווי אויס־צונוצן זיין צייט. איז דעריבער אַזוי וויכטיק צו פירן אַ חשבון פון אָט דער ווונדערלעכער מתנה, וואָס דער באַשעפער האָט אונדז געשענקט.

פירן אַ חשבון פון אונדזער צייט, דאָס איז דער זין פון דעם אַלטן יידישן מנהג פון ספירה, פון ציילן די טעג אין דער צייט צווישן פסח און שבועות. אָנגעהויבן פון דעם צווייטן טאָג פסח ציילן מיר די טעג ביז עס ווערט פאַר־פולט די צאָל פון ניין און פערציק טעג — זיבן וואָכן, און דאַן פייערן מיר דעם יום־טוב פון די וואָכן. וואָס אייגנטלעך איז דער צוועק פון ציילן די טעג און די וואָכן מיטן אָנקומען פון פרילינג?

די טעג צווישן פסח און שבועות, די צייט פון שניט, איז געווען אַ שווערע אַרבעטס־צייט פאַר דעם יידישן דאָרפס־מענטשן אין ישראל. די ווערטער: אין שוויס פון דיין פנים וועסטו עסן דיין ברויט, זיינען ניט געווען סתם אַ פּאָע־טישע מליצה פאַר דעם אַרבעטס־מענטשן אין דער אַלטער צייט. דער טייטש איז, אַז דער שוויס און די שווערע האַרעוואַניע זיינען ניט געווען אומזיסט, אַז מען האָט וויניקסטנס געהאַט ברויט צום עסן. איז ניט קיין ווונדער וואָס אין די טעג פון שווערער אַרבעט האָט מען אָפּט אַליץ פאַרגעסן. מען האָט פאַרגעסן אַן זיך, מען האָט פאַרגעסן אַלע גייסטיקע ענינים און מען האָט אויך פאַרגעסן דעם חשבון פון דער צייט.

די אַלטע פעלקער האָבן כמעט ניט געוווּסט פון דעם פּרינציפּ פון רעגו־לערע טעג פון אָפּרו. די שווערסטע אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן פון די קנעכט און די אָרעמסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. קנעכט און אָרעמע לייט — דאָס האָט שוין געוווּסט פרעה פון מצרים — דאַרפן ניט האָבן קיין צו פיל אָפּרו און צו פיל פרייע צייט. עס קאָן זיי נאָך געפעלן ווערן די פרייהייט און זיי וועלן זיך אָנהייבן צו בונטעווען. די אַלגעמיינע טענדענץ אין די קולטור־לענדער פון דער אַלטער צייט איז געווען: די אַרבעטס־מענטשן האָבן געהאַט ווייניק פרייע צייט און ווייניק אָפּרו, בעת די פרייע בירגער האָבן זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט אַרבעט. אַזוי איז עס נאָך אַפילו געווען אין אַלטן גריכנלאַנד: אַרבעט אָן פרייהייט און פרייהייט אָן אַרבעט איז געווען דער סימן פון דער דעמאָלטיקער קולטור. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די גרינגשעצונג צום אַרבעטס־מענטשן.

די יידן זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געפונען דעם וועג ווי צו פאַרבינדן אַרבעט און פרייהייט. דער געבאָט פון שבת — זעקס טעג זאָלסטו

אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען — האָט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פאַרזיכערט דעם אַרבעטס־מענטשן אַ טאָג פון אָפּרו און אַ טאָג פון פרייהייט.

די איינפירונג פון שבת און פון דער זיבנטאָגיקער וואָך — וואָס איז אויך געווען אין גאַנצן נייס — האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דעם לעבן פון דעם אַרבעטס־מענטשן. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו פירן אַ חשבון פון זיין צייט און ביז צו אַ געוויסער מאָס צו ווערן דער בעל־הבית פון זיין צייט. אין דעם הייליקן טאָג שבת איז ער געוואָרן פריי פון דעם יאָך פון אַרבעט, פון דעם יאָך פון זאָרגן, פון דער יאָגעניש נאָך פאַרדינסטן און דער עיקר — פון דעם כסדרדיקן געיעג פון לעבן, פון דער קאָנקורענץ צווישן מענטש און מענטש. און ווען מען האָט אין דעם חבר אויפגעהערט צו זען דעם קאָנקורענט, האָט מען אין אים דערזען דעם מענטשן, דעם פריינד, דעם ברודער.

דער הייליקער טאָג פון אָפּרו האָט אַחוץ דעם געהאָלפן דעם אַרבעטס־מענטשן צו דערזען דאָס גרויסע און הייליקע אין זיך אַליין, אין דער אייגע־נער פערזענלעכקייט. די באַפרייונג פון די וואָכעדיקע זאָרגן האָט אים געהאָלפן צו ווערן אַ נייער מענטש און אָפּצושאַצן ווי געהעריק די ווערדע פון דעם מענטשן און די קולטור פון מענטשלעכקייט. אַזוי האָט דער הייליקער טאָג שבת געהייליקט און דערהויבן דעם יידישן מענטשן.

עס איז אָבער ניט געווען אַזוי איינפאַך אויסצולערנען די פויערים אין אַלטן ישראל און יהודה אָפּצוהיטן די הייליקייט פון שבת. ס'איז אויך נאָך היינט אין ישראל זייער שווער דורכצופירן די שבת־רו אין דער לאַנדווירטשאַפט. דאָס לעבן פון דעם פויער אָדער לאַנדווירט, ווי מיר ווילן עס היינט זאָגן, איז אָפּהענגיק פון דער נאַטור, פון די צייטן פון רעגן און שניט. איז עס שווער גראָד אין די צייטן ווען מען נעמט אַראָפּ די גערעטעניש פון די פעלדער, ווען יעדע שעה איז אַזוי טייער, אָפּצוהיטן די שטרענגע שבת־רו.

דערצו איז געווען די פראַגע: וואָס וועט מען טאָן דעם גאַנצן טאָג שבת? סתם רוען, ווען די אַרבעט ברענט, וואָס איז דער זין דערפון? מען איז אַחוץ דעם נאָך אין גאַנצן ניט געווען צוגעוווינט צו דעם חשבון פון דער וואָך. די אַרומיקע פעלקער האָבן דערפון דאָך ניט געוווּסט. איז געווען זייער גרינג צו פאַרגעסן ווען דער טאָג שבת פאַלט אויס.

ווער האָט דאַן, אין די שווערע אַרבעטס־וואָכן פון שניט, געקאָנט טראַכטן וועגן אָפּרו און פירן אַ חשבון פון דער צייט? מען איז געווען אַזוי פאַריאָגט און פאַרהאָרעוועט. ווערט דערפאַר אין דער תורה באַזונדערס באַטאָנט, אַז אויך אין די צייטן פון אַקערן און שניידן מוז מען אָפּהיטן די טעג פון אָפּרו (בחריש ובקציר תשבות: שמות ל״ד). די צייט פון אָפּרו איז ניט ווייניקער וויכטיק ווי די צייט פון אַרבעט און, ווי פאַרנומען און פאַרזאָרגט אַ מענטש זאָל ניט זיין,

מוז ער מיט כוח אָפּרייסן צייט פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע, צייט פאַר יידיש־קייט און צייט פאַר גייסטיקייט.

און כדי דאָס אַרויסצובערענגען אויף אַ פייערלעך־דראַמאַטישן אופן פלעגט אין יעדן ישוב די גאַנצע באַפעלקערונג זיך פאַרזאַמלען נאָך דער אַרבעט אויף די פעלדער, אָוונט־צייט, און מען פלעגט אין די וואָכן פון שניט ציילן די טעג לויטן חשבון פון די זיבן וואָכן צווישן פסח און שבועות. דאָס גאַנצע פאָלק האָט אַזוי בשותפותדיק געפּירט דעם חשבון פון די וואָכן, פון די טעג פון אַרבעט און די טעג פון אָפּרו. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם מנהג פון ספירה (ציילן) וואָס ווערט אָפּגעהיט ביי אונדז ביז צום היינטיקן טאָג.

און ווען דער ייד האָט זיך אויסגעלערנט צו פירן דעם חשבון פון די טעג און די וואָכן, האָט ער געקראָגן צייט פאַר אַ ספר, צייט פאַר יום־טובדיקייט און גייסטיקייט, האָט ער אויך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דעם מענטשן.

## געדאַנקען וועגן אַ יידישן קינדער־יום־טוב

עס איז זייער שווער צו זאָגן, צוליב וואָס פאַר אַ טעם מען האָט אַזוי באַזונדערס אויסגעטיילט דעם טאָג פון ל״ג בעומר. קיין גרויסער יום־טוב איז ל״ג בעומר, אמת, ביי אונדז קיין מאָל ניט געווען. עס איז אַ וואָכעדיקער טאָג, ווען דער עולם גייט צו דער אַרבעט און די געשעפטן זיינען אָפן. עס איז אָבער אַ טאָג פון שמחות און קינדער גייען ניט אין חדר. וואָס לאָזט זיך היינט זאָגן וועגן אַזאַ באַשיידענעם קינדערשן יום־טוב?

און דאָך איז דער דריי־און־דרייסיקסטער טאָג אין עומר (ל״ג בעומר), ווי אַלע אַנדערע יידישע יום־טובים, פאַרבונדן מיט גרויסע אידעען און גרויסע געשעענישן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. און די פייערונג פון ל״ג בעומר איז באַזונדערס פאַרבונדן מיט צוויי פון די ווונדערלעכסטע פערזענלעכ־קייטן פון דער צייט נאָכן חורבן; מיט די געשטאַלטן פון דעם תנא רבי עקיבא און פון זיין תלמיד רבי שמעון בן יוחאי.

די צייט צווישן פסח און שבועות, די טעג פון ספירה, רעכענען זיך פאַר טעג פון טרויער, ווען מען טאָר קיין שמחות ניט מאַכן. פאַראַן אַן אַלטע טראַ־דיציע, אַז אין דער צייט צווישן פסח און שבועות זיינען אויסגעשטאָרבן צוועלף טויזנט פּאָר פון רבי עקיבאס תלמידים; און דאָס איז געשען דערפאַר, ווערט דערציילט אין תלמוד, ווייל זיי האָבן איינע די אַנדערע ניט אָפּגעגעבן קיין כבוד (מפּני שלא נהגו כבוד זה לזה). האָט מען דערפאַר באַשטימט די טעג פון

ספירה פאַר אַ צייט פון אבלות. אָן אויסנאַם האָט מען געמאַכט פאַר דריי־און־דרייסיקסטן טאָג, פאַר ל״ג בעומר, ווען דאָס אומגליק האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָדער ווי אַן אַנדער טראַדיציע זאָגט — ווען די מלחמות האָבן אויפגעהערט. אין דעם טאָג פון ל״ג בעומר מעג מען זיך אַ ביסל פרייען (מרבים בו קצת שמחה) און מען מעג אַפילו פראַווען חתונות.

וואָס איז אַזוינס געשען מיט די תלמידים פון רבי עקיבא? די תלמודישע טראַדיציע זאָגט אונדז וועגן דעם גאָרניט. עס ווייזט אָבער אויס, אַז סיי די טרויער־צייט פון ספירה און סיי די פייערונג פון ל״ג בעומר זיינען פאַרבונדן מיט איינער פון די וויכטיקסטע געשעענישן אין דער יידישער געשיכטע, מיטן אויפשטאַנד פון בר כוכבא.

צוויי און פופציק יאָר נאָכן חורבן פון צווייטן בית־המקדש איז אין דעמאָל־טיקן יהודה ווידער אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד קעגן דער פאַרהאַסטער רוי־מישער הערשאַפט. אין דער שפּיץ פון דעם אויפשטאַנד איז געשטאַנען אַ העלדישער פירער מיטן נאָמען שמעון, וועמען דאָס פאָלק האָט אָבער אַ נאָמען געגעבן בר כוכבא, דער זון פון דעם שטערן.

ווי אין דער צייט פון דעם חורבן, אַזוי זיינען אויך איצט געווען פאַרשיי־דענע מיינונגען און פאַרשיידענע ריכטונגען וועגן דער פראַגע — צי האָט עס אַ זין זיך אַנטקעגנצושטעלן דער געוואַלטיקער מאַכט פון דער רוימישער אימ־פעריע? געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָרנט, אַז דער אויפשטאַנד מוז זיך פאַרענדיקן מיט אַ מפּלה און מיט אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן גאַנצן פאָלק. איבער־געוויגן האָט די מיינונג פון דעם תנא רבי עקיבא, וועלכער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון בר כוכבא און האָט באַגייסטערט זיינע תלמידים זיך צו באַטייליקן אין דעם גרויסן באַפרייונגס־קאַמף.

איבער דריי יאָר האָט געדויערט דער אויפשטאַנד קעגן דער אַלמעכטיקער רוימישער אימפּעריע. די ערשטע צייט האָט בר כוכבא כסדר געזיגט און ער האָט באַוויזן צו פאַרטרייבן די רוימער פון לאַנד און צו באַפרייען די וויכ־טיקסטע צענטערס און די הויפּטשטאָט ירושלים. כדי צו פייערן דעם נצחון, האָט די נייע נאַציאָנאַלע רעגירונג אַרויסגעלאָזן יידישע מטבעות מיט די אויפשריפטן „להרות ירושלים" (צו דער באַפרייונג פון ירושלים) און „לגאולת ישראל" (צו דער אויסלייזונג פון ישראל). אייניקע אַזעלכע מטבעות פון דער צייט פון שמעון בר כוכבא זיינען נאָך אויפגעהיט געוואָרן ביז אונדזער צייט און געפינען זיך אין פאַרשיידענע מוזייען. אויך די ניט־יידישע וועלט איז דעמאָלט געוואָרן איבערראַשט און פאַרוווּנדערט פון דעם מוט און דער גבורה, וואָס די יידישע קעמפער האָבן אַרויסגעוויזן. די פאַרהעלטעניש פון די כוחות איז אָבער געווען ניט קיין גלייכע, דאָס קליינע יהודה האָט זיך לאַנג ניט געקאָנט האַלטן קעגן אַזאַ וועלט־מאַכט ווי רוים, און סוף־כל־סוף האָבן די רוימישע לעגיאָנען ווידער פאַרנומען דאָס לאַנד. דריי און האַלב יאָר נאָכן אויסברוך פון אויפשטאַנד איז

געפאַלן די לעצטע פעסטונג ביתר, ווו בר כוכבא האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט מיט זיינע לעצטע כוחות.

דער חורבן ביתר איז געווען ניט קיין קלענערער נאַציאָנאַלער אומגליק ווי דער חורבן ירושלים, און עס איז דערפאַר פאַרשטענדלעך וואָס אין לויף פון יאָרהונדערטער האָט דאָס פאָלק ניט געוואָלט און ניט געקאָנט פאַרגעסן די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע. אין דער צייט פון בר כוכבא זיינען עס, ווייזט אויס, אומגעקומען די תלמידים פון רבי עקיבא, וואָס האָט מיט זיין גאַנצער מאָראַלישער אויטאָריטעט געשטיצט דעם אויפשטאַנד. און צו זייער אָנדענקען זיינען די טעג פון ספירה, די צייט צווישן פסח און שבועות, באַשטימט געוואָרן ווי טעג פון טרויער.

מיר ווייסן היינט ניט גענוי, וואָס אַזוינס איז געשען דעם אַכצנטן אייר, דעם טאָג פון ל״ג בעומר. עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז דאָס איז געווען אַ טאָג פון אַ גרויסן נצחון און דערפאַר איז ל״ג בעומר אויסגעצייכנט געוואָרן ווי אַ יום־טובדיקער טאָג.

און עס איז מערקווערדיק ווי די יידישע טראַדיציע האָט אין לויף פון אַזוי פיל דורות און באַוויזן אָפּצוהיטן דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון ל״ג בעומר. די יידישע טראַדיציע האָט ניט געהאַלטן קיין סך פון מלחמות און מיליטערישער גבורה. אונדזער העכסטער אידעאַל איז תמיד געווען שלום, אַפילו ווען עס איז אונדז אויסגעקומען פאַר דעם צו באַצאָלן אַ טייערן פרייז. מיר האָבן מערער געהאַלטן פון מאָראַלישער גבורה און גאָר ווייניק פון פיזישער מאַכט. דערפאַר פאַרנעמען די מלחמות פון די חשמונאים און די גבורות פון בר כוכבא אַזאַ באַשיידענעם פּלאַץ אין דער תלמודישער ליטעראַטור. אַ סך פון די יידישע פירער פון יענער צייט זיינען אַפילו ניט געווען צופרידן מיט רבי עקיבאן, וואָס האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט דער גאַנצער נשמה אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער מלחמה. דאָס איז געווען די הערשנדיקע שטימונג אין דער יידישער וועלט. אָבער פּאַראַלעל מיט דעם איז שווער געווען אין גאַנצן צו פאַרגעסן די גבורות פון פאַרגאַנגענע צייטן. האָבן יידן דערפאַר אָפּט אין מאָמענטן פון נאַציאָנאַלן טרויער געפונען מערקווערדיקע מיטלען און וועגן ווי אָפּצוגעבן כבוד די העלדן פון פאַרגאַנגענע דורות.

אַזוי, למשל, איז אין די יידישע שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים געווען פאַרשפרייט אַ מאָדנער מנהג. תשעה באָב אין דער פרי נאָכן דאַווענען פלעגן די חדר־יינגלעך זיך אָנוועקלאָזן באַוואָפנטע מיט הילצערנע שווערדלעך אויפן בית־עולם און דאָ פלעגן זיי אַריינשטעקן זייערע „כלי זין״ אין די קברים. עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַן אַלטן סימבאָלישן מנהג, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק אין דעם טאָג פון חורבן אָפּצוגעבן כבוד די געפאַלענע העלדן און ברענגען זיי דאָס געווער אויפן קבר: תשעה באָב איז דאָך, לויט דער טראַדיציע, דער טאָג, ווען משיח

איז געבוירן געוואָרן און ווען די אויסלייזונג וועט קומען. אין דעם טאָג וועלן די העלדן פון אַמאָל ווידער אויפשטיין פון זייערע קברים, וועלן נעמען זייערע כלי־זין אין די הענט און גיין באַפרייען דאָס לאַנד פון ישראל.

אַזאַ סימבאָל פון „מיליטערישער" גבורה איז אויך אויפגעהיט געוואָרן אין דעם טאָג פון ל"ג בעומר. עס פאַרשטייט זיך, אַז עלטערע יידן האָבן זיך ניט געשפּילט אין סאָלדאַטן. פאַר דעם האָבן אונדזערע טאַטעס און זיידעס קיין צייט ניט געהאַט. אַנדערש איז עס געווען ביי די קינדער. דאָ, אין דער קינדער־וועלט, האָבן נאָך געלעבט די טראַדיציעס פון שמשון הגיבור, פון די חשמונאים, פון בר כוכבא און פון אַנדערע יידישע העלדן און גיבורים. איז טאַקע ל"ג בעומר געוואָרן אַ טאָג פון גבורה, פון „מיליטערישע" פּאַראַדן — און נאַטירלעך נאָר פאַר קינדער.

ל"ג בעומר איז מען אין חדר ניט געגאַנגען און די יונגע חברה פלעגט זיך באַוואָפענען „פון קאָפּ ביז די פיס מיט כלי־זין, הילצערנע שווערדלעך, ראַד־ביקסלעך און פיילן־בויגנס" און מען פלעגט זיך אַרויסלאָזן כתות־ווייז אויפן פרייען פעלד, אויסערן שטאָט, צו פירן מלחמה. „יידישע קינדער — דערציילט אונדז שלום עליכם — וואָס זיצן נעבעך אַ גאַנץ יאָר פאַרשפּאַרט אינעם ענגן פינצטערן חדר... אַז עס קומט ל"ג בעומר און זיי גייען אַרויס אויפן פרייען פעלד, אָנגעוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס... מאָלט זיך זיי אויס, אַז זיי זיינען גיבורים, וואָס קאָנען איינגעמען דעם שטאַרקסטן שונא, חרוב מאַכן די וועלט — און זיי באַקומען מיט אַ מאָל קוראַזש, און חברה הייבט אָן מאַכן גרויסע שפּאַנען און זינגען לידלעך, מאָדנע לידלעך, האַלב־יידיש, האַלב־גוייש:

ראַז, דוואַ, טרי, טשעטירע!
יידישע קינדער
לערנען תורה,
גלייבן אין וווּנדער,
האָבן ניט מורא.
שמע ישראל, ניטשעוואָ!
ניע באָימסיאַ ניקאָוואָ
קראָמיע באָגאַ אָדנאָוואָ...

אַזוי האָבן יידישע קינדער אין זייערע שפּילן אין יום־טובים אָפּגעהיט אַלטע „אונטערערדישע" טראַדיציעס פון גאָר אַמאָל, טראַדיציעס פון תורה און טראַדיציעס פון גבורה.

און מיט נאָך אַ ווונדערלעכער געשטאַלט איז פאַרבונדן די פייערונג פון ל"ג בעומר, דאָס איז די מיסטישע און שיער ניט משיחישע געשטאַלט פון דעם הייליקן תנא רבי שמעון בן יוחאי, דעם תלמיד פון רבי עקיבא. עס איז אָנגע־

נומען ביי די מקובלים, אַז אין דעם טאָג פון ל״ג בעומר האָט רבי שמעון בן יוחאי אַנטפּלעקט די גרויסע סודות פון דער קבלה צו זיינע תלמידים און אין דעם זעלביקן טאָג איז ער נפטר געוואָרן. איז דערפאַר ל״ג בעומר אַ טאָג פון שמחה, ווען מען פּראַוועט די הילולא, דעם יאָרצייט פון ר׳ שמעון בן יוחאי. און דער טאָג ווערט טאָקע באַצייכנט ביי די מקובלים מיטן נאָמען „הילולא דר׳שמעון בר יוחאי״.

און ביז צום היינטיקן טאָג איז דער יאָרצייט פון רבי שמעון בן יוחאי, ווי ער ווערט געפּראַוועט אויף זיין קבר אין מירון אין דער געגנט פון צפת, איינע פון די איינדרוקספולסטע פייערונגען פון דעם אַלטן ישוב אין ישראל. דער העכסטער פּונקט אין דער „הילולא״ איז די אַזוי־גערופענע „הדלקה״, ווען דער קבר פון דעם הייליקן תנא ווערט באַלויכטן מיט גרויסע פלאַמען. טויזנטער און טויזנטער יידן פון גאַנצן לאַנד קומען זיך צונויף ביים קבר פון רבי שמעון בן יוחאי און פאַרברענגען דאָ דעם טאָג אין תורה, אין תפילה און אין טיפער מיסטישער באַגייסטערונג.

עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז אויך אין דער „הילולא״ פון רבי שמעון בן יוחאי איז צו אונדז דערגאַנגען אַן אָפּקלאַנג פון די גרויסע געשעענישן אין דער צייט פון בר כוכבא. רבי שמעון בן יוחאי איז געווען אַ תלמיד פון רבי עקיבא און ער האָט ווייטער מיט עקשנות זיך געהאַלטן ביי דער פּאָליטיק פון שאַרפסטן ווידערשטאַנד קעגן די רוימער. זיין רבי ר׳ עקיבא איז אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט די עשרה הרוגי מלכות און נאָך אַנדערע מאַר־טירער אָן אַ צאָל. אָבער אויך רבי שמעון בן יוחאי און זיין זון האָבן זיך אין לויף פון יאָרן געמוזט באַהאַלטן צוליב די פאַרפאָלגונגען פון דער רוימישער פּאָליציי. אין דער תלמודישער ליטעראַטור האָבן זיך אויפגעהיט פאַרשיידענע לעגענדעס וועגן דער צייט, ווען ר׳ שמעון בן יוחאי איז געווען פאַרבאַהאַלטן אין אַ „בונקער״ אונטער דער ערד. דרייצן יאָר, ווערט דערציילט, איז ר׳ שמעון בן יוחאי צוזאַמען מיט זיין זון געזעסן אין דער הייל, און ווען זיי זיינען ווידער אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי מענטשן האָבן נאָך דעם מוט זיך צו פאַרנעמען מיט עולם־הזהדיקע זאַכן, מיט באַאַרבעטן די ערד, מיט געשעפטן און מיט האַנדלען!

אַ סך פון די מאמרים פון רבי שמעון בן יוחאי שפּיגלען אָפּ יענע צייט פון די שווערסטע פאַרפאָלגונגען און רדיפות קעגן יידן מצד דער רוימישער מאַכט. אין דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור ווערט אָפט ציטירט דער מאמר פון רבי שמעון בן יוחאי „טוב שבגויים הרוג״ (דעם בעסטן גוי דאַרף מען הרגענען), כדי צו באַווייזן וואָס פאַר אַ שאָוויניסטן יידן זיינען געווען. מ׳פאַרגעסט אָבער אין גאַנצן די צייט, ווען דער מאמר איז געזאָגט געוואָרן; דאָס איז געווען די צייט, ווען דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען חרוב, ווען הונדערטער טויזנטער יידן זיינען אומגעקומען בעת און נאָך די מלחמות, און די גייסטיקע פירער פון

יידישן פאָלק מיט ר׳ עקיבא בראש זיינען אומגעקומען על קידוש השם. אויפן פלאַץ פון בית־המקדש האָט מען אויסגעבויט אַ טעמפּל פאַר דער רוימישער עבודה־זרה, און די רעשטלעך פאַרבליבענע יידן האָט מען אויפן שטרענגסטן אופן פאַרווערט אָפּצוהיטן די יידישע מצוות. איז עס אַ ווונדער, אַז יידישע מענטשן האָבן אין יענער צייט געהאַט אַזאַ מיינונג וועגן די רוימער? פון אַט דער שווערער צייט שטאַמט אויך דער מאמר פון ר׳ שמעון בן יוחאי: „אסור לאָדם שימלא שחוק פּיו בעולם הזה״ (אויף דער וועלט טאָר זיך דער מענטש ניט פרייען מיט אַ פולער שמחה). דריי גוטע מתנות — לערנט אונדז ווייטער ר׳ שמעון בן יוחאי — האָט גאָט ברוך־הוא געשענקט די יידן, און אַלע דורך יסורים: תורה, ארץ־ישראל און עולם־הבא.

אויף אַזאַ אופן איז דער אָנדענק פוןביידע תנאים, פון ר׳ עקיבא און ר׳ שמעון בן יוחאי, געבליבן פאַרבונדן מיטן טאָג פון ל״ג בעומר, וואָס דער־מאָנט אונדז דעם אויפשטאַנד פון בר כוכבא. און ווי וווּנדערלעך איז דער וועג פון דער יידישער געשיכטע! דער טאָג פון דעם יאָרצייט פון דעם גייסטיקן פירער, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען קיין פרייד אויף דער טרויעריקער וועלט, איז געוואָרן פאַר זיינע תלמידים, די מיסטיקער פון אַלע דורות, אַ טאָג פון שמחה ,פון הילולא. אַזוי איז גרויסער טרויער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן און שטאַרקן גלויבן, אין דעם משיחישן גלויבן, וואָס האָט אויפגע־האַלטן אונדזער פאָלק ביז צום היינטיקן טאָג.




## לערנען און לעבן געהערן צוזאַמען

זינט דעם ערשטן שבועותביים באַרג סיני זיינען מיר אַ פאָלק פון לערנער, אַ פאָלק פון תורה. דעם אייגנטלעכן שבועות האָבן מיר נאָך, אמת, אין מדבר ניט געפּראַוועט, ווייל דער יום־טוב פון די וואָכן (שבועות) איז אין תוך אַ יום־טוב פון לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. אָבער לאָמיר דאָ לאָזן אָפּן אָט־די דעליקאַטע היסטאָרישע פּראָבלעם. וויכטיק איז פאַר אונדז די אידעע פון שבועות, די אידעע פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס זאָגט נעשה ונשמע; פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס נעמט אויף זיך גאָטס תורה און זיינע געבאָטן; פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס געפינט אין דער תורה דעם זין פון זיין עקזיסטענץ.

די תורה לאָזט זיך אויסטייטשן אויף פאַרשיידענע אופנים, מען קאָן אַלץ געפינען אין דער תורה, אָבער דאָס גאַנצע פאָלק האָט בלויז איין תורה. און ווער עס וויל פאַרשטיין דעם טיפערן זין פון אונדזער גורל ווי אַ פאָלק, דער מוז זיך קודם־כל באַקענען מיט דער תורה פון פאָלק. ווייל תורת־משה איז ניט געגעבן געוואָרן בלויז פאַר כהנים אָדער לומדים, נאָר פאַרן גאַנצן פאָלק, פון דעם האָלצהעקער ביז צום וואַסער־שעפּער (מחוטב עציך עד שואב מימיך). ניטאָ נאָך אַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָט אַזוי פיל געלעבט מיט תורה, אַזוי פיל געליטן פאַר דער תורה ווי דאָס פאָלק, וואָס פּראַוועט די ווונדערלעכע יום־טובים פון מתן תורה און שמחת־תורה.

און געלערנט האָבן יידן תורה לשמה, תורה צוליב תורה, ווייל תורה איז דער זין פון אונדזער עקזיסטענץ. איז דאָך די גאַנצע וועלט באַשאַפן געוואָרן בלויז צוליבן זכות פון דער תורה (**כל העולם כולו לא נברא אלא בשביל התורה**). מיט דער תורה איז דער מענטש ניט מער אַליין, די תורה ברענגט צו שטאַנד די פאַרבינדונג צווישן דעם יחיד און דעם כלל, צווישן מענטש, גאָט און וועלט.

איטלעכער פון אונדז קומט אויף דער וועלט מיט אַן אינסטינקט פון נייגעריקייט, פון וועלן וויסן און אויסגעפינען, און אַפילו פון זוכן און פאָרשן. איר ווערט אָפט פאַרוווּנדערט פון די אויסטערלישע פראַגן, וואָס קינדער שטעלן אייך. דער חשק צו וויסן, צו דערגיין איז ביי קינדער אַפילו נאָך שטאַרקער ווי ביי דערוואַקסענע. די געשיכטע פון עץ הדעת סימבאָליזירט פאַר אונדז אָט־דעם נאַטירלעכן מענטשלעכן דראַנג צו וויסן. אין דער זעלביקער צייט אָבער פעלט אונדז אָפט דער ווילן און דער כוח צום לערנען.

דער חשק צום לערנען איז ביי די תלמידים פון אונדזערע שולן היינט־צו־טאָג אַפילו נאָך קלענער ווי מיט דורות צוריק. דער פּראָגרעסיווער סיסטעם פון דערציִונג האָט געפּרוּווט פאַרוואַנדלען דעם גאַנצן פּראָצעס פון לערנען אין אַ שפּיל. היות קינדער האָבן ליב זיך צו שפּילן, וועלן זיי אַזוי אַרום, האָט מען געטראַכט, אויטאָמאַטיש עפּעס אויפטאָן אין לערנען. דאָס איז דער פונדאַמענטאַלער טעות פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק.

און דאָס זעלביקע איז מיט אַזאַ ענין ווי וויסן, ווי תורה. מיר וואָלטן געוואָלט אויסלערנען די גאַנצע תורה על רגל אחת, אויף איין פוס. מיר ווילן וויסן, גאָר שטאַרק איז ביי אונדז דער חשק צום וויסן. ניטאָ אָבער דער כוח, די עקשנות צום לערנען. עס דוכט זיך אונדז אויס, אַז לערנען איז איין זאַך און לעבן איז אַ צווייטע זאַך. ווערן מיר צעריסן דורך אָט־דעם קאָנפליקט צווישן לערנען און לעבן.

ווי אַזוי זיינען מיר דאָך געוואָרן אַ פאָלק פון לערנען, אַ פאָלק פון תורה? דער ענטפער איז — מיר האָבן אויסגעפונען, אַז תורה איז לעבן; אַז לערנען איז דער זין פון לעבן; אַז ס׳איז ניטאָ קיין קאָנפליקט צווישן לערנען און לעבן. גראָד פאַרקערט, אין לערנען דערגרייכט דער מענטש זיין העכסטע שלמות, זיין העכסטע מדרגה.

פאַראַן אַ ווונדערלעך ספרל, וואָס טראָגט דעם טיטל „קונטרס חובת התלמידים״. דער מחבר ר׳ קלונימוס קעלמיש איז געווען רב אין פּיאַסעצנע, אין פּוילן. שוין דער טיטל „קונטרס חובת התלמידים״ מאַכט פאַר אונדז קלאָר די פילאָזאָפיע פון דעם מחבר.

די ווערטער חובת התלמידים מיינען אייגנטלעך אַ סך מער ווי סתם פליכטן און אויפגאַבן. דער מחבר האָט דאָ אין זינען די אידעע פון שליחות. דער יונגער תלמיד דאַרף זיך אָפּגעבן אַ חשבון וועגן זיין גרויסער שליחות, וועגן

זיין מיסיע. און אַט־די היסטאָרישע שליחות קאָן דער יונגער ייד דערפילן בלויז דורך לערנען תורה. דער מחבר הייבט אָן זיין ספר מיט אַ רוף צום תלמיד (קריאה אל התלמיד): ווייל דיר יונגער יידישער לערנער; ווויל איז דיין חלק, דו האָסט זוכה געווען צו לערנען תורה, דאָס ליכט פון גאָט. די גאַנצע וועלט, הימל און ערד קוקן אויף דיר, אַלע פרעגן, ווער איז אַט־דער לערנער, וואָס דער באַשעפער פון אַלע וועלטן פרייט זיך מיט אים?

די אויפגאַבע פון דעם יונגן לערנער איז ניט נאָר זיך איינצושאַפן די געהעריקע ידיעות אין תורה. דאָס איז ווייט ניט גענוג, לערנט אונדז דער מחבר פון דעם „קונטרס חובת התלמידים". תורה איז דער וועג צו דערגרייכן אַ העכערע מדרגה. און דערפאַר האַלט ר' קלונימוס קעלמיש אין איין אײנטענהן מיטן תלמיד: זיי ניט צו־באַשיידן! רעד זיך ניט איין, אַז דו קאָנסט ניט קיין סך דערגרייכן אין תורה. יעדער לערנער האָט אין זיך אַ פונק פון די נביאים. שטרענג זיך אָן, זוך און דו וועסט אַנטפּלעקן אַט־דעם פונק פון די הייליקע נביאים ביי זיך. ס'איז ניט קיין קלייניקייט צו זיין אַ יונגער לערנער, טענהט דער מחבר ווייטער איין מיט די תלמידים. זאָגט דאָך אונדז די גמרא: ווען דער סנהדרין איז פאַרטריבן געוואָרן פון ירושלים, איז די שכינה ניט געגאַנגען מיט זיי; ווען די כהנים און לויים זיינען פאַרטריבן געוואָרן, איז די שכינה ניט געגאַנגען מיט זיי; ווען אָבער די קינדער, וואָס האָבן געלערנט תורה זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון ירושלים, איז די שכינה אַוועק אין גלות מיט זיי.

אויף אייך יידישע קינדער, יידישע לערנער, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דער שווערער יאָך — טענהט דער מחבר זיך אויס מיט די תלמידים — אַ גרויסע אחריות איז אויף אייער גורל אויסגעפאַלן. דאָס גאַנצע יידישע הויז דאַרפט איר אויפריכטן. פון אייך וועלן אַרויסקומען די צדיקים, גאונים און חכמים, אויך די דערנענטערונג פון דער גאולה ליגט אין אייערע הענט. ווילט איר, חס ושלום, אַז די שכינה זאָל ווייטער פאַרבלייבן אין גלות; אַז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק זאָל נאָך טיפער זינקען אין גלות?

און זאָל זיך קיינער פון אייך ניט איינרעדן, רופט ר' קלונימוס קעלמיש אויס, אַז עס וועלן זיין גענוג צדיקים: אַנדערע בחורים וועלן לערנען און איך וועל זיך דערווייל אַ ביסל צופוילן. דו מאַכסט אַ גרויסן טעות, יונגער יידישער לערנער. אויך אַנדערע וועלן אַזוי טראַכטן און וואָס וועט דאַן ווערן פון אונדזער פאָלק? ניין, אויף איטלעכן פון אייך ליגט דער חוב אַרויסצוברענגען פון זיך די יידישע נשמה און צו ווערן אַ זייל, וואָס דאָס יידישע הויז זאָל זיך אויף אים האַלטן. קיין איינער פון אייך איז ניט באַרעכטיקט אַראָפּצוואַרפן פון זיך אַט־די גרויסע אחריות! אַזוי לערנט אונדז ר' קלונימוס קעלמיש אין זיין „קונטרס חובת התלמידים".

# דער יום־טוב פון אַרבעט און דער יום־טוב פון תורה

וואָס פאַר אַ שייכות האָט שבועות, דער יום־טוב פון מתן־תורה, צו טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקער אַרבעט?

זיבן וואָכן דויערט די שניט־צייט. דאָס זיינען די וואָכן פון פסח ביז שבועות, די וואָכן ווען מען ציילט ספירה. מיט גרויס פייערלעכקייט האָט מען דעם ערשטן טאָג פסח ביי נאַכט אָנגעהויבן דעם שניט פון גערשטן, און דעם ערשטן גאַרב פון די פריש־אָפּגעשניטענע תבואה האָט מען געבראַכט אַ מתנה דעם באַשעפער ווי אַ דאַנק פאַר דער מזל־ברכה אויף די פעלדער. דאָס איז די צערעמאָניע פון „עומר", דורך וועלכער עס ווערט געהייליקט די צייט פון שניט, ווען די טעג און די וואָכן ווערן געציילט. זיבן גאַנצע וואָכן (שבע שבתות תמימות) ציילט מען פון דעם טאָג ווען מען האָט געבראַכט דעם עומר, און ווען די זיבן וואָכן ווערן פול, אויפן פופציקסטן טאָג, פייערט מען דעם יום־טוב פון די וואָכן און דעם יום־טוב פון שניט. אויך דער אָפּשלוס פון דער שניט־צייט ווערט געהייליקט דורך אַ פייערלעכער צערעמאָניע. עס איז די צערעמאָניע פון ברענגען די ביכורים, ברענגען די ערשט־צייטיקע פרוכט פון די פעלדער אַ מתנה צו גאָט, אַ דאַנק פון דעם אַרבעטס־מענטשן פאַרן גליקלעכן פאַרענדיקן די אַרבעט אויפן פעלד. דער יום־טוב שבועות איז אָבער אַ סך מער ווי בלויז אַ יום־טוב פון גערעטעניש. דער יום־טוב פון די וואָכן אַנט־פּלעקט פאַר אונדז דעם סוד פון דער יידישער טראַדיציע און פירט אונדז אַריין אין די פאַרבאָרגענישן פון דעם יידישן געדאַנק וועגן אַרבעט און הייליקייט, וועגן צייט און אייביקייט.

דער יידישער יום־טוב איז דער סימבאָל פון דורות יידיש לעבן, פון יידישער אייביקייט. פייערן מיר דעם יום־טוב פסח, ווייל אונדזערע אורעלטערן זיינען מיט מער ווי הונדערט דורות צוריק באַפרייט געוואָרן פון דעם יאָך פון קנעכטשאַפט אין מצרים, פילן מיר זיך פאַרבונדן דורך הונדערט דורות מיט יענער צייט, ווען יידן זיינען געוואָרן אַ פאָלק, לעבן מיר איבער אַלע יאָר פון דאָס ניי די גרויסע געשעעניש פון יציאת־מצרים. אָבער נאָך מער ווי פסח, סימבאָליזירט דער יום־טוב שבועות די יידישע אייביקייט. שבועות איז לויט דער יידישער טראַדיציע דער יום־טוב פון מתן־תורה, ווען גאָט האָט געשלאָסן אַ בונד מיטן פאָלק ישראל ביים באַרג סיני. געפינען מיר וועגן דער וווּנדער־לעכער געשיכטע פון דעם „מעמד הר סיני" אַ נאָך מער וווּנדערלעכן מדרש. אַלע יידן פון אַלע דורות, ווערט געזאָגט אין מדרש — אויך די נשמות פון די נאָך ניט געבוירענע — זיינען געווען ביים באַרג סיני ווען גאָט האָט געגעבן די תורה צו זיין פאָלק ישראל. דערפאַר איז די תורה אַן אייביקע תורה, אַ תורה פאַר אַלע דורות, ווייל אַלע דורות יידן האָבן עס אָנגענומען, אַלע דורות האָבן

געגנטפערט „נעשה ונשמע״, מיר וועלן טאָן און מיר וועלן הערן. און דאָן ווערט אונדז נאָך ווייטער דערציילט אין מדרש: אַלץ וואָס די נביאים האָבן אין יעדן דור נביאות געזאָגט, האָבן זיי עס געהערט ביים באַרג סיני, און אַלץ וואָס די חכמים האָבן אין יעדן דור מחדש געווען, האָבן זיי עס געהערט ביים באַרג סיני. זיינען דערפאַר די נביאים און די חכמים פון אַלע דורות, און די ייִדן פון אַלע דורות, שותפים אין דער תורה, און יעדער דור דאַרף אויפנעמען די תורה ווי זי וואָלט היינט געגעבן געוואָרן.

שבועות איז אָבער אין דער זעלביקער צייט אויך דער יום־טוב פון צייט. די ייִדישע טראַדיציע האָט אונדז געלערנט אָפּצושאַצן די גרויסע באַדייטונג, דעם גרויסן ווערט פון צייט. אַ חסידישער רבי האָט אַמאָל געזאָגט: אַ מענטש דאַרף ציילן ספירה שטענדיק — יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע רגע. עס קאָן, דוכט מיר, קיין ספק ניט זיין, אַז דער מנהג פון ציילן ספירה איז ניט געווען סתם אַ פּוסטע צערעמאָניע. מען האָט אָנגעהויבן ציילן די טעג, ווייל מען האָט געדאַרפט וויסן אַ חשבון פון די טעג, אַ חשבון פון דער צייט.

די ייִדישע טראַדיציע האָט געהייליקט די צייטן פון אַרבעט און די צייטן פון אָפּרו, די טעג פון דער וואָך און דעם טאָג פון שבת.

מיט דראַמאַטישער פייערלעכקייט פלעגט דורכגעפירט ווערן די צערעמאָניע פון ברענגען די ביכורים, די ערשטצייטיקע פרוכט, קיין ירושלים, צום סוף פון שניט־צייט: פון אַלע שטעט אין אַ באַשטימטער געגנט — ווערט דערציילט אין משנה — פלעגט מען זיך צונויפקלייבן מיט די ביכורים אין דער הויפּטשטאָט פון דער געגנט. דאָ פלעגן די ביכורים־ברענגער נעכטיקן אויפן מאַרק־פּלאַץ, און גאַנץ פרי פלעגט דער עלטסטער אויסרופן: „קומו ונעלה ציון אל בית ה׳ אלהינו״ — שטייט אויף און לאָמיר גיין קיין ציון, צום הויז פון ה׳ אונדזער גאָט!... אונטער די קלאַנגען פון אַ פלייט האָט זיך דער מאַרש אָנגעהויבן צו באַוועגן קיין ירושלים. פאַרויס פון דעם ביכורים־צוג איז געגאַנגען „אַן אָקס, די הערנער באַדעקט מיט גאָלד און מיט אַ קרוין פון איילבירטן אויף זיין קאָפּ״. ווען זיי זיינען געקומען נענטער צו ירושלים, זיינען זיי אַרויס אַנטקעגן די איינוווינער פון ירושלים צו באַגריסן: „אונדזערע ברידער, מיט שלום אייער קומען!״ אונטער די קלאַנגען פון דער פלייט האָט דער ביכורים־צוג ווייטער מאַרשירט ביז צום באַרג פון בית־המקדש, ווען אַלע — „אפילו דער קעניג אַגריפּוס אַליין״ — נעמען די קערב מיט די ביכורים אויף די אַקסלען און ברענגען זיי אין הויף פון בית־המקדש, וווּ זיי ווערן באַגעגנט מיט געזאַנג פון די לויים.

די אַלטע ייִדישע קולטור האָט געשאַפן שבתים און יום־טובים, כדי צו שאַפן צייט פאַרן פאַרהאַרעוועטן פאַלקס־מענטשן. דאָס לעבן איז געווען שווער און דער מענטש האָט געמוזט אַ סך, אַ סך אַרבעטן, כדי זיך צו קאָנען דערנערן: אין שווייס פון זיין פנים האָט ער געגעסן זיין ברויט. האָט מען

דערפאַר געמוזט היטן די צייט, ציילן די טעג און די שעהן, כדי צו ראַטעווען אַ ביסל צייט פאַר ענינים פון אייביקייט. דער באַרימטער קעלמער מגיד, דער שטרענגער מוסר־זאָגער פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָט די פראַגע: ווו נעמט מען צייט? אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען. זיין ספר „תוכחת חיים" הייבט זיך אָן מיט אַ דרוש וועגן בטחון. אַ מענטש אָן בטחון — טענהט דער פאָלקס־מגיד — האָט קיין מאָל קיין צייט ניט. ער איז שטענדיק אין זאָרג, טאָמער לאָזט ער אויס אַ פאַרדינסט. ער האָט אַפילו קיין צייט ניט צו מאַכן שבת. פרייטיק־פאַר־נאַכט פאַרמאַכט דער שוואַכער בעל־בטחון זיין געשעפט אין דער סאַמע לעצ־טער מינוט פאַר ליכט־בענטשן, און עס דוכט זיך אים נאָך אַלץ אויס, אַז ער האָט פאַרלוירן פּדיון. האָט דער שוואַכער בעל־בטחון אַפילו פון זיין שבת קיין הנאה ניט. „פאַראַן פאַרשיידענע מיני עשירותן אויף דער וועלט — זאָגט ווייטער דער קעלמער אויף זיין פאָלקסטימלעכן שטייגער — פאַראַן גבירים, וואָס פאַרמאָגן אַ סך גאָלד און זילבער; אַנדערע באַזיצן פעלדער און גערט־נער; נאָך אַנדערע באַרימען זיך מיט זייערע הייזער און זייערע טייערע תכשיטים. ווען איר וועט אָבער פרעגן אָט די גבירים צי פאַרמאָגן זיי אַזאַ אוצר ווי 'צייט', וועלן זיי אייך אַלע ענטפערן מיט איין קול: „ניטאָ קיין צייט!" זיי־זשע וויסן, מיין ברודער, אַז זייער גאַנצע עשירות איז קיין עשירות ניט און זייער לעבן איז קיין לעבן ניט, וויבאַלד זיי האָבן ניט קיין צייט פאַר תורה און מעשים־טובים. נאָר דער ייד, וואָס האָט צייט — ער איז דער אמתער גביר".

האָט די אַלטע יידישע קולטור זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרוואַנדלען די פאַרהאָרעוועטע און פאַרהאַוועטע יידן אין אַ פאָלק פון גבירים, וועלכע האָבן גענוג צייט פאַר יידישקייט און פאַר מעשים־טובים. אַזוי איז אויפגעקומען דער מנהג פון ספירה, פון ציילן די וואָכן און ציילן די טעג, פון פירן אַ חשבון פון צייט.

שבועות האָבן אונדזערע עלטערן — אַזוי דערציילט אונדז די טראַדי־ציע — מקבל געווען די תורה ביים באַרג סיני. איז אָבער דער פרומער ייד מיט דעם נאָך ניט געווען אין גאַנצן צופרידן. ער וויל האָבן דעם זכות אַליין מקבל צו זיין די תורה, צו געניסן די גרויסע פרייד פון אָננעמען גאָטס תורה. אמת, דער מדרש דערציילט אים, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערמאָנט, אַז אויך זיין נשמה איז דעמאָלט געווען ביים באַרג סיני צוזאַמען מיט די נשמות פון אַלע דורות יידן. אָבער דאָס איז געווען אַמאָל, גאָר אַמאָל, מיט דורות און דורות צוריק. האָבן דערפאַר די יידישע מיסטיקער, די מקובלים, איינגעפירט דעם מנהג פון תיקון שבועות. בלייבן פרומע יידן וואַך די גאַנצע נאַכט שבועות, די נאַכט פון מתן־תורה. וואָרים יעדן שבועות זיינען יידן מקבל פון דאָס ניי די תורה, אָט ווי זיי וואָלטן היינט געשטאַנען ביים באַרג סיני. דאַרפן דאָך אָבער יידן וויסן וואָס אין דער תורה שטייט, וואָס פאַר אַ פליכטן זיי נעמען אויף זיך. זיצט מען די גאַנצע נאַכט פון שבועות און מען לערנט

תורה, די גאַנצע תורה: תנ"ך, משנה, גמרא, און אַפילו זוהר — פון יעדן ספר דעם אָנהייב און דעם סוף. געגעבן האָט מען די תורה ביים באַרג סיני, אָבער יעדן יאָר, יעדן שבועות זיינען יידן מקבל די תורה פון דאָס ניי. אַזוי איז די אַלטע תורה אין לויף פון דורות תמיד געבליבן אַ תורה פון לעבן און דאָס יידישע פאָלק האָט אין לויף פון דורות ניט אויפגעהערט צו פירן אַ לעבן פון תורה.

## שבועות — דער יום־טוב פון מתן־תורה

אין דעם יום־טוב שבועות האָבן מיר דריי מאָטיוון: די נאַטור, די אַרבעט און די תורה. אָט די דריי מאָטיוון: נאַטור, אַרבעט און תורה האָבן באַשטימט און באַשטימען אויך נאָך היינט דעם גאַנצן גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

נאַטור, אַרבעט און תורה — דאָס זיינען די דריי זיילן פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. און פון די עלטסטע צייטן אָן זיינען אַלע קאָנפליקטן אין סאָציאַלן לעבן אַ רעזולטאַט דערפון וואָס מיר האָבן ניט באַוויזן צו געפינען דעם האַרמאָנישן וועג פון קאָאָפּעראַציע צווישן דער פּרימיטיווער מענטשלעכער נאַטור, דעם מענטשן פון אַרבעט און דעם מענטשן פון תורה. און אויך די קאָנפליקטן אינעם לעבן פון דעם יחיד זיינען דער עיקר אַ רעזולטאַט דערפון וואָס מיר קאָנען אָפט ניט געפינען דעם ריכטיקן אויסגלייך צווישן דער חיה און מענטשן, צווישן דעם שעפערישן דראַנג אין יעדן פון אונדז און אונדזער געוויסן. נאַטור, אַרבעט און תורה — דאָס זיינען די צענטראַלע מאָטיוון אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן קולטור־לעבן.

די יידישע רעליגיעזע טראַדיציע איז אַ פּרווו צו געפינען דעם אידעאַלן וועג פון קאָאָפּעראַציע צווישן אָט די פונדאַמענטאַלע כוחות, וואָס לאָזן זיך אַזוי שווער איינשפּאַנען צוזאַמען. יידישקייט איז אַ פּרווו צו פאַרוואַנדלען תורה אין לעבן און לעבן אין תורה.

אין דעם פּרט לאָזט זיך קלאָר רעדן וועגן אַ פּרינציפּיעלן אונטערשייד צווישן דעם יידישן און דעם קריסטלעכן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון לעבן.

די קריסטלעכע פילאָזאָפיע ווערט כמעט אין גאַנצן באַהערשט פון דער מורא פאַר דער מענטשלעכער נאַטור, די מורא פאַר דער מענטשלעכער זינדיקייט. דער קריסטלעכער אידעאַל איז דערפאַר דער אַסקעט, דער נזיר, וואָס פאַרלאָזט די קולטור־וועלט. דער קריסטלעכער מאָנאַך זאָגט זיך אָפּ פון פאַמיליע־לעבן. ער זאָגט זיך אָפּ פון אייגנטום און ער פאַרלאָזט די מענטשלעכע געזעלשאַפט בכלל, ווייל אויך דאָס גאַנצע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבן איז לויט דער קריסטלעכער שיטה פאַרבונדן מיט זינד. די פּראָטעסטאַנטישע ריכטונגען

זיינען אין דעם פּרט אָוועק פון דער קריסטלעכער טראַדיציע, אָבער קיין קלאָרן וועג האָבן די פּראָטעסטאַנטישע דענקער ניט געפונען.

אויך אונדזער מאָדערנע וועלטלעכע קולטור האָט נאָך וווייט ניט געפונען קיין אויסוועג פון אָט דעם פּלאָנטער. זיגמונד פרויד און זיינע תלמידים האָבן געזען דער עיקר דעם נאַטור־מענטשן און די פּרימיטיווע ביאָלאָגישע אינסטינקטן וואָס ווירקן אין אים. אַנטקעגן דעם האָט קאַרל מאַרקס שוין אַ סך פריִער ריכטיק אָפּגעשאַצט די געוואַלטיקע באַדייטונג פון דער מענטשלעכער אַרבעט, פון דעם שעפערישן מענטשן. ער האָט אויך געזען די קאָנפליקטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די רעזולטאַטן פון דער מענטשלעכער אַרבעט. מאַרקס האָט אָנגעוויזן אויף דער ראָל פון קלאַסן־קאַמף אין דער געשיכטע, וואָס איז אַ קאַמף צווישן די רויבערישע אינסטינקטן אין דער מענטשלעכער נאַטור און דעם שעפערישן אַרבעטס־מענטשן. די יאָגעניש נאָך געלט, נאָך עולם־הזה, נאָך עשירות איז געוויס איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פון אַלע סאָציאַלע קאָנפליקטן. אָבער דעם וועג צו תורה, צו אַ פריַיוויליקער דיסציפּלין, האָבן מיר נאָך ניט געפונען.

אין דער געצנדינערישער וועלט, אַריינגערעכנט אַזאַ קולטור־פאָלק ווי די אַלטע גריכן, האָבן די כוחות פון דער נאַטור פאַרנומען אַ דאָמינירנדיקן פּלאַץ אין רעליגיעזן לעבן. רעליגיעז־עטישע מאָטיוון שפּילן לפי ערך אַ גאַנץ באַשיידענע ראָל אין דער אַלטער גריכישער פּאָעזיע און אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע. די פּאָפּולערסטע געשטאַלטן פון דעם גריכישן אָלימפּ, למשל, זיינען גאַנץ ווייט פון דעם אידעאַל פון צדקות. זיי ווערן כסדר געטריבן פון מענטשלעכע ליידנשאַפטן און זיי צייכענען זיך אויס מיט זייערע קריגערישע און עראָטישע אַוואַנטורעס. מיט גאָר ווייניק אויסנאַמען זיינען די גריכישע געטער אויך פריי פון דער זאָרג פון אַרבעט און פון שעפערישער טעטיקייט בכלל. אַפילו די גרויסע גריכישע דענקער ווי פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס האָבן געקוקט מיט אַן אַריסטאָקראַטישן ביטול אויף די אַלע, וואָס זיינען פאַרנומען מיט פּשוטער פיזישער אַרבעט.

אַנטקעגן דעם האָבן די יידישע רעליגיעזע דענקער זיך באַצויגן שטאַרק קריטיש צו דעם קולט פון דער נאַטור. דערפאַר וואָרנט אונדז די תורה כסדר קעגן יעדער פאָרעם פון פאַרגעטערן און פאַרהייליקן די נאַטור. אין דער זעלביקער צייט, אָבער, האָט יידישקייט קיין מאָל ניט אָקצעפּטירט דעם אַסקעטישמאָנאַכישן עקסטרעמיזם, דעם אַסקעטישן פּראָטעסט קעגן דער נאַטור. דער יידישער וועג איז — דיסציפּלינירן און קאָנטראָלירן די נאַטירלעכע אינסטינקטן אין דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט.

אויך בנוגע מענטשלעכער אַרבעט האָבן די יידישע דענקער געזוכט אַ מיטלוועג. די געזעצן פון דער תורה זיינען גאָר אַ סך פאַרנומען מיט רעגולירן די סאָציאַלע באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש און מיט רעגולירן די באַ־

דינגונגען פון אַרבעט בכלל. וואָרים גראָד די מענטשלעכע אַרבעט פאָדערט אַ כסדרדיקן מאָראַלישן קאָנטראָל, און דער יום־טוב שבועות איז אין דעם פּרט באַזונדערס באַלערנדיק.

די קריסטלעכע וועלט האָט זיך אין דעם פּרט כסדר געפּלאָנטערט. דער אַפּאָסטאָל פּוילוס, למשל, האָט אין גאַנצן געלייקנט די נייטיקייט פון אַ רעליגיעזער דיסציפּלין. און דערפאַר האָט ער כסדר פּאָלעמיזירט קעגן דער טראַדיציע פון תורה־יידישקייט, פון אַ רעליגיעזן וועג, וואָס שטיצט זיך אויף גענוי פאָרמולירטע דינים פון מאָראַלישן און רעליגיעזן לעבן. אויך די מאָדערנע קולטור האָט אַ לאַנגע צייט ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון דער תורה־דיסציפּלין. די מאָדערנע דענקער האָבן מייסטנס געגלייבט אין דער נאַטירלעכער מענטשלעכער גוטסקייט. צוליב וואָס דאַן נעמען אויף זיך אַ יאָך פון געשריבענע געזעצן? דער מאָראַלישער מענטש וועט אַליין געפינען זיין וועג, וועט אַליין געפינען דעם ריכטיקן וועג, האָבן אידעאַליסטישע דענקער געטראַכט.

די דערפאַרונג פון אונדזער צייט, אָבער, באַווייזט קלאָר ווי ווייט עס איז וויכטיק פאַרן מענטשן צו האָבן אַ שולחן־ערוך, צו וויסן פאַר זיך אַליין וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט. עס איז ניט ריכטיק, אַז דער מאָראַלישער מענטש קען שטענדיק געפינען זיין וועג.

אויך דער ערלעכסטער צווישן אונדז בייטיקט זיך אין אַ וועגווייזער. מיר באַגעגענען זיך אָפט מיט קריטישע סיטואַציעס, מיר ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין, מיט אונדזער אייגענעם געוויסן. איז אין אַזעלכע קריטישע סיטואַציעס גאָר באַזונדערס וויכטיק צו וויסן גענוי וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט.

מיר קאָנען זיך אויך ניט פאַרלאָזן בלויז אויף די געזעצן פון דער מלוכה. איז עס דאָך געווען גאָר ניט אַזוי לאַנג צוריק ווען די נאַציס זיינען געווען די בעלי־בתים פון דער דייטשער מלוכה. און די פראַגע האָט זיך כסדר געשטעלט פאַרן ערלעכן דייטשן בירגער: זאָל ער פאָלגן די געזעצן פון זיין רעגירונג, וואָס איז געווען אַ רעגירונג פון רשעות, אָדער זאָל ער פאָלגן די געזעצן פון זיין געוויסן?

מלוכה און תורה זיינען צוויי באַזונדערע וועלטן. און אַפילו ווען אונדזער פאָלק האָט געהאַט זיין אייגענע מלוכה האָבן אונדזערע עלטערן אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז די מלכים,, אַפילו אַזאַ מלך ווי דוד, זיינען אָפט ניט מער ווי זינדיקע מענטשן. דעריבער זיינען די געזעצן פון דער תורה גילטיק פאַר אַלעמען, אויך פאַר די פּירער, אויך פאַר די הערשער. האָבן יידן מחמת דעם ניט געפייערט קיין יום־טובים פון דער מלוכה, זיי האָבן אָבער תמיד געהאַלטן הייליק דעם יום־טוב פון דער תורה.

עס איז אַ טעות צו גלייבן, אַז די תורה איז אויפגעצוווּנגען געוואָרן אויפן יידישן פאָלק. אין דער געשיכטע פון מתן־תורה, ביים סיני, ווערט באַזונדערס אַרויסגעבראַכט, אַז די תורה איז אָנגענומען געוואָרן פרייוויליק פון גאַנצן פאָלק.

אַלע יידן, וואָס זיינען געווען ביים באַרג סיני האָבן געענטפערט: נעשה ונשמע. און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן ווערט אָט די שותפות פון גאַנצן פאָלק צו דער תורה קלאָר אַרויסגעבראַכט. כאַראַקטעריסטיש, למשל, איז אין דעם פּרט די באַקאַנטע פאָרמולירונג, וואָס ווערט געניצט ביי דער חתונה־צערע־מאָניע: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל", דו ביסט געהייליקט צו מיר מיט דעם רינגעלע לויטן געזעץ פון משה און פון ישראל. יידישקייט איז ניט נאָר די תורה פון משה רבנו, יידישקייט איז קודם־כל די תורה פון גאַנצן פאָלק, ווייל יידישקייט איז ניט בלויז אַ תורה פון אויסדערוויילטע, נאָר אַ תורה, וואָס ווייזט דעם וועג צום לעבן פאַר יעדן מענטשן.

און ר' לוי יצחק בערדיטשעווער האָט געשריבן:

„גאָט ברוך הוא האָט געגעבן די תורה צו יידן, און יידן זיינען די תורה. געווען זעקס הונדערט טויזנט יידן ביים באַרג סיני און זעקס הונדערט טויזנט אותיות זיינען דאָ אין דער תורה. זעען מיר דאָך, אַז דאָס פאָלק ישראל איז די תורה, וואָרים איטלעכער ייד איז איין אות פון דער תורה".

וואָלט מען אפשר געקאָנט זאָגן: דאָס איז ניט מער ווי דרוש אָדער פּלפּול. באַקענט מען זיך אָבער נענטער מיט דער תורה־טראַדיציע, דאַן ווערט פאַר אונדז קלאָר ווי ריכטיק עס איז די אויסטייטשונג פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. דאָס פאָלק ישראל איז די תורה, דאָס גאַנצע פאָלק, דער יידישער אַרבעטס־מענטש, דער יידישער פאָלקס־מענטש, איטלעכער ייד איז אַן אות פון דער תורה. און ר' לוי יצחק איז ניט געווען דער ערשטער, וואָס האָט די געדאַנקען אַרויס־געזאָגט.

## שבועות אַמאָל און היינט

דער יום־טוב שבועות וואָלט געדאַרפט פאַרנעמען אַ מער חשובן פּלאַץ אין אונדזער היינטיקן אָזוי וואָכעדיקן יידישן לוח. עס איז אַ יום־טוב, וואָס האָט אַ סך צו זאָגן אונדזער דור, אַ יום־טוב פון וועלכן דער היינטיקער מענטש און אונדזער היינטיקע וועלט קאָנען אַ סך לערנען.

די געשיכטע פון דער יידישער דערציִונג הייבט זיך אָן מיט די טעג פון שבת און יום־טוב און אויך אין אונדזער צייט, גלייב איך, זיינען די טעג פון יום־טוב באַרופן צו פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער דערציִונג פון דער יוגנט און אין דעם לעבן פון דער יידישער פאַמיליע בכלל. די יום־טובדיקע טעג זיינען ניט נאָר טעג פון פאַרברענגען און פון אָפּרו, נאָר אויך טעג פון לערנען, און עס איז איבעריק צו באַווייזן, אַז שבועות איז גאָר באַזונדערס אַ צייט פון לערנען סיי פאַר דער יוגנט און סיי פאַר דערוואַקסענע.

דער צענטראַלער מאָטיוו פון אַלע יידישע יום־טובים איז באַנייונג, היינט הייבן מיר אָן פון דאָס ניי. אין דעם יום־טוב פון מתן־תורה איז עס די באַנייונג פון דער סיני־דראַמע: היינט נעמען מיר אָן די תורה, היינט ווערן מיר יידן. דערפאַר לייענט מען שבועות די געשיכטע פון רות (מגילת רות), די מגילה פון די גרים.

דאַרפן יידן זיך פאַרנעמען מיט רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע? איז עס ווינטשנס־ווערט צו געווינען וואָס מער אָנהענגער פאַר דער יידישער אמונה? אַרום דער פראַגע האָבן זיך ביי אונדז געפירט וויכוחים פון די עלטסטע צייטן אָן. לויט דער תלמודישער אגדה האָט אברהם אבינו זיך שוין פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן דעם גלויבן אין איין גאָט. אין תנ"ך ווערן אָחוץ דעם דערמאָנט אַ צאָל פאַלן, ווען פרעמדע האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. אויך די נביאים האָבן געחלומט וועגן אַ צייט, ווען אַלע פעלקער וועלן קומען קיין ציון צו לערנען די וועגן פון דעם איין און איינציקן גאָט, צו לערנען די תורה פון דעם באַשע־פער פון דער וועלט. איז די פראַגע וועגן יידישער אידעישער פּראָפּאַגאַנדע נאָך אַקטועל פאַר אונדז היינט צו טאָג?

אין פלוג קאָן אויסווייזן, אַז מיר זיינען שוין ווייט אַוועק פון דער צייט פון די רעליגיעזע וויכוחים בכלל און פון וויכוחים וועגן יידישקייט בפרט. דאָס איז אָבער נאָר צום טייל ריכטיק. עס האָבן זיך געביטן די פאָרמען, עס האָט זיך אָבער ניט געביטן דער עצם־פאַקט, וואָס דער גאַנצער זין פון אונדזער יידישן קיום ווערט אָפט געשטעלט אונטער אַ פרעג־צייכן. אויך היינט קומט אונדז אויס צו זוכן אַן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס איז אַזוינס יידישקייט? וואָס דאַרף אַ ייד וויסן און וואָס דאַרף אַ ייד טאָן?

אַמאָל האָט מען דיסקוטירט די פראַגע וועגן זוכן גרים צווישן ניט־יידן; היינט שטייט פאַר אונדז די פראַגע — ווי קאָנען מיר פאַרשפּרייטן יידישקייט צווישן יידן, ווי קאָנען מיר מגייר זיין אונדזערע האַלבע און פערטל־יידן? עס קאָן זיין, אַז גראָד אין אונדזער דור איז אידעישע אויפקלערונג — און ביז צו אַ געוויסער מאָס אַפילו אידעישע פּראָפּאַגאַנדע — נאָך מער נייטיק ווי מיט דורות צוריק.

איז יידישקייט אויסשליסלעך אַן ענין פון ירושה, פון יחוס? זיינען מיר יידן בלויז, ווייל מיר זיינען געבוירן געוואָרן ביי יידישע עלטערן, אָדער דאַרף אַ ייד אַ מאָל ביי זיך טראַכטן: אַפילו ווען איך וואָלט ניט געבוירן געוואָרן קיין ייד וואָלט איך פון דעסטוועגן געוואָרן אַ ייד. יידישקייט איז פאַר מיר ניט נאָר אַ פראַגע פון בלינדן גורל, נאָר אויך פון מיין אייגענעם פרייען אויסקלייב. איך בין אַ ייד, ווייל איך האָב אויסגעקליבן צו זיין אַ ייד!

דער זין פון שבועות איז: יעדער דור שטייט ביים באַרג סיני און יעדער דור ענטפערט אויף זיין אופן נעשה ונשמע! מיר וועלן טאָן און מיר וועלן הערן; יעדער דור באַנייט פרייוויליק דעם בונד פון מתן־תורה; יעדער יידישער

דור נעמט אויף זיך פרייוויליק דעם יידישן גורל און די אַחריות פון יידישן לעבן.

אין לויף פון אונדזער לאַנגער געשיכטע זיינען מיר ניט איין מאָל געשטאַנען פאַרן נסיון — זיך אָפּצוזאָגן פון יידישקייט און זיך צו באַפרייען פון דעם יידישן גורל. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגעקליבן דעם גרינגערן וועג. די מוטיקסטע אָבער האָבן מיט עקשנות און מסירת־נפש אָפּגעהיט די יידישע ירושה. איז דאָס געווען בלויז צוליב דער צוגעבונדנקייט צו דער טראַדיציע פון די פריִערדיקע דורות? פאַר וואָס האָבן דאַן אַנדערע פעלקער ניט אַרויסגעוויזן די זעלביקע עקשנות און די זעלביקע גרייטקייט צו מסירת־נפש?

מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו אַסימילירן ווי אַ סך אַנדערע פעלקער. די געלעגנהייטן פון אַסימילאַציע זיינען היינט נאָך גרעסערע ווי אַמאָל. בלייבן אַ ייד איז דעריבער ניט נאָר אַ פראַגע פון ירושה, פון פּאַסיווער טראַדיציע, נאָר אין גאַר אַ גרויסער מאָס פון אַ פּערזענלעכן באַשלוס, פון דעם באַשלוס צו בלייבן אַ ייד און צו דערציִען די קינדער ווי יידן.

פאַראַן דעריבער אַ סך צווישן אונדז, וואָס וואַקלען זיך, וועלכע שטייען אויפן גרענעץ; פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַליין ניט געגעבן דעם קלאָרן ענטפער אויף דער גורלדיקער פראַגע: זיין אָדער ניט זיין אַ ייד. מיר האָבן האַלבע יידן און פערטל־יידן, באַזונדערס צווישן דעם יינגערן דור. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן קיין יידישע דערציִונג בכלל ניט באַקומען, פאַראַן אויך קינדער פון געמישטע עלטערן. פאַר אַט די האַלבע יידן און וואַקלדיקע יידן שטייט מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט די פראַגע: וואָס איז יידישקייט, וואָס פאַרלאַנגט פון מיר יידישקייט?

דערויף פּרוּווט אונדז געבן אַן ענטפער די שבועות־טראַדיציע. דאָ אינטערעסירט אונדז באַזונדערס די געשיכטע פון מגילת רות, אַ מייסטער־ווערק פון ליטעראַרישער קונסט, וואָס צייכנט זיך אָבער אויך אויס מיט איר אידעיִשן אינהאַלט.

עס איז אַ געשיכטע פון אַ יידישער פאַמיליע, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ פרעמד לאַנד. געווען אַ הונגער אין לאַנד פון ישראל אין דער צייט פון די שופטים, האָט דער מאַן אלימלך צוזאַמען מיט זיין פרוי נעמי און זייַנע צוויי קינדער פאַרלאָזט דאָס לאַנד יהודה און זיך באַזעצט אין די פעלדער פון מואב. דאָ, אין דעם פרעמדן לאַנד, איז אלימלך געשטאָרבן, זייַנע צוויי זין האָבן חתונה געהאַט מיט די טעכטער פון מואב און נאָך דעם ווי זיי האָבן דאָ געלעבט אַרום צען יאָר זיינען זיי אויך געשטאָרבן, און נעמי איז געבליבן אַליין אין דעם פרעמדן לאַנד. האָט זי זיך אויפגעהויבן, זי און אירע צוויי שניר, זיך אומצוקערן צוריק אין דעם לאַנד יהודה. האָט נעמי געזאָגט צו אירע שניר: וואָס גייט איר מיט מיר אין אַ לאַנד, וואָס איז אייך פרעמד? קערט זיך אום צוריק צו אייערע פאַמיליעס און זוכט אייער גליק אין אייער לאַנד. נעמי האָט

אַזוי לאַנג גערעדט מיט זיי, ביז איינע פון די שניר האָט זיך אומגעקערט צוריק, אָבער די צווייטע, איר נאָמען איז געווען רות, האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט שיידן מיט נעמין: „ווּ דו וועסט גיין, וועל איך גיין — האָט רות געזאָגט צו נעמין — און ווּ דו וועסט נעכטיקן, וועל איך נעכטיקן, דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין גאָט איז מיין גאָט, ווּ דו וועסט שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן און דאָרט וועל איך געפינען מיין רו. איך שווער ביי גאָט, אַז נאָר דער טויט וועט צעשיידן צווישן אונדז". אַזוי האָט רות פאַרלאָזט איר לאַנד און איר פאָלק און האָט זיך באַהעפט מיטן פאָלק פון ישראל.

אין דעם לאַנד יהודה האָט רות דאָן געפונען איר גליק און איר היים. זי האָט חתונה געהאַט מיט איינעם פון די נאָענטסטע קרובים פון איר פאַר־שטאָרבענעם מאַן, ווי עס איז געווען דער מנהג אין יענער צייט, און האָט זוכה געווען אויפצושטעלן אַ הויז אין ישראל. עס איז געווען דאָס הויז, פון וועלכן עס איז שפּעטער אַרויסגעקומען דוד בן ישי, דער קעניג פון יהודה און ישראל.

דעם מחבר פון מגילת רות איז זיכער ניט איינגעפאַלן צו וואַרפן דעם מינדסטן שאָטן אויפן יחוס פון דודס משפּחה. פאַרקערט, די געשיכטע פון רות וויל אונדז לערנען — ווי גרויס עס איז דער זכות פון די, וואָס באַהעפטן זיך מיטן גאַנצן האַרצן אין דעם גאָט און אין דעם פאָלק פון ישראל ווי רות האָט דאָס געטאָן.

די געשיכטע פון רות האָט צוויי העלדן: די יונגע רות און נעמי, די מוטער פון איר ערשטן מאַן. דער דיכטער זאָגט עס אונדז ניט אין ווערטער, ער לאָזט אונדז אָבער פאַרשטיין, אַז די ראָל פון נעמי איז דאָ ניט ווייניקער וויכטיק ווי די ראָל פון רות. אויך אין דעם פרעמדן לאַנד האָט די עלנטע נעמי באַוויזן אָפּצוהיטן דעם וועג פון ישראל. זי האָט עס אָפּגעהיט מיט אַזוי פיל ליבע און געטרייקייט, אַז אויך איר שנור, די יונגע רות, איז געוואָרן אַ געטרייע טאָכטער פון ישראל.

נעמי האָט ניט געפּרעדיקט קיין יידישקייט, זי האָט זיך ניט פאַרנומען מיט רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. איר לעבן איז אָבער געווען די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן גאָט פון ישראל און פאַרן פאָלק פון ישראל. און ווען זי האָט ביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון מואב געפּרוווט צורעדן די יונגע רות, זי זאָל פאַרבלייבן מיט איר משפּחה, האָט רות געענטפערט: דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין גאָט איז מיין גאָט.

אַזוי איז רות, די טאָכטער פון מואב געוואָרן די גייסטיקע טאָכטער פון נעמי. און דורך דעם איז די עלנטע נעמי, וואָס האָט פאַרלוירן איר מאַן און אירעביידע קינדער, ווידער אויפגעריכט געוואָרן. ווען רות איז געוואָרן אַ מוטער — דערציילט אונדז דער מחבר — האָט נעמי דאָס קינד אויפגעהאָדע־וועט און אירע שכנות האָבן געזאָגט: „אַ זון איז געבוירן געוואָרן צו נעמי"

(ילד בן לנעמי). דאָס קינד פון רות איז געוואָרן נעמיס קינד, ווייל גייסטיק איז רות געוואָרן נעמיס טאָכטער.

אויך אין דער פרעמד — וויל אונדז לערנען די געשיכטע פון רות — איז אַ ייד ווייט ניט פאַרלוירן. ער קאָן בלייבן געטריי זיין פאָלק און דורך זיין לעבן, דורך זיינע מעשים, קאָן ער פאַרשאַפן כבוד זיין פאָלק און זיין גלויבן. און אַפילו ווען דער גורל טרעפט אַ מענטשן שווער און ביטער, טאָר מען ניט פאַר־צווייפלען. אַזוי לאַנג ווי אַ מענטש טוט גוטע מעשים, איז זיין לעבן ניט פאַרלוירן.

די פּראָבלעמען פון נעמי און רות זיינען אַקטועל אויך אין אונדזער צייט. די געשיכטע פון רות וויל אונדז ניט לערנען, אַז יידן דאַרפן אויפגעריכט ווערן דורך גרים. יידיש לעבן דאַרף אָבער זיין אַזוי, אַז אויב אַ מאָדערנע רות וועט קומען צו אונדז און זאָגן: אייער פאָלק איז מיין פאָלק און אייער גלויבן איז מיין גלויבן, דאַרף דער ייד וויסן וואָס צו ענטפערן. ער דאַרף לפּחות וויסן, וואָס איז יידיש גלויבן און וואָס מיינט יידיש לעבן.

## „נעשה ונשמע"

שבועות איז דער יום־טוב פון יידישער ראָמאַנטיק, עס איז דער יום־טוב פון יענער גרויסער ליבע, וואָס האָט אונדזער פאָלק געבראַכט אַזוי פיל פרייד און אַזוי פיל ליידן. שוין ביי די נביאים באַגעגענען מיר די פאַרשטעלונג וועגן דער ליבע צווישן דעם פאָלק פון ישראל און דעם גאָט פון ישראל. אַנגעהויבן האָט עס זיך נאָך אין מדבר: „אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך געדענק דיר די געטרייקייט פון דיין יוגנט, די ליבשאַפט פון דיין כלה־צייט, געגאַנגען ביסט דו נאָך מיר אין דעם מדבר, אין אַ לאַנד ניט געזייט". אָט די אידעע ווערט דאָן ווייטער אַנטוויקלט אין דער תלמודישער ליטעראַטור און באַזונדערס אין אייניקע תפילות פון דעם שבועותדיקן מחזור. אין דעם זעלביקן זינען זיינען אויך אויסגעטייטשט געוואָרן די ווונדערלעכע ליבע־לידער פון שיר־השירים. עס זיינען די ליבע־געזאַנגען, דערקלערט אונדז די טראַדיציע, צווישן דער כנסת ישראל און דעם באַשעפער.

פאַראַן אַ סך געזאַנג אין דער תורה. עס וועט אפשר זיין ריכטיקער צו זאָגן, אַז די גאַנצע תורה איז איין געזאַנג. אַ געזאַנג פון ליבע צווישן מענטש און גאָט, צווישן מענטש און וועלט, צווישן מענטש און מענטש. לערנען דע־ריבער יידן תורה מיט אַ ניגון, מיט התלהבות און דבקות, ווי עס זינגט אַ פאַרליבטע ווען זי בענקט נאָך איר ליבסטן.

ווער עס איז ניט פעיִק אָפּצושאַצן, וויפל פרייד דאָס לערנען תורה האָט

אַריינגעבראַכט אין אונדזער לעבן, דער קאָן ניט פאַרשטיין דעם יידישן מענטשן און די יידישע געשיכטע. לערנען לשמה, לערנען צוליב לערנען, צוליב אהבת התורה, איז דאָך געווען דער גרונט־מאָטיוו פון דער גאַנצער יידישער תורה־קולטור.

עס איז פאַרשפּרייט די פאַרשטעלונג אַז דער גאָט פון ישראל איז אַ שטרענגער גאָט, אַן אל קנא, און אַז די תורה פון ישראל איז אַ שטרענגע תורה, אַ תורה, וואָס לייגט אַרויף אַ שווערן יאָך פון פליכטן און מצוות אויפן מענטשן. וואָלט אָט די פאַרשטעלונג געווען ריכטיק, דאַן וואָלט די פרייד מיט דער תורה געווען אין גאַנצן אומפאַרשטענדלעך. מיר ווייסן אָבער געווי, ווי שטאַרק די יידן האָבן זיך געפרייט מיטן יאָך פון דער תורה, פּונקט ווי אַ פאַרליבטער איז גליקלעך מיטן יאָך און אַפילו מיט די יסורים פון ליבע. איך בין ווייט ניט קיין קעגנער פון גערעדטע שידוכים, געווען אַ סך זין דערין און אַ סך ליבע דערין. דער שידוך צווישן יידן מיטן רבונו־של־עולם און צווישן יידן מיט דער תורה איז אָבער לכל הדעות געווען אַ שידוך פון ריינסטער הימ־לישער ליבע.

לייענען מיר דעריבער שבועות די ווונדערלעכע אידיליע פון מגילת־רות. עס איז די געשיכטע פון אַ ניט־יידישער פרוי, וואָס איז געבליבן געטריי איר יידישן מאַן אויך נאָך זיין טויט. עס איז אָבער אַ סך מער. די ווונדערלעכע גע־שיכטע פון רות, וואָס איז געוואָרן אַזאַ איבערגעגעבענע יידישע טאָכטער, איז באַזונדערס סימבאָליש פאַרן יום־טוב פון מתן־תורה, פאַר דער אידעע פון שבועות.

וואָס איז היינט יידישקייט? וואָס דאַרפן מיר און וואָס קאָנען מיר היינט פאַרלאַנגען פון דעם יידישן מענטשן? און דער עיקר: וואָס קאָן יידישקייט דעם יידישן מענטשן געבן?

פאַראַן אַ סך צווישן אונדז, וואָס גלייבן, אַז יידישקייט אין אונדזער צייט איז נאָר אַ פּראָבלעם פון ירושה, פון דרך־ארץ און ליבע צו דער יידישער פאַר־גאַנגענהייט. פאַר אונדזער צייט וואָלט אַזוי אַרום די געשיכטע פון רות געווען אַן אומזין. וואָס האָט אַ ניט־יידישע פרוי צו זוכן אין דער איר־אַזוי־פרעמדער יידישער וועלט? און צו וואָס, אגב, נעמען אויף זיך דעם שווערן יאָך פון יידישן גורל און יידישע ליידן?

מיר פאַרנעמען זיך ניט מיט פאַרשפּרייטן יידישקייט צווישן ניט־יידישע „גויים". מיר מוזן זיך אָבער יאָ פאַרנעמען מיט פאַרשפּרייטן יידישקייט צווישן „יידישע גויים". צוליב אַ גאַנצער ריי טעמים איז די רות־פּראָבלעם היינט נאָך מער אַקטועל ווי אַמאָל, אין דער צייט פון שופטים. פאַראַן קודם־כל אַ היפּש ביסל פאַלן ווען ניט־יידישע פרויען שטייען פאַר דער פראַגע, ווי זיך איינצו־גלידערן אין דעם יידישן כלל. די פראַגע איז באַזונדערס שווער, ווייל די היינ־טיקע רות געפינט זעלטן די נייטיקע מאָראַלישע אונטערשטיצונג אין אַ יידישער

סביבה. די אַמאַליקע רות איז אַוועק פון איר פאָלק און האָט זיך באַהעפט מיטן גאַנצן יידישן כלל. איר לערערין און וועגווייזערין איז געווען נעמי, די מוטער פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן. ווו איז די הייַנטיקע נעמי, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן די וועגווייזערין פון דער הייַנטיקער רות? און די פראַגע שטעלט זיך אין איר פולער שאַרפקייט: איז יידישקייט בלויז ירושה, אָדער איז יידישקייט אויך אַן אידעע?

מיר מוזן זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז יידישקייט קאָן ניט זיין און טאָר ניט זיין בלויז ירושה. עס איז ניט בלויז אַ פראַגע פון אַ טראַגישן גורל, וואָס מען איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, יידיש לעבן מוז אויך דעם יידישן מענטשן געבן פרייד. דער ייד וועט קאָנען געפינען אַ זין און אַן אינהאַלט אין זיין פערזענ־לעכן לעבן אויב ער וועט באַגרייפן דעם זין און דעם אינהאַלט פון דער יידי־שער אידעע.

וואָס איז אייגנטלעך דער טיפערער זין פון שבועות? פאַראַן יידישע דענקער, וואָס האַלטן, אַז יעדער יום־טוב איז אַן איבערחזורונג פון אַ וויכטי־קער געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע. פסח, למשל, איז ניט בלויז אַ יום־טוב צום אָנדענק פון יציאת־מצרים, נאָר עס איז אַן אמתער יציאת־מצרים. יעדן פסח ווערט דער ייד אַ פרייער מענטש, ווי ער וואָלט הייַנט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. אַזוי איז אויך מיטן יום־טוב שבועות. איטלעכער ייד דאַרף ביי זיך טראַכטן און פילן, אַז אָט הייַנט האָט מען אונדז געגעבן די תורה, אָט שטייען מיר אַלע ביים באַרג סיני, און אַלע ענטפערן מיר: „נעשה ונשמע", מיר וועלן הערן און פאָלגן!

פון צייט צו צייט ווערט כמעט יעדער יונגער ייד געשטעלט פאַר דער גורלדיקער פראַגע: ווילסטו באמת בלייבן אַ ייד? ווילסטו ווערן אַ שותף צו יידיש לעבן און יידישער געשיכטע? מיר מוזן זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז אויב מען וויל שטאַרק, קאָן מען הייַנט „פּטור ווערן" פון דעם יידישן יאָך און דעם יידישן גורל. די מעגלעכקייט איז לפּחות אַ קאָנקרעטע פאַר אַ טייל פון דער יידישער יוגנט. אין אַזעלכע קריטישע מאָמענטן, ווען אַזאַ טראַגישע פראַגע ווערט געשטעלט פאַרן יחיד, איז אָפט מאָל ליבע און לאָיאַליטעט צום אייגענעם פאָלק און צו דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט ניט גענוג. עס איז ניט גענוג דער־פאַר, ווייל אונדזער יוגנט ווייסט, לײדער, אַזוי ווייניק וועגן דער יידישער פאַרגאַנגענהייט.

איז ממילא גראָד פאַר אונדזער דור די ווידעראויפלעבונג פון דעם יום־טוב שבועות ווי אַ יום־טוב פון דער יידישער אידעע אויסערגעוויינטלעך וויכטיק.

# דער יום־טוב פון גייסט און אַרבעט

דער יום־טוב שבועות האָט געהאַט ווייניקער מזל ווי די אַנדערע יידישע יום־טובים. מען האָט אַפילו אַ געפיל, אַז שבועות איז אַ באַעוולטער יום־טוב — אין גאַנצן צוויי טעג. מען זעט זיך ניט אַרום און שוין — אויס יום־טוב. עס פעלן אַחוץ דעם די אויסערלעכע עפעקטן, ווי אַ סדר, אַ סוכה, אַן אתרוג, וואָס גיבן־צו אַזוי פיל פאַרביקייט די אַנדערע יידישע יום־טובים.

פאַראַן נאָך אַ סיבה פאַר וואָס דער יום־טוב שבועות האָט אַזוי ווייניק אויסגענומען ביי אַ סך פון אונדזערע מאָדערנע יידן. שבועות איז לויט דער טראַדיציע דער יום־טוב פון דער תורה (זמן מתן תורתנו), ווען דאָס פאָלק ישראל האָט זיך פאַרזאַמלט ביים באַרג סיני צו הערן גאָטס וואָרט. זייַנען מיר אָבער היינט ניט אין גאַנצן זיכער, צי אונדזערע עלטערן זייַנען טאַקע געווען גערעכט ווען זיי האָבן געענטפערט נעשה ונשמע און האָבן אויף זיך גענומען דעם יאָך פון דער תורה. אַז אַרויסגיין פון מצרים איז געווען אַ גוטע זאַך, אין דעם איז ביי אונדז קיין ספק ניטאָ. פון פרייהייט האַלטן מיר אַלע. דערפאַר איז ביי אונדז אַזוי אָנגענומען דער יום־טוב פסח, דער סימבאָל פון פרייהייט. עס איז אָבער שווער צו באַווייזן, אַז מיר האָבן געמוזט נעמען אויף זיך די תורה מיט אַזוי פיל מצוות. לעבן דאָך געבוג פעלקער אויף דער וועלט, און אפשר לעבן זיי נאָך גליקלעכער פון אונדז, אָן אַ תורה! פאַרשטייען מיר דעריבער ניט די שמחה פון זמן מתן תורתנו.

אין גאַנצן זיך אָפּזאָגן פון שבועות האָבן מיר פון דעסטוועגן ניט געקאָנט ביי זיך פועלן. האָבן מיר געפונען אַ שטיקל תירוץ. אין חומש ווערט שבועות אויך באַצייכנט מיטן נאָמען יום־הביכורים, עס איז דער יום־טוב פון דאַנק פאַר דער גערעטעניש אויף די פעלדער, ווען דער פויער ברענגט פאַר גאָט אַ מתנה די ערשטע צייטיקע פרוכט פון דעם יאָר, די ביכורים. דער מנהג פון ברענגען די ביכורים ווערט אין היינטיקן ישראל דורכגעפירט מיט באַזונדערער פייער־לעכקייט.

און דאָך, בין איך זיך מודה, איז מיר אויך נאָך היינט נענטער צום האַרצן דער יום־טוב פון זמן מתן תורתנו ווי דער יום־טוב פון ביכורים. שבועות איז דער ווירקטיקסטער עדות פון דעם גרויסן קאַמף, וואָס אונדזער פאָלק האָט געפירט פאַר דער אידעע פון מענטשלעכקייט. די פראַגע איז — ווער איז דער בעל־הבית איבער וועמען: די נאַטור איבערן מענטשן, אָדער דער מענטש איבער דער נאַטור? דער יום־טוב שבועות איז דער סימבאָל פון מענטשלעכער פרייהייט אין אַ סך אַ העכערן זין ווי דער יום־טוב פסח. עס איז דער יום־טוב פון מענטשלעכקייט.

די זיבן וואָכן צווישן פסח און שבועות זייַנען די וואָכן פון שווערער אַרבעט. עס איז די צייט פון שניט, ווען מען נעמט אין ישראל אַראָפּ די תבואה

פון די פעלדער. דערפאַר הייסט שבועות אויך דער יום־טוב פון שניט, חג הקציר. דער טיפערער זין פון שבועות איז אָבער ניט אַזוי די פרייד מיטן שניט ווי מיט די געזעצן פון דער שניט־צייט (חוקת קציר). די יידישע טראַדיציע האָט בשום אופן ניט געקאָנט דערלאָזן, אַז אין דער שווערער שניט־צייט זאָל דער מענטש אין גאַנצן איינגעשלונגען ווערן פון דער אַרבעט, ער זאָל ווערן דער קנעכט פון דער נאַטור. זיינען דעריבער באַשטימט געוואָרן געזעצן פאַר דער צייט פון שניט. עס ווערט, למשל, אין חומש קלאָר געזאָגט, אַז שבת דאַרף אויך אָפּגעהיט ווערן אין דער צייט ווען מען אַרבעט אויף די פעלדער: זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען, אויך אין דער אַקער־צייט און אין דער שניט־צייט זאָלסטו רוען (ששת ימים תעבוד וביום השביעי תשבת בחריש, בקציר תשבת). און כדי דער פאַרנומענער און פאַרהאָרעוועטער אַרבעטס־מענטש זאָל ניט פאַרגעסן ווען שבת איז, האָט די תורה אָנגעזאָגט, מען זאָל צווישן פסח און שבועות ציילן די טעג און די וואָכן: „זיבן וואָכן זאָלסטו ציילן פון דעם טאָג ווען מען הייבט־אָן דעם שניט (שבעה שבועות תספר לך מהחל חרמש בקמה). יעדן זיבעטן טאָג מוז מען אָפּשטעלן די אַרבעט, און ווען מען פאַרענדיקט ציילן זיבן וואָכן פייערט מען דעם יום־טוב פון די וואָכן, דעם יום־טוב שבועות .אַזוי סימבאָליזירט שבועות, דער יום־טוב פון די וואָכן, די פרייהייט פון דעם אַרבעטס־מענטשן. ניט די נאַטור נאָר דער מענטש באַשטימט די געזעצן פון שניט און די געזעצן פון דער אַרבעט.

די חוקות הקציר, די געזעצן פון שניט, האָבן זיך פאַרנומען ניט בלויז מיט דער פראַגע פון אַרבעט און רו. אַ צווייטער, אפשר נאָך וויכטיקער פראָבלעם, איז די גאַנצע באַציִונג צום רעזולטאַט פון דער אַרבעט, די תבואה וואָס מען נעמט אַראָפּ פון פעלד. וועמען דאַרף געהערן די גערעטעניש?

איז דער בעל־הבית פון פעלד טאַקע דער איינציקער בעל־הבית פון דער תבואה, וואָס די ערד ברענגט אַרויס יעדעס יאָר? דער טראַדיציאָנעל־יידישער צוגאַנג צו דער פראַגע איז געווען גאָר אַ באַזונדערער.

קודם־כל איז דער מענטש מחוייב צו דאַנקען דעם באַשעפער פון הימל און ערד. דאַרף מען, מחמת דעם, די ערשטע פרוכט פון באָדן ברענגען אַ מתנה פאַר גאָט. דאָס איז דער זין פון חג הביכורים. אַ סך וויכטיקער איז געווען אַ צווייטער מנהג. אויך אָרעמע מענטשן האָבן זייער חלק אין די פירות פון פעלד. פאַר דעם צוועק איז באַשטימט, אַז אַלץ וואָס די אַרבעטער לאָזן איבער אויפן פעלד, אָדער וואָס זיי פאַרגעסן צו נעמען פון פעלד (לקט, שכחה), געהערט צו די אָרעמע. אין צייטן פון שניט זיינען די אָרעמסטע און עלנטסטע אויך שותפים צו דער ברכה פון גאָט און צו דער שמחה פון פאָלק .די געבאָטן פון ברידערלעכקייט און סאָלידאַריטעט געהערן צו די געזעצן פון שניט.

עס איז מחמת דעם ניט קיין צופאַל, וואָס שבועות לייענט מען מגילת־רות.

אונדז אינטערעסירט דאָ באַזונדערס די באַשרייבונג ווי רות איז אין די טעג פון שניט געגאַנגען אויפן פעלד פון בועז קלייבן די זאַנגען. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן איר צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט און קיינער האָט אויף איר ניט געקוקט ווי אויף אַ פרעמדער.

די שמחה פון שניט טאָר ניט געפייערט ווערן בלויז פון די, וואָס האָבן זייערע אייגענע פעלדער. „און דו זאָלסט דיך פרייען פאַר דיין גאָט — לייע־נען מיר — דו און דיין זון און דיין טאָכטער און דיין קנעכט און דיין דינסט און דער לוי, וואָס איז אין דיינע טויערן, און דער פרעמדער און דער יתום און די אלמנה" (ושמחת לפני ה' אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי אשר בשעריך והגר והיתום והאלמנה).

פאַראַן אַ מערקווערדיקער מנהג צו עסן שבועות מילכיקס. שוין אין שולחן־ערוך ווערט געזאָגט: מען איז זיך נוהג אומעטום דעם ערשטן טאָג שבועות צו עסן אַ מילכיקן מאַלצייט... עס איז כדאַי דערביי צו באַמערקן, אַז אין דעם טאָג פון שבועות איז מען אין אַ סך געגנטן ניט געווען אַזוי שטרענג אָפּגעהיט מיט די דינים פון מילכיקס און פליישיקס. מען פלעגט ניט אָפּוואַרטן די גאַנצע זעקס שעה נאָכן עסן פלייש און אין אַנדערע ערטער פלעגט מען באַלד נאָך דעם מילכיקן מאַלצייט עסן פליישיקס.

עס איז דאָ אַ גרונד צו גלייבן, אַז אין דעם איסור פון מילכיקס מיט פליי־שיקס שפּיגלט זיך אָפּ אַן אַלטער אידעיִשער קאַמף, וואָס דער מענטש האָט אַמאָל געפירט מיט זיך אַליין, און וואָס איז אויך ניט פאַרענדיקט אין אונדזער צייט.

ווער האָט אונדז געגעבן דאָס רעכט, האָבן מענטשן אָפט געפרעגט, צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַ בהמה און צו עסן איר פלייש? פרעגן גרויסע רעלי־גיעזע באַוועגונגען, וועלכע האָבן שטרענג פאַרבאָטן דאָס פאַרגיסן בלוט פון פון בעלי־חיים. אויך ביי יידן האָבן אַ סך געגלייבט, אַז ווען משיח וועט קומען, וועלן ניט נאָר מענטשן, נאָר אַפילו די חיות פון פעלד אויפהערן עסן פלייש. די יידישע געזעצגעבונג האָט געפּרוווט אויסגעפינען אַ מיטעלן וועג. עס איז ניט אין גאַנצן פאַרבאָטן געוואָרן דאָס עסן פלייש, עס איז אָבער אין דער זעלביקער צייט אויך געזאָרגט געוואָרן פאַר די בעלי־חיים און עס איז שטרענג פאַרווערט יעדע גרויזאַמקייט לגבי גאָטס באַשעפענישן.

די באַציִונג פון מענטשן צו די בעלי־חיים איז אַ דאָפּלטע: דער מענטש איז פון איין זייט דער הערשער איבער די בעלי־חיים, וואָס געפינען זיך אין זיין רשות; פון דער צווייטער זייט, אָבער, איז די בהמה אָפט דער נאָענטסטער חבר פון דעם מענטשן. די חברישע באַציִונג צווישן מענטשן און בעל־חי איז וווּנדערלעך באַשריבן אין שלום עליכמס טביה דער מילכיקער. טביהס פערדל איז ניט קיין שטומע בהמה, נאָר אַ חבר און אַ שותף, מיט וועמען ער שמועסט זיך דורך אונטערוועגס. און טביה פאַרשטייט אַפילו דאָס געמיט פון זיין אָרעמער בהמה — יודע צדיק נפש בהמתו.

אַט־די דאָפּלטע באַציִונג קומט צום אויסדרוק אין דעם אופן ווי מיר „עקספּלואַטירן" די בהמה. ווען דער מענטש באַנוצט די מילך פון דער בהמה איז זיין באַציִונג צו איר אַ חברשע. דאָ איז פאַראַן אַ שותפות צווישן צוויי באַ־שעפענישן אויף גאָטס וועלט. ווען דער מענטש אָבער באַנוצט דאָס פלייש פון דער בהמה הערט די שותפות אויף. דאָ ווייזט זיך דער מענטש אַרויס ווי דער ברוטאַלער הערשער.

געווען אַן אַלטער געצנדינערישער מנהג אין די טעג פון יום־טוב, און ווי עס ווייזט אויס טאַקע אין דעם יום־טוב פון שניט, צו ברענגען אַ קרבן פאַר גאָט אַ יונג ציגעלע געקאָכט אין דער מילך פון דער מוטער. מיט דעם איז פאַרבונדן, ווי אייניקע געלערנטע גלייבן, דער איסור צו מישן מילך מיט פלייש. דריי מאָל ווערט אין חומש איבערגעחזרט דאָס געבאָט „דו זאָלסט ניט קאָכן קיין ציגעלע אין דער מילך פון איר מוטער" (**לא תבשל גדי בחלב אמו**).

שוין דער רמב"ם האָט ריכטיק באַמערקט, אַז דער איסור פון מילכיקס מיט פליישיקס איז אַ פּראָטעסט קעגן אַ פריִערדיקן געצנדינערישן מנהג (**ואיסור בשר בחלב... קרוב בעיני, שיד בו לעבודה זרה**). די זעלביקע מיינונג האָט אויך אַרויסגעזאָגט דער העברעיִשער דיכטער ביאַליק אין זיין באַקאַנטן עסיי „הלכה ואגדה". מיר קאָנען אָבער גיין אַ טריט ווייטער. איך גלייב, אַז עס זיינען נאָך מער גערעכט יענע מפרשים, וועלכע האַלטן, אַז דער איסור פון קאָכן אַ ציגעלע אין דער מילך פון דער מוטער איז אַ פּראָטעסט קעגן דער גרויזאַמ־קייט (**כי אכזריות לב הוא לבשל הגדי עם חלב אמו**). דעריבער איז עס אַ מצווה שבועות צו עסן מילכיקס. אויך אין דער באַציִונג צו בעלי־חיים טאָרן מיר ניט פאַרלירן אונדזער מענטשלעכקייט.

עס קאָן, דוכט מיר, קיין ספק ניט זיין, ווי דאָס האָט שוין ריכטיק באַ־מערקט סיי דער רמב"ם און סיי חיים־נחמן ביאַליק, אַז די מצווה פון **לא תבשל גדי בחלב אמו** (דו זאָלסט ניט קאָכן קיין ציגעלע אין דער מילך פון זיין מוטער) איז דירעקט פאַרבונדן מיט די יום־טובים, און דער עיקר מיט דעם יום־טוב שבועות. דער רמב"ם ברענגט דערביי אַלס באַווייז דעם פאַקט, וואָס אין צוויי שטעלן איז דער פּסוק **לא תבשל גדי בחלב אמו** פאַרבונדן מיט דער מצווה פון יום־טוב (**וראיה לדבר, לפי דעתי, שבשני המקומות הראשונים שנזכר בהם איסור בשר בחלב... הוסמך למצות עליה לרגל**).

די אידעע פון שבועות, פון זמן מתן תורתנו, איז די אידעע פון מענטש־לעכקייט. דער מענטש דאַרף קאָנטראָלירן די נאַטור, און ניט די נאַטור דעם מענטשן. דאָס דאַרף קומען צום אויסדרוק אין דער אַרבעט, אין די געזעצן פון אַרבעט, און אויך אין דעם אופן פון לעבן, אַפילו אין דעם אופן פון עסן און טרינקען. שבועות איז דער סימבאָל פון תורה און אַרבעט, פון אַ תורה, וואָס דערהייבט די אַרבעט און פון אַ לעבן, וואָס ווערט געלייטערט דורך דער תורה.

## וואָס האָבן יידן געגעבן דער וועלט?

די עשרת הדברות זיינען בלי ספק דער וויכטיקסטער דאָקומענט אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור. און וויכטיק איז דאָ ניט נאָר דער אינהאַלט, נאָר אויך די פאָרעם, דער אופן ווי די רעליגיעזע און מאָראַלישע פאָדערונגען צום מענטשן זיינען דאָ פאָרמולירט און פּראָקלאַמירט געוואָרן. דאָס זיינען אַבסאָלוטע און קאַטעגאָרישע פאָדערונגען, וועלכע לאָזן זיך ניט דיסקו־טירן און פון וועלכע מען קאָן גאָר ניט אָראָפּדינגען; ניטאָ דאָ קיין פּלאַץ פאַר פּשרות און אויסטייטשונגען, ווייל מיר שטייען דאָ פאַר אונדזער אייגענעם גע־וויסן און פאַרן געוויסן פון דער וועלט.

די עשרת הדברות הייבן זיך אָן מיט די ווערטער: „איך בין ה׳ דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט. דו זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער לעבן מיר״. עס איז דער פּרינציפּ פון מאָנאָטעיִזם, פון דעם גלויבן אין איין־און־איינציקן גאָט, דעם באַשעפער פון דער וועלט.

וואָס איז דער טיפערער זין פון מאָנאָטעיִזם? מיט וואָס דערקלערט זיך די געוואַלדיקע ווירקונג פון תנ״ך און פון די נביאים? דער איינציקער ענטפער איז, דוכט מיר — מאָנאָטעיִזם מיינט גלויבן אין אַ מאָראַלישער וועלט־אָרדע־נונג. עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, עס איז פאַראַן אַ געוויסן פון דער וועלט, און אַלע וואָס קעמפן פאַר גערעכטיקייט פירן־אויס גאָטס ווילן אויף דער ערד.

און נאָך וויכטיקער איז, וואָס דער יידישער מאָנאָטעיִזם האָט ביי אונדז געמאַכט אוממעגלעך יעדן געדאַנק וועגן דער פאַרגעטערונג פון מענטשן, פון מענטשלעכע פירער און הערשער. יידן האָבן אַנערקענט נאָר איין־איינציקן הערשער אויף דער וועלט — דעם מלך מלכי המלכים.

דער גאָט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צו די קינדער פון ישראל ביים באַרג סיני, האָט זיי באַפרייט ניט נאָר פון דער קנעכטשאַפט אין מצרים, נאָר פון יעדן סימן פון קנעכטשאַפט בכלל. אַלע קאַמפן קעגן די אונטערדריקער, סיי אייגענע און סיי פרעמדע, זיינען ביי יידן געפירט געוואָרן אין נאָמען פון דעם גלויבן, אַז אַ ייד קאָן ניט זיין קיין קנעכט ביי מענטשן, ווייל ער איז דער דינער פון גאָט.

מיטן פּרינציפּ פון מאָנאָטעיִזם איז תמיד געווען פאַרבונדן די אידעע פון מלכות־שמים, פון דעם אידעאַל פון גאָטס קעניגרייך, צו וועלכן מיר אַלע דאַרפן שטרעבן. דערפאַר האָבן מיר אויך קיין מאָל ניט שלום געמאַכט מיט דער וועלט ווי זי איז, מיט די מעכטיקע פון דער וועלט.

יהרג ואל יעבור — בעסער באַצאָלן מיטן אייגענעם לעבן איידער פאַרגיסן אומשולדיק בלוט. אַזוי האָט דער יידישער מאָנאָטעיִזם געשאַפן די אידעע פון

קידוש־השם, פון הייליקן גאָטס נאָמען, אַפילו פאַרן פּרייז פון אייגענעם לעבן, ווען אין קאָן שטייען די העכסטע און הייליקסטע פּרינציפּן פון מאָראַל און גלויבן.

דער יידישער מאָנאָטעיזם איז געווען און געבליבן דער שאַרפסטער פּראָ־טעסט קעגן דער עבודה־זרה פון מאַכט און מענטשלעכער דיקטאַטור. דאָס איז דער טיפערער זין פון דעם געבאָט — דו זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדער גאָט לעבן מיר. „ניט מיט מאַכט און ניט מיט קראַפט, נאָר מיט מיין גייסט, זאָגט גאָט" (לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח אמר ה'). און די גאַנצע נביאישע ליטע־ראַטור איז פול מיט אַט דער ביטול־באַציונג צו מענטשלעכער מאַכט און די הערשערישע מאַכט־אַמביציעס.

און דעריבער איז די פראַגע: איז מעגלעך דעמאָקראַטיע אין אַ גאָטלאָזער וועלט, אין אַ וועלט, וואָס האָט פאַרלוירן אירע מאָראַלישע סטאַנדאַרטן, איר גלויבן אין אייביקע און הייליקע ווערטן, פאַר וועלכע עס לוינט צו קעמפן און עס איז כדאי זיך מוסר נפש צו זיין?

אין קיין שום רעליגיעזער ליטעראַטור אין דער וועלט ווערן די אָרעמע, שוואַכע און באַשיידענע ניט אַזוי דערהויבן און פאַרהייליקט ווי אין תנ"ך. ווער זיינען דען די העלדן פון די געזאַנגען פון תהילים — די באַעוולטע, די וואָס גייען אַרום מיט אַ צעבראָכן האַרץ און אַ שווערן געמיט. דערפאַר אָבער קאָן גאָט ניט פאַרטראָגן די מעכטיקע און די שטאָלצע. גאווה ווערט אין תלמוד פאַרגליכן צו עבודה־זרה. און יעדער מענטש, וואָס האָט גאווה אין זיך, זאָגט ברוך־הוא וועגן אים: „איך און ער קאָנען ניט וווינען אין איין וועלט צוזאַמען (אין אני והוא יכולין לדור בעולם). ניטאָ קיין פלאַץ אויף דער וועלט פאַר גאָט און פאַר אַ דיקטאַטור, פאַר מאָראַל און דער עבודה־זרה פון מאַכט.

דערפאַר האָט היטלער, ימח שמו, אַזוי באַקעמפט די יידישע מאָראַל און די יידישע טראַדיציע.

און אפשר איז עס אויך ניט קיין צופאַל, וואָס אונטערן רעזשים פון דער רוסישער גאָטלאָזער דיקטאַטור ווערט לעצטנס אָפּגעווישט יעדער שפּור פון יידישן גייסטיקן לעבן. ניטאָ אויף דער וועלט קיין פלאַץ פאַר דיקטאַטור און יידישקייט!

## תורה, פאָלק און מלוכה

רעשטלעך פון דעם אַמאָליקן כאַראַקטער פון דעם יום־טוב שבועות זיינען נאָך פאַרבליבן ביז צו אונדזער צייט. אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים איז געווען פאַרשפּרייט דער מנהג צוצוגרייטן „גרינס אויף שבועות", כדי אויסצופּוצן מיט דעם די הייזער און די בתי־מדרשים. אין אַ סך ערטער

איז אַפּילו געווען אָנגענומען דער מנהג אַריינצושטעלן גרינעביימער אין די שולן און בתי־מדרשים אויף די טעג פון שבועות. עס איז אָבער כאַראַקטע־ריסטיש וואָס דער ווילנער גאון, דער קלאַסישער פאַרטרעטער פון דער שטרענג־ראַציאָנאַליסטישער תלמודישער יידישקייט, איז שטאַרק אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דאָזיקן „גוייִשן" מנהג.

אָבער שוין אין דער אַלטער צייט האָבן זיך יידן ניט געקאָנט צופרידנ־שטעלן מיט דעם דאָזיקן כאַראַקטער פון שבועות ווי אַ יום־טוב פון נאַטור־לעבן. אין דער תלמודישער טראַדיציע איז שבועות דער יום־טוב פון מתן־תורה, געשלאָסן געוואָרן דער אייביקער בונד צווישן גאָט און פאָלק.

עס איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע און אין דער ליטעראַטור פון אַלע פעלקער עפּעס, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַרגלייכן מיט דער וווּנ־דערלעך־מאַיעסטעטישער שילדערונג פון מעמד הר סיני, ווען דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָט זיך פאַרזאַמלט ביים הייליקן באַרג, כדי אָנצונעמען די תורה. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע ווערט פּראָקלאַמירט אַ הייליקער געזעץ, וואָס ווערט אָנגענומען פרייוויליק פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָרים ערשט נאָך דעם ווי די קינדער פון ישראל האָבן אַלע געענטפערט מיט איין קול נעשה ונשמע, מיר וועלן פאָלגן און הערן, איז לויט דער טראַדיציע פון חומש געשלאָסן געוואָרן דער הייליקער בונד צווישן גאָט און פאָלק.

ניט ווייניקער וויכטיק איז די אידעע, אַז די תורה פאַרפליכטעט אַלע צדדים. גאָט און פאָלק האָבן ביידע אויף זיך גענומען אָפּצוהיטן דאָס אייביקע געזעץ, דאָס געזעץ פון גערעכטיקייט. די תלמודישע טראַדיציע גייט אַפּילו אַזוי ווייט, צו זאָגן, אַז אָפּהיטן די מצוות פון דער תורה איז נאָך וויכטיקער ווי דער גלויבן אין גאָט. דאָס ווערט קלאָר געבראַכט צום אויסדרוק אין דעם באַקאַנטן מאמר: הלוואי אותי עזבו ותורתי שמרו, הלוואי וואָלטן זיי מיך פאַר־לאָזן — טענהט דער רבונו־של־עולם — און וואָלטן מיין תורה אָפּגעהיט!

די ערשטע מצווה פון די עשרת־הדברות איז דאָס געבאָט פון מאָנאָטעיִזם, דער גלויבן אין איין איינציקן גאָט, דעם באַשעפער פון דער וועלט. דער גלויבן אין מאָנאָטעיִזם האָט, ווי מיר ווייסן, אַרויפגעלייגט אַ באַזונדערן שטעמפּל אויף דער גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק און האָט אויך אויפן שטאַרקסטן אופן באַאיינפלוסט די אַנטוויקלונג פון דאָס רוב קולטור־פעלקער. מיט וואָס דערקלערט זיך די געוואַלטיקע ווירקונג פון דעם יידישן גלויבן?

דער מאָנאָטעיִזם פאַרענטפערט געוויס ניט אַלע אונדזערע פילאָזאָפישע און מאָראַלישע פּראָבלעמען. עס איז אָפט זייער שווער צו געפינען אַן ענטפער אויף דער פראַגע — ווי שיקט עס זיך, וואָס דער אַלמעכטיקער און גערעכטער האַר פון דער וועלט קאָן צוזען דאָס אַלץ וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף אונדזער זינדיקער ערד? איבער דער פראַגע האָבן זיך שוין געמאַטערט די נביאים

און דער דיכטער פון איוב. קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער האָבן זיי ניט געפונען און דאָך איז זייער טיפער גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון דער געט־לעכער השגחה ניט דערשיטערט געוואָרן. ווי דערקלערט עס זיך?

דער ענטפער איז זייער פשוט: די נביאים האָט ניט נאָר אינטערעסירט די וועלט ווי זי איז, נאָר דער עיקר — די וועלט ווי זי דאַרף זיין. דער יידי־שער מאָנאָטעיזם איז אַ וועג ניט ווי צו דערקלערן די וועלט, נאָר ווי צו ענדערן די וועלט. מיר פאַרשטייען, אמת, ניט אַלעמאָל — האָבן די נביאים געלערנט — די וועגן פון דער השגחה, ווי די וועלט ווערט געפירט; מיר ווייסן אָבער זייער גוט גאָטס ווילן און גאָטס פּלאַן. דאָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן ביים באַרג סיני, אין דער תורה, וואָס איז געגעבן געוואָרן צום פאָלק ישראל. אין פאַל ווען עס קומט צו אַ קאָנפליקט צווישן דער וועלט ווי זי איז און גאָטס ווילן, ווי עס קומט צום אויסדרוק אין דער תורה, איז אונדזער חוב, לויט דעם גלויבן פון די נביאים, צוצופּאַסן די וועלט צו דער תורה און ניט די תורה צו דער וועלט.

דערפאַר האָבן די נביאים בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק פון פאַרגעטערן די נאַטור, די וועלט ווי זי איז. נאָך שאַרפער זיינען די נביאים אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן פּרוּוו צו פאַרגעטערן די מלוכה. דער קולט פון דער מלוכה־מאַכט, פון די וועלטלעכע הערשער, האָט זיך שטענדיק אָנגעשטויסן אָן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט מצד די אָנהענגער פון דער נביאישער טראַדיציע. וועלכן זין, וועלכע באַדייטונג האָט די מאַכט פון אַ מענטשלעכן הערשער, פון אַ שטערבלעכן בשר־ודם, אין פאַרגלייך מיט דער מאַיעסטעט פון דעם אַלמעכטיקן באַשאַפער פון דער וועלט?

דער יידישער מאָנאָטעיזם, וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַטאָנט די איינהייט־לעכקייט פון דער גאַנצער וועלט, האָט אָבער פּראַקטיש געפירט צו אַ געוויסן דואַליזם, צום דואַליזם פון גאָט און וועלט, פון אידעאַל אוןווירקלעכקייט. אין יידישן לעבן איז עס געקומען צום אויסדרוק אין די צוויי באַזונדערע געשטאַלטן פון דעם קעניג און דעם נביא, דעם פאַרטרעטער פון דער מלוכה־מאַכט, פון דער וועלט ווי זי איז, און דעם פאַרטרעטער פון דער אידעע, פון דער וועלט ווי זי דאַרף זיין.

דער פאַקט, וואָס די נביאים האָבן פערזענלעך גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דער מלוכה־מאַכט, וואָס זיי זיינען געווען פערזענלעך פריי און אומאָפּ־הענגיק, איז געווען די זיכערסטע גאַראַנטיע פאַר דער יידישער דעמאָקראַטיע. די נביאים האָבן דערפאַר תמיד געהאַט די מעגלעכקייט צו מאָנען און פאָ־דערן, צו קריטיקירן און פּראָטעסטירן. דעם ווילן פון דער מלוכה־מאַכט, פון דעם ערדישן קעניג, האָבן זיי אַנטקעגנגעשטעלט דעם ווילן פון דעם מלך־מלכי־המלכים, פון דעם האַר פון דער גאַנצער וועלט. דערפאַר איז דער מלך קיין מאָל ניט געוואָרן קיין נביא און דער נביא איז קיין מאָל ניט געוואָרן

קיין מלך. רעליגיע און מלוכה דאַרפֿן און מוזן זיין אָפּגעטיילט איינע פֿון די אַנדערע. און עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי דער פּרווו זיי ווידער צו פֿאַראייניקן.

דאָס איז וויכטיק צו האָבן אין זינען אויך אין אונדזער צייט. די פֿאָנאַנדערטיילונג צווישן רעליגיע און מלוכה, ווי זי איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין אַ סך מאָדערנע קולטור־לענדער, איז געווען אַ טובה פֿאַרביידע צדדים. עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערע געפֿאַר ווי די קאָנצענטראַציע פֿון פּאָליטישער מאַכט און מאָראַלישער אויטאָריטעט אין איין האַנט. דאָס איז די סיבה, וואָס אַלע דיקטאַטאָרישע רעזשימען פֿירן אַזאַ פֿאַרביטערטן קאַמף קעגן די אויטאָנאָמע רעליגיעזע אינסטיטוציעס. זיי זיינען גרייט צו טאָלערירן רעליגיע נאָר אויף וויפֿל די רעליגיעזע פֿירער זיינען גרייט זיך צו שטעלן אין דינסט פֿון דער דיקטאַטור. וואָס ווייניקער די פֿאַרטרעטער פֿון רעליגיע זיינען אָפּהענגיק פֿון דער מלוכה און וואָס ווייניקער די מלוכה מישט זיך אין רעליגיעזן לעבן פֿון פֿאָלק, אַלץ בעסער פֿאַר ביידע צדדים, פֿאַר דער מלוכה און פֿאַר דער רעליגיע.

טאָר מען דערפֿאַר בשום אופֿן ניט צונויפֿמישן די מאָראַלישע אויטאָריטעט פֿון דער רעליגיע מיט דער אויטאָריטעט פֿון דער מלוכה און די מורא פֿאַר גאָט (יראת־שמים) מיט דער מורא פֿאַרן דיקטאַטאָר. עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערע צביעות פֿאַר אַ באמת־רעליגיעזן מענטשן ווי דער פּרווו אידעיש צו אונטערשטיצן וועלכן־ניט־איז דיקטאַטאָרישן רעזשים. אין דעם פּרט איז ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן פֿאַשיזם און קאָמוניזם. זיי זיינען ביידע לויט זייער גאַנצער נאַטור גאָטלאָז אָדער, אין בעסטן פֿאַל, געצנדינעריש. די פֿאַרגעטערונג פֿון דער מלוכה־מאַכט שטייט אין דעם סאַמע שאַרפֿסטן קאָנפֿליקט מיט דער יידישער טראַדיציע און מיט יעדן העכערן, געלייטערטן רעליגיעזן געדאַנק בכלל. די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט דערפֿאַר פֿון אָנהייב־אָן אויפֿן שאַרפֿסטן אופֿן באַקעמפֿט די רעליגיעזע טראַדיציע.

די דיקטאַטור פֿון איין מענטשן, אַפֿילו פֿון אַ רעליגיעזן פֿירער, איז ביי יידן ניט געווען מעגלעך. די העכסטע רעליגיעזע אויטאָריטעט איז געווען פֿאַרקערפּערט אין גאָטס וואָרט, אין דער תורה. און די תורה געהערט דאָך צו אַלעמען, צום גאַנצן פֿאָלק. דאָס גאַנצע פֿאָלק איז געשטאַנען ביים באַרג סיני, אַלע האָבן געענטפֿערט נעשה ונשמע, און צו אַלעמען איז די תורה געגעבן געוואָרן.

ווען אברהם אבינו — ווערט דערציילט אין חומש — איז געקומען קיין מצרים, איז ער געוואָרן אומרויִק. ער האָט זיך דערשראָקן מען זאָל אים דאָ ניט באַוואָלהן, ער איז דאָך ניט מער ווי אַ שוצלאָזער פֿרעמדער, און קיין מורא פֿאַר גאָט איז אין דעם פּלאַץ ניטאָ (רק אין יראת אלהים במקום הזה). און ווו עס איז ניטאָ קיין מורא פֿאַר גאָט, איז, לויט דער פֿאַרשטעלונג פֿון תנ״ך,

אויך ניטאָ קיין געוויסן. איז אַלץ דערלויבט, אַלץ איז הפקר. דערפאַר קאָן אויך די דיקטאַטור, קיין שום דיקטאַטור, ניט פאַרטראָגן קיין זעלבשטענדיקן מאָ־ראַלישן כוח, ניט די מורא פאַר גאָט און ניט די מורא פאַרן געוויסן. אַפילו די גאווה פון אַ פשוטן מענטשן ווערט אין תלמוד פאַרגליכן צו דער עבירה פון דינען עבודה־זרה (כל אָדם שיש בו גסות־הרוח כאילו עובר עבודה זרה), ווען אַ מענטש האַלט זיך גרויס — לייענען מיר אין אַ צווייטער שטעלע — זאָגט גאָט וועגן אים: פאַר אונדז ביידן איז ניטאָ קיין פּלאַץ אין איין וועלט (אין אני והוא יכולין לדור בעולם). דערפאַר איז אויך ניט מעגלעך צו פאַר־אייניקן אַ רעזשים פון דיקטאַטור מיטן פרייען געוויסן פון דעם מענטשן, די מורא פאַר גאָט מיט דער מורא פאַרן וועלטלעכן הערשער.

די יידישע טראַדיציע האָט דערפאַר געגוי באַשטימט די רעכט און די פליכטן פון דעם קעניג. דערביי ווערט באַזונדערס באַטאָנט, אַז דער יידישער מלך מוז שטענדיק האָבן מיט זיך אַן עקזעמפּלאַר פון דער תורה, פון דעם יידישן פאָלקס־געזעץ: „און די תורה זאָל זיין ביי אים, און ער זאָל לייענען אין דער ספר־תורה אַלע טעג פון זיין לעבן, כדי ער זאָל לערנען מורא צו האָבן פאַר גאָט, און אָפּצוהיטן אַלע געבאָטן פון דער דאָזיקער תורה. און ער זאָל זיך ניט גרויסהאַלטן איבער זיינע ברידער, און ער זאָל זיך ניט אָפּקערן פון דעם געבאָט פון דער תורה רעכטס אָדער לינקס". (דברים, י"ז).

אַן אַלטע יידישע אגדה דערציילט, אַז ווען משה רבנו איז אַרויף אויפן הימל מקבל צו זיין די תורה, זיינען די מלאכים געקומען מיט טענות צו גאָט ברוך־הוא: וואָס טוט דאָ דער שוואַכער מענטש צווישן אונדז? (מה לילוד־אשה בינינו?) ווי קומט ער צו דער תורה? האָט משה זיי געענטפערט — ווערט ווייטער דערציילט אין דער אגדה — אַז דווקא מענטשן בייטיקן זיך אין אַ תורה. צו וואָס — האָט משה רבנו געטענהט — בייטיקן זיך מלאכים אין אַ תורה? (תורה למה תהא לכם?) איר האָט דאָך ניט די דאגות, די זאָרגן און דעם יצר־הרע פון מענטשן. דאַרפט איר אויך ניט האָבן די געבאָטן און פאַרבאָטן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר מענטשן. די תורה איז באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטשן, אָבער אויך דער מענטש, אויף וויפל ער פּרעטענדירט צו זיין אַ קולטור־מענטש, איז באַשאַפן געוואָרן פאַר דער תורה. זיין לעבן דאַרף האָבן אַ ציל, דאַרף דערהויבן און געלייטערט ווערן דורך הייליקער אמונה, דאָס איז דער זין פון דעם יום־טוב שבועות, דעם יסוד פון מתן־תורה!

# אין די טעג פון יידישן טרויער

# תשעה באב

## די „דריי וואכן"

וואס איז דער זין און וואס פאר א באדייטונג האבן די תעניתים און טרויער־טעג, וואס די יידישע טראדיציע האט געשאפן? איז טרויער א סימן פון שוואכ־קייט, אדער פארקערט — פון גבורה און ווידערשטאנד? עס איז א פארשפרייטע מיינונג אז טרויער איז בלויז א געווער פון די שוואכע: שטארקע טרויערן ניט — הערן מיר אפט — שטארקע קעמפן. דער אמת איז, אז טרויער איז אפט דאס שטארקסטע געווער פון מענטשלעכן ווידערשטאנד, דאס שטארקסטע געווער פון מענטשלעכן קאמף קעגן פארגעסן־ווערן.

טרויער איז איינע פון די וויכטיקסטע מתנות, וואס גאט האט דעם מענטשן געשענקט: „ווער עס טרויערט איבער ירושלים" — ווערט געזאגט אין תלמוד — „וועט זוכה זיין צו זען די שמחה פון ירושלים (כל המתאבל על ירושלים, זוכה ורואה בשמחתה). טיפער טרויער איז כמעט שטענדיק פארבונדן מיט האפענונג און גלויבן. און דער עיקר, טרויער העלפט אונדז אפצוהיטן דעם זכרון פון אלץ וואס איז אונדז ליב, נאענט און טייער.

עס איז דעריבער ניט אין גאנצן קיין צופאל, ווען ביי חסידים איז דער טאג פון יארצייט א טאג פון טרויער און שמחה צוזאמען. דער יארצייט פון א רבין ווערט אפילו באצייכנט מיטן נאמען „הילולא" — פרייד, שמחה. ווייל כל־זמן די פארשטארבענע זיינען ניט פארגעסן, עקזיסטירן זיי נאך, לעבן זיי

ווייטער. טרויער איז דער קאַמף קעגן פאַרגעסן ווערן, דער קאַמף קעגן דעם אומברחמנותדיקן גורל. אַט דעם קאַמף האָט אונדזער פאָלק געפירט מיט אַזוי פיל ווערדע און אַזוי פיל עקשנות אין לויף פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן. דאָס איז דער זין פון די יידישע טרויער־טעג, באַזונדערס פון די דריי וואָכן, וועלכע הייבן זיך אָן מיט דעם תענית פון שבעה עשר בתמוז און פאַרענדיקן זיך מיטן נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג פון תשעה־באָב.

טרויער טאָר אָבער ניט פירן צו פאַרצווייפלונג. קעגן דער געפאַר פון הילפלאָזן יאוש און פאַרצווייפלונג האָט די יידישע טראַדיציע פונקט אַזוי שאַרף געקעמפט ווי קעגן דער לייכטזיניקער שמחה פון פאַרצווייפלונג. יידן האָבן קיין מאָל ניט געהאַלטן פון דעם כלל: לאָמיר עסן, לאָמיר טרינקען, ווייל מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן (נאכל ונשתה כי מחר נמות). מיר האָבן טיף געגלייבט אין דעם יידישן מאָרגן, האָבן מיר דעריבער תמיד פאַרבונדן אונדזער לעבן פון היינט מיטן לעבן פון די קומענדיקע דורות. זיינען די טעג פון שמחה און די טעג פון טרויער געוואָרן ביי אונדז אַ כלי־זין אין קאַמף פאַרן קיום און אין קאַמף פאַר גאולה. די יידישע טראַדיציע איז אין דעם פּרט אַפילו געגאַנגען אַזוי ווייט צו באַצייכענען דעם טאָג פון תשעה־באָב ווי אַ טאָג פון יום־טוב.

ווען דער צווייטער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן — ווערט דערציילט אין תלמוד — זיינען געווען אַ סך פרומע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון עסן פלייש און טרינקען וויין. האָט ר׳ יהושע זיי געפרעגט: מיינע קינדער, פאַר וואָס עסט איר ניט קיין פלייש און טרינקט ניט קיין וויין? האָבן זיי אים געענטפערט: ווי קאָנען מיר עסן פלייש, וואָס מען האָט מקריב געווען אויפן מזבח און איצט איז עס בטל געוואָרן? ווי קאָנען מיר טרינקען וויין, וואָס מען פלעגט ברענגען אויפן מזבח און איצט איז עס בטל געוואָרן? האָט ר׳ יהושע צו זיי געזאָגט: אויב אַזוי, זאָלן מיר אויך קיין ברויט ניט עסן, וואָס מען פלעגט ברענגען אַ מתנה פאַר גאָט; אויך קיין פירות זאָלן מיר ניט עסן, פון וועלכע מען פלעגט ברענגען ביכורים; זאָלן מיר קיין וואַסער ניט טרינקען, ווייל עס איז בטל געוואָרן דאָס גיסן וואַסער פאַר גאָט? האָבן זיי געשוויגן. און ר׳ יהושע האָט דאַן צו זיי געזאָגט: מיינע קינדער, הערט זיך צו און איך וועל אייך דערקלערן: זיך אָפּזאָגן פון צו טרויערן אין גאַנצן קאָנען מיר ניט, און טרויערן צו פיל טאָרן מיר אויך ניט. ווייל דאָס פאָלק וועט עס ניט קאָנען פאַרטראָגן. האָבן דעריבער די חכמים באַשטימט, אַז אונדזער טרויער זאָל האָבן אַ גרענעץ: בויט אַ מענטש פאַר זיך אַ הויז, לאָזט ער עפּעס איבער ניט פאַרענדיקט, ווי אַן אָנדענק צום חורבן (זכר לחורבן).

טרויער טאָר אונדז ניט שטערן אין די אויפגאַבן פאַר אונדזער צייט און פאַר די קומענדיקע דורות. גראָד פאַרקערט. צוליב דעם טעם זיינען באַשטימט געוואָרן באַזונדערע טעג און צייטן פאַר טרויער, וועלכע זיינען געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון יידישן לוח און פון אונדזער יידיש לעבן.

צוליב דעם זעלבן טעם איז אויך איינגעפירט געוואָרן דער מנהג: אויב

אַ תענית פאַלט־אויס אין דעם טאָג פון שבת, אַפילו ווען דאָס איז אַזאַ טרויער־טאָג ווי תשעה־באָב, ווערט דער תענית אָפּגעלייגט. שבת בלייבט שבת און דער טרויער־טאָג ווערט איבערגעטראָגן אויף אַ טאָג שפּעטער. אַזאַ תענית ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „נידחה״.

אין די דריי וואָכן פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה־באָב איז מען זיך נוהג ניט צו מאַכן קיין חתונות. שמחות ווערן אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. אויב אָבער עס מאַכט זיך אַ שמחה, ווי אַ ברית אָדער אַ פּדיון־הבן, ווערט עס ניט אָפּגעלייגט. די שמחה, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער געבורט פון אַ קינד, ווערט אָפּגעהיט אין צייט. אונדזער טרויער טאָר אונדז ניט שטערן זיך אָפּצוגעבן מיט די דורות, וואָס קומען.

דער מנהג ניט צו פּראַווען קיין חתונות אין די דריי וואָכן איז געווען פאַרבונדן מיט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. אין אונדזערע אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך איז אַ חתונה געווען אַ וויכטיקער קוואַל פון פּרנסה פאַר כלי־זמר און בדחנים. פאַר בדחנים האָט מען קיין עצה ניט געפונען; כלי־זמר אָבער האָט מען דערלויבט צו שפּילן ביי ניט־יידן אין דער צייט פון די דריי וואָכן, כדי זיי זאָלן קאָנען פאַרדינען אויף חיונה.

שוין פון דער צייט פון די נביאים האָבן יידן געוווסט, אַז פאַסטן און פּייניקן זיך איז אָפּט ניט מער ווי אַן אויסערלעכקייט, וואָס האָט ווייניק ווירקונג אויף דער מאָראַלישער אויפפירונג פון מענטשן. אין דער הפטורה צו יום כיפור לייענט מען גראָד דאָס קאַפּיטל ישעיה, וווּ דער נביא וואַרפט־אָפּ אַזוי שאַרף דאָס אויסערלעכע פאַסטן, וואָס איז ניט פאַרבונדן מיט אמתער תשובה און מיט אַ מאָראַלישער לייטערונג. אַזעלכע תעניתים דאַרף גאָט ניט האָבן! — רופט אויס דער נביא — גאָט נייטיקט זיך ניט אין דעם, אַז דער מענטש זאָל זיך אַליין פּייניקן און זאָל אָנטאָן אויף זיך טרויער־קליידער. „רופט איר דאָס אַן אַ תענית און אַ טאָג פון גוטן ווילן פאַר גאָט!״ (הלזה תקרא צום ויום רצון לה׳).

און דער נביא דערקלערט אונדז קלאָר און דייטלעך, וואָס אַ תענית באַדייט:

„פאַרוואָר, דאָס איז דאָס פאַסטן, וואָס איך האָב אויסגעווײלט:
צעשטערן די קייטן פון רשעות,
אָפּבינדן די שטריק פון אונטערדריקונג,
אַרויסלאָזן פריי די געבונדענע,
און יעדן יאָך זאָלט איר צעברעכן!
גיב דעם הונגעריקן פון דיין ברויט,
און אומגליקלעכע אָרעמע ברענג אַריין אין דיין הויז.
ווען דו זעסט אַ נאַקעטן, זאָלסטו אים באַדעקן,
און פון דיין אייגן פלייש זאָלסטו זיך ניט פאַרהוילן!״

די זעלביקע געדאַנקען פון דעם נביא ווערן שפּעטער איבערגעחזרט אין דער תלמודישער ליטעראַטור. כסדר ווערט באַטאָנט די וויכטיקייט פון אויפריכטיקער תשובה, און דער עיקר, פון גוטע מעשים. און דאָך האָט מען זיך פון תעניתים ניט אָפּגעזאָגט. די סיבה דערפון איז, וואָס דער מענטש נייטיקט זיך אין אַן אויסערלעכן סטימול, כדי זיך צו דערוועקן צו תשובה.

דער צענטראַלער מאָטיוו פון טרויער איז ניט דער אונטערגאַנג פון דער מלוכה, נאָר דער חורבן פונעם בית־המקדש. אין די קינות און סליחות, וואָס ווערן געזאָגט אין די טעג פון טרויער, ווערט דער עיקר גערעדט וועגן דער עבודה אין בית־המקדש, וואָס איז בטל געוואָרן זינט דער צייט פון חורבן. האָבן יידן באמת אַזוי שטאַרק געפילט דעם צער, וואָס זיי קאָנען ניט מער מקריב זיין קיין קרבנות אויפן מזבח אין ירושלים?

אין פלוג ווייזט עס אַזוי באמת אויס. עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות אין דעם פאַל זיך צו לאָזן פאַרפירן פון די ערשטע און אין תוך אויבערפלעכלעכע איינדרוקן. די רעליגיעזע פירער פון יידישן פאָלק, די נביאים און די פרושים, האָבן, ווי מיר ווייסן, גאָר ווייניק געהאַלטן פון קרבנות. די נביאים האָבן אָפּט אַפילו באַקעמפט די עצם אידעע, אַז מען קאָן גאָט צופרידנשטעלן מיט מתנות פון פלייש און בלוט. די נביאים עמוס און ירמיה לייקענען אין גאַנצן, אַז די יידן אין מדבר האָבן געדאַרפט מקריב זיין קרבנות. גאָט האָט עס פון זיי קיין מאָל ניט פאַרלאַנגט. (הזבחים ומנחה הגשתם לי במדבר ארבעים שנה, בית ישראל?). אויך די בעלי התלמוד ווערן ניט מיד צו באַטאָנען די באַדייטונג פון תורה און תפילה. פאַר זיי איז די קרוין פון תורה אַ סך וויכטיקער ווי די קרוין פון כהונה. ווי קומט עס דאָן, וואָס דער חורבן פון בית־המקדש האָט זיי אַזוי טיף דערשיטערט?

אין דעם ווייזט זיך גראָד אַרויס די גרויסע שעפערישע באַדייטונג פון נאַציאָנאַלן טרויער. די פראַגע פון קרבנות האָט שטאַרק באַשעפטיקט די יידישע רעליגיעזע פירער סיי אין דער צייט פון גלות בבל און סיי נאָכן חורבן בית שני. געווען אַפילו אייניצלנע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען קאָן ברענגען קרבנות אָן אַ בית־המקדש (אמר ר' יהושע שמעתי שמקריבין אף על פי שאין בית). עס איז אגב כדאי צו פאַרצייכענען, אַז נאָך אין אונדזער צייט איז געמאַכט געוואָרן דער פאָרשלאָג ווידער אויפצולעבן דעם מנהג פון מקריב זיין דעם קרבן־פּסח אין ירושלים. דער איניציאַטאָר פון דער אידעע איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי איינער פון די פּיאָנערן פון ציוניסטישן געדאַנק, ר' צבי קאַלישער. פּראַקטיש איז פון דעם פּלאַן גאָרניט געוואָרן, ניט מחמת הלכהשע מאָטיוון. על פּי דין וואָלט מען זיכער געפונען אַ היתר. דער עיקר איז, ווייל מיר האָבן אָנגענומען דעם כלל, אַז זינט דעם חורבן, זיינען די קרבנות פאַרביטן געוואָרן אויף אַ העכערער פאָרעם פון געטלעכער עבודה, דורך תפילות (תפילות כנגד תמידין תקנון). זינט מיר האָבן פאַרלוירן דעם בית־המקדש אויף דער ערד, האָבן מיר אויפגעבויט דעם בית־המקדש אין הימל. ברענגען מיר אונדזערע קרבנות,

תפילות, אויפן מזבח של מעלה. אויף אַזאַ אופן איז דער חורבן פאַר אונדז געווען ניט קיין פאַרענדיקטער קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע. דער חורבן פון ירושלים אויף דער ערד האָט אונדז געצוווּנגען אויסצובויען אַ ירושלים של מעלה. אַזוי איז טרויער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין האָפענונג, פאַרצווייפלונג — אין גלויבן, חורבן — אין ווידעראויפבויונג. דאָס איז דער זין פון טרויער, פון קאַמף קעגן פאַרגעסן ווערן, פון קאַמף פאַר אייביקייט.

## געדאַנקען וועגן די 9 טעג און תשעה באב

פאַראַן אַן אַלטע יידישע לעגענדע: אין דעם טאָג ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן איז געבוירן געוואָרן משיח, דער העלפער און טרייסטער פון ישראל. טרויער איז, ווי מיר זעען, קיין מאָל ביי אונדז ניט געווען פאַרבונדן מיט האָפענונגסלאָזיקייט. פאַרקערט, די טעג פון טרויער זיינען אַ צוגרייטונג צו די טעג פון נחמה. וואָרים ווער עס טרויערט אויף ירושלים — זאָגט אונדז אַ מאמר אין תלמוד — וועט זוכה זיין צו זען אין איר שמחה (**כל המתאבל על ירושלים זוכה ורואה בשמחתה**). טרויער איז דער וועג ניט צו פאַרגעסן, ניט שלום צו מאַכן מיט די אומגערעכטיקייטן פון דער וועלט און כסדר צו וועקן אין אונדז די בענקעניש און די האָפענונג אויף בעסערע צייטן און אויף אַ גערעכטער וועלט.

מיר קאָנען אַ סך לערנען פון די טעג פון יידישער פרייד, מיר קאָנען נאָך מער לערנען פון די טעג פון יידישן טרויער. אין אונדזער צייט רעדט מען אַ סך וועגן פרייד אָבער גאָר ווייניק וועגן טרויער. איז אַ מענטש טרויעריק, טראַכט מען אָפּט, אַז עפּעס איז מיט אים ניט אין אָרדענונג. עס קאָן אָבער גראָד געמאָלט זיין, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג מיט די פריילעכע, מיט די, וואָס זיינען פול מיט שמחה. עס איז גאָרניט אַזאַ געוואַלדיקע חכמה צו פאַרמאַכן די אויגן, כדי ניט צו זען דעם עלנט פון אונדזער צייט!

פאַראַן אַ טיפער זין אין טרויער, ווייל טרויער איז אָפּט דער איינציקער וועג צו פאַרבעסערן די וועלט. טרויער איז אַ וועג פון חשבון־הנפש, פון זען די וועלט ווי זי איז, בעת פרייד איז אָפּט אַ וועג צו פאַרגעסן די וועלט. דעריבער פאַרנעמען זיך די דיקטאַטאָרן אַזוי פיל מיט דער „פאַרזאָרגונג פון פרייד" פאַרן פאָלק. מוסאָליני, היטלער און סטאַלין האָבן כסדר געהייסן פריילעך זיין. און דאָס פאָלק האָט זיך געמוזט פרייען. אַ ברירה האָט עס געהאַט! אַזוי האָבן די ברוטאַלסטע הערשער פון אונדזער צייט געפּרוּווט דערשטיקן אין געמאַכטער פרייד די געשרייען און דאָס געוויין פון די אומשולדיק פאַרפּייניקטע.

עס איז ניט אַזוי שווער צו זיין פריילעך, ווען מען מאַכט שלום מיט דער

רשעות פון דער וועלט. און ווייל דער מענטש האָט אַזוי ליב פרייַלעכקייט, האַלט מען כסדר אין זינגען לויב־געזאַנגען פאַר די זיגער און מען פאַרגעסט די קרבנות. עס וואָלט געווען שווער פריילעך צו זיין, אַפילו שווער צו לעבן, ווען מיר וואָלטן זיך צוגעהערט צום געשריי פון די אומשולדיק אומגעקומענע. אָבער די ערד פאַרדעקט זייער בלוט און דער מענטש פאַרמאַכט זיינע אויערן. איז דאָס דער ריכטיקער אויסוועג?

מיר קאָנען ניט אַזוי פיל טרויערן ווי מיר וואָלטן באַדאַרפט. מיר מוזן ביז צו אַ געוויסער גרענעץ אָננעמען די וועלט ווי זי איז. מיר זיינען אָבער ניט מחויב צו פראַווען פאַראַדן פאַר דעם זיגער און צו פאַרגעסן די קרבנות.

אין אונדזערע טעג האָבן מיר איבערגעלעבט אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס לאָזט זיך פאַרגלייכן מיטן חורבן פון בית־המקדש. וואָס האָבן מיר געטאָן, כדי ניט צו פאַרגעסן דעם חורבן פון די הייליקע יידישע קהילות אין אייראָפּע? וואָס האָבן מיר געטאָן, כדי ווי געהעריק אָפּצוהיטן דעם אָנדענק פון די קדושים פון אונדזער דור?

מען הערט פון צייט צו צייט וועגן פּלענער צו פאַראייביקן די יידישע טראַגעדיע אויף אַ מאָנומענטאַלן אופן, אויסצובויען דענקמעלער לכבוד די אומגעקומענע, צו שאַפן אַרכיוון, וווּ עס זאָלן געזאַמלט ווערן אַלע מאַטעריאַלן וועגן חורבן א. אַ. וו. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב געוויסע ספקות וועגן די דאָזיקע פּלענער. די כוונות זיינען בלי ספק גוטע, דאָס איז אָבער ניט דער יידישער וועג, דאָס איז ניט דער וועג פון יידישן טרויער.

דער עצם געדאַנק צו שאַפן ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס און ספּעציעלע אינ־סטיטוציעס, כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע אומגעקומענע ברי־דער, איז, דוכט מיר, ניט קיין פּאַסיקער. דער זכר לחורבן דאַרף בלייבן מיט אונדז, אין אונדזערע היימען און אין אונדזערע הערצער, אין אונדזערע תפילות און אין אַלע יידישע אינסטיטוציעס.

מיר לעבן אין אַ צייט, ווען דער ענין פרייד און פאַרברענגען איז געוואָרן אין גאַנצן קאָמערציאַליזירט, ווערט דעריבער פרייד פּראָדוצירט אין אַ מאַסן־מאַשטאַב ווי אַ האַנדלס־פּראָדוקט. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער דער פאַקט וואָס צוזאַמען מיט דעם ווערט אויך פּראָדוצירט אין אַ מאַסן־מאַסשטאַב אַ גאַנ־צע ליטעראַטור פון ברוטאַליטעט, גרויל און פאַרברעכנס. מענטשן האָבן, ווייזט אויס, אַ באַזונדערע הנאה פון לייענען די געשיכטעס פון גרויזאַמקייט, פאַר־ברעכן און שרעק.

גאָר אַן אַנדער ראָל שפּילט דאָס געפיל פון טרויער אין אונדזער לעבן. טרויער איז אַ פּראָטעסט קעגן טויט, אַ פּראָטעסט קעגן דער גרויזאַמקייט פון גורל. מיר ווילן ניט שלום מאַכן מיטן פאַקט, אַז אַ מענטש איז פון אונדז אַוועק־געגאַנגען. דערקלערן מיר, אַז פאַר אונדז לעבט ער נאָך ווייטער, היטן מיר אָפּ זיין אָנדענק און זיין כבוד. טרויער לערנט אונדז צו הייליקן דאָס מענטשלעכע לעבן, טייער האַלטן דעם מענטשן.

און ווייל אונדזער פאָלק האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון טרויער, זיינען מיר אויסגעהיט געוואָרן פון אַ סך ברוטאַליטעט און בלוט־דאָרשטיקייט. אונדזערע פאָלקס־מעשיות זיינען פול מיט ליבע און רחמנות און אמווייניקסטן וועט איר דאָרט באַגעגענען מאָטיוון פון גרויל, שרעק און נקמה. מיר האָבן אָן אַ שיעור געליטן פון דער גרויזאַמקייט און ברוטאַליטעט פון אונדזערע שונאים, און דאָך האָבן מיר באַוויזן דעם ווונדער זיך אין אַ גרויסער מאָס אויסצוהיטן פון ברוטאַליטעט אין טאָג־טעגלעכן לעבן און אַפילו פון ברוטאַ־ליטעט אין אונדזערע חלומות. אונדזערע ווונדערלעכע פאָלקס־מעשיות זיינען די בעסטע עדות דערפאַר. די קולטור פון טרויער האָט אונדז מאָראַליש גע־לייטערט. אין די טעג פון טרויער איז אונדזער האָפענונג געווען פאַרבונדן מיט דער משיחישער אויסלייזונג און מיטן משיחישן שלום. ניט אויף נקמה, נאָר אויף טרייסט און נחמה האָבן מיר געוואַרט. אַזוי זיינען די טעג פון טרויער געוואָרן אונדזערע טעג פון טרייסט און האָפענונג.

## תשעה באָב — דער טאָג פון נאַציאָנאַלן טרויער

צווישן די טעג פון יידישן טרויער פאַרנעמט תשעה־באָב גאָר אַ באַזונ־דערן פלאַץ. מיטן ניינטן טאָג אין אָב דערגרייכט דער פעריאָד פון נאַציאָנאַלן טרויער (וואָס הייבט זיך אָן מיטן תענית פון שבעה־עשר בתמוז) זיין העכסטן פונקט. תשעה־באָב איז אַ סך מער ווי אַ טאָג פון טיפסטן נאַציאָנאַלן טרויער. דער ניינטער אָב איז, לויט דער טראַדיציע, דער טאָג פון וועלט־טרויער, דער טאָג ווען דער באַשעפער פון הימל און ערד ווערט דער פולער שותף צום טרויער פון גאָטס פאָלק.

טאָר מען אין דעם טאָג אַפילו ניט לערנען קיין תורה, אַחוץ דעם ספר איוב, איכה און יענע טיילן פון ירמיה, ווו עס רעדט זיך וועגן גלות און חורבן. אין די שולן און בתי־מדרשים איז מען זיך נוהג אַראָפּצונעמען דעם פּרוכת פון ארון־קודש, און אין דער פרי צום דאַווענען טוט מען ניט אָן קיין טלית און תפילין. ערשט נאָך האַלבן טאָג,ביים מנחה־דאַווענען, לייגט מען טלית און תפילין. תשעה־באָב איז דער טאָג פון טרויער פאַרן יידישן פאָלק, אָבער אויך פאַר דער תורה, פאַר גאָט און פאַר דער וועלט. וואָס פאַר אַ שייכות האָט די וועלט צום טרויער פון יידישן פאָלק?

עס איז פאַראַן אַ שותפות צווישן דעם גורל פון פאָלק ישראל און דעם גורל פון דער וועלט. די יידישע דענקער האָבן דערפון געוווסט און די אַלטע אגדות פון תלמוד און מדרש קערן זיך כסדר אום צוריק צו דעם דאָזיקן געדאַנק. דער פסוק אין איכה: „וויינען טוט זי וויינען ביי נאַכט" (**בכה תבכה בלילה**) ווערט אויסגעטייטשט אין דעם זין, אַז דאָס איז אַ געוויין ניט

נאָר פון דער חרובער שטאָט ירושלים, נאָר אַ געוויין פון דער וועלט. עס וויינט דער גאָט פון ישראל, עס וויינען די מלאכים, הימל און ערד וויינען, ווי עס שטייט געשריבן „די זון און די לבנה זיינען פאַרטונקלט געוואָרן" (שמש וירח קדרו); עס וויינען די טאָלן און די בערג, און עס וויינען אויך די פעלקער פון דער וועלט.

אין אַ צווייטער אגדה ווערט דער גורל פון ידישן פאָלק פאַרגליכן מיטן גורל פון ערשטן מענטשן: אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט אדמען, לייענען מיר אין מדרש, האָט פּאַסירט מיט דעם פאָלק ישראל (כל מה שאירע לאָדם אירע לישראל). אָדם הראשון האָט גאָט אים אַריינגעבראַכט אין גן־עדן, האָט אים פאַרזאָגט וואָס ער זאָל טאָן, און אדם האָט געזינדיקט און איז פאַרטריבן געוואָרן; און אַזוי איז אויך געווען מיטן פאָלק ישראל. דער גורל פון ידישן פאָלק איז דער גורל פון דעם מענטשן בכלל, עס איז דער גורל פון דער וועלט.

אָט דער אַלגעמיינער צוגאַנג צו דער פראַגע פון גלות און חורבן האָט די ידישע דענקער געהאָלפן זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין דעם אַזוי שווערן פּראָבלעם פון ידישן גורל. און עס איז מערקווערדיק צו וואָס פאַר אַ געדאַנקען די אַלטע ידישע אגדה האָט זיך דערטראַכט.

דער חורבן פון לאַנד און דער אונטערגאַנג פון דער מלוכה האָט געשטעלט די גייסטיקע פירער פון יהודה פאַר אַ ריי שווערע פּראָבלעמען. איז טאַקע דאָס ידישע פאָלק אַזוי זינדיק? האָבן זיי פאַרדינט אַזאַ שווערע שטראָף? די נביאים האָבן אַזוי געטענהט. ירמיה און יחזקאל האָבן כסדר געמוסרט זייערע ברידער און האָבן כסדר געוואָרנט, אַז גאָטס צאָרן איז גרויס צוליב די זינד פון ישראל. און זיין שטראָף מוז קומען, אויב דאָס פאָלק וועט קיין תשובה ניט טאָן. געווען אָבער אַ סך ידן, באַזונדערס אין דער צייט פון גלות בבל, וואָס האָבן געצווייפלט אין דער גערעכטיקייט פון גאָטס משפט. זיי האָבן זיך ניט געפילט זינדיקער ווי די אַנדערע פעלקער. גראָד פאַרקערט. האָבן זיי דעריבער ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס האָט גאָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף זיין אויסדערווילט פאָלק? איינער פון די דיכטער פון דער גלות־תקופה האָט אָפילו געפּרוווט פאַרענטפערן גאָטס משפט: אין דעם טראַגישן גורל פון פאָלק, דערקלערט ער, זיינען שולדיק די פריערדיקע דורות:

אונדזערע עלטערן האָבן געזינדיקט און זיינען מער ניטאָ, און מיר טראָגן זייער שולד (אבותינו חטאו ואינם, ואנחנו עונותיהם סבלנו).

די דערקלערונג האָט אָבער אָפילו דעם דיכטער אַליין ניט באַפרידיקט, און ער קומט דעריבער מיט דער טענה צו גאָט: „פאַר וואָס טוסטו אונדז פאַרגעסן אויף שטענדיק, טוסט אונדז פאַרלאָזן אויף אַלע טעג? קער אונדז אום צו דיר, גאָט, און מיר וועלן זיך אומקערן; באַניי אונדזערע טעג ווי אַמאָל".

די גאַנצע אַלטע חורבן־ליטעראַטור איז באַהערשט פון אָט דעם וויכוח צווישן גאָט און פאָלק. ווער האָט וועמען פאַרגעסן, ווער האָט וועמען פאַר־

לאָזן ? האָט דאָס פאָלק פאַרלאָזן זיין גאָט, אָדער האָט גאָט זיין פאָלק פאַרגעסן ?

דער דיכטער פון תהילים מ״ד, למשל, פילט ניט, אַז דאָס פאָלק איז שולדיק. ווי קאָן דען דאָס פאָלק זיין שולדיק, ווען גאָטס נאָמען איז כסדר אין אונדזערע געדאַנקען ? ניין ! גאָט האָט אונדז פאַרלאָזן און פאַרשעמט, רופט אויס דער דיכטער אין פאַרצווייפלונג :

מיר זיינען געוואָרן אַ חרפה צווישן אונדזערע שכנים,
אַ געלעכטער און שפּאָט ביי אַלע אַרום אונדז...
אַ גאַנצן טאָג איז מיין שאַנד אַנטקעגן מיר,
און די בושה פון מיין פּנים האָט מיך באַדעקט.

און דער דיכטער ברענגט ווייטער אַרויס זיינע טענות צו גאָט : „דאָס אַלץ איז איבער אונדז געקומען, און מיר האָבן דיך ניט פאַרגעסן, און מיר האָבן ניט געלייקנט אין דיין בונד... פון דיינעטוועגן ווערן מיר געהרגעט טאָג־איין טאָג־אויס, ווערן מיר גערעכנט ווי שאָף צו דער שחיטה(כי עליך הורגנו כל היום נחשבנו כצאן טבחה)... פאַר וואָס פאַרבאַרגסטו דיין פּנים פון אונדז, טוסטו פאַרגעסן אונדזער פּיין און אונדזער עלנט ?...״

אויך די תלמודישע אגדה האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיט דער פראַגע. אין צוזאַמענהאַנג מיטן פסוק אין איכה חטא חטאה ירושלים״ (אַ זינד האָט געטאָן זינדיקן ירושלים), פרעגט דער מדרש : און אַנדערע פעלקער האָבן דען ניט געזינדיקט ? דער ענטפער איז אָבער : ווען אַנדערע זינדיקן, פּאַסירט דערביי גאָרניט, אָבער ווען יידן זינדיקן, ווערן זיי באַשטראָפט (אומות העולם אינן הוטאין ? אלא אף על פי שחוטאין אינן כלום, אבל ישראל חטאו ולקו).

דאָ האָבן מיר די אייגנאַרטיקע אויסטייטשונג פון יידישן אתה־בחרתנו־גלויבן, וועלכן מיר באַגעגענען שוין ביים נביא עמוס. גאָט האָט אויסגעקליבן דאָס פאָלק ישראל, דערפאַר פאַרלאַנגט ער פון זיי מער, דערפאַר באַשטראָפט ער זיי פאַר זייערע עוולות :

נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע פעלקער אויף דער ערד,
דערפאַר וועל איך אייך דערמאָנען אַלע אייערע זינד.

(עמוס ב׳)

דאָס איז דער אתה־בחרתנו־געפיל פון גרויסער מאָראַלישער אַחריות. דער יידישער דענקער זאָגט זיין פאָלק ניט צו קיין פּריווילעגיעס, נאָר פאַרקערט, ער קומט צו זיי מיט מאָראַלישע פאָדערונגען. עס איז אַ קנאַפּער יחוס, אויב מען איז ניט מער זינדיק ווי אַנדערע ; אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין, צו ווייזן דעם וועג פון גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער.

געווען נאָך אַ פּראָבלעם, וואָס האָט שטאַרק באַאומרויִקט די יידישע רעלי־

גיעזע דענקער. די שונאים פון ישראל זיינען כסדר געקומען מיט דער פראַגע צו די יידן: ווו איז אייער גאָט? אויב דער גאָט פון ישראל איז דער איינציקער און אַלמעכטיקער האַר פון דער וועלט, פאַר וואָס העלפט ער אייך ניט? אין יענער צייט, און אגב אויך נאָך היינט, האָבן מענטשן געהאַט גרויס רעספּעקט פאַר הצלחה, פאַר מאַכט. אויב אַ פאָלק ווערט באַזיגט, איז דערפון אַ סימן, אַז אויך זיין גאָט איז באַזיגט געוואָרן. מען האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט אָפּטיילן דעם גורל פון פאָלק פון דעם גורל פון זיין גאָט. איז טאַקע דער גאָט פון ישראל אוממעכטיק?

אַזאַ געדאַנקען־גאַנג האָבן נאַטירלעך די יידישע דענקער בשום אופן ניט געקאָנט אָננעמען. זיי האָבן אָבער אָנשטאָט דעם געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע און טיפע פילאָזאָפיע, וואָס האָט ביז צו אַ געוויסער מאָס פאַרענטפערט דאָס פּראָבּ־לעם. עס איז אמת, אַז דער גורל פון דעם גאָט פון ישראל איז פאַרבונדן מיטן גורל פון דעם פאָלק פון ישראל. אויב יידן זיינען אין גלות דאַן איז אויך די שכינה אין גלות. גאָט פאַרלאָזט ניט זיין פאָלק, אַפילו ווען ער שטראָפט זיי. אָבער ווי אַזוי קאָן דער האַר פון דער וועלט זיין אין גלות? ביי וועמען איז די שכינה אין גלות?

די תלמודישע אגדה ווערט ניט מיד אונדז צו דערציילן, ווי טיף עס איז דער צער פון רבונו־של־עולם, ווען זיינע קינדער ווערן פאַרטריבן פון זייער לאַנד. גלייך נאָכן חורבן, לייענען מיר אין מדרש, האָט גאָט ברוך־הוא געטאָן וויינען און זאָגן: „ווי מיר איבער מיין הויז, ווו זיינען מיינע קינדער, ווו זיינען מיינע כהנים, ווו זיינען מיינע טייערסטע. אָבער וואָס קאָן איך העלפן? איך האָב זיי געוואָרנט און זיי האָבן ניט געטאָן קיין תשובה!"

אַ צווייטער מדרש דערציילט: ווען דער נביא ירמיה האָט געוואָלט גיין צוזאַמען מיט די פאַרטריבענע אין גלות האָט גאָט צו אים געזאָגט: ביידע צוזאַמען קאָנען מיר ניט גיין. אויב דו בלייבסט אין לאַנד, דאַן וועל איך גיין מיט די פאַרטריבענע, און אויב דו גייסט מיט מיט די פאַרטריבענע, וועל איך בלייבן דאָ אין לאַנד. האָט ירמיה געענטפערט: אויב איך וועל גיין מיט די פאַרטריבענע, מיט וואָס וועל איך זיי קאָנען העלפן? זאָל בעסער גיין זייער קעניג און באַשעפער מיט זיי, ווייל ער קאָן זיי דאָך העלפן. איז די שכינה אַוועק מיט די יידן אין גלות.

און דאָ קומען מיר צו דעם וויכטיקסטן פונקט. צו דער פילאָזאָפיע פון גלות, וואָס די יידישע טראַדיציע האָט געשאַפן. גלות, לייענען מיר אין מדרש איכה, איז טיילוויז אויך דער גורל פון דער וועלט. דעריבער פילן מיר עס, יידן, אַזוי באַזונדערס שטאַרק. אין גלות איז דאָס פאָלק ישראל, אין גלות איז דער מענטש און אין גלות איז די שכינה. און ווי וועט די וועלט אויסגעלייזט ווערן פון גלות?

אין דער אויסלייזונג פון דער וועלט, דערקלערט אונדז ווייטער דער מדרש, זיינען יידן שותפים מיט גאָט. דער באַשעפער פון דער וועלט נייטיקט זיך אין

אונדזער הילף. „ווען יידן טוען גאָטס ווילן פאַרשטאַרקן זיי דעם כוח פון דער געטלעכער השגחה, און ווען, חס ושלום, יידן טוען ניט גאָטס ווילן, שוואַכן זיי, כביכול, אַפּ דעם כוח פון דער השגחה (**בזמן שישראל עושין רצונו של המקום, מוסיפין כוח בגבורה של מעלה... ובזמן שאין ישראל עושין רצונו של המקום כביכול, מתישין כוח גדול מעלה**).

די אויסלייזונג פון דער וועלט איז אַ בשותפותדיקע אויפגאַבע. גאָט און מענטש צוזאַמען ברענגען דעם צושטאַנד. די וועלט קאָן בעסער ווערן, דערצו איז אָבער נייטיק אויך דער מענטשלעכער ווילן. משיח וועט קומען, וועןביידע כוחות וועלן זיך באַגעגענען. די אַנשטרענגונגען פון די מענטשן אויף דער ערד און גאָטס הילף, וואָס קומט פון הימל.

## די צוויי ירושלימס

עס זיינען פאַראַן — לערנט אונדז די יידישע טראַדיציע — צוויי ירושלימס: איין ירושלים אויף דער ערד — ירושלים של מטה; און איין ירושלים אין הימל — ירושלים של מעלה. צוויי מאָל האָבן אונדזערע שונאים באַוויזן חרוב צו מאַכן ירושלים און דעם בית־המקדש אויף דער ערד. איז אונדז אָבער פאַר־בליבן דאָס גייסטיקע ירושלים, ירושלים און דער בית־המקדש אין הימל. און כל־זמן ירושלים של מעלה עקזיסטירט, וועט און מוז עקזיסטירן דאָס פאָלק ישראל.

אַן אַלטע אגדה דערציילט: ווען עס איז געקומען די צייט, ווען משה רבנו האָט זיך געדאַרפט געזעגענען מיט דער וועלט, האָט אים גאָט ברוך־הוא אַרויפגעפירט אויפן הימל און האָט אים געוויזן אַלץ, וואָס וועט פּאַסירן אין די קומענדיקע דורות. האָט משה רבנו געווענדט זיין בליק צום שטול פון רחמים (כסא הרחמים) און ער האָט געזען ווי גאָט ברוך־הוא בויט דעם בית־המקדש מיט איידל־שטיינער, און צווישן איין שטיין און דעם צווייטן שיינט דורך דער גלאַנץ פון דער שכינה און משיח בן דוד שטייט אין מיטן.

האָט משה רבנו געפרעגט ביי משיח בן דוד: גאָט ברוך־הוא האָט מיר געזאָגט: ער וועט בויען אַ בית־המקדש אויף דער ערד, אַ בית־המקדש פאַרן פאָלק ישראל — און דאָ זע איך אים ווי ער בויט אַ בית־המקדש מיט זיינע אייגענע הענט אין הימל? האָט אים משיח געענטפערט: משה! דיין פאָטער יעקב האָט געזען דעם בית־המקדש, וואָס וועט געבויט ווערן אויף דער ערד, און ער האָט אויך געזען דעם בית־המקדש, וואָס גאָט ברוך־הוא וועט אויפבויען מיט זיינע הענט אין הימל, מיט איידלשטיינער און מיט דעם גלאַנץ פון דער שכינה. דאָס איז דאָס הויז, וואָס וועט בלייבן שטיין אין אַלע אייביקייטן ביז צום סוף פון אַלע דורות. און אַזוי האָט גאָט ברוך־הוא גערעדט צום פאָטער יעקב אין דער נאַכט, ווען ער איז געשלאָפן אויפן שטיין און ער האָט געזען

ירושלים, וואָס איז געבויט אויף דער ערד און ירושלים, וואָס איז געבויט אין הימל. און דער פּאָטער יעקב האָט דעמאָלט געזאָגט: דאָס הויז, וואָס איז געבויט אויף דער ערד, איז גאָרניט; אויף אייביק אויף אײביק וועט פאַרבלייבן פאַר מיינע קינדער נאָר דאָס הויז, וואָס גאָט האָט געבויט מיט זיינע הענט. דאָרום זאָל עס הייסן: בית אלהים — גאָטס הויז.

און געווען ביי יידן נאָך אַ סך ירושלימס. יעקב אָבינוס חלום, דאָס ירושלים, וואָס איז געווען אויפגעבויט מיטן זיו השכינה, האָבן אונדזערע עלטערן גאָר אַ סך מאָל געזען אויף זייער שווערן וואַנדערוועג, ווען זיי האָבן זייער מידן קאָפּ צוגעשפּאַרט אויף אַ האַרטן שטיין. און די דאָזיקע חלומות זיינען אַפילו אַמאָל געוואָרן וואָר. געווען ביי אונדז ירושלימס אין גלות, ירושלים פון גאָטס וואָרט, געבויט מיטן זיו השכינה. אַזוי האָט געשטראַלט מיט יידיש לעבן און מיטן ליכט פון דער שכינה דאָס איצט חרובע ירושלים דליטא, די הייליקע קהילה ווילנא. און נאָך אַ סך אַנדערע ירושלימס זיינען אין די לעצטע טראַגישע יאָרן חרוב געוואָרן דורך דער גרויזאַמער האַנט פון דעם גרוי־זאַמסטן שונא.

קיין נייע איכה האָבן מיר נאָך ניט, די קינות פון אונדזער דור ווערן נאָך איצט געשריבן, אָבער ווען מיר טרויערן היינט אויפן חורבן פון ירושלים און אויפן חורבן פון בית־המקדש, האָבן מיר אויך אין זינען דעם לעצטן חורבן, דעם חורבן אייראָפּע. און נאָר איין טרייסט איז אונדז געבליבן: צו ירושלים של מעלה האָט צום גליק די האַנט פונעם שונא ניט דערגרייכט. און כל־זמן דאָס גייסטיקע ירושלים עקזיסטירט וועט אויך עקזיסטירן דאָס פאָלק ישראל.

אין מדרש איכה ווערט דערציילט: יידישע חכמים זיינען אַמאָל אַרומגע־פאָרן איבער ארץ־ישראל, כדי צו העלפן ברענגען אין אָרדענונג דאָס לעבן פון די יידישע קהילות. זיינען זיי געקומען אין אַ שטאָט און האָבן פאַרלאַנגט, אַז זיי ווילן זיך זען מיט די היטער פון דער שטאָט. זיינען צו זיי געקומען די פירער פון דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע און די פירער פון דער פּאָליציי. האָבן די חכמים געזאָגט: דאָס זיינען די שומרים פון דער שטאָט? דאָס זיינען דאָך די צעשטערער פון דער שטאָט! האָט מען זיי געפרעגט: ווער זיינען דען די היטער פון דער שטאָט? האָבן די חכמים געענטפערט: די לערער און מלמדים, וואָס היטן אָפּ מיט זייער תורה די שטאָט טאָג און נאַכט.

וואָלט אפשר אויך אין אונדזער צייט גאָרניט געווען אַזאַ קרומער געדאַנק אַרויסצושיקן שליחים איבער יידישע קהילות אין גאָר דער וועלט, זיי זאָלן זיך באַקענען מיט די „היטער" פון די שטעט און מיט די צעשטערער פון די שטעט. און קודם־כל וואָלט געווען נייטיק זיך צו דערוויסן וועגן די לערער און מלמדים אין די יידישע שטעט, וואָס זיי טוען און ווי זיי לעבן. ניט אַלע מאָל ליגט עס אין אונדזער כוח אָפּצוהיטן די גאַנצקייט פון ירושלים של מטה, אָבער דאָס גייסטיקע ירושלים, ירושלים של מעלה, קאָנען מיר און מוזן מיר אַלע מאָל און אומעטום אָפּהיטן.

דאָס איז ניט מער ווי מגידות, וועט אפשר דער קריטישער לייענער זאָגן. קאָן זיין! אגב, ניט אַלץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען דרוש און ווייט ניט אַלץ וואָס אונדזערע אַלטע מגידים האָבן געזאָגט, איז געווען בטלנות. דעם שרייבער פון די שורות קומט גאַנץ אָפט אויס צו בלעטערן אַ סך אַלטע ביכער און גאָר אַלטע ספרים. בין איך זיך מודה, אַז איך געפין אָפט אַ סך מער חכמה אין אַ מאמר פון אַן אַלטן מדרש ווי אין געוויסע פּאָליטישע אַרטיקלען פון די חכמים פון אונדזער דור. אַ פאָלק, וואָס האָט הינטער זיך אַ געשיכטע פון מער ווי הונדערט דורות, האָט באַוויזן במשך פון דער צייט אַנצוקלייבן גאָר אַ סך לעבנס־דערפאַרונגען און אַ סך לעבנס־חכמה. און אַ טייל פון אָט דער רייכער דערפאַרונג פון פאָלק און חכמה פון פאָלק, האָט זיך אויפגעהיט אין די אַלטע אגדות און מדרשים.

וואָס מיינט פאַר אונדז היינט ירושלים של מטה און ירושלים של מעלה? וועט דער יידישער גורל אויף דער וועלט אָנטשיידן ווערן בלויז מיט די מיטלען פון פיזישער מאַכט? שפּילן היינט, אין אונדזער צייט, שוין מאָראַלישע פאַקטאָרן גאָר קיין ראָל ניט? קאָנען מיר זיך טאַקע פאַרגינען דעם לוקסוס אָפּצוזאָגן זיך פון ירושלים של מעלה?

אונדזער פאָלק שטייט היינט פאַר גרויסע געפאַרן. און די געפאַרן קומען ניט נאָר פון דרויסן. מיר האָבן איבערגעלעבט אַזוי פיל אַנטוישונגען, דערשיטערט איז אונדזער גלויבן אין דער וועלט, אונדזער גלויבן אין דעמאָקראַטיע, אונדזער גלויבן אין סאָציאַליזם.

אונדזער אַנטוישונג איז באַרעכטיקט, אָבער די אויספירן, וועלכע אַ סך מאַכן דערפון, זיינען פאַלש. זיי זיינען אַפילו געפערלעך און זיי קאָנען אונדז ברענגען צו דער שווערסטער קאַטאַסטראָפע. פאַראַן,ליידער, אַ סך שנאת־ישראל אין דער וועלט. מיר טאָרן אָבער ניט פאַרגעסן די פאַלן פון ערלעכער און אויפריכטיקער באַציִונג צו אונדז. פאַראַן נאָך אויך היינט, אמת ווייט ניט אין דער גענוגנדיקער צאָל, חסידי אומות העולם. און אין אונדזער יידישער געשיכטע זיינען געווען פאַלן, אַפילו אַ סך פאַלן, ווען ערלעכקייט און מענטש־לעכקייט האָבן געזיגט. ווי וואָלטן מיר דען אַנדערש געקאָנט האָבן אַ קיום אויף דער וועלט? ווי אַזוי וואָלטן מיר דען אַליין געקאָנט באַוויזן דורכצוגיין ביז צום היינטיקן טאָג דעם לאַנגן און שווערן גלות־וועג?

אין וואָס באַשטייט היינט אונדזער כוח, וואָס איז אונדזער פאַרמעגן, מיט וואָס קומען מיר צום געמיינזאַמען טיש פון די פעלקער? ווען מיר האָבן אַלע מיט געפילן פון אומרו זיך צוגעהערט צו די דעבאַטן וועגן ארץ־ישראל בעת די היסטאָרישע זיצונגען פון דער „יו־ען“, איז אונדז ניט זעלטן אויסגעקומען אויפצוכאַפּן באַקאַנטע קלאַנגען: דאָס האָט מען ציטירט פסוקים פון תנ״ך! האָבן די דאָזיקע פסוקים געהאַט וועלכן עס איז ניט איינפלוס אויף דער אַנטשיידונג פון דער אָדער יענער מלוכה? איך גלייב, אַז מיר דאַרפן זיך ניט אָפּשרעקן פאַרן פאַרוואורף פון פּאָליטישער בטלנות, און מיר קאָנען מיט אַ רויִק געוויסן

ענטפערן — יאָ! דער תנ"ך איז געווען דער אַנטשיידנדיקער כוח אין דעם באַשלוס פון צענדליקער טויזנטער יידישע חלוצים זיך אומצוקערן צוריק קיין ארץ־ישראל און ווידער אויפבויען די חורבות פון אַמאָל. און דער תנ"ך איז געווען אַ דעציזידירנדיקער כוח אין דעם באַשלוס פון דער וועלט צו אָנערקענען דעם פאַקט פון דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. און אַ צווייטער וויכטיקער פאַקטאָר אין די אויגן פון דער וועלט און אין די אויגן פון יידישן פאָלק גופא איז געווען דער מאָמענט, וואָס אין משך פון די לעצטע דריי דורות האָבן יידישע חלוצים באַוויזן צו פאַרוואַנדלען אַ סך שטחים פון וויסטן מדבר אין בליִענדיקע פעלדער און גערטנער. דער רעספּעקט פאַר דורות מסירת־נפש פון דורות חלוצים, די באַוווּנדערונג פאַר דעם, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין די שטעט און אין די קאָלאָניעס, אין די קיבוצים און אין די קבוצות אין ארץ־ישראל, האָבן געוואַלדיק פאַרשטאַרקט די יידישע מאָראַלישע פּאָזיציע אין דער וועלט.

יידישע פירער און יידישע פּאָליטיקער מוזן זיך וועגן דעם אָפּגעבן אַ חשבון. אַ פאָלק, וואָס פאַררופט זיך אַזוי פיל אויף יחוס, אויפן יחוס פון דער תורה און די נביאים, דאַרף און מוז פאַרשטיין, אַז יחוס איז מחייב. אונדזערע עלטערן האָבן אויף זייער אופן געפירט דעם קאַמף פאַר דער מאָראַלישער פּאָזיציע פון יידן אין דער וועלט. זיי האָבן געשאַפן די פּאָליטיק פון קידוש־השם, לויטן יידישן דין איז באַגיין אַן עוולה לגבי אַ ניט־יידן נאָך אַ גרעסערע זינד ווי באַגיין אַן עוולה לגבי אַ יידן. וואָרים ווער עס באַגייט אַן עוולה לגבי ניט־יידן איז מחלל השם, ער פאַרשוועכט גאָטס הייליקן נאָמען און ער פאַר־שוועכט דעם נאָמען פון פאָלק ישראל. אָט די פּאָליטיק פון קידוש־השם, פון אָפּהיטן דעם יידישן כבוד און אָפּהיטן אונדזערע מאָראַלישע פּאָזיציעס אין דער וועלט, איז באַזונדערס דרינגענדיק נייטיק אין אונדזער צייט.

מיר זיינען אַ קליין פאָלק און אַ שוואַך פאָלק. אונדזער הויפּט־כוח שטעקט אין דער גערעכטיקייט פון אונדזערע טענות און אין יענעם גרויסן מאָראַלישן פאַרמעגן, וואָס אונדזער פאָלק האָט צונויפגעקליבן אין משך פון אַזוי פיל דורות. מוזן מיר אונדזער מאָראַלישן פאַרמעגן אָפּהיטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. אַוודאי איז פאַר אונדז וויכטיק ירושלים של מעלה, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט אַליין געבויט מיטן זיו השכינה. און כל־זמן ירושלים של מעלה וועט עקזיסטירן, וועט דאָס פאָלק ישראל עקזיסטירן.

## ביי די טייכן פון בבל

מיר לעבן אין אַ צייט, ווען מענטשן האַלטן אין איין אַנטלויפן פון טרויער און דאָך איז אונדזער וועלט פול מיט טרויער. אונדזערע הייִנטיקע פּאָליטיקער האַלטן אין איין פרעדיקן שמחה. דאָקטוירים און פּסיכאָלאָגן העלפן אונדז

זיך פרייען, און מ׳האַלט כסדר אין מונטערן: פאַרגעסט אייערע זאָרגן! פאַר־געסט אייער טרויער! געניסט פון לעבן אַזוי פיל וויפל איר קענט נאָר, געניסט וואָס מער פרייד! אַט דער רוף צו גליק, צו פרייד, צו זאָרגלאָזיקייט איז כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר אונדזער תקופה. און עס שטעלט זיך די פראַגע: האָט דאָס אונדז באמת געהאָלפן אַריינצוברענגען מער גליק אין לעבן? האָבן מיר באַוויזן צו שאַפן אַ צושטאַנד פון אמתדיקער פרייד? איז עס טאַקע אַלע מאָל ריכטיק צו פאַרגעסן אַלע זאָרגן, צו פאַרגעסן אַלע סיבות פון טרויער?

טרויער איז אונדזער וועג פון ווידערשטאַנד, אונדזער וועג פון פראָטעסט קעגן דעם אומברחמנותדיקן גורל בכלל און קעגן דער רשעות פון מענטשן בפרט. טרויער לערנט אונדז ניט צו מאַכן שלום מיט קאַטאַסטראָפעס, מיטן פאַקט פון חורבן, מיט די גרויזאַמקייטן פון דער נאַטור און מיט גרויזאַמקייטן פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. מיר שיידן זיך ניט מיט די, וואָס זיינען אַוועק פון אונדז, מיר היטן אָפּ זייער אָנדענק און מיר שיידן זיך אויך ניט מיט אונדזערע חלומות און מיט אונדזערע האָפענונגען. טרויער איז אַ סימן פון לעבן, טרויער קאָן שאַפן לעבן, טרויער קאָן העלפן ווידעראויפבויען וואָס מענטשלעכע רשעות האָט צעשטערט. אַט דעם טיפערן זין פון טרויער קאָנען מיר לערנען פון דעם וווּנדערלעכן קאַפּיטל תהילים, וואָס טראָגט דעם נאָמען „על נהרות בבל״ — ביי די טייכן פון בבל.

געווען איז עס מיט צוויי און אַ האַלב טויזנט יאָר צוריק. נאָך אַ לאַנגער באַלאַגערונג איז ירושלים געפאַלן, דאָס לאַנד איז געווען חרוב און אַ טייל פון דער באַפעלקערונג איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט קיין בבל. וואָס עס האָט געמיינט דער מאַרש פון די געפאַנגענע פון ירושלים ביז בבל אין יענער צייט קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן. אַ באַדייטנדיקע צאָל פון די פאַרטריבענע איז זיכער אומגעקומען אונטערוועגס. אויסגעמאַטערטע, אָנ־טוישטע, דערשלאָגענע, זיינען די רעשטלעך פון די פאַרטריבענע אָנגעקומען אין דעם פרעמדן לאַנד. און דאָ, אין אַ פרעמדער וועלט, ביי די טייכן פון בבל, האָבן די האַפערדיקע זיגער געפרוווט זיך אַ ביסל פריילעך מאַכן אויפן חשבון פון די באַזיגטע: „זינגט אונדז פון די געזאַנגען פון ציון״ (שירו לנו משירי ציון), האָבן זיי פאַרלאַנגט פון די אומגליקלעכע געפאַנגענע. טרויערט ניט, זייט פריילעך! איז געווען די פאָדערונג פון די זיגער. און דאָ איז געשען דער נס, אפשר דער גרעסטער נס אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. די אומגליק־לעכע און הילפלאָזע געפאַנגענע האָבן זיך ניט געלאָזט בייגן, זיי האָבן אַרויס־געוויזן אַ מאָראַלישע גבורה, וואָס שטייגט ווייט אַריבער אַלע גבורות פון מלחמה. זיי האָבן ניט געזונגען פאַר די שונאים די געזאַנגען פון ציון, זיי האָבן זיך ניט געמאַכט פריילעך, זיי זיינען געבליבן אין זייער טרויער. און אַ שבועה האָבן זיי געגעבן — ניט צו פאַרגעסן ירושלים, ניט צו פאַרגעסן דעם נאַציאָנאַלן אומגליק און ביי יעדער שמחה דערמאָנען דעם חורבן.

עס איז די אַלטע, גאָר אַלטע מעטאָדע אויסצופּרוּוון אַלע מיטלען, כדי צו

ברעכן מאַראַליש דעם באַזיגטן קעגנער. אין אונדזער צייט האָט מען די דאָזיקע מעטאָדע דערפירט צו אַ גאָר הויכער מדרגה. מיר ווייסן עס פון די מאָסקווער פּראָצעסן. ניט קיין וווּנדער, מיר האָבן אַ היפּש ביסל פּראָגרעסירט פאַר די פּאָר טויזנט יאָר. אָבער די עצם מעטאָדע איז אַלט, אַזוי אַלט ווי מענטשלעכע רשעות, ווי מענטשלעכער סאַדיזם. אַ נייעס, אַ גרויסע נייעס, איז אָבער געווען דער עקשנותדיקער ווידערשטאַנד פון די ייִדישע געפאַנגענע. מאַכט זיך פריילעך", האָט מען צו זיי געזאָגט, זינגט אונדז די לידער פון ציון". און דער ענטפער איז געווען די הייליקע שבועה אייביק צו געדענקען, ניט צו פאַרגעסן ירושלים: און אַ נײַ ליד האָבן די פאַרטריבענע געזונגען, אַ ליד פון בענקעניש, אַ ליד פון גלויבן און עקשנות:

בײַ די טײַכן פון בבל,
דאָרט זײַנען מיר געזעסן און געוויינט,
ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן ציון.
אויף די ווערבעס, וואָס אין איר
האָבן מיר אויפגעהאַנגען אונדזערע האַרפן;
וואָרום דאָרטן האָבן אונדזערע פאַנגער
פאַרלאַנגט פון אונדז ווערטער פון געזאַנג,
און אונדזערע פּייניקער, פריילעכקייט:
ווי זאָלן מיר זינגען דאָס געזאַנג פון גאָט
אויף פרעמדער ערד?
אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים,
זאָל מײַן רעכטע האַנט זיך פאַרגעסן.
זאָל צוגעקלעפּט ווערן מײַן צונג צו מײַן גומען,
אויב איך וועל דיך ניט געדענקען,
אויב איך וועל ניט דערמאָנען ירושלים
אויף מײַן העכסטער שמחה...

די הילפלאָזע געפאַנגענע האָבן ניט געוואָלט פריילעך זײַן. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער ייִדישער מאַרטירער־קאַמף, דער קאַמף פון אַ פאָלק, וואָס איז באַזיגט געוואָרן אויפן שלאַכטפעלד דורך אַ מעכטיקן קעגנער, וואָס האָט אָבער בשום אופן ניט מסכים געווען צו קאַפּיטולירן מאַראַליש. דאָס איז געווען, אויף וויפל מיר ווייסן, דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, ווען אַ פאָלק אין גלות האָט זיך פאַרעקשנט און האָט מיט מסירת־נפש, ניט געקוקט אויף די גרעסטע שוועריקייטן, אָפּגעהיט זײַן גלויבן, זײַנע אידעען און זײַן קולטור.

פאַראַן אַ תלמודישע אגדה: אומעטום ווו די ייִדן זײַנען פאַרטריבן גע־וואָרן איז די שכינה געווען מיט זיי, זיי זײַנען פאַרטריבן געוואָרן אין מצרים,

איז די שכינה געווען מיט זיי. זיי זיינען פארטריבן געוואָרן אין בבל, איז די שכינה געווען מיט זיי. און טאַקע דערפאַר, ווייל די פאַרטריבענע פון ירושלים און יהודה זיינען ניט געגאַנגען אַליין אין גלות, ווייל די שכינה איז מיטגע־גאַנגען מיט זיי, ווייל אויך אויף די שווערע וועגן פון זייערע וואַנדערונגען האָבן זיי אָפּגעהיט זייער יידיש גלויבן, האָבן זיי געהאַט דעם כוח און דעם מוט אַרויסצוווייזן זייער ווידערשטאַנד ביי די טייכן פון בבל.

עס איז אַן אָנגענומענער מנהג נאָך יעדן מאָלצייט, פאַרן בענטשן, צו זאָגן דאָס קאַפּיטל „על נהרות בבל". אַזוי איז דער מנהג אין די וואָכעדיקע טעג. שבת און יום־טוב אָבער זאָגט מען דאָס קאַפּיטל: **בשוב ה' את שיבת ציון היינו כחולמים** (ווען גאָט האָט געטאָן צוריקקערן די פאַרטריבענע פון ציון, זיינען מיר געווען ווי פאַרחלומט). געוויס, מ'קאָן ניט אייביק טרויערן, מ'טאָר ניט אייביק טרויערן, אָבער אויך אין צייטן פון פרייד און צופרידנהייט איז דורך דורות און אָפּגעהיט געוואָרן דער צוזאָג — ניט צו פאַרגעסן ירושלים.

די טעג פון טרויער און די סימבאָלן פון טרויער זיינען פאַר אונדז ניט נאָר אַ זכר לחורבן. די ניין טעג, תשעה באָב, דער מנהג פון תיקון חצות און אַ ריי אַנדערע מנהגים האָבן אונדז גאָר אַ סך געהאָלפן אין אונדזער ווידער־שטאַנד קעגן אַסימילאַציע, אין אונדזער מלחמה פאַר אָפּהיטן יידישקייט; זיי האָבן אונדז געהאָלפן אין אונדזער עקשנותדיקן קאַמף פאַר די רעכט פון אַ פאָלק צו לעבן, צו גלייבן און צו האָפן. געווען אַ סך געלעגנהייטן אין דער לאַנגער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, ווען מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט איינצוטערצוגיין אין פריילעכקייט. מיר האָבן זינגענדיק און טאַנצנדיק געקאָנט ווערן אויס יידן. האָבן מיר זיך דערמאָנט די מוטיקע עקשנות פון אונדזערע עלטער־עלטערן גאָר אַמאָל ביי די טייכן פון בבל. מיר האָבן פאַר זיך דערזען די געשטאַלטן פון די ערשטע פאַרטריבענע און מיר זיינען אויסגעהיט געוואָרן פון נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד דורך פריילעכקייט. אַזוי האָט דאָס געזאַנג פון בענקעניש ביי די טייכן פון בבל אונדז געהאָלפן בייצוקומען אַלע נסיונות און צו בלייבן יידן אין שווערע צייטן און אַוודאי אויך אין די בעסערע צייטן.

## תשעה באב — דער קאָנפליקט צווישן רוים און ירושלים

רוים און ירושלים, צוויי וועלטן, צוויי וועגן אין דער געשיכטע פון מענטש־לעכן קולטור־לעבן. ווען רוים און ירושלים האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַ־געגנט, איז רוים שוין געווען אַ וועלט־מאַכט, אַ גרויסע און מעכטיקע אימפּעריע, בעת ירושלים איז דעמאָלט געווען די הויפּטשטאָט פון אַ קליין לאַנד און דער גייסטיקער צענטער פון אַ פאָלק, וואָס איז געווען ניט גרויס אין צאָל, אָבער

שוין אַ וועלט־פֿאָלק, צעשפּרייט איבער די פֿאַרשיידנסטע לענדער. אין דעם קליינעם לאַנד פֿון יהודה האָט דעמאָלט געלעבט נאָר אַ טייל פֿון יידישן פֿאָלק. אין דעם פּרט איז די לאַגע אין דער יידישער וועלט היינט ענלעך צו דער סיטואַציע מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

רוים איז געווען ניט נאָר אַ וועלט־מאַכט, די אַלטע רוימישע אימפּעריע איז אויך געווען אַ ציוויליזאַציע פֿאַר זיך. רוים האָט געבויט און געשאַפֿן. רוים האָט אונדז איבערגעלאָזן אַ קולטור־ירושה. צו דער קולטור־ירושה פֿון רוים געהערט אויך דער פֿאַרצווייגטער סיסטעם פֿון רוימישן רעכט. און ס'איז כדאַי צו פֿאַרצייכענען, אַז אויך אין דער צייט פֿון די ביטערע מלחמות צווישן דער רוימישער וועלט־מאַכט און יהודה האָבן פֿון דעסטוועגן די צעשפּרייטע יידישע ישובים אין דער גרויסער רוימישער אימפּעריע געהאַט די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן. דאָס איז ריכטיק פֿאַר דער צייט פֿון חורבן בית שני און אַפֿילו פֿאַר דער צייט פֿון דעם אויפֿשטאַנד פֿון בר־כוכבא. אויך אין ארץ־ישראל גופֿא האָט דער יידישער ישוב באַוויזן ווייטער אָפּצוהיטן יידיש לעבן און דאָס לאַנד ישראל איז נאָך במשך פֿון עטלעכע דורות נאָכן אויפֿשטאַנד פֿון בר־כוכבא פֿאַרבליבן דער גייסטיקער צענטער פֿון דער יידישער וועלט.

אונדזער דור, וואָס האָט איבערגעלעבט די שוידערלעכע קאַטאַסטראָפֿע אין אייראָפּע, קאָן היינט בעסער אָפּשאַצן די פּאָזיטיווע עלעמענטן פֿון דער רוימישער ציוויליזאַציע. ניט געווען אָט דיווילדע און חיהשע בלוט־דורשטי־קייט אין דער רוימישער אימפּעריע, ווי דאָס איז ליידער אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ צאָל רעזשימען פֿון דיקטאַטור אין אונדזער צייט. איז דעריבער פֿאַר־שטענדלעך וואָס אייניקע פֿון די אָנגעזעענסטע יידישע פֿירער האָבן אַפֿילו אין צייטן פֿון שווערע קאָנפֿליקטן געטראַכט וועגן אַ שלום מיט דער רוימישער אויבער־הערשאַפֿט.

מיר קענען היינט אויך מער אָביעקטיוו אָפּשאַצן די מאָראַלישע באַדייטונג פֿון דעם יידישן ווידערשטאַנד קעגן דער רוימישער מאַכט. געווען ביי אונדז אַ צאָל אָנגעזעענע יידישע דענקער און דיכטער, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט זייערע טענות קעגן דער יידישער רעליגיעזער טראַדיציע און קעגן דעם יידישן וועג בכלל. די הויפּט־טענה איז געווען — די יידישע רעליגיע האָט ביי אונדז אָפּגעשוואַכט דעם ווילן צום קאַמף, דעם ווילן צום ווידערשטאַנד. די נביאים און די בעלי התלמוד, האָבן אייניקע געטענהט, האָבן פֿון אונדז געמאַכט אַ פֿאָלק פֿון לערנער, פֿון באַנק־קוועטשער, פֿון בטלנים. די גאַנצע אויפֿמערק־זאַמקייט האָט מען קאָנצענטרירט אויף לערנען תורה און אָפּהיטן מצוות. מיר זיינען געוואָרן אָפּגעפֿרעמדט פֿון דער נאַטור, אָפּגעפֿרעמדט פֿון דער פֿיזישער וועלט. מיר זיינען געוואָרן אַ פֿאָלק פֿון ספֿר, אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין גייסטיקייט. אויף וויפֿל מיר זוכן חיונה, האָבן מיר דער עיקר זיך אָפּגעגעבן מיט קרעמערישע פּרנסות. אָט די און נאָך אַנדערע טענות געפֿינט איר אין

די שריפטן פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, יהודה לייב גאָרדאָן, שאול טשער־ניכאָווסקי און אַנדערע.

דער פאַקט איז, אַז ס'איז ניטאָ די מינדסטע באַרעכטיקונג פאַר אַזעלכע טענות. ניט געווען נאָך אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ עקשנותדיקן ווידערשטאַנד קעגן דער רוימישער וועלט־מאַכט ווי די יידן. דאָס איז ריכטיק סיי פאַר דער צייט פון חורבן און סיי פאַר דער צייט פון דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא. ריין מיליטעריש איז נישט געווען די מינדסטע אויסזיכט פאַר קאַמף קעגן דער רוימישער וועלט־מאַכט. ארץ־ישראל איז אַ קליין לאַנד, די מיליטערישע מיטלען פון ישראל זיינען געווען זייער און זייער באַשיידענע, די געאָגראַפישע לאַגע האָט געגעבן די רוימער די גינסטיקסטע באַדינגונגען. און דאָך האָבן די יידישע קעמפער באַוויזן אין לויף פון עטלעכע יאָר צו שטעלן אַ פאַרביטערטן ווידערשטאַנד. עס איז קוים מעגלעך צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער, כדי איבערצוגעבן די גבורה און מסירת־נפש, וואָס די פאַרצווייפלטע באַפעלקערונג פון ירושלים האָט אַרויסגעוויזן בעת דער באַלאַגערונג דורך די רוימער. און געענוי דאָס זעלביקע איז ריכטיק פאַר דער צייט פון דעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד. עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז אָט דעם אויסערגעווײנטלעכן מוט צו קעמפן און צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד האָבן די יידישע העלדן געקאָנט באַוויזן נאָר אַ דאַנק זייער טיפן גלויבן. עס קאָן ממילא ניט זיין קיין גרעסערער אומזין ווי די פאַרשטעלונג, אַז די יידישע רעליגיעזע טראַדיציע האָט ביי אונדז אָפּגעשוואַכט די כוחות פון ווידערשטאַנד. אויך אַפילו פון שטאַנדפּונקט פון ריין־מיליטערישער גבורה האָט די יידישע רעליגיעזע טראַדיציע געשפּילט אַ געוואַלדיק פּאָזיטיווע ראָל.

עס איז אָבער ריכטיק, אַז ס'איז ביי אונדז ניט געווען קיין צו־גרויסע ראָמאַנטיק אַרום דעם גאַנצן ענין פון מיליטערישער גבורה. מיר האָבן אויך געהאַט געוויגוג מיליטערישע העלדן, אָבער זיי זיינען ניט געווען די צענטראַלע געשטאַלטן, וואָס האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. ניט יהושע און די שופטים, נאָר משה רבנו און די נביאים פאַרנעמען דעם צענטראַלן פּלאַץ אין דער יידישער געשיכטע. דוד המלך איז אין דער יידישער טראַדיציע פאַרהייליקט געוואָרן ניט ווי אַ מיליטערישער פירער, נאָר ווי דער דיכטער פון די געזאַנגען פון תהילים. אַזוי האָט אויך די תלמודישע טראַדיציע ניט געשאַפן קיין ראָמאַנטיק אַרום די געשטאַלטן פון די חשמונאים און פון בר־כוכבא. דערין קומט קלאָר צום אויסדרוק דער אונטערשייד צווישן רוים און ירושלים. און מיר באַצייכענען דאָ מיטן נאָמען רוים די גאַנצע גריכיש־רוימישע קולטור־וועלט, וואָס ליגט אין יסוד פון דער מאָדערנער סעקולערער קולטור־טראַדיציע.

וואַלטער ראַטענאַו, דער באַקאַנטער יידיש־דייטשער דענקער, וואָס איז געווען איינער פון די ערשטע קרבנות פון דעם בעסטיאַלישן דייטשן נאַציאָ־נאַליזם, האָט אין אַ שמועס מיט אַלבערט איינשטיין זיך אַמאָל אויסגעדריקט:

„ווען אַ ייד זאָגט, אַז ער האָט הנאה פון גיין אויף געיעג — איז ער אַ ליגנער". וואַלטער ראַטענאַו האָט גאָר ווייניק געוווּסט וועגן יידישקייט און לויט זיין גאַנצער שטימונג איז ער געווען שטאַרק אַסימילירט. און דאָך האָט ער אין אַט די געציילטע ווערטער אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן כאַראַקטעריזירט דעם פּרינציפּיעלן אונטערשייד צווישן יידישקייט און „גוישקייט".

איך מייד געוויינטלעך אויס, אויף ווי ווייט מעגלעך, צו באַנוצן דאָס וואָרט „גויישקייט". פאַראַן אָבער פאַלן ווען דאָס לאָזט זיך ניט אויסמיידן. די גאַנצע ראָמאַנטיק פון יאַגד איז דורך און דורך "גוייש". ערנעסט העמינגוועי האָט אַט דעם געצנדינערישן קולט פון פיזישער מאַכט, פון פאַרהערלעכן די ווילדע ליידנשאַפט פון געיעג און ברוטאַלער גבורה, געפּרוווט אַרויסברענגען אויף אַ קינסטלעריש אופן. וויל איך דאָ לאָזן אָפן די פראַגע וועגן דער ראָל פון ערנעסט העמינגוועי ווי אַ גרויסער קינסטלער. עס קאָן אָבער קיין ספק ניט זיין, אַז ערנעסט העמינגוועי איז געווען דורך און דורך אַ „גויישער" קינסטלער. און מערקווערדיק, העמינגוועי איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון פאַשיזם. ער האָט אין גאַנצן ניט פאַרשטאַנען, אַז די ראָמאַנטיק פון ברוטאַלער פיזישער גבורה פירט אוממייגלעך צום פאַשיזם.

געווען אַ צייט, ווען מען האָט געקאָנט גלייבן, אַז די מיליטערישע ראָמאַנטיק קאָן ווייניקסטנס האָבן אַ געוויסן דערציִערישן ווערט. אַזוי האָט אַפילו געגלייבט אַזאַ דענקער ווי פּלאַטאָן. מלחמות זיינען אוממײַדלעך, האָט מען זיך פאַרגעשטעלט. אויב מלחמות זיינען אוממײַדלעך, מוז מען זיין גרייט דערצו. מען האָט אויך געגלייבט, אַז אַ מיליטערישע דערציִונג און אַ מיליטערישע דיסציפּלין קאָן העלפן אויסבילדן דעם מענטשלעכן כאַראַקטער. פאַראַן ווייטער אַ צאָל דענקער, וואָס גלייבן, אַז קריגערישקייט, דער מיליטערישער גייסט, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מענטשלעכער נאַטור. אַ דענקער ווי וויליאַם דזשעימס, למשל, האָט דעריבער געטראַכט וועגן געפינען מאָראַלישע אויפגאַבן, וואָס זאָלן דעם מענטשן געבן די מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן אין אַ געוויסער מאָס זיינע קריגערישע אַמביציעס. ער האָט געזוכט אַ מאָראַלישן עקוויוואַלענט פאַר מלחמה.

דאָס אַלץ איז געווען פאַר דער אַטאָמישער תקופה. ביים היינטיקן טאָג קאָן מער ניט זיין קיין רייד וועגן אַ ראָמאַנטיק פון מלחמה. די ראָמאַנטיק פון מלחמה איז אַ ראָמאַנטיק פון אונטערגאַנג. קיינער וועט מער ניט האָבן קיין מעגלעכקייט אַרויסצווייזן העלדישקייט. אין דער קומענדיקער מלחמה וועט ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר העלדן. די מלחמה וועט געפירט ווערן פון אינזשיניערן און פיזיקער. מוזן מיר ממילא קומען צו אַן איבערראַשונג פון אַלע אונדזערע קולטור־ווערטן. די טראַגישע סיטואַציע אונדזערע באַשטייט דערין, וואָס מיר מוזן זיין גרייט זיך צו פאַרטיידיקן און אין דער זעלביקער צייט מוזן מיר אַלץ טאָן, כדי צו פאַרזיכערן דעם שלום. דאָס איז אַ פּראָבלעם פאַר דער וועלט בכלל און פאַר מדינת ישראל בפרט. מיר ווילן שלום, מיר חלומען

וועגן שלום און מיר מוזן זיין גרייט צו מלחמה. מיר מוזן זיין גרייט צו קעמפן און מיר מוזן אין דער זעלביקער צייט מאַכן אַ סוף צו דער ראָמאַנטיק פון מלחמה־העלדישקייט בכלל. דאָס איז געווען דער חלום פון די נביאים — דאָס איז דער גייסט פון ירושלים.

פאַראַן צוויי וועגן צום שלום. אויך די גרויסע רוימישע אימפּעריע האָט אין לויף פון יאָרהונדערטער פּאַקטיש פאַרזיכערט שלום פאַר דער וועלט. דאָס איז געווען דער רוימישער שלום, די פּאַקס ראָמאַנאַ. דאָס איז געווען אַ שלום, וואָס האָט געהאַט זיין יסוד אין דער רוימישער מיליטערישער מאַכט. פאַראַן אַ צווייטער וועג צו שלום. דאָס איז דער שלום פון ירושלים, דער שלום, וואָס דאַרף האָבן זיין יסוד אין דער פאַרברידערונג פון די פעלקער.

קען די וועלט געפינען דעם וועג צו אַ שלום פון ירושלים? דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון אונדזער צייט .

## שבתים פון טרייסט

## שבת נחמו

נאָך תשעה־באָב, נאָך די טעג פון טרויער, קומט דער שבת פון טרייסט, שבת־נחמו. נאָכן לייענען די תורה פאַרענדיקט מען מיט דער הפטרה פון ישעיה: נחמו נחמו עמי יאמר אלהיכם — טרייסט, טרייסט מיין פאָלק, טוט זאָגן אייער גאָט. עס איז די אָנגענומענע מיינונג פון דעם גרעסטן טייל געלערנטע, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט דער פאָרשונג פון תנ״ך, אַז מיטן קאַפּיטל נחמו נחמו עמי, דעם פערציקסטן קאַפּיטל פון ישעיה, הייבן זיך אָן די רייד פון אַ נייעם נביא, דעם נביא פון טרייסט. אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור ווערט דער נביא פון נחמה באַצייכנט מיטן נאָמען ישעיה דער צווייטער. דער באַקאַנטער פראַנצויזישער דענקער ע. רענאַן האָט דעם נביא פון די נחמה־נבואות באַצייכנט מיטן נאָמען „דער גרויסער אומבאַקאַנטער". מיר ווייסן ניט, ווער ער איז געווען; מיר ווייסן אָבער ווען ער האָט געלעבט. דער נביא פון טרייסט, איינער פון די גרעסטע דענקער און דיכטער, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרמאָגט, האָט געלעבט אין דער שווערער צייט פון גלות בבל. און זיין גאַנצע ענערגיע, זיין גאַנצע נשמה האָט דער גרויסער נביא געהייליקט פאַר איין צוועק: טרייסטן זיינע פאָלקס־ברידער, שטאַרקן זייער מוט, העלפן זיי אַריבערצוטראָגן די שווערע פינצטערע טעג, וואָרים, האָט דער נביא כסדר געזאָגט צו זיין פאָלק: באַלד וועט אויפגיין דיין ליכט, גאָר באַלד וועט אויפשיינען דיין זון. לייענט מען דעם שבת פאַר תשעה־באָב דעם ערשטן קאַפּיטל פון ישעיה דעם ערשטן, פון דעם נביא, וואָס האָט כסדר געמוסרט זיין פאָלק. און דעם שבת

נאָך תשעה־באָב לייענט מען דעם ערשטן קאַפּיטל פון ישעיה דעם צווייטן, פון דעם נביא פון נחמה.

זעקס זאַכן, דערציילט אַ תלמודישע אגדה, זיינען באַשאַפן געוואָרן נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, און איינע פון אָט־די זעקס זאַכן איז דער נאָמען פון משיחן. וואָרים וועלכן זין וואָלט אונדזער וועלט געהאַט, אַ וועלט מיט אַזוי פיל זאָרגן, אַזוי פיל ליידן, אָן דעם נאָמען פון משיח? מנחם, דער טרייסטער, איז דער נאָמען פון משיח. ער איז דער טרייסטער פון די ליידנדיקע, דער טרייסטער פון זיין פאָלק און דער טרייסטער פון דער וועלט.

ווען איז משיח געבוירן געוואָרן? אַ סך מאָל איז ער שוין געבוירן גע־וואָרן. אין יעדער שווערער צייט פאַרן פאָלק ווערט געבוירן דער טרייסטער, דער העלפער און אויסלייזער. די געבורט פון משיחן איז אַ טעמע, וואָס האָט תמיד באַשעפטיקט די פאָלקס־פאַנטאַזיע. די ערשטע משיח־געשטאַלט ביי יידן איז די געשטאַלט פון דעם גרעסטן נביא, משה רבנו. און נאָך איידער דער צוקונפטיקער אויסלייזער האָט דערבליקט דעם שיין פון דער וועלט, איז שוין זיין לעבן, אַזוי דערציילט די פאָלקס־לעגענדע, געווען אין סכנה. די תלמודישע טראַדיציע דערציילט: ווען דער רשע פרעה, דער קעניג פון מצרים, האָט אַרויסגעלאָזן די גזרה, אַז אַלע ייִנגלעך, וואָס וועלן געבוירן ווערן, זאָל מען אַריינוואַרפן אין טייך, האָט עמרם, וואָס איז שפּעטער געוואָרן משהס פאָטער, זיך געגט מיט זיין פרוי. צו וואָס ברענגען אויף דער וועלט קינדער, האָט ער געטראַכט, אויב זיי איז באַשערט אַזאַ טראַגישער גורל? האָבן אַלע יידן אין מצרים נאָכגעטאָן זיין ביישפּיל. האָט דאָן — דערציילט ווייטער די אגדה — עמרמס טאָכטער, משהס עלטערע שוועסטער מרים, אויסגעמוסרט איר פאָטער. דיין גזרה, האָט זי אים געזאָגט, איז דאָך נאָך ערגער ווי פרעהס גזרה. האָט עמרם זיך ווידער אומגעקערט צו זיין פרוי. און דאָס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן, איז ניצול געוואָרן פון אַלע סכנות, וואָס האָבן אויף אים געלויערט. פרעהס גזרה איז ניט מקוים געוואָרן און דאָס יידישע פאָלק איז אויסגעלייזט געוואָרן.

גראָד אין די שווערסטע צייטן, אין די צייטן פון חורבן און יאוש ווערט גע־בוירן משיח, ווערט געבוירן דער אויסלייזער. און אפשר איז אַפילו דער זין דערפון — יעדעס קינד, וואָס ווערט געבוירן אין שווערע צייטן, אין צייטן פון עלנט און פּיין, איז אַ טרייסטער; קינדער וואָס ווערן געבוירן אין דער תקופה פון יאוש, וועלן זוכה זיין צו ווערן דער דור פון גאולה.

אויף אַ ביסל אַן אַנדער אופן ווערט דער זעלביקער מאָטיוו באַהאַנדלט אין אַ מדרש וועגן דער געבורט פון משיחן: אין דעם זעלבן טאָג — ווערט דערציילט אין מדרש — ווען די שונאים פון ישראל זיינען אַריין אין ירושלים און האָבן חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש, האָט פּאַסירט אַ וווּנדערלעכע גע־שעעניש. אַ יידישער פּויער איז געשטאַנען און מיט אַ מאָל האָט ער דערזען, ווי די בהמה, וואָס האָט געשלעפּט דעם אַקער־אייזן, איז אַנידערגעפאַלן אויף

דער ערד. איז דער פויער זייער צעטומלט געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן די בהמה, זי זאָל טאָן איר אַרבעט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן און זי פלעגט זיך כסדר ווידער אַוועקלייגן אויף דער ערד. ביז ער האָט דערהערט אַ קול רופט צו אים: לאָז איר אָפּ — דאָס טרויערט זי איבערן חורבן, איבערן בית־המקדש, וואָס איז היינט פאַרברענט געוואָרן! האָט דער פויער צעריסן זיינע קליידער, האָט אַרויפגעטאָן אַש אויף זיין קאָפּ און האָט געוויינט.

אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט זיך די בהמה ווידער געשטעלט אויף די פיס און האָט אָנגעהויבן טאַנצן. איז דער פויער פאַרוווּנדערט געוואָרן. און ער האָט דערהערט אַ קול, וואָס זאָגט צו אים: נעם זיך ווידער צו דיין אַרבעט, הייב אָן צו אַקערן דיין פעלד, וואָרים אין דער שעה איז משיח געבוירן געוואָרן. ווען דער מאַן האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט. ער איז אַוועק צו זיך אין דער היים, האָט זיך אַרומגעוואַשן, האָט מיטגענומען זאַכן פאַר קליינע קינדער און איז אַוועק קיין ירושלים זוכן דעם טרייסטער. קומענ־דיק אין שטאָט, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און אויסגערופן: ווער וויל קויפן זיידענע בענדער פאַר אַ קינד? האָט דערהערט אַ שכנה פון דעם הויז, ווו משיח איז געבוירן געוואָרן, און זי האָט געזאָגט צו דעם הענדלער: גיי אַריין אין יענעם הויז, אַ קינד איז דאָרטן היינט געבוירן געוואָרן. איז ער אַריינגעקומען צו משיחס מוטער און ער זאָגט צו איר: קויף אַ זיידענעם באַנד פאַר דיין קינד. האָט די מוטער אים געענטפערט: איך קאָן עס ניט, ער איז געבוירן געוואָרן אין דעם טאָג, וואָס דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן. פאַרשאָלטן זאָל זיין דער טאָג. איז דער מאַן צוגעגאַנגען צום קינד, האָט אים אַ קוש געטאָן אין קאָפּ און האָט אים אָנגעטאָן דעם זיידענעם באַנד. יעדעס יאָר פלעגט דער מאַן קומען קיין ירושלים צו זען דאָס קינד. און דער נאָמען פון דעם קינד איז געווען: מנחם בן עמיאל; מנחם, דער זון פון גאָטס פאָלק. ווען אַ קינד ווערט געבוירן אין טאָג פון חורבן, איז עס אַ קינד פון טרייסט, אַ קינד פון האָפענונג. אין דעם טאָג פון חורבן איז געבוירן געוואָרן דער טרייסטער, מנחם בן עמיאל. טאָר מען דערפאַר ניט אָפּשטעלן די אַרבעט אויפן פעלד, טאָר מען דערפאַר ניט פאַרגעסן, אַז יידיש לעבן מוז אָנהאַלטן ווייטער.

עס איז ניט מעגלעך קיין נחמה אָן אַ גלויבן אין אַ צוקונפט, און עס איז ניטאָ קיין צוקונפט פאַר אַ פאָלק, וואָס דערציט ניט קיין דור פון דער צוקונפט. און מערקווערדיק, ווי די יידישע טראַדיציע האָט אויף אַ וווּנדערלעכן אופן פאַרשטאַנען צו פאַרבינדן די פאַרשיידענע דורות מיטן בונד פון נחמה. איינע פון די הייליקסטע יידישע תפילות איז די תפילה, וואָס איז אונדז אַזוי באַקאַנט אונטערן נאָמען קדיש. עס איז אַ תפילה פון פאָלק, געשאַפן אין דער פאָלקס־שפּראַך פון דער צייט פון בית שני, אין אַראַמעיש. פאַר אונדז היינט איז קדיש פאַרבונדן מיט אבלות און יאָרצייט. קינדער גיבן אָפּ דעם לעצטן כבוד זייערע עלטערן דורך זאָגן קדיש. אָבער די אַלטע פאָלקסטימלעכע תפילה האָט אין אמתן געהאַט גאָר אַן אַנדער זין. עס איז אַ תפילה פון גלויבן און האָפע־

נונג, אַ משיחישע תפילה, ווו דאָס פאָלק פּראָקלאַמירט זיין עקשנותדיקן אָפּטי־מיזם אין אַ הייליקער וועלט, אין אַ גאולה, וואָס וועט און מוז באַלד קומען. ווי מיר ווייסן פון תלמוד, פלעגט מען מיט דער תפילה פון קדיש אַמאָל פאַרענדיקן די עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, ווו די פאָלקס־רעדנער און דרשנים פלעגן פרעדיקן פאַרן פאָלק. דער רעדנער פלעגט צום סוף פון זיין דרשה פאַר־ענדיקן מיט טרייסט־ווערטער, מיט דעם גלויבן, אַז גאָטס מלכות וועט באַלד קומען, נאָך אין אונדזער צייט, נאָךביים לעבן פון דער פאַרזאַמלטער געמיינדע (בחייכון וביומיכון ובחיי דכל בית ישראל). אַלע צוזאַמען, דאָס גאַנצע פאָלק ישראל זאָלן נאָך זוכה זיין צו זען די גאולה.

אַט־די ווונדערלעכע תפילה פון טיפסטן גלויבן און שטאַרקסטער האָפענונג איז געוואָרן דער סימבאָל, וואָס פאַרבינדט אַלע דורות יידן, די דורות פון דער פאַרגאַנגענהייט מיט די דורות פון דער צוקונפט. קדיש איז ניט קיין תפילה פון טרויער, נאָר אַ תפילה פון נחמה, פון גלויבן און גאולה. דערמיט נעמען די קינדער איבער דעם גלויבן פון זייערע עלטערן, יידיש לעבן ווערט ניט איבערגעריסן.

טרייסט, טרייסט מיין פאָלק,<br>
זאָגט אייער גאָט.<br>
רעדט צום האַרצן פון ירושלים,<br>
רופט צו איר:<br>
דערפילט איז איר צייט,<br>
פאַרגעבן איז איר זינד!

## רעאַל־פּאָליטיק און דער חלום פון די נביאים

נאָך די טעג פון נאַציאָנאַלן טרויער קומען די טעג פון טרייסט. דער שבת נאָך תשעה־באָב טראָגט דעם נאָמען „שבת־נחמו" און במשך פון די זיבן שבתים צווישן תשעה־באָב און ראש השנה לייענט מען די נבואות פון נחמה און דערמוטיקונג (שבע דנחמתא), וואָס געפינען זיך אין צווייטן טייל פון ישעיה. מיר ווייסן היינט, אַז די דאָזיקע נבואות פון נחמה זיינען געשריבן גע־וואָרן אין דער צייט פון גלות בבל, ווען די פאַרטריבענע פון יהודה און ירושלים האָבן זיך געגרייט אומצוקערן צוריק אין דעם לאַנד פון די אָבות.

דער צווייטער טייל פון ספר ישעיה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „טרייסט, טרייסט מיין פאָלק, זאָגט אייער גאָט". (נחמו, נחמו עמי יאמר אלהיכם). מיר קאָנען זיך קוים פאַרשטעלן דאָס יידישע לעבן אין גלות אָן די נבואות פון טרייסט, גלויבן און האָפענונג, וואָס דער אַנאָנימער נביא פון דער צייט פון גלות בבל האָט אונדז איבערגעלאָזן.

אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור איז די אידעע פון פּראַק־טישקייט און רעאַליזם צום בעסטן פּאַרקערפּערט געוואָרן אין דער מעכטיקער רוימישער אימפּעריע. רוים און ירושלים האָבן מיט זיך פּערזאָניפיצירט צוויי באַזונדערע וועגן אין מענטשלעכן לעבן.

דער באַקאַנטער פּאָליטישער דענקער ניקאָלאָ מאַקיאַוועלי, וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין פלאָרענץ, אין דער בלי־תקופה פון דער איטאַליענישער קול־טור אין אָנהייב פון 16טן יאָרהונדערט, האָט אין זיין צייט געפּרוווט מאַכן אַן אידעאָלאָגישן סך־הכל פון דער אַלטער רוימישער געשיכטע. איינער פון די וויכטיקסטע פּראָדוקטן פון זיין ליטעראַרישער שעפערישקייט איז געווען די שריפט „דער פירשט".

דאָס בוך פון מאַקיאַוועלי האָט אַרויסגערופן אַ סך שאַרפע קריטיק און דאָס וואָרט „מאַקיאַוועלי" איז געוואָרן אַ באַצייכענונג פאַר מעטאָדן פון ברו־טאַלער און צביעותדיקער פּאָליטיק.

דער פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ פון מאַקיאַוועליס פּאָליטישער פילאָזאָפיע איז — מאַכט. די צענטראַלע אויפגאַבע פון יעדן פּאָליטישן פירער איז צו פאַרגרעסערן און פאַרפעסטיקן זיינע מאַכט־פּאָזיציעס. טאָר זיך צוליב דעם טעם דער פּאָליטיקער ניט אָפּזאָגן פון קיין שום מיטל, וואָס קאָן אים נאָר פירן צו זיין ציל. מאַקיאַוועליס פּאָליטישע פילאָזאָפיע איז דערפאַר אין גאַנצן אַ „רעאַליסטישע" אָן אַ שום שפּור פון מאָראַלישע אָדער ראָמאַנטישע מאָטיוון. די מלוכה און די מלוכה־מאַכט זיינען פאַר אים זעלבשטענדיקע צילן און אַלץ איז באַרעכטיקט, וואָס איז נאָר מסוגל צו פאַרשטאַרקן די מאַכט פון דער מלוכה.

עס וואָלט אָבער געווען דער גרעסטער טעות זיך פאָרצושטעלן, אַז מאַ־קיאַוועלי אַליין איז געווען אַ מענטש אָן מאָראַלישע פּרינציפּן. דער איטאַליע־נישער דענקער האָט בלויז אונטערגעפירט דעם סך־הכל פון דער פּאָליטישער געשיכטע פון רוים און איטאַליע, און ער איז ניט אין גאַנצן שולדיק, וואָס זיין סך־הכל איז אַזוי אַרויסגעקומען.

די עקסטרעמיסטן פון רעכטס און פון לינקס, די אידעאָלאָגן פון פאַשיזם און קאָמוניזם זיינען פאַקטיש די תלמידים פון מאַקיאַוועלי. איז עס ניט נאַיִוו צו קומען היינט צו דער וועלט מיטן חלום פון ישעיה, אַז ציון וועט אויסגעלייזט ווערן מיט גערעכטיקייט און אירע צוריקגעקערטע מיט רעכטפאַרטיקייט ? (ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה). קאָן אַ לאַנד אויסגעלייזט ווערן מיט גערעכטי־קייט ? קאָן אַ וועלט באַפרייט ווערן דורך יושר ? זיינען עס אפשר ניט מער ווי קינדעריש נאַיִווע און אַפילו שעדלעכע חלומות ?

די נביאים האָבן פּראָקלאַמירט די אידעע פון מלכות שמים, אָבער מיר, מענטשן, לעבן אויף דער ערד, און אויף אונדזער זינדיקער ערד הערשן ווייט ניט קיין הימלישע כוחות. וואָס קאָנען אונדז דאָן העלפן די ווערטער פון די נביאים ?

דער אמת אָבער איז, אַז אויך דער חלום פון די נביאים איז געווען ניט נאָר אַ פאַנטאַזיע. די נביאים האָבן מיט זייערע חלומות געשאַפן ווירקלעכקייט און די יידישע געשיכטע איז אַ טייל פון אָט דער נביאישער ווירקלעכקייט. לויט די געזעצן פון דער פּאָליטיק פון מאַכט וואָלט דאָס יידישע פאָלק שוין לאַנג ניט געקאָנט עקזיסטירן. עס הערשן אָבער אין לעבן אויך אַנדערע געזעצן און מלכות שמים איז דעריבער אַ טייל פון דער יידישער אידעע און פון דער מענטש־לעכער געשיכטע בכלל.

# אלול
# דער רוף צו תשובה





## אלול־געדאַנקען וועגן יידן און יידישקייט

די טעג פון חודש אלול זיינען טעג פון ערנסטן חשבון מיט זיך אַליין און מיט דער וועלט. און צוליב דעם טעם זיינען אויך די טעג פון אלול אַ פּאַסיקע צייט פון אַ סך־הכל וועגן די ענינים פון יידישקייט.

מ'קאָן אַוודאי פרעגן: אפשר איז גאָרניט אַזוי נייטיק זיך צו פאַרנעמען מיט חשבונות און סך־הכלען? וואָס קומט דערפון אַרויס? אָט די שטימונג פון פאַרזיכטיקן סקעפּטיציזם איז מיר פאַרשטענדלעך. און דאָך איז אַ חשבון נייטיק, ווייל יעדער נייער דור פאַרלאַנגט פון אונדז אַן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס איז יידישקייט און צו וואָס איז יידישקייט אונדז מחייב.

מיר שטייען פאַרן אָנהייב פון אַ נייעם שול־יאָר. און אונדזערע לערער דערוואַרטן מיט אַ געפיל פון אומרויִקייט די באַגעגעניש מיט נייע תלמידים. קינדער האָלטן כסדר אין פרעגן, יונגע מענטשן ראַנגלען זיך מיט פּראָבלעמען. אונדזער גרויסער יום־טוב פסח הייבט זיך אָן מיט די קשיות פון דער הגדה, דאָס יינגסטע קינד פרעגט מה נשתנה... און דער טאַטע האָט דאָך ניט קיין ברירה און ער מוז ענטפערן. צום גליק געפינט ער אַ פאַרטיקן ענטפער אין דער

הגדה. שווערער איז די לאַגע פון דעם מאָדערנעם יידישן לערער, ער האָט ניט קיין פּאַרטיקן ענטפער.

אויך עלטערן דאַרפן כסדר זיין גרייט צו ענטפערן אויף אומגעריכטע פראַגן פון די קינדער. האָט דאָך שוין די תורה פאָרויסגעזען די מעגלעכקייט: „און עס וועט זיין, ווען דיין זון וועט דיך מאַרגן פרעגן"... (והיה כי ישאלך בנך מחר לאמר...) דער אמת איז, אַז גאָר אָפט פרעגן מיר זיך אַליין אויך: מיט וואָס בין איך אַ ייד, וואָס טו איך פאַר יידישקייט?

מיר האָבן היינט צוויי עקסטרעמע וועגן אין יידישקייט. דער ערשטער עקסטרעם ווערט רעפּרעזענטירט דורך דער טראַדיציאָנעלער יידישער וועלט, דאָס איז די וועלט פון תורה־יידישקייט. מיר קאָנען אָננעמען די השערה, אַז בערך פינף ביז צען פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע פילן זיך אין גאַנצן פאַרבונדן מיט דער וועלט פון דער פרומער תורה־יידישקייט. אַרום אָט דעם פעסטן קערנדל פון פרומע תורה־יידן גרופּירט זיך אַ ברייטערער קרייז פון פריינט און סימפּאַטיקער. אַזוי גייט דער איינפלוס פון תורה־יידישקייט אַ סך ווייטער.

צום צווייטן עקסטרעם געהערן אַ צאָל פון די וועלטלעכע יידן, פון די רעפאָרם־יידן און פון סתם יידן. צו דער גרופּע געהערן די אַלע, וואָס זוכן אַ וועג פון גרינגער יידישקייט. דאָס זיינען אין תוך איין־מצווה־יידן, זיי ווילן יוצא זיין מיט איין מצווה זייער חוב לגבי דעם יידישן כלל. אייניקע באַגנוגע־נען זיך מיט אונטערשטיצן אַ געוויסע באַוועגונג, אַ געוויסע קולטור־אָרגאַני־זאַציע. מען שרייבט זיך איין ווי אַ מיטגליד אין אַ שול, אין אַ חברה, אין אַ צענטער, הגם מ'איז ווייניק אַקטיוו אין אָט די אָרגאַניזאַציעס. דאָס יידישע געוויסן האָט מען אויף אַזאַ אופן באַרויִקט: איך האָב יידן און יידישקייט — זאָגט דער איין־מצווה־ייד — ניט פאַרגעסן. צווישן אָט די צוויי עקסטרעמען, צווישן דער פולער תורה־יידישקייט און דער מינימאַלער און אַזוי גרינגער איין מצווה־יידישקייט, בלאָנדזשעט די גרעסטע מערהייט פון יידישן פאָלק.

קומען מיר צוריק צו דער פראַגע: וואָס איז יידישקייט? פאַר דעם פרומען תורה־יידן איז דער ענטפער קלאָר. אַלע וויכוחים זיינען דאָ איבעריק. מיר ווייסן וואָס תורה־יידישקייט פאַרלאַנגט פון אונדז. אויך די אָנהענגער פון דער צווייטער עקסטרעמער ריכטונג קאָנען זיך נאָך ווי עס איז געבן אַן עצה. זיי זוכן אַ גרינגע יידישקייט, זיי ווילן בלויז יוצא זיין. געפינט מען אַ גרינגע מצווה און מען בלייבט פאַרשריבן אין דעם ספר פון כלל־ישראל.

צערודערט זיינען די יידן, וואָס פאַרשטייען, אַז די איין־מצווה־יידישקייט, דער גרינגער וועג פון בלויז יוצא זיין דעם חוב פון יידישקייט, איז ניט גענוג, און דעם כוח צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון דער פולער תורה־יידישקייט האָבן זיי אויך ניט. שטייען אָט די צערודערטע יידן פאַר דער פראַגע: וועלכע מצוות איז דער היינטיקער יידישער מענטש מחוייב אָפּצוהיטן? ווי

איז מיט כשרות, ווי איז מיט שבת, ווי איז מיט דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג? פאַראַן אויך אַ צאָל גאָר ערנסטע פּראָבלעמען: דאַרף מען צופּאַסן דעם וועג פון יידישקייט צו די פאָדערונגען פון לעבן אין אונדזער צייט? אָדער אפשר פאַרקערט: אפשר דאַרף מען צופּאַסן דעם וועג פון לעבן, אויך אין אונדזער צייט, צו די פאָדערונגען פון דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, צום וועג פון שולחן־ערוך? איז די תורה אונדזער וועגווייזער, אָדער איז עס די לעצטע מאָדע פון אונדזער צייט?

עס וואָלט געווען אַ טעות צו גלייבן, אַז מיר קאָנען אין גאַנצן איגנאָרירן די היסטאָרישע אַנטוויקלונג. דאָס האָבן אויך פאַרשטאַנען די בעלי התלמוד. דער אמת איז דאָך, אַז דער וועג פון דער הלכה איז אין גאָר אַ באַדייטנדיקער מאָס אַ וועג פון רעפאָרמען. מ'האָט אָפט אויף אַ נייעם אופן אויסגעטייטשט די דינים פון דער תורה. מ'האָט איינגעפירט פאַרשיידענע תקנות און מען האָט אין סך־הכל גאָר אַ סך געענדערט. מיר געפינען אויך גענוג תקנות און רעפאָרמען אין דער ליטעראַטור פון די פּוסקים און אָפילו אין שולחן־ערוך. גענוג דאָ צו דערמאָנען די תקנות פון רבנו גרשום מאור הגולה. מיר געפינען ווייטער אין שולחן־ערוך אין דער פּוסקים־ליטעראַטור אַ צאָל פאַרגרינגערונגען וואָס זיינען שייך די דינים פון האַנדל און געשעפטס־פאַרבינדונגען מיט ניט־יידן. אין דעם פּרט זיינען די דינים פון שולחן־ערוך גאַרניט אין אַן ערך ליבעראַלער ווי די דינים פון תלמוד. מיר קאָנען זיך דאָ באַגנוגענען בלויז מיט איין כאַראַקטעריסטישן ביישפּיל. די מסכתא עבודה זרה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: דריי טעג פאַר די ניט־יידישע יום־טובים טאָר מען מיט זיי ניט האַנדלען. (לפני אידיהן של גויים שלשה ימים אסור לשאת ולתת עמהן). אין דער צייט פון דער משנה זיינען די געשעפטלעכע באַציִונגען צווישן יידן און ניט־יידן נאָך געווען גאַנץ באַגרענעצטע. אָבער שוין דער אמורא שמואל האָט געהאַלטן, אַז אין גלות לאָזט זיך אַזאַ שטרענגע אָפּזונדערונג ניט דורכפירן, און ער האָט געפּסקנט, אַז יידן דאַרפן זיך אָפּהאַלטן פון געשעפטלעכע באַציִונגען מיט ניט־יידן בלויז אין דעם טאָג פון אַ ניט־יידישן יום־טוב. (אמר שמואל בגולה אין איסור אלא יום אידם). און דער אמורא ר' יוחנן האָט אָפילו געפּסקנט, אַז ניט־יידן אין חוץ לארץ ווערן ניט גערעכנט ווי געצנדינער. שפּעטער, אין אייראָפּע, אין דער צייט פון מיטלאַלטער, איז אַבסאָלוט ניט געווען מעגלעך אָפּצוהיטן די שטרענגע הלכה. דער האַנדל איז געווען די וויכטיקסטע יידישע פּרנסה. האָט מען דעריבער פּאַקטיש איגנאָרירט די פאָדערונגען פון דער משנה אין עבודה־זרה. די גרויסע קריסטלעכע יום־טובים זיינען אָפט געווען פאַרבונדן מיט יאַרידן. דאָס זיינען געווען די בעסטע טעג פאַרן האַנדל. האָבן די רעליגיעזע אויטאָריטעטן אין מיטלאַלטער געענדערט די הלכה. די פאָרמעלע מאָטיווירונג איז געווען: די היינטיקע פעלקער זיינען ניט קיין געצנדינער, זיינען ממילא די שטרענגע דינים פון עבודה־זרה ניט מער גילטיק אין די באַציִונגען צווישן יידן און ניט־יידן.

מיר האָבן דאָ געבראַכט בלויז איין אילוסטראַציע. דער אמת איז, אַז סיי אין דער צייט פון תלמוד און סיי אין דער צייט פון די פּוסקים זיינען דורכ־געפירט געוואָרן ראַדיקאַלע ענדערונגען אויף פאַרשיידענע געביטן פון יידישן רעליגיעזן לעבן. עס האָבן זיך געענדערט די דינים וועגן ניט נעמען קיין פּראָצענט פאַר הלוואות (היתר עיסקא), די דינים וועגן שמיטה און אפילו געוויסע דינים וועגן שבת. גענוג צו דערמאָנען די אינסטיטוציע פון עירוב, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט זיך אַ סך פרייער צו באַוועגן אין דעם טאָג פון שבת. די תקנה פון עירוב האָט געשפּילט גאָר אַ וויכטיקע ראָל אין יידישן לעבן ביז צו אונדזער צייט.

און דווקא די געשיכטע פון שבת באַווייזט אונדז אויך די עקשנות פון דער תורה־יידישקייט. אין לויף פון יאָרהונדערטער האָבן יידן געלעבט אין קריסט־לעכע לענדער. געוועזן אָפט אויסערגעוויינטלעך שווער פאַרן יידישן געשעפטס־מענטשן אָפּצוהיטן די הייליקייט פון שבת. גראָד פאַר אַ האַנדלס־פאָלק ווי יידן איז אַ טאָג פון שטרענגסטן אָפּרו געוועזן אַ פּראָבלעם. אָבער אונדזערע עלטערן האָבן אין דעם פאַל קיין פּשרות ניט געמאַכט. יידן האָבן אָפּגעהיט שבת און שבת האָט אָפּגעהיט יידן.

מיר זעען, אַז עס זיינען געוועזן פאַלן ווען אויך פרומע יידן האָבן זיך צוגעפּאַסט צום לעבן. מען האָט געפונען וועגן ווי אויסצוטייטשן די יידישע טראַדיציע אינעם גייסט פון די פאָדערונגען פון דער צייט. מ׳האָט זיך אָבער ניט געאיילט מיט רעפאָרמען. דער ייד האָט אויך געוווּסט, אַז בדרך כלל מוז ער צופּאַסן זיין לעבן צו די פאָדערונגען פון יידישקייט. עס איז ניט ריכטיק, אַז דער מענטש מוז זיך כסדר צופּאַסן צו דער צייט, צו דער לעצטער מאָדע. פאַראַן פאַלן ווען אַ מענטש און אַ קיבוץ טאָרן ניט מאַכן קיין פּשרות. שטייען מיר דאָ פאַר דער סאַמע צענטראַלער פראַגע: אונדזער דור בלאָנדזשעט צווישן דעם וועג פון פולער תורה־יידישקייט און דעם גרינגן וועג פון יוצא זיין דעם חוב פון יידישקייט מיט קליינינקייט, מיט איין מצווה. פרעגט זיך: זיינען מיר באַרעכטיקט אין אונדזער צייט איינצופירן נייע תקנות, ווי דאָס האָבן געטאָן די גרויסע יידישע אויטאָריטעטן אין דער צייט פון תלמוד און שפּעטער אין דער צייט פון די פּוסקים? און דער עיקר — ווער איז היינט באַרופן איינצו־פירן נייע תקנות? דאָס איז אין תוך די פראַגע פון דער יידישער קאָנסטיטוציע.

## דאָס גרייטן זיך צום יום־הדין

די צוגרייטונגען צו אַ גרויסער געשעעניש זיינען אָפט ניט ווייניקער וויכטיק ווי די געשעעניש פאַר זיך אַליין. אַ גאַנצע וואָך האָט זיך דער יידישער מענטש געגרייט צום הייליקן טאָג שבת. אין אַלטן שטעטל פלעגט מען שוין

חנוכה־צייט אָנהייבן צו טראַכטן וועגן פּסח. אין דער צייט פון בית שני, פלעגן אויף די גרויסע יום־טובים קומען יידן קיין ירושלים פון דער גאַנצער וועלט, פון די פאַרוואָרפנסטע לענדער. מען פלעגט זיך אָפּמאַטערן וואָכן און חדשים אונטערוועגנס, כדי צו פאַרברענגען דעם יום־טוב אין ירושלים, צו זען די עבודה אין בית־המקדש.

דער חודש אלול איז אַ צייט פון צוגרייטונג פאַר די ימים־נוראים, פאַר ראש השנה און יום כיפור. אין אונדזער צייט האָבן מיר פאַרלוירן דעם געפיל פאַר דער גרויסקייט פון אַ יום־טוב. פאַרשטייען מיר אוודאי ניט די באַדייטונג פון אַזעלכע לאַנגע צוגרייטונגען. איז טאַקע נייטיק — פרעגן מיר זיך — אַ גאַנצן חודש זיך אַרומצוטראָגן מיט אלול־שטימונגען, כדי צו זיין גרייט צו די ימים נוראים ?

די ימים־נוראים, די פּאַרכטיקע טעג, זיינען טעג פון מורא. געוועזן אַ צייט, ווען ערנסט־דענקנדיקע מענטשן האָבן עס זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו באַפרייען די וועלט פון רעליגיעזער מורא, פון דער מורא פאַר גאָט. געוועזן דענקער, וואָס האָבן באמת געגלייבט, אַז די מורא פאַר גאָטס שטראָף, די מורא פאַר יענער וועלט, איז אַן אומזיסטע און אַ שעדלעכע מורא.

אין דער מאָדערנער פילאָזאָפישער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור פאַר־נעמט מען זיך אַ סך מיט דעם ענין פון מורא, פון אַנגסט. עס האַנדלט זיך דאָ ניט סתם וועגן פאַלן פון מורא, וואָס לאָזן זיך דערקלערן. פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ מענטש איז אין סכנה האָט ער מורא. דאָס איז אין תוך אַ געזונטע און נאַטירלעכע מורא.

פאַראַן, אָבער, נאָך אַ מורא. מיר באַנוצן פאַר דער פאָרעם פון מורא דאָס וואָרט אַנגסט. עס איז אַן אומפאַרשטענדלעכע מורא. עס איז אַ געפיל פון טיפסטן אומרו און גרעסטער אומזיכערקייט. עפּעס אַ געפיל פון פחד נעמט אונדז אַרום און מיר ווייסן ניט פאַר וואָס, און מיר קאָנען זיך פון אָט דער אַנגסט ניט באַפרייען. עס האַנדלט זיך דאָ ניט נאָר וועגן גייסטיק צערודערטע מענטשן, וועגן נערוון־קראַנקע. ניין, עס איז אַ מורא־געפיל, וואָס איז אור־מענטשלעך, אַ מורא פאַרן לעבן און אַ מורא פאַרן סוף פון לעבן. עס איז אַ מורא פון גרעסטער איינזאַמקייט און הילפלאָזיקייט. אַ מורא פאַר דער וועלט און אַ מורא פאַרן מענטשן. ווי קומט דער מאָדערנער מענטש צו אַזאַ פּרימי־טיווער מורא ? פאַר וואָס שרייבט מען אַזוי פיל אין אונדזער צייט וועגן מורא, וועגן אַנגסט ?

איינע פון די סיבות פון די אַזוי פאַרשפּרייטע אַנגסט־שטימונגען פון אונ־דזער צייט איז דער פאַקט וואָס מיר האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן. עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי די פאַרשטעלונג, אַז רעליגיע האָט דעם מענטשן געבראַכט דאָס געפיל פון מורא. מיר לעבן היינט אין אַ ניט־רעליגיעזער צייט און אונדזער גאַנצע וועלט איז פול מיט מורא. קיין מאָל נאָך האָט זיך דער

מענטש ניט געפילט אַזוי אומרויק, אַזוי אומזיכער, אַזוי הילפלאָז, ווי אין אונדזער אויפגעקלערטער צייט.

עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז אין זיין גלויבן האָט דער מענטש געזוכט אַ וועג ווי זיך צו ראַטעווען פון זיינע אַנגסט־געפילן, פון זיין שוידער־לעכער איינזאַמקייט אין דער גרויסער און קאַלטער וועלט. און אונדז יידן איז דאָך אויסגעקומען אַזוי לאַנג צו לעבן אין אַ פרעמדער און אַ קאַלטער וועלט. לייענט די געזאַנגען פון תהילים און איר וועט פאַרשטיין וויפל טרייסט און וויפל דערמוטיקונג דער יידישער מענטש האָט דאָ געפונען. דער צענט־ראַלער מאָטיוו אין ספר תהילים איז — בטחון. און עס איז געווען דער פעלדזנ־פעסטער בטחון, וואָס האָט אונדז געהאָלפן דורכצוגיין דעם לאַנגן און שווערן וועג פון גלות.

דער יידישער מענטש נייטיקט זיך היינט נאָך מער אין האָפענונג, טרייסט און בטחון ווי ווען ניט איז פריער. מיר זיינען איינזאַם אין אַ וועלט פון מורא און איינזאַמקייט. ווילט זיך הערן אַ וואָרט פון דערמוטיקונג, „אל תירא עבדי יעקב", האָב ניט קיין מורא, מיין קנעכט יעקב. עס איז די איינזאַמקייט פון אברהם אבינו, ווען ער האָט געוואַנדערט אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַ וועלט ווו מען האָט ניט מורא געהאַט פאַר גאָט.

מיר האָבן אַלע געלייענט די באַריכטן פון דעם אייכמאַן־פּראָצעס. אין זיין לעצטן וואָרט האָט אייכמאַנס פאַרטיידיקער געפרווווט באַווייזן, אַז די פאַר־ברעכנס פון די נאַציס זיינען אייגנטלעך געווען פּאָליטישע פאַרברעכנס. דאָס איז דער וועג פון פּאָליטיק, האָט דער פאַרטיידיקער דערקלערט. דער בעסטיאַ־לישער פאַרברעכער אייכמאַן האָט אויסגעפירט די באַפעלן פון די העכסטע אינסטאַנצן. וואָס איז ער שולדיק? וואָלטן די נאַציס (ימח שמם) געזיגט, וואָלט נאַטירלעך קיינעם ניט איינגעפאַלן אייכמאַנען צו משפטן.

פאַראַן לײדער אַ היפשער אמת אין אָט דער דערקלערונג. דער כלל, אַז זיגער משפּט מען ניט, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן זיי זאָלן ניט האָבן געהאַט באַגאַנגען, איז לײדער אָנגענומען אין אונדזער וועלט. אָבער אפשר איז דער עצם פאַקט וואָס די נאַציס האָבן סוף־כל־סוף געהאַט זייער מפּלה, אַ שטיקל סימן, אַז עס איז נאָך דאָ מאָראַל אויף דער וועלט? אַז די וועלט איז ניט אין גאַנצן הפקר?

דער מאָדערנער מענטש מיינט, אַז ער האָט זיך באַפרייט פון גלויבן. ער מאַכט אַ גרויסן טעות. אונדזער צייט איז פול מיט אַבערגלויבן, מיט געצנדינסט. מיר זיינען געוואָרן קנעכט פון די פאַרשיידענע דיקטאַטאָרן, קנעכט פון דער סאָציאַלער אָרדענונג. מיר גלייבן ניט אין גאָט, אָבער מיר דינען אַלערליי אָפּגעטער, אויב נאָר זיי האָבן דעם מינדסטן דערפאָלג. מיר דינען ניט מער דעם בורא־עולם, דעם גאָט, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט. דערפאַר דינען מיר אַלע אָפּגעטער, וואָס מענטשן האָבן באַשאַפן.

וואָס איז דער זין פון די ימים נוראים און פון די צוגרייטונגען צו די

ימים נוראים ? דער זין איז אַ פּשוטער. דער קול פון שופר דאַרף אונדז דער־מאָנען, אַז ס'איז דאָ גערעכטיקייט און ס'איז דאָ אַ ריכטער אויף דער וועלט. די גאַנצע וועלט שטייט פאַרן יום־הדין און יעדער איינצלנער מענטש שטייט פאַרן יום־הדין. אַדאַנק אייכמאַנס תירוץ, אַז ער האָט כלומרשט אויסגעפירט באַפעלן איז לויטן יידישן דין ניט גילטיק. קיינער קאָן ניט באַפעלן אַ מענטשן צו באַגיין אַזאַ פאַרברעכן ווי מאָרד. אין אַזאַ פאַל מוז אַ מענטש אַרויסווייזן דעם גרעסטן ווידערשטאַנד, אַפילו ווען ער זאָל דערביי פאַרלירן זיין אייגן לעבן. מען קאָן ניט און מען טאָר ניט ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן אויפן חשבון פון אַ צווייטנס לעבן. דאָ ליגט דער אַבסאָלוטער כלל פון יהרג ואל יעבור, בעסער געהרגעט צו ווערן, אַליין אומקומען, איידער צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַ צווייטן מענטשן.

ניטאָ קיין שום פאַרענטפערונג פאַר מאָרד. דאָס איז די קאַטעגאָרישע יידישע פאָדערונג; דאָ זיינען ניט מעגלעך קיין שום דערקלערונגען, קיין שום אויסטייטשונגען.

## דער באַגריף פון זינד און תשובה

פאַר דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע עקזיסטירט ניט דער באַגריף פון זינד. אַ סך פון אונדזערע מאָדערנע פסיכאָלאָגן גלייבן בכלל ניט, אַז אַ מענטש קען זינדיקן. אין תוך גענומען איז דער מענטש ניט מער ווי אַ פסיכישער אויטאָ־מאַט. זיינע אַלע געוווינהייטן, זיין גאַנצע אויפפירונג און אַלע זיינע מעשים זיינען באַשטימט פון פאָרויס, אַפּט שוין פון די גאָר פריִעסטע קינדער־יאָרן. דער מענטש קען ממילא ניט זינדיקן און ער קען אויך ניט תשובה טאָן. ער האָט גאָרניט די מעגלעכקייט צו ענדערן זיין לעבנסוועג מיט זיינע אייגענע כוחות. דאָס איז דער אָנגענומענער גאַנג פון דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע. אויב אָבער דער מענטש לעבט איבער אַ טיפע גייסטיקע צערודערונג, איז פאַראַן בלויז איין וועג, וואָס קאָן אים העלפן — אַ גרינטלעכע פסיכאָלאָגישע באַהאַנדלונג. און אויב אַ מענטש ליידט פון אַ שווערן שולד־געפיל, איז דער אויסוועג דער זעלביקער: אַ געהעריקע פסיכיאַטרישע באַהאַנדלונג. וואָרים שולד־געפיל איז ניט אַ רעזולטאַט פון באַגאַנגענע זינד, נאָר פון לאַנג פאַרגעסענע איבערלעבונגען אין די קינדער־יאָרן. דאָס איז די אָנגענומענע אויסטייטשונג פון דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע.

אויך אונדזערע פּאָליטישע און סאָציאַלע דענקער פלאָנטערן זיך אַרום דעם ענין פון זינד און תשובה. מען שרייבט ביי אונדז לעצטנס גאָר אַ סך וועגן דער כסדר וואַקסנדיקער צאָל פאַרברעכנס, אַריינגערעכנט אַזעלכע שווערע פאַר־ברעכנס ווי רויב און מאָרד. מען שרייבט גאָר אַ סך וועגן דער שטייגנדיקער כוואַליע פון פאַרברעכנס צווישן יוגנטלעכע. און אַ סך פון אונדזערע פּאָליטיקער

און סאָציאָלאָגן האָבן אַ פאַרטיקן ענטפער — די סביבה איז שולדיק, די אָרעמ־קייט איז שולדיק, די „סלאָמס״ זיינען שולדיק, דער קאַפּיטאַליזם איז שולדיק א. אַ. וו., א. אַ. וו.

עס איז אַ פאַקט, אַז די צאָל פאַרברעכנס האַלט אויך אין שטייגן צווישן די מיטעלע שיכטן. און דאָ קאָן אוודאי ניט זיין קיין רייד וועגן אָרעמקייט. צו דעם קומט נאָך צו דאָס קאַפּיטל קאָרופּציע, וואָס איז ליידער גענוג פאַרשפּרייט צווישן די העכסטע שיכטן פון אונדזער געזעלשאַפט.

דער גאַנצער צוגאַנג, אַז אָרעמקייט פירט אומפאַרמיידלעך צו פאַרברעכן איז אַבסאָלוט פאַלש און שעדלעך.

עס איז געוויס ריכטיק, למשל, אַז די גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט אין דייטש־לאַנד מיט בערך דרייסיק יאָר צוריק האָט געהאָלפן די נאַציס קומען צו דער מאַכט, אָבער די שוידערלעכע פאַרברעכנס פון די נאַציס זיינען ניט געווען קיין רעזולטאַט פון הונגער און נויט.

פאַראַן אַ יצר־הרע ביים מענטשן, הגם אונדזערע מאָדערנע פּסיכאָלאָגן און סאָציאָלאָגן ווייסן דערפון ניט, פאַראַן זינד, פאַראַן רשעות. דער מענטש איז פול מיט תאוות, מיט זינדיקע באַגערן, מיט געפערלעכע אַמביציעס. און צוליב דעם טאַקע איז נייטיק אַ געהעריקע מאָראַלישע דערציִונג. די פּסיכאָ־לאָגן, די סאָציאָלאָגן קאָנען אונדז דאָ ניט העלפן, ווייל זיי ווייסן ניט וואָס מאָראַל איז. אַפילו דער גרויסער פּרויד האָט זיך כסדר פאַרפּלאָנטערט ווען עס איז געקומען צו מאָראַלישע פּראָבלעמען. און אויך אַ דענקער ווי קאַרל מאַרקס האָט ניט אָפּגעשאַצט די ראָל פון מאָראַלישע פאַקטאָרן אין סאָציאַלן לעבן. פאַ־ראַן זינד און פאַראַן מאָראַלישע פּראָבלעמען אין לעבן פון יעדן יחיד. און ממילא איז אויך דאָ אַ פּראָבלעם פון תשובה.

דער מענטש איז ניט קיין אויטאָמאַט, ער האָט באַדייטנדיקע מעגלעכ־קייטן זיך פריי צו באַוועגן, אויסצוקלייבן. ער איז ניט נאָר אַ פּראָדוקט פון די פאַרהעלטענישן, ער איז אויך אַ פּראָדוקט פון זיין מאָראַל, פון זיין אייגענער דיסציפּלין, פון זיין דערציִונג. דער מאָראַליש־שטאַרקער מענטש קאָן זיך דורכ־ברעכן אַ וועג אַפילו ווען קיין אויסגעטראָטענער וועג איז ניטאָ.

איינע פון די מערקווערדיקסטע דערשיינונגען אין היינטיקן רוסלאַנד איז דער אויפשטייג פון די באַפּטיסטן. די סעקטע פון די באַפּטיסטן איז, לפי־ערך גאָר אַ נייע דערשיינונג אין רוסלאַנד. און גראָד אין די יאָרן פון דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי האָט אַבסאָלוט ניט פאַרקלענערט די צוציונגס־קראַפט פון די געשטיגן. באַפּטיסטישע געמיינדעס זיינען היינט פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוס־לאַנד און די סיסטעמאַטישע אַנטי־רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע פון דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי האָט אַבסאָלוט ניט פאַרקלענערט די צוציִונגס־קראַפט פון די באַפּטיסטישע סעקטאַנטן.

און דער כוח פון די באַפּטיסטן ליגט אין זייער שטרענגער מאָראַלישער דיסציפּלין די באַפּטיסטן טרינקען ניט, זיי פאַרזוכן ניט דעם טעם פון אַלקאָהאָל,

זיי מיידן אויס האזאַרד־שפּילן. זיי זיינען דיסציפּלינירט אין זייער גאַנצער אויפפירונג. די הייזער פון די באַפּטיסטן אין די קלענערע שטעט און אין די דערפער צייכענען זיך אויס מיט זייער מוסטערהאַפטער זויבערקייט. אין אַ קלענערער שטאָט איז אַ באַפּטיסטישע היים דער בעסטער פּלאַץ צום איבער־נעכטיקן פאַר אַ רייזנדיקן. די באַפּטיסטן זיינען פלייסיקע, ערלעכע און דיס־ציפּלינירטע אַרבעטער. זייער פאַמיליע־לעבן איז ריין און אַפילו די קאָמוניסטן זיינען אָפּט געצוווּנגען צו אָנערקענען די צוציונגס־קראַפט פון די באַפּטיסטישע סעקטאַנטן אויף געוויסע טיילן פון דער סאָוועטישער יוגנט.

די געשיכטע פון אונדזער צייט באַשטעטיקט אויף שריט און טריט, אַז דער מענטש איז ניט סתם אַן אויטאָמאַט, אַן אַ פרייען ווילן און אַן דער מעג־לעכקייט אַליין צו באַשטימען זיין וועג. דער מענטש האָט אַ סך פרייהייט, ער קאָן אויסקלייבן זיין וועג אין גאַר אַ באַדייטנדיקער מאָס און ממילא איז ער אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ וואָס ער טוט. דער מענטש איז לויט זיין גאַנצער נאַטור אַ מאָראַליש וועזן, ער איז פול מיט קאָנפליקטן, ער מוז כסדר באַשליסן, ער מוז פירן אַ חשבון פון זיינע מעשים. ער קאָן טאָן אַ סך גוטס און ער קאָן לײַדער טאָן גאָר אַ סך שלעכטס. פאַראַן זינד און פאַראַן תשובה.

## שנאת חנם
## אין די טעג פון סליחות

פאַר וואָס קאָן אונדזער וועלט קיין רו ניט געפינען? ווי קומט עס וואָס דער וועג פון שלום איז נאָך אַלץ פאַרבאָרגן פון אונדז?

קורץ איז דאָס לעבן פון דעם מענטשן. געציילט זיינען זיינע טעג אויף דער ערד ,און ס'איז ניטאָ אייגנטלעך קיין אונטערשייד צווישן דעם מענטשן, די קרוין פון דעם באַשאַף, און די אַנדערע באַשעפענישן אויף דער ערד. דער אומברחמנותדיקער גורל גלייכט אונדז אַלעמען אויס. און די גאַנצע געשיכטע פון אונדזער קולטור איז אַ געשיכטע פון דער מלחמה פון דעם מענטשן, אויף פאַרשיידענע וועגן און אופנים, קעגן דעם אומפאַרמיידלעכן גורל.

דער מענטש ווייסט זיינע גרענעצן און טוט אַלץ וואָס ער קען, כדי זיי צו פאַרגעסן. אין זיין פאַנטאַזיע דערגרייכט ער ביז צו די אומענדלעכקייטן: אומענדלעכקייט אין צייט און אומענדלעכקייט אין רוים. און וואָס מער דער מענטש גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן דער גרויסקייט פון דער וועלט אַרום אים, אַלץ מער ווערט ער דערשראָקן און דערדריקט פון זיין אייגענער נישטיקייט.

דער מענטש איז באַשענקט געוואָרן מיט דער מתנה פון וויסן, און דערין באַשטייט זיין טראַגעדיע. אַ גאַנצער תהום טיילט אָפּ די דערגרייכונגען פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד פון זיינע אַזוי באַגרענעצטע פיזישע מעגלעכ־

קייטן. זיינע אַמביציעס דערגייען ביז צו די הימלען, זיין פיזישע עקזיסטענץ איז פאַרבונדן מיט אונדזער ערד. דאָס איז דער אייביקער קאָנפליקט, וואָס גיט דעם מענטשן ניט קיין רו, זיין כסדרדיקע בענקעניש נאָך אייביקייט און זיין וויסן פון דער אומפאַרמיידלעכער ענדלעכקייט.

געווען איז עס גאָר אַמאָל — לייענען מיר אין חומש — אין די ערשטע דורות נאָכן מבול. געערדט האָבן נאָך דעמאָלט די מענטשן איין שפּראַך. האָבן זיי צווישן זיך אָפּגעמאַכט צו בויען אַ טורעם, וואָס זיין שפּיץ זאָל דערגרייכן ביז צום הימל, כדי זיך צו מאַכן אַ נאָמען אויף דער וועלט. (הבה נבנה לנו עיר ומגדל וראשו בשמים ונעשה לנו שם). אויפשטייגן ביז צום הימל, זיך מאַכן אַ נאָמען אין דער אייביקייט און זיין גלייך שיער ניט מיט דער געטלעכקייט. דאָס איז געווען די זינדיקע אַמביציע פון די מענטשן אַמאָל, און דערפאַר זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרן, דערפאַר האָט גאָט צעמישט זייערע שפּראַכן, איינער זאָל דעם צווייטן ניט פאַרשטיין.

אַנטלויפן פון דער ערד, זיך באַפרייען פון דער צוגעבונדנקייט צום מענטש־לעכן גורל, זיין גלייך ווי גאָט — דאָס זיינען אונדזערע אַמביציעס, אונדזערע פאַרבאָרגנסטע ווונטשן און האָפענונגען, וועלכע קאָנען אָבער קיין מאָל ניט פאַרווירקלעכט ווערן. פּרווון מיר עס אָפּט טיילווייז דערגרייכן אויפן חשבון פון דעם צווייטן מענטשן, אויפן חשבון פון דעם חבר.

דער ערשטער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן — דערציילט אונדז אַ תלמודישע אגדה — ווייל דאָס פאָלק איז געווען זייער זינדיק. זיי האָבן גע־דינט פרעמדע געטער, זיי זיינען ניט געווען אָפּגעהיט אין פאַמיליע־לעבן און האָבן אַפילו פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט. דער צווייטער בית־המקדש אָבער איז חרוב געוואָרן צוליב שנאת־חנם, אומזיסטע שנאה. און די עבירה פון שנאת־חנם, לערנען מיר דאָ, איז אַפילו שווערער ווי אַלע אַנדערע עבירות. אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש האָבן יידן אָפּגעהיט די געבאָטן פון דער תורה, זיי האָבן אָבער געזינדיקט מיט אומזיסטער שנאה און זיי האָבן דערפאַר פאַרלוירן דעם בית־המקדש און זייער לאַנד.

שנאת חנם איז די זינד פון ניט־פאַרגינען. עס איז געוויינטלעך דער וועג פון זיך פאַרשאַפן אַנערקענונג און כבוד אויפן צווייטנס חשבון.

מיר קאָנען ניט און מיר טאָרן ניט אונטערדריקן די אַמביציע פון דעם מענטשן צו שטייגן, זיך צו דערהייבן אַלץ העכער און העכער. מיר מוזן אָבער פאַר דעם זוכן אַ וועג, וואָס זאָל העלפן ניט נאָר דעם יחיד, נאָר אויך דעם כלל. אויב איין מענטש וועט זיך באַמיִען אַריבערצויאָגן זיין חבר, און קודם־כל זיך אַליין, אין גוטע מעשים, איז עס ניט קיין אומגליק. אויב די קאָנקורענץ צווישן פעלקער וועט זיך קאָנצענטרירן אויסשליסלעך אויפן געביט פון קולטור, און איטלעך פאָלק וועט האָבן די אַמביציע אויפצוטאָן וואָס מער פאַר שלום, פאַר אַ פריינדלעך צוזאַמענלעבן צווישן מענטשן, קאָן דען עמעצער האָבן טענות קעגן דעם?

דערפאַר איז נייטיק תשובה און חשבון־הנפש. דער מענטש דאַרף כסדר קאָנטראָלירן זיין אייגענעם געוויסן, זען צי איז ער ניט אַריינגעטאָן אין יאָגע־ניש נאָך מאַכט און כבוד אויפן צווייטנס חשבון. די געפאַר פון ברוטאַלע עברות איז אין דעם פּרט אַ סך קלענער ווי די סכנה פון די „איידעלע" עברות, וועלכע מען באַמערקט כמעט ניט.

אין איטלעכן פון אונדז שטעקט אַ קליינער רשע, אַ דיקטאַטאָר, פּונקט ווי אין איטלעכן פון אונדז שטעקט אַ פונק פון געלייטערטסטן אידעאַליזם. איז דעריבער נייטיק צו וועגן און צו מעסטן די אייגענע מעשים, זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון וועגן די אייגענע זינד און צו זוכן דעם וועג זיך אַליין צו דערהייבן דורך תשובה און חשבון. דאָס איז דער זין פון די טעג פון חשבון, ווען מיר שטייען ביים אָנהייב פון אַ נייעם יאָר.

## די וואָך פון סליחות

יידיש לעבן איז פון תמיד אָן געווען אַ מלחמה מיטן שלאָף, אַ מלחמה מיט דער נאַכט. דער פרומער ייד האָט שטאַרק מורא געהאַט, ער זאָל חס ושלום ניט „פאַרשלאָפן" זיינע יאָרן. דאָס לעבן איז געווען שווער, זאָרגן אָן אַ שיעור, האָט מען זיך קוים אַרומגעזען ווי די צייט איז אַוועק. און יידישקייט האָט דווקא געפאָדערט אַ וועלט מיט צייט: דריי מאָל אַ טאָג דאַווענען, אַ קאַפּיטל תהילים, אַ פּרק משניות, זיך וואַשן פאַרן עסן, בענטשן, אָפּהיטן שבת און יום־טוב. היינט ווו זיינען די מצוות פון בין אָדם לחברו? געבן צדקה, מבקר חולה זיין אַ מענטשן, וואָס ליגט אין בעט, א. אַ. וו. ווו נעמט מען אויף אַלץ צייט?

איז געבליבן איין־איינציקער אויסוועג — באַגנבענען די נאַכט, אָראָפּ־רייסן אַ ביסל צייט פון שלאָף. איז דעריבער ניט קיין וווּנדער, וואָס דער שולחן־ערוך הייבט זיך אָן מיט די דינים פון השכמת הבוקר, ווי מען דאַרף זיך פעדערן אויפצושטיין גאַנץ פרי פאַרטאָג. „דער מענטש דאַרף זיך שטאַרקן ווי אַ לייב, כדי אויפצושטיין אין דער פרי צו דינען דעם באַשעפער" (יתגבר כארי לעמוד בבוקר לעבודת בוראו) — מיט די ווערטער פירט דער שולחן־ערוך אַריין דעם יידישן מענטשן אין דער וועלט פון יידישקייט. דער ייד דאַרף אויפוועקן דעם מאָרגנשטערן (שיהא הוא מעורר השחר), וואָרים ווי שיקט עס זיך, אַז דער יידישער מענטש זאָל אַריינשלאָפן אין טאָג אַריין!

אלול איז דער חודש פון וועקן, אויפוועקן דעם מענטשן פון זיין גייסטיקן שלאָף. מען מוז זיך דאָך גרייטן צום יום־הדין, ווען די גאַנצע וועלט און איט־לעכער יחיד דאַרף אָפּגעבן אַ חשבון פאַר זיינע מעשים. דערהערט דער ייד די קלאַנגען פון דעם שופר, און ער ווייסט וואָס עס מיינט.

און צום סוף פון חודש אלול, אין דער וואָך פאַר ראש השנה, הייבן זיך אָן די טעג פון סליחות. עס זיינען וואָכעדיקע טעג, טעג פון גרויער אַרבעט, — ווו זאָל מען דען נעמען צייט אויף זאָגן סליחות?

באַגזלט מען ווידער די נאַכט, מען שטייט אויף נאָך אַ שעה פריִער, אין גאַס איז נאָך טונקל, עס איז נאָך פאַר באַגינען, אָבער דער שמש גייט שוין אַרום איבערן שטעטל און רופט יידן: ישראל עם קדושים, כאַפּט זיך אויף, הייבט זיך אויף (התעוררו נא, קומו נא) לעבודת הבורא!

און צו די ערשטע סליחות וויל מען זיך אַפּילו ניט פאַרלאָזן אויפן שמש. שבת־צו־נאַכט נאָך צוועלף קלייבט מען זיך צונויף אין די שולן און בתי־מדרשים צו דינען גאָט. יידן זיינען וואָך, זיי פירן מלחמה מיטן שלאָף און מיט דער נאַכט. זיי ווייסן ווי קורץ דאָס לעבן איז, ווי טייער די צייט איז און ווי היילינ עס איז די שליחות פון דעם מענטשן אויף דער וועלט. פּרוּווט מען פאַרלויפן די נאַכט און גלייך מיטן אָנהייב פון דער וואָך (במוצאי מנוחה), ווען דער שבת גייט אָוועק, הייבט מען זיך אָן צו גרייטן צום חשבון פון דער וועלט.

אונדזער גאַנצע מאָדערנע קולטור איז אַ פּראָטעסט קעגן דעם אַלטן יידישן צוגאַנג צום לעבן. מיר פירן מער ניט קיין מלחמה מיטן שלאָף. אויפצושטיין פאַר טאָג? צו וואָס זיך „שטאַרקן ווי אַ לייב״? מיר זיינען „פרייע״ מענטשן, מיר זיינען קיינעם גאַרניט שולדיק, נייטיקן מיר זיך ניט אין קיין שמש, וואָס זאָל אונדז פרי פאַרטאָג וועקן לעבודת הבורא, צו דינען דעם באַשעפער.

און דאָך גלייב איך, אַז עס איז אַ מאָל אַ מצווה צו וועקן דעם עולם. צו פיל שלאָפן איז ווייט ניט אַזאַ גרויסער גליק. די גמרא האַלט אַפּילו, אַז ווען רשעים שלאָפן איז עס גוט פאַר זיי און גוט פאַר דער וועלט. צווייפל איך אָבסאָלוט ניט אין דער ריכטיקייט פון דעם כלל. הלוואַי וואָלטן די רשעים פון אונדזער דור זיך עפּטער צוגעלייגט שלאָפן. דער יצר־הרע האַלט זיי כסדר אין וועקן. אָנטקעגן דעם לעבן מיר אין אַ וועלט פון פאַרשלאָפענע צדיקים, פון גוטמוטיקע מענטשן, וואָס קענען קיינעם קיין שלעכטס ניט טאָן און ווילן מיט קיינעם ניט איינרייסן. מען שלאָפט, ווייל מען וויל זיך גרינגער מאַכן דאָס לעבן, ווייל מען האָט ניט דעם מוט און דעם כוח צו פירן אַ מאָראַלישע מלחמה. אָט די שטילע און פאַרשלאָפענע דאַרף מען וועקן.

מיר שטייען איצט אין אָנהייב פון אַ גרויסער וואַל־קאַמפּאַניע דאָ אין לאַנד, אין דעם גרעסטן און רייכסטן לאַנד פון דער דעמאָקראַטישער וועלט. דער טאָג פון וואַלן אין אַ דעמאָקראַטישער מלוכה איז געוויינטלעך אַ יום־הדין, אַ טאָג פון חשבון. דאָס פאָלק טראָגט אַרויס זיין משפט. מען וואָלט אפשר אַפּילו געקאָנט גיין ווייטער, אַז די פאַר חדשים פאַר די וואַלן זיינען געגליכן צום חודש אלול. מען וועקט דעם עולם, מען בלאָזט שופר, מען שיקט אַרום די שמשים, די שול־קלאַפּערס, איבער די גאַסן און מען רופט דעם עולם צו דינען דער דעמאָקראַטיע.

דעמאָקראַטישע וואַלן זיינען אַ גרויסער ענין. אַ פאָלק הייבט זיך אויף

און זעצט זיך אויפן ריכטער־שטול, אַ פֿאַלק מאַכט אַ חשבון. און דאָך זיינען מיר ניט אַלע מאָל צופֿרידן מיט די רעזולטאַטן פֿון אונדזער דעמאָקראַטישן יום־הדין. די גרעסטע צרה באַשטייט אין דעם, וואָס קוים פֿופֿציק פּראָצענט פֿון די וואַל־באַרעכטיקטע טוען זיך אָן דעם כוח און גייען אָפּגעבן זייער שטימע.

און די סיבה איז: מיר האָבן וויייניק צוטרוי צו די היינטיקע וועקערס, צו די אַלע, וואָס גייען אַרום איבער די גאַסן און בלאָזן שופֿר. אונדזער אומצוטרוי גענמט זיך דערפֿון וואָס מען האַלט כסדר אין איין ציילן יענעמס עבֿרות.

גלייבט ניט דער עולם, אַז דאָס איז טאַקע באמת דער שופֿר של משיח. איז ממילא ניטאָ וואָס זיך צו איילן, מעג מען שלאָפֿן נאָך אַ שעה. ניט קיין אומגליק, מען וועט גאָרניט פֿאַרשפּעטיקן. דער פּאָליטיקער, צי יענער פּאָליטי־קער — וואָס איז דער אונטערשייד?

גאָר אַן אַנדער באַדייטונג האָט די יידישע טראַדיציע וועגן דעם יום־הדין. דער גרויסער אונטערשייד באַשטייט דערין, וואָס דער יידישער מענטש פֿאַרנעמט זיך ניט מיט ציילן יענעמס עבֿרות. קודם־כל מאַכט איטלעכער דעם חשבון פֿאַר זיך. ווי האַלט עס מיט מיינע אייגענע מעשים, מיט מיינע אייגענע עבֿרות? וואָס האָב איך אַליין פֿאַר דער צייט אויפֿגעטאָן? דאָס איז אָבער ווייט ניט אַלץ. דאָס גרויסע פּראָבלעם פֿון אונדזער צייט איז — ווי ווערן מיר אַליין אַנדערע מענטשן. עס איז ווייניק בלויז איבערצובייטן די פּירער פֿון דער מלוכה־מאַשין, עס איז היינט נייטיק איבערצובייטן דעם גאַנצן מענטשן.

עס איז ניט ריכטיק, אַז בלויז די פּירער זיינען שולדיק. מיר אַלע, איטלעכער פֿון אונדז, טראָגט אַחריות פֿאַר דער וועלט און פֿאַר דעם אומגליק־לעכן מצבֿ, אין וועלכן אונדזער וועלט געפֿינט זיך. מיר אַלע זיינען מחויבֿ צו זאָגן אשמנו, מיר זיינען שולדיק, מיר האָבן געזינדיקט, מיר האָבן אַ סך זאַכן פֿאַרזען. יעדערער פֿון אונדז איז אַ שותף אין דעם גורל פֿון דער וועלט.

## דער גורל פֿון דער וועלט ליגט אין אונדזערע הענט

די צוגרייטונגען צום יום־טובֿ זיינען אָפֿט ניט ווייניקער וויכטיק ווי דער יום־טובֿ גופֿא. די גרויסע באַדייטונג פֿון די יום־טובֿדיקע טעג באַשטייט אין זייער אויסשטראַלונג, אין דער וואַרעמקייט און ליכטיקייט, וואָס זיי פֿאַר־שפּרייטן אַרום זיך, וואָס זיי ברענגען אַריין אַ ים פֿון פֿרייד, פֿון גייסטיקייט און מאָראַלישער דערהויבנקייט אויך אין די וואָכעדיקע טעג, אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן.

די יידישע טראַדיציע האָט באַזונדערס פֿיל געהאַלטן פֿון די צוגרייטונגען צו שבת און יום־טובֿ. אָבער נאָך וויכטיקער זיינען די צוגרייטונגען צו די

ערנסטע טעג פון חשבון און תשובה, צו די טעג פון ראש השנה און יום כיפור. און באמת האָבן די הכנות צו די ימים נוראים גאָר אַ באַזונדערע באַדייטונג. גרייט זיך דאָך דער יידישער מענטש אין די טעג צו שטעלן פאַרן ריכטער פון גאָר דער וועלט, צו קומען און אָפּגעבן אַ חשבון פאַר זיך, פאַר זיין פאַמיליע און פאַר זיין פאָלק.

לויט דער יידישער טראַדיציע איז דאָס נייע יאָר אַ קינד פון דעם פאַר־גאַנגענעם יאָר. אויף אַזאַ אופן ליגט דער גורל פון דער צוקונפט אין אונדזערע הענט. יעדער מענטש באַשטימט אַליין זיין וועג און אונדזערע אייגענע מעשים באַשטימען די אַנטוויקלונג פון דעם נייעם יאָר.

איז ממילא פאַרשטענדלעך די טיפע אומרויקייט, וואָס נעמט אַרום דעם יידישן מענטשן ערב דעם יום־הדין, עס איז ניט אַזוי די מורא פאַרן ריכטער פון דער וועלט, ווי די אומרויקייט פון דעם אייגענעם געוויסן. וואָרים אין תוך זיינען עס אונדזערע אייגענע מעשים, וועלכע אַנטשיידן דעם גורל סיי פון יחידים, און סיי פון דעם כלל.

דער גורל פון דער וועלט ליגט אין אונדזערע הענט. דעריבער איז אַבסאָ־לוט פאַלש דאָס געפיל פון פאַטאַלער רעזיגנאַציע, פון יאוש און פאַרלוירנקייט, ווי ווען מען וואָלט געשטאַנען פאַר אַן אומפאַרמיידלעכן שיקזאַל. פון דאַנען נעמען זיך די אייגנאַרטיקע אלול־שטימונגען, וואָס האָבן אַזוי באַהערשט דאָס יידישע לעבן אין דער אַלטער היים אין די וואָכן פאַרן יום־הדין. אַ קלייני־קייט — מען קאָן ראַטעווען די וועלט! און דאָס אַלץ קאָנען מיר דערגרייכן דורך תשובה, מצוות און מעשים טובים!

אַ יידישער דענקער האָט די אידעע פון פּערזענלעכער מאָראַלישער פאַר־אַנטוואָרטונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פון די ימים נוראים, געבראַכט צום אויסדרוק אין דער פאָרעם פון אַ גמטריא, אַ שפּיל פון צאָלן. דאָס וואָרט אלול איז בגמטריא בינה, פאַרשטאַנד. די אותיות פוןביידע ווערטער באַטרעפן די צאָל 67. און דער זין דערפון איז: אין דעם חודש אלול דאַרף דער ייד ווערן אַ מענטש פון בינה, פון פאַרשטאַנד; ער דאַרף זיך קאָנען אָפּגעבן אַ חשבון וועגן זיין אַחריות פאַר גאָט און פאַר דער וועלט.

דער ייד באַטראַכט זיך ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, ווי אַ פולער און פאַראַנטוואָרטלעכער שותף צו דער וועלט, מוז ער אויך ממילא בייטראָגן זיין חלק פאַרן קיום פון דער וועלט. דאָס איז דער זין פון די צוגרייטונגען צו תשובה במשך פון חודש אלול, און פון דער טיפער ערנסטקייט, וואָס איז פאַרבונדן מיטן אָנקומען פון די ימים נוראים. איז צוליב דעם טעם אויך איינגעפירט געוואָרן דער מנהג עטלעכע טעג פאַר ראש השנה אָנהייבן צו זאָגן סליחות. די ערשטע סליחות איז מען זיך נוהג צו זאָגן שבת־צונאַכט (במוצאי יום מנוחה) אָדער זונטיק פאַר טאָג. דאָס אויפשטיין גאַנץ פרי צו סליחות, נאָך איידער דער מאָרגן־שטערן באַווייזט זיך, האָט תמיד איבערגע־

לאָזן אַן אויסערגעוויינטלעכן רושם אויף יונגע מענטשן, וואָס האָבן מיט אַ מאָל דערפילט די גרויסע אַחריות פון לעבן. אָט־די ערנסטע אלולדיקע תשובה־שטימונג האָט באַזונדערס אָפּגעקלונגען אין דעם רוף פון דעם שמש, ווען ער פלעגט פרי פאַרטאָג וועקן דעם עולם צו סליחות: „ישראל עם קדושים, וועקט זיך אויף, עורו נא, התעוררו נא, קומו נא לעבודת הבורא״!

די אידעע פון פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז דער סאַמע יסוד פון דער יידישער אמונה. דאָס האָט באַזונדערס קלאָר אַרויסגעבראַכט דער רמב״ם אין דעם ערשטן ספר פון זיין „משנה תורה״, ווו ער באַהאַנדלט אויספירלעך די דינים פון תשובה: יעדן מענטשן איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט — לערנט אונדז דער רמב״ם — צו ווערן אַ צדיק אָדער אַ רשע. און דאָס איז דער זין פון דעם פסוק אין דער תורה: „דער מענטש איז געוואָרן ווי איינער פון אונדז צו וויסן גוטס און שלעכטס״ (הן האָדם היה כאחד ממנו לדעת טוב ורע). און זאָל דיר ניט איינפאַלן אַזאַ געדאַנק, ביי וועלכן עס האַלטן זיך די טפשים פון אַנדערע פעלקער און דאָס רוב פון די יידישע גולמס (ורוב גולמי בני ישראל), אַז גאָט ברוך־הוא איז גוזר אויפן מענטשן גלייך ווי ער וואָלט באַשלאָסן, וואָס ער זאָל זיין, אַ צדיק אָדער אַ רשע.

די גאַנצע אידעע פון תשובה וואָלט פאַרלוירן יעדן זין אָן דעם פונדאַמענטאַלן פּרינציפּ פון מענטשלעכער פרייהייט און מענטשלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. „גרויס איז דעריבער די מידה פון תשובה — לערנט אונדז ווייטער דער רמב״ם — ווייל זי דערנענטערט דעם מענטשן צו דער שכינה (שמקרבת את האָדם לשכינה), ווי עס שטייט געשריבן: קער זיך אום, ישראל, צו ה׳ דיין גאָט. ווי דערהויבן איז די מדרגה פון תשובה: נעכטן איז דער מענטש נאָך געווען ווייט פון זיין באַשעפער... און היינט איז ער ווידער באַהעפט מיט דער שכינה״.

עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערער טעות ווי די פאַרשטעלונג, אַז די יידישע טראַדיציע האָט דער עיקר געהאַלטן פון דעם שטרענגן וועג פון מידת הדין, בעת, למשל, דאָס קריסטנטום ווערט באַטראַכט ווי דאָס גלויבן פון רחמנות. ווער עס איז נאָר אַ ביסל באַקאַנט מיט די יידישע תפילות און באַזונדערס מיט די פיוטים, וואָס ווערן געזאָגט אין די טעג פון סליחות, ווייסט, וואָס פאַר אַ פּלאַץ גראַד די מידת־הרחמים, פאַרנעמט אין יידישן דענקען. דער וויכטיקסטער מאָטיוו אין דער וווּנדערלעכער סליחות־פּאָעזיע איז די אידעע פון רחמים (אל מלך יושב על כסא רחמים). יעדן טאָג צו סליחות לייענט מען די י״ג מידות, די פאַרשיידענע פאָרמען פון רחמים און חסד, מיט וועלכע דער רבונו של עולם פירט די וועלט.

און דאָך איז פאַראַן אַ געוויסער מאָטיוו פון שטרענגקייט אין דער יידישער פילאָזאָפיע. עס איז די שטרענגקייט פון דעם מענטשן צו זיך אַליין. אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש מוז זיין שטרענג צו זיך. אַ מענטש דאַרף וויסן און געדענקען, אַז יעדע פון זיינע מעשים האָט

אַ באַדייטונג, אַז זיי קאָנען אָפּט באַשטימען ניט נאָר זייַן אייגענעם גורל, נאָר אויך דעם גורל פון זייַנע מיטמענטשן. טאָר מען דעריבער ניט זייַן לייכט־זיניק צו זיך און צו דער וועלט!

די אידעע פון תשובה און חשבון האָט אַן אַקטועלע באַדייטונג אויך פאַר אונדזער צייַט. דער מאָדערנער מענטש איז געוויינטלעך אָפּגעהיט אין פאַלן, ווען מען קאָן אים רופן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געריכט; ער וועט ניט באַגיין קיין עוולות און פאַרברעכנס, פאַר וועלכע מען ווערט ביי אונדז באַשטראָפט. עס זייַנען אָבער אַחוץ דעם פאַראַן גענוג וועגן און מיטלען ווי צו פאַרשאַפן אונדזערע מיטמענטשן, אַפילו פּריוואַט, צער, זאָרג און האַרץ־ווייטיק.

אין די טעג פון חשבון־הנפש מוז מען צוגיין צו זיך אַליין מיט דער מידת־הדין און מען מוז זיך באַמיִען אויסצובעסערן און מתקן צו זייַן וואָס מען קאָן נאָר און אויף וויפל מען קאָן נאָר. ערשט ווען מען האָט ערלעך און אויפריכטיק תשובה געטאָן און מ'האָט געפּרוּווט, אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך, מתקן צו זייַן די אייגענע מעשים, קאָן מען קומען פאַרן ריכטער פון דער וועלט בעטן סליחה און מחילה, מעג מען מתפלל זייַן צום בעל־הרחמים, ער זאָל אונדז משפּטן מיט דער מידת הרחמים.

די דיכטער פון די סליחות־פּיוטים האָבן אָבער זיך ניט געקאָנט באַגנוגעַנען בלויז מיט דער רחמנות פון דעם בעל־הרחמים, דיכטער זייַנען בכלל לויט זייער נאַטור ניט קיין אויסגעהאַלטענע מאָנאָטעאיִסטן. דער געדאַנק וועגן איין־און־איינציקן גאָט, דעם איינציקן באַשעפער און האַר פון דער וועלט, אָפּעַלירט ווייניק צו זייער פאַנטאַזיע. דער דיכטער מוז אַרומרינגלען דעם רבונו של עולם מיט אַ סוויטע, מיט אַ פמליא של מעלה פון מלאכים און משרתים, וועלכע באַדינען דעם ריכטער פון דער וועלט. האָבן זיי זיך דעריבער אויך אויסגעמאָלט אין זייער דמיון אַ גאַנצע „ביוראָקראַטיע” פון מלאכים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ברענגען די תפילות פון פאָלק ישראל פאַר גאָט ברוך־הוא. ניט אַלעמאָל האָט דער דיכטער געהאַט דעם מוט צו קומען אַליין צום משפּט און ער האָט געזוכט הילף און דערמוטערונג צווישן די מלאכים, וואָס ברענגען אונדזערע תפילות (מכניסי רחמים) און אונדזערע טרערן (מכניסי דמעה) פאַרן טאַטן אין הימל. אַ צווייטער דיכטער זוכט הילף ביי דער הייליקער תורה, זי זאָל זיך פאַר אונדזערטוועגן מיִען פאַרן באַשעפער פון דער וועלט (תורה הקדושה התחנני בבקשה פני הצור הנערץ בקדושה).

אָט־די דורך־און־דורך מענטשלעכע שטימונגען האָבן פון דעסטוועגן אַרויסגערופן דעם פּראָטעסט פון אייניקע גרויסע יידישע דענקער. דער מהר"ל, ווערט דערציילט, פלעגט ניט זאָגן דעם פּיוט „מכניסי רחמים”. דער מענטש בייטיקט זיך ניט אין דער הילף פון מלאכים, און נאָר פאַר גאָט אַליין דאַרפן מיר מתפלל זייַן (שאין לנו להתפלל למלאכים ולו לבדו ראוי להתפלל). דעם זעלביקן געדאַנק האָט אויך אַרויסגעזאָגט ר' חיים וואָלאָזשינער, דער תלמיד פון ווילנער גאון. איך פאַרשטיי ניט דעם זין פון אַזעלכע תפילות, האָט ר' חיים

וואָלאָזשינער געטענהט; וואָס קאָנען דען די מלאכים אונדז העלפן? דער מענטש דאַרף האָבן אין זיך דעם מאָראַלישן כוח אַליין צו קומען פאַרן באַשע־פער פון דער וועלט. דאָס איז דער זין פון תשובה; דאָס איז דער זין פון די תפילות און סליחות און פון אַלע אונדזערע צוגרייטונגען צום יום־הדין.

# שבת און וואָך

**די אידעע וועגן צייט און אייביקייט ביי יידן,**
**דער טיפער זין אינעם גאַנג פון דעם יידישן יאָר**
**און אינעם ריטעם פון וואָכן און חדשים**

איינע פון די סאַמע ערשטע און באַדייטנדסטע אַנטדעקונגען, וואָס דער מענטש האָט געמאַכט, איז געווען — די אַנטדעקונג פון צייט. מיר קאָנען זיך היינט ניט פאָרשטעלן די עקזיסטענץ פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט ניט קיין חשבון פון צייט, וואָס לעבט אָן אַ קאַלענדאַר. פאַר אונדז איז היינט אַזוי נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך די רעכענונג פון טעג און וואָכן, חדשים און יאָרן: ווי האָט עס דען אַנדערש געקאָנט זיין? דער אמת איז אָבער, אַז אונדזערע אור־אור־עלטערן האָבן געדאַרפט דורכגיין גאָר אַ לאַנגן וועג פון דער מענטשלעכער געשיכטע ביז זיי זיינען געוואויר געוואָרן, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ רעכענונג פון צייט, ווי אַן אָרדענונג, אַ סדר אין דעם גאַנג פון די יאָרן און טעג.

פאַראַן אַן אַלטע תלמודישע אגדה: ווען אָדם הראשון איז פאַרטריבן געוואָרן פון גן־עדן און ער האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט ווי די זון גייט־אונטער, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט: וויי איז מיר! צוליב מיין זינד ווערט

די וועלט פינצטער און ווערט ווידער תהו ובהו... איז ער אַ גאַנצע נאַכט געזעסן און געוויינט. און חוה איז געזעסן אַקעגן אים און געוויינט. אָבער באַלד ווי עס איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן האָט ער געזאָגט: אַזוי איז דער מנהג פון דער וועלט. און ער האָט געבראַכט אַ קרבן צו גאָט.

דער טיפער זין פון צייט איז — עס זיינען פאַראַן געזעצן אויף דער וועלט — געזעצן פון טאָג און נאַכט, פון זומער און ווינטער; געזעצן פון לעבן אויף דער ערד, און געזעצן, וואָס באַשטימען דעם גאַנג פון די שטערן. ניטאָ קיין צופעליקייטן אין די באַוועגונגען פון דער זון און דער לבנה, און דער מענטש קאָן זיך אין גאַנצן פאַרלאָזן, אַז אַזוי לאַנג ווי די וועלט עקזיסטירט, וועלן די צייטן פון זייען און שניט, די צייטן פון קעלט און היץ, פון זומער און ווינטער, פון טאָג און נאַכט ניט אויפהערן. (עוד כל ימי הארץ זרע וקציר וקר וחם וקיץ וחורף ויום ולילה לא ישבתו). דער מענטש האָט זיך אויסגעלערנט פאַרויסצוזען — צו זייען אין ווינטער, כדי צו שניידן אין זומער. דער מענטש האָט זיך אויסגעלערנט צו לעבן מיט אַ חשבון, מיט אַ פּלאַן. ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז אויך אין דער וועלט באַוועגט זיך אַלץ לויט אַ חשבון און לויט אַ פּלאַן. דערפאַר פלעגן מענטשן ווערן אַזוי געוואַלטיק אומרויִק, ווען עס פלעגט מיט אַ מאָל, גאָר אומגעריכט פאַר זיי, עפּעס פאַרקומען אַן ענדערונג אין דער נאַטור, ווען די זון אָדער די לבנה פלעגן אַ מאָל פינצטער ווערן (ליקוי חמה אָדער ליקוי לבנה). אין אַזעלכע אומגעריכטע געשעענישן אויפן הימל פלעגן די מענטשן געוויינטלעך זען שלעכטע סימנים פאַר די, וואָס לעבן אויף דער ערד.

און נאָך אַ צווייטער מאָטיוו איז פאַרבונדן מיט דער רעכענונג פון צייט — דאָס איז די אידעע פון באַנייוונג. אַלץ באַוועגט זיך אין אַ קרייז און קומט שטענדיק צוריק צו דעם פונקט פון וואַנען עס האָט זיך אָנגעהויבן: דער טאָג, דער חודש און דאָס יאָר. אין דער נאַטור קומט פאָר אַ כסדרדיקער פּראָצעס פון אָפּשטאַרבן און ווידער־אויפלעבן. ניטאָ קיין אַבסאָלוטער אונטערגאַנג אין דער נאַטור, און ממילא, האָט דער מענטש אָנגעהויבן טראַכטן, איז אפשר אויך ניטאָ קיין אַבסאָלוטער אונטערגאַנג אין דעם לעבן פון מענטשן, פון דעם יחיד און פון דעם כלל. סימבאָליש איז אין דער היגזיכט באַזונדערס דער נאָמען „חודש", וואָס איז דער טייטש ניי, באַנייונג. געמיינט איז מיט דעם די באַנייונג פון דער לבנה.

אין אונדזער יידישן קאַלענדאַר האָט די רעכענונג פון דער לבנה פון תמיד־אָן געשפּילט אַ באַזונדערע ראָל. דער חודש איז אומעטום, ביי אַלע פעלקער, געווען פאַרבונדן מיט די באַוועגונגען פון דער לבנה. עס איז געווען זייער גרינג פאַרן אַמאָליקן מענטשן אכטונג צו געבן און צו באַמערקן די ענדערונגען אין דער לבנה, ווען זי ווערט פולער און ליכטיקער, און פאַרקערט, ווען זי הייבט־אָן צו ווערן אַלץ קלענער און פינצטערער. די צוויי גרויסע יידישע יום־טובים, סוכות און פסח, פאַלן־אויס דעם פופצנטן טאָג אין חודש, ווען די לבנה ווערט פול, ווען איר ליכט איז גאַנץ. דערפאַר הייסט אויך דער חודש אויף העברעיִש ירח, פון דעם וואָרט ירח (לבנה).

בענטשן ראש־חודש איז אין דער יידישער טראַדיציע גאָר אַ וויכטיקע זאַך. און ניט ווייניקער וויכטיק איז דער מנהג פון קידוש־לבנה, ווען דער ייד דאַנקט גאָט, וואָס די לבנה באַנייט זיך ווידער. פון דער ברכה וואָס מען מאַכט ביי קידוש־לבנה איז כדאי באַזונדערס זיך אָפּצושטעלן אויף דער וייטערדיקער שטעלע: „און צו דער לבנה האָט גאָט ברוך־הוא געזאָגט: זי זאָל זיך באַנייען, אַ קרוין פון פּראַכט פאַר די איידל־געבוירענע (געמיינט איז דאָס פאָלק ישראל), וואָס וועלן באַנייט ווערן ווי זי, און וועלן לויבן זייער באַשעפער וועגן דער מאַיעסטעט פון זיין מלכות" (וללבנה אמר שתתחדש עטרת תפארת לעמוסי בטן העתידים להתחדש כמותה, ולפאר ליוצרם על שם כבוד מלכותי).

אין דעם שוואַכן ליכט, אין די פּגימות פון דער לבנה, זעט דער יידישער מענטש דעם סימבאָל פון פעלערן און פּגימות אין אונדזער גאַנצער וועלט. די יידישע מיסטיקער זיינען ניט געווען צופרידן מיט אונדזער וועלט. עפּעס איז ניט אַלץ אין אָרדענונג אין אונדזער מענטשלעך לעבן. דערפאַר וואַרטן זיי כסדר אויפן תיקון פון דער וועלט, ווען אַלץ וואָס גאָט האָט באַשאַפן וועט בעסער ווערן. און צוליב דעם זעלביקן טעם בעטן יידן, ווען זיי זאָגן די תפילה פון קידוש־לבנה, גאָט ברוך־הוא זאָל גאַנץ מאַכן די פּגימה פון דער לבנה, עס זאָל ניט בלייבן קיין שום מינערונג, און דאָס ליכט פון דער לבנה זאָל אַזוי לייכטן ווי דאָס ליכט פון דער זון (למלאות פגימת הלבנה, ולא יהיה בה שום מיעוט. ויהי אור הלבנה כאור החמה).

שוין אין תלמוד ווערט אָנגעוויזן, אַז די נעמען פון די חדשים האָבן די יידן מיטגעבראַכט פון גלות־בבל (שמות החדשים עלו מבבל. — ירושלמי, ראש השנה, פ"א) און דאָס ווערט אויך אין גאַנצן באַשטעטיקט פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. אין די עלטערע טיילן פון תנ"ך ווערן צופעליק דערמאָנט אייניקע נעמען פון חדשים, וואָס זיינען שפּעטער מער שוין ניט געברויכט געוואָרן. דער חודש ניסן, למשל, ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען חודש האביב, דער חודש פון אָנהייב פרילינג.

אין איין הינזיכט האָבן זיך אָבער יידן ניט געלאָזן באַאיינפלוסן פון זייערע שכנים, און דאָס איז אין העכסטן גראַד כאַראַקטעריסטיש. כמעט אַלע אַלטע פעלקער האָבן אָפּגעגעבן אַ געטלעכן כבוד דער זון, דער לבנה און אַלע שטערן פון הימל. אין דעם גאַנג פון די שטערן האָבן די אַמאָליקע חכמים פון בבל געזוכט צו דערגיין די סודות פון דער וועלט. דער גלויבן אין אַסטראָלאָגיע, אין דער חכמה פון די שטערן־זעער, איז דאָך נאָך פאַרבליבן כמעט ביז צום היינטיקן טאָג. דערפון נעמט זיך אויך דאָס יידישע וואָרט מזל, וואָס איז דער טייטש שטערן (אייגנטלעך פּלאַנעט), אָדער אַ גרופּע פון שטערן. אין גאַנצן באַפרייען פון דעם גלויבן אין מזלות האָבן זיך, אמת, אַפילו יידן ניט געקענט. דער נביא ירמיהו האָט שוין די יידן געוואָרנט, זיי זאָלן ניט מורא האָבן פאַר די צייכנס פון הימל, נאָר די גוים האָבן מורא פאַר זיי (את דרך הגויים אל תלמדו ומאותות השמים אל תחתו כי יחתו הגויים מהמה). און אין תלמוד

ווערט אַפּילו געזאָגט „אין מזל לישראל". דאָס יידישע לעבן ווערט ניט באַשטימט פון דעם מזל. מען האָט פון דעטסטוועגן דאָך אויך געגלייבט אין מזל.

די סיבה פאַר וואָס די יידישע רעליגיעזע פירער האָבן זיך אַזוי אַנטקעגנגעשטעלט דער אידעע פון מזל איז זייער אַן איינפאַכע. די יידישע רעליגיע האָט פון תמיד־אָן באַזונדערס באַטאָנט, אַז אויך אין לעבן פון מענטשן הערשן געזעצן, מאָראַלישע געזעצן. טאָרן דערפאַר די מאָראַלישע געזעצן פון מענטשלעכן לעבן, פון אונדזער געשיכטע, ניט געשטערט ווערן דורך דעם גאַנג פון די שטערן. די נביאים באַטאָנען כסדר, אַז די געזעצן פון דער געטלעכער מאָראַל זיינען פונקט אַזוי פעסט און אַזוי אייביק ווי די געזעצן פון דער נאַטור, און דער נביא ירמיהו פאַרזיכערט זיינע צוהערער, אַז פונקט ווי עס וועלן אָנהאַלטן די געזעצן פון דער זון, פון דער לבנה און די שטערן, אַזוי אייביק וועט אויך עקזיסטירן דאָס פאָלק ישראל (**כה אמר ה' נתן שמש לאור יומם חוקות ירח וכוכבים לאור לילה... אם ימושו החקים האלה מלפני נאום ה' גם זרע ישראל ישבתו מהיות גוי לפני כל הימים**).

דער גרויסער אויפטו פון יידישן רעליגיעזן געדאַנק איז געווען — די אידעע פון געזעץ. די וועלט איז ניט הפקר, פאַראַן אייביקע מאָראַלישע געזעצן, וועלכע מוזן פריער אָדער שפּעטער דורכגעפירט ווערן. דערפאַר זיינען יידן געוואָרן דאָס פאָלק פון געזעץ, דאָס פאָלק פון דער תורה, וואָס איז פון יידן תמיד באַטראַכט געוואָרן ווי אַ תורה פאַר אַלע פעלקער, אַ קאָנסטיטוציע פאַר דער גאַנצער וועלט.

דאָס יאָר טיילט זיך אין פאַרשיידענע צייטן — אין וואָכעדיקע טעג און הייליקע טעג. וואָס איז דער זין פון די שבתים און יום־טובים, וואָס די טראַדיציע האָט געשאַפן?

אויב מיט וואָכעדיקע טעג, מיט די טעג פון אַרבעט איז פאַרבונדן די אידעע פון צייט, איז מיט די טעג פון אָפּרו, מיט די טעג פון פרייד, פאַרבונדן די אידעע פון אייביקייט. דער מענטש לעבט ניט נאָר מיט זיך אַליין, ער לעבט ניט נאָר מיטן מאָמענט, מיט די דאגות און פאַרגעניגנס פון דעם איינצלנעם טאָג. דער מענטש לעבט אין צייט און אין אייביקייט, ער לעבט מיט זיין אייגענעם לעבן און מיטן לעבן פון פאַרגאַנגענע דורות; ער חלומט פאַר זיך און חלומט וועגן דורות, וואָס וועלן קומען. פאַר דעם צוועק זיינען עס באַשאַפן געוואָרן שבתים און יום־טובים.

שבת און יום־טוב גיבן דעם מענטשן די מעגלעכקייט אָראָפּצוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון וואָכעדיקייט, פון די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן און זאָרגן. שבת און יום־טוב ווערט דער ייד אַ נייער מענטש, פאַראייניקט זיך מיט דער אייביקייט. כמעט אַלע יום־טובים פאַרבינדן אונדז מיט די פאַרגאַנגענע דורות, מיט געשעענישן פון אונדזער געשיכטע — ווי יציאת־מצרים, די מלחמות פון די חשמונאים, די געשיכטע פון מרדכי ואסתר א. אַ. וו. שבת פאַרבינדט אונדז מיט דער אידעע פון צוקונפט, מיט דער משיח־צייט. שבת איז דער סימבאָל

פון פרייהייט און גלייכהייט, ווען עס ווערן אָפּגעשאַפּט די אונטערשיידן צווישן מענטשן. דערפֿאַר איז דער שבת אַזוי באַליבט און פֿאַרהייליקט געוואָרן גראָד ביים יידישן פֿאָלקס־מענטשן.

אין דער זעלבער צייט איז מיט יעדן שבת־יום־טובדיקן טאָג פֿאַרבונדן די אידעע פון באַנייונג, פון אַ נייעם מענטשן. און נאָך שטאַרקער איז דאָס געפֿיל פון נייקייט, פון אָפּטרייסלען פון זיך די גאַנצע וואָכעדיקייט פון לעבן, בעת די גרויסע יום־טובים: פסח, ווען מען רוימט אויס די רעשטלעך פון מאַטעריעלן און גייסטיקן חמץ, און ימים נוראים, ווען מען טרייסלט זיך אָפּ פון אַלע זינד פון דעם גאַנצן יאָר.

פֿאַראַן אַ טיפֿער זין אין דעם גאַנג פון דעם יידישן יאָר, אין דעם ריטעם פון זיינע וואָכן און חדשים, עס איז דער סוד פון צייט און אייביקייט, פון אייביקער באַנייונג און אייביקן ווידערגעבורט.

## צייט און חשבון

עס איז שווער צו לעבן מיט אַ חשבון און ס'איז דערפֿאַר שווער צו פֿאַר־שטיין דעם זין פון אַזאַ יום־טוב ווי ראש השנה ,ווען דער מענטש דאַרף מאַכן אַ חשבון מיט זיך אַליין, אַ סך הכל פון דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט די חכמה צו פירן אַ גענויע רעכענונג פון אונדזערע גע־שעפֿטן, פון אונדזער פֿאַרמעגן. מיר קליגן זיך אויסצונוצן אויפֿן בעסטן אופֿן אונדזערע אָפּשפּאָרונגען אין געלט, סיי אין פּרט פון זיכערהייט און סיי אין פּרט פון פֿאַרדינסטן. גאָר אַנדערש איז עס אָבער ווען עס קומט צום חשבון פון אונדזער לעבן, פון אונדזער צייט. די סיבה איז אַ פּשוטע — געלט איז גוט, אַז מ'האָט וואָס מער, געלט ברענגט אַריין געלט. אַנדערש איז עס מיט אונדזער צייט. וואָס מער צייט אַ מענטש האָט אָנגעקליבן, אַלץ ווייניקער בלייבט אים. די יאָרן, וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען, קאָן מען אין באַנק ניט אַריינלייגן, מען קאָן אויף זיי ניט קריגן קיין פּראָצענטן. היינט וואָס איז דער זין פון חשבון?

און דאָך מוז מען פירן אַ חשבון! אויך צייט קאָן מען שפּאָרן. אויך פֿאַר־לוירענע צייט קאָן ברענגען גרויסע פֿאַרדינסטן, אויב נאָר מען פֿאַרשטייט די קונסט צו לערנען פון דער פֿאַרגאַנגענהייט, פון די אייגענע טעותן. דאָס איז דער זין פון ראש השנה. עס איז אַ יום־טוב פון חשבון און ממילא אַ יום־טוב פון האָפֿענונג. וואָרים אָן אַ חשבון פון דער פֿאַרגאַנגענהייט איז ניטאָ קיין האָפֿענונג פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט.

צום אומגליק האָבן מיר ניט קיין סך צייט צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס מען קאָן טאָן מיט אָפּגעשפּאָרטע מינוטן און שעהן. די פּוריטאַנער, די פּיאָנערן פון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם אין ענגלאַנד און אַמעריקע, האָבן דעריבער

געהאַלטן, אַז דאָס ריכטיקסטע איז — צו פאַרוואַנדלען צייט אין געלט. אַ מענטש דאַרף זיך אָפּגעבן וואָס מער מיט אַרבעט און געשעפט, האָבן די פּורי־טאַנער דענקער געלערנט. ער דאַרף ווייניקער רוען, ווייניקער בטלענען. נאָר אויף אַזאַ אופן קאָן ער פּראָדוקטיוו אויסנוצן זיין צייט. די פּוריטאַנער האָבן דעריבער געפירט דעם שאַרפסטן קאַמף קעגן אַלע האַזאַרד־שפּילן, קעגן ספּאָרט און קעגן אַלע פאַרגעניגנס, וואָס נעמען צו צייט. די גרעסטע זינד, האָבן זיי געלערנט, איז בטלענען, אויסברענגען צייט. זיי האָבן דעריבער אַפילו פאַר־קירצט די יום־טובים, כדי מענטשן זאָלן קאָנען אָפּגעבן מערער צייט אויף אַרבעט און געשעפט.

אַ דענקער ווי בענדזשאַמין פרענקלין האָט געשריבן: געדענק, צייט איז געלט. ווער עס קאָן פאַרדינען מיט זיין אַרבעט צען שילינג אַ טאָג און באַ־גנוגנט זיך בלויז מיטן פאַרדינסט פון פינף שילינג פאַר אַ האַלבן טאָג אַרבעט בעת דעם אַנדערן האַלבן טאָג גייט ער אַרום ליידיק און גיט נאָך אויס עפּעס געלט דערצו, דאַרף וויסן, אַז אַחוץ דעם געלט, וואָס ער האָט אויסגעגעבן, אַרומגייענדיק ליידיק, האָט ער נאָך אויך אַרויסגעוואָרפן פינף שילינג.

איך גלייב, אַז דער יידישער וועג איז מער צוגעפּאַסט צו די פּאָדערונגען פון אונדזער תקופה. אויך יידן זיינען געווען פּיאָנערן פון קאַפּיטאַליזם, פּיאָ־נערן פון די מאָדערנע פאָרמען פון ווירטשאַפטלעכן לעבן, אויך יידן האָבן פון תמיד אָן אָפּגעשאַצט די געוואַלדיקע באַדייטונג פון צייט. מיר האָבן אָבער געפּרוווט אָפּשפּאָרן צייט אויף אַן אַנדער אופן.

דער יום־טוב פון ראש השנה ווייזט אונדז גאָר באַזונדערס ווי צו פירן אַ חשבון פון דעם מענטשנס מעשים און דעם מענטשנס צייט.

יאָ, מען קאָן אָפּשפּאָרן צייט, מען קאָן פאַרוואַנדלען צייט אין פאַרמעגן, אין אַ גייסטיקן פאַרמעגן, וואָס קאָן אַריינברענגען צינזן אין לויף פון דורות. יאָ, איטלעכער פון אונדז קאָן אין זיין לעבן עפּעס אויפטאָן. עס איז אָבער וויכטיק צוצוגעבן, אַז די אויפגאַבע איז אַ שווערע און זי איז געוואָרן באַזונ־דערס שווער און קאָמפּליצירט אין אונדזערע טעג, אין דער תקופה פון דעם גרעסטן טעכנישן פּראָגרעס.

אַ יום־טובדיקער טאָג דאַרף זיין אַ טאָג, וואָס פאַרבלייבט אין זכרון, אַ טאָג, וואָס באַרייכערט אונדז גייסטיק און מאָראַליש, אַ טאָג, וואָס פאַרבינדט אונדז מיט פריינט, מיטן יידישן גורל און מיטן יידישן כלל. אין דעם זין האָבן די יום־טובים געשפּילט אַ געוואַלדיקע ראָל אין אונדזער געשיכטע. די יום־טובים האָבן אונדז אויפגעהאַלטן ווי יידן און האָבן אונדז אויפגעהאַלטן ווי מענטשן.

ווען עס זיינען אויפגעקומען ביי אונדז די מאָדערנע פּאַרטיי־באַוועגונגען האָט מען אַ סך געשריבן וועגן דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועגן דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטישע יידישע קהילות און אַנדערע יידישע נאַ־ציאָנאַלע אינסטיטוציעס. ווען מיר וואָלטן בעסער פאַרשטאַנען די יידישע געשיכטע, וואָלט אונדז געווען ניט אַזוי שווער צו באַגרייפן, אַז דער יידישער

יום־טוב איז געווען און איז נאָך היינט דער וויכטיקסטער פּאַקטאָר פון יידישער אויטאָנאָמיע, פון אַ זעלבשטענדיק און אייגנאַרטיק יידישן לעבן.

עס איז נייטיק עס צו זאָגן מיט דער פולער קלאָרקייט: אָן יום־טובים איז ניט מעגלעך קיין יידישקייט, איז גאָר ניט מעגלעך קיין יידיש לעבן אין די תפוצות. מיר ווערן פאַרפלייצט פון דעם שטראָם פון אַסימילאַציע. מיר ווערן שיער ניט דערטרונקען אין דעם ים פון עולם־הזהדיקער קולטור. מיר איז אויסגעקומען די טעג זיך צו באַקענען מיט די רעזולטאַטן פון אַן אויספאָרשונג וועגן די לייענער און די ניט־לייענער פון ביכער אין אַמעריקע. בלויז 17 פּראָצענט פון די, וואָס זיינען אויסגעפרעגט געוואָרן האָבן געענטפערט, אַז זיי לייענען אָדער זיי האָבן לעצטנס געלייענט אַ בוך. אין דעם פּרט איז די לאַגע אין אַמעריקע אַ סך ערגער ווי, למשל, אין קאַנאַדע אָדער ענגלאַנד, ווו די צאָל לייענער איז צוויי ביז דריי מאָל אַזוי גרויס.

אַפילו צווישן די וואָס האָבן געענדיקט אַן אוניווערסיטעט איז די צאָל ניט־לייענער אַ גאַנץ היפשע. גאַנצע 26 פּראָצענט פון די, וואָס האָבן גראַדויִרט אַן אוניווערסיטעט, האָבן אין לויף פון דעם לעצטן יאָר פאַר דער אויספאָרשונג ניט געלייענט קיין איין איינציק בוך. דער ווייט־גרעסטער טייל פון זיי איז אין גאַנצן ניט געווען באַקאַנט אַפילו מיט די ווערק פון די אָנגעזעענסטע שרייבער. דערביי איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז די אַנטוויקלונג גייט ליידער אַלץ מער און מער באַרג־אַראָפּ.

מען באַנוצט אין אונדזערע היינטיקע שולן די מאָדערנסטע מעטאָדן ווי אויסצולערנען די תלמידים לייענען. מען האָט אָבער, ווייזט אויס, זיך ווייניק אינטערעסירט מיט דעם פּראָבלעם, ווי זאָל מען אויסלערנען די תלמידים זיי זאָלן וועלן לייענען.

עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז דער מצב איז אַ סך טרויעריקער ווען עס קומט צו אַ יידיש בוך — אין יידיש, העברעיִש אָדער ענגליש. מיר האָבן ניט קיין גענויע ציפערן. מיר האָבן אָבער אַ פאַרשטעלונג וועגן דעם פאַרקויף פון ביכער אויף יידישע טעמעס. דער סך־הכל איז ווייט ניט קיין פריילעכער. העכסטנס צוויי פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָ אין לאַנד קויפן פון צייט־צו־צייט אַ יידיש בוך (אין יידיש, העברעיִש אָדער ענגליש), די צאָל לייענער איז עטוואָס גרעסער, אָבער ניט קיין צו־גרויסע. איבער נייַנציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע ווייסט ניט וואָס אַ יידיש בוך איז. ווי קומט עס?

דער ענטפער איז אַ פּשוטער: ניטאָ קיין צייט! וואָס ווייניקער מיר אַרבעטן, וואָס מער מיר קאָנען פאַרברענגען, אַלץ מער זיינען מיר פאַרנומען. היינט דאַרף מען זיך ניט יאָגן נאָך פאַרגעניגנס, די פאַרגעניגנס יאָגן זיך נאָך אונדז.

אַזוי לויפן אַוועק די שעהן און די טעג און פאַר אַ בוך בלייבט קיין צייט ניט איבער.

איז עס ממש אַ נס, וואָס מיר האָבן נאָך יידישע יום־טובים ווען יידן באַ־געגענען זיך, ווען מען פילט זיך ווי אַ ייד, ווען מען קאָן אַ טראַכט טאָן וועגן יידישע ענינים, ווען מען דערמאָנט זיך אין דעם יידישן גורל, אין דעם כלל ישראל. און אפשר גיט דער יום־טוב אויך אַ מאָל אַ שטויס דעם פאַרנומענעם יידן אַריינצוקוקן אין אַ יידישן ספר.

פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דעם שרייבער און דעם לייענער. פאַראַן נאָך אַ גרעסערער אונטערשייד צווישן דעם שרייבער און דעם ניט־לייענער. אונ־דזערע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע טעאָריעס זיינען געשאַפן געוואָרן פון שריי־בער, און דאָס איז זייער הויפּט־חסרון. אַ שרייבער האַלט אין איין דאַווענען, אין איין פראַווען יום־טובים. נאָר ער ווייסט עס אַליין ניט. ער דאַוונט ווען ער שרייבט אַ ליד, ער דאַוונט אַפילו ווען ער שרייבט אַן אַרטיקל פאַר אַ צייטונג, ער לייגט דערין אַריין אַ סך האַרץ און כוונה. גיט ער אַרויס אַ בוך, איז עס פאַר אים אַ יום־טוב, גיט זיך אים איין אַרויסצובריינגען אַ גוטן געדאַנק, איז עס פאַר אים אַ יום־טוב. מיינט ער באמת, אַז געניטי די זעלבע איבערלעבונג האָט אויך דער לייענער. דאָס איז אַ גרויסער טעות. פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן די איבערלעבונגען פון אַ שרייבער און אַ לייענער. דער לייענער קאָן זיך ניט אַרומטראָגן טעג און וואָכן מיט אַ שיין ליד אָדער מיט אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט איבערגעלייענט אין אַ צייטונג. ליטעראַטור קאָן ביי אים ניט פאַרבייטן דאָס לעבן, ליטעראַטור קאָן ניט פאַרבייטן קיין יום־טובים. פאַרן שרייבער יאָ, אָבער ניט פאַרן פאָלק, ניט פאַרן לייענער און אוודאי ניט פאַרן ניט־לייענער.

דעריבער איז אַזוי וויכטיק מיר זאָלן ניט פאַרגעסן די קונסט פון מאַכן יום־טוב, פון שאַפן יום־טובדיקייט. אַ יום־טובדיקע היים איז אַן אויסערגע־וויינטלעך וויכטיקער מיטל פון יידישער דערציִונג און פון דערציִונג בכלל. דאָס קינד זעט יום־טובדיקע עלטערן, אַ יום־טובדיקע יידישקייט און אַ יום־טובדיקע וועלט. מיר האָבן גענוג וואָכעדיקייט, דאַרף אַלץ געטאָן ווערן, כדי אָפּצוהיטן אונדזער קליינעם פאַרמעגן פון יום־טובדיקייט.

דער עיקר אָבער — דער יום־טוב העלפט אונדז פירן דעם חשבון פון דער צייט און מאַכט אונדז רייכער אין צייט. ווען אַ ייד פראַוועט יום־טוב דער־מאָנט ער זיך, אַז ער איז אַלט מער ווי דריי טויזנט יאָר. ער דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַרויס פון מצרים און אַז ער איז אויך געשטאַנען ביים באַרג סיני. זיין אייגן לעבן ווערט צונויפגעגאָסן מיט דער געשיכטע פון כלל ישראל און זיין אייגענע צוקונפט ווערט פאַרבונדן מיטן גורל פון פאָלק ישראל. דערפאַר איז יעדער יום־טוב ניט נאָר אַ יום־טוב פון פאָלק, נאָר אויך אין דער ערשטער שורה אַ יום־טוב פון דעם מענטשן.

ראש השנה איז דער יום־טוב פון חשבון אָבער אויך דער יום־טוב פון פרייד. וואָרים חשבון קאָן פאַרשאַפן אַ סך פרייד, אויב מיר לערנען זיך אויס צו לעבן מיט חשבון און צו געפינען אַ זין פאַר אונדזער לעבן. חשבון איז אויך

דער איינציקער וועג צו האָפענונג, ווארים נאָר ווען מיר לערנען פון די טעותן און פעלערן, וואָס מיר האָבן אַליין געמאַכט, קאָנען מיר אויסגעפינען דעם וועג צו אַ מער גליקלעכער צוקונפט. אַזוי איז דער יום־טוב פון חשבון אויך אַ יום־טוב פון פרייד און אַ יום־טוב פון האָפענונג.

## צייט און אייביקייט

אייגנטלעך וואָלט מען אונדזער צייט געקאָנט באַצייכענען ווי די תקופה פון מורא. אַנגסט, פּחד, מורא זיינען צענטראַלע מאָטיוון אין דער מאָדערנער ליטעראַטור און אויך אין דער מאָדערנער פילאָזאָפיע. גראָד דער מאָדערנער מענטש, דער גאָטלאָזער מענטש, איז פול מיט שרעק.

די מאָדערנע עקזיסטענץ־פילאָזאָפיע איז אַ פּראָטעסט קעגן דעם גאַנצן גאַנג פון דער טראַדיציאָנעלער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, וואָס האָט געהערשט ביז צו אונדזער צייט. וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע באַמיִען זיך אַלץ מער צו פאַרשטיין די וועלט, צו אַנטפּלעקן די סודות, די געזעצן פון דער וועלט. און עס איז באמת אַן אַ שיעור דערגרייכט געוואָרן. אויך צום מענטשן איז די וויסנ־שאַפט צוגעגאַנגען מיט די זעלביקע מעטאָדן. מען פּרוווט פאַרשטיין די געזעצן, וואָס קאָנטראָלירן דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, זיין גשמיותדיק לעבן און אויך זיין גייסטיק לעבן. און אַזוי פאַרשנדיק די וועלט און באַטראַכטנדיק דעם מענטשן בלויז ווי אַ טייל פון דער וועלט, האָבן מיר פאַרלוירן דעם מענטשן. דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן ווערט באַהערשט פון געזעצן, וואָס בלייבט דאַן איבער פאַר דעם מענטשן? וואָס בלייבט פונעם מענטשן?

עס בלייבט אַ מאַשין, אַ מענטש אָן אַ פרייען ווילן, אַ מענטש, וואָס ווערט בלויז געטריבן און געיאָגט פון ליידנשאַפטן, אינטערעסן, פון הונגער און נויט, פון די פאַרשיידנסטע אַמביציעס און פאָראורטיילן. אָבער דער מענטש אַליין, דער מענטש אַלס פּערזענלעכקייט, דער מענטש אַלס אַ יחיד, וואָס קאָן באַשטימען זיין אייגענעם גורל, זיינע פליכטן, זיינע אויפגאַבן, אָט דער מענטש איז פאַרשוווּנדן. די וויסנשאַפט האָט דעם מענטשן אַנאַליזירט. מען האָט אויסגע־פאָרשט יעדן טייל באַזונדער, מען האָט אים צעגלידערט, פאַנאַנדערגענומען און מען האָט דעם מענטשן אינעם מענטשן ניט געפונען. מען האָט געפונען אַלע אברים זיינע: הענט און פיס, אַ האַרץ און אַ קאָפּ, אויגן און אויערן, אָבער דעם מענטשן, די נשמה פון דעם מענטשן, האָט מען ניט געפונען.

זיינען געקומען אַ צאָל דענקער און האָבן געטענהט, אַז דער פילאָזאָף מוז אָנהייבן פון דעם מענטשן. מען דאַרף אָנהייבן צו פילן און צו באַגרייפן די מענטשלעכע עקזיסטענץ ניט אויף אַן אַבסטראַקטן אופן, דורך וויסנשאַפטלעכע פאָרמולירונגען, נאָר אויף אַ לעבעדיקן אופן, פאַרשטיין דעם מענטשן מיט זיינע

ליידנשאַפטן, מיט זיינע אַמביציעס, פאַרשטיין ניט נאָר דעם מענטשנס לעבן, זיין עקזיסטענץ, נאָר אויך זיין טראַגישע סיטואַציע, די געציילטע טעג, וואָס דעם מענטשן איז באַשערט צו לעבן אויף דער וועלט.

אין אַ שמועס מיט מאַקסים גאָרקי האָט דער גרויסער רוסישער קינסטלער לעוו טאָלסטאָי זיך איינמאָל אויסגעדריקט: „ווען אַ מענטש לערנט זיך אויס צו דענקען, איז וועגן וואָס ער זאָל ניט טראַכטן, וועט אים שטענדיק אויסקומען צו טראַכטן וועגן זיין אייגענעם טויט״. און די עקזיסטענץ־פילאָזאָפן האָבן דעם ענין פון דער מענטשלעכער ענדלעכקייט גענומען זייער ערנסט.

גייט מען צו צום מענטשלעכן לעבן בלויז פון אַ ריין וועלטלעכן און מאַ־טעריעלן צוגאַנג, דאַן איז זיין גאַנצע עקזיסטענץ, זיין זיין, ניט מער ווי אַן עפּיזאָד אין דער גרויסער פוסטקייט פון ניט־זיין. די יאָרן, וואָס דער מענטש האָט אָפּגעלעבט, זיינען מער ניטאָ, זיי זיינען פאַרשוווּנדן. די צוקונפט איז פול מיט אומזיכערקייט, און בכלל איז דאָס גאַנצע לעבן אַזוי קורץ. שווער צו גע־פינען אַ זין און תכלית אין אונדזער לעבן. איז קיין וווּנדער ניט, וואָס פּעסי־מיסטישע שטימונגען זיינען אַזוי געווען פאַרשפּרייט אין אַלע צייטן. איז דאָך אויך אונדזער חכם קהלת געקומען צו דעם אויספיר, אַז דאָס גאַנצע מענטש־לעכע לעבן איז ניט מער ווי הבל הבלים. איז באמת דאָס מענטשלעכע לעבן ניט מער ווי הבל הבלים ?

ווען דער מענטש הייבט אָן צו טראַכטן וועגן זיין סוף, וועגן זיין טויט און ער זעט פאַר זיך ניט מער ווי די שוידערלעכע פוסטקייט פון דעם סוף, פון ניט־זיין, פון דעם ניט־לעבן, דאַן ווערט ער ניט נאָר פול מיט שרעק, נאָר אויך פול מיט האַס. די פילאָזאָפיע פון ניט־זיין, פון ניט־עקזיסטירן, פון ניהיליזם, די פילאָזאָפיע פון פוסטקייט, פון דער ענדגילטיקער גאָרנישטדיקייט, וואָס פאַרענדיקט דאָס גאַנצע לעבן פון ליידן און מורא, איז אַ פילאָזאָפיע, וואָס מוז ברענגען צו האַס, צו שנאה, צו קנאה, צו ניט פאַרגינען דעם אַנדערן מענטש פאַר וואָס ער לעבט. דערין באַשטייט די געפאַר פון די גאָטלאָזע מחשבות פון אַזעלכע דענקער ווי היידעגער און סאַרטר.

ראש השנה איז אַ יום־הדין, אַ טאָג פון משפט און אויך אַ טאָג פון שמחה.

פאַר וואָס זיינען די ימים־נוראים, די פאַרכטיקע טעג, טעג פון שמחה ? דער ענטפער איז אַ פשוטער — ווייל זיי זיינען טעג פון חשבון. מיט דער פילאָזאָפיע פון אַזעלכע דענקער ווי היידעגער און סאַרטר איז שווער צו מאַכן חשבונות, הגם זיי האַלטן זיך כסדר אין פאַרטיפן אין דער מענטשלעכער עקזיס־טענץ און אין די פּראָבלעמען פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, בלייבט אָבער דער פאַקטישער רעזולטאַט — הבל הבלים הכל הבל.

דער זין פון ראש השנה איז גאָר אַן אַנדערער. עס איז דאָ וואָס צו חשבונען, די עקזיסטענץ פון דעם מענטשן פאַרענדיקט זיך ניט מיטן טויט. דער מענטש לעבט אין זיינע מעשים, ער לעבט אין די דורות, וואָס קומען נאָך אים, פּונקט ווי די דורות, וואָס זיינען געווען פאַר אונדז, לעבן ווייטער אין אונדז.

אין דעם גרויסן חשבון פון דער וועלט גייט גאָרניט פאַרלוירן. אַלע מעשים פון יעדן איינצלנעם גייען אַריין אין חשבון. דערפאַר זיינען אויך די יאָרן, וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען, ניט קיין פאַרלוירענע יאָרן. אויב דער מענטש האָט עפּעס געטאָן אין זיין לעבן, ווערט דאָס אַלץ פאַרצייכנט אויף זיין באַזונדערן חשבון. און יעדער מענטש האָט די מעגלעכקייט, לויט זיינע באַשיידענע כוחות, עפּעס צו טאָן און עפּעס אויפצוטאָן.

די ימים־נוראים זיינען פאַרכטיקע טעג. עס איז אָבער אַ מורא פון גאָר אַ באַזונדערן מין. עס איז אַ מורא פאַר גאָט, וואָס ווייסט אַלץ און זעט אַלץ, וואָס פאַרשטייט אונדזער געמיט, וואָס פאַרשטייט אונדזערע מענטשלעכע שוואַכקייטן און אונדזער טראַגישן צושטאַנד. און ווען מיר קומען צום יום־הדין, קומען מיר ניט מיט ליידיקן. מיר קומען מיט אונדזער פאַרגאַנגענהייט און מיר קומען מיט אונדזער גלויבן אין דער צוקונפט.

## איז דער מענטש דער בעל־הבית פון זיין צייט?

די וואָכעדיקע טעג זיינען אונדז געגעבן, מיר שאַפן זיי ניט. אויך די זאָרגן און נויטן זיינען אונדז געגעבן, אַזוי איז דער מענטשלעכער גורל. די יום־טובֿדיקע טעג אָבער זיינען אונדזערע. עס איז ניט קיין צופאַל ווען מיר באַנוצן אין יידיש דעם אויסדרוק „מאַכן יום־טוב, מאַכן שבת". דער מענטש מאַכט יום־טוב, דער מענטש גרייט צו דעם יום־טוב. און ווען דער מענטש לערנט זיך אויס די קונסט ווי צו מאַכן יום־טוב, דאַן לערנט דער יום־טוב אויס דעם מענטשן ווי צו זיין אַ מענטש, ווי צו דערגרייכן צו דער מדרגה פון יום־טובֿדיקער מענטשלעכקייט.

יום־טוב מוז מען מאַכן. יום־טוב פאָדערט צוגרייטונג. עס קאָן ניט זיין קיין יום־טוב אָן ערב יום־טוב. יום־טוב פאָדערט פון מענטשן אַ סך שעפּערישקייט, אַ סך כוונה. מען קאָן ניט קויפן קיין פאַרטיקן יום־טוב. מען קאָן באַזאָרגן אַלע נייטיקע יום־טובֿדיקע מאכלים אַפילו דורכן טעלעפאָן. אָבער קיין פאַרטיקן יום־טוב קאָן אייך קיינער ניט באַזאָרגן. דעם יום־טוב, די שטימונג פון יום־טובֿדיקייט ,די קדושה פון יום־טוב, פאַר דעם מוזן מיר אַליין זאָרגן, און ווער עס פאַרשטייט ניט צו טראַכטן וועגן דעם און זיך צוגרייטן דערצו אין די טעג פון ערב יום־טוב, דער ווייס ניט און פאַרשטייט ניט דעם זין פון יום־טוב.

גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין פאָרעם און אין זיין געשטאַלט, לערנט אונדז די תורה. איז טאַקע דער מענטש באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט? — פרעגט אַ גרויסער יידישער דענקער. עס איז דאָך בפירוש געזאָגט, אַז מיר קאָנען גאָרניט רעדן און ניט טראַכטן וועגן דעם באַשעפער פון

דער וועלט אין אונדזערע מענטשלעכע באַגריפֿן פֿון פֿאָרעם און געשטאַלט. דער ענטפֿער איז, לערנט אונדז דער דערמאָנטער דענקער, אַז דער מענטש איז גע־גליכן צום באַשעפֿער מיט דעם וואָס ער איז אַ באַשעפֿעניש וואָס איז שעפֿעריש. מיט זיינע מעשׂים, מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיינע מעגלעכקייטן צו טאָן גוטס איז דער מענטש אַ שותּף צו דעם באַשעפֿער פֿון דער וועלט.

אין וואָס באַשטייט די שׂמחה פֿון סוכּות? עס איז די פֿרייד פֿון שעפֿעריש־קייט. דער יום־טוב סוכּות איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער יידישער אידעע פֿון שעפֿערישקייט.

די סוכּה בויט מען, די סוכּה ווערט צוגעגרייט אין די טעג פֿאַר יום־טוב. די גאַנצע פֿאַמיליע איז פֿאַרנומען מיט דער סוכּה, אַלע זיינען שותּפֿים אין דער סוכּה. די סוכּה איז אַ גאַנצע וועלט, די יידישע וועלט.

אין חומש דברים ווערט אונדז געזאָגט: „און משה האָט פֿאַרזאָגט דעם פֿאָלק: צום סוף פֿון זיבן יאָר, אין דער צייט פֿון דעם יאָר פֿון שמיטה, אין דעם יום־טוב סוכּות, ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק ישׂראל קומט זיך באַווייזן פֿאַר גאָט... זאָלסטו לייענען די תּורה פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק. זאַמל צונויף דאָס פֿאָלק (הקהל את העם). די מענער, די פֿרויען או די קינדער און די פֿרעמדע (גרים), וואָס לעבן אין דיינע טויערן, כּדי זיי זאָלן הערן און זיי זאָלן לערנען און זיי זאָלן מורא האָבן פֿאַר גאָט און זיי זאָלן אָפּהיטן אַלץ וואָס שטייט געשריבן אין דער תּורה...“

אָט די מצווה פֿון דברים ל״א ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „הקהל“, די פֿאַרזאַמלונג פֿון גאַנצן פֿאָלק. אין די טעג פֿון סוכּות אין דעם יאָר פֿון שמיטה פֿלעגט דאָס גאַנצע פֿאָלק וואָס איז געווען פֿאַרזאַמלט אין ירושלים זיך צונויפֿ־קומען אויסצוהערן און צו לערנען די געבאָטן פֿון דער תּורה.

די גאַנצע יידישע טראַדיציע איז פֿאַרבונדן מיט דער אידעע, אַז דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו פֿאַרבעסערן זיין לעבן, סיי מאַטעריעל, סיי גייסטיק און מאָראַליש. דער מענטש לעבט אין צייט, ער קאָן אָבער ווערן דער בעל־הבית פֿון זיין צייט. ער קאָן כּסדר אָנהייבן אַ ניי לעבן, ער קאָן ווערן אַ נייער מענטש. די טעג פֿון שבת און יום־טוב זיינען די פּונקטן אויף זיין לעבנסוועג, ווען ער קאָן זיך אָפּשטעלן, אָפּכאַפּן דעם אָטעם און אַפֿילו באַטראַכטן ווו ער האַלט אין דער וועלט. די צייט, אויף וויפֿל דער מענטש רעגולירט זיין צייט, גייט ניט כּסדר מיט דעם זעלביקן טעמפּ. אַ שעה פֿון אַ וואָכעדיקן טאָג איז אַנדערש ווי אַ שעה פֿון אַ יום־טובֿדיקן טאָג. אויף וויפֿל דער מענטש ווערט באַהערשט פֿון דער צייט, איז ער אַ וואָכעדיקער מענטש; אויף וויפֿל אָבער דער מענטש שאַפֿט זיין צייט, אויף וויפֿל ער ברענגט אַריין יום־טובֿדיקייט אין זיין לעבן, ווערט ער אַליין אַ יום־טובֿדיקער מענטש. דער באַקאַנטער דענקער אחד־העם האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט וועגן דער ראָל פֿון שבת אין יידישן לעבן: „מערער ווי יידן האָבן אָפּגעהיט שבת, האָט שבת

אָפּגעהיט יידן". מיר קאָנען זאָגן דאָס זעלביקע וועגן יום־טוב: מערער ווי דער מענטש מאַכט דעם יום־טוב, מאַכט דער יום־טוב דעם מענטשן.

דאָס יאָר פון שמיטה איז געווען דאָס יאָר ווען עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ ריי וויכטיקע סאָציאַלע געזעצן. באַזונדערס וויכטיק איז געווען דאָס געזעץ וועגן דער באַפרייונג פון די חובות. די פאַראָרעמטע פויערים, וואָס פלעגן זיך שווער פאַרשולדיקן אין צייטן פון נויט, פלעגן אין דעם יאָר שמיטה באַפרייט ווערן פון דעם שווערן דרוק פון ניט באַצאָלטע חובות. דאָס יאָר פון שמיטה האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט אָנצוהייבן דאָס לעבן פון דאָס ניי.

און דאָס איז אייגנטלעך דער זין פון די יידישע יום־טובים בכלל. די יום־טובים זיינען, ווי שוין דערמאָנט, די אָפּשטעל־פונקטן אויף אונדזער וועג אין לעבן. די יום־טובים רעדן צו אונדז, זיי רופן אונדז, זיי לערנען אונדז צו ווערן די בעלי־בתים פון אונדזער לעבן. זיי ווייזן אונדז דעם וועג אין לעבן און דאָס איז דער זין באַזונדערס פון דעם יום־טוב סוכות. מיר גייען אַרויס פון אונדזערע פעסטע, איינגעשטעלטע דירות אין דער סוכה. די סוכה ווייזט אונדז, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע וועגן פון לעבן, ניט נאָר די אויסגעטראָטענע וועגן; די סוכה צווינגט אונדז צו טראַכטן וועגן די פּראָבלעמען פון לעבן און וועגן דעם וועג פון לעבן.

## אונדזער היינט און אונדזערע חלומות

מיט וואָס לעבט דער מענטש? לעבט ער מיט דער ווירקלעכקייט פון היינט, מיט די זכרונות פון נעכטן, אָדער מיט די האָפענונגען אויף אַ בעסערן מאָרגן?

מיר רעדן אָפט וועגן דער פּראַקטישקייט, דעם רעאַליסטישן צוגאַנג פון דעם היינטיקן מענטשן, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון דער ראָמאַנטיק פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון אילוזיעס און פאַנטאַזיעס וועגן דער צוקונפט. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב ערנסטע ספקות וועגן דער פּראַקטישקייט פון אונדזער דור. דער מענטש איז לויט זיין נאַטור אַ טרוימער, אַ בעל־חלומות, און קיין שום ציוויליזאַציע וועט אים, האָב איך מורא, פון דער קראַנקייט ניט באַפרייען. מען מעג זיך אויסער דעם שטעלן די פראַגע: וואָלט הונדערט־פּראָצענטיקע פּראַקטישקייט באמת געמאַכט אונדז גליקלעכער?

ניין, דער מענטש קאָן ניט לעבן נאָר מיטן היינט, דעריין באַשטייט זיין גרויסקייט און דעריין באַשטייען אויך די געפאַרן פאַר אונדזער גאַנצער קולטור. געווען, אמת, אַמאָל אַ צייט, אונדזערע עלטערן האָבן דאַן געוואַנדערט אין מדבר, אויפן וועג פון מצרים צום לאַנד פון ישראל, ווען די זאָרג פאַרן מאָרגן האָט ניט עקזיסטירט. טאָג נאָך טאָג איז געקומען מן פון הימל. קיינער האָט ניט געהאַט צו פיל, קיינער האָט ניט געהאַט צו ווייניק און קיינער האָט גאָרניט

געקאָנט אָנגרייטן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. אין מדבר איז דאָך ממש פאַרווירק־לעכט געוואָרן דער אידעאַל פון גלייכהייט! מיינט איר אפשר, אַז דאָס פאָלק, די אָקאָרשט באַפרייטע קנעכט פון מצרים, האָבן זיך געפילט גליקלעך? משה רבנו, דער באַשיידענער און אידעאַליסטישער לערער און וועגווייזער, האָט, ווייזט אויס, ניט אָפּגעשאַצט אַז די זאָרג פאַרן מאָרגן פאַרשאַפט, אמת, דעם מענטשן אַ סך אומרו, אָבער אויך אַ סך פרייד, ווייל עס איז די אַמביציע פון דעם מענטשן אַליין צו זיין דער בויער פון זיין צוקונפט!

דער מענטש איז אַחוץ דעם לויט זיין נאַטור ניט נאָר אַ טרוימער, ער איז אויך אַ „שפּילער״, ער וויל האָבן דעם שאַנס עפּעס צו געווינען אין דער גרויסער לאָטעריי פון לעבן. ער וויל זיכערהייט, ער וויל אָבער אויך די אילוזיע פון גרויס גליק. און אָט־די יאָגעניש נאָך אילוזיעס פון גרויסקייט, מאַכט, עשירות און גליק, איז דאָס יענער מיסטישער כוח, וואָס שאַפט און צעשטערט, וואָס קאָן אויפבויען און קאָן אויך חרוב מאַכן וועלטן.

דער היינט איז אַזוי קורץ. וואָס פאַר אַ באַדייטונג קאָן דען האָבן די פּראַקטישקייט פון דעם היינטיקן טאָג אין פאַרגלייך מיט דער אומענדלעכקייט פון דעם מענטשנס פאַנטאַזיע? באַרייכערן מיר אונדזער היינט מיט די זכרונות וועגן אונדזער פאַרגאַנגענהייט און מיט אונדזערע האָפענונגען וועגן אַ שענע־רער צוקונפט. אונדזער בענקעניש איז נאָך כסדרדיקער באַנייונג, איז דעריבער אונדזער גאַנצע איינטיילונג פון צייט, אונדזער סיסטעם פון וואָכן, חדשים און יאָרן פאַרבונדן מיט דער אידעע פון באַנייונג, אין תוך גענומען שטייען מיר אויף יעדן פרימאָרגן צו מאַכן אַ ברכה אויף גאָטס וועלט, ווייל אויך די אַלטע וועלט ווערט איטלעכן טאָג באַנייט.

און נייע מענטשן ווערן מיר, ווען שבת, דער טאָג פון הייליקער רו, קומט צו אונדז. טוען מיר אָן נייע בגדים לכבוד אונדזער באַנייונג. דאָס וואָרט חודש מיינט טאַקע אין העברעיש — נייקייט, באַנייונג. און אַוודאי ווערן מיר טאַקע באַנייט, ווען עס קומט אָן אַ ניי יאָר.

אַ ניי יאָר, נייע האָפענונגען, נייע מעגלעכקייטן, נייע מענטשן און אַ נייע וועלט. דער גרויסער נביא ישעיהו האָט אַפילו געחלומט וועגן נייע הימלען און אַ נייער ערד (כי הנני בורא שמים חדשים וארץ חדשה). אָבער דאָס איז נאַטירלעך אַ חלום וועגן משיחס צייטן, אַ חלום אָן אייביקער. אָבער ווי ווייט איז דער חלום פון אונדזער היינטיקערווירקלעכקייט!

באַגנוגענען מיר זיך מיט באַשיידענע ווונטשן, אַ ביסל מער גליק און ווייניקער זאָרג, אַ ביסל מער פרייד און ווייניקער אומרו, אַ ביסל מער ליבע און ווייניקער שנאה, אַ ביסל מער מענטשלעכקייט און ווייניקער רשעות. איז עס טאַקע אַזוי שווער צו דערגרייכן?

פאַראַן אַ טיפער אונטערשייד צווישן דעם יידישן און ניט־יידישן צוגאַנג צו דער אידעע פון אַ נייעם יאָר. די יידישע טראַדיציע איז ערנסטער און אַק־

טיוּוער. ראש השנה איז ניט נאָר אַ טאָג פון האָפענונג, נאָר אויך פון חשבון. די יידישע טראַדיציע באַטאָנט די וויכטיקייט פון דעם מענטשנס מיטאַרבעט, כדי צו שאַפן די נייע וועלט. דערפאַר פאַרנעמט די אידעע פון תשובה אַזאַ צענטראַלן פּלאַץ אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור. אַנטקעגן דעם איז די אַלגעמיינע טראַדיציע פון ניי־יאָר מער אַ נאַיוו־טרוימערישע, זי פאַר־לאַנגט ניט פון דעם מענטשן קיין חשבון, זי רופט אים ניט צו תשובה, אויס־צובעסערן זיינע מעשים. פאַרקערט, זי העלפט אים פאַרגעסן זיינע אייגענע פעלערן.

דער יידישער צוגאַנג צו דער אידעע פון אַ ניי יאָר איז דער צוגאַנג פון אַן אַלט פאָלק ,וואָס האָט הינטער זיך לאַנגע און אָפט ביטערע דערפאַרונגען פון אַ קאַלטער און גרויזאַמער וועלט. מיר זאָגן זיך ניט אָפּ פון אונדזערע משיחישע האָפענונגען, מיר ווייסן אָבער ווי פיל שטרויכלונגען עס וועט אונדז אויסקומען צו באַגעגענען אויפן וועג צו דער אידעאַלער צייט.

פאַר די לעצטע פערציק־פופציק יאָר איז אויך די וועלט בכלל עלטער געוואָרן. אויפן שוועל פון אונדזער יאָרהונדערט זיינען מיר נאָך געווען פול מיט האָפענונגען. אונדזער גלויבן אין דעם אומפאַרמיידלעכן נצחון פון פּראָ־גרעס איז נאָך געווען פעלזנפעסט. ווער פון אונדז האָט דען דאַן געקאָנט פאַראויסזען די טרויעריק־שוידערלעכע קאַטאַסטראָפע, וואָס אונדזער דור האָט איבערגעלעבט? אין 1905, אין דעם יאָר פון דער ערשטער רוסישער רעוואָ־לוציע, זיינען אַ סך פון אונדז געווען פול מיט גלויבן, אַז אויך אונדזער יידישע פראַגע שטייט ענדלעך פאַר איר פולער פאַרענטפערונג. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דערוואַרט דעם אָנהייב פון אַ נייער בלי־תקופה אין דער יידישער געשיכטע אין אַ נייעם און פרייען רוסלאַנד. האָט דאָך גראָד אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון צאַרישן רוסלאַנד זיך אַזוי וווּנדערלעך צעבליט די מאָ־דערנע יידישע און העברעיִשע ליטעראַטור! אַנדערע ווידער האָבן פאַרבונדן דעם חלום פון אַ יידישן רענעסאַנס מיט דער אויפריכטונג פון אַ יידישער היים. איז דאָך, פון דער אַנדערער זייט, דער מאַרש פון דער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג אין רוסלאַנד פון יאָר 1903 אָן לײדער פון צייט צו צייט באַגלייט געוואָרן פון רדיפות און פּאָגראָמען קעגן דער יידישער באַפעלקע־רונג! אָט־די טרויעריקע באַגלייט־דערשיינונגען האָבן אַ טייל פון דער יידיש־דענקענדיקער אינטעליגענץ געצוווּנגען נאָך אַ מאָל זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם יידישן גורל און וועגן די מעגלעכקייטן צו פאַרענטפערן אונדזערע יידישע פּראָבלעמען.

און געזוכט האָבן מיר אַ פולן ענטפער, אַן ענדגילטיקן ענטפער פאַר אונדזערע אייגענע פּראָבלעמען און, אויב מעגלעך, אויך פאַר די פּראָבלעמען פון דער וועלט. יעדע פאַרטיי און יעדע ריכטונג האָט געהאַט איר ענטפער און האָט מיט עקשנות און באַגייסטערונג געקעמפט פאַר איר צוגאַנג צו אונ־דזערע יידישע פּראָבלעמען, געזוכט האָבן מיר דעם ענטפער אין יידישער

קולטור־אויטאָנאָמיע, אין אַ יידישער טעריטאָריע און אין אַ יידישער היים אין ארץ־ישראל.

דער אויפקום פון מדינת ישראל מיט קנאַפּע אַכט יאָר צוריק ווערט אָפּט באַטראַכט ווי אַ נס, אָבער אין גאַנצן אומגעריכט איז דער נס ניט געקומען. דורות פון עקשנותדיקער און אידעאַליסטישער אַרבעט האָבן עס געמאַכט מעגלעך די אויפריכטונג פון אַ יידישער היים אין דעם לאַנד פון יידישע חלומות. דאָ האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן דער כוח פון משיחישן חלום.

פון אַ פולן און ענדגילטיקן ענטפער אויף אונדזערע זאָרגן און פּראָב־לעמען זיינען מיר נאָך אָבער אַלץ ווייט, זייער ווייט. מיר האָבן פאַר דער צייט איבערגעלעבט דעם שווערסטן חורבן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. פון די גרויסע יידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע זיינען פאַרבליבן קוים די רעשטלעך. צו אונדזער גרויסן ווייטיק מוזן מיר נאָך צוגעבן, אַז אָפּילו די געראַטעוועטע רעשטלעך אין לענדער הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג האָבן ניט די מעגלעכקייט צו לעבן פריי ווי יידן.

אויך אין דער פרייער וועלט זיינען מיר ניט באַפרייט געוואָרן פון פּראָב־לעמען און זאָרגן. דאָס זיינען, נאַטירלעך, פּראָבלעמען און זאָרגן פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. פון זאָרגן זיינען אויך ניט פריי אונדזערע ברידער אין ישראל. אוודאי ניט אין די איצטיקע אומרויִקע טעג.

די וועלט איז, אמת, ניט אין גאַנצן די זעלביקע. רעוואָלוציעס און מלחמות האָבן די וועלט געענדערט. דאָס זיינען אָבער ניט מער ווי אויסערלעכע ענדע־רונגען. רעוואָלוציעס און מלחמות האָט די וועלט אויך פריִער געזען. געבליבן איז אָבער, ווי פריִער, די שנאה און קנאה צווישן מענטשן און פעלקער; גע־בליבן איז די קאָנקורענץ פאַר מאַכט, די יאָגעניש נאָך נייע מיטלען פון פאַר־ניכטונג און צעשטערונג. אין דעם זין לעבן מיר נאָך, לײדער, אין דער אַלטער וועלט, און נאָר אין אונדזער פאַנטאַזיע קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן די צייט, ווען עס וועלן געשאַפן ווערן נייע הימלען און אַ נייע ערד.

און דאָך טאָרן מיר זיך פון אונדזערע חלומות ניט אָפּזאָגן. מיט אַ פאַר־עקשנטער האָפענונג מוזן מיר דערוואַרטן יעדן נייעם טאָג און אוודאי יעדעס נייע יאָר. ווי וואָלט דען אונדזער וועלט אויסגעזען אָן גלויבן און אָן האָ־פענונג?

און דער עיקר — גלויבן און האָפענונג זיינען אונדזער וויכטיקסטע געווער אויפן וועג צו אַ באמת נייער וועלט. עס איז אַ לאַנגער וועג, פול מיט שטערונגען און שטרויכלונגען, עס איז אָבער דער איינציקער וועג.

## שבת און וואָך —
## אונדזער אייביקער פּראָבלעם

עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז דער קאַלענדאַר (דער לוח) געהערט צו די גרעסטע דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער קולטור. די געשיכטע פון אַלע פעלקער באַווייזט אונדז, אַז ציוויליזאַציע און קאַלענדאַר גייען האַנט אין האַנט. דער מענטש פּירט כסדר אַ חשבון פון זיין צייט, פון זיינע טעג פון אַרבעט און זיינע טעג פון אָפּרו. זאָגט דאָך אונדז דער מחבר פון קהלת: „פאַר אַלץ איז דאָ אַ טערמין, און אַ צייט פאַר איטלעכער זאַך אונטערן הימל (לכל זמן ועת לכל חפץ תחת השמים). אַ צייט געבוירן צו ווערן און אַ צייט צו שטאַרבן, אַ צייט צו פלאַנצן און אַ צייט אויסצורייסן דאָס פאַרפלאַנצטע... אַ צייט צו ברעכן און אַ צייט צו בויען; אַ צייט צו וויינען און צייט צו לאַכן...״

אונדזער גאַנצע ציוויליזאַציע איז געבויט אויפן חשבון פון דער צייט. שוין אין דעם ערשטן טאָג פון דער באַשאַפונג האָט גאָט באַשטימט דעם אונטער־שייד צווישן טאָג און נאַכט, צווישן ליכט און פינצטערניש. און יעדער טאָג פון באַשאַף פאַרענדיקט זיך אין בראשית מיט די ווערטער: „און עס איז געווען אָוונט, און עס איז געווען פרימאָרגן, איין טאָג״. אין דעם פערטן טאָג פון בראשית, לייענען מיר ווייטער, האָט גאָט באַשאַפן די ליכט־קערפּער אין הימל, די זון, די לבנה און די שטערן, זיי זאָלן דינען ווי צייכנס צו באַשטימען די צייטן, די טעג און די יאָרן (היו לאותות ולמועדים ולימים ושנים).

דער חשבון פון דער צייט איז גאָר באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער קולטור, פאַר דער גאַנצער געשיכטע פון יידישן רעליגיעזן לעבן. אויך דער פשוטסטער ייד האָט געלעבט מיטן לוח. ער האָט אָפט ניט געהאַט קיין זייגער, אַ לוח האָט ער געהאַט.

מען וואָלט אַפילו געקאָנט זאָגן, אַז דער כאַראַקטער פון אַ יחיד און פון אַ גרופּע קומט אָפט צום אויסדרוק אין זייער באַציִונג צום קאַלענדאַר, צו דעם פּראָבלעם פון צייט. דער מענטש, וואָס איז אויסגערעכנט מיט זיין צייט, דער וואָס קומט פּינקטלעך צו דער אַרבעט און וואָס פאַרענדיקט זיין אַרבעט לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, געהערט אָפט צו גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע ווי דער מענטש וואָס לעבט אָן אַ זייגער.

די פאַרבינדונג צווישן אַרבעט און צייט איז אונדז אַלעמען באַקאַנט. מיר ווייסן, אַז „צייט איז געלט״. די פּראָבלעם פון אַרבעט און צייט האָט באַזונדערס גרינטלעך באַהאַנדלט קאַרל מאַרקס. צום באַדויערן האָט די מאַרקסיסטישע פילאָזאָפיע פאַרזען אַ פונדאַמענטאַלן פּונקט. מאַרקס האָט זיך שטאַרק פאַרטיפט אין די פּראָבלעמען פון אַרבעט, די פּראָבלעמען פון אָפּרו האָט ער ניט געזען; מאַרקס האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די וואָכעדיקע טעג, ער האָט ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון שבת און יום־טוב. קאַרל מאַרקס האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן דאָס ערשטע קאַפּיטל פון בראשית, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט

דעם הייליקן טאָג שבת. און עס איז לײדער אַ פאַקט, אַז די גאַנצע מאָדערנע ווּיסנשאַפט האָט נאָך ניט אָפּגעשאַצט די באַדײטונג פון שבת און יום־טוב, פּונקט ווי זי האָט ניט אָפּגעשאַצט די פּראָבלעמען פון אָפּרו און פאַרברענגען.

אַרבעט און צײט געהערן צוזאַמען. דער מענטש, וואָס איז פאַרנומען בײ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט מוז זיך גאָר באַזונדערס צופּאַסן צו די סעזאָנען פון יאָר. ער ווייסט, אַז ס'איז פאַראַן אַ צײט פון זייען און אַ צײט פון שנײדן. די צײט פון זייען איז געוויינטלעך אַ שווערע צײט. דער פּויער איז אָפט גע־בליבן מיט ווייניק תבואה ווען דער פרילינג איז אָנגעקומען — און האָט דאַן געמוזט באַשליסן וואָס פאַר אַ טייל זאָל ער לאָזן פאַר זיך, כדי די פאַמיליע זאָל האָבן וואָס צו עסן אין לויף פון די זומער־חדשים. די אַנטשיידונג איז צײטנווייז אַ שווערע, אַ טראַגישע. ער האָט געמוזט אָפּשפּאָרן פון עסן, כדי צו פאַרזייען דאָס פעלד. דאָס איז דאָך דער זין פון פּסוק: „די וואָס זייען מיט טרערן, וועלן שנײדן מיט געזאַנג" (הזורעים בדמעה ברנה יקצרו). דער פּויער האָט ניט נאָר געדאַרפט געדענקען דעם חשבון פון דער צײט, ער האָט אויך געמוזט האָבן דעם כוח זיך אָפּצוזאָגן פון דעם הײנט, כדי צו פאַרזיכערן דעם מאָרגן. ער און זיין פאַמיליע האָבן געהונגערט און דאָס פעלד האָט ער פאַרזייט. און אויב דער פּויער האָט ניט מער געהאַט דעם כוח צו הונגערן און ער האָט געמוזט אויפעסן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, איז עס פאַר אים געווען אַ קאַטאַסטראָפע. לעבן מיטן לוח, פירן אַ חשבון פון דער צײט איז דער יסוד פון אונדזער ציוויי־ליזאַציע.

און אויך הײנט פאַרנעמט דער חשבון פון צײט אַ צענטראַלן פּלאַץ אין אונדזערע אַלע פּלענער וועגן סאָציאַלע רעפאָרמען. מיר האָבן געקעמפט פאַר אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, מיר טראַכטן ווייטער וועגן פאַרקירצן די אַרבעטס־וואָך, און מיר זיינען זיכער, אַז די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג מוז מיט זיך ברענ־גען אַ ווייטערדיקע פאַרקירצונג פון דער אַרבעטס־צײט. און וואָס וועלן מיר טאָן ווען מיר וועלן דערגרייכן אַ פיר־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך אָדער אַפילו אַ דריי־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך? פאַראַן אַ צאָל סאָציאָלאָגן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דעם פּראָבלעם. אָבער דאָס זיינען אַלץ ניט מער ווי טעאָרעטישע חקירות און שפּילערייען. איך האָב אין דער מאָדערנער ליטעראַטור ניט באַגעגנט קיין באמת ערנסטן צוגאַנג צום ענין פון אָפּרו. און די סיבה איז גאָר אַ פּשוטע. אָפּרו איז ניט סתם צײט ווען מיר זיינען פרײ פון אַרבעט און פרײ פון פליכטן. אויך די טעג פון אָפּרו טאָר מען ניט פאַרשווענדן, די שעהן פון אָפּרו זיינען ניט ווייניקער טייער ווי די שעהן פון אַרבעט, ווייל גראָד די צײט פון אָפּרו קאָן זיין אַ צײט פון וויכטיקע שעפערישע דערגרייכונגען. דאָס האָט קלאָר באַוויזן די געשיכטע פון שבת. אַלע אונדזערע מאָדערנע פאַרשטעלונגען וועגן דעם מענטשן זיינען פאַלש, אַלע אונדזערע פאַרשונגען וועגן סאָציאַלן לעבן זיינען געבויט אויף זאַמד כל־זמן מיר זעען ניט דעם געלייטערטן מענטשן מיט זיינע העכערע מאָראַלישע און גײסטיקע אַמביציעס, כל־זמן מיר זעען ניט דעם

שבתדיקן מענטשן. די שבתדיקע טעג זיינען ניט נאָר הייליקע טעג. דאָס זיינען די טעג ווען דער מענטש באַפרייט זיך פון זיין געבונדנקייט צו דער נאַטור. דערפאַר איז יעדע שבתדיקע שעה אַזוי טייער.

דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן יידנטום און קריסטנטום קומט באַזונדערס קלאָר צום אויסדרוק אין דער באַציִונג צום מענטשן און אין דער אָפּשאַצונג פון דער מענטשלעכער נאַטור. די קריסטלעכע פילאָזאָפיע זעט אין די קינדער פון אָדם און חוה קודם־כל די וואָכעדיקע און די זינדיקע מענטשן. כאַראַקטעריסטיש פאַרן קריסטלעכן צוגאַנג איז דער פּראָטעסט קעגן דעם שטרענגן יידישן שבת. עס איז באַקאַנט דער שפרוך פון ישו הנוצרי, וואָס ווערט אַזוי אָפט ציטירט: „ניט דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן פאַרן שבת, נאָר דער שבת איז באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטשן". אַרום אָט דעם שפרוך פון ישו הנוצרי איז אַ סך געשריבן געוואָרן. יידישע אַפּאָלאָגעטן האָבן אָנגעוויזן אַז דער זעלביקער געדאַנק געפינט זיך אויך אין דער תלמודישער ליטעראַטור. עס ווערט געוויינטלעך ציטירט דער מאמר: „היא מסורה בידכם ולא אתם מסורים בידה", שבת איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אייערע הענט, אָבער איר זייט ניט איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון שבת. און ממילא, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען אַ מענטשן, איז גאָר ניטאָ קיין פראַגע וועגן אָפּהיטן די געבאָטן פון שבת. ס'איז אַ מצווה, ווייסן מיר, מחלל צו זיין די הייליקייט פון שבת, כדי אָפּצוהיטן די הייליקייט פון אַ מענטשנס לעבן.

און דאָך, גלייב איך, אַז מיר נייטיקן זיך גאָרניט אין פאַרענטפערונגען. איך האַלט בפירוש, אַז לויט דער יידישער טראַדיציע איז דער מענטש באַשאַפן געוואָרן צוליבן שבת. ווייל שבת איז דער העכערער זין פון מענטשלעכן לעבן. ס'איז אַ טעות צו גלייבן, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן בלויז כדי ער זאָל קאָנען אַרבעטן, ער זאָל קאָנען באַפרידיקן זיינע קערפּערלעכע נויטן און ער זאָל קאָנען זינדיקן.

דער יידישער צוגאַנג צו שבת און צום מענטשן האָט אַ טיפערן זין: שבת איז דער רוף צום מענטשן זיך אויפצוהייבן, זיך אויסצולייטערן, זיך צו באַפרייען פון דער געבונדנקייט צו דער נאַטור, פון דער קערפּערלעכער אומריינקייט און אויך פון דער גייסטיקער אומריינקייט.

## יום־טובדיקע קולטור און יום־טובדיקע דערציִונג

קאָן די וועלט אויסגעלייזט ווערן דורך יום־טובים, דורך יום־טובדיקער קולטור און יום־טובדיקער דערציִונג?

פאַראַן בלויז צוויי וועגן צו ענדערן דעם מענטשן, אים צו דערהייבן און אים צו לייטערן. דאָס זיינען די וועגן פון אַרבעט און יום־טובדיקן אָפּרו. און

נאָר ווען דיביידע וועגן ווערן פאַרבונדן, קאָנען מיר דערגרייכן ערנסטע רע־זולטאַטן סיי אין דעם לעבן פון דעם יחיד און סיי אין דעם לעבן פון כלל.

יאָ, יום־טובים זיינען אַ וועג צו אויסלייזונג, אַ וועג מתקן צו זיין די וועלט און גליקלעכער צו מאַכן דעם מענטשן, און אָט־די אויסלייזונגס־אידעע איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט אונדזערע יידישע יום־טובים און מיט דער יידישער קולטור־טראַדיציע. ניט אומזיסט ווערט משיחס צייט באַצייכנט ווי די צייט פון פולער שבתדיקייט (יום שכולו שבת) און ס'איז אויך ניט קיין צופאַל ווען אַ קינסטלער ווי י. ל. פרץ האָט אין זיין דיכטערישער פאַנטאַזיע געזען די אויס־געלייזטע וועלט אין דער געשטאַלט פון שבת־יום־טובדיקע מענטשן.

די טעג פון יום־טוב זיינען טעג פון גליק און פרייד, טעג פון גלויבן און האָפענונג. אונדזער לעבן איז פול מיט זאָרגן, מיט אומרו, מיט קאנה־שנאה, מיט לאַנגווייליקייט און זינלאָזיקייט. מיר ווייסן אָפט ניט קלאָר — אַרבעטן מיר כדי צו לעבן, אָדער לעבן מיר כדי צו אַרבעטן? זיינען אונדז געגעבן געוואָרן די טעג פון יום־טוב כדי צו פאַרשטיין דעם זין פון אונדזער לעבן און דעם זין פון אונדזער אַרבעט. דער זין פון אונדזער אַרבעט איז שבת און יום־טוב, דער זין פון אונדזער קולטור איז יום־טוב. צום יום־טוב בענקען מיר, אונדזער נשמה גאַרט נאָך יום־טוב און אין דער וועלט פון יום־טובדיקייט געפינט דער מענטש זיין אויסלייזונג, זיין תיקון ווי אַ מענטש, וואָס איז באַשאַפן אין גאָטס פאָרעם און אין זיין געשטאַלט.

דאָס גרויסע פּראָבלעם פון אונדזער צייט, און דווקא פון די קולטור־לענדער, איז דאָס פּראָבלעם פון יום־טובדיקייט. מיר קאָנען זיך שוין ווי עס איז געבן אַן עצה מיט באַזאָרגן מענטשן, לכל הפחות דעם גרעסטן טייל פון דער באַפעל־קערונג, מיט ברויט און אַרבעט. איז דאָס אָבער גענוג?

ביי די בעסטע באַדינגונגען איז פאַראַן גרונד פאַר טיפן פעסימיזם: וואָס איז סוף־כל־סוף דאָס מענטשלעכע לעבן? צו אַ בלום, וואָס צעבליט זיך און פאַרוועלקט באַלד, איז געגליכן דער מענטש. קורץ זיינען די שעהן פון פרייד, לאַנג זיינען די צייטען פון זאָרג און אומרו. כסדר יאָגט זיך דער מענטש נאָך זיין ציל און כסדר באַגעגנט ער שטרויכלונגען, פּרווונגען און שטערונגען, און אַפילו ווען ער דערגרייכט זיין ציל, איז עס מייסטנס אין די עלטערע יאָרן, ווען די מאָס פון זיינע טעג איז שוין כמעט פאַרפולט.

דאָס גאַנצע לעבן פון דעם מענטשן איז איין גרויסער קאָנפליקט צווישן זיינע מעגלעכקייטן און זיינע אַמביציעס. ערד און שטויב איז דער מענטש, געגליכן צו אַלע אַנדערע באַשעפענישן פון דער ערד. אין זיין פאַנטאַזיע אָבער דערגרייכט ער ביז צו די הימלען און מיט דער געטלעכקייט וויל ער זיין גלייך.

דעם מענטשנס פיזישע מעגלעכקייטן זיינען באַגרענעצט, זיין גייסט אָבער וויל קיין גרענעצן ניט אָנערקענען, ניט אין צייט און ניט אין רוים. אין די ראַמען פון אונדזער מאַטעריעלער, אַזוי גערופענער ערדישער קולטור, איז ניט מעגלעך צו לייזן אָט דעם קאָנפליקט און עס איז אויך ניט מעגלעך צו באַפרידיקן

די מענטשלעכע אַמביציעס. מען קאָן פּרוּוון פאַרגעסן די וועלט, זיך פאַר־שיכורן, מען קאָן פּרוּוון צו אַנטלויפן פון זיך אַליין, פון דער אייגענער ערדישקייט, אָבער וואָס מער מען פּרוּווט אַנטלויפן פון זיך, אַלץ מער בלייבט מען מיט זיך.

עס איז די גרויסע אומרוּיִקייט פון דעם מענטשן, פון איטלעכן מענטשן, וואָס פירט צו דער אומרוּיִקייט פון דער וועלט. און דערפאַר זיינען די יום־טוב־דיקע טעג, די טעג פון גייסטיקער מנוחה, פון דעם אָפּרו פון דער נשמה, אַזוי וויכטיק פאַרן מענטשן. דער יום־טוב גיט דעם פאַרהאַרעוועטן און פאַרזאָרגטן מענטשן זיין פּלאַץ אין דער הימלישער וועלט.

דער אמת איז, אַז אַלע אונדזערע קאַמפן, מחלוקתן, מלחמות און רעוואָלו־ציעס ווערן געפירט אין אַ גרויסער מאָס צוליב אונדזערע קרענקלעכע אַמבי־ציעס נאָך גרויסקייט און מאַכט. ווען דער חומש דערציילט וועגן דעם זינדיקן דור, וואָס האָט זיך גענומען צו בויען אַ טורעם, כדי צו דערגרייכן צום הימל, ווערט אונדז געגעבן די דערקלערונג פון אָט דער מערקווערדיקער אַמביציע: דאָס האָבן זיי זיך געוואָלט מאַכן אַ נאָמען, אַ דענקמאָל פאַר דער אייביקייט, זאָלן דורות, וואָס וועלן קומען, זען, האָבן זיי געטראַכט, ווי אַ שטאָלצער דור איז ביז צום הימל דערגאַנגען.

דער יום־טוב איז דער וועג צום הימל אָן דעם טורעם פון בבל.

די הערשער פון בבל און מצרים האָבן געפּרוּווט איבערלאָזן דער וועלט דענקמעלער פון ציגל און שטיין, טורעמס און פּיראַמידעס; די גייסטיקע פירער פון ישראל האָבן אַנטקעגן דעם געשאַפן שבתים און יום־טובים. די טורעמס פון בבל און די פּיראַמידעס פון מצרים זיינען געשאַפן געוואָרן מיט דער שווערער אַרבעט פון צענדליקער טויזנטער שקלאַפן. דורות האָבן געהאָרעוועט און זיינען געפּייניקט געוואָרן, כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די הערשער. אַנטקעגן דעם האָבן די טעג פון שבת און יום־טוב באַפרייט דעם מענטשן פון דעם שווערן יאָך פון אַרבעט, זאָרג און אונטערדריקונג.

די יידישע יום־טובים זיינען טיילווייז פאַרבונדן מיט היסטאָרישע געשע־ענישן, מיט די גרויסע געשעענישן אין אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן, ווי יציאת מצרים, די מלחמות פון די חשמונאים א. אַ. וו. דער אמת אָבער איז, אַז די יום־טובים פאַר זיך אַליין זיינען מיט דער צייט געוואָרן די וויכטיקסטע געשעענישן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

יציאת מצרים איז אַוודאי געווען אַ ווענדפּונקט אין דער יידישער געשיכטע, אָבער די גרעסטע היסטאָרישע געשעענישן פאַרבלייבן ניט מער ווי צופעליקע עפּיזאָדן, אויב שפּעטערדיקע דורות פאַרשטייען ניט ווי דאָס אויסצונוצן. אמת, מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון דעם שקלאַפן־יאָך אין מצרים, אָבער שפּעטער זיינען מיר דאָך ווידער געוואָרן אַ גלות־פאָלק! ריכטיק האָט באַמערקט אַ גרויסער רעליגיעזער דענקער, אַז בני חורין, פרייע מענטשן, זיינען מיר ערשט געוואָרן דורך דעם יום־טוב פּסח, דעם יום־טוב פון פרייהייט. און דער יום־טוב פּסח האָט אונדז אויך אויפגעהיט ווי אַ פרייַ פאָלק.

עס איז שווער אָפּצושאַצן אין דער פולער מאָס די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון אַ יום־טוב ווי פּסח, וואָס העלפט דערציִען יאָר נאָך יאָר אַ גאַנץ פאָלק צו פרייהייט. און אַוודאי איז שווער צו געפינען ווערטער, כדי צו כאַראַקטעריזירן די דערציִערישע באַדייטונג פון אַזאַ טאָג ווי שבת. עס האַנדלט זיך דאָ אַגב ניט נאָר וועגן דעם דערציִערישן ווערט פון יום־טוב. נאָך אַ סך וויכטיקער איז דער ווערט פון אַ יום־טוב אין פרט פון אָפּהיטן דאָס גייסטיקע גלייכגע־וויכט, דעם גייסטיקן געזונט פון דעם יידישן מענטשן. אין די טעג פון יום־טוב דערפילט דער מענטש זיין אייגענע חשיבות, זיין מענטשלעכן ווערט; ער דערפילט זיך ווי אַ פּערזענלעכקייט, ווי אַ שותּף צו דער וועלט.

אַוודאי איז אויך וויכטיק די דערציִערישע ראָל פון אַרבעט, אָבער אַרבעט אָן אָפּרו, אָן יום־טובדיקן אָפּרו, פאַרוואַנדלט דעם מענטשן אין אַן אַרבעטס־מאַשין. אָפּרו אָן יום־טובדיקייט פאַרשיכורט דעם מענטשן. ערשט יום־טובדי־קער אָפּרו דערהייבט און באַפרייט דעם מענטשן.

דער יום־טוב חנוכה איז פאַרבונדן מיט דער באַנייונג פון דער עבודה אין בית־המקדש נאָכן אויפשטאַנד פון די חשמונאים. דער מאָטיוו פון באַנייונג איז, אַגב, בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער יום־טובים־טראַדיציע. אין די טעג פון שבת און יום־טוב ווערן מיר נייע מענטשן, ווערן מיר צוגעגרייט צו אַ נייער וועלט.

די חנוכה־טראַדיציע האָט אָבער באמת אַריינגעבראַכט די טיפסטע ענדע־רונגען אין יידישן גייסטיקן לעבן. די רעליגיעזע עבודה איז אין דער אַלטער צייט געווען דער עיקר פאַרבונדן מיטן בית־המקדש. נאָכן ערשטן חורבן, אין דער צייט פון גלות־בבל, איז אויפגעקומען אַ נייע אינסטיטוציע, דער בית־המדרש, מיט אַ נייער פאָרעם פון עבודה. אין בית־המדרש האָט מען געדינט גאָט מיטן האַרצן, דאָ האָבן די תּפילות פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די קרבנות.

דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע רעוואָלוציע אין יידישן רעליגיעזן לעבן. אין בית־מדרש איז די פאַרבינדונג צווישן דעם יידישן מענטשן און דעם טאַטן אין הימל געוואָרן אַ מער דירעקטע. דאָ האָט מען זיך ניט געניטיקט אין דער פאַרמיטלונג פון די כהנים, דאָ איז אויך פאַקטיש פאַרשוווּנדן דער אונטערשייד צווישן דעם רייכן און דעם אָרעמען. פאַרקערט, די תּפילה פון דעם אָרעמען איז דאָך נאָך מער אָנגענומען פאַר גאָט.

די פאַרפאָלגונגען פון די גריכן ערב דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים האָבן אָבער אוממעגלעך געמאַכט די עבודה אַפילו אין די באַשיידענע בתּי־מדרשים. יידן האָבן זיך מער ניט געקאָנט צונויפקומען און דינען גאָט בציבור. אין דער קריטישער צייט איז דאָס רעליגיעזע לעבן אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די מער אָפּגעשלאָסענע גרענעצן פון דער פאַמיליע. די יידישע היים איז געוואָרן אַ בית־המדרש און אַ בית־המקדש.

דאָס איז געווען די צווייטע גרויסע רעוואָלוציע אין יידישן רעליגיעזן לעבן,

און די חנוכה־מנורה איז געוואָרן דער צייכן פון אַט דער גרויסער איבערקערע־ניש. פריִער איז דער ייִד געגאַנגען אין בית־המקדש און אין בית־המדרש זוכן גאָט, איצט איז גאָט געקומען אין דער ייִדישער היים זוכן זײַנע קינדער. אַזוי איז אין דער צייט פון די חשמונאים די מנורה געוואָרן דער וויכטיקסטער ייִדישער סימבאָל. דאָס הייליקע ליכט פון בית־המקדש איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער ייִדישער היים.

דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים האָט פאַר עטלעכע דורות ווידער אויפ־געריכט די ייִדישע פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. דער אַלגעמיינער מצב אין דער וועלט איז אָבער ניט מער געווען גינסטיק פאַר דער עקזיסטענץ פון זעלבשטענ־דיקע קליינע מלוכות. עס איז געווען די צייט ווען די רוימישע לעגיאָנערן האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער זעלבשטענדיקייט פון אַלע גרעסערע און קלענערע מלוכות אין די גרענעצן פון דער דעמאָלטיקער קולטור־וועלט. אויך דאָס קליינע יהודה האָט דעם טראַגישן גורל ניט אויסגעמיטן. צוגעהאָלפן האָבן אַ היפּש ביסל די אינעווייניקסטע מחלוקתן אין דער חשמונאישער דינאַסטיע גופא. און דאָך זײַנען די דערגרייכונגען פון די חשמונאים ניט געווען פאַרלוירן, הגם דאָס לאַנד איז ניט מער געווען פריי. דער יום־טוב חנוכה און די חנוכה־מנורה זײַנען נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג די עדות פון דער טיפער איבערקערעניש, וואָס דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים האָט מיט זיך געבראַכט.

גראָד אין דער צייט, ווען עס איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט פון יהודה, האָט זיך פאַרשטאַרקט דער ייִדישער אײַנפלוס ווי אַ וועלט־פאָלק. ייִדישע יום־טובים, ייִדישע סימבאָלן און ייִדישע אידעען האָבן אַלץ מער און מער באַאײַנפלוסט די אַרומיקע ניט־ייִדישע וועלט.

דער יום־טוב חנוכה און די חנוכה־מנורה זײַנען געוואָרן די צייכנס ניט נאָר פון אַ ייִדישן פּאָליטישן נצחון, נאָר אויך — און אין דער ערשטער שורה — פון ייִדיש גלויבן און ייִדישער האָפענונג. און דווקא אין דער צייט ווען די מעכטיקע רוימישע אימפּעריע האָט אָפּגעווישט אַלע אַלטע גרענעצן פון לענדער און מלוכות איז די זוכעניש נאָך גלויבן און האָפענונג געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. דווקא אין די ווייטע גרענעצן פון דער רוימישער וועלטמאַכט, מיט דער צעמישונג פון פעלקער און שפּראַכן, האָט זיך דער אײַנצלנער געפילט אַלץ מער און מער פאַרלוירן. אין אַט דער צייט פון פאַרלוירנקייט האָבן ייִדן באַוויזן, ווי אַזוי אַ מענטש קאָן אויפבויען אין זײַן היים און אין זײַן אייגענער פערזענ־לעכקייט אַ וועלט פאַר זיך. און די ייִדישע וועלט איז געווען די וועלט פון שבת און יום־טוב, אַ וועלט פון גלויבן און גייסטיקער עקשנות, אַ וועלט פון מוט און האָפענונג.

און ווען מיר צינדן הײַנט אָן די חנוכה־ליכט, איז עס ניט נאָר כדי זיך צו דערמאָנען די געשיכטעס פון אַמאָל, די גבורות און נצחונות פון די חשמונאים. די חנוכה־ליכט האָבן אויך געמאַכט געשיכטע, זיי האָבן אונדז געהאָלפן לעבן און ווירקן ווי אַ פאָלק. אַזוי איז דער יום־טוב חנוכה פאַר זיך אַליין געוואָרן

אַ גרויס געשעעניש, און ביז צום היינטיקן טאָג איז די חנוכה־מנורה פאַר אונדז געבליבן אַ סימבאָל פון יידיש לעבן און יידישער האָפענונג.

## גלות און אויסלייזונג

דער רמב״ם פאַרענדיקט זיין גרויס ווערק, די משנה תורה, מיט די ווערטער: ווען די חכמים און נביאים האָבן געטראַכט וועגן משיחס צייטן, איז עס ניט געווען צוליב דעם טעם, ווייל זיי האָבן געוואָלט הערשן איבער גאָר דער וועלט; אויך ניט, כדי צו געוועלטיקן איבער די פעלקער, און אַפילו ניט כדי צו עסן און הנאה האָבן פון דער וועלט: נאָר בלויז, כדי זיי זאָלן ווערן פריי פון זאָרגן, אַזוי, אַז זיי זאָלן האָבן צייט זיך צו פאַרטיפן אין דער תורה און אין איר חכמה, און זיי זאָלן מער ניט ליידן פון דעם יאָך פון די אונטערדריקער... און אין יענער צייט וועט מער ניט זיין קיין הונגער און קיין מלחמה, קיין קנאה און שנאה, און די גאַנצע וועלט וועט זיך פאַרנעמען מיט גאָטס וויסן... ווי עס שטייט געשריבן: וואָרים די גאַנצע וועלט וועט פול ווערן מיט גאָטס וויסן, ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים (**כי מלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים**).

גלות איז אַ סך מער ווי אַ פּאָליטישער באַגריף. פּאָליטישע פרייהייט און זעלבשטענדיקייט איז אַוודאי זייער אַ וויכטיקער ענין. אָבער וועלכע מלוכה אויף דער וועלט איז היינט באמת זעלבשטענדיק? אַפילו אַזאַ רייך און מעכטיק לאַנד ווי אַמעריקע איז ניט פריי! ווייל מיר לעבן אין מורא פאַר מלחמה, אין ווייל מיר זיינען אינערלעך איבערצייגט, אַז דער איינציקער וועג צו פאַרהיטן אַ מלחמה איז זיין גרייט אויף דער מעגלעכקייט פון אַ נייער וועלט־קאַטאַסטראָפע.

מיר זיינען נאָך אַלע אין גלות, אויף פאַרשיידענע אופנים און אין פאַרשיידענע מדרגות. מעגן מיר נאָך דעריבער זאָגן די ווערטער פון דער הגדה: היינטיקס יאָר זיינען מיר קנעכט, איבעראַיאָר וועלן מיר זיין פרייע מענטשן — **השתא עבדי לשנה הבאה בני חורין**. די פרייהייט, די אמתע גאולה, דאַרף נאָך קומען. און אין די טעג פון דעם יום־טוב פון פרייהייט גלייבן מיר און האָפן מיר, אַז די גאולה פון אונדזער פאָלק און די גאולה פון דער וועלט וועט קומען אַ סך פריער ווי מיר קאָנען זיך פאַרשטעלן.

די געשיכטע פון גלות הייבט זיך אָן, ווי די יידישע טראַדיציע לערנט אונדז, פון דער צייט פון אדם הראשון. נאָכדעם ווי די ערשטע מענטשן האָבן זיך פאַרזינדיקט — ווערט אונדז דערציילט — האָט זיי גאָט פאַרטריבן פון גן־עדן. זינט יענער צייט איז דער מענטש אין גלות, איז די וועלט אין גלות, איז אַפילו די געטלעכקייט אין גלות!

און ווי קאָן די וועלט, ווי קאָן דער מענטש באַפרייט ווערן פון גלות? אויך דערויף גיט אונדז די יידישע געשיכטע דעם ענטפער. מיר מוזן פּרוּוון ווערן בייע מענטשן, ווי אונדזערע עלטערן זיינען עס געוואָרן, ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים און זיי האָבן אָנגענומען די תורה ביים באַרג סיני. פאַראַן אויך אַ מעגלעכקייט פון פרייהייט אין אונדזער וועלט. דאָס איז די מאָראַלישע פרייהייט, פרייהייט פון גייסט. אָט־די פרייהייט ברענגט אונדז דער יום־טוב פּסח.

האָבן יידישע רעליגיעזע דענקער מחמת דעם תמיד מער באַטאָנט דעם גלות פון יצר־הרע ווי דעם גלות פון די פרעמדע פעלקער. דער חמץ איז פאַר די יידישע מיסטיקער געוואָרן דער סימבאָל פון אַלץ וואָס איז שלעכט אויף דער וועלט. און אויסראַמען דעם חמץ, פאַרברענען דעם חמץ — איז געוואָרן אַ סימבאָלישע האַנדלונג פון פאַרברענען דעם יצר־הרע, זיך באַפרייען פון דעם מאָראַלישן גלות, אין וועלכן מיר געפינען זיך.

איינער פון די באַקאַנטסטע יידישע מיסטיקער, דער של״ה הקדוש, שרייבט וועגן די צוגרייטונגען צו פּסח בזה הלשון: דער מנהג, אַז מען דאַרף בודק זיין די קעשענעס, צי דאָרטן איז ניטאָ קיין חמץ, האָט גאָר אַ טיפן זין. דאָס מיינט ניט, אַז מען דאַרף בלויז זוכן ברעקלעך פון ברויט אין די קעשענעס. דער אמת איז, אַז מען דאַרף גאָר זוכן אַן אַנדער מין חמץ. אין די קעשענעס פאַרבאַהאַלטן אָמאָל מענטשן גזלה, גנבה און אַנדערע ניט־כשרע זאַכן. מוז מען ערב פּסח קאָנטראָלירן צי די קעשענעס זיינען כשר, צי דאָס געלט, וואָס מען האָט ביי זיך, איז כשר, צי האָט זיך ניט פאַרוואָלגערט חמצדיק געלט ביי אונדז! און אַלע פּרטים פון פּסח — לייענען מיר ווייטער — זיינען אַ רמז אויפן יצר־הרע. דאַרף מען דעריבער זיין אַזוי אָפּגעהיט מיט אַלע דינים פון פּסח, כדי אויסצוראַמען פון אונדז דעם רוח פון טומאה און אַריינברענגען אין אונדז דעם רוח פון קדושה. און וואָס פאַר אַ זין האָט צו קויפן מצות, צו כשרן די כלים און אויפצוראַמען די שטוב, אויב דער מענטש ראַמט ניט אויס ביי זיך דעם חמץ אינעווייניק? אַלע הוצאות, וואָס מיר האָבן געמאַכט אויף אַריינצוברענגען דעם פּסח, זייבען דאַן אַרויסגעוואָרפן, וואָרים אַ ייד, וואָס איז געבליבן שטעקן אין דער טומאה, איז דאַך נאָך גאָר ניט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. און דאָס איז דער זין פון פּסח. יעדעס יאָר מוזן מיר זיך מיט אַלע כוחות באַמיִען אַרויסצוגיין פון מצרים, כדי זיך צו באַפרייען פון דעם גלות פון טומאה און רשעות.

דער אמת איז, אַז די געשיכטע פון יציאת מצרים איז פאַר זיך אַליין ווייט ניט געווען אַזאַ אויסערגעוויינטלעכע געשעעניש. אויך אַנדערע פעלקער האָבן אין זייער געשיכטע צו פאַרצייכענען גרויסע און וויכטיקע דאַטעס. און דאָך איז דער פאַקט פון יציאת מצרים געוואָרן ממש אַ ווענד־פּונקט אין דעם גאַנג פון דער גאַנצער קולטור־וועלט. די דערקלערונג איז זייער אַן איינפאַכע: נאָך גרעסער ווי דער נס פון יציאת מצרים איז דער נס פון געדענקען און תמיד דערמאָנען די געשיכטע ווי אונדזערע עלטערן זיינען באַפרייט געוואָרן פון דעם יאָך פון קנעכטשאַפט. ניט אומזיסט ווערן אין דער תורה אַזוי אָפט איבערגע־

חזרט די ווערטער: „און דו זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביסט דו געווען אין דעם לאַנד מצרים״. און יידן האָבן די געשעעניש פון יציאת מצרים ניט פאַרגעסן. זיי האָבן געדענקט, אַז זיי זיינען געווען קנעכט און זיי האָבן ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי זיי זיינען געוואָרן פרייע מענטשן. דאָס איז דער גרויסער נס פון דער יידישער געשיכטע.

די געשיכטע פון אַ פאָלק ווערט כסדר באַנייט. די גרעסטע געשעענישן קאָנען בלייבן ניט מער ווי צופעליקע עפּיזאָדן, אויב דאָס פאָלק פאַרגעסט זיי. עס ווענדט זיך אַ סך אָן די שפּעטערדיקע דורות, ווי זיי היטן אָפּ אין זכרון פון פאָלק און ווי זיי שאַפן איבער אויף זייער שטייגער די ניסים און די ווונדער פון אַמאָל. אַזוי איז פון דור צו דור דער נס פון יציאת מצרים געוואָרן אַלץ גרעסער, אַלץ מער ווונדערלעך, אַזוי ווונדערלעך ווי עס איז דער קיום פון יידישן פאָלק. און אַזוי גרייטן מיר זיך אויך היינט צום נס, וואָס ווערט איבער־געהזרט פון דור צו דור און פון יאָר צו יאָר — דעם נס פון דעם פּסחדיקן סדר, ווען מיר לעבן איבער פון דאָס ניי די גרעסטע באַפרייונגס־דראַמע אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

יידן זיינען דאָס ערשטע פאָלק, וואָס האָט געפּרווווט, הגם ניט אַלע מאָל מיט הצלחה, צו לערנען פון דער געשיכטע. האָבן טאָקע די נביאים אונדז געהאַלטן כסדר אין איין דערמאָנען, אַז קנעכט און פרעמדע זיינען מיר געווען אין דעם לאַנד מצרים, איז עס דעריבער אונדזער חוב צו פאַרשטיין דאָס געמיט פון אַלע עלנטע און אונטערדריקטע.

## דער הייליקער בונד צווישן דעם מענטשן און דעם באַשעפער

פאַר אַ מענטשן, וואָס איז ניט באַקאַנט מיט יידיש לעבן, איז שווער צו פאַרשטיין דעם זין און די באַדייטונג פון אַזאַ יום־טוב ווי שמחת־תורה. וואָס איז אַזוי די פרייד מיט דער תורה? צוליב וואָס פרייען זיך דאָס יידן מיטן יאָך פון פליכטן און מצוות, וואָס די תורה האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט? דער עצם באַגריף תורה איז אַ ריין יידישער און ס׳איז אויסערגעוויינטלעך שווער איבער־צוגעבן אויף אַ ניט־יידיש לשון דעם אייגענטלעכן זין פון לערנען תורה, פון אָפּהיטן די תורה און זיך פרייען מיט דער תורה.

תורה איז אָבער ניט בלויז געזעץ ווי דאָס ווערט אָפט אויסגעטייטשט, באַזונדערס פון ניט־יידישע געלערנטע. דערפאַר זיינען אויך די אָנגענומענע איבערזעצונגען פון דעם וואָרט תורה אין די פאַרשיידענע אייראָפּעישע שפּראַכן ניט קאָרעקט. און אָט די פאַלשע איבערזעצונגען האָבן ליידער געפירט צו אַ סך פאַלשע פאַרשטעלונגען וועגן יידן און יידישקייט. דער יום־טוב פון שמחת־

תורה אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם טיפערן זין פון תורה ביי יידן. דאָ ווערט אונדז געגעבן דער שליסל צום סוד פון יידישן גלויבן און יידישן קיום.

אָבער אויך אַפילו דער ענגערער באַגריף פון תורה, אין דעם זין פון מצוות, געבאָטן און פליכטן, פאַדערט אין אונדזער צייט אַ מער גענויערע דערקלערונג. אונדזער דור האָט פאַרלוירן דעם געפיל פאַר דעם גרויסן ווערט פון וואָרט, דעם גערעדטן און דעם געשריבענעם וואָרט. און אָפט שטעלט מען זיך אַפילו די פראַגע: זיינען מיר יידן נאָך באַרעכטיקט צו טראָגן דעם שטאָלצן טיטול פון עם הספר, דאָס פאָלק פון דעם בוך?

עס איז זיכער ניט קיין צופאַל, וואָס דאָס פאָלק פון דעם ספר האָט געשאַפן אַזאַ געלייטערטע קולטור פון תורה און ספר, האָט מיט אַזוי פיל ליבע און רעספּעקט אַרומגערינגלט דעם ענין פון לערנען תורה, און האָט אַזוי אַרום געשאַפן די באַדינגונגען פאַרן יום־טוב פון דער תורה און פאַר דער פרייד מיט דער תורה. יאָ, יידן האָבן זיך אַפילו געפרייט מיטן יאָך פון דער תורה, מיטן יאָך פון די פליכטן און מצוות!

אין טאָג־טעגלעכן לעבן מאַכן מיר אָפט אַן אונטערשייד צווישן געזעץ און אידעאַל, צווישן דעם וועג פון דעם „שטרענגן" דין פון איין זייט און דעם וועג פון ליבע און רחמנות פון דער צווייטער זייט. פאַראַן אין אָט דעם צוגאַנג אַ קערנדל אמת. ווייסט דאָך אויך די יידישע טראַדיציע דעם אונטערשייד צווישן דין און לפנים משורת הדין, צווישן געזעץ און יושר. און דאָך מוזן מיר זיך היטן פון די אַלגעמיינע פאַרמולירונגען. פאַראַן אידעאַלע געזעצן, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט אידעען פון יושר און מענטשלעכקייט; פאַראַן, פון דער אַנדערער זייט, „אידעאַלן", וואָס זיינען ווייט פון יושרדיקייט. ווי אָפט זיינען מענטשן פאַרפירט געוואָרן פון די פאַרשיידענע עקסטרעמע „אידעאַלן" צו די שווידערלעכסטע פאַרברעכנס! דאָס מוזן מיר באַזונדערס האָבן אין זינען ווען מיר ווילן זיך באַקענען נעענטער מיט די באַגריפן פון תורה און מצוות ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אין דער יידישער געשיכטע.

אונדזער קריטישע באַציִונג צו געזעצן נעמט זיך דער עיקר דערפון, וואָס זייער אָפט זיינען די געזעצן געשאַפן געוואָרן פון די הערשנדיקע קלאַסן, כדי צו פאַרזיכערן פאַר זיך פּריווילעגיעס און מאַכט־פּאָזיציעס. ביי יידן איז די לאַגע געווען גאָר אַן אַנדערע. די געזעצן פון תנ״ך זיינען געשאַפן געוואָרן ניט פון די מלכים נאָר פון די נביאים, און דער צוועק זייערער איז געווען ניט צו באַוואָרענען די פּריווילעגיעס פון די שטאַרקע, נאָר צו פאַרזיכערן גערעכטיקייט פאַר די שוואַכע און באַעוולטע. דאָס ווערט אַבסאָלוט קלאָר, ווען מען פאַרגלייכט, למשל, די געזעצן פון דער תורה מיט די זאַמלונגען פון געזעצן, וואָס זיינען אונדז פאַרבליבן פון די אַנדערע קולטור־פעלקער פון דער אַלטער צייט. אַזאַ פאַרגלייך ברענגט מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט אַרויס דעם פונדאַמענטאַלן אונטערשייד צווישן דער קולטור פון ישראל און דער קולטור פון די דעמאָלטיקע גרויסע אָריענטאַלישע מלוכות, ווי בבל, אשור און מצרים. די קול־

טור פון ישראל איז געווען אַ פֿאָלקס־קולטור אין בעסטן זין פון וואָרט, בעת די קולטור פון די גרויסע אָריענטאַלישע אימפּעריעס איז געווען אין דער ערשטער שורה אַ קולטור פון און פֿאַר די הערשנדיקע שיכטן. אַזוי זיינען די געזעצן פון אשור, בבל און מצרים געשריבן געוואָרן ניט פֿאַרן פֿאָלק, נאָר פֿאַר די מלוכה־באַאַמטע און די ריכטער, בעת די געזעצן פון דער תורה זיינען פון לכתחילה אָן געשריבן געוואָרן פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק און זיי ווענדן זיך כסדר דירעקט צום פֿאָלק ווי אַ כלל און צו איטלעכן יחיד באַזונדער.

און ניט נאָר האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק זיך פֿאַרזאַמלט ביים באַרג סיני צו הערן גאָטס וואָרט, נאָר דאָס גאַנצע פֿאָלק — לייענען מיר אין חומש — האָט בפירוש אויסגעדריקט זיין הסכם אָנצונעמען די תורה. אַלע האָבן געענטפֿערט „נעשה ונשמע". מיר נעמען אָן די תורה און מיר וועלן אָפּהיטן די געבאָטן פון דער תורה!

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אונדזער קולטור־וועלט באַגע־גענען מיר זיך דאָ מיט דער מאַיעסטעטישער פֿאָרשטעלונג פון אַ בונד, אַן אָפּמאַך (ברית) צווישן דעם מענטשן און דעם באַשעפֿער פון דער וועלט. דערפֿאַר איז די תורה ניט נאָר די תורה פון גאָט, נאָר אויך, און אין דער זעלביקער מאָס, די תורה פון פֿאָלק. מיט דעם ווערט דער פּרינציפּ פון מאָראַל און געזעצלעכקייט פּראָקלאַמירט ווי אַ יסוד פון דעם גאַנצן סדר פון דער וועלט. אויך דער באַ־שעפֿער און האַר פון דער וועלט האָט אויף זיך גענומען אָפּצוהיטן אָט די אייביקע געזעצן און פֿאָדערונגען. קאָן מען דעריבער קומען צום רבונו של עולם מיט טענות, ווי דאָס האָבן געטאָן די נביאים. מען קאָן אַפילו רופן דעם רבונו של עולם צו אַ דין־תורה, ווי דאָס האָט געטאָן די יידישע פֿאָלקס־לעגענדע. אַזוי איז די תורה גאָרניט אין אָן ערך מער ווי אַ געזעץ פֿאַרן פֿאָלק. די תורה איז דער יסוד פון דער וועלט און דער בונד פון שותפות צווישן דעם באַשעפֿער און דעם מענטשן.

די אידעע פון בונד (ברית), פון דעם אָפּמאַך צווישן דעם באַשעפֿער און דעם מענטשן, פֿאַרנעמט אַ צענטראַלן פּלאַץ אין יידישן דענקען. די נביאים האָבן אָפּט פֿאַרגליכן דעם בונד צווישן פֿאָלק און גאָט מיט דעם בונד צווישן מאַן און פרוי. עס איז אַ פֿרייוויליקע און הייליקע שותפות, און דערפֿאַר האָבן די נביאים געהאַט אַזוי פיל טענות צום פֿאָלק, וואָס האָט דעם הייליקן בונד ניט אָפּגעהיט. דערפֿון נעמט זיך די ליבע־ און חתונה־סימבאָליק אין באַציִונג צו גאָט און דער תורה, וואָס ציט זיך דורך ווי אַ רויטער פֿאָדעם דורך דער גאַנצער יידישער טראַדיציע. איז דאָך שיר־השירים אויסגעטייטשט געוואָרן ווי דאָס ליבע־געזאַנג צווישן גאָט און דער כנסת־ישראל. פּונקט אַזוי כאַראַקטע־ריסטיש איז דאָס אויפֿרופֿן פון חתן־תורה און חתן־בראשית, די בכבודיקסטע עליות אין דעם טאָג פון שמחת־תורה. דער יום־טוב פון דער תורה איז אַזוי אַרום דער יום־טוב פון דער חתונה, דער יום־טוב פון דער גרויסער ליבע צווישן דעם פֿאָלק ישראל און דעם גאָט פון ישראל.

האַנדלט זיך עס נישט, ווי מיר זעען, וועגן טרוקענע יורידישע פאָרמולעס און געזעצן, וואָס האָבן אַן אינטערעס נאָר פאַר יוריסטן און ריכטער, נאָר וועגן דעם גרויסן סוד פון וועלט און מענטש, וועגן די מאָראַלישע יסודות, וואָס האַלטן אויף וועלט און מענטש.

דאַרף מען דערצו האָבן אַ געשריבענע תורה? און קאָן די געשריבענע תורה העלפן דעם מענטשן צו געפינען דעם ריכטיקן וועג אין לעבן?

די פראַגע וועגן דער געשריבענער תורה האָט אַרויסגערופן זייער ערנסטע וויכוחים שוין אין די אַלטע צייטן. דאָס פאָלק און זיינע פירער האָבן ניט אַלע מאָל אָפּגעהיט די פאָדערונגען פון דער תורה. געווען אפילו צייטן ווען די תורה איז כמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן. האָבן די נביאים געזוכט וועגן צו אַ באַנייונג פון דעם בונד צווישן פאָלק און גאָט. אָט די אידעע וועגן דער באַנייונג פון דעם בונד פון באַרג סיני איז מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין ירמיהו, קאַפּ. ל"א.

דער נביא מאָלט אונדז דאָ אַ בילד פון משיחס צייטן. עס וועלן קומען טעג — ווערט אונדז געזאָגט — ווען גאָט וועט שליסן מיטן פאָלק ישראל אַ נייעם בונד. ניט ווי דער בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט די יידן ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים, אַ בונד, וואָס דאָס פאָלק האָט פאַרשטערט. דער נייער בונד וועט מער ניט פאַרשטערט ווערן: מיין תורה, זאָגט גאָט, וועל איך אַריינגעבן אין זייער אינגעווייד און אויף זייער האַרצן וועל איך זי אויפשרייבן (נתתי את תורתם בקרבם ועל לבם אכתבנה). און אָט די תורה פון האַרצן וועלן זיי מער ניט פאַרגעסן און מער ניט פאַרשטערן, וואָרום אַלע, פון גרויס ביז קליין, וועלן וויסן און אָפּהיטן גאָטס ווילן און זיינע געבאָטן.

דער נביא ירמיה האָט געלעבט אין אַ קריטישער צייט, עס זיינען געווען די יאָרן פון פאַרן חורבן ירושלים. און דער חורבן איז געקומען ניט נאָר ווי אַ רעזולטאַט פון אַ ריין מיליטערישער מפּלה קעגן אַ מעכטיקערן שונא, נאָר אויך, טיילווייז, צוליב דער אינעווייניקסטער מאָראַלישער צעפאַלנקייט אין יהודה. אין לויף פון יאָרן האָט ירמיה געפּרוווט מוסרן דאָס פאָלק און זיינע פירער, ער האָט געפּרוווט זיי העלפן צו געפינען דעם וועג פון תשובה. אין זיין פאַרצווייפלטן קאַמף איז דער נביא געבליבן אַלץ מער פאַראיינזאַמט, אַרומגערינגלט פון קעגנער, קריטיקער און שונאים. אין דעם צושטאַנד איז אונדז פאַרשטענדלעך וואָס דער נביא האָט געווענדט זיינע בליקן צו דער משיחישער צוקונפט, צו דער צייט, ווען די געשריבענע תורה וועט ווערן די תורה שבלב, די תורה פון האַרצן.

די משיחישע זעונג פון דעם נביא איז פון קריסטלעכע דענקער אויסגעטייטשט געוואָרן אויף אַ גאַנץ פאַלשן אופן, ווי די געשיכטע האָט אונדז באַוויזן, אויף אַן אומגליקלעכן אופן. די געשריבענע תורה, האָבן די קריסטלעכע דענקער דערקלערט, איז מער ניט נייטיק, עס איז געקומען די צייט פון „דעם נייעם בונד", ווען דער מענטש קאָן זיך שוין פאַרלאָזן אויף דער תורה פון

הארצן. אַזוי זיינען די ערשטע קריסטן אַרויסגעקומען מיט דער פּרעטענזיע, אַז זיי רעפּרעזענטירן מיט זיך די געמיינדע פון דעם נייעם בונד.

געווען אין דער צייט פון בית שני נאָך רעליגיעזע גרופּעס ביי יידן, וואָס האָבן זיך באַצייכנט מיטן נאָמען די „געמיינדע פון דעם נייעם בונד". די קריסט־לעכע געמיינדע האָט אָבער רעפּרעזענטירט יענע עקסטרעמע ריכטונג, וואָס האָט זיך פּראַקטיש אָפּגעזאָגט פון דער געשריבענער תורה, ווי אַ תורה, וואָס פאַר־פליכטעט דעם מענטשן.

עס איז קוים נייטיק צו באַווייזן, אַז נאָך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר קריסטנ־טום זיינען מיר נאָך זייער ווייט פון דער משיחישער וועלט און פון דער משיחישער תורה, ווי דער נביא ירמיה האָט עס זיך פאַרגעשטעלט. דער נביא ירמיה האָט געהאַט אין זינען גאָר אַן אַנדער בונד און פאַר זיינע אויגן האָט זיכער געשוועבט גאָר אַן אַנדער בילד פון דער משיחישער צייט. ביים היינטיקן טאָג איז ליידער דער מענטש נאָך זייער ווייט פון דער תורה פון הארצן. און עס איז גאָר אַ גרויסער ספק, צי מען קאָן אָן אַ געשריבענער תורה קומען צו אַ תורה שבלב.

מיר קענען אונדזערע מענטשלעכע שוואַכקייטן, און דערפאַר פאַרשטייען מיר די געוואַלדיקע באַדייטונג פון נעמען אויף זיך פליכטן, פון נעמען אויף זיך אַ יאָך פון אויפגאַבן. ביים באַרג סיני האָט דאָס יידישע פאָלק מאָראַליש חתונה געהאַט, האָבן יידן אויף זיך גענומען אַ גרויסע אויפגאַבע, די אויפגאַבע צו בלייבן אַן אייביק פאָלק. איז פאַרשטענדלעך דער יום־טוב פון שמחת־תורה. עס איז דער יום־טוב ווען מיר זיינען מאָראַליש געוואָרן גרייט צו שותפות מיטן באַשעפער, אויפצוהאַלטן און ווייטער צו בויען גאָטס וועלט. קאָן זיין, אַז עס וועט קומען די צייט, ווען דער חלום פון ירמיה הנביא וועט ווערןווירקלעכקייט, ווען די געשריבענע תורה וועט ווערן די תורה שבלב, די תורה פון הארצן. דאָס איז דאָך דער זין פון דער שמחה מיט דער תורה, דאָס איז דער וועג צו דער־ציִען דורות אָפּצוהיטן די מאָראַלישע פליכטן און געבאָטן ניט אויס צוואַנג און מורא, נאָר מתוך שמחה, צוליבן געפיל פון אינערלעכער פרייד, פון בענקעניש נאָך מאָראַלישער שלמות. אַזוי איז די פרייד מיט דער תורה דער איינציק־ריכטיקער וועג צו דער תורה פון שמחה, צו אַ וועלט, וואָס וועט געפינען איר העכסטן גליק און איר העכסטע באַפרידיקונג אין די פליכטן און אויפגאַבן פון אמת און מענטשלעכקייט.

## סאָציאַלע יום־טובים ביי יידן
## דער יום־טוב און דער אידעאַל פון גערעכטיקייט

דער מענטש, באַזונדערס דער פּרימיטיוועס פויער, פילט זיך ניט אַלע מאָל ווי דער געליבטער בן־יחיד פון דער מוטער־נאַטור. דאָס לעבן איז שווער:

בזיעת אפיך תיכל לחם (אין שווייס פון דיין געזיכט וועסט דו עסן דיין ברויט), קלאָגט זיך דער ביבלישער דיכטער. דערנבער און ווילדע פירות וואַקסן פון זיך אַליין, אָבער פאַר דעם שטיקל ברויט, וואָס דער מענטש דאַרף, פאָדערט די נאַטור שווערע פראַצע. ניט קיין חידוש, וואָס ער איז ניט צופרידן מיט זיין גורל און חלומט פון אַן אַנדער צייט, ווען מענטשן זיינען נאָך געווען גליקלעך און האָבן געלעבט פון די ווונדערבאַרע פירות פון גן־עדן. די אוטאָפּיע אַליין קאָן אָבער נאָך ניט געבן קיין פולע באַפרידיקונג. אויך איצט, אין דער גאָט־פאַרשאָלטענער וועלט, וויל דער מענטש זיך אַ מאָל באַפרייען פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן און נויטן, וויל אַ מאָל, לפּחות אויף אַ קורצער צייט, ווידער געניסן דעם טעם גן־עדן. צו דעם צוועק האָט ער פון יענער גליקלעכער צייט נאָך געראַטעוועט אַ קליינעם רעשט פאַר דער קעגנוואַרט — ער האָט זיך גע־שאַפן לויט דעם דאָזיקן אידעאַלן מוסטער זיינע יום־טובים. ביי דאָס רוב פעלקער געפינען מיר די פאַרשטעלונג וועגן דער פאַרבונדנקייט פון די יום־טובים מיט דער אידעאַלער גאָלדענער תקופה, אַלץ איינס צי די דאָזיקע גליק־לעכע צייט ווערט אַריבערגעטראָגן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אָדער אין דער צוקונפט, ווען משיח וועט קומען. אויך ביי יידן זיינען די שבתים און יום־טובים פאַרבונדן מיטן אידעאַל פון דער גליקלעכער תקופה און די משיח־צייט באַצייכנט די יידישע טראַדיציע — יום שכלו שבת.

עס איז ניט נאָר די נאַטירלעכע באַדערפעניש פון לאָזן אויסרוען דעם קערפּער, וואָס האָט דעם מענטשן געטריבן צו שאַפן יום־טובים, נאָר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס די גייסטיקע נויט. דער מענטש וויל זיך אַ מאָל באַפרייען פון דאָס וואָכעדיקע, עולם־הזהדיקע, וויל זיך עמאַנציפּירן פון דער צוגעבונדנ־קייט צו דער ערד. די יום־טובדיקע שטימונג, יענער געפיל, פאַר וועלכן די יידישע ליטעראַטור האָט געפונען אַזאַ ווונדערבאַרן אויסדרוק ווי נשמה יתירה, בילדעט אייגנטלעך דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם יום־טוב. אָן דער יום־טוב־דיקער שטימונג האָבן אויך די יום־טובדיקע מאכלים ניט דעם ריכטיקן טעם. דעריבער איז אַזוי וויכטיק די יום־טובדיקע טראַדיציע סיי בנוגע דעם רוחניות־דיקן, סיי בנוגע דעם גשמיותדיקן טייל.

מיט דעם אידעאַל פון דער גאָלדענער תקופה פאַרבינדט דער מענטש ניט נאָר די פאַרשטעלונג פון אַ גליקלעכער צייט, נאָר אויך פון אַ נייער גערעכטער סאָציאַלער אָרדענונג. עס וועלן ניט זיין מער קיין אונטערדריקער און אונטער־דריקטע, קיין הארן און קיין קנעכט. די מלחמות וועלן אויפהערן, די שנאה צווישן די פעלקער וועט פאַרשווינדן, אַפילו אין דער וועלט פון די חיות וועט הערשן ליבע און שלום. דער וואָלף וועט לעבן צוזאַמען מיטן שאָף און דער לייב ווי דאָס רינד וועלן עסן שטרוי (וגר זאב עם כבש... ואריה כבקר יאכל תבן). אויך מיט די יום־טובים איז זייער אָפּט פאַרבונדן די סאָציאַלע אוטאָפּיע. די שווערסטע אַרבעט איז נאַטירלעך אויסגעפאַלן אויפן גורל פון די סאָציאַל־אָפּהענגיקע, פון די שקלאַפן און לוין־אַרבעטער. מיר געפינען דעריבער יום־טובים, וואָס האָבן

באַזונדערס געהאַט דעם צוועק צו באַפרייען די אונטערדריקטע פון זייער סאָ־ציאַלער אָפּהענגיקייט, זיכערן זיי לפּחות אויף אַ קורצער צייט רו און זעלבשטענדיקייט. אַזאַ סאָציאַלע טענדענץ לאָזט זיך באַזונדערס פעסטשטעלן ביי די יידישע יום־טובים שבת און פסח.

## שבת

שוין אין דער עלטערער ביבלישער צייט ווערט דער טאָג שבת באַזונדערס אויסגעצייכנט. קיין יום־טוב איז ניט אַזוי צוגעפּאַסט צו רעגולירן דאָס סאָציאַלע און קולטורעלע לעבן ווי שבת, דער רעגלמעסיקער אָפּרו־טאָג פון דער זיבן־טעגיקער וואָך. ס׳איז דעריבער ניט קיין צופאַל, וואָס דאָס קריסטנטום, וואָס האָט זיך בכלל אָפּגעזאָגט פון די יידישע מצוות, האָט גראָד דעם שבת, אמת, אין אַ מאָדיפיצירטער פאָרעם, אָפּגעהיט. אַזוי אַרום איז דער שבת געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער גאַנצער מאָדערנער קולטור־וועלט. מיר קאָנען זיך היינט קוים פאָרשטעלן אַ קולטורעל לעבן אָן דעם נאָרמאַלן אָפּרו־טאָג, דעם שבת אָדער דעם זונטיק. ווי קומען יידן צום שבת?

אייניקע געלערנטע האָבן אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז דעם שבת האָבן יידן איבערגענומען ביי די אַלטע בבלים. מיר ווייסן היינט, וואָס פאַר אַ גרויסע השפּעה די אַלטע בבלישע קולטור האָט געהאַט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור אין דער ביבלישער צייט. באַזונדערס אין ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום קאַלענדאַר, זיינען יידן געווען ווייניק זעלבשטענדיק. עס האָט זיך אָבער ביז איצט ניט איינגעגעבן צו אַנטדעקן וועלכן ניט איז שפּור פון אַזאַ יום־טוב ווי שבת אין די אַלטע בבלישע דענקמעלער. מען דאַרף אַחוץ דעם ניט פאַרגעסן, אַז די זיבנטעגיקע וואָך און דער שבת שטייען אייגנטלעך אין אַ סתירה צום גאַנצן בבלישן קאַלענדאַר־סיסטעם. די רעגלמעסיקע זיבנטעגיקע וואָך האָט איר אייגענע רעכענונג און איז אין גאַנצן אומאָפּהענגיק סיי פון דעם חודש, סיי פון דעם יאָר. די וואָך פּאַסט זיך נאָך עד היום ניט אַריין אָרגאַניש אין אונדזער קאַלענדאַר. דער אָנהייב חודש אָדער אָנהייב יאָר פאַלט כמעט קיין מאָל ניט צונויף מיט דעם אָנהייב וואָך. צוליב די אַלע טעמים איז די וואַרשיינלעכקייט, אַז דער שבת שטאַמט פון בבל, זייער אַ קליינע. מיר קאָנען אָבער די גאַנצע פראַגע וועגן דעם אָפּשטאַם פון שבת רויק לאָזן אָן אַ זייט, אַ סך וויכטיקער איז פאַר אונדז פעסטצושטעלן דעם היסטאָרישן וועג און די עוואָלוציע, וועלכע דער שבת האָט דורכגעמאַכט ביז ער האָט באַקומען זיין ענדגילטיקע פאָרעם. און דערויף לאָזט זיך היינט אויפן גרונט פון די ביבלישע מקורים געבן אַ גאַנץ קלאָרע תשובה.

ווי עס לאָזט זיך אויפן גרונט פון אייניקע עלטערע שטעלן אין תנ״ך משער

זיין, איז שבת לכתחילה געווען פאַרבונדן מיטן מאַרק־טאָג. ס'איז מעגלעך — באַווייזן לאָזט זיך דאָס אויך ניט — אַז אין דער דאָזיקער עלטערער פאָרעם האָבן יידן איבערגענומען דעם שבת פון אַן אַנדער פאָלק. עס איז זייער פאַר־שפּרייט דער מנהג, אָפּצוהאַלטן דעם מאַרק אין אַ יום־טוב, ווען דער פּויער איז פריי פון דער פעלד־אַרבעט. אַפילו אין אייראָפּע איז נאָך ביזן אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט אין פאַרשיידענע געגנטן זונטיק געווען פאַרבונדן מיטן מאַרק־טאָג. דער פּויער פאָרט אין קירכע און ברענגט גלייכצייטיק זיינע פּראָדוקטן אין שטאָט. וואָלט שבת בלויז געבליבן אַ מאַרק־טאָג, וואָלט ער אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור געשפּילט פּונקט אַזאַ קנאַפּע ראָל ווי אַ סך אַנדערע יום־טובים פון די אַלטע פעלקער אָדער אַפילו ווי דער יידישער ראש־חודש. מיר ווייסן, אַז אין דער צייט פון תנ"ך איז ראש־חודש געווען גאָר אַ וויכטיקער יום־טוב. שבת און ראש־חודש ווערן זייער אָפט דערמאָנט צוזאַמען. מיט דער צייט אָבער האָט ראש־חודש אַפילו אין יידישן לעבן פאַרלוירן יעדע באַדייטונג. דעם שבת, דאַקעגן, איז באַשערט געווען אַ גאַנץ באַזונדערער מזל.

וועגן דעם מהות און דער סאָציאַלער פונקציע פון שבת לייענען מיר אין ספר דברים: „זעקס טעג מעגסט דו אַרבעטן און באַזאָרגן אַלע דיינע גע־שעפטן, דער זיבעטער טאָג איז שבת, זאָלסט ניט טאָן קיין שום מלאכה, דו און דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, דיין אָקס און דיין אייזל, און דער פרעמדער (גר), וואָס וווינט מיט דיר צוזאַמען, כדי דיין קנעכט און דיין דינסט זאָלן זיך קאָנען אויסרוען ווי דו". די זעלבע מאָטיווירונג גע־פינען מיר אין נאָך אַן עלטערער שטעלע אין חומש, אין פּרשה משפּטים: „זעקס טעג מעגסט דו אַרבעטן און באַזאָרגן דיינע געשעפטן, און דעם זיבעטן טאָג זאָלסט דו רוען, כדי עס זאָלן רוען דיין אָקס און דיין אייזל, דער קנעכט און דער פרעמדער (גר) זאָלן קאָנען אָפּאָטעמען". דער שבת האָט בכן דעם צוועק צו פאַרזיכערן דעם שקלאַף און דעם לוין־אַרבעטער (די גרים זיינען געווען על פּי רוב לוין־אַרבעטער, קיין אייגענע ערד האָבן זיי ניט געהאַט) אַ מעג־לעכקייט פון אָפּרו. מיר האָבן דאָ צום ערשטן מאָל אין דער מענטשלעכער געשיכטע אַ געזעצלעכע באַגרענעצונג פון דער אַרבעטס־צייט. איז עס אָבער טאַקע ריכטיק, ווי עס ווערט געזאָגט אין חומש, אַז שבת האָט געהאַט דעם צוועק צו שיצן די אינטערעסן פון די סאָציאַל־שוואַכע קלאַסן?

דאָס רוב געלערנטע זיינען שטאַרק מסופּק אויף וויפל מען קאָן זיך פאַר־לאָזן אויף די עדות פון חומש. זיי גלייבן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן אויסשליס־לעך מיט אַ ליטעראַרישער קאָנסטרוקציע, וועלכע האָט ניט קיין שום יסוד אין רעאַלן לעבן. לויט מיין מיינונג זיינען די דאָזיקע ספקות לחלוטין אומבאַ־רעכטיקט. ס'איז, אמת, אויפן ערשטן בליק אומפאַרשטענדלעך, וואָס די תורה זאָרגט ניט בלויז פאַר די שקלאַפן און לוין־אַרבעטער, נאָר אַפילו פאַר די אַרבעטס־בהמות, פאַרן אָקס און פאַרן אייזל. אַ סאָציאַלע געזעצגעבונג פאַר די בהמות לייגט זיך ווייניק אויפן שכל. אַ גענויערער אַנאַליז וועט אונדז אָבער באַלד

באַווייזן, אַז מיר האָבן אין דער תורה אַ גאַנצן סיסטעם פון שבת־געזעצן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט אַן אייגנאַרטיקער שבת־אידעאָלאָגיע. מיר וועלן דאָן זען, אַז אויך די פאָדערונג פון שבת־רו פאַר די בהמות געהערט אָרגאַניש אין דעם שבת־סיסטעם.

אין פרשה משפטים, אַ זאַמלונג פון גאָר אַלטע יידישע געזעצן — לויט דער יידישער מסורה די געזעצן פון באַרג סיני — געפינען מיר נאָך צוויי באַשטימונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם שבת־סיסטעם. דער ערשטער געזעץ פון פרשה משפטים, וועלכער איז אגב כאַראַקטעריסטיש פאַרן סאָציאַלן גייסט פון דער גאַנצער זאַמלונג, באַהאַנדלט דאָס שקלאַפן־רעכט: „אויב דו קויפסט אַ יידישן קנעכט, זעקס יאָר זאָל ער ביי דיר דינען, אויפן זיבעטן יאָר מוז ער ווערן באַפרייט". סיי לויט זיין אינהאַלט, סיי סטיליסטיש באַרירט זיך דאָס דאָזיקע געזעץ וועגן באַפרייען די יידישע שקלאַפן זייער נאָענט מיט דעם געזעץ וועגן שבת־רו. דאָס זיבעטע יאָר, ווען די שקלאַפן ווערן באַפרייט, איז אַ גענויע אַנאַלאָגיע צו דעם זיבעטן טאָג, ווען די לוין־אַרבעטער און שקלאַפן ווערן באַפרייט פון דער אַרבעט. נאָך קלאָרער איז דער צוזאַמענהאַנג מיט דער שבת־אידעע ביים געזעץ פון שמיטה: „זעקס יאָר זאָלסט דו פאַרזייען דיין לאַנד און אַראָפּנעמען די תבואה, דאָס זיבעטע יאָר זאָלסטו דיין פעלד לאָזן פריי, די אָרעמע פון דיין פאָלק זאָלן זיך דערמיט דערנערן און דעם רעשט זאָלן עסן די חיות פון פעלד". דער געזעצגעבער פאַרלאַנגט לחלוטין ניט, ווי דאָס ווערט על פי רוב אויסגעטייטשט, מען זאָל דאָס זיבעטע יאָר לאָזן רוען די פעלדער, אַ שבת־יאָר פאַר דער ערד. הגם די דאָזיקע דערקלערונג געפינט זיך שוין אין אייניקע שפּעטערדיקע טיילן פון חומש. וואָס פאַר אַ נוצן וועלן האָבן די אָרעמעלייט, אויב מען וועט דאָס זיבעטע יאָר ניט פאַרזייען די פעלדער? דער צוועק פון דעם גאַנצן געזעץ איז דאָך, ווי עס ווערט בפירוש באַטאָנט, צו שיצן די אינטערעסן פון די אָרעמע. אין אמתן האָט דער געזעץ־געבער דאָ בלי ספק אין זינען די אָרעמע פויערים, וואָס אַרענדירן ערד, אָדער וואָס אַרבעטן אַלס לוין־אַרבעטער ביי די רייכע גרונט־באַזיצער. אינעם שמיטה־יאָר ווערט אָפּגעשאַפט דאָס אייגנטום אויף דער ערד. די תבואה געהערט יענעם, ווער עס באַאַרבעט דאָס פעלד. אַ באַשטעטיקונג פאַר אונדזער דערקלערונג געפינען מיר דערין, וואָס דאָס געזעץ פון שמיטה באַציט זיך אויך, ווי עס ווערט אויסדריקלעך געזאָגט, אויף די אויבסט־ און וויין־גערטנער (כן תעשה לכרמך, לזיתך), הגם דאָ קאָן וועגן אַ שבת־יאָר פאַר דער ערד קיין שום רייד ניט זיין. די ביימער טראָגן אויך אין שמיטה־יאָר זייערע פירות. צו די נאַציאָ־נאַלע שמיטה־געזעצן געהערט אויך די באַשטימונג אין ספר דברים וועגן שמיטת־כספים (באַפרייונג פון די חובות). אינעם שמיטה־יאָר ווערן די בעלי־חובות — באַזונדערס זיינען דערמיט בלי ספק געמיינט די אָרעמע פויערים — באַפרייט פון צו באַצאָלן די חובות. די סאָציאַלע טענדענץ, וועלכע דרינגט דורך די שבת־ און שמיטה־געזעצן, לאָזט זיך ממש אָנטאַפּן מיט דער האַנט. נאָך בולטער

קומט די סאָציאַלע שבת־אידעע צום אויסדרוק אין די יובל־געזעצן. דאָס יובל־יאָר שליסט אָפּ אַ פּעריאָד פון זיבן שמיטות. אינעם פופציקסטן יאָר, דעם יובל־ אָדער פרייהייטס־יאָר (שנת הדרור) ווערט פאַרווירקלעכט דער אידעאַל פון סאָציאַלער גלייכהייט און פרייהייט. דער אָרעמער פויער, וואָס האָט פאַר־קויפט זיין נחלה, באַקומט אין יובל־יאָר זיין לאַנד צוריק. דער ייד, וואָס האָט זיך פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט, ווערט אינעם יובל־יאָר באַפרייט. „**איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו**". יעדער קערט צוריק אַהיים, יעדער באַקומט צוריק זיין נחלה. מיר ווייסן ניט, וואָס פאַר אַ ראָל די יובל־ און שמיטה־געזעצן האָבן געשפּילט אין לעבן, ס'איז זייער וואַרשיינלעך, אַז די פּראַקטישע ווירקונג איז אָפּט געווען גאָר אַ קליינע. אונדז איז דאָ בלויז וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז אַלע פּרווון פון סאָציאַלע רעפאָרמעס אין דער ביבלישער צייט זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער שבת־אידעע.

עס ווערט איצט אויך פאַרשטענדלעך, וואָס צוזאַמען מיט די קנעכט און לוין־אַרבעטער ווערן אין די מצוות פון שבת און שמיטה אויך דערמאָנט די בהמות און אַפילו די ווילדע חיות. דער רעיון פון שבת איז פאַרבונדן מיט דער פאַרשטעלונג פון דער גליקלעכער צייט פון גן־עדן, אָדער פון דער אידעאַלער משיח־צייט. די אוטאָפּיע פון דער משיח־צייט וויל אָבער ברענגען שלום און גליק ניט נאָר פאַר די מענטשן, נאָר פאַר דער גאַנצער נאַטור. אויך די בהמות און חיות וועלן געניסן פון דעם נייעם אידעאַלן סדר. אין משיחס צייטן וועלן די מענטשן אויפהערן צו עסן פלייש, פּונקט ווי זיי האָבן ניט געגעסן קיין פלייש אין דער צייט פון גן־עדן. דער אייביקער קאַמף צווישן מענטש און חיה וועט אויפהערן. „**וכרתי להם ברית ביום ההוא עם חית השדה ועם עוף השמים וקשת וחרב ומלחמה אשבור מן הארץ**" (איך וועל שליסן אַ בונד צווישן זיי און די חיות פון פעלד און די פייגלעך אין הימל, בויגן, שווערד און מלחמה וועל איך אָפּשאַפן פון דער וועלט).

מיט דער דאָזיקער אוטאָפּיע פון דער אידעאַלער תקופה זיינען פאַרבונדן די געזעצן פון שבת און שמיטה. זיי פאַרלאַנגען דעריבער ניט נאָר שוץ און פרייהייט פאַר די קנעכט און לוין־אַרבעטער, נאָר אין אַ געוויסער מאָס אויך פאַר די בהמות און חיות. דאָס געפיל פון פאַרבונדנקייט מיט דער גאַנצער נאַטור, די ליבע צו אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך דער גאַנצער שבת־ און משיח־ליטעראַטור.

ענלעכע טראַדיציעס פון אַן אידעאַלער אורצייט, פאַרבונדן מיט אַנט־שפּרעכנדיקע יום־טובים, געפינען מיר אויך ביי אַנדערע פעלקער. פון אַלטן גריכנלאַנד איז אונדז באַקאַנט אַ יום־טוב, וואָס איז געווען געהייליקט דעם גאָט קראָנאָס. די גריכישע לעגענדע דערציילט: אין גאָר אַמאָליקע צייטן האָט אויף דער וועלט געהערשט דער גאָט קראָנאָס. ליבע און שלום האָבן געהערשט אויף דער וועלט, אַפילו מענטשן און חיות האָבן נאָך געלעבט פרידלעך צוזאַ־מען, סאָציאַלע אונטערשיידן האָבן אין יענע צייטן ניט געקאַנט עקזיסטירן —

עס זיינען ניט געווען קיין שקלאַפֿן און קיין האַרן. צום אָנדענק פֿון יענער גליקלעכער צייט פֿייערט מען דעם יום־טוב קראָניען. אין דעם טאָג טאָר מען ניט שלאַכטן קיין בהמות. קרבנות ווערן געבראַכט נאָר פֿון פֿלאַנצן, און די שקלאַפֿן ווערן באַפֿרייט פֿון דער אַרבעט. אין אַלטן רוים געפֿינען מיר ענלעכע מאָטיוון אין צוזאַמענהאַנג מיט די סאַטורנאַליען, אַ יום־טוב געהייליקט דעם גאָט סאַטורן (אין דער שפּעטערדיקער רוימישער מיטאָלאָגיע שפּילט סאַטורן אַן ענלעכע ראָל ווי קראָנאָס אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע). כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם יום־טובֿ סאַטורנאַליען איז די אַלגעמיינע גלייכהייט. דער אונטערשייד צווישן האַרן און שקלאַפֿן ווערט אָפּגעשאַפֿט. די קנעכט ווערן באַפֿרייט פֿון דער אַרבעט און זיצן ביי דער יום־טובדיקער סעודה ביי איין טיש מיט די בעלי־בתים. דער סאָציאַלער סדר ווערט אַפֿילו איבערגעקערט — די קנעכט לאָזן זיך באַדינען פֿון די בעלי־בתים. אין דער צייט פֿון יום־טוב איז געווען פֿאַרווערט אָנהייבן מלחמה אָדער באַשטראָפֿן פֿאַרברעכער.

די אידעאָלאָגישע קרובֿהשאַפֿט צווישן דעם יידישן שבת און דער רוימישער סאַטורן־לעגענדע איז שוין אין דער אַלטער צייט געווען באַקאַנט. עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס דער פּלאַנעט (מזל) סאַטורן האָט אין העברעיִש געקראָגן דעם נאָמען שבתי, ד. ה. לויט די דעמאָלטיקע פֿאַרשטעלונגען וועגן די מזלות (די אַלטע רוימישע געטער האָט מען שפּעטער אידענטיפֿיצירט מיט די פּלאַנעטן, ווי אַ שטייגער יופּיטער, סאַטורן, מאַרס א. אַ. וו., איז שבת דער טאָג, ווען דער מזל סאַטורן הערשט איבער דער וועלט. ביי קיין שום פֿאָלק האָבן אָבער די דאָזיקע סאָציאַלע מאָטיוון און די דערמיט פֿאַרבונדענע יום־טובֿים ניט געקראָגן אַזאַ באַדייטונג ווי ביי די יידן. די דערמאָנטע יום־טובֿים ביי די גריכן און רוימער זיינען בלויז געפֿייערט געוואָרן איין מאָל אין יאָר. און שוין צוליב דעם טעם האָבן זיי ניט געקאָנט האָבן אַזאַ שטאַרקע השפּעה אויפֿן אַלגעמיינעם לעבן, ווי דער יידישער שבת.

אין דער צייט פֿון גלות בבל זיינען אין יידישן לעבן די סאָציאַלע סתירות אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מען האָט זיך געפֿונען אין דער פֿרעמד און מען האָט קודם־כל געפֿילט דעם דרוק פֿון דער ניט־יידישער וועלט. דאָס יידישע סאָציאַלע לעבן האָט באַקומען אַ גאַנץ אַנדער אויסזען, און דאָס האָט זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אויך געמוזט ווירקן אויף דער יידישער רעליגיע און אויף דעם אינהאַלט און דעם כאַראַקטער פֿון די יידישע יום־טובֿים. דער שבת, וועלכער האָט פֿריִער מער געהאַט אַ סאָציאַלע פֿונקציע, איז געוואָרן אַ באַזונדערס וויכטיקער נאַציאָנאַלער פֿאַקטאָר. שבת האָט איצט געמוזט דינען אַלס אַ צוים קעגן דער סכנה פֿון דער אַסימילאַציע — קעגן דער השפּעה פֿון דער ניט־יידישער קולטור. שבת האָט זיך דער ייד באַפֿרייט און גלייכצייטיק איזאָלירט פֿון דער דרויסנדיקער וועלט. די גאַנצע וואָך איז דער ייד אין גלות, שבת איז ער צווישן יידן אין אַן אייגענער היימישער סבֿיבֿה. שבת איז אַזוי־

אַרום געוואָרן דער סימבאָל פון דער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער זעלבשטענ־
דיקייט. ניט אָפּהיטן שבת האָט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון יידישקייט, דעמאָנסטרירן
כלפּי חוץ, אַז מען געהערט ניט מער צום יידישן כלל. דעריבער ווערן, זינט דער
צייט פון גלות בבל, די באַשטימונגען וועגן שבת־רו באַזונדערס שטרענג
דורכגעפירט. דעריבער ווערט אויך אין דער ליטעראַטור פון יענער צייט די
הייליקייט פון שבתדיקן טאָג באַזונדערס שטאַרק באַטאָנט. די נאַציאָנאַלע און
רעליגיעזע זעלבשטענדיקייט האָבן די יידן פאַרלוירן, די יידישע מלוכה איז
אונטערגעגאַנגען, דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, פאַרבליבן זיינען בלויז
רעשטלעך פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור און געוויסע רעליגיעזע מנהגים
און יום־טובים. און ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז די יידישע געפאַנגענע אין בבל
האָבן זיך מיט אַלע כוחות געקלאַמערט אָן די דאָזיקע רעשטלעך. די יידישע
קאָלאָניע אין בבל האָט אויפגעהיט און ווייטער פאַרמערט די יידישע ליטעראַטור.
עזרא הסופר האָט שפּעטער מיטגעבראַכט די תורה פון בבל אין ירושלים.
אויך דער שבת האָט זיין ענטגילטיקע פאָרעם באַקומען אין בבל. דאָס וואָכעדיקע
לעבן האָט די יידישע באַפעלקערונג פאַרבונדן מיט דער פרעמדער וועלט. ווירט־
שאַפטלעך איז דער ייד געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער ניט־יידישער
מערהייט. ניט די וואָך, נאָר דער שבת איז געוואָרן דער יסוד פון יידישן לעבן.
ניט נאָר יעדע מלאכה איז שבת פאַרווערט, אַפילו טראַכטן וועגן די וואָכעדיקע
ענינים טאָר מען שבת אויך ניט. אויך דעם שבת אין זיין נייער געשטאַלט
האָבן די יידן פון בבל אונטער דער אָנפירונג פון עזרא און נחמיה מיטגעבראַכט
אין ירושלים. נחמיה דערציילט אין זיינע מעמואַרן: ווען ער איז געקומען פון
בבל אין ירושלים, האָט ער שבת געפונען דעם מאַרק אָפן. יידן און ניט־יידן
האָבן געבראַכט סחורה, געקויפט און פאַרקויפט אום שבת. נחמיה, וועלכער איז
פון פערסישן קעניג געווען באַשטימט אַלס נציב פון פאַלעסטינע, האָט דאַן
באַפוילן, אַז די טויערן פון ירושלים זאָלן איבער שבת זיין געשלאָסן און האָט
דאָס האַנדלען אום שבת אויפן שטרענגסטן אופן פאַרבאָטן.

די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון האָבן זיך מיט דער צייט אָרגאַניש
צונויפגעוואַקסן. שבת איז געוואָרן גלייכצייטיק דער סימבאָל פון דער סאָציאַ־
לער און נאַציאָנאַלער פרייהייט. וואָס ווייטער האָט דער שבת אין יידישן
לעבן געקראָגן אַלץ אַ גרעסערע באַדייטונג. דאָס אָרט פון דעם בית־
המקדש און די קרבנות האָבן זינט דער צייט פון גלות בבל פאַרנומען די
בתי־מדרשים און די תפילות. אויף די שבתדיקע רעליגיעזע פאַרזאַמלונגען פלעגט
מען, אחוץ די געוויינטלעכע תפילות, סיסטעמאַטיש פאַרלייענען קאַפּיטלעך
פון חומש און די נביאים. מיר קאָנען זיך היינט, אין דער תקופה פון דרוק,
צייטונגען און אַלגעמיינער פאָלקס־בילדונג, קוים פאָרשטעלן די געוואַלטיקע
דערציִערישע און קולטורעלע ווירקונג, וואָס אַזעלכע סיסטעמאַטישע פאַרלע־
זונגען האָבן געמוזט האָבן אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון די ברייטע
יידישע פאָלקס־שיכטן. אַ גאַנצע וואָך האָט דער ייד געצויגן זיין גייסטיקע

יניקה פון דעם שבת. און עס וועט זיכער ניט זיין קיין גוזמא, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז אָן שבת וואָלט דער יידישער קיום אין גלות קוים געווען מעגלעך.

# דער סדר

אַלע דריי גרויסע יידישע יום־טובים, פּסח, שבועות און סוכות, זיינען לכתחילה געווען פאַרבונדן מיטן נאַטור־לעבן. שבועות איז דער יום־טוב פון שניט (חג הקציר), סוכות — ווען אַלץ ווערט אָראָפּגענומען פון פעלד (חג האסיף). אין פרילינג, ווען אין ארץ־ישראל הייבט זיך אָן די שניט־צייט, ווערט געפייערט דער יום־טוב פּסח. די אויף גיך (בחפזון) געבאַקענע קוכנס (מצות) סימבאָליזירן די פרייד מיט דעם אָנהייב פון נייעם שניט. דער קרבן פּסח אָבער געהערט נאָך צו דער תקופה, ווען יידן זיינען געווען שאָף־פּאַסטעכער. ערב פּסח ברענגט מען פאַר אַ קרבן אַ שאָף ווי אַן אויסדרוק פון שמחה פאַר דער מזל־ברכה אין דער טשערעדע. באַזונדערס וויכטיק פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יום־טוב פּסח איז אָבער געווען די פאַרבינדונג מיט דער געשיכטע פון יציאת מצרים. אַזוי אַרום האָט דער יום־טוב פּסח, ווי מיר זעען, הינטער זיך גאָר אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט. מיר קאָנען זיך אָבער ניט אָפּשטעלן אויף דער געשיכטע פון פּסח בכלל, דאָס וואָלט אונדז ווייט אָוועקגעפירט פון אונדזער טעמע. דאָ ווילן מיר באַהאַנדלען בלויז יענע מנהגים און טראַדיציעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אַ געוויסן סאָציאַלן אינהאַלט. דער עיקר וועט אונדז דאָ באַשעפטיקן די געשיכטע פון דעם פּסחדיקן סדר און די ראָל, וועלכע ער האָט געשפּילט אין רעליגיעזן און סאָציאַלן לעבן פון יידישן פאָלק אין דער צייט פון בית שני.

דער רעיון, אַז אויך די גרויסע יום־טובים — פּסח, שבועות און סוכות — דאַרפן געשטעלט ווערן אין דינסט פון דער סאָציאַלער גערעכטיקייט, געפינען מיר שוין אין דער ביבלישער ליטעראַטור. באַזונדערס שאַרף ווערט די דאָזיקע פאָדערונג אַרויסגעשטעלט אין ספר דברים. אין קאַפּיטל ט״ז לייענען מיר: „דו זאָלסט דיך פרייען פאַר דיין גאָט: דו, דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, דער לוי און דער גר, דער יתום און די אלמנה, וואָס ווינען מיט דיר... און דו זאָלסט געדענקען, אַז אויך דו ביסט אַמאָל געווען אַ קנעכט אין לאַנד מצרים". דער גענויער־געבער פאַרלאַנגט, אַז ביים פראַווען די יום־טובדיקע סעודה זאָל מען איינלאַדן צום טיש אויך די שקלאַפן, די אָרעמע לוין־אַרבעטער (גרים) און די יתומים און די אלמנות. די דאָזיקע פאָדערונג ווערט ערשטנס מאָטיווירט דערמיט, וואָס אַלע יידן זיינען אַמאָל געווען קנעכט אין מצרים און דעריבער דאַרפן זיי פאַרשטיין, ווי שווער עס איז דער גורל פון אַ קנעכט. צווייטנס אָבער אויך דערמיט, וואָס בכלל איז דער מאַטער־

יעלער ווילשטאַנד ניט דער רעזולטאַט פון דער פּערזענלעכער בריהשקייט פון דעם יחיד, נאָר פון גאָטס ברכה. און גאָט פאַרלאַנגט, אַז פון זיין ברכה זאָלן אויך די אָרעמעלייט געניסן.

אין ספר דברים ווערט נאָך דער עיקר באַטאָנט דער מאָמענט פון סאָציאַ־לער אונטערשטיצונג. אויך די אָרעמע און היימלאָזע זאָלן האָבן די מעגלעכ־קייט זיך צו פרייען מיטן יום־טוב. ס׳איז אָבער זייער וואַרשיינלעך, אַז דערפון האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט די געמיינזאַמע סעודה, וועלכע ווערט ניט מער געפּייערט אינעם ענגן קרייז פון דער משפחה, נאָר פאַראייניקט ביי איין טיש אַ גרעסערע גרופּע מענטשן.

די געמיינזאַמע סעודה, ווי אַ פאָרעם פון רעליגיעזן לעבן, איז אין דער יידישער געשיכטע זייער אַן אָפּטע דערשיינונג. פון דער נייער צייט איז באַזונדערס ווערט צו דערמאָנען דעם קולט פון רבינס טיש און דאָס געמיינ־זאַמע פּראַווען שלש־סעודות ביי די חסידים. נאָך אַ גרעסערע ראָל האָט געשפּילט די געמיינזאַמע סעודה אין אור־קריסטנטום. אין די עלטערע קריסטלעכע מקורים געפינען מיר אויספירלעכע באַשרייבונגען וועגן די דאָזיקע סעודות. דער עלטסטער פון דער עדה — אין דער ערשטער צייט איז ער געווען ישו אַליין — נעמט די חלה, מאַכט דערויף אַ ברכה און פאַרטיילט די המוציא פאַר דער גאַנצער עדה. נאָך דעם מאַכט ער קידוש אויף ווייַן און די גאַנצע עדה טרינקט פון דעם זעלביקן כוס. דער דאָזיקער קריסטלעכער מנהג שטאַמט בלי ספק פונעם יידישן קידוש. ווי עס לאָזט זיך פעסטשטעלן אויפן יסוד פון עלטערע תלמודישע מקורים איז אין דער צייט פון בית שני ביי יידן געווען פאַרשפּרייט דער מנהג די פרייטיק־צו־נאַכטיקע סעודה צו פּראַווען אין בית־מדרש. שפּעטער איז דער דאָזיקער מנהג בטל געוואָרן, אָבער אַ זכר איז נאָך פאַרבליבן. עד־היום מאַכט מען ביי אונדז פרייטיק־צו־נאַכט קידוש אין בית־מדרש. ס׳איז אויך כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער רוימישער הערשער, יוליוס צעזאַר, האָט די יידן געגעבן די אויסדריקלעכע דערלויבעניש אָפּצוהאַלטן רעליגיעזע פאַרזאַמלונגען און געמיינזאַמע מאָלצייטן. דערפון איז קלאָר צו זען, אַז די קאָלעקטיווע סעודה האָט געבילדעט אַ וויכטיקן באַשטאַנדטייל פון יידישן רעליגיעזן לעבן אין דער צייט פון בית שני.

ווי די חסידישע שלש־סעודות, אַזוי איז אויך די יום־טובדיקע אָדער שבת־דיקע סעודה אין דער צייט פון בית שני געווען פאַרבונדן מיט זאָגן תורה און זינגען זמירות. באַזונדערס וויכטיק איז אָבער די שטימונג, וועלכע איז פאַר־בונדן מיט דעם רעליגיעזן באַנקעט. דער געמיינזאַמער טיש שאַפט די אילוזיע פון איין משפחה, שטאַרקט דאָס געפיל פון אחדות און ברידערלעכקייט צווישן די חברים. אינעם וואָכעדיקן טאָג־טעגלעכן לעבן הערשן די פערזענלעכע מאַ־טעריעלע אינטערעסן פון דעם יחיד. די געמיינזאַמע סעודה וויל, דאַקעגן, דע־מאָנסטרירן דאָס געפיל פון קאָלעקטיווער פאַרבונדנקייט.

די קאָלעקטיווע סעודה איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר סאָציאַל־רע־ליגיעזע גרופּעס, ווו די סאָציאַל־עטישע מאָטיוון ווערן אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַץ.

אין דעם פּסחדיקן סדר האָט די געמיינזאַמע סעודה געפונען איר העכסטן און אידעאַלסטן אויסדרוק. ווי מיר ווייסן פון דער משנה, האָט מען דעם קרבן פּסח געגעסן אין חבורות (גרופּעס). אין יעדער חבורה זיינען געווען באַטייליקט לפּחות צען פּערזאָן. שוין די באַצייכענונג „סדר" ווייזט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט גאָר אַ פּייערלעכן אַקט. דער סדר־אָוונט ווערט באַזונדערס אויסגע־צייכנט דורך דער פאַרבינדונג פון דער סעודה מיט אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן פּראָגראַם, ווי מען וואָלט זיך דאָס געקאָנט היינט אויסדריקן, מיט דער הגדה. אין דער צייט פון דער משנה, ווען דער ליטעראַריש־קינסטלערישער טייל איז נאָך ניט געווען אַזוי געענוי פיקסירט, פלעגט מען אָפּט פאַרברענגען צוזאַמען די גאַנצע נאַכט און דערציילן אגדות וועגן יציאת מצרים. פון יענער צייט שטאַמט דער כלל: „כל המרבה לספר ביציאת מצרים הרי זה משובח".

דער צוטריט צו דער סעודה איז פאַר אַלעמען פריי. אויך יענע, וואָס האָבן ניט די מעגלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין דער חבורה, ווערן איינגעלאַדן צום טיש. אין ספר אבודרהם ווערט איבערגעגעבן אין נאָמען פון מתתיהו גאון: „אַזוי איז אַמאָל געווען דער מנהג צו פּראַווען דעם סדר. מ'האָט געלאָזן די טירן אָפן און מ'האָט איינגעלאַדן אַלע אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע אַריינגיין און זיך זעצן צום טיש". דעם סדר פּראַוועט מען ביי אָפענע טירן. אַלע הונגעריקע און נויטבאַדערפטיקע ווערן איינגעלאַדן. עס זיינען אָבער פאַראַן אָרעמעלייט, וואָס קומען גאָר שפּעט אין שטאָט. פאַר די דאָזיקע אורחים טיילט מען אָפּ לכתחילה אַ טייל פון דער סעודה (יחץ) — מצה און וויין (דעם כוס של אליהו הנביא). דעריבער הייסט די מצה אפיקומן — פאַרן גאַסט.

עד־היום איז נאָך ביי אונדז פאַרבליבן דער מנהג ביים סוף פון דער סעודה צו עפענען די טיר. דער צוועק איז בלי ספק לכתחילה געווען דער פרעמדער אורח זאָל קאָנען אַריינגיין און זיך זעצן צום טיש.

פּסח זיינען די יידן אַרויס פון מצרים, פּסח וועט גאָט אויך באַפרייען די יידן פון גלות. דעם לעצטן סדר וועט אליהו הנביא אָנזאָגן די בשורה, אַז משיח איז געקומען. יענע, וואָס לאָזן די טיר אָפן פאַר אָרעמע אורחים, וועלן זוכה זיין אליהו הנביא זאָל צו זיי קומען; יענע אָבער, וואָס פאַרשליסן פּסח צום סדר די טיר, וועלן ניט זוכה זיין אויסגעלייזט צו ווערן פון גלות.

# וועלטלעכע מאַכט
# און דער אידעאַל פון גערעכטיקייט

אונדזער גורל איז געווען אַנדערש ווי דער גורל פון אַ סך פעלקער אַרום אונדז. איז עס בלויז אַ רעזולטאַט פון אַ בלינדן צופאַל, אָדער איז עס אויך געווען אונדזער ווילן צו זיין אַ פאָלק פאַר זיך און צו פירן אַן אייגן לעבן? פון צייט צו צייט הערן מיר שטימען פון פּראָטעסט קעגן אונדזער היסטאָרישן וועג: מיר מוזן ווערן אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, אָדער אַפילו אין גאַנצן זיך צונויפמישן מיט דער וועלט אַרום אונדז! אַזעלכע שטימונגען פון יאוש און אָפּהענטיקייט באַגעגענען מיר צום ערשטן מאָל אין דער צייט פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן קריזיס ערב דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים.

דער אומגעריכטער נצחון איבער די פרעמדע הערשער און זייערע יידישע אַרויסהעלפער, די אַסימילאַטאָרישע אַנהענגער פון דער גריכישער קולטור, האָט אָבער ניט פאַרענטפערט די אינעווייניקסטע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. עס איז אין תוך געבליבן אָפן די פראַגע וועגן דעם ווייטערדיקן וועג פון דעם באַ־פרייטן פאָלק און דער ווידעראויפגעשטעלטער מדינה. איז פּאָליטישע פרייהייט און פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט די וויכטיקסטע אויפגאַבע? אָדער דאַרף דאָס פאָלק שטרעבן צו נאָך אַ העכערן ציל, צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם נביאישן חלום פון מלכות שמים, פון גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד?

די קינדער פון מתתיהו החשמונאי האָבן פאַרטריבן די שונאים, זיי האָבן באַפרייט דאָס לאַנד און האָבן באַנייט די עבודה אין בית־המקדש. מיט געפילן פון פרייד און באַגייסטערונג האָט דאָס פאָלק זיך געשטעלט אונטער זייער פּי־רערשאַפט, און דאָך האָט די הערשאַפט פון די חשמונאים גאָר גיך אַרויסגערופן אַ שאַרפע אָפּאָזיציע און עס איז אַפילו געקומען צו בלוטיקע אינעווייניקסטע קאָנפליקטן. וואָס האָט געפירט צו דעם טראַגישן קאָנפליקט צווישן דער דינאַסטיע פון די חשמונאים און די אַזוי־גערופענע פּרושים, די גרופּע, וואָס האָט מיט דער צייט איבערגענומען די גייסטיקע פירערשאַפט פון פאָלק.

עס איז געווען אַ טיפער אידעיִשער קאָנפליקט, וואָס האָט אָנגערירט די סאַמע יסודות פון יידישן לעבן און וואָס האָט ניט פאַרלוירן זיין באַדייטונג אַפילו אין אונדזער צייט. עס איז דער קאָנפליקט צווישן וועלטלעכער מאַכט און דעם אידעאַל פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט, צווישן פּאָליטישע אַמביציעס און נביאיש־רעליגיעזע חלומות.

דער סימבאָל פון חנוכה איז די מנורה. די טראַדיציע ווייסט אונדז צו דער־ציילן וועגן דעם נס, וואָס האָט פּאַסירט מיט דעם קריגל אייל, ווען מען האָט באַנייט דעם בית־המקדש.

עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז די תלמודישע טראַדיציע, וואָס שטעלט אַוועק אין צענטער פון דעם חנוכה־יום־טוב די געשיכטע מיט דעם קריגעלע אייל, האָט אַ גאַנץ באַשטימטע אידעיִשע כוונה. די גבורות פון די חשמונאים,

זייערע מיליטערישע נצחונות, ווערן בפירוש איגנאָרירט. דערפאַר אָבער ווערט געפייערט דער נס, וואָס מען האָט געקאָנט באַנייען דעם בית־המקדש און אָנ־צינדן די מנורה. צו דעם איז אגב די גאַנצע געשיכטע ניט פאַרשטענדלעך. על־פּי־דין מעג מען אין פאַל פון נויט באַנוצן פאַר דער מנורה אין בית־המקדש אַפילו טמאדיקע אייל (טומאה הותרה בציבור). צווייטנס, וואָס וואָלט געווען דער אומ־גליק אַפילו אויב מען וואָלט געדאַרפט וואַרטן עטלעכע טעג ביז וואַנען מען וועט קריגן אייל פאַרן בית־המקדש? יאָרן האָט מען געפירט מלחמה, טויזנטער האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן, אַ גאַנץ פאָלק האָט אַרויסגעוויזן אומבאַשרייבלעכע גבורה און דאָס אַלץ ווערט געשטעלט אין שאָטן אין פאַרגלייך מיט דעם קריגעלע אייל, וואָס מען האָט על־פּי־נס געפונען?

און אויב די עבודה אין בית־המקדש איז אַזוי וויכטיק, פאַר וואָס האָט מען פאַרשוויגן די באַנייונג פון דעם מזבח און די קרבנות?

עס איז קלאָר, אַז דאָ האָבן די פּרושים מיט אַ כוונה איגנאָרירט אַלץ וואָס וואָלט געקאָנט הייבן דעם פּרעסטיזש פון די חשמונאים. סיי די מלוכה און סיי דער אַמט פון כהן־גדול אין בית־המקדש זיינען געלעגן אין די הענט פון דער חשמונאים, איז אויף אַ קלאַסישן אופן אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם ספר אַ סימבאָל, וואָס קאָן פאַרוואַנדלען אין אַ בית־המקדש די אָרעמסטע יידישע היים.

דער זין דערפון איז: ניט די חשמונאים, ניט די פירער פון פאָלק אַליין, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיט דער הילף פון גאָט אָפּגעהאַלטן דעם נצחון איבערן שונא. איז ממילא דער יום־טוב פון חנוכה אַ יום־טוב פאַרן גאַנצן פאָלק און יעדער ייד איז אַ שותף צו דעם יום־טוב. כאַראַקטעריסטיש זיינען אין דעם פּרט די דינים וועגן די חנוכה־ליכט. אַזוי, למשל, באַשטימט דער דין, אַז די מצווה באַשטייט דער עיקר אין אָנצינדן די ליכטלעך. „הדלקה עושה מצווה". ממילא אויב די ליכט האָבן שוין געברענט פון פריער האָט מען ניט יוצא געווען דעם חוב פון חנוכה.

די פילאָזאָפיע, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים, איז אויף אַ קלאַסישן אופן אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם ספר דניאל. אַז די חלומות און זעונגען פון ספר דניאל האָבן אַ דירעקטע שייכות צו דער צייט פון דעם אויפשטאַנד, וועגן דעם קאָן קיין שום ספק ניט זיין. דער זעער דניאל רעדט דאָ גאַנץ קלאָר וועגן דער גרויסער אימפּעריע פון אַלעק־סאַנדער מוקדון, די מלכות יון ווי זי ווערט דאָ באַצייכנט. ער באַשרייבט ווייטער ווי אַלעקסאַנדערס מלוכה צעפאַלט זיך און עס ברעכן אויס מלחמות צווישן זיינע יורשים. דאַן קומט די צייט פון אַנטיוכוס הרשע. דאָ ווערט דערציילט ווי דער פרעמדער אונטערדריקער האָט מיט דער הילף פון יידישע בוגדים (פון די, וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם בונד), (עוזבי ברית, מרשיעי ברית) פאַרשוועכט דעם בית־המקדש און האָט אַריינגעבראַכט אין היכל אַ בילד פון אַ גרויליקן אָפּגאָט (וחללו המקדש המעוז והסירו התמיד ונתנו השקוץ משומם). עס קאָן דעריבער קיין שום ספק ניט זיין, אַז אין אָט־דער טראַגישער צייט זיינען געשריבן געוואָרן

די זעונגען פון ספר דניאל. וואָס לערנט אונדז דער דאָזיקער מערקווערדיקער ספר, איינע פון די ווונדערלעכסטע שאַפונגען פון דער צייט פון בית שני?

דניאל אַנטוויקלט פאַר אונדז די פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע, די פילאָזאָפיע פון אַ פאָלק, וואָס האָט געשאַפן געשיכטע און וואָס האָט קיין מאָל ניט קאַפּיטולירט פאַר די קאַפּריזן פון דעם בלינדן גורל. דער מענטש לעבט ניט בלויז מיט זיינע הונדערט און צוואַנציק יאָר; דער מענטש איז אַ טייל פון דער אייביקייט. דאַרפן מיר דעריבער פאַרשטיין, אַז דער גורל פון דעם יחיד איז אויפן ענגסטן אופן פאַרבונדן מיטן גורל פון כלל, מיט דער געשיכטע פון זיין פאָלק.

מיר ווערן אַפּט דערשיטערט צוקוקנדיק זיך ווי די רשעים באַלעבאַטעווען איבער דער וועלט. זייער ממשלה איז אָבער ניט אויף לאַנג. פריִער אָדער שפּע־טער מוז קומען אַ סוף צו דער מלכות פון רשעות. און דניאל באַווייזט אונדז ווי קורץ און נישטיק עס איז, סוף־כל־סוף, די מאַכט און די גלאָריע פון צי גרויסע אימפּעריעס. קלאַסיש איז די וויזיע פון דעם ריז אויף די ליימענע פיס, וואָס ווערט צעשמעטערט אויף שטיק־שטיקלעך, ווען ער קריגט דעם קלאַפּ אין דעם שוואַכן פלאַץ. אַזוי איז עס אויך מיט אַלע גרויסע אימפּעריעס, וואָס האָבן באַהערשט די וועלט: די מלוכה בבל, די מלוכה פון פרס און די גריכישע אימ־פּעריעס. זייער גורל איז חורבן און אונטערגאַנג. אָט־די אידעע איז דער לייט־מאָטיוו פון אַלע זעונגען פון דניאלן. אויף פאַרשיידענע וועגן און אופנים ברענגט דער מחבר אַרויס דעם זעלביקן צענטראַלן געדאַנק. ניטאָ קיין אייביקייט פאַר רשעות. אייביק וועט נאָר זיין דאָס מלכות פון גאָט:

> און אין די צייטן פון יענע מלכים וועט דער גאָט פון די הימלען אויפ־ריכטן אַ מלוכה, וואָס וועט קיין מאָל ניט צעשטערט ווערן און דאָס קע־ניגרייך וועט ניט איבערגעלאָזן ווערן צו קיין אַנדער פאָלק.

און ווען דער מעכטיקער הערשער פון בבל זעט גאָטס ווונדער, רופט ער אויס אַ דערשיטערטער:

> זיינע צייכנס, ווי געוואַלדיק!
> זיינע ווונדער, ווי מעכטיק!
> זיין מלוכה איז אַן אייביקע מלוכה
> און זיין ממשלה איז פון דור צו דור.

אַ גרויסע אומגערעכטיקייט געשעט אין אונדזער וועלט, אַן אומגערעכטי־קייט, וואָס ברענגט פון זיך כסדר אַרויס נייע אומגערעכטיקייטן. עס איז די אומגערעכטיקייט פון אונדזערע געשיכטע־שרייבער, וועלכע האַלטן כסדר אין איין פאַרהערלעכן די „גבורות" פון די ברוטאַלע דעראָבערער, מלחמה־פירער און בלערליי דיקטאַטאָרן. ווייניק נאָך וואָס זיי האָבן פאַר זיך פאַרכאַפּט אַלץ וואָס די וועלט האָט זיי געקאָנט געבן ביים לעבן, פאַרזיכערן זיי נאָך אונדזערע שרייבער פון דער געשיכטע מיט אַ פּלאַץ אויבנאָן אין דער אייביקייט. זיצן

קינדער אין די שולן און לערנען וועגן די העלדישקייטן פון נבוכדנצר, אַלעק־סאַנדער מוקדון, יוליוס צעזאַר, נאַפּאָלעאָן, ביסמאַרק א. אַ. וו. איז דעריבער נייטיק אַזוי אָפּט און אַזוי שטאַרק צו באַטאָנען, אַז דאָס איז אַן אומגערעכ־טער און אומגליקלעכער וועג. אַנפּילן דעם היכל פון אייביקייט מיט די העלדן, וואָס האָבן געהאַט די הצלחה אין זייער לעבן, וואָס האָבן מיט די מיטלען פון פאַלשקייט, רשעות און ברוטאַלער מאַכט דערגרייכט צו די העכסטע שפּיצן פון וועלטלעכן גליק, איז דאָך דער בעסטער וועג פון פאַראייביקן רשעות.

אָבער אָפילו אין אַזעלכע פאַלן ווען מלחמה־העלדישקייט איז געווען אַן אויסדרוק פון טיפער ליבע צום פאָלק און עכטער גרייטקייט צו מסירת־נפש, ווי מיר זעען עס אין דעםביישפּיל פון מתתיהו החשמונאי און זיינע קינדער, וואָלט ניט געווען גערעכט צו פאַראייביקן בלויז די נעמען פון יחידים, פון די וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער פרייהייטס־באַוועגונג. אייביקייט געהערט צו אַלעמען, צו די קדושים אפשר נאָך מער ווי צו די גבורים, צו די שטילע העלדן פון גלויבן ניט ווייניקער ווי צו די העלדן פון מלחמה. ווען די מענטשן וועלן פאַרשטיין, אַז דער וועג צו אייביקייט איז דער וועג פון קדושה, דער וועג פון אמת און גערעכטיקייט, ערשט דאַן וועלן געשאַפן ווערן די באַדינגונגען פאַר אַ נייער דערציִונג און אַ נייעם לעבן, פאַר אַ מער געלייטערטער קולטור און אַ גערעכטערער וועלט.

## טאָלעראַנץ און מענטשלעכקייט

מען האָט זיך געפרעגט: פאַר וואָס איז די תורה גראָד געגעבן געוואָרן אין מדבר?

אַ גרויסער ידישער דענקער, וואָס האָט געלעבט מיט אַן ערך צוויי טויזנט יאָר צוריק, פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, האָט דערויף געענטפערט: די שטאָט־מענטשן וואָלטן קיין מאָל די תורה ניט אָנגענומען. האָט גאָט אויסגעקליבן דעם מדבר, ווו מענטשן האָבן ווייניקער געלעגנהייט צו זינדיקן, און דאָ אין מדבר האָט ער זיי געגעבן די תורה.

די פראַגע — פאַר וואָס די תורה איז געגעבן געוואָרן אין מדבר און ניט אין ארץ־ישראל, האָט שוין שטאַרק באַאומרויִקט די ידישע דענקער נאָך אין דער צייט פון בית שני.

פאַראַן נאָך אַ טראַדיציאָנעלער ענטפער אויף אָט־דער פראַגע: דער מדבר איז הפקר, פריי פאַר אַלעמען, איז דעריבער די תורה געגעבן געוואָרן אין מדבר. קיינער זאָל ניט קאָנען זאָגן: ס'איז מיין תורה, ס'איז ניט דיין תורה. די תורה געהערט אַלעמען, קיינער האָט ניט קיין מאָנאָפּאָל אויף גאָטס וואָרט, אַלע זיינען שותפים אין דער תורה.

פאַראַן אין אַט־דער דערקלערונג אַ טיפערער זין. צום רמב״ם האָט זיך אַמאָל געווענדט אַ גר — זיין נאָמען איז געווען עובדיה, דער דינער פון גאָט — מיט אַזאַ שאלה: מעג אַ גר זאָגן אין די פאַרשיידענע ברכות און ביים דאַווענען די ווערטער — אונדזער גאָט, דער גאָט פון אונדזערע עלטערן, וואָס האָט אונדז געהייליקט און האָט אונדז אויסדערוויילט? די עלטערן פון דעם גר זיינען דאָך גאָר געווען געצנדינער, זיי האָט דאָך גאָט ניט געהייליקט און זיי האָט גאָט ניט אויסדערוויילט!

דער רמב״ם האָט דעם גר דערויף געענטפערט: דו דאַרפסט דאַווענען מיט אַלע יידן צוזאַמען און זיי ניט אָראָפּגעפאַלן ביי זיך. „זאָלסט נאָר ניט גרינג־שעצן דיין יחוס. אויב מיר ציִען אונדזער יחוס פון אברהם, יצחק און יעקב, ציִסטו דיין יחוס פון דעם, וואָס האָט געזאָגט: „און די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן" (ואל יהא יחוסך קל בעינך. אם אנו מתיחסים לאברהם, יצחק ויעקב, אתה מתיחס למי שאמר והיה העולם...). אַחוץ דעם יחוס פון די עלטערן איז נאָך דאָ אַ גרע־סערער, אַן אַלגעמיין־מענטשלעכער יחוס, מיר זיינען אַלע גאָטס קינדער!

איז דעריבער פאַרשטענדלעך פאַר וואָס גראָד אין דעם יום־טוב פון מתן־תורה לייענט מען די געשיכטע פון רות, די געשיכטע פון דער טאָכטער פון מואב, וואָס איז געוואָרן אַ יידיש קינד. געווען פאַרשיידענע מיינונגען ביי יידן וועגן דעם זין פון אונדזער טראַדיציע און וועגן דער ראָל פון גרים. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געהאַלטן מיטן רמב״ם און זיי זיינען ניט געווען גרייט צו אָנערקענען די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר גרים. עס איז אַגב אַן אַלטע פראַגע, וואָס גרייכט צוריק ביז צו דער צייט פון תנ״ך. האָט דער גרויסער קינסט־לער, וואָס האָט אונדז געשענקט די געשיכטע פון רות, אויך גענומען אַ וואָרט אין דער פראַגע. אויף זיין קינסטלערישן אופן פרוווט ער פאַר אונדז קלאָר צו מאַכן דעם גרויסן, אוניווערסאַלן, עטישן און מענטשלעכן ווערט פון דער יידי־שער טראַדיציע.

דער דיכטער פון מגילת רות האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די פּראָבלע־מען פון די יידישע וואָגלעניש. איין אייגציקע יידישע פאַמיליע אין אַ פרעמדער וועלט, איז דאָ אַן אויסזיכט זיי זאָלן קומען צוריק צו זייער פאָלק?

האָט דער דיכטער אויך די קינדער געגעבן סימבאָלישע נעמען. איינער האָט געהייסן מחלון, דער קרענקלעכער, און דער צווייטער האָט געהייסן כליון, וואָס איז דער טייטש — פאַרלענדונג, דער סוף.

די גאַנצע געשיכטע פון רות איז דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון פאַר־שטענדעניש פאַר דער אידעע פון יידישער אייביקייט, פון נצח ישראל. מיר טאָרן קיין מאָל ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די אָדער יענע גרופּע יידן איז פאַר אונדז פאַרלוירן. קוקט זיך צו צו דער געשיכטע פון דער פאַמיליע אלימלך: דער פאָטער געשטאָרבן אין אַ פרעמד לאַנד; ביידע קינדער חתונה געהאַט מיט די טעכטער פון דעם פרעמדן לאַנד. קאָן מען זיך פאַרשטעלן אַ פאַל, וואָס זאָל זיין מער האָפענונגסלאָז? און דאָך איז סוף־כל־סוף רות, די טאָכטער פון מואב,

געוואָרן טריי דעם פאָלק ישראל. דוד בן ישי, דער קעניג פון ישראל — דער־ציילט אונדז די געשיכטע פון רות — האָט געצויגן זיין יחוס פון דער טאָכטער פון מואב, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ געטרייע טאָכטער פון ישראל.

שבועות איז אַ יום־טוב פון דער אידעע, פון אַן אידעע, וואָס שפּרייזט ווייט אַריבער די ענגערע גרענעצן פון לאַנד און פאָלק. יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויס פון באַרג סיני האָט זיך צעטיילט אויף זיבעציק לשונות, אַזוי, אַז אַלע זיבע־ציק אומות האָבן געהערט און פאַרשטאַנען די געבאָטן פון גאָט, די געבאָטן פון די עשרת הדברות. ווייס איך ניט צי די זיבעציק אומות האָבן אין דער צייט פון מתן־תורה זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דער גרויסער וועלט־היסטאָרישער געשעעניש, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביים באַרג סיני. איך ווייס אָבער יאָ, אַז יאָרהונדערטער שפּעטער זיינען די ווערטער פון דער תורה און די ווערטער פון די נביאים איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַלע לשונות און מענטשן פון גאָר דער וועלט האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צוצוהערן צו די ווערטער, וואָס זיינען צום ערשטן מאָל געהערט געוואָרן ביי יענעם מיסטישן באַרג אין מדבר, ווו אונדזערע עלטערן האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן, ווען זיי זיינען געגאַנגען אויף זייער וועג פון מצרים צום לאַנד פון ישראל.

מיר זיינען די טעג געווען עדות צו אַ גרויסער געשעעניש אין דער גע־שיכטע פון אַמעריקע. דאָס העכסטע געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט איינשטימיק אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס וועגן דעם פּרינציפּ פון אָפּשאָפן סעגרע־גאַציע פאַר די קינדער אין די שולן. די שולן פון דעם דעמאָקראַטישן אַמעריקע מוזן זיין גלייך אָפן פאַר אַלעמען אָן אונטערשייד פון אָפּשטאַם, גלויבן אָדער סאָציאַלער פּאָזיציע. מיר דערנענטערן זיך אַלץ מער צו דער פאַרווירקלעכונג פונעם עיקר־פּרינציפּ פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע — אַלע מענטשן זיי־נען באַשאַפן געוואָרן גלייך. איז דעריבער ניט איבעריק איצט, אין די טעג פון שבועות, צו דערמאָנען, אַז דער דאָזיקער יסוד פון אונדזער מאָדערנער דעמאָ־קראַטיע ציט זיין יחוס פון אַ יידישן קוואַל. און דער קוואַל איז — די געשיכטע פון בראשית, ווו עס ווערט אונדז דערציילט, אַז אַלע מענטשן זיינען קינדער פון איין באַשעפער.

יידיש לעבן אין די גלות־דורות איז געוואָרן מעגלעך, ווייל מיר האָבן געהאַט געשאַפן אַ וועלט־אידעע נאָך איידער מיר זיינען געוואָרן אַ פאָלק; און מיר זיינען געוואָרן אַ וועלט־פאָלק נאָך איידער מיר האָבן געהאַט אונדזער לאַנד. אויך אין אונדזער דור וואָלט עס געווען דער גרעסטער טעות, ווען מיר זאָלן פאַרנאַכלעסיקן די גרויסע און אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן פון אונדזער קול־טור־טראַדיציע. דאָס איז דער זין פון שבועות, פון דעם יום־טוב ווען דאָס געט־לעכע קול האָט זיך געלאָזט הערן איבער גאָר דער וועלט אין זיבעציק לשונות. ניט אַלע האָבן זיך דעמאָלט צוגעהערט. לאָמיר האָפן, אַז די צייט איז ניט מער אַזוי ווייט ווען די גאַנצע וועלט וועט זיך צוהערן און פאַרשטיין דעם זין און די באַדייטונג פון די ווערטער, וואָס זיינען געקומען פון סיני.

# יידישע דעמאָקראַטיע

עס זיינען ניטאָ קיין שטומע מאַסן. די מאַסן באַשטייען פון יחידים און איטלעכער יחיד איז אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך. די יידישע טראַדיציע האָט דאָס, גלייב איך, אויף אַ קלאַסישן אופן געבראַכט צום אויסדרוק אין דעם וויטער־דיקן מאמר אין תלמוד: „דער, וואָס זעט אַ גרויסע מאַסע יידן, דאַרף מאַכן די ברכה: געלויבט איז דער וואָס ווייס אַלע סודות, וואָס זייערע געדאַנקען זיינען ניט גלייך איינער צום אַנדערן און זייערע פּנימער זיינען פאַרשיידן איינער פון דעם אַנדערן" — **הרואה אוכלסי ישראל אומר: ברוך חכם הרזים שאין דעתם דומה זה לזה ואין פרצופיהן דומים זה לזה.**

מען מאַכט ניט קיין ברכה אויף מאַסן, מען מאַכט אַ ברכה אויפן מענטשן, ווייל פאַרשיידן זיינען די מענטשן אין זייערע געדאַנקען, אין זייערע ווונטשן און אין זייער אויסערלעכקייט.

טיפע אמתן באַווייזן זיך צו אונדז אָפט אין פאַרשידענע געשטאַלטן, לויט דער פאַרשידנקייט פון די מענטשן, און פּונקט ווי אַלע מענטשן זיינען אין תוך ברידער, ניט געקוקט אויף זייערע פאַרשידנקייטן, אַזוי זיינען אַלע מענטשלעכע אמתן אויסשטראַלונגען פון איין גרויסן געטלעכן אמת.

אויך אין דער הינזיכט האָט די תלמודישע טראַדיציע אונדז געוויזן דעם וועג. עס איז ביז צום הייַנטיקן טאָג נאָך ווייט ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן דער פאַקט, וואָס דער תלמוד ברענגט כסדר די פאַרשיידנסטע מיינונגען וועגן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום יידישן דין און די יידישע אידעען. דער תלמוד איז פול מיט וויכוחים, מען האַלט כסדר אין דיסקוטירן: בית הלל זאָגט אַזוי און בית שמאי זאָגט אַנדערש; עס דיסקוטירן צווישן זיך ר' עקיבא און זיינע חברים; רב און שמואל; אביי און רבא און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. דער גאַנצער כישוף פון תלמוד באַשטייט אין די פּלוגתאס, אין די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן די תנאים און אמוראים.

געווען אַ גאַנץ קלאָרע כוונה און אַ סיסטעם אין אָט דעם ברענגען די פאַרשיידענע מיינונגען. אַזוי האָבן די תנאים און אמוראים געלערנט זייערע תלמידים צו פאַרשטיין דעם פּשוטן אמת, אַז מענטשן האָבן פאַרשיידענע וועגן פון דענקען און טראַכטן. אָבער ניט געקוקט אויף זייערע חילוקי־דעות געהערן זיי צוזאַמען, ווייל סיי די מיינונגען פון איין צד און סיי די מיינונגען פון דעם צווייטן צד זיינען די ווערטער פון גאָט ברוך הוא (**אלו ואלו דברי אלהים חיים הן**).

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז מיר יידן זיינען געווען אין גאַנצן פריי פון דער מחלה פון פאַנאַטיזם. יידישקייט ווייזט, אָבער, דעם וועג וואָס איז מסוגל אונדז צו פירן צו אַ קולטור פון טאָלעראַנץ און העכסטער דעמאָקראַטיע. און דאָס איז פּשוט דערפאַר, ווייל יידישקייט איז דער וועג צום מענטשן. מיר האָבן קיינעם ניט געצוווּנגען אָנצונעמען אונדזער תורה. פאַרקערט, דער תלמוד מאַכט קלאָר אַן אונטערשייד צווישן די תרי"ג מצוות, וואָס נאָר יידן זיינען

מחוייב זיי אָפּצוהיטן און די אַזוי גערופענע שבע מצוות בני נח, די זיבן גרונט־געבאָטן פון אַלגעמיין מענטשלעכער מאָראַל, וואָס אַלע פעלקער זיינען מחוייב זיי אָפּצוהיטן.

דער תלמוד ווייס אויך אָפּצושאַצן די חסידי אומות העולם, די ערלעכע ניט־יידן, וואָס זיינען זוכה צו עולם־הבא. אַזאַ באַגריף פון צדיקים, וואָס גע־הערן ניט צום אייגענעם גלויבן, איז, למשל, אין קריסטנטום אין גאַנצן ניטאָ. אין דעם פּרט און אין אַ סך אַנדערע הינזיכטן איז יידישקייט גאַרניט אין אַן ערך ליבעראַלער און טאָלעראַנטער ווי דאָס קריסטנטום. טאָלעראַנץ און דעמאָ־קראַטיע איז באַזונדערס אין אונדזער צייט דאָס ערשטע געבאָט פון יידיש לעבן. מיר מוזן זיך צוגעווינען צום געדאַנק פון אַ פּלוראַליסטישער יידישקייט, פון אַ יידישקייט, וואָס באַווייזט זיך אין פאַרשיידענע געשטאַלטן. און אַלע פאָרמען פון יידישקייט האָבן איין וואָרצל, זיי צ:ען זייער יחוס פון דער יידישער גע־שיכטע און פון אונדזער יידישער טראַדיציע. רעליגיע איז זייער אַ דעליקאַטער ענין. געלערנטע און דענקער גיבן־אָפּ אַ סך יאָרן צו פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון רעליגיעזן לעבן. מיר באַמ:ען זיך צו פאַרשטיין אַפילו דעם גלויבן און די מנהגים פון פרעמדע און פון אונדז ווייטע פעלקער. דאַרפן מיר זיך דאָך אַוודאי באַ־מ:ען צו פאַרשטיין דעם גלויבן פון אונדזער פאָלק!

## דער יום־טוב און די יידישע דעמאָקראַטיע

מיט דער צייט איז סוכות געוואָרן דער יום־טוב פון דער יידישער דעמאָ־קראַטיע. אין די טעג פון סוכות איז געווען דער מנהג אַמאָליקע צייטן אויס־צוקלייבן די ריכטער און אַנדערע קהלשע באַאַמטע. געווען אויך אַ מנהג אין די טעג פון סוכות צו באַנייען די מלוכה. פון גאַנצן לאַנד פלעגן יידן זיך צונויפ־קומען אין ירושלים און דער קעניג פלעגט דאַן פאַרן פאַרזאַמלטן פאָלק אָפּגעבן אַ חשבון פון אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אין לויף פון יאָר. גלייכצייטיק פלעגט ער אָפּגעבן אַ פייערלעכע דערקלערונג, אַז ער וועט בלייבן געטריי דער יידי־שער קאָנסטיטוציע און אַז ער וועט מיטן גאַנצן האַרצן אָפּהיטן די געזעצן פון דער תורה. אויסהערנדיק אָט די דערקלערונגען פלעגט דאַן דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק באַנייען די מלוכה, אַזוי אַז דער קעניג האָט באַקומען דאָס רעכט ווייטער צו רעגירן אין נאָמען פון פאָלק.

מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט האָבן זיך אויסגעצייכנט די טעג פון סוכות אין דעם זיבעטן יאָר, דאָס יאָר פון שמיטה.

ניט אַלע האָבן אָבער געהאַט דעם חשק אָפּצוהיטן די געזעצן פון דער תורה. מיר ווייסן ווי שווער עס איז אָפט דורכצופירן סאָציאַלע רעפאָרמען אין דער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט. געווען אויך ביי יידן אַמאָל אַנהענגער פון סע־

גרעגאַציע צווישן קנעכט און פֿרייע, צווישן אָרעמע און רייכע. ווערט דערפֿאַר אין דער תורה אַזוי אָפֿט באַטאָנט די וויכטיקייט פֿון יום־טובֿן צוזאַמען: „און דו זאָלסט זיך פֿרייען אין דיין יום־טובֿ, דו און דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, דער לוי און דער גר, דער יתום און די אַלמנה, וואָס אין דיינע טויערן (ושמחת בחגך אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי והגר והיתום והאלמנה אשר בשעריך).

צוליב דעם זעלביקן טעם פֿלעגט מען אין דעם יאָר פֿון שמיטה אין די טעג פֿון סוכות לייענען די תורה פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק (זע דברים ל״א). „פֿאַרזאַמלט דאָס גאַנצע פֿאָלק, מענער, פֿרויען און קינדער און די גרים, וואָס לעבן מיט דיר, כדי זיי זאָלן הערן און זיי זאָלן מורא האָבן פֿאַר גאָט און זאָלן אָפּהיטן צו טאָן אַלץ וואָס ווערט געזאָגט אין דער תורה (הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך למען ישמעו ולמען ילמדו ויראו את ה׳ אלהיכם ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת).

אַזוי איז סוכות געוואָרן דער יום־טובֿ פֿון יידישער פֿרייהייט און אויך דער יום־טובֿ פֿון יידישער דערציִונג, וואָרים די תורה, די יידישע קאָנסטיטוציע, איז דאַך אויך געווען דער יסוד פֿון יידישן חינוך סיי פֿאַר דער יוגנט און סיי פֿאַר דעם עלטערן דור. דער עיקר אָבער — יידישע פֿרייהייט און יידישע דערציִונג זיינען געווען פֿאַרבונדן מיט פֿרייד, מיט דער פֿרייד פֿון יום־טובֿ און מיט דער פֿרייד פֿון תורה.

דער באַקאַנטער מאמר: „ווער איז אַ גביר, דער וואָס איז צופֿרידן מיט זיין חלק״ (איזהו עשיר השמח בחלקו), האָט אייגנטלעך אַ טיפֿערן זין. דער מענטש דאַרף זיך אויסלערנען די קונסט אַרויסצובאַקומען וואָס מער פֿרייד פֿון לעבן, ווייל אין אַלץ וואָס דער מענטש טוט קאָן ער געפֿינען פֿרייד. עס קאָן זיין פֿרייד אין דער אַרבעט, פֿרייד אין דער פֿאַמיליע, פֿרייד אין עסן און טרינקען, פֿרייד אין לערנען און פֿרייד מיט דער וועלט. די פֿרייד קומט פֿון אינעווייניק, דער מענטש האָט עס אין זיך.

דער באַקאַנטער מוסרניק, ר׳ נאָטע־הירש פֿינקעל, דער גרינדער און פֿירער פֿון דער גרויסער מוסר־ישיבה אין סלאָבאָדקע (ביי קאָוונע), האָט אַמאָל דער־קלערט פֿאַר זיינע תלמידים דעם זין פֿון די ברכות: די וועלט מיינט, האָט ר׳ נאָטע־הירש געלערנט זיינע תלמידים, אַז די ברכות וואָס אַ ייד זאָגט, ווען ער געניסט עפּעס פֿון דער וועלט, איז אַ מין אָפּצאָל וואָס דער מענטש איז מחויב צו געבן דעם רבונו־של־עולם פֿאַר די פֿאַרגעניגנס פֿון דער וועלט. דאָס איז אַ טעות. דער אמתער זין פֿון די ברכות איז גאָר אַן אַנדערער. די ברכות זיינען גאָטס מתנה צום מענטשן, ער זאָל פֿאַרשטיין און באַגרייפֿן די שיינקייט און די פּראַכט פֿון גאָטס וועלט.

דער שטייגער פֿון דער וועלט איז, האָט ר׳ נאָטע־הירש ווייטער באַמערקט, אַז דער מענטש ווערט איבעראַשט נאָר פֿון נייע זאַכן. געוווינט ער זיך צו עפּעס צו, דאַן פֿאַרלירט ער דאָס געפֿיל פֿון פֿרייד און פֿאַרגעניגן ווען ער

געניסט דערפון. דער מענטש דארף אָבער יעדן טאָג באַטראַכטן די וועלט אַט ווי זי וואָלט היינט באַשאַפן געוואָרן. יעדן טאָג דאַרף ער באַוווּנדערן פון דאָס ניי די גרויסקייט און שיינקייט פון גאָטס באַשאַף. צוליב דעם טאָקע האָט אונדז גאָט געשענקט די ברכות, כדי מיר זאָלן יעדן טאָג צוגיין צו דער וועלט ווי ניי־געבוי־רענע, ווי מיר וואָלטן היינט צום ערשטן מאָל געזען פון גאָטס וועלט.

דאָס איז באַזונדערס דער זין פון יום־טוב. מיר ווערן נייע מענטשן, מיר דערזעען אַ נייע וועלט, אַ יום־טובדיקע וועלט. מיר לערנען אַ נייע תורה, אַ תורה, וואָס מיר האָבן היינט באַקומען. איז דען אַ חידוש וואָס דער יום־טוב פאַרשאַפט אונדז אַזוי פיל פרייד?

## די יום־טוב פרייד איז די ריינסטע פרייד

יידן זיינען געווען אַ פאָלק פון פויערים. איז עס פאַר זיי געווען אַ גרויסע פרייד, ווען מען האָט צום סוף פון לאַנדווירטשאַפטלעכן יאָר אַראָפּגענומען די לעצטע פרוכטן פון די פעלדער און ווייַנגערטנער.

און ווייַן, וויסן מיר, ברענגט אַריין פרייד ביים מענטשן אין האַרצן (ויין ישמח לבב אנוש). האָט זיך סוכות דערפאַר אויסגעצייכנט מיט דער נאַטירלע־כער פריילעכקייט פון דעם פאָלקס־מענטשן. אַמאָל פלעגט מען, אמת, אויך איבערכאַפּן די מאָס. די נביאים האָבן דעריבער טענות, וואָס אַפילו ביים מזבח באַגעגנט מען שיכורע. אויך די כהנים און די נביאים, לייענען מיר אין ישעיה, האָבן זיך ניט אָפּגעהיט פון שיכרות (כהן ונביא שגו בשכר). ביסלעכווייז אָבער איז דער יום־טוב פון פרייד אַלץ מער דערהויבן געוואָרן צו אַ יום־טוב פון גייסטיק־געלייטערטער שמחה, פון משיחישער פרייד.

די יידישע טראַדיציע האָט געוווּסט, אַז שמחה איז גאָר אַ גרויסער ענין. עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע שטאַפּלען פון פרייד, נידעריקערע און העכערע. אַזוי, למשל, לייענען מיר אין אבות דרבי נתן, אַז עס זיינען פאַראַן צען נעמען פאַר שמחה (עשרה שמות נקרא שמחה), און דאָס זיינען זיי: ששון, שמחה, גילה, רינה, דיצה, חדוה, א. אַ. וו. די באַצייכענונגען ששון, שמחה, גילה, חדוה באַנוצן מיר אַפילו אין יידיש.

פאַראַן, ווי מיר זעען, פאַרשיידענע פאָרמען און ניואַנסן פון פרייד. פאַראַן פרייד פון פאַרגעסן די צרות, און פאַראַן פרייד פון עפּעס דערגרייכן, עפּעס אויפטאָן, דערהייבן זיך איבער די צרות. פאַראַן פאַלן, ווען מען פרייט זיך מיטן חברס גליק, און פאַראַן אויך, ליידער, פאַלן ווען מענטשן פרייען זיך מיטן חברס אומגליק, ווען מען פרייט זיך מיט יענעמס שאָדן. סוכות איז דער יום־טוב פון ריינער, הייליקער און לויטערער שמחה, דערפאַר הייסט עס זמן שמחתנו.

אויך פסח, דער יום־טוב פון באַפרייונג, איז אַ צייט פון פרייד. עס איז אָבער אַן אַנדער פרייד. עס איז אַ פרייד פון נצחון, איז עס דערפאַר ניט קיין גאַנצע, ניט קיין שלמותדיקע פרייד. עמעצער האָט דאָך אויך פאַרלוירן. עס זיינען, אמת, געווען אונדזערע שונאים. דאָס ענדערט אָבער ניט דעם פאַקט, אַז די שמחה איז ניט קיין פולע. די אַלטע יידישע טראַדיציע האָט דאָס אין גאַנצן ריכטיק אָפּגעשאַצט. ווען די מצרים זיינען דערטרונקען געוואָרן אין ים — דערציילט אונדז דער מדרש — האָבן די מלאכים געוואָלט זאָגן שירה פאַר גאָט ברוך הוא, האָט גאָט צו זיי געזאָגט: מיינע באַשעפענישן טרינקען זיך אין ים און איר ווילט זינגען שירה פאַר מיר?! (**מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה לפני**). די פרייד פון נצחון, אַפילו אין אַ גערעכטן קאַמף פון באַפרייונג, איז ניט קיין פולע פרייד. עס איז אַ פרייד פאַרן זיגער, אָבער ניט פאַר דעם באַזיגטן. די איינציק אמתע און ריינע פרייד איז די פרייד פון שלום.

איז עס אָבער גאָרניט אַזוי גרינג זיך צו דערהייבן צו דער מדרגה פון ריינער און אמתער שמחה. אין אַלטן רוים איז כמעט ניט געווען מעגלעך קיין גרויסע שמחה אָן דעם ברוטאַלן און גרויזאַמען שפּיל פון די גלאַדיאַטאָרן־קאַמפן. מען פלעגט אַרויספירן אויף דער אַרענע אומגליקלעכע געפאַנגענע און מען פלעגט זיי לאָזן איינע די אַנדערע ממיתן ביז צום טויט. און אָט־די שווידערלעכע גלאַ־דיאַטאָרן־קאַמפן זיינען געווען די שטאַרקסטע אַטראַקציע. דאָס פאָלק האָט פאַר־לאַנגט, ממש געפאָדערט, אַלץ מער און מער אַזעלכע שפּילן. די חיה אין מענטשן פאָדערט, ווייזט אויס, איר חלק פאַרגעניגן. מיר ווייסן אַחוץ דעם, אַז אין די שפּאַנישע לענדער איז נאָך ביז צום היינטיקן טאָג פאַרשפּרייט דאָס שפּיל פון די אָקסן־קאַמפן, וואָס זיינען גרויזאַם ווי די גלאַדיאַטאָרן־קאַמפן אין אַלטן רוים, אָבער דאָך נאָך געווען פאַר ברוטאַל פאַר אונדזערע געפילן. פאַרשפּרייט איז אויך דער „איידעלער" מנהג, באַזונדערס אין דער „אַריסטאָקראַטישער" וועלט, אין דער צייט פון יום־טוב אַרויסצופאָרן אויף געיעג אָדער כאַפּן פיש. אַ מערקווער־דיק „איידעלע" הנאה פון פאַרשאַפן צער אַנדערע באַשעפענישן. אויך דאָס רופט זיך פרייד, מענטשלעכע פרייד, אָבער פון גאָר אַן אַנדער מין.

דער אמת איז, אַז אַפילו אין אונדזער אומשולדיקסטער פרייד מישט זיך ניט זעלטן אַריין אַן עלעמענט פון צופרידנהייט מיטן צווייטנס אומגליק.

איז דעריבער ווייטיק צו האָבן אין זינען, אַז די שמחה פון סוכות איז די העכסטע מדרגה פון שמחה. עס איז אַ שמחה פאַר דער גאַנצער וועלט, און דעריבער ווערט סוכות שוין אין תנ"ך באַצייכנט ווי אַ יום־טוב פאַר אַלע פעלקער. און נאָך עפּעס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די טעג פון סוכות. די פרייד פון סוכות איז אַ פרייד פון העכסטער גייסטיקער דערהייבונג. מען האָט אָפט באַהאַנדלט די פראַגע: ווי קומט עס וואָס ביי יידן איז אַזוי ווייניק פאַר־שפּרייט שיכרות? וואָס דער ייד האָט אַרויסגעוויזן דעם כוח זיך אַנטקעגנצו־

שטעלן דעם שווערן נסיון פון ביטערן טראָפּן? די געשיכטע פון די יידישע יום־טובים גיט אונדז דעם שליסל צו פאַרענטפערן די דאָזיקע פראַגע.

שיכרות איז דער וועג צו פאַרגעסן די צרות, צו פאַרגעסן די זאָרגן פון דער וועלט. זיינען די טעג פון יום־טוב אפשר אַ נסיון פאַר אַ סך מענטשן. וויין און יום־טובדיקייט גייען דאָך אַזוי אָפט האַנט־אין־האַנט. מיר ווייסן אגב, אַז אַפילו נאָך אין דער צייט, ווען יידן האָבן געלעבט אַ נאָרמאַל לעבן, איז שיכרות געווען ביי אונדז ניט קיין זעלטענע דערשיינונג. דער נסיון צו פאַרטרינקען די צרות איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט אָנגעהויבן זיין וואַגל־און־וואַנדערוועג איבער דער וועלט.

ווי אַזוי האָבן מיר זיך אויסגעהיט פון די שווערסטע נסיונות און מיר זיינען געבליבן ניכטער, אַ פאָלק, וואָס האָט קיין מאָל זיין קאָפּ ניט פאַרלוירן?

דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל אונדזערע עלטערן האָבן אַנטדעקט אַ מער לויטערן קוואַל פון פרייד, אַ יום־טובדיקע שמחה, וואָס האָט דעם מענטשן דערהויבן, וואָס האָט אים געהאָלפן מבטל צו זיין די צרות, זיך אויסצוטאָן פון דער מאַטעריעלער ווירקלעכקייט און אַריפצושטייגן אין אַ העכערער וועלט.

די יידישע שמחה — איז די שמחה פון גלויבן, גלויבן אין אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט, גלייבן אין אַ משיחישער צייט, אין אחרית הימים. אָט־דער גלויבן, וואָס האָט זיך אַזוי וויניק אַריינגעפּאַסט אין דער אָפּט־טראַגישער יידי־שער ווירקלעכקייט, איז געווען אונדזער וועג פון שיכרות, אונדזער וועג פון מלחמה מיט דער נויט. אויף אַזאַ אופן איז די סוכה געוואָרן דער סימבאָל פון אונדזער עקשנות. עס איז די סוכה פון שלום, די סוכה פון האָפענונג.

די גרויסע מעלה פון די יידישע יום־טובים באַשטייט דערין, וואָס זיי זיינען יום־טובים פון דער פאַמיליע, יום־טובים פון אַן ענגן קרייז. אין בעסטן פאַל זיצן צוויי־דריי פאַמיליעס אין אַ סוכה. דערפאַר איז די פרייד פון יידישן יום־טוב תמיד פאַרמישט מיט אַן עלעמענט פון ערנסטקייט, פון חשבון־הנפש. אַפילו סוכות איז ניט אין גאַנצן פריי פון יידישער ניכטערקייט. מיט דער שטי־מונג פון ערנסטן חשבון איז באַזונדערס דורכגעדרונגען דער טאָג פון הושענא רבה. עס איז דאָך דער טאָג ווען דער גורל פון דער וועלט און די מענטשן ווערט ענדגילטיק באַשטימט. עס איז דער לעצטער אַקט פון דעם גרויסן וועלט־משפט, פון דעם משפט, וואָס הייבט זיך אָן דעם ערשטן טאָג פון תשרי, אין דעם טאָג פון ראש השנה, און פאַרענדיקט זיך ערשט דריי וואָכן שפּעטער, אין דעם טאָג פון הושענא רבה. איז דעריבער פאַרשפּרייט דער מנהג צו פאַרברענ־גען די גאַנצע נאַכט פון הושענא רבה אין די שולן און בתי־מדרשים. מען לערנט, מען זאָגט תהילים, און מען צינדט־אָן אַ סך ליכט. אויך דער טאָג פון שמיני עצרת פאַראייניקט אין זיך נאָךביידע עלעמענטן — פרייד און חשבון. ערשט שמחת־תורה פאַרגינט זיך דער ייד אין גאַנצן אָראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון דאגות און חשבונות. עס איז דער טאָג פון פולסטער און לויטערס־טער פרייד, די פרייד פון דער תורה.

# וועגן די יום־טובים פון „דאַנקען" און „געדענקען"

אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור שפּילן די צוויי ווערטער דאַנקען און געדענקען זייער אַ וויכטיקע ראָל. באַזונדערס ביי אונדז יידן האָבן מיר אַ סך געהאַלטן פון דער מצווה צו דאַנקען און צו געדענקען. אַ יידיש קינד הייבט אָן זיין טאָג מיט ווערטער פון דאַנק, מיט „מודה אני". און אַוודאי איז אַ ייד מחוייב זיין גאַנץ לעבן צו געדענקען: ער דאַרף געדענקען די געשיכטע פון יציאת מצרים און אַלע אַנדערע ניסים, וואָס גאָט האָט געטאָן מיט זיין פאָלק, און ער דאַרף אויך געדענקען די שלעכטע צייטן, וואָס אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט. צייטנווייז ווערט אונדז שווער אַזוי פיל צו געדענקען, און אויך ניט אַלע מאָל ווילט זיך אונדז דאַנקען. וועט עס אפשר זיין אַ שטיקל טרייסט צו וויסן, אַז אויך דאָס פרייע און דעמאָקראַטישע אַמעריקע האָט אַ טאָג פון דאַנקען (טהענקסגיווינג־דעי) און אַ טאָג פון געדענקען (מעמאָריעל־דעי).

אַ טאָג פון געדענקען מוז זיין אַ טאָג פון אַן ערנסטן מאָראַלישן חשבון. יעדער פון אונדז דאַרף זיך פאַרטראַכטן וועגן דער פראַגע: וואָס קאָן און וואָס דאַרף געטאָן ווערן, כדי צו פאַרמיידן די איבערחזרונג פון נייע מלחמות און נייע קאַטאַסטראָפעס? עס איז אָבער היינט צו טאָג לײדער אַ פראַגע, וואָס איז אָפּהענגיק ניט נאָר פון דער דעמאָקראַטישער וועלט אַליין. דער גורל פון דעם שלום אויף דער וועלט ווערט צום אומגליק ניט זעלטן באַשלאָסן פון מענטשן, וואָס האַלטן ניט פון דאַנקען און ניט פון געדענקען.

דער מנהג צו דערמאָנען זיך אָן די פאַרגאַנגענע דורות איז באַזונדערס שטאַרק איינגעוואָרצלט אין דער יידישער טראַדיציע; עס איז דער מנהג פון „יזכור" אָדער „הזכרת נשמות", וואָס ווערט אַזוי הייליק אָפּגעהיט כמעט ביי יעדן יידישן יום־טוב. עס זיינען פאַראַן צווישן אונדז אַ סך, וואָס קוקן אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ אויף אָט די אַלטע טראַדיציעס פון דערמאָנען און געדענקען די נאָענטע, וואָס זיינען פון אונדז אַוועק. דער אמת איז, אַז מיר האָבן ניט קיין שום גרונד פאַר אַזאַ ביטול־באַציִונג. די מנהגים פון „יזכור", יאָרצייט און קדיש זיינען ניט קיין אויסדרוק פון פרימיטיוון אַבערגלויבן, ווי אייניקע מיינען, נאָר גראָד פאַרקערט — פון דער העכסטער און איידלסטער קולטור. אַ מענטש איז ניט אַליין אויף דער וועלט. ער איז אַ רינגעלע אין אַ לאַנגער קייט פון דורות, פון פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. מוז ער עס וויסן און מוז ער עס געדענקען.

דער מנהג צו דערמאָנען דורות, וואָס זיינען אַוועק, האָט אין דער יידישער געשיכטע געהאַט נאָך אַ באַזונדערע באַדייטונג. די יידישע טראַדיציע האָט אויף דעם אופן געפרוווט אַריינברענגען אַ זין און אַ גרויסע אידעע אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע. אונדזערע נביאים און אונדזערע רעליגיעזע דענקער פון די שפּעטערדיקע דורות האָבן בשום אופן ניט געוואָלט און ניט געקענט שלום מאַכן מיט דער וועלט פון זינד און רשעות, מיט וועלכער זיי האָבן זיך כסדר

באַגעגנט. זיי האָבן געזען פאַר זיך די חוצפה פון די רשעים פון איין זייט און די ליידן פון די אומשולדיקע פון דער צווייטער זייט, און זיי האָבן זיך געשטעלט די פראַגע — איז טאַקע „לית דין ולית דיין", איז טאַקע ניטאָ קיין ריכטער און ניטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט?

עס איז זיי אָבער באַזונדערס שווער געווען שלום צו מאַכן מיטן פאַקט, וואָס די וועלט גייט כסדר גערעכט די זיגער; וואָס מען האַלט זיך כסדר אין איין בוקן און פאַלן כורעים פאַר די שטאַרקערע, פאַר די, וואָס האָבן די מאַכט. האָבן דעריבער די נביאים אונדז אויסגעלערנט צו געדענקען און ניט פאַרגעסן: צו געדענקען די עוולות און די רישעות פון די שטאַרקערע און ניט צו פאַרגעסן די ליידן און דעם קידוש־השם פון די שוואַכע. דאָס איז דער זין פון דעם יידישן מנהג פון הזכרת נשמות — אָפּהיטן דעם אָנדענק פון די קדושים און ניט פאַרגעסן „די פרומע, די ערלעכע און שטילע, די הייליקע קהילות, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אויף קידוש־השם" (החסידים והישרים והתמימים, קהילות הקודש שמסרו נפשם על קידוש־השם).

די געשיכטע פון אונדזער קולטור האָט זיך אָנגעהויבן, אַזוי דערציילט אונדז דער דיכטער פון בראשית, מיט אַ ברודער־מאָרד: קין האָט דערהרגעט זיין ברודער הבל. און געמיינט האָט דער ערשטער מערדער, אַז קיינער האָט ניט געזען, אַז אַלץ וועט זיכער מיט דער צייט פאַרגעסן ווערן. האָט זיך אָבער באַוויזן דער ריכטער פון דער וועלט און האָט דעם מערדער גערופן צום משפט. און מערקווערדיק — באַשולדיקט האָט דער ריכטער פון דער וועלט ניט נאָר דעם מערדער אַליין, נאָר אויך דעם איינציקן עדות, וואָס האָט די בלוט־פאַרגי־סונג שטילשווייגנדיק צוגעזען. אָט־דער עדות איז, לויט דער ביבלישער לעגענדע, געווען די ערד, וואָס האָט אויפגעמאַכט איר מויל און האָט איינגעזויגן דאָס פאַרגאָסענע בלוט. האָט דער באַשעפער פון דער וועלט פאַרשאָלטן דעם מערדער און פאַרשאָלטן די ערד, וואָס האָט דאָס פאַרברעכן צוגעזען און געשוויגן.

אַזוי האָט דער ביבלישער דיכטער געפרוווט אָפּהיטן פאַר די קומענדיקע דורות די געשיכטע פונעם ערשטן מערדער און דעם ערשטן קרבן, מיר זאָלן עס אייביק געדענקען און ניט פאַרגעסן.

און די זעלביקע פראָבלעם האָט נאָך מער באַאומרויִקט דעם דיכטער פון איוב. עס האָבן אים ניט אַזוי שטאַרק ווי געטאָן די אומשולדיקע ליידן פון דעם גערעכטן איוב, נאָר דער עיקר — די באַציִונג פון די אַרומיקע. דער דיכטער האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי די וועלט מאַכט אַזוי גרינג שלום מיט די יסורים פון אַן אומשולדיקן. אַפילו די נאָענטסטע פריינד פון דעם אומ־גליקלעכן קומען מיט טענות צו אים: אויב דו ביסט פון גאָט געשטראָפט געוואָרן, האָלטן זיינע פריינד אין איין טענהן, מסתמא האָסט דו געזינדיקט, ביסטו אַוודאי שולדיק!

איוב איז געווען גרייט צו ליידן, גרייט געדולדיק אַריבערצוטראָגן די גרעסטע יסורים, כל־זמן ער איז נאָך געווען זיכער אין דער סימפּאַטיע פון זיינע פריינד,

אין דער אָנערקענונג פון זיינע נאָענטסטע. אָבער אויך פאַרלירן זיינע נאָענטסטע פריינד, זיין גוטן נאָמען, דאָס איז געווען איבער זיינע כוחות, דאָס קען קיין מענטש ניט פאַרטראָגן. און אין אַזאַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג רופט דער ליידנדיקער איוב אויס: „ערד, זאָלסט ניט צודעקן מיין בלוט, און זאָל ניט זיין קיין אָרט פאַר מיין געשריי" (ארץ אל תכסי דמי ואל יהי מקום לזעקתי). איין איינציקן ווונטש האָט דער אומגליקלעכער — די וועלט זאָל וויסן ווי אומשולדיק ער ליידט, די ערד זאָל ניט צודעקן זיין אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט! אויך די קומענדיקע דורות מוזן וויסן, טענהט איוב צו זיינע פריינד, פון זיין אומשולדיקייט און פון זיין אומגליק: „הלוואי ווערן אויפגעשריבן מיינע ווערטער, הלוואי ווערן זיי אין אַ בוך פאַרצייכנט! מיט אַן אייזערנער פעדער און בליי, אויף אייביק אין פעלדז אויסגעהאַקט" (מי יתן איפה ויכתבון מלי, מי יתן בספר ויחקו בעט ברזל ועפרת לעד בצור יחצבון). און דער דיכטער פון איוב האָט דעם ויחקו בעט ברזל ועופרת לעד בצור יחצבון). און דער דיכטער פון איוב האָט דעם וואָרן אין אַ בוך און זיינען אָפּגעהיט געוואָרן פאַר דורות און דורות.

אונדזער פאָלק, וואָס האָט אין אונדזער דור אַזוי פיל געליטן און אַזוי אומשולדיק געליטן, האָט נאָך ניט געפונען דעם דיכטער, וואָס זאָל מיט אַן אייזערנער פעדער אויף אייביק אין פעלדז אויסהאַקן די ווערטער פון זיין צער און זיין פּיין. דאָס באַפרייט אונדז אָבער ניט פון דעם חוב פון געדענקען און ניט פאַרגעסן.

געווען אַ צייט, ווען די שונאי־ישראל האָבן זיך באַגנוגנט מיט אָוועקצונעמען ביי אונדז אונדזערע פאַרמעגנס. מיר זיינען אָפּט געטריבן געוואָרן פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, אָבער אונדזער גייסטיקן פאַרמעגן האָט ביי אונדז כמעט קיינער ניט געוואָגט אָוועקצונעמען. די היינטיקע שונאי־ישראל ווילן אַלץ, און קודם־כל פירן זיי אַ מלחמה קעגן אונדזער נאָמען, קעגן אונדזער קולטור, קעגן דאָס הייליקסטע וואָס מיר האָבן דער וועלט געגעבן. מוזן מיר דעריבער מיט אַ באַזונדערער עקשנות אָפּהיטן דעם נאָמען פון אונדזער פאָלק און דעם כבוד פון אונדזער פאָלק.

קולטור הייבט זיך אָן מיט דעם מאָמענט, ווען מענטשן לערנען זיך אויס צו דאַנקען און צו געדענקען. יעדער דור דאַרף וויסן, אַז ער האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען די פריערדיקע דורות און ער איז דעריבער אויך מחוייב אָפּצוהיטן די ירושה פון זיין פאָלק פאַר קומענדיקע דורות. מיר האָבן פאַר וואָס צו דאַנקען די דורות פון אַמאָל און מיר האָבן וואָס אָפּצוהיטן און וואָס צו געדענקען.

# דער וועג פון אויסלייזונג

צוויי מאָטיוון פאַרנעמען אַ צענטראַלן פּלאַץ אין יידישן לעבן: חשבון און האָפענונג. און גאָר באַזונדערס זיינען די טעג פון חודש אלול, טעג פון חשבון און האָפענונג. מיר מאַכן דעם חשבון פון אַ יאָר, וואָס איז אַוועק, און מיר דערוואַרטן מיט האָפענונג דעם אָנקום פון אַ נייעם יאָר.

חשבון און האָפענונג געהערן צוזאַמען. דער מענטש, וואָס פירט אַ חשבון פון זיין צייט, לעבט מער מיטן מאָרגן ווי מיטן היינט. ער איז אויסגערעכנט, אָפּט פאַרזאָרגט און פאַריאָגט, זיין פאַנטאַזיע איז אָבער כסדר פאַרנומען מיטן חלום פון אַ בעסערן מאָרגן. לעבן מיט אַ חשבון הייסט אָפּט, זיך אָפּזאָגן פון די פאַרגעניגנס פון היינט. מיר געפינען אָבער אַ טרייסט אין דעם חלום. דער, וואָס לעבט מיט חשבון, לעבט מיט האָפענונג.

און אויך ווי אַ פאָלק איז פאַר אונדז יידן כאַראַקטעריסטיש אָט די פאַר־בינדונג פון חשבון און האָפענונג. יידן לעבן אין דער געשיכטע, מיט דער געשיכטע און מיט אַ פעסטן גלויבן אין יידישן קיום פאַר דורות און דורות. דער נעכטן, דער היינט און דער מאָרגן זיינען פאַר אונדז איין גרויסע איינהייט. מיר הייבן אָן אונדזער געשיכטע מיט די טעג פון בראשית און מיר פאַרגעסן ניט דעם חלום פון אחרית הימים, דעם סוף פון די צייטן.

מיר זוכן אַ זין אין לעבן, אַ זין אין דער וועלט. מיר טראַכטן וועגן תכלית, וועגן אַ תכלית פאַרן יחיד און פאַרן כלל. מען וואָלט, אמת, געקאָנט זאָגן, אַז יידן האָבן אַ ריין געשעפטלעכן, אַ זאַכלעכן צוגאַנג צו דער וועלט. אָבער אפשר איז אַזאַ צוגאַנג גאַרניט אַזוי ווייט פון וועג. מיר וואָלטן זיכער מער ניט געהאַט קיין מלחמות, מיר וואָלטן זיך שוין לאַנג אָן עצה געגעבן מיט דער קללה פון אָרעמקייט, ווען מיר וואָלטן אַריינגעבראַכט אַ ביסל חשבון, אַ ביסל שכלדיקע אויסגערעכנטקייט אין אונדזער טאָג־טעגלעכער פּאָליטיק. די צרה פון אונדזער צייט באַשטייט דעריין, וואָס מיר לעבן אין אַ וועלט אָן חשבון.

דער סוחרשער צוגאַנג צום לעבן האָט אָבער אַ סך אַ טיפערן זין. די אידעע פון חשבון איז דאָך דירעקט פאַרבונדן מיט דער אידעע פון מענטשלעכער חשיבות. אַלץ וואָס דער מענטש טוט איז וויכטיק, אַלץ וואָס דער מענטש טוט האָט אַ ווערט און אַ זין פאַר אים און פאַר אַנדערע. דער גורל פון דער גאַנצער וועלט, דער גורל פון אַלע דורות איז אָפּהענגיק פון די מענטשלעכע מעשים, פון די מעשים פון יעדן איינצלנעם .איז טאַקע כדאי אָפּצוועגן און אָפּצומעסטן יעדן שריט אונדזערן. וואָרום אויף דער וואָגשאָל פון דער געשיכטע ווערן געוווגן אונדזערע מעשים, אונדזערע מצוות און עברות.

די שטימונג פון שיכרות, פון אַ ליידנשאַפטלעכן סאַדיזם, פון אַ ווילדן קאַר־נאַוואַל, איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער מאָדערנער קולטור. איר באַגעגנט כסדר אָט די שטימונג אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, אין די נייע ריכטונגען אין דער וועלט פון קונסט און אויך אין דער מוזיק. ניטאָ דאָ

קיין שעפערישע אינטויציע, קיין שעפערישע פרייד. ניטאָ די רויִקייט פון פלאַנירן, פון בויען, פון דערגרייכן. אונדזער מאָדערנע קולטור איז אין אַ גרויסער מאָס אַ קולטור פון דונערן און בליצן, פון טאַראַראַם. ניט פון טראַכטן, נאָר פון טומלען. אַפילו אונדזערע פּאַציפיסטן, אונדזערע אַזוי־גערופענע שלום־זוכער, זיינען ווילדע מיליטאַנטן. איר קאָנט זיך מיט זיי גאָרניט צונויפרעדן אויף אַ מענטשלעכן אופן. זיי רעדן ניט, זיי שרייען, זיי דעמאָנסטרירן. און דאָס אַלץ מיט טומל. זיי אַפּעלירן ניט צו אייער שכל, צו אייער לאָגיק. זיי מאַכן גאָרניט דעם פּרוּוו אייך צו איבערצייגן. זיי האַלטן אין איין שרייען, זיי גלייבן, אַז זיי וועלן אייך איבערשרייען. און דער וועג צו שלום איז ניט דער וועג צו שרייען, צו טומלען, נאָר דער רויִקער וועג פון חשבון, פון אַ רויִקן חשבון, פון אַ זאַכלעכן און ניכטערן וויכוח.

אין דער געשיכטע פון אליהו הנביא ווערט דערציילט ווי גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן ווען ער איז אַנטלאָפן אין מדבר און ער האָט איבערגענעכטיקט אין אַ הייל ביים באַרג חורב (סיני). מיט אַ מאָל האָט אליהו דערהערט גאָטס וואָרט זאָגט צו אים: גיי אַרויס און שטעל זיך אויפן באַרג פאַר גאָט.

מיר לייענען דאָן ווייטער אין ספר מלכים: און דער נביא הערט ווי אַ גרויסער און שטאַרקער שטורעם קומט אָן, אַ שטורעם, וואָס רייסט בערג און ברעכט פעלדזן. „ניט אין שטורעם איז געווען גאָט. און נאָכן שטורעם קומט אָן ערד־ציטערניש — ניט אין דער ערד־ציטערניש איז געווען גאָט. און נאָך דער ערד־ציטערניש אַ פייער — ניט אין פייער איז געווען גאָט. און נאָכן פייער אַ קול פון אַן איידעלער שטילקייט (קול דממה דקה). און ווי אליהו האָט דאָס דערהערט, האָט ער איינגעוויקלט זיין פּנים אין זיין מאַנטל און ער איז אַרויס־געגאַנגען און האָט זיך געשטעלט ביים אַריינגאַנג צו דער הייל:

„ערשט אַ קול איז צו אים געקומען און האָט צו אים געזאָגט: וואָס טוסטו דאָ, אליהו!?"

אויך צו דעם קנאישן און אַזוי צאָרנדיקן נביאישן קעמפער, לערנען מיר דאָ, איז גאָטס קול געקומען ניט אין אַ שטורעם, ניט אין אַן ערד־ציטערניש און ניט אין פייער, נאָר אין דעם קול פון אַן איידעלער שטילקייט, קול דממה דקה.

און איצט, אין די טעג פון חשבון, לאָמיר זיך ניט איינרעדן, אַז די וועלט וועט אויסגעלייזט ווערן דורך ווילדע אויפטרייסלונגען, דורך דונערן און בליצן, דורך שטורעם און פייער. דאָס איז דער וועג פון טראַגישע קאָנפליקטן, אַ וועג אָן חשבון און אָן האָפענונג, אַ וועג פון שיכרות. אונדזער וועג אָבער איז גאָר אַן אַנדערער. גאָטס שטימע דערגייט צו אונדז דורכן קול פון אַן איידעלער שטילקייט. דורך דעם קול דממה דקה. לאָזט זיך ניט פאַרפירן, לאָזט זיך ניט פאַרטומלען פון שטורעמדיקע געשרייען, הערט זיך צו צו גאָטס וואָרט, וואָס קומט צו אייך דורכן קול פון דער איידעלער שטילקייט.

# דער הייליקער בונד און דאָס וועלט־געזעץ

די באַגריפן פון זינד און תשובה זיינען אין תוך אוניווערסאַל, אַלגעמיין־מענטשלעך. עס קאָן אָבער ניט געלייקנט ווערן, אַז ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ באַזונדערער ייִדישער וועג פון תשובה. און דער באַזונדערער ייִדישער וועג פון תשובה איז פאַרבונדן מיטן ייִדישן גלויבן אין דעם פרייען מענטשלעכן ווילן.

די אידעע פון בחירה חפשית, פון פרייען אויסקלייב, ליגט אין יסוד פון דער גאַנצער ייִדישער רעליגיעזער טראַדיציע. דער מאָטיוו פון פרייען אויסקלייב פאַרנעמט שוין אַ צענטראַלן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דעם מעמד הר־סיני, ווען די קינדער פון ישראל האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים באַרג סיני, לייענען מיר אין שמות, האָט משה איבערגעלייענט די תורה פאַרן גאַנצן פאָלק, און אַלע צוזאַמען האָבן געענטפערט: אַלץ, וואָס גאָט האָט גערעדט, וועלן מיר טאָן און געהאָרכן (נעשה ונשמע). דאָס פאָלק האָט דאָן זיך פריי־וויליק פאַרפליכטעט דורך אַ פייערלעכער צערעמאָניע פון אַ בונד (ברית) אָפּ־צוהיטן אַלע געבאָטן פון דער תורה. צוליב דעם טעם ווערט די תורה באַצייכנט ווי דאָס „בוך פון בונד" (ספר הברית). דער פּרינציפּ פון דעם פרייוויליקן אָפּמאַך, דער בונד צווישן פאָלק און גאָט, איז אַ צענטראַלער מאָטיוו אין דער גאַנצער ייִדישער פילאָזאָפיע. די געבאָטן פון דער תורה זיינען ניט סתם אַ גזירה פון הימל, נאָר אַ פרייוויליקער יאָך, אַ מאָראַלישע פאַרפליכטונג, וואָס דאָס פאָלק האָט אויף זיך גענומען.

און צוליב דעם טעם טאַקע האָט דער באַגריף זינד ביי ייִדן גאָר אַן אַנדערע באַדייטונג. דער זינדיקער מענטש האָט געבראָכן זיין אייגענעם בונד, ער האָט ניט אָפּגעהיט דעם אָפּמאַך, וואָס ער האָט אויף זיך אַליין גענומען. די ייִדישע געזעצן זיינען ניט קיין דרויסנדיקע געבאָטן, וואָס אַ פרעמדע מאַכט האָט אויף אונדז אַרויפגעוואָרפן, נאָר פאַרפליכטונגען, וואָס מיר האָבן אויף זיך אַליין גענומען. און דערפאַר טאַקע, ווען דער ייִדישער מענטש באַגייט אַ זינד, שעמט ער זיך פאַר זיך אַליין, ער האָט ניט אויסגעהאַלטן זיין אייגענעם עקזאַמען.

און ווען די נביאים קומען מיט טענות צום פאָלק, ווייל זיי האָבן ניט אָפּגעהיט די געבאָטן פון דער תורה, וואָרענען זיי אין גאָטס נאָמען, אַז דאָס פאָלק האָט ניט אָפּגעהיט דעם אָפּמאַך, דעם בונד (יען אשר עברו... את בריתי). און דער נביא ישעיה טענהט זיך אויס מיטן פאָלק: „דאָס גאַנצע לאַנד איז פול מיט זינד, ווייל זיי האָבן ניט אָפּגעהיט די געבאָטן, זיי האָבן אַריבערגעטראָטן דאָס געזעץ, זיי האָבן פאַרשטערט דעם אייביקן בונד" (הפרו ברית עולם). דאָ קומט צו נאָך אַן אידעע. ברית עולם קאָן באַדייטן ניט נאָר דער אייביקער בונד, נאָר אויך דער וועלט־בונד, די אייביקע וועלט־געזעצן. ווייל די תורה ווערט פון די נביאים באַטראַכט ווי אַ וועלט־געזעץ. אַט די צוויי צענטראַלע

אידעען, אַ בונד און אַ וועלט־געזעץ, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן יידישן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון זינד און תשובה.

און טאַקע מחמת דעם איז די גאַנצע אידעאָלאָגיע פון „ציווילער אומגע־האָרכזאַמקייט" פון יידישן שטאַנדפּונקט דער גרעסטער אומזין. וואָס הייסט עס דען ניט פאָלגן געזעצן? דאָס זיינען דאָך אונדזערע געזעצן, מענטשלעכע גע־זעצן, גאָטס געזעצן, די געזעצן פון דער וועלט. ווען אַ מענטש זאָגט זיך אָפּ צו פאָלגן אָט די וועלט־געזעצן, ווערט ער אויס מענטש.

אינעם ליכט פון דעם הייליקן בונד זעט דער נביא יהושע די גאַנצע גע־שיכטע פון דער וועלט. שוין דער ערשטער מענטש, זאָגט אונדז יהושע, האָט געבראָכן דעם בונד. און דער נביא פאַרגלייכט די יידישע זינד פון זיין צייט מיט דער זינד פון דעם ערשטן מענטשן: והמה כאדם עברו ברית, פונקט ווי אדם אַזוי האָבן אויך די יידן געבראָכן דעם בונד.

אַ דענקער ווי ניטשע האָט ריכטיק באַמערקט, אַז די גרויסקייט פון דעם מענטשן באַשטייט דערין, וואָס ער קאָן מאַכן אַ צוזאָג. צוזאָגן און מקיים זיין, נעמען אויף זיך פליכטן און אָפּהיטן זיי — דאָס איז דער יסוד פון דער מענטש־לעכער ציוויליזאַציע. וואָס איז אייגנטלעך די קאָנסטיטוציע פון אַמעריקע? דאָ האָבן מיר פאַר זיך דעם בונד, וואָס די פּאַטערס פון דער דעמאָקראַטישער אַמעריקע האָבן אָנגענומען. אַלע אונדזערע געשעפטלעכע אָפּמאַכן, די באַ־ציִונגען צווישן אַרבעטער און בעלי־בתים און אַפילו די באַציִונגען אין דער פאַמיליע זיינען געבויט אויפן פּרינציפּ פון בונד. אַזוי באַקלאָגט זיך דער נביא מלאכי אויף די יידן פון זיין צייט, ווייל אַ סך פון זיי האָבן פאַרלאָזן זייערע פרויען. מיט פאַרביטערונג שרייט אויס דער נביא: „גאָט איז געווען דער עדות צווישן דיר און דער פרוי פון דיין יוגנט, וואָס דו האָסט געפעלשט אין איר, און זי איז דאָך דיין חברטע, די ווייב פון דיין בונד" (והיא חברתך ואשת בריתך). גאָט איז דער עדות פון דעם הייליקן בונד צווישן מאַן און ווייב.

דערפאַר שטייט פאַר יעדן יידן כסדר די פראַגע, ווי ווערט מען אַ בעסע־רער מענטש? די הנחה איז: דו קאָנסט ווערן אַ בעסערער מענטש. דאָס איז דער עיקר אַ פראַגע פון דיין ווילן, פון דיין עקשנות. אין דעם זין קאָן מען זאָגן, אַז יידישקייט איז אַ פילאָזאָפיע פון פרייען ווילן, פון דעם כוח פון מענטשלעכן ווילן. און טאַקע מיט דעם צייכנט זיך אַזוי אויס די יידישע טראַדיציע.

אין זיין „הלכות תשובה" זאָגט אונדז דער רמב"ם:

„דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן די פולע מאָראַלישע פרייהייט. אויב ער וויל אויסקלייבן פאַר זיך דעם גוטן וועג און ווערן אַ צדיק, האָט ער די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. און אויב ער וויל אויסקלייבן דעם וועג פון בייז און ווערן אַ רשע, האָט ער די פרייהייט דאָס צו טאָן... ניטאָ נאָך אַ באַשעפע־ניש, וואָס זאָל זיין גלייך צום מענטשן אין דעם פּרט. און לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון דעם געדאַנק, וואָס עס זאָגן די טפשים פון די אומות העולם און

דער רוב פון די יידישע צעטומלטע, אַז דער באַשעפער האָט פאָרויס באַשטימט דעם וועג פון יעדן מענטשן: צי ער זאָל זיין אַ צדיק, אָדער אַ רשע. דאָס איז אין גאַנצן ניט ריכטיק. ביירעט, יעדער מענטש איז ראוי צו זיין אַ צדיק ווי משה רבנו אָדער אַ רשע ווי ירבעם".

דער רמב"ם פאָלעמיזירט דאָ גאָר באַזונדערס קעגן דער אידעע פון פרע־דיסטינאַציע, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין דער קריסטלעכער וועלט. די דאָגמע פון פרעדיסטינאַציע מיינט, אַז אַלץ איז פאָרויס באַשטימט פון דער השגחה. מיט זיין אייגענעם וויסן און מיט זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען, זאָגן די אָנהענגער פון פרעדיסטינאַציע, קאָן דער מענטש גאָרניט אויפטאָן. אַלץ איז אָפּהענגיק פון גאָטס ווילן, פון די פאָר אונדז פאַרבאָרגענע פלענער פון דער השגחה. אין דער קריסטלעכער וועלט האָבן זיך געפירטליידנשאַפטלעכע וויכוחים אַרום דעם ענין פרעדיסטינאַציע. און גאָר אַ סך פסיכאָלאָגן און סאָ־ציאָלאָגן פון אונדזער צייט האָבן פאַקטיש אָנגענומען אָט די קריסטלעכע דאָגמע אין אַ סעקולאַריזירטער פאָרעם. איך האָב דאָ אין זינען די פילאָזאָפיע פון דעטערמיניזם, וואָס גלייבט, אַז דער מענטש איז אויסשליסלעך אַ פּראָדוקט פון דער סביבה און פון די באַדינגונגען, אין וועלכע עס קומט אים אויס צו לעבן.

אין דער טעאָריע פון דעטערמיניזם איז בלי ספק פאַראַן אַ קערנדל אמת. יעדער מענטש ווערט שטאַרק באַאיינפלוסט פון זיין סביבה, ווער אָבער ענדערט די באַדינגונגען פון לעבן, אויב ניט דער מענטש?

פאַראַן אַזוי אַרום צוויי וועגן: מען קאָן זיך לאָזן פירן פון באַדינגונגען. מען קאָן אַראָפּוואַרפן די שולד אויף אַנדערע, און מען קאָן זיך אויך אַנטקעגנ־שטעלן די באַדינגונגען. דער מענטש, וואָס שטעלט זיך העכערע מאָראַלישע פאָדערונגען, וואַרפט ניט אַרויף די שולד פאַר זיינע שוואַכקייטן אויף אַנדערע. ער קומט קודם־כל מיט טענות צו זיך אַליין.

## דער וועג פון מאָראַלישער שלמות

עס איז פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז די פּראָבלעמען פון זינד און תשובה, זיינען אין גאַנצן ניט אַקטועל אין אונדזער צייט. זינד און תשובה, ווערט אָפט אָנגענומען, זיינען באַגריפן פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה. איר וועט ניט געפינען קיין וואָרט וועגן אָט די רעליגיעז־מאָראַלישע באַגריפן אין דער מאָדערנער סאָציאָלאָגישער ליטעראַטור, הגם זיי האָבן גאָר אַ גרויסע סאָציאַלע באַדייטונג. דער מאָטיוו פון זינדיקייט און דאָס געפיל פון שולדיקייט ווערן, אמת, באַ־האַנדלט אין דער מאָדערנער פסיכאָלאָגישער ליטעראַטור. אָבער ניט ווי אַ מאָ־ראַלישע פּראָבלעם, נאָר ווי אַ סימפּטאָם פון אַן אומנאָרמאַלן פסיכישן צושטאַנד. מען שרייבט גאָר אַ סך וועגן דעם אַזוי גערופענעם שולד־געפיל, באַזונדערס

אין דער פסיכאָאַנאַליטישער ליטעראַטור. מענטשן טראָגן זיך אַרום מיט אַ געפיל, אַז זיי האָבן געזינדיקט, אַז זיי זיינען קעגן עמעצן באַגאַנגען אַן עוולה. אָבער אויך די מאָדערנע פסיכאָלאָגיע פאַרשטייט אין גאַנצן ניט די פּראָבלעם פון זינד און תשובה. ווייל זינד און תשובה זיינען אין תוך ניט קיין פסיכאָלאָגישע נאָר מאָראַלישע קאַטעגאָריעס. און די מאָדערנע פסיכאָלאָגיע האָט נאָך ניט געפונען דעם וועג צו דער מאָראַלישער און רעליגיעזער פּערזענלעכקייט. זיגמונד פרויד האָט אָט די ענינים אין גאַנצן איגנאָרירט.

אַנטקעגן דעם האָט אַלפרעד אַדלער, דער שעפער פון דער אינדיווידואַל־פסיכאָלאָגיע, אַרויסגעוויזן מער פאַרשטענדעניש פאַר די רעליגיעז־עטישע זוכע־נישן פון דעם מאָדערנעם מענטשן. אָבער אַפילו אַלפרעד אַדלער קאָן אונדז דאָ ווייניק העלפן. ער איז געווען צו שטאַרק אָפּגעריסן פון דער רעליגיעזער טראַדיציע. לאָמיר זיך דאָ דעריבער באַקענען מיט די צענטראַלע מאָטיוון, וואָס ליגן אין יסוד פון דער יידישער פילאָזאָפיע וועגן זינד און תשובה, טאַקע איצט אין די טעג פון סליחות.

מיר טיילן געוויינטלעך איין די מצוות פון דער תורה אין צוויי גרופּעס: געבאָטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער באַציִונג צווישן מענטש און גאָט (מצוות שבין אָדם למקום) און די געבאָטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש (מצוות שבין אָדם לחברו). קיינער לייקנט ניט די וויכטיקייט פון די ריין עטישע געבאָטן, פון די מצוות, וואָס רעגולירן די באַציִונ־גען צווישן מענטש און מענטש, אָדער צווישן דעם יחיד און דעם כלל. אַנטקעגן דעם האַלט מען היינט גאָר ווייניק פון די ריין רעליגיעזע מצוות. אָט די געבאָטן ווערן אַריינגענומען אין דער קאַטעגאָריע פון ריטואַל און צערעמאָניע, ענינים, וואָס אָפּעלירן ניט צו שטאַרק צו דעם מאָדערנעם מענטשן.

אָט די באַציִונג פון אויבן אַראָפּ צו ריטואַל און צערעמאָניע איז אָבער אַבסאָלוט ניט באַרעכטיקט. די מצוות, וואָס רעגולירן די באַציִונגען צווישן דעם איינצלנעם און זיין באַשעפער, האָבן באמת גאָר אַ טיפן זין און אַ גרויסן מענטשלעכן ווערט. אַ זינד קעגן דעם באַשעפער איז אין תוך אַ זינד קעגן דעם אייגענעם איך. אַ מענטש קאָן זינדיקן קעגן זיך אַליין: אַ מענטש קאָן פאַר־אומרייניקן זיין אייגענעם איך; אַ מענטש קאָן פאַרשוועכן זיין אייגענעם נאָמען. די מצוות צווישן גאָט און מענטש זיינען אייגנטלעך מצוות, וואָס באַשטימען די באַציִונגען פון דעם מענטשן צו זיין אייגענער פּערזענלעכקייט.

אַ מענטש דאַרף אַלץ טאָן, כדי אָפּצוהיטן דעם אייגענעם כבוד אין זיינע אייגענע אויגן. דער מענטש, וואָס טראָגט זיך מיט שטימונגען פון זינדיקייט און שולדיקייט, פילט, אַז ער האָט זיך מיט עפּעס באַפלעקט. זוכט ער אַ וועג ווי אָפּצוואַשן אָט דעם פלעק פון זיין פּערזענלעכקייט, זוכט ער דעם וועג צו תשובה.

די מצוות זיינען געגעבן געוואָרן פאַר מענטשן. דער מענטש, וואָס זוכט אַ זין אין לעבן, זוכט דעם וועג פון מצוות. ביז גאָר באַלערנדיק איז אין דעם

פרט די אינסטיטוציע פון שבת. קריסטלעכע דענקער האָבן תמיד געהאַלטן אין איין פּאָלעמיזירן קעגן דעם שטרענגן יידישן שבת. זיי האָבן דערין בלויז געזען אַ דרויסנדיקן יאָך, וואָס אונדזערע חכמים האָבן אַרויפגעוואָרפן אויפן פאָלק. זיי האָבן אין גאַנצן ניט געזען די קאָלאָסאַלע סאָציאַלע באַדייטונג פון שבת ווי אַ טאָג פון אָפּרו פאַר די אָרעמסטע. זיי האָבן אַחוץ דעם אין גאַנצן ניט געזען דעם אויסערגעוויינטלעך מענטשלעכן ווערט פון שבת. עס האָט זיך דאָ ניט געהאַנדלט סתם וועגן מקיים זיין די געבאָטן פון דער תורה, נאָר וועגן דערהייבן די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. שבת, שבתדיקייט איז אַ שטאַפּל, אפשר דער וויכטיקסטער שטאַפּל אויפן וועג פון מענטשלעכער און מאָראַלישער שלמות.

אין אונדזער יידישער טראַדיציע ווערט זינד אָפט פאַרבונדן מיטן באַגריף פון אומריינקייט, פון טומאה, בעת דער וועג פון מצוות ווערט באַטראַכט ווי דער וועג צו קדושה. אַזוי רופט אויס דער נביא ישעיה: „וואַשט אייך, רייניקט אייך, טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים פון אַנטקעגן מיינע אויגן".

גאָר באַזונדערס ווערן די באַגריפן ריין און אומריין באַנוצט אין שייכות מיט סעקסועלע זינד, געצנדינסט און אומגערעכטיקייט. אַזוי לייענען מיר אין יחזקאל: „דאָס הויז פון ישראל האָבן זיצנדיק אויף זייער ערד פאַראומרייניקט דאָס לאַנד מיט זייער וועג און מיט זייערע אומריינע מעשים... און איך האָב זיי צעשפּרייט צווישן די פעלקער און צעוואָרפן איבער די לענדער..." און דאָן זאָגט אונדז דער נביא, אַז גאָט וועט צונויפזאַמלען די יידן פון אַלע גלותן און וועט זיי ווידער ברענגען אין זייער לאַנד „און איך וועל אויף אייך שפּריצן ריין וואַסער — זאָגט דער נביא אין גאָטס נאָמען — און איר וועט ריין ווערן פון אַלע אייערע אומריינקייטן און פון אַלע אייערע אָפּגעטער וועל איך אייך רייניקן, און איך וועל אייך געבן אַ ניי האַרץ, און אַ ניי געמיט וועל איך אייך געבן... און איך וועל אייך העלפן פון אַלע אייערע אומריינקייטן".

עס איז ביי אונדז פאַרשפּרייט די פאַרשטעלונג, אַז מאָראַל דאַרף מען ניט לערנען, אַז מאָראַל קומט פון זיך אַליין. דאָס איז דער סאַמע געפערלעכסטער טעות גראָד אין אונדזער צייט. מיר זעען אָפט ווי באמת אידעאַליסטישע מענטשן ווערן אַריינגעשלעפּט אין נעץ פון זינד, פון אַמביציעס און אינטריגעס. באַזונ־דערס געפערלעך איז אין דעם פּרט דער פּאָליטישער קאַמף. דאָ זיינען דאָך אַלע מיטלען כשר, אויב זיי פירן נאָר צו דעם אַזוי גערופענעם ריכטיקן ציל. און אַפילו אין אונדזערע פּרוּוון צו דערגרייכן אַ העכערע מדרגה פון שלמות שטויסן מיר זיך אָן אויף אויסערגעוויינטלעכע שטערונגען און שטרויכלונגען.

דער מענטש, וואָס זוכט דעם וועג צו העכסטער שלמות, האָט אָפט די זינדיקע אַמביציע איבערצויאָגן אַנדערע. עס ווילט זיך אים זיין דער גרעסטער צדיק. און אין אָט־דער יאָגעניש נאָכן העכסטן רעקאָרד אין צדקות פאַרפּלאָנ־טערט ער זיך אין דעם זינדיקן געוועב פון רכילות און לשון־הרע. דערפאַר איז דער ענין תשובה אַזוי געוואַלדיק וויכטיק. תשובה איז פאַרבונדן מיט אַ גרינט־לעכן חשבון פון די אייגענע מעשים. און ווען מען מאַכט דעם ערנסטן חשבון

מיט זיך אַליין, הייבט מען אָן צו פאַרשטיין די פּראָבלעמען און די זאָרגן פון דעם מיט־מענטשן. אויך דער וועג צו שלמות איז פול מיט שטרויכלונגען, מיט געפאַרן. מיר זיינען שוואַכע מענטשן מיט גרויסע אַמביציעס; מיר זיינען פול מיט אַמביציעס פון זינד און מיט אַמביציעס פון מאָראַלישער און מענטשלעכער שלמות. איז דערפאַר דער וועג פון שלמות ניט סתם אַ וועג פון קאַמף נאָר קודם־כל אַ וועג פון חשבון־הנפש.

## דער מאָראַלישער קריזיס אין דער וועלט

די ימים נוראים, די טעג פון ראש השנה און יום כיפור, זיינען אייגנטלעך די יידישע טעג אינעם לעבן פון יידישן מענטשן הײנט. דאָס זיינען די טעג ווען אויך דער, וואָס איז אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון דער יידישער וועלט, דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַ ייד. אַ מערקווערדיקע קראַפט שטראַלט פון די טעג פון ראש השנה און יום כיפור. מיר ווייסן, די ימים נוראים זיינען טעג פון תשובה, טעג פון חשבון הנפש. דער מענטש מאַכט דעם חשבון מיט זיך, מיט דער וועלט און מיט זיין באַשעפער. אין תוך אָבער זיינען ראש השנה און יום כיפור אין גאַנצן אַ באַזונדערער מאָס הייליקע טעג, די טעג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, פון יעדן יחיד ווי אַ מאָראַלישע פערזענלעכקייט.

אויך אין די תפילות פון ראש השנה און יום כיפור קומט דייטלעך צום אויסדרוק אָט־די בענקעניש נאָך אַ נייער וועלט. דער אידעאַל איז מלכות שמים, גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד. אין תוך אָבער איז דער זין פון ראש השנה און יום כיפור העלפן דערציִען דעם נייעם מענטשן, דעם בעסערן מענטשן. עס איז דער באַנייטער מענטש, דער מאָראַליש ניי־געבוירענער, וואָס איז באַרופן צו שאַפן די נייע וועלט. אונדזערע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס זאָגן: לאָמיר שאַפן די נייע געזעלשאַפט, וועט שוין ממילא קומען דער נייער מענטש; אַנטקעגן דעם זאָגן אונדז די טעג פון תשובה און חשבון־הנפש: לאָמיר דערציִען דעם נייעם מענטשן, וועט ממילא קומען אַ נייע וועלט!

מיר קאָנען הײנט זאָגן, אַז ביידע וועגן זיינען ריכטיקע און ביידע וועגן זיינען נייטיק. מען קאָן ניט לייקענען די גרויסע באַדייטונג פון די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, וועלכע קאָנען געלייזט ווערן נאָר אויף אַ קאָ־לעקטיוון אופן, דורך דער מלוכה אָדער דורך געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען פון אָרגאַניזירטע גרופּעס. אָבער פּונקט אַזוי טאָרן מיר ניט אַרויסלאָזן פון אויג די אַנטשיידנדיקע ראָל פון דעם יחיד, פון דער מאָראַלישער פערזענלעכקייט.

עס וואָלט געווען אַ סך גרינגער צו פאַרענטפערן אַ צאָל דעליקאַטע סאָ־ציאַלע פּראָבלעמען און קאָנפליקטן, ווען מיר וואָלטן געשענקט מער אויפ־מערקזאַמקייט דעם ענין פון מאָראַלישער דערציִונג. מיר קאָנען אין דעם פּרט

גאַר אַ סך לערנען פון דער געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד. דער פאַקט וואָס סטאַלין האָט געקאָנט ווערן דער אַבסאָלוטער דיק־טאַטאָר פון אַ גרויס לאַנד איז דאָך פאַר אונדז אַ רעטעניש. סטאַלין איז ניט געווען די וויכטיקסטע פערזענלעכקייט צווישן די קאָמוניסטישע פירער נאָך לענינס טויט. ער האָט זיך ניט אויסגעצייכנט ווי אַ טעאָרעטיקער פון קאָמוניזם, ער איז אויך ניט געווען קיין גרויסער רעדנער און קיין מאָראַלישע פערזענלעכקייט איז ער אָוודאי און אָוודאי ניט געווען.

טראַכטן מיר זיך אַריין אין אָט דעם אַזוי פאַרוויקלטן ענין, דאַן ווערט פאַר אונדז קלאָר, אַז שולדיק איז דאָ געווען קודם־כל די מאָראַלישע צעפאַלנ־קייט און געפאַלנקייט אין די קרייזן פון דער קאָמוניסטישער פירערשאַפט.

עס האָט גענומען בערך צען יאָר ביז סטאַלין איז געוואָרן דער פולשטענ־דיקער בעל־הבית אין רוסלאַנד. ווי אַזוי האָט סטאַלין דערגרייכט זיין ציל? גאָר פשוט: ער האָט אויסגענוצט פאַר זיינע פלענער די פירער פון דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי. ער האָט פריִער אַרויסגעוואָרפן דעם געפערלעכסטן קאָנקו־רענט — דעם פאָפולערן לעאָ טראָצקי, דאָס האָט ער דערגרייכט מיט דער הילף פון אַנדערע קאָמוניסטישע פירער ווי קאַמענעוו און זינאָוויעוו. שפּעטער איז ער פטור געוואָרן פון קאַמענעוון און זינאָוויעוון און אַזוי האָט ער ביסלעכווייז באַזייטיקט אַלע אַנגעזעענע קאָמוניסטישע פיאָנערן פון לענינס צייט ביז ער איז געבליבן איינער אַליין אויפן קאָמוניסטישן אָלימפּ.

פאַר וואָס האָבן די קאָמוניסטישע פירער זיך געלאָזט אָפּנאַרן, פאַר וואָס האָבן זיי זיך געלאָזט פאַרפירן פון דעם גרויסן אינטריגאַנט? ווייל ס'איז ניט געווען קיין ערלעכע פריינדשאַפט צווישן די, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע, צווישן די, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אַ קאָמוניסטישער אָרדענונג. אַלע האָבן אינטריגירט איינער קעגן דעם אַנדערן. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט די אַמביציע צו ווערן דער דיקטאַטאָר. מען האָט דעם נאָענטסטן פריינד ניט געגלייבט, מען האָט איינער דעם אַנדערן פאַראַטן. וואָלטן אין דעם העכסטן קרייז פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין רוסלאַנד געווען פיר־פינף ערלעכע פירער מיט אַ פעסטן מאָראַלישן כאַראַקטער, וואָלטן זיי באַוויזן צונישט־צו־מאַכן סטאַלינס כיטרע אינטריגעס. זיי וואָלטן בשום אופן ניט דערלאָזט מ'זאָל באַזיי־טיקן איינעם נאָך דעם אַנדערן די פיאָנערן פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע, אָבער די מאָראַלע פראָבלעם פאַר זיך אַליין האָט פאַר זיי ניט עקזיסטירט. עס איז כמעט קיינעם פון זיי ניט איינגעפאַלן זיך צו רעכענען מיט טראָצקיס פאַר־דינסטן פאַר דער רעוואָלוציע, ווייל זיי זיינען אַלע געווען פאַרשיכורט מיט דעם יצר־הרע פון מאַכט, ניט געווען קיין פריינדשאַפט, ניט געווען קיין ברידערלעכקייט, ניט געווען קיין סימן פון חברשער באַציִונג פון איינעם צום צווייטן.

ווען די קאָמוניסטישע פירער אין רוסלאַנד וואָלטן געהאַט מער צוטרוי איינער צום אַנדערן, ווען זיי וואָלטן זיך באמת געפילט ווי שותפים אין איין גרויסער באַוועגונג, וואָלט דער כיטרער סטאַלין אויטאָמאַטיש באַזייטיקט גע־

װאָרן. דאָ זעען מיר װי זינלאָז עס איז די טעאָריע, אַז מען קאָן שאַפֿן אַ נײַע װעלט, אַ בעסערע װעלט בלױז מיט די מעטאָדן פֿון פּאָליטישער אַגיטאַציע און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. מיר נײטיקן זיך אין פֿירער מיט אַ פֿעסטן מאָראַלן כאַראַקטער, אין לױטערע מאָראַלישע פּערזענלעכקײטן, כּדי אױפֿצובױען אַ בעסערע װעלט. אונדזערע אַלע טעאָרעטיקער און פֿילאָזאָפֿן האָבן דעם פֿונדאַמענטאַלן פֿאַקט אַרױסגעלאָזן פֿון אױג. זײ האָבן ניט פֿאַרשטאַנען די מאָראַלישע פּראָבלעמען בכלל און די פּראָבלעמען פֿון זינד און תּשובֿה גאָר באַזונדערס.

שטעלן מיר װײַטער די פֿראַגע: װי אַזױ איז עס מעגלעך געװען, אַז היטלער זאָל קומען צו דער מאַכט אין דײַטשלאַנד, אין אַ לאַנד, װאָס האָט פֿאַרנומען אַזאַ פֿירנדיקע פּאָזיציע אין דער מאָדערנער קולטור־װעלט. אױך דאָ איז דער ענטפֿער — די מאָראַלישע שװאַכקײט פֿון דעם דורכשניטלעכן דײַטשן בירגער און די מאָראַלישע שװאַכקײט פֿון די גאַנץ מיטלמעסיקע פֿירער פֿון דער דײַטשער דעמאָקראַטיע.

איך האָב פּערזענלעך פֿאַרבראַכט אַ צאָל יאָרן אין דײַטשלאַנד, דאָס זײַנען געװען די יאָרן פֿון דער װײַמאַרער רעפּובליק, װען די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געשפּילט אַזאַ אָנגעזעענע ראָל אין אינעם פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד. איך בין פּערזענלעך געשטאַנען נאָענט צו דער סאָציאַליסטישער באַװעגונג און עס װאָלט געװען, גלײב איך, אַ טעות צו פֿאַרשװײַגן די פֿאַקטן. דער פֿולער אמת איז, אַז די סאָציאַליסטישע פֿירערשאַפֿט אין דײַטשלאַנד איז ניט געשטאַנען אױף דער געהעריקער הײך, גײַסטיק און מאָראַליש. פֿון אַ סאָציאַליסטישן פֿירער האָט דאָס פֿאָלק מער פֿאַרלאַנגט, פֿון אַ סאָציאַליסטישן פֿירער האָט דאָס פֿאָלק גאָר אַ סך דערװאַרט. האָבן אָבער די סאָציאַליסטישע פֿירער זיך אױפֿגעפֿירט אױף אַ באַלעבאַטיש־בירגערלעכן אופֿן. און דאָס איז געװען ניט גענוג אין אַ צײַט פֿון אַ שװערן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און מאָראַלישן קריזיס. מיטלמעסיקע פֿירער האָבן די לאַגע ניט געקאָנט באַהערשן. איך װיל דאָ בפֿירוש באַמערקן, עס האַנדלט זיך דאָ ניט װעגן קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע. בדרך כּלל האָבן די סאָציאַליסטישע פֿירער אין דײַטשלאַנד זיך גוט געהאַלטן. אױך נאָך דעם װי די נאַציס זײַנען געקומען צו דער מאַכט, האָבן די סאָציאַליסטישע פֿירער אין זײער װײַט גרעסטער מערהײט ניט פֿאַראַטן די סאָציאַליסטישע אידעאַלן. אָבער דאָס איז געװען װײניק. די צײַט האָט געפֿאָדערט מאָראַלישע פּערזענלעכקײטן פֿון גאָר אַ גרױסן פֿאַרנעם, און אַזעלכע פּערזענלעכקײטן האָט די סאָציאַליסטישע באַװעגונג אין דײַטשלאַנד ניט געהאַט.

פֿאַר װאָס זײַנען מיר אַזױ אױמרוזיק? װײַל מיר האָבן ניט קײן צוטרױ צו דער קאָמוניסטישער פֿירערשאַפֿט אין רוסלאַנד. מיר גלײבן ניט זײערע צוזאָגן, זײערע הײליקסטע פֿאַרפּליכטונגען. דאָ װערט פֿאַר אונדז װידער קלאָר — דער קריזיס פֿון דער װעלט איז אַ מאָראַלישער; מיר לעבן אין אַ צײַט, װען די הײליקסטע צוזאָגן װערן געבראָכן, װען די הײליקסטע אָפּמאַכן װערן פֿאַרשװעכט.

מיר וואָלטן געהאַט אין אונדזער רשות געוואַלדיקע פינאַנציעלע מיטלען, ווייל מיר וואָלטן געקאָנט ראַדיקאַל פאַרקלענערן די ריזיקע הוצאות, וואָס די מאָדערנע סיסטעם פון באַוואָפענונג פאַרשלינגט.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז די פּראָבלעמען פון אונדזער צייט זיינען אַ סך מער מאָראַלישע, אפשר אַפילו רעליגיעז־מאָראַלישע, ווי סאָציאַלע און עקאָנאָמישע. די מאָראַלישע פּראָבלעמען פון דעם יחיד ווערן די סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פון דעם כלל. דערפאַר איז אַזוי וויכטיק פאַר אונדז צו פאַרשטיין דעם גרויסן זין פון די טעג פון תשובה, פון די הייליקע טעג, וואָס האָבן די אויפגאָבע צו פורעמען די מענטשלעכע פערזענלעכקייט. ווען מיר פאַרשטיין דעם זין פון די ימים נוראים, וועט אונדז גרינגער זיין צו געפינען דעם וועג צום מענטשן, דעם וועג צו מענטשלעכקייט און דעם משיחישן וועג צו מלכות שמים, צו גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד.

## מאָראַלישע פּראָבלעמען אומגערעכטיקייטן

וואָס איז דער זין פון תשובה פאַר אונדזער צייט, פאַר דעם היינטיקן מענטשן? איז אפשר תשובה בכלל אַן אַלטמאָדישער אָפּגעלעבטער באַגריף, וואָס האָט ניט מער קיין פּלאַץ אין אונדזער אויפגעקלערטער צייט? איך ווייס זייער ווויל, אַז גאָר אַ סך טראַכטן אַזוי, אַפילו פון די, וואָס גייען ראש השנה און יום כיפור אין שול. איך גלייב אָבער, אַז סיי די שול־גייער און סיי די, וואָס מיינען, אַז זיי דאַרפן אין שול ניט גיין, ווייל זיי האָבן קיין מאָל גאָר ניט געזינדיקט, גלייב איך, אַז מיר אַלע בייטיקן זיך שטאַרק, זייער שטאַרק, אין דעם וועג פון תשובה.

עס איז קודם־כל וויכטיק צו האָבן אין זינען, אַז אויפן געביט פון מאָראַל האָבן מיר פאַר די לעצטע עטלעכע טויזנט יאָר זייער ווייניק פּראָגרעסירט. די וועלט אַרום אונדז האָט זיך געוואַלדיק געענדערט, דער מענטש האָט אַלץ מער און מער באַצוווּנגען די נאַטור, עס זיינען געמאַכט געוואָרן די וווּנדערלעכסטע דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן פון וויסן און קענען. בלויז אין אונדזער צייט, אין לויף פון איין דור, איז דאָך די וועלט געוואָרן גאָר אַן אַנדערע, און דער מענטש אַליין? דער מענטש איז געבליבן דער זעלביקער, דער מענטש האָט זיך, ליידער, ניט געענדערט! ער איז, יעדנפאַלס, ניט געוואָרן בעסער. מיר האָבן באַצוווּנגען די נאַטור, מיר האָבן ניט באַצוווּנגען דאָס זינדיקע, דאָס חיהשע אין אונדזער אייגענער נאַטור.

מיר האָבן אַנטפּלעקט אַ סך סודות פון דער נאַטור. דער מענטש, אָבער, איז פאַר אונדז נאָך אַלץ אַ רעטעניש. די גרעסטע רעטעניש. אונדזערע פּסי־

כאַלאַגן ווייסן, ליידער, זייער ווייניק וועגן דער אמתער נאַטור פון דעם מענטשן, דערפאַר האָבן זיי אויך אַזוי ווייניק אויפגעטאָן. עס איז יעדנפאַלס זיכער, אַז דער מענטש איז הײַנט מער אומרויִק, מער פאַרלוירן ווי ווען ניט איז פריִער, הגם זײַן מאַטעריעלער צושטאַנד האָט זיך אַזוי פיל פאַרבעסערט. דער מענטש איז די גרעסטע רעטעניש און אויך דאָס גרעסטע פּראָבלעם פון אונדזער צייט און פון אַלע צײַטן. און דער ענטפער אויף די מענטשלעכע פּראָבלעמען ליגט ניט אויפן פעלד פון פּסיכאָלאָגיע, נאָר אויפן פעלד פון מאָראַל און גלויבן. דערמיט קומען מיר צום ענין פון תשובה.

קאַמף און פריינדלעכע צוזאַמענאַרבעט, ביטערע קאָנקורענץ און ברידער־לעכע ליבע זײַנען די יסודות פון אונדזער מענטשלעכער קולטור. אין יעדן קאַמף קאָנען זײַן פונקען פון קדושה און אין יעדער ליבע קאָנען זײַן די קליפּות (שאַלעכצן) פון טומאה, ווי די מקובלים לערנען אונדז. דעריבער איז דאָס מענטשלעכע לעבן אַזוי פול מיט קאָנפליקטן, פול מיט דערהויבנקייט און געפאַלנקייט. עס איז ניט נאָר אַ פראַגע פון דער אָדער יענער אָרדענונג, ווי, למשל, קאַפּיטאַליזם אָדער סאָציאַליזם. די פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע סיס־טעם קאָן ניט זײַן בעסער ווי דער מענטש. מוזן מיר אָנהייבן פון זיך אַליין: וואָס קאָן טאָן דער איינצלנער מענטש, וואָס קאָן יעדער איינער פון אונדז טאָן, כדי מיר זאָלן ווערן בעסער און די וועלט אַרום אונדז זאָל ווערן בעסער?

עס איז זיכער, אַז אַ סך קאָן געטאָן ווערן און אַ סך מוז געטאָן ווערן אויף אַ פּריוויליקן אופן. מיר דאַרפן וועגן דעם טראַכטן, מיר מוזן זיך כסדר פרעגן: וואָס איז אונדזער חוב אויף דער וועלט, וואָס זײַנען מיר שולדיק דער וועלט? וואָס זײַנען מיר שולדיק אונדזערע מיטמענטשן?

דאָס לעבן איז פול מיט אומגערעכטיקייטן אַפילו ווען מיר באַמיִען זיך צו זײַן גערעכט. לאָמיר אָנהייבן פון די סאַמע אינסטיטוציעס פון גערעכטיקייט, אונדזערע געריכטן. עס איז אַ פאַקט, אַז פאַרמעגלעכע מענטשן זײַנען בדרך כלל אין אַ סך אַ בעסערער פּאָזיציע, ווען זיי קומען אין קאָנפליקט מיטן געזעץ, ווי די אָרעמע. דער פאַרמעגלעכער קאָן דינגען דעם בעסטן אַדוואָקאַט, וועלכער קאָן פאַר אים אויסגעפינען אַלע פאַרענטפערונגען. וואָס קאָן אַנטקעגן דעם טאָן דער הילפלאָזער אָרעמאַן? דער געבילדעטער קאָן זיך בעסער אויסטענהן ווי דער ניט־געבילדעטער, דער מענטש מיט געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען געפינט מער פאַרשטענדעניש ווי דער פּשוטער פאָלקסמענטש. דער סך־הכל איז: מ׳כאַפּט מייסטנס די קליינע פאַרברעכער, די גרויסע לויפן אַרום פריי.

געוויס דאָס זעלביקע איז אויפן געביט פון מעדיצין. די פאַרמעגלעכע קאָנען זיך פאַרגינען צו ברענגען די גרעסטע דאָקטוירים, בעת פּשוטע פאָלקסמענטשן האָבן ניט די מעגלעכקייט צו באַצאָלן אַפילו פאַר אַ וויזיט ביי אַ געוויינטלעכן דאָקטאָר. אַ סאָציאַליזירטע מעדעצין וואָלט אין דעם פּרט זיכער אַ ביסל גע־האָלפן. מען מוז אָבער פאַרשטיין, אַז די צאָל גרויסע ספּעציאַליסטן איז אַ באַ־גרענעצטע און עס וועלן תמיד בלייבן פּריוויליגירטע און ניט־פּריווילעגירטע.

אַ גרויסע און באַקאַנטע פּערזענלעכקייט וועט שטענדיק האָבן מער אויפמערק־זאַמקייט ווי אַ פּשוטער אַרבעטסמענטש. קיינעם וועט ניט איינפאַלן צו ברענגען די גרעסטע פּראָפעסאָרן, אויב אַ פּראָסטער חי־וקיים וועט זיך באַקלאָגן אויף ווייטיקן.

אָדער לאָמיר נעמען אַזאַ פעלד ווי ליטעראַטור און וויסנשאַפט. מיר פּראַווען די יובילייס פון גרויסע שרייבער און פירער, מיר פאַרטיילן פּרעמיעס פאַר די בעסטע ווערק. און עס שטעלט זיך אייגנטלעך די פראַגע: פאַר וואָס זאָלן די אַלגעמיין אָנערקענטע און מאַטעריעל געזיכערטע שרייבער באַקומען פּרעמיעס? עס פעלט זיי געוויינטלעך ניט קיין כבוד און עס פעלט זיי ניט קיין געלט. נייטיקן זיך וועלט־באַרימטע קינסטלער אין אַ נאָבל־פּרעמיע?

מיר אונטערשטיצן, צום ביישפּיל, די פעיִקסטע סטודענטן אין די אוניווער־סיטעטן און קאָלעדזשעס. דאָס איז נאַטירלעך און באַרעכטיקט. מיר נייטיקן זיך אין פעיִקע מענטשן. אין דער זעלביקער צייט אָבער ווערן אָפט באַוואָלט, ניט ווילנדיק, די ווייניקער פעיִקע.

פאַראַן פאַלן ווען די פראַגע פון אויסקלייב רודערט ממש אויף אונדזער געוויסן. איך וויל דאָ דערמאָנען די טראַגישע מלחמה־יאָרן. אַלע אונדזערע גרויסע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך דעמאָלט פאַרנומען מיט הילפס־און־רעטונגס־אַרבעט פאַר די קרבנות פון נאַציזם. מען האָט געקאָנט ראַטעווען בלויז יחידים, ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו ראַטעווען גרעסערע מאַסן. האָט מען אָנגעהויבן פון די פּערזענלעכקייטן, וואָס מען האָט גערעכנט, אַז זייער לעבן שטייט מער אין סכנה: פּאָליטישע פירער, באַקאַנטע שרייבער און געלערנטע, רבנים און כלל־טוער א. אַ. וו. קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען און דאָך איז עס געווען אַ טראַגישע פּראָבלעם פאַר אַלעמען, פאַר די הילפס־אָרגאַניזאַ־ציעס און פאַר די געראַטעוועטע. דער שרייבער פון די שורות אַליין געהערט צו די, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק אין די טראַגישע יאָרן צו קומען קיין אַמעריקע. איך ווייס, אַז אַ סך פון אונדז, פון די געראַטעוועטע, האָבן זיך געשטעלט די פראַגע — זיי שטעלן זיך נאָך היינט די פראַגע — פאַר וואָס קומט עס אונדז? מיט וואָס זיינען מיר געווען בעסער ווי די אַנדערע? קאָן מען דען אין צייטן פון סכנה מאַכן אַן אונטערשייד צווישן שרייבער, פירער, תלמידי חכמים און סתם יידן, פּשוטע פאָלקסמענטשן? איך ווייס, ס'איז קיין אַנדער וועג ניט געווען. מ'האָט געקאָנט ראַטעווען בלויז יחידים. און דאָך, און דאָך פילן מיר זיך שולדיק.

אונדזער לעבן איז פול מיט פּראָבלעמען, פול מיט קאָנפליקטן. מיר טוען אַ מאָל אַ וויכטיקע אַרבעט, אַזוי גלייבן מיר, מיר קעמפן פאַרן אמת און מיר פירן אַ מלחמה, אַ הייליקע מלחמה קעגן די „פאַרפירער", קעגן די פאַלשע נביאים. אַוודאי איז פּאָלעמיק אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן זייער וויכטיק, אָבער ווי אָפט כאַפּט מען איבער די מאָס, ווי אָפט רייסט מען אַראָפּ

אַ קעגנער צוליב דער הנאה פון אַראָפּרייסן ? ווי אַפּט מאַכן מיר אַש און בלאָטע פון אַ קעגנער ווען דאָס איז גאָר ניט נייטיק ?

אַ גרויסער חסידישער דענקער האָט אַמאָל געזאָגט: מיט איין פוס שטייען איך אין זיבעטן הימל און מיטן צווייטן טיף אין גיהנום. דאָס איז אין תוך ריכטיק פאַר יעדן מענטשן. מיר קאָנען אַפּט זינדיקן מיט אונדזערע גוטע מעשים. מען קאָן זינדיקן מיט אַ גוט־מאָרגן. עס ווענדט זיך ווי מען זאָגט דעם גוט־מאָרגן. מען קאָן זינדיקן ווען מען טוט אַ טובה אַ מענטשן, אויב מען היט ניט אָפּ, ווי ס׳געהער צו זיין, זיין מענטשלעכן כבוד. דער עיקר אָבער מוזן מיר האָבן אין זינען, אַז ניט נאָר איז די וועלט אונדז עפּעס שולדיק, נאָר אַז מער זיינען מיר שולדיק דער וועלט. מיר דאַרפן ניט נאָר קוקן מיט קנאה אויף די, וואָס שטייען העכער פון אונדז, וואָס האָבן מער הצלחה ווי מיר, אַ סך וויכטיקער איז צו קוקן אויף די, וואָס האָבן ווייניקער, וואָס דער מזל איז צו זיי געווען ווייניקער פריינדלעך. מיר וועלן דאַן פאַרשטיין, אַז מיר האָבן חובות אָפּצוצאָלן. אויך די גרעסטע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט דער וועלט גאָר אַ סך געגעבן, האָט נאָך מערער חובות צו צאָלן.

## אמתע תשובה איז אַ סימן פון דערוואַקסנקייט

איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ מאָראַלישער געוויסן אין אונדזער וועלט ? צייטנווייז דוכט זיך אויס, אַז מיר שפּילן זיך סתם אַרום מיט „שיינע" ווערטער, ווען מיר רעדן וועגן מאָראַלישע אידעאַלן, וועגן מענטשלעכן געוויסן, אָדער גאָר וועגן דעם געוויסן פון דער וועלט. ווו זיינען זיי, אָט־די אידעאַליסטן און הייליקע, וועלכע וואָלטן געדאַרפט פאַר אונדז דינען ווי אַ מוסטער ? פאַר וואָס שוויגט די וועלט, פאַר וואָס קוקט זיך דער עולם אַזוי גלייכגילטיק צו, ווען מען זעט אַזוי פיל רשעות, אומגערעכטיקייט, עוולות און פאַרברעכנס ? און דאָך איז עס ניט אין גאַנצן קיין פּוסטע פראַזע. ס׳איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ געוויסן ביי מענטשן. עס וואָלט, דוכט מיר, געווען ניט ריכטיק צו זאָגן, אַז מיר זיינען היינט ערגערע מענטשן, אַז די וועלט איז מאָראַליש געזונקען. ס׳איז אָבער יאָ ריכטיק, אַז מיר זיינען היינט אַ סך מער צערודערט און צעטומלט. מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער זיכערקייט אין אונדזערע אָפּשאַצונגען וועגן דעם — וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט.

דער פונדאַמענט פון אונדזער מאָראַלישן און סאָציאַלן לעבן איז שטאַרק צעטרייסלט. אַזוי שטאַרק האָט זיך די וועלט געביטן פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, אַז מיר האָבן בכלל אָנגעהויבן צו צווייפלען אין דעם ווערט און אין דער פּראַקטישער באַדייטונג פון מאָראַלישע אמתן.

גייען מיר אַרום מיט אַן אומזיכערן געוויסן. צייטנווייז פילן מיר זיך אין עפּעס שולדיק, ווייסן מיר ניט, וואָס דאַרף מען אין אַזאַ פאַל טאָן. עס זיינען אונדז כמעט אין גאַנצן פרעמד געוואָרן די באַגריפן פון זינד און תשובה. מיר ווייסן ניט אייגנטלעך וואָס דאָס מיינט, וואָס דאָס באַדייט. אויב אַ מענטש באַגייט אַן עוולה, זיינען דאָ געריכטן, וועלכע משפטן אים. מיר גיבן זיך אָבער ניט אָפּ קיין דין וחשבון וועגן דעם, אַז עס זיינען פאַראַן אַ היפּש ביסל עוולות און פאַרברעכנס אַפילו, פאַר וועלכע קיין שום געריכט אויף דער וועלט קאָן אייך ניט משפטן. וואָס טוען מיר, ווען מיר פילן זיך שולדיק אין אַזאַ מין עבירה? ווען אונדזער געוויסן „באַדערט" אונדז? שווער צו געפינען אַן ענטפער אויף אַזאַ פראַגע אין דעם אוצר פון אונדזער מאָדערנער קולטור. אונדזערע מאָדערנע דענקער פילן זיך אַליין הילפלאָז ווען זיי קומט אויס צו באַרירן אַזעלכע פּראָבלעמען. דער מאָדערנער מענטש ווייסט ניט דעם וועג און דעם זין פון תשובה!

עס איז פון דעסטוועגן נייטיק צו באַמערקן, אַז אין אונדזער דור האָט געלעבט און געווירקט אַ גרויסער דענקער, וואָס האָט טיילווייז דווקא אָפּגע־שאַצט די ראָל פון זינד און תשובה אין דעם לעבן פון אַ מענטשן. דער דאָזיקער דענקער איז געווען זיגמונד פרויד, דער שעפער פון פּסיכאָאַנאַליזע, די וויסנ־שאַפט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אויסגעפינען און אַנאַליזירן די טיפערע פראָצעסן אין דער מענטשלעכער נשמה. פרוידס מעטאָדן זיינען היינט כמעט ווי אַלגעמיין אָנגענומען געוואָרן און די פּסיכאָאַנאַליטישע וויסנשאַפט איז היינט מן־הסתם די פּאָפּולערסטע וויסנשאַפט. טראָגט זיך אַרום אַ מענטש מיט קרענקלעכע „קאָמ־פּלעקסן", גייט ער אַוועק צום פּסיכאָאַנאַליטיקער, רעדט זיך אַראָפּ אַ ביסל פון האַרצן, איז זיך פאַר אים מתוודה אויף אַלע זיינע „זינד" און עס ווערט אים גרינגער.

דער מאָדערנער פּסיכאָאַנאַליטיקער פירט אויס טיילווייז די פונקציע פון דעם קאַטוילישן גייסטלעכן, פאַר וועמען די גלויביקע קומען זיך מתוודה זיין אויף זייערע זינד. אין שווערע מאָמענטן פון לעבן זוכט דער מענטש אַן אָנ־שפּאַר, ער זוכט אַ פאָטערלעכע געשטאַלט, אַ וועגווייזער, אַ פירער. האָט די מאָדערנע קולטור דעם מענטשן געגעבן דעם פּסיכאָאַנאַליטיקער. די פּסיכאָאַנאַ־ליטישע וויסנשאַפט באַהאַנדלט דעם מענטשן ווי אַ קינד, ווי אַ הילפלאָז באַשע־פעניש. אין דעם באַשטייט איר כוח, דאָס איז אָבער אויך איר גרעסטע שוואַכקייט.

פאַראַן אַ סך קינדערישקייט אין דעם מאָדערנעם מענטשן און זיין באַציִונג צום לעבן. עס איז שווער צו זיין אַ דערוואַקסענער און טראָגן אויף זיך די גאַנצע משא פון ציוויליזאַציע, פון מאַניערן, פליכטן, מאָראַלישע אויפגאַבן א. אַ. וו. פּרוווט מען זיך ראַטעווען דורך דעם וואָס מען ווערט צוריק אַ קינד. קומט מען צו דעם מאָדערנעם טאַטן, דעם פּסיכאָאַנאַליטיקער, מען דערציילט אים אַלע זינד, וואָס מען האָט יאָ געטאָן און וואָס מען האָט ניט געטאָן, און ער איז אייך

מוחל אַלע אייערע עבֵרות. גייט איר צוריק מיט אַ גערייניקטן געוויסן, אָן אַ געפיל פון זינדיקייט און אָן אַ געפיל פון שולדיקייט. עס טרעפט אַ מאָל אַפילו, אַז אויך די קעשענע ווערט אויסגערייניקט. פּסיכאָאַנאַליזע איז אַ טייערע פּראַק־טיקע, און נאָר פאַרמעגלעכע מענטשן קאָנען זיך דערלויבן דעם לוקסוס פון אַ פּסיכאָאַנאַליטישער באַהאַנדלונג.

אין דער מאָדערנער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור ווערט ניט זעלטן באַ־נוצט דאָס גריכישע וואָרט קאַטאַרסיס, וואָס מיינט אייגנטלעך רייניקונג, מאָ־ראַלישע רייניקונג. די פאָרשטעלונג איז, ווי דער מענטש וואָלט זיך מאָראַליש אויסגעבאָדן, אָראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גאַנצן שמוץ. דער גריכישער פילאָזאָף אַריסטאָטעלעס האָט באַנוצט דעם אויסדרוק קאַטאַרסיס צו באַצייכענען די שטאַרקע איבערלעבונגען פון דעם עולם בעת געוויסע דראַמאַטישע שפּילן. דער עולם ווערט דאַן דערהויבן און געלייטערט, זיי ווערן נייע מענטשן. דער פּרינציפּ פון מאָראַלישער לייטערונג, פון קאַטאַרסיס, ליגט אויך, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, אין יסוד פון פּסיכאָאַנאַליטישער פּראַקטיקע. דער מענטש ווערט אַזוי ריין ווי אַ קינד. דער אמת איז אָבער, און דווקא פּסיכאָאַנאַליטיקער וויסן עס, אַז קינדער זיינען גאָרניט אַזוי ריין און אומשולדיק.

די קינדערישע תּשובה פון קרענקלעכע און גייסטיק הילפלאָזע איז ניט קיין ענטפער אויף די מאָראַלישע פּראָבלעמען פון דעם מאָדערנעם מענטשן. אַ דער־וואַקסענער מענטש איז ניט קיין קינד און עס האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן זיך „אָראָפּרעדן פון האַרץ", ווי וויכטיק דאָס זאָל ניט זיין. תּשובה, מאָראַלישע לייטערונג, האָט אַן אויסערגעוויינטלעך וויכטיקע פונקציע אין דעם לעבן פון מענטשן. תּשובה, אמתע תּשובה, איז אַ סימן פון דערוואַקסנקייט, פון מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אויף אַ קלאַסישן אופן האָט די אידעע פון תּשובה אַנטוויקלט דער נביא יחזקאל. עס איז געווען די צייט פון גלות־בבל. שטימונגען פון פאַרצווייפלונג האָבן באַהערשט די געמיינדע פון די פאַרטריבענע. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט אַ פאָלק, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין היים, געפּרוּווט אויפהיטן זיין גייסטיקע ירושה. איז עס אָבער מעגלעך? האָבן די היימלאָזע זיך כּסדר געפרעגט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט: מיר זיינען פאַר־לוירן, ניטאָ פאַר אונדז קיין שום אויסזיכט און קיין שום צוקונפט. „אונדזערע זינד דריקן אויף אונדז, מיר ווערן אין זיי פאַרזונקען און ווי קאָנען מיר דען לעבן?" מיט אַזעלכע טענות זיינען זיי געקומען צום נביא. איר זענט ניט גערעכט, האָט זיי דער נביא יחזקאל געענטפערט. אייער גורל ליגט אין אייערע אייגענע הענט. איטלעכער פון אייך האָט די מעגלעכקייט אַראָפּוואַרפן פון זיך די משׂא פון פאַרגאַנגענע חטאים. טוט תּשובה, קערט זיך אום צוריק מיטן גאַנצן האַרצן, דאַן וועט איר קאָנען אָנהייבן אייער לעבן פון דאָס ניי.

די ווערטער פון דעם נביא האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די געמיטער פון די פאַרטריבענע. שטימונגען פון תּשובה, פון מאָראַלישער לייטערונג און

מאַראַלישער דערהייבונג האָבן פאַרכאַפּט אַלץ ברייטערע קרייזן. און ווען אַ טייל פון די פאַרטריבענע האָט זיך שפּעטער אומגעקערט צוריק קיין ירושלים און יהודה, זיינען זיי שוין געווען גאָר אַנדערע מענטשן. אַ ניי פאָלק זיינען זיי געוואָרן, אַ פאָלק, וואָס האָט אויך זיך גענומען צו פאַרווירקלעכן אין טאָג־טעגלעכן לעבן די אידעאַלן פון די נביאים.

דער נביא יחזקאל האָט באַהאַנדלט זיינע ברידער אין גלות ווי דערוואַקסענע. ער האָט אין זיי געוועקט דעם גלויבן אין זייערע כוחות, ער האָט זיי צוגעגעבן מוט און האָפענונג, ער האָט אָבער אויף איין מאָמענט ניט אויפגעהערט פון זיי צו פאַרלאַנגען, פון זיי צו פאָדערן אַלץ גרעסערע און גרעסערע מאַראַלישע אָנשטרענגונגען. די דראַמע פון גלות־בבל איז געווען די גרעסטע מאַראַלישע לייטערונג, דער וווּנדערלעכסטער מוסטער פון אַ מאַראַלישן קאַטאַרסיס, אויב מיר זאָלן באַנוצן דעם דאָזיקן מאָדערנעם טערמין, וואָס די געשיכטע ווייסט.

אין די טעג פון תשובה דאַרפן מיר זיך מאַראַליש רייניקן, באַמיִען מיר זיך צו באַפרייען פון אונדזערע זינד: „ווייל איז אייך קינדער פון ישראל — לערנט אונדז רבי עקיבא — פאַר וועמען איר טוט אייך רייניקן און ווער עס רייניקט אייך, אייער פאָטער אין הימל". אויך דער יידישער מענטש זוכט אין די טעג פון תשובה און חשבון פאָטערלעכע הילף. קומט ער מיט זיינע זאָרגן, מיט זיינע געפילן פון זינד און שולדיקייט, פאַרן טאַטן אין הימל, פאַר דעם באַשעפער פון דער וועלט. ער ווייסט וועגן זיין מאַראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועגן זיינע פליכטן און אויפגאַבן. ער ווייסט ווי שוואַך דער מענטש איז אָפט מאַראַליש, ער ווייסט אָבער אויך, אַז דער מענטש איז פון דעם באַשעפער אויסגעטיילט געוואָרן אין אַ באַזונדערער קאַטעגאָריע. זינד און תשובה — דאָס איז דער חשבון פון דעם מענטשלעכן געוויסן מיט גאָט. עס איז אין גאַנצן איבעריק צו זוכן הילף ביי אַ פאַרמיטלער. דער טאַטע אין הימל ווייסט וואָס פאַר אַ שווערע מלחמה דער מענטש האָט צו פירן, האָט ער אים דערפאַר געלערנט דעם וועג פון תשובה.

כאַראַקטעריסטיש איז דערביי די דורך־און־דורך אַלגעמיין־מענטשלעכע, אוניווערסאַליסטישע שטימונג, וואָס דרינגט דורך די ימים־נוראימדיקע תפילות. אַזוי, למשל, הייבט זיך אָן איינע פון די שטאַרקסטע תפילות אין נעילה, מיט די ווערטער: „אתה הבדלת אנוש מראש, ותכירהו לעמוד לפניך". ניט נאָר דאָס פאָלק ישראל, נאָר אַלע מענטשן האָט דער האַר פון דער וועלט אויסדערוויילט, זיי זאָלן קומען פאַר אים. די זעלבע אוניווערסאַליסטישע שטימונג קומט אויך צום אויסדרוק אין נאָך אַנדערע תפילות פון ראש השנה און יום כיפור.

די מענטשלעכע נשמה איז פול מיט סודות, פון וועלכע מיר אַליין ווייסן אָפט אַזוי ווייניק, מיר זיינען צייטנווייז בעסער ווי מיר שטעלן זיך עס פאָר, און מיר זיינען אָפט אַ סך זינדיקער ווי מיר ווייסן עס. די טעג פון תשובה האָבן

דעם צוועק צו אַנטפּלעקן פאַרן מענטשן די סודות פון זיין נשמה. תשובה מיינט דערקענען זיך אַליין, דערזען די אייגענע פעלערן און פּרווון זיך אויפצוהייבן אויף אַ העכערן שטאַפּל פון מענטשלעך לעבן.

איינע פון די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען פון אונדזער צייט איז — די רעוואָלוציע קעגן דער קולטור. עס איז, נאַטירלעך, ניט קיין רעוואָלוציע קעגן די פאַרגעניגנס, וואָס די קולטור ברענגט אונדז, נאָר קעגן די צוימען, וואָס די קולטור האָט אויף אונדז אַרויפגעוואָרפן. באַזונדערס איז דאָס שייך צו די באַציִונגען אין פאַמיליע־לעבן. פאַראַן אַ מיינונג, אַז אויף דעם געביט האָט די ציוויליזאַציע צו שטאַרק באַגרענעצט די פרייהייט פון דער איינצלנער פערזענלעכקייט און שולדיק דערין איז — אַזוי טענהן געוויסע געלערנטע — די צו שטרענגע יידישע מאָראַל.

די יידן זיינען, נאַטירלעך, אין אַ סך זאַכן שולדיק. ווער ווייסט עס דען ניט! אין דעם פאַל קאָנען מיר אָבער מיט אַ רויִקן געוויסן נעמען די שולד אויף זיך. עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז אין פּרט פון צניעות אין באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי, האָט די יידישע מאָראַל געהאַט גאָר אַ באַדייטנדיקן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון די מיינסטע ציוויליזירטע פעלקער. עס איז אָבער גלייכצייטיק נייטיק צו באַמערקן, אַז די יידישע רעליגיעזע טראַדיציע האָט קיין מאָל ניט געפירט קיין מלחמה קעגן דעם קערפּער, קעגן די גשמיות־דיקע פאַרגעניגנס, ווי דאָס האָט, למשל, געטאָן כסדר און סיסטעמאַטיש די קריסטלעכע קירך. דאָס קריסטנטום האָט ניט אויפגעהערט צו פּרעדיקן וועגן דער זינדיקייט פון קערפּער. די יידישע רעליגיעזע פירער האָבן זיך געהאַלטן ביי אַן אַנדער פּרינציפּ. זיי האָבן געפּרוווט אַריינברענגען וואָס מער הייליקייט אין דעם טאָג־טעגלעכן, וואָכעדיקן לעבן. עסן און טרינקען איז, דוכט זיך, אַ ריין גשמיותדיקער פאַרגעניגן. עס קאָן אָבער דערהויבן און געהייליקט ווערן, אויב מען מאַכט אַ ברכה, מען פאַרבעט אַן אורח צום טיש, מען רעדט וועגן לערנען און מען בענטשט נאָכן עסן. אַזוי קאָן אויך דאָס פאַמיליע־לעבן געהייליקט ווערן. אַזוי קאָן געהייליקט ווערן די טאָג־טעגלעכע אַרבעט.

פון דער אַנדער זייט איז גייסטיקייט ניט אַלע מאָל ריין פון זינד. דאָס האָבן די בעלי התלמוד שוין אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, און אין דעם פּרט איז דער יידישער צוגאַנג אַ סך נענטער צום לעבן, ווי דער צוגאַנג פון די גריכישע און אַ טייל קריסטלעכע דענקער. עס איז אַ טעות, ווען מען מיינט, אַז דער יצר־הרע האָט נאָר צו טאָן מיטן גוף. דער אמת איז, אַז דער סאַמע געפערלעכסטער יצר־הרע איז דער גייסטיקער יצר־הרע: די יאָגעניש נאָך כבוד, נאָך מאַכט, די מידה פון ניט פאַרגינען, פון קנאה, פון שנאת חינם. דעריבער איז קנאה־שנאה צווישן תלמידי חכמים, צווישן שרייבער, צווישן פּאָליטישע פירער נאָך אַ סך גרעסער ווי צווישן פּשוטע מענטשן.

און כדי אָפּצוהיטן זיך פון אָט די גייסטיקע זינד, פון גייסטיק באַוועלענען

אַ מענטשן, איז אַזוי נייטיק תשובה. וואָס מער מיר גייען אויפן וועג פון בילדונג און ציוויליזאַציע, אַלץ גרעסער ווערט די סכנה געפּאַנגען צו ווערן אין דער נעץ פון גייסטיקע עברות, פון קנאה און שנאת חינם. פאַר אַזעלכע עברות קאָן אונדז קיין שום ריכטער ניט באַשטראָפן, נאָר אונדזער געוויסן קאָן אונדז דערפון אַ ביסל אָפּהיטן. איז דעריבער דער ענין תשובה אויך פאַר דעם היינטיקן מענטשן נאָך אַ וויכטיקע און גרויסע אויפגאַבע. דער מענטש, האָט זיך אַמאָל אויסגע־דריקט אַ יידישער רעליגיעזער דענקער פון אונדזער דור, איז דאָס איינציקע באַשעפעניש, וואָס קען זינדיקן; דער מענטש איז אויך דאָס איינציקע באַשע־פעניש, וואָס קען גובר זיין אין זיך די זינד און קען געפינען דעם וועג פון תשובה.

## דער וועג פון זעלבסטקריטיק, פון חשבון הנפש

פאַראַן צוויי וועגן ווי צו דערציִען בעסערע מענטשן. איין וועג איז — די דערציִונג פון דעם יונגן דור. עס זיינען פאַראַן אַ צאָל פּעדאַגאָגן און פילאָזאָפן, וואָס גלייבן, אַז דאָס איז דער ריכטיקסטער וועג. אַנדערע אַפילו גלייבן, אַז די דערציִונג פון דער יוגנט איז דער איינציקער וועג. די דערפאַרונג האָט אָבער באַוויזן, אַז די דערציִונג אין דער היים און אין די שולן איז נישט אַלע מאָל גענוג. פאַראַן אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס דער יונגער מענטש קען זיי ניט. אַן אָנגעזעענער יידישער דענקער, אַ תלמיד פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, האָט דעריבער געהאַלטן, אַז דער דערוואַקסענער מענטש מוז אָנהייבן זיין מאָראַלישע דערציִונג פון דאָס ניי. ווען מיר רעדן וועגן תשובה, האָבן מיר דעריבער אין זינען די מאָראַלישע דערציִונג פון דעם דערוואַקסענעם מענטשן. עס איז דער ערשטער ריי די פראַגע: אַ וועג פון זעלבסט־דערציִונג. דערציִען זיך אַליין, מאַכן אַ חשבון מיט זיך אַליין, פּרווון זען די אייגענע פעלערן, די אייגענע טעותן, כדי צו ווערן אַ בעסערער מענטש — דאָס איז דער זין פון תשובה.

עס איז היינט פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז דער מענטשלעכער כאַראַקטער ווערט ענדגילטיק אויסגעפורעמט אין די סאַמע יינגסטע יאָרן, נאָך איידער דאָס קינד קומט אַפילו אין שול. לויט אָט דער פּסיכאָלאָגישער שיטה קאָן אייגנטלעך די שול שוין גאָרניט אויפטאָן, און אַוודאי איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ מאָראַ־לישער זעלבסט־דערציִונג... ווייל איך דאָ ניט אַריינגיין אין איינצלהייטן. איך גלייב אָבער, אַז אָט די טעאָריע איז אַבסאָלוט אַ פאַלשע. אַוודאי שפּילן די סאַמע יונגע יאָרן אַ גרויסע ראָל. אָבער מענטשן ענדערן זיך כסדר. זיי ענדערן זיך אויך אין זייערע שפּעטערדיקע יאָרן. מענטשן קאָנען ווערן בעסער און זיי

קאָנען אויך ווערן זינדיקער. אָן אַנטשיידנדיקע ראָל קאָנען אין דעם פּרט שפּילן די דערציִער און וועגווייזער, וועלכע דאַרפן קודם־כל ווייזן אַ ביישפּיל.

נאָר מענטשן, וואָס פאַרשטייען די באַדייטונג פון תשובה, נאָר מענטשן, וואָס זעען זייערע אייגענע טעותן און וואָס באַמיִען זיך אַזעלכע טעותן אויס־צומיידן, נאָר אַזעלכע מענטשן זיינען באַרופן צו דערציִען אַנדערע און צו דער־ציִען דעם יונגן דור. און דאָס איז נאַטירלעך אויך גילטיק פאַר די, וואָס רופן צו תשובה.

און דאָ שטייען מיר פאַר דער סאַמע שווערסטער פּראָבלעם. עס איז פאַר אַ פירער באַזונדערס שווער זיך מודה צו זיין אין זיינע אייגענע פעלערן. און אויב די לערער און די פירער באַגייען קיין מאָל ניט קיין פעלערן, אויב זיי ווייזן ניט קיין ביישפּיל פון תשובה — ווי קאָנען דאַן זייערע תלמידים געפינען דעם וועג פון תשובה? מען קאָן זיכער ווייזן דעם וועג פון תשובה, מען מוז אָבער אָנהייבן פון זיך אַליין, פון די וועגווייזער.

אויך אַ יידישער שרייבער פאַרנעמט זיך אויף דעם אָדער יענעם אופן מיט פּרעדיקן תשובה.

דער יידישער פּובליציסט זינדיקט ניט נאָר מיט זיין שרייבן. ער קאָן אויך געשטרויכלט ווערן מיט דער עבירה פון פאַרשווייגן. און די עבירה פון פאַר־שווייגן קאָן אַ מאָל נאָך זיין גרעסער ווי די עבירה פון שרייבן.

אין די טעג פון תשובה איז וויכטיק צו מאַכן אַ חשבון פון אונדזערע פאַר־שיידענע טעותן, סיי פון אונדזערע טעותן, וואָס מיר באַגייען דורך טאָן און סיי פון אונדזערע טעותן, וואָס מיר באַגייען דורך ניט־טאָן.



אין תלמוד בבלי געפינען מיר דעם כלל: „כל הפוסל — במומו פוסל". יעדערער, וואָס פּסלט די כשרות פון אַנדערע איז אַליין פּסול — און ער פּסלט געוויינטלעך ביי אַנדערע זיינע אייגענע פעלערן. און דער תלמוד דערקלערט אונדז די סיבה פון אַט־דער שוואַכקייט צו קריטיקירן דעם צווייטן. אַ מענטש מיט חסרונות קאָן זיך ניט פאַרגינען צו רעדן וועגן יענעמס מעלות. ער האָט אַן אינערלעכע באַדערפעניש אָנצווייזן אויף חסרונות פון די אַנדערע, כדי צו זאָגן צו זיך אַליין: אין פאַרגלייך מיט יענע רשעים בין איך דאָך נאָך אַ שטיקל צדיק.

איז דערפאַר אַזוי געפערלעך זיך צו גריבלען אין יענעמס זינד. איך ווייס, עס איז צו גרינג צו משפּטן און פאַרמשפּטן, אל תדון את חברך עד שתגיע למקומו", זאָלסט ניט משפּטן דיין חבר, ביז דו וועסט ניט קומען צו זיין שטאַנד.

אַ צאָל ערנסטע פאַרשער הייבן אָן ביסלעכווייז איינצוזען, אַז די אידעע פון תשובה און זעלבסט־קריטיק (חשבון־הנפש) איז אין גאַר אַ סך פאַלן דער סאַמע ריכטיקסטער וועג. מענטשן זיינען געניגט צו זוכן גרינגע ענטפערס אויף שווערע פּראָבלעמען. מאַכט אַ מענטש געפערלעכע טעותן, איז ער בדרך כלל געניגט אַרויפצוּוואַרפן די שולד אויף אַנדערע. פּאָליטישע פירער האַלטן זיך כסדר ביי אָט דער מעטאָדע. מען זוכט שולדיקע, אַ שעיר לעזאזל. אָפט זיינען מיר יידן געווען דער שעיר לעזאזל פאַר אַלע זינד פון די הערשנדיקע קלאַסן אין אייראָפּע. אויך דער איינצלנער בירגער פּרוּווט אָפט אַרויפצוּוואַרפן די שולד אויף אַנדערע. אין אַ גרינטלעכער שטודיע וועגן דער רעהאַביליטאַציע פון יוגנטלעכע פאַרברעכער האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף זייער אַ באַלערנ־דיקער באַמערקונג. אַזוי לאַנג ווי די יוגנטלעכע, ווערט דאָ געזאָגט, באַשול־דיקן אַנדערע אין זייערע בלאָנדזשענישן: די עלטערן, לערער, חברים א. אַ. וו., אַזוי לאַנג איז ניטאָ קיין שום אויסזיכט, אַז זיי וועלן געפינען דעם ריכטיקן וועג. ערשט ווען דער יוגנטלעכער הייבט אָן צו קריטיקירן זיך אַליין, ווען ער זאָגט: איך בין שולדיק, ערשט דאַן איז דאָ אַ האָפענונג, אַז דער יונגער מענטש זוכט אויפריכטיק אַ נייעם וועג. תשובה קאָן ווערן אַ ווענד־פּונקט אין מענטש־לעכן לעבן. דאָס זעלביקע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז אויך ריכטיק פאַר אַלקאַ־האָליקער, געמבלער א. אַנד. דער אַלטער כלל: דערקען זיך אַליין, קריטיקיר זיך אַליין, געפין אויס דיינע אייגענע טעותן, איז אויך נאָך גילטיק אין אונ־דזערע טעג.

## סדר און כאַאָס

דער צענטראַלער מאָטיוו אין דער פילאָזאָפיע פון תשובה איז — מיר זיינען זינדיקע מענטשן, מיר קאָנען אָבער אויך ווערן בעסערע מענטשן. זאָגן מיר דאָך אין דער תפילה פון נעילה „אתה נותן יד לפושעים...״ דער באַשעפער פון דער וועלט שטרעקט אויס זיין האַנט צו די זינדיקע, צו די אַלע, וואָס ווילן געפינען דעם וועג צוריק.

די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע איז אַ כסדרדיקער געראַנגל צווישן קאָאָפּעראַציע און אַגרעסיע, צווישן דעם יצר־טוב און דעם יצר־הרע, צווישן דעם שעפערישן מענטשן און דעם צעשטערער. דאָס גאַנצע לעבן איז איין גרויסע מלחמה צווישן זינד און תשובה, צווישן דער חיה אין אונדז און דעם מענטשן, וואָס זוכט דעם וועג צו שלמות.

די מלחמה, וואָס דער מענטש פירט מיט זיך אַליין, איז אַ מלחמה צווישן כאַאָס און אָרדענונג, צווישן סדר און תוהו־ובוהו.

אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור שטויסן מיר זיך כסדר אָן אויף אָט דעם קאָנפליקט צווישן סדר און כאָאָס. מיר האָבן צייטן פון מלחמות און רעוואָלוציעס, פון ביטערע אינעווייניקסטע קאָנפליקטן, און מיר האָבן אויך צייטן פון שלום, פון האַרמאָניע. און אויך אין אונדזערע איצטיקע ראַיאָטן שפּילט אָט דער עלעמענט פון דעם מענטשלעכן דראַנג צו צעשטערן, אַ סוף צו מאַכן מיטן סדר פון דער וועלט, אַ היפּשע ראָל.

די גאַנצע אידעאָלאָגיע פון „ניט פּאָלגן געזעצן" איז אייגנטלעך אַ בונט קעגן סדר, קעגן מאָראַלישע געזעצן. אַ בונט, וואָס מוז זיך פאַרענדיקן מיט אַ צושטאַנד פון תוהו־ובוהו, מיט אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע.

אַנטקעגן דעם איז יידישקייט דורך און דורך אַ וועג פון סדר, פון געזעץ. יידישקייט שטעלט איין גרענעצן, צייכנט אָן קלאָרע ליניעס, כדי די וועלט זאָל ניט פאַרפלייצט ווערן פון דעם מבול פון זינד און רשעות. דערפאַר איז ביי אונדז אַזוי וויכטיק דער זייגער און דער לוח, דער חשבון פון צייטן. און דער־פאַר איז אויך אַזוי געוואַלדיק וויכטיק איינצושטעלן באַשטימטע צייטן און טעג פאַרן חשבון פון אונדזערע מעשים, טעג פון תשובה. אָן אַזעלכע טעג פון דער־מאָנונג, פון חשבון און תשובה קאָן דער מענטש, חס ושלום, פאַרזינקען אין דעם תהום פון רשעות.

## מענטשלעכע ווערדע —
## דער יום־טובדיקער מענטש און די יום־טובדיקע היים

אין אונדזער וועלט זיינען מיר היינט עדות פון אַ נייער פאָרעם פון קלאַסן־קאַמף. עס איז אַ קאַמף פאַר אַנערקענונג. אויף אונדזער פּשוטן לשון וואָלט איך געזאָגט — עס איז אַ קאַמף פאַר עליות. מיר האָבן ניט קיין שום גרונד זיך צו באַציִען פון אויבן אַראָפּ צו דעם קאַמף פאַר עליות. עס איז אַ גרויסער ענין, וואָס מיר האָבן עס אַמאָל אין גאַנצן ניט פאַרשטאַנען. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו באַגרייפן די באַדייטונג פון דעם נייעם קלאַסנקאַמף.

ווען מיר קוקן זיך צו צו די קאָנפליקטן אין די דרום־שטאַטן ווערט פאַר אונדז קלאָר, אַז דער קאַמף פון דער נעגער־באַפעלקערונג פאַר גלייכע רעכט איז מערער אַ קאַמף פאַר אַנערקענונג ווי אַ קאַמף פאַר עקאָנאָמישע אינטערעסן. די פאַרביקע ווילן מער ניט מען זאָל אויף זיי קוקן ווי אויף בירגער פון אַ צווייטער מדרגה. זיי ווילן האָבן דאָס רעכט זיך צו זעצן עסן ביי איין טיש מיט די ווייסע, צו פאַרברענגען אין די זעלבע פּלעצער וווּ עס פאַרברענגען די ווייסע. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ קאַמף פאַר מענטשלעכער חשיבות.

אָבער דאָס איז נאַטירלעך ניט מער ווי אַן אָנהייב, רעכט אַליין איז נאָך ווייט ניט אַלץ. דער אָרעמסטער ווייסער האָט דאָס רעכט צו נעמען אַ צימער אין דעם בעסטן האָטעל, אַריינצוגיין עסן אין דעם בעסטן רעסטאָראַן, צו פֿאַר־ברענגען אין די שענסטע פּלעצער. עס פֿעלט אים דערצו בלויז איין קלייניקייט — געלט. באַפֿרידיקן די מענטשלעכע אַמביציעס פֿאַר אָנערקענונג, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרעם עס זאָל ניט זיין, איז אַ סך שווערער ווי צו באַפֿרידיקן די פֿיזישע נויטן פֿון דעם מענטשן. די יאָגעניש נאָך כבוד, נאָך מאַכט, נאָך אָנערקענונג האָט ניט קיין גרענעץ. אין דער הינזיכט איז עס כמעט ווי אוממעגלעך באמת אַלעמען צופֿרידנצושטעלן. מיר קאָנען אָבער אויף דעם וועג אַ סך דערגרייכן.

דער יום־טוב פּסח האָט טיילווייז די אויפֿגאַבע צופֿרידנצושטעלן די נאַטיר־לעכע באַדערפֿעניש פֿון דעם מענטשן אין אָנערקענונג, אין אָפּהיטן זיין אייגענע ווערדע. ביים סדר איז יעדער ייד אַ מלך, יעדע באַלעבאָסטע — אַ מלכּה. דאָס איז ניט סתם קיין מליצה. אַפֿילו דער אָרעמסטער ייד, ווערט געזאָגט, דאַרף ביים סדר זיצן אָנגעלענט אויף אַ הסב־בעט, ווייל אַלע יידן זיינען געגליכן צו קינדער פֿון מלכים, ווען זיי זיינען מקיים די מצווה פֿון עסן מצה (כּי כּל ישראל בני מלכים הם לענין מצות אכילת מצה). צוליב דעם זעלביקן טעם איז יעדער ייד, אַפֿילו דער, וואָס לעבט פֿון צדקה, מחויב צו קויפֿן וויין אויף די פֿיר כּוסות.

דער געדעקטער טיש ביים סדר, די אויפֿגערוימטע שטוב, די יום־טוב־ליכט, די הגדה, די פֿיר כּוסות, שאַפֿן די שטימונג פֿון פֿרייע מענטשן, פֿון בני מלכים. זינט מיר זיינען אין גלות איז די היים די יידישע מלוכה.

אָפּהיטן די מענטשלעכע ווערדע אין דער אייגענער היים איז אַ געוואַלדיק וויכטיקער ענין. צום באַדויערן פֿאַרשטייען עס אין גאַנצן ניט אונדזערע מאָ־דערנע דערציִער און פּסיכאָלאָגן. אונדזערע מאָדערנע שטרעמונגען האָבן אַ היפּש ביסל געהאָלפֿן צו צעשטערן די היים. דערפֿאַר פֿילן זיך אַ סך מענטשן היינט אַזוי היימלאָז, פֿאַראיינזאַמט און פֿאַרלאָזן. עס איז אָבער אויך ריכטיק אַז די היים אַליין איז ניט אַלץ. דער מענטש וויל אויך האָבן אָנערקענונג פֿון אַ ברייטערן קרייז. אַ מענטש פֿילט זיך דערמוטיקט ווען ער הערט ווי מען רופֿט אויס זיין נאָמען. הייסט עס, אַז מען קען אים, אַז מען ווייסט פֿון אים. דערפֿאַר איז אַזוי באַזונדערס וויכטיק דער מנהג פֿון עליות, פֿון אויפֿרופֿן צו דער תּורה, באַזונדערס אין די טעג פֿון שבת און יום־טוב. איך גלייב, אַז מען האָט ביי אונדז אין גאַנצן ניט אָפּגעשאַצט די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פֿון אויפֿרופֿן צו דער תּורה.

איך וויל דאָ לאָזן אָן אַ זייט דעם ענין פֿון דאַוונען צוזאַמען, פֿון תּפֿילה בציבור. ביים דאַוונען פֿילט זיך יעדער איינצלנער ווי אַ טייל פֿון כּלל, ניט נאָר פֿון דער געמיינדע, וואָס האָט זיך דאָ צונויפֿגעקליבן, נאָר טאָקע פֿון כּלל ישראל. ביים אויפֿרופֿן צו דער תּורה אָבער געפֿינט דער איינצלנער זיין באַ־זונדערן פּלאַץ אינעם לעבן פֿון כּלל.

ווען מען באַקענט זיך נענטער מיט דער געשיכטע פון די אינעווייניקסטע קאָנפליקטן און קאַמפן אין יידישן לעבן, פאַלט אויף אַ מערקווערדיקע דער־שיינונג. מען האָט אין די שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים זיך ווייניקער אַרומגעקריגט צוליב עקאָנאָמישע אינטערעסן ווי צוליב עליות, כיבודים און מצוות. אין דעם בוך „בצדי דרכים" פון מ. איוועמסקי איז דאָ אַ געשיכטע וועגן עכוב הקריאה, אַ געשיכטע פון אַ בעל־עגלה, וואָס האָט ניט געלאָזן לייענען די תורה. זיין טענה איז געווען — מען האָט אים אויפגעהערט אויפ־צורופן צו אַן עליה. חיים־נח דער בעל־עגלה, לייענען מיר אין „בצדי דרכים", איז אַרויף אויף דער בימה און האָט געזאָגט: איך בין אַן אַרבעטער, אַ „פּראָ־צעוויטער מענטש", איך בייטיק זיך אין אַן עליה איין מאָל אין חודש. דער בעל־עגלה האָט אויסגעפירט. עס איז געבליבן, אַז חיים־נח באַקומט אַן עליה איין מאָל אין חודש.

אין אַן אַרטיקל פון דעם טראַגיש אומגעקומענעם יונגן געלערנטן משה קרעמער (ייוואָ־בלעטער, 1956) ווערן געבראַכט אייניקע אויסצוגן פון אַ פּנקס פון פּועלים (געזעלן) אין יאַראָסלאַוו. די שניידער־געזעלן (פּועלים חייטים) האָבן געשאַפן זייער אייגענע חברה, כדי צו האָבן אַן אייגענעם מנין ווו צו לייענען די תורה שבת און יום־טוב. און אין פּנקס ווערט קלאָר געזאָגט, פאַר וואָס עס איז נייטיק אַ באַזונדערער מנין. אין דעם אַלגעמיינעם בית־מדרש איז פאַראַן, אַן עין־הרע, אַ גרויסע צאָל מתפּללים. קומט ממילא אויס, אַז אַן אַרבעטער קריגט זעלטן אַן עליה. זיינען מיר זיך דערפאַר צונויפגעקומען, ווערט געזאָגט אין פּנקס, צו גרינדן אַ חברה פון פּועלים און איטלעכער פון אונדז זאָל ווייניקסטנס איין מאָל אין חודש אויפגערופן ווערן צו דער תורה.

ווערט אַ מענטש אויפגערופן צו דער תורה, הערט ער זיין אייגענעם נאָמען דערמאָנט, פילט ער, אַז ער איז עפּעס, אַז ער איז אַ פּערזענלעכקייט, אַז ער פאַרנעמט אַ פּלאַץ, אַז ער איז ניט קיין פאַרגעסענער, אַז ער האָט פריינד.

פאַראַן נאָך אַ וועג, וואָס גיט די מעגלעכקייט דעם מענטשן צו פילן זיין אייגענעם ווערט. דאָס איז — פאַרדינען אַ מצווה. פּראָסטע יידן פלעגן זיך צונויפנעמען און גרינדן אַ חברה ביקור־חולים אָדער הכנסת־אורחים וכדומה. דער פּשוטער פאַרהאָרעוועטער ייד פלעגט אָפּט אָפּזיצן אַ גאַנצע נאַכט ביי אַ חולה, כדי די משפּחה פון דעם חולה זאָל זיך קאָנען אַ ביסל אָפּרוען. פאַר וואָס האָט מען עס געטאָן? כדי צו פאַרדינען אַ מצווה, כדי צו העלפן אַ קראַנקן און אגב אויך — כדי קלאָר צו מאַכן פאַר זיך אַליין, אַז מען איז אַ מענטש, אַז מען לעבט אויך פאַר אַנדערע, אַז מען קאָן טאָן אַ מצווה.

אַ מענטש וויל טאָן מצוות, אַ מענטש פילט זיך גליקלעכער אויב מען לייגט אויף אים אַרויף אַ יאָך פון מצוות, ווייל דורך אָפּהיטן אַ מצווה ווערט דער מענטש אַ שותף צו דער וועלט און אַ שותף צום באַשעפער פון דער וועלט.

עס קאָן ניט זיין קיין אמתער יום־טוב אָן מצוות, עס קאָן ניט זיין קיין יום־טובדיקייט אָן אַ יום־טובדיקער היים. דערפאַר איז אַזוי גרויס די מצווה

פון ברענגען אַן אורח אויף שבת, אַן אורח צום סדר. אין די טעג פון וואָך איז דער אָרעמער מענטש זייער אָפט אַ פאַרלוירענער מענטש, אין די טעג פון יום־טוב געפינט ער זיך אַליין, געפינט ער זיין פּלאַץ אין זיין היים, אין זיין סביבה.

מיר רעדן אַ סך וועגן דעמאָקראַטיע, יעדער בירגער האָט אין אַ דעמאָ־קראַטיש לאַנד די מעגלעכקייט אויסצוקלייבן זיינע פאַרטרעטער. מען פאַרגעסט אָבער, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַן אָנהייב פון דעמאָקראַטיע. דער בירגער קאָן זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט דעם, וואָס ער וועט איין מאָל אין אַ פּאָר יאָר האָבן די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן זיין שטימע פאַר דער אָדער יענער פּאַרטיי, פאַר דעם אָדער יענעם קאַנדידאַט. יעדער מענטש וויל אַליין עפּעס טאָן, אַליין עפּעס אויפטאָן. דער יום־טוב, די יום־טובדיקע היים, די קולטור פון יום־טוב, די יום־טובדיקע סביבה העלפט אונדז אין דעם פּרט זייער אַ סך. און אויב אונדזער היינטיקע וועלט איז אַזוי אומרויִק, איז עס אין אַ גרויסער מאָס דער־פאַר, ווייל מיר האָבן פאַרלוירן דעם זין פאַר יום־טוב, מיר האָבן פאַרלוירן דעם זין פאַר מכבד זיין דעם מענטשן, ווייל מיר לעבן אין אַ וואָכעדיקער וועלט, ווייל מיר לעבן אויף דער גאַס: אַן אַ היים, אַן אַ יום־טוב און אַן פריינד. ערשט ווען דער מענטש וועט קענען אָפּהיטן זיין אייגענע מענטש־לעכקייט, וועט אים אויך זיין גרינגער שלום צו מאַכן מיט דער וועלט.

## יידישע דערציונג —
## שלום־בית און שותּפות פון דורות

אַ באַזונדערע ראָל האָט פון תּמיד אָן געשפּילט דער יום־טוב אין פּרט פון פאַראייניקן און פאַרפעסטיקן די פאַמיליע און אַריינברענגען מער שלום־בית אין דער יידישער היים.

אין די טעג פון אַפּרו, ווען דער אַרבעטס־מענטש איז געוואָרן פריי פון דעם יאָך פון אַרבעט און פון דעם יאָך פון זאָרגן, האָט די היים אויפגעלויכטן. די מלאכים פון שלום זיינען דאָן געקומען אין די אָרעמסטע יידישע שטיבער, אַלץ האָט געשטראַלט מיט יום־טובדיקייט און אויך די פאַרזאָרגטע טאַטע־מאַמע זיינען געוואָרן גאָר אַנדערע, נשמה־יתירהדיקע מענטשן. דערפאַר זיינען אונדז אַזוי נאָענט און טייער די זכרונות פון די יום־טובדיקע טעג. עס איז געווען ניט נאָר די פרייד פון יום־טוב, עס איז געווען די נשמה־יתירהדיקייט פון דעם יום־טובדיקן מענטשן, וואָס האָט אויף אונדז איבערגעלאָזן אַזאַ אויסערגעוויינטלעכן רושם.

מיר האָבן אַ טיפע באַדערפעניש צו זען אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע אין דעם ריינסטן און איידלסטן ליכט. די טעג פון יום־טוב האָבן עס אונדז

געגעבן. זיי האָבן אונדז געגעבן אַ יום־טובדיק פאָלק, יום־טובדיקע יידן און קודם־כל — יום־טובדיקע טאַטע־מאַמע!

עס איז גאָרניט אַזוי גרינג צו ברענגען פרייד פאַר אַלעמען, אַריינצוברענגען די שמחה פון יום־טובדיקייט אין דער פאַמיליע. עס וועט אפשר זיין ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז דער גורל פון יחידים און פעלקער הענגט אין אַ גרויסער מאָס אָפּ פון זייער פעיקייט זיך צו פרייען, פון דער קולטור פון שמחה, וואָס זיי האָבן געשאַפן.

מיר איז לעצטנס אויסגעקומען צו לייענען אַ צאָל אויטאָביאָגראַפיעס פון יידישע פערזענלעכקייטן, וואָס זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אַמע־ריקע. אין די ביאָגראַפיעס איז מיר באַזונדערס אויפגעפאַלן דער פאַקט, וואָס יום־טובדיקייט פאַרנעמט דאָ אַזאַ באַשיידענעם פּלאַץ. אין אייניקע פון די ביאָגראַפיעס ווערן יידישע יום־טובים כמעט ווי גאָרניט דערמאָנט.

איך פילט ממש ווי די יידישע היים איז דערדריקט געוואָרן פון צופיל וואָ־כעדיקייט. דאָס הייסט ניט, אַז ס'איז ניט געווען קיין פרייד און אידעאַליזם אין יידישן לעבן אין אַמעריקע. איך גלייב — גראָד פאַרקערט. יידישע עלטערן האָבן אַרויסגעוויזן אָן אַ שיעור ליבע און איבערגעגעבנקייט צו זייערע קינדער. יידישע אַרבעטס־מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן ניט ווייניק אידעאַליזם און מסירת־נפש אין די קאַמפן פאַר בעסערע, גערעכטערע און מער מענטשלעכע באַדינ־גונגען פון אַרבעט. יידישע אַרבעטס־מענטשן האָבן אויפגעבויט יידישע אינסטי־טוציעס ,אַ יידישע ליטעראַטור, אַ יידיש טעאַטער, יידישע פעריאָדישע אויסגאַבעס און אַ היפּשע צאָל אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן פון גאָר אַ הויכער מדרגה. אָבער אַט דער גאַנצער אידעאַליזם און די רייכע שעפערישקייט פון די פּיאָנערן פון יידישן ישוב אין דער גרויסער און פרייער אַמעריקע איז נאָר טיילווייז דער־גאַנגען ביז צו דער יידישער היים. די קינדער פון די פּיאָנערן האָבן מייסטנס ווייניק פאַרשטאַנען און ווייניק אָפּגעשאַצט דעם אידעאַליזם, די ליבע און די מסירות־נפש פון זייערע עלטערן. זיי האָבן מערער געזען זייערע וואָכעדיקע טאַטע־מאַמע, זיי איז אָבער זעלטן געווען באַשערט צו זען זייערע עלטערן אין דעם ליכט פון שבתדיקייט און יום־טובדיקייט. ווי אַזוי קומט עס.

אונדזער מאָדערנע יידישע קולטור־באַוועגונג — און דאָס איז אין אַ גרוי־סער מאָס ריכטיק בנוגע דער מאָדערנער קולטור בכלל — האָט ניט געפונען דעם וועג צו דער היים. דאָס מאָדערנע בוך, דאָס טעאַטער, די פּאַרטייען און די קולטור־אַרבעט פון די פּאַרטייען איז געווען אויסגערעכנט כמעט ווי אויס־שליסלעך פאַר דערוואַקסענע. עס זיינען ביי אונדז געשאַפן געוואָרן צוויי וועלטן, אַ וועלט פון דערוואַקסענע און אַ וועלט פון קינדער. וואָס מער דער פּאַטער איז געווען אַריינגעטאָן אין פּאָליטישער און קולטורעלער אַרבעט, אַלץ ווייניקער איז אים געבליבן צייט פאַר דער אייגענער פאַמיליע.

די מאָדערנע יידישע שול האָט אין אַ באַשיידענער מאָס געהאָלפן צו פאַר־ריכטן דעם מצב, אָבער בלויז אין אַ באַשיידענער מאָס. האָט דאָך, ליידער, די

יידישע שול ניט באַוויזן זיך צו באַפרייען פון דעם פּרינציפּ פון צעטיילונג, פון דעם פּרינציפּ פון באַזונדערע צוויי וועלטן — אַ וועלט פון קינדער און אַ וועלט פון דערוואַקסענע. אונדזערע מאָדערנע שולן און דערציִונגס־אַנשטאַלטן זיינען אויסגערעכנט בלויז פאַר קינדער; אונדזערע לערן־מאַטעריאַלן און לערן־ביכער זיינען באַשטימט דירעקט פאַר קינדער; מען גרייט־צו שפּילן פאַר קינדער. די עלטערן האָבן דערצו אַ לפי ערך קנאַפּע שייכות.

פאַר דער לעצטער צייט ווערן געמאַכט אין אַ צאָל שולן פּרוּוון אַריינצו־ברענגען מער האַרמאָניע צווישן דער שול און דער היים, דער עיקר אויפן געביט פון יום־טובים. דאָס זיינען זייער וויכטיקע אָנהויבן און זיי פאַרדינען די פולסטע און וואַרעמסטע אונטערשטיצונג.

די געוואַלטיקע מעלה פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער דערציִונג באַשטייט דערין, וואָס זי האָט אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן דער וועלט פון די קינדער און דער וועלט פון די דערוואַקסענע. אַ ייד האָט זיין גאַנץ לעבן געלערנט, איז זיין גאַנץ לעבן געגאַנגען אין חדר. אין די טעג פון שבת און יום־טוב זיינען עלטערן און קינדער געגאַנגען צוזאַמען אין בית־מדרש, מ'האָט געדאַוונט פון דעם זעלביקן סידור און אַלע זיינען געווען גלייכע שותפים אין דעם יידישן יום־טוב. אַזוי איז עס געווען אין בית־מדרש און אַזוי איז עס געווען אין דער היים.

און פאַראַן נאָך אַ טיפערער זין אין דעם יום־טוב סוכות. דערציילט אונדז דאָך די צייטווייליקע סוכה פון די יידישע וואַנדערונגען דורך דורות און זי דער־ציילט אונדז אויך פון דעם יידישן טרוים פון דער משיחישער סוכה פון שלום (סוכת שלום). אין אָט־דער סוכה קומען צו אונדז די יום־טובדיקע זיבן געסט, די אושפּיזין. דאָס זיינען: אברהם, יצחק און יעקב, יוסף און משה, אהרן און דוד; קומען צו אונדז אין די זיבן טעג סוכות די זיבן געסט, די זיבן משיחישע פּאַסטוכער, ווי זיי ווערן דערמאָנט אין תנ"ך, און פאַרברענגען מיט אונדז צוזאַ־מען. מייסטנס זעען מיר זיי ניט, אָבער אַ מאָל קומט איינער פון זיי אין דער געשטאַלט פון אַן אָרעמען אורח, ווען מיר האָבן פאַרבעטן צו אונדז אויף יום־טוב. זיצן מיר אין סוכה מיט דער פאַמיליע, מיטן כלל ישראל און מיט אַלע דורות פון יידישן פאָלק. אַזוי באַהעפטן מיר זיך אַלע און פרייען מיר זיך צוזאַמען מיט דער פרייד פון דורות אין דער סוכה פון שלום.

## ווי מאַכט מען יום־טוב אין דער היינטיקער צייט?

זינט די עלטסטע צייטן ווערט אין דער יידישער געשיכטע געפירט אַ קאַמף צווישן וואָכעדיקייט און יום־טובדיקייט. וואָס איז וויכטיקער — האָט מען זיך אָפּט געפרעגט — די טעג פון אַרבעט און וואָכעדיקע געשעפטן, אָדער די טעג

פון אָפּרו און גייסטיקער דערהויבנקייט? פון תנ"ך ווייסן מיר, אַז אפילו נאָך אין דער צייט פון בית שני האָבן יידן אָפּט ניט געגוג שטרענג אָפּגעהיט די געזעצן פון שבת. ווען נחמיה איז געקומען צוריק פון בבל קיין יהודה האָט ער צו זיין גרעסטער איבערראַשונג אויסגעפונען, אַז אפילו אין ירושלים פלעגט מען דעמאָלט קויפן און פאַרקויפן אום שבת. אָבער טאַקע אין דער צייט פון בית שני האָט זיך דאָס אַלץ ראַדיקאַל געביטן. מען האָט אָנגעהויבן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט און פייערלעכקייט אָפּצוהיטן די יום־טובדיקע און שבת־דיקע טעג און זינט דאַן זיינען מיר געוואָרן אַ פאָלק פון שבתדיקע און יום־טובדיקע יידן.

די שבתים און יום־טובים האָבן ביסלעכווייז ביי אונדז באַהערשט אויך דאָס גאַנצע וואָכעדיקע לעבן. מיר האָבן ניט אין העברעיש קיין באַזונדערע נעמען פאַר די טעג פון דער וואָך. די טעג ווערן באַצייכנט לויט זייער אָרדע־נונג: זונטיק איז יום ראשון, אָדער יום א׳, דער ערשטער טאָג פון דער וואָך; מאָנטיק איז יום שני, דער צווייטער טאָג פון דער וואָך, א. אַ. וו. און געהאַלטן האָט מען זיך ביי דעם כלל, אַז וואָס מער מיר קאָנען אָראָפּדינגען פון דער וואָכעדיקער צייט, אַלץ בעסער. פרומע יידן פלעגן זיך נוהג זיין גאָר פרי צו מאַכן שבת און גאַנץ שפּעט צו מאַכן הבדלה. זאָל דער שבת געדויערן אַ ביסל לענגער, כדי דער ייד זאָל אויך לענגער בלייבן צוזאַמען מיט זיין שבתדיקער נשמה־יתירה. מוסיפין מן החול על הקודש — עס איז אַ מצווה צוצוגעבן פון דער וואָכעדיקער צייט צו דער הייליקער צייט. און אויך די יום־טובים זיינען ביי אונדז געוואָרן אַלץ רייכער און שענער און דערהויבענער. יידן אין די גלות־לענדער האָבן אויסגעפונען, אַז אַנשטאָט איין סדר דאַרפן זיי גאָר מאַכן צוויי סדרים, זיינען זיי פון דעם ניט געווען שטאַרק אומגליק־לעך. גראָד פאַרקערט, זיי זיינען געווען צופרידן, וואָס מען האָט נאָך אַ טאָג יום־טוב, וואָס ווערט געפייערט אין די גלות־לענדער. האָבן יידן אין גלות דערפאַר געהאַט מער יום־טובדיקע טעג ווי אין ארץ־ישראל. און זיי האָבן עס אויך געדאַרפט האָבן.

דער אַלטער ר׳ שלמה האָט ניט געוואָלט מאַכן קיין הבדלה: שבת זאָל זיין! כסדר שבת! און זיינע אור־אייניקלעך האָבן ניט געוואָלט מאַכן קיין קידוש — וואָך זאָל זיין! כסדר וואָך, ניט קיין שבת און ניט קיין יום־טוב! אַזוי האָט אונדזער דור זיך פאַרלוירן צווישן כולו שבת און כולו וואָך.

דאַרפן מיר באַגריסן יעדן פּרווו ווידער אַריינצוברענגען אַ ביסל יום־טוב־דיקייט אין דער אַזוי־געדיכטער וואָכעדיקייט פון אונדזער היינטיקן יידישן לעבן. אין דעם פּרט קאָן אויך דער דריטער סדר זיין אַ וויכטיקער אויפטו. און דאָך איז מיר שווער זיך צו באַפרייען פון געוויסע ספקות בנוגע אונדזערע היינ־טיקע פייערונגען. עפּעס זיינען מיר געוואָרן הילפלאָז, ווען עס קומט צו מאַכן יום־טוב, ווי פשוט און ווונדערלעך צוגלייך איז דער אַלטער, טראַדיציאָנעלער יידישער סדר! איז געזעסן אַז אָרעמער, פּראָסטער ישובניק אין אַ דאָרף און

האָט געוווּסט ווי צו מאַכן פּסח. ניט געווען קיין באַרימטע זינגער אין דער דאָרפישער קרעטשמע, אַפילו קיין רעדנער האָט אונדזער אַמאָליקער ישובניק ניט געדאַרפט. אַליין מיט זיין ווייב און קינדער, אַ מאָל נאָך אַן אורח דערצו, איז מען געזעסן פאַרזאַמלט ביי אַ יום־טובדיקן טיש און די שכינה איז געקומען צו אים אין דער אָרעמער קרעטשמע אַריין. אָט דער אַלטער פשוטער ישובניק איז געווען אַ גרויסער קינסטלער. ער האָט געוווּסט דעם סוד ווי צו מאַכן שבת און יום־טוב, ווי צו פאַרוואַנדלען דעם סדר־טיש אין אַ מזבח און די אָרעמע, אַלטע קרעטשמע אין אַ בית־המקדש.

## אונדזערע אַלטע יום־טובים און די מאָדערנע ליטעראַטור

ווי קומט עס, פרעגט מען זיך אָפט, וואָס אונדזערע אַלטע טראַדיציאָנעלע יום־טובים פאַרנעמען אַזאַ אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אונדזער מאָדערנער וועלט־לעכער יידישער ליטעראַטור? באַקענט זיך מיט דער רייכער מעמוארן־ליטע־ראַטור אין יידיש און העברעיש און איר וועט זיך באַגעגענען מיט דער זעל־ביקער דערשיינונג. די יום־טובים אין דער פאַמיליע געהערן צו די שטאַרקסטע איינדרוקן פון די קינדער־ און יוגנט־יאָרן.

מיר איז לעצנס אויסגעקומען צו לייענען אַ גרעסערע צאָל אויטאָביאָגראַ־פיעס פון ניט־יידישע שרייבער. אויך דאָרטן ווערן פון צייט צו צייט דערמאָנט די פאַרשיידענע יום־טובים, זיי פאַרנעמען אָבער ווייט ניט אַזאַ פּלאַץ ווי אין אונדזער יידישער ליטעראַטור און אין אונדזער יידישער אויטאָביאָגראַפיע.

דער יום־טוב האָט אונדז ניט נאָר באַפרייט פון די וואָכעדיקע זאָרגן פון פּרנסה, ער האָט אונדז אויך אין גאַר אַ גרויסער מאָס באַפרייט פון די זאָרגן פון גלות און פון דעם יאָך פון גלות. די טעג פון שבת און יום־טוב זיינען די שטאַרקסטע דערמאָנונג פון משיחס צייטן, זיי זיינען טיילווייז אַ פאַרווירקלעכונג פון משיחס צייטן. שבת, לערנט אונדז אַ מדרש, איז אַ זעכציקסט חלק פון עולם־הבא (שבת אחד מששים לעולם הבא).

אויך ביי אַנדערע פעלקער האָבן יום־טובים, נאַטירלעך, פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין לעבן. ס'איז אָבער בכלל ניט געמאַכט געוואָרן אַזאַ שטאַרקער פּרינ־ציפּיעלער אונטערשייד צווישן וואָך און יום־טוב ווי ביי אונדז. אויף אַ פייער־לעכן אופן, דורך בענטשן ליכט, קבלת־שבת און קידוש, זיינען די טעג פון שבת און יום־טוב אַריינגעפירט געוואָרן אין דער יידישער היים און אין יידישן שטעטל, און אויף אַ פייערלעכן אופן, דורך די מנהגים פון הבדלה און מלווה־מלכה, געזעגנט זיך דער יידישער מענטש מיט די טעג פון שבת און יום־טוב.

מיר איז אויסגעקומען אָפטער צו הערן טענות, פאַר וואָס גיט אָפּ דער „פאָרווערטס" אַזוי פיל פּלאַץ פאַר יידישע יום־טובים? וואָס פאַר אַ שייכות

האָט דער מאָדערנער יידישער מענטש צו אַזעלכע יום־טובים ווי פסח, ראש השנה, יום כיפּור און סוכות? דאָס זיינען דאָך אַלטע יום־טובים, יום־טובים פון גאָר אַמאָל, וואָס זאָגן אָט־די אַלטע יום־טובים דעם מענטשן פון אונדזער צייט?

איך גלייב, אַז דווקא אין אַרבעטער־צייטונג, דווקא אַ סאָציאַליסטישע צייטונג מוז אָפּגעבן וואָס מערער פּלאַץ, כדי ווידער אויפצולעבן די קולטור פון יום־טובדיקייט. די טעג פון שבת און יום־טוב זיינען דאָך געשאַפן געוואָרן קודם־כל פאַרן אַרבעטס־מענטשן, פאַר דעם פאַרזאָרגטן און פאַרהאָרעוועטן מענטשן!

איינע פון די צענטראַלע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט איז — וואָס מיר האָבן פאַרגעסן די קונסט פון יום־טובן, מיר פאַרשטייען ניט ווי אָפּצורוען. מיר האָבן דערגרייכט זייער אַ סך אין פּרט פון פאַרקירצן די אַרבעטס־צייט, אָבער וואָס טוען מיר מיט אונדזער פרייער צייט? געווען אַ צייט, ווען ערנסטע סאָציאַלע רעפאָרמער האָבן טיף געגלייבט, אַז ווי נאָר דער אַרבעטער וועט האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באַפרייען טיילווייז פון דעם שווערן יאָך פון אַרבעט, וועט ער זיך צוכאַפּן צו קולטור. צום באַדויערן זיינען די האָפענונגען ווייט ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער געהעריקער מאָס. וואָס האָט געפירט דערצו?

די אינדוסטריע, וואָס באַזאָרגט אונדז מיט די מיטלען פון פאַרברענגען און פאַרגעניגן, די קינאָס, די פאַרשיידענע ספּאָרט־קלובן און אָרגאַניזאַציעס, די זומער־פּלעצער, שוין ניט רעדנדיק וועגן די נאַכט־קלובן, געפינען זיך דער עיקר אין פּריוואַטע הענט. באַזונדערס אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט האַזאַרד־שפּילן, מיט „געמבלען" און נאַכט־קלובן געפינט זיך אין די הענט פון דער אונטערוועלט. אין אַ שטאָט ווי ניו־יאָרק, למשל, זיינען אין אַ זונטיקדיקן טאָג פּאַקטיש אַלע עפנטלעכע ביבליאָטעקן פאַרמאַכט. אויף וויפל איך ווייס איז אָפן בלויז די צענטראַלע שטאָטישע ביבליאָטעק אויף דער צווייי און פערציקסטער גאַס. עס איז שווער צו קריגן אַ פּלאַץ, אויב איר ווילט אַריינקוקן אין אַ נייעם בוך אָדער אַ זשורנאַל, וואָס איר האָט ניט אין דער היים. דער טאָג פון זונטיק איז דער וויכטיקסטער געשעפטס־טאָג פאַר דער אינדוסטריע, וואָס פאַרנעמט זיך צו פאַרזאָרגן אונדז מיט פאַרגעניגנס.

עס פעלט מיר ניט איין צו לייקענען דעם ערנסטן קולטורעלן ווערט פון שפּיל און ספּאָרט. עס האַנדלט זיך דאָ בלויז וועגן די גרענעצן פון אַזעלכע פאַרגעניגנס. די פּריוואַטע אינדוסטריע פון פאַרברענגען, דער קאָמערציאַליזירטער אופן פון אונדזער אָפּרו ברענגט מיט זיך אויסערגעוויינטלעכע געפאַרן פאַר אונדזער דעמאָקראַטיע. מען איז געוויינטלעך צופרידן, אַז מען קאָן פון זיך אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון זאָרגן און דעם יאָך פון פאַראַנטוואָרטונג.

ס'איז געוויס אמת, אויך אונדזערע יידישע יום־טובים האָבן די אויפגאַבע צו באַפרייען דעם מענטשן פונעם שווערן יאָך פון אַרבעט און זאָרגן. אָבער דאָס איז ווייט ניט זייער איינציקע אויפגאַבע. די טעג פון יום־טוב זיינען געגעבן געוואָרן ניט נאָר כדי צו פאַרגעסן, נאָר אויך כדי זיך צו דערמאָנען, זיך צו דערמאָנען,

אַז מען איז אַ מענטש און אַז יעדערער פון אונדז טראָגט זיין טייל פון אחריות פאַרן כלל. דערפאַר זיינען די יידישע יום־טובים אין אַ גרויסער מאָס יום־טובים פון דערמאָנען, און דאָס איז באַזונדערס ריכטיק פאַר אַ יום־טוב ווי ראש השנה, וואָס ווערט טאָקע באַצייכנט ווי דער יום־הזכרון, דער טאָג פון דערמאָנען.

אין די טעג פון שבת און יום־טוב דערמאָנען מיר זיך, אַז מיר זיינען מענטשן, און מיר דערמאָנען זיך, אַז מיר זיינען יידן. די טעג פון יום־טוב זיינען אָבער טעג פון דערמאָנען זיך נאָך אין אַ טיפערן זין.

שבת און יום־טוב זיינען טעג פון פרייד, אָבער אויך טעג פון דערהייבונג. ווען מיר דערמאָנען זיך די קינדער־יאָרן, דערמאָנען מיר זיך אונדזערע אייגענע שמחות, מיר דערמאָנען זיך אָבער נאָך מערער די שבת־יום־טובדיקע געשטאַלטן פון טאַטע־מאַמע, פון די נאָענטע קרובים און פון יידישן שטעטל בכלל. שבת און יום־טוב האָבן אַריינגעבראַכט פרייד אין דער פאַמיליע, שלום אין דער פאַמיליע, הייליקייט אין דער יידישער היים.

פאַראַן אויך אין פאַמיליע־לעבן פּראָבלעמען, זאָרגן, קאָנפליקטן. אין די טעג פון שבת און יום־טוב האָט מען דאָס אַלץ פאַרגעסן. זיינען אין אונדזערע זכרונות דערפאַר פאַרבליבן ניט נאָר די געשטאַלטן פון פאַרהאַוועטע און פאַר־זאָרגטע טאַטע־מאַמע, נאָר אויך די ווונדערלעך־ליכטיקע בילדער פון פרייטיק־צו־נאַכטס ביים טיש, פון דעם סדר און פון די יום־טובים בכלל.

יידיש לעבן איז געווען שווער, געווען אַ סך נויט, געווען אַנטיסעמיטיזם, געווען גזרות און רדיפות. וואָס וואָלט אונדז געבליבן ווען ניט די יום־טובים? וואָס פאַר אַ באַגריף וואָלטן מיר געהאַט פון יידישקייט, פון יידיש לעבן און יידישן גורל ווען ניט די יום־טובים?

און אויך נאָך הייַנט אַפילו אין דעמאָקראַטישן אַמעריקע, זיינען פאַקטיש פאַראַן צוויי הויפּט־וועגן וואָס דערמאָנען אַ יידיש קינד אָן יידישקייט. פאַר־לאַנגט ניט פון קינדער זיי זאָלן זיין ספּעציאַליסטן אין פילאָזאָפיע און אין די פּראָבלעמען פון נאַציאָנאַלע קולטורן. פּראַקטישע פאַקטן, מעשים פון טאָג־טעג־לעכן לעבן דערמאָנען אַ קינד, אַז עס איז אַ ייד. און די פּראַקטישע פאַקטן זיינען קודם־כל — יידישע יום־טובים פון איין זייט און אַנטיסעמיטישע אינצידענטן אין גאַס אָדער אין שול פון דער אַנדערער זייט. אייניקע אויספאַרשונגען, וואָס זיינען לעצטנס געמאַכט געוואָרן, האָבן עס קלאָר באַוויזן. געוויס, אין היימען ווו מען רעדט יידיש איז די שפּראַך אַליין אַ וויכטיקער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר. אָבער אין וויפל היימען רעדט מען היינט יידיש? עס איז דעריבער איבעריק צו באַ־ווייזן ווי וויכטיק עס איז, אַז גראָד די ערשטע זכרונות וועגן יידישקייט זאָלן זיין פאַרבונדן מיט יום־טובדיקע געשעענישן און יום־טובדיקע איבערלעבונגען. דאַן קאָן אויך פאַרבלייבן אַ געפיל פון ליבע און געטריישאַפט צו אַלץ וואָס איז יידיש.

דעריבער איז אַזוי וויכטיק דער יידישער יום־טוב. דעריבער איז אַזוי וויכ־טיק די קולטור אַרום דעם יום־טוב, די צוגרייטונגען צום יום־טוב און די ראַ־

מאַנטיק פון יידישער יום־טובדיקייט. אין לויף פון וואָכן פלעגט מען זיך גרייטן צו די גרויסע יום־טובים, צו פסח און די ימים נוראים. און ס׳איז פאַראַן אַ זין דערין. אַ יום־טוב איז אַ וויכטיקע דאַטע אין דעם לעבן פון אַ מענטשן בכלל און אין דעם לעבן פון דעם יונגן קינד בפרט.

דער טראַדיציאָנעלער יידישער יום־טוב ווייזט אונדז ווי מען קאָן אַרייַנ־ברענגען פרייד און קולטור אין לעבן פון פאָלק אָן דער פאַרמיטלונג פון דער פריוואַטער פאַרגעניגן־אינדוסטריע און אָן די פרימיטיווע פאָרמען פון שפיל און פון ספאָרט. די יידישע טראַדיציע ווייזט אונדז אָבער אויך ווי אַזוי דער יום־טוב קאָן ווערן אַן אינסטרומענט פון דעמאָקראַטישער דערציִונג און דעמאָקראַטישער פאַראַנטוואָרטונג.

## דער סוד פון מאַכן יום־טוב

אין דער אָרעמער יידישער פאַמיליע אין דער אַלטער היים איז יום־טוב כמעט שטענדיק געווען אַ פּראָבלעם. מיט וואָס מאַכט מען יום־טוב? ווו נעמט מען אויף יום־טוב? שוין אַריינברענגען דעם שבת אין דער היים איז געווען ניט קיין איינפאַכער ענין. ווו נעמט מען אויף שבת? — האָט דער אָרעמער מענטש זיך כסדר געפרעגט. באַזונדערס גרויס איז געווען די זאָרג ערב פסח.

האָט מען דערפאַר איינגעפירט דעם מנהג פון מעות־חיטין, כדי צו העלפן די אָרעמע טיילן פון דער באַפעלקערונג אַריינצוברענגען דעם פסח. קיין ייד האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון דער פליכט בייצושטייערן פאַר די מעות־חיטין־זאַמלונגען. עס האָט געגאָלטן דער כלל, אַז אַלע זיינען שותפים צו כלל, אַז אַלע זיינען שותפים צו מעות־חיטין — אָדער מען גיט פאַר מעות־חיטין, אָדער מען באַקומט.

אויך פאַר שבת האָט מען ווי ווייט מעגלעך געזאָרגט צו העלפן די נויט־באַדערפטיקע. אין אַ סך קהילות זיינען געווען ספּעציעלע חברות פאַר דעם צוועק. אין ווילנע, למשל, איז געווען אַ חברה מיטן נאָמען „מענגי שבת״, וואָס האָט געהאָלפן אָרעמע פאַמיליעס מיט שפּייז אויף שבת. מען האָט אַחוץ דעם אַ סך געהאַלטן פון דער מצווה צו נעמען אַן אורח אויף שבת און יום־טוב. אַזוי האָבן אויך די אָרעמסטע זיך אַן עצה געגעבן מיט מאַכן שבת און יום־טוב.

מיר שטייען אָבער פאַר גאָר אַן אַנדער פראַגע: מיר ווייסן ניט ווי צו מאַכן יום־טוב! ווי מאַכט מען יום־טוב עס זאָל טאַקע באמת זיין יום־טובדיק?

אין תלמוד ווערט דערציילט: אַ רוימישער הערשער האָט אַמאָל געפרעגט דעם תנא ר׳ יהושע בן חנניה: ווי קומט עס, וואָס די שבתדיקע מאכלים האָבן אַזאַ באַזונדערן טעם? האָט דער תנא אים געענטפערט: מיר האָבן אַזאַ געווירץ,

וואָס מיר לייגן אַריין אין די שבתדיקע מאכלים. דער נאָמען פון דעם געווירץ איז שבת.

אונדזערע עלטערן האָבן געוווּסט דעם סוד פון אָט דעם שבת־ און יום־טוב־געווירץ.

מיר לעבן אין אַ וואָכעדיקער צייט. דער העכסטער אידעאַל איז געלט, און יום־טוב קאָן מען דאָך קיין געלט ניט פאַרדינען! אויך דער מאַרקסיזם קוקט מיט ביטול אויף דעם יידישן יום־טובדיקן יידן. אין דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע, וואָס איז אַזוי אין גאַנצן באַהערשט געוואָרן פון דער שיטה פון זיגמונד פרויד, איז אויך כמעט נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר הייליקייט און יום־טובדיקייט. איז ניט קיין ווּנדער, וואָס מיר ווייסן היינט ניט — ווי צו מאַכן יום־טוב.

צו דעם קומט נאָך צו די באַזונדערע יידישע לאַגע אין דער וועלט. מיר זיינען היינט מער אַסימילירט. מיר האָבן ניט דעם כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דער ניט־יידישער וועלט.

אויך אין אונדזערע אָפּשאַצונגען וועגן יידישקייט לאָזן מיר זיך אָפּט באַאיינפלוסן פון דער ניט־יידישער וועלט. אַ גרויסער טייל פון אונדזער יידישער אינטעליגענץ קאָן זיך, ליידער, ניט באַפרייען פון דער קריסטלעכער ראָמאַנטיק. אונדזער אינטעליגענץ ווייסט כמעט גאָרניט וועגן יידישקייט.

איך וויל דאָ בלויז ברענגען איין אילוסטראַציע: די קריסטלעכע דענקער האָבן פון די עלטסטע צייטן אָן פאַלעמיזירט קעגן דעם יידישן שבת. דער יידישער שבת — האָבן זיי געטענהט — איז צו־שטרענג. דער יידישער שבת לייגט אַרויף אָן אַ שיעור פליכטן אויפן פאָלק. האָבן די קריסטן רעפאָרמירט דעם יידישן שבת און האָבן דערפון געמאַכט אַ וואָכעדיקן זונטיק. לויטן יידישן דין איז דער שבת אין דער ערשטער שורה אַ טאָג פון אָפּרו פאַר אַלעמען, אַפילו די אַרבעטס־בהמות דאַרפן געניסן פון דער שבת־רו.

וואָס האָבן די קריסטן געמאַכט פון דעם יידישן שבת? זיי האָבן אָפּגעשאַפט דעם שטרענגן פאַרבאָט פון אַרבעט. די קריסטלעכע רעליגיעזע פירער האָבן בפירוש דערלויבט זונטיק צו אַרבעטן. מען האָט בלויז פאַרלאַנגט מ'זאָל די אַרבעט איבעררייסן אויף אַ פּאָר שעה, די צייט ווען מען גייט אין קירך. ביי די קריסטן איז דער זונטיק געווען אין דער ערשטער שורה דער טאָג פון דער קירך און ניט דער טאָג פון דעם מענטשן. די קירך האָט אַבסאָלוט ניט פּראָטעסטירט קעגן די קריסטלעכע בעלי־בתים, וואָס האָבן עקספּלואַטירט זייערע אַרבעטער גאַנצע זיבן טעג אַ וואָך. מען האָט ביי אונדז ניט אָפּגעשאַצט דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון זונטיק־אַרבעט, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין די מייסטע קריסטלעכע לענדער ביז צום אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט. דער יידישער שבת האָט געהאָט אין זינען דעם מענטשן, דעם אָרעמסטן מענטשן.

ווען מען באַטראַכט אָביעקטיוו די פאַקטן פון דער געשיכטע, דאַן ווערט קלאָר די גרויסע באַדייטונג פון די יידישע יום־טובים. מיר מוזן זיך אַלץ מער פאַרטיפן אין דער יידישער יום־טובדיקער וועלט, מיר מוזן אָנהייבן צו פאַר־

שטיין דעם סוד פון יום־טובדיקייט. עס האַנדלט זיך דאָ ניט סתם וועגן טראַ־דיציעס, נאָר וועגן גרויסע רעליגיעזע און עטישע ווערטן.

און דאָך איז נאַטירלעך שווער צו מאַכן יום־טוב אין אונדזער צייט אַפילו ווען מען פאַרשטייט דעם טיפערן זין פון יום־טוב. צו יום־טוב פאַדערט זיך אַ געוויסע אַטמאָספער, אַ געוויסע סביבה. עס פעלט אונדז די יום־טובדיקע סביבה. און ווען צו דעם קומען נאָך צו אַ צאָל מאַטעריעלע שוועריקייטן, ווערט קלאָר די פראַגע: ווי מאַכט מען יום־טוב ?

איך גלייב ניט, אַז מיר קאָנען געפינען דעם וועג צו יידישער יום־טובדיקייט מיט איין מאָל. עס מוז נעמען צייט, אָבער וואַרטן דאַרף מען ניט. מען מוז אָנהייבן, יעדערער לויט זיינע כוחות און מעגלעכקייטן. אויב מען קאָן אַריינ־ברענגען אַ סימן פון יום־טובדיקייט אין דער יידישער היים, איז עס שוין אַ גרויסער ענין. מיר קאָנען ניט זיין צו־שטרענג, מיר טאָרן ניט פאַרלאַנגען — אָדער אַלץ אָדער גאָרניט! מיר מוזן בלויז האָבן איין זאַך אין זינען. מיר מוזן אַלץ טאָן כדי אַריינצוברענגען אין אונדזער יידישער וועלט מער רעספּעקט פאַר יידישקייט.

## וואָס ברענגט אונדז דער יום־טוב ?

האָבן מיר יידן צופיל יום־טובים ? פאַראַן אַזאַ מיינונג. די רעפאָרמער האָבן טאַקע אָפּגעשאַפט דעם צווייטן טאָג יום־טוב, דעם יום־טוב שני של גלויות, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין דער צייט ווען די טעג פון ראש־חודש און יום־טוב פלעגן באַשטימט ווערן ניט דורכן לוח ווי היינט, נאָר דורך אָבסערווירן די צייט פון פאַרשווינדן און ווידערבאַווייזן זיך פון דער לבנה. אויך נאָכדעם ווי ס'איז איינגעפירט געוואָרן צו באַשטימען די טעג פון ראש־חודש און יום־טוב לויטן לוח, האָבן נאָך אַלץ די יידן אין די תפוצות זיך געהאַלטן ביי דעם אַלטן מנהג צו פראַווען אויף אַ יום־טובדיקן אופן דעם יום־טוב שני של גלויות. אַזוי האָבן מיר אין חוץ לארץ מער יום־טובדיקע טעג ווי אין ארץ־ישראל. און אַן איבע־ריקער טאָג יום־טוב האָט נאָך קיינעם קיין שאָדן ניט געבראַכט.

טעג פון חול־המועד האָבן פאַרן אַרבעטס־מענטשן געהאַט אַלע מעלות פון יום־טוב און וואָך. זיי האָבן אַריינגעבראַכט די נייטיקע ענדערונג אין דער אַט־מאָספער פון פסח און סוכות. דער יום־טוב איז געוואָרן רייכער אין ניואַנסן, אין קאָלירן, אין שטימונגען.

אונדזער פאָלקס־דיכטער מאַרק וואַרשאַווסקי האָט אויף אַ וווּנדערלעכן אופן אַרויסגעבראַכט אָט־די רייכקייט און שטימונגען און ניואַנסן אין זיין ליד „דאָס פריילעכע שניידערל״, דאָ ווערן באַזונגען „די יום־טובדיקע טעג״, די פרייד פון אָנהייב יום־טוב און די שטימונג פון בענקעניש ווען די יום־טובדיקע טעג האַלטן

ביים פאַרגיין, ווען מיר געזעגענען זיך מיטן יום־טוב און עס הייבן זיך ווידער אָן די זאָרגן פון די וואָכעדיקע טעג.

עס איז ניט קיין צופאַל וואָס די יום־טובים פאַרנעמען אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ אַפילו אין אונדזער מאָדערנער דערציִונג, אַריינגערעכנט אונדזערע וועלטלעכע שולן. און עס איז אויך ניט קיין צופאַל וואָס די יום־טובים פאַרנעמען אַזאַ קענטיקן פּלאַץ אין אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור, גאַר באַזונדערס אין דער ייִדישער מעמואַרן־ליטעראַטור. אין דעם פּרט איז אונדזער ייִדישע ליטעראַטור אַן אויסנאַם. און דער טעם דערפון איז — די יום־טובים זיינען געווען ניט נאָר וויכטיקע דאַטעס אין אונדזער רעליגיעזן קאַלענדאַר, נאָר אויך וויכטיקע דאַטעס אין סאָציאַלן לעבן. דער פּועל ביי אַ בעל־מלאכה האָט אָפּט געאַרבעט לויטן זמן, פון יום־טוב ביז יום־טוב. דער סדר פון לערנען אין די חדרים און ישיבות איז געווען איינגעשטעלט לויטן זמן. די צייט פון וואַקאַציע פון די לימודים איז געווען די צייט צווישן די זמנים, בין הזמנים, די טעג פון יום־טוב און חול־המועד זיינען געווען טעג פון וואַקאַציע און אָפּרו פאַר די אַרבעטער. ייִדישע חבֿרות, אַריינגערעכנט די חבֿרות פון בעלי־מלאכות, פלעגן געוויינטלעך דורכפירן די וואַלן פון באַאַמטע אין די טעג פון חול־המועד פּסח אָדער חול־המועד סוכּות. און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גאָר אַן אַלטער טראַדיציע. זיינען דאָך די יום־טובים אין דער תּקופֿה פון תּנ״ך געווען צייטן פון גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. מיט אַ באַזונדער פייערלעכקייט פלעגט דורכגעפירט ווערן די פאַרזאַמלונג פון פאָלק אין ירושלים אין די טעג פון סוכּות אינעם זיבעטן יאָר, דאָס יאָר פון שמיטה. אין דעם יאָר, ווערט געזאָגט אין דברים, דאַרף מען לייענען די תּורה פאַרן גאַנצן פאָלק. „זאַמל איין דאָס פאָלק (הקהל את העם), די מענער און די פרויען און די קינדער און דעם פרעמדן, וואָס אין דיינע טויערן, כּדי זיי זאָלן הערן און זאָלן לערנען און זאָלן מורא האָבן פאַר גאָט און זאָלן היטן צו טאָן די אַלע ווערטער פון דער תּורה". דאָס איז געווען אַ מין באַנייונג פון מתּן־תּורה, אַן איבערחזרונג פון דער פאַרזאַמלונג פון גאַנצן פאָלק ביים באַרג סיני. איז דעריבער דער יום־טוב ניט נאָר אַ דערמאָנונג אָן די צייטן פון אַמאָל, דער יום־טוב איז אויך אַ גרויסע געשעעניש, דער יום־טוב מאַכט געשיכטע.

אין דער תּלמודישער צייט אין בבֿל פלעגן די חדשים אדר און אלול, די ערבֿ־יום־טובדיקע חדשים, אויסגענוצט ווערן פאַר גרויסע תּורה־פאַרזאַמלונגען. לערנער פון פאַרשיידענע געגנטן פלעגן זיך צונויפקומען אין די גרויסע ישיבֿות צו פאַרברענגען צוזאַמען אין תּורה. געווען דערין אַ ריטואַל פון עולה רגל זיין. די חדשים אדר און אלול ווערן אין תּלמוד באַצייכנט ווי די ירחי כּלה. האָט דאָס וואָרט כּלה אַ סימבאָלישע באַדייטונג? באַצייכנט עס די פרייד פון דער תּורה־חתונה, פון דער פאַרבינדונג פון פאָלק מיט דער תּורה?

דער מנהג פון די אַמאָליקע ירחי כּלה אין בבֿל איז לעצטנס ווידער באַנייט געוואָרן אין ישׂראל. עס וואָלט אַוודאי געווען אַ יושר אויך ביי אונדז און אומעטום אויסצונוצן די יום־טובדיקע צייט ווי אַ צייט פון לערנען תּורה. ס'איז

קלאָר — די יום־טובים, זיי טאָרן ניט פאַרוואַנדלט ווערן סתם אין פּאַראַדן. פאַראַן אַן עיקרדיקער אונטערשייד צווישן אַ יום־טוב און אַ פּאַראַד, עס איז דער אונטערשייד צווישן דער היים און דער גאַס. מען קאָן אָבער געפינען אַ וועג ווי צו פאַרבינדן די יום־טובדיקע דערהויבנקייט מיט תורה, מיטן יידישן ספר, מיט דער שעפערישקייט פון יידישן וואָרט.

## שבת און וואָך אין דער סאָציאַליסטישער וועלט

### פון דער סעריע „די וועגן פון יידישן סאָציאַליזם"

וואָס מער אונדזער לעבן איז געוואָרן וואָכעדיק, אַלץ יום־טובדיקער איז געוואָרן אונדזער ליטעראַטור. עס איז פאַר מיר אָפט געווען אַ חידוש, ווען איך האָב זיך צוגעקוקט, ווי ראַדיקאַלע סאָציאַליסטן, וועלטלעכע יידן, לייענען מיט אַזאַ דבקות און התלהבות פּרצעס „גאָלדענע קייט". ווי אָפט קומט אויס צו הערן, ווי אַ רעדנער ציטירט מיט גרויס פּאַטאָס די ווערטער:

שבת זאָל זיין, — שבת!
מיט צוואַנגען האַלט איך שבת איין!

דער עולם ווערט מיטגעריסן און נאָך מיט מער באַגייסטערונג לייענט דאָן דער רעדנער פאָר אַ צווייטע שטעלע פון דער „גאָלדענער קייט":

און אַזוי!
אַזוי גייען מיר,
זינגענדיק און טאַנצנדיק...
מיר גרויסע, גרויסע יידן,

— — — — — — — — — — — — — —

לענגער וואַרטן ניט געקאָנט!
שיר־השירים זינגען מיר,
זינגענדיק, טאַנצנדיק גייען מיר!

פון וואַנען מיט אַ מאָל אַזאַ שמחה מיט די „שבת־יום־טובדיקע יידן"? ווילן מיר טאַקע מיט אַן אמת, אַז „שבת זאָל זיין — שבת!", זיינען מיר גרייט „מיט צוואַנגען" איינצוהאַלטן שבת?

אַזוי ווייט איז עס נאָך ניט דערגאַנגען. און ווען עס וואָלט זיך געפונען אַ באַזוּוער ייד, וואָס וואָלט צו אונדז געקומען מיט דער טענה: פאַר וואָס פאַלגט איר ניט אייער רבין? פאַר וואָס קומט איר ניט צו אונדז, צו „די שבת־יום־טובדיקע יידן"? וואָלטן מיר אים מן הסתם געענטפערט מיט רחמנות־טאָן, אַז ער האָט נעבעך ניט פאַרשטאַנען די טיפע רעיונות פון דעם דיכטער. מיר זיינען

ניט סתם פשוטע שבת־יידן. מיר זיינען ליטעראַרישע שבת־יידן. און אַפילו אונדזער נשמה יתירה איז — אַ ליטעראַרישע.

פאַרענטפערט איז פון דעסטוועגן דער ענין ווייט נאָך ניט, און ס׳איז דערפאַר כדאַי צו זוכן דעם וועג, וואָס פירט פון שבתדיקייט אין לעבן צו שבתדיקייט אין דער ליטעראַטור, און אויך פאַרקערט.

די פראַגע האָט, ווי עס ווייזט מיר אויס, גאָר אַ באַזונדערע באַדייטונג פאַר אונדז יידישע סאָציאַליסטן און פאַר דער סאָציאַליסטישער געדאַנקען־וועלט בכלל.

וואָס איז, למשל, געווען דער כוח, וואָס האָט אונדז יידן געהאָלפן אויס־צוהאַלטן און אַריבערצוטראָגן אַזוי פיל צרות, רדיפות און גזרות אין לויף פון יאָרהונדערטער? אין זיין באַרימטער אָפּהאַנדלונג וועגן דער יידן־פראַגע האָט קאַרל מאַרקס געמאַכט דעם פּרווו אונדז צו געבן זיין תשובה: ניט אין דעם שבתדיקן נאָר אין דעם וואָכעדיקן יידן דאַרפן מיר זוכן דעם סוד פון יידיש לעבן און יידישן קיום. מאַרקס האָט געפּרווווט פון אונדז אַראָפּרייסן די „ראָמאַנ־טישע" מאַסקע און אונדז אַוועקשטעלן אָדם־נאַקעט פאַר דער וועלט. האַנדל און שאַכער, גאָלד און געלט, דאָס איז די תורה און דאָס איז דער אני־מאמין פון פאָלק ישראל! אין דעם עגל־הזהב, טענהט מאַרקס, ליגט גאָר דער סוד פון יידישן קיום. מאַרקס האָט ניט געשפּאָרט קיין שאַרפע ווערטער, כדי „צו באַווייזן" דעם „מאַטעריאַליסטיש־עגאָאיסטישן" כאַראַקטער פון דער יידישער אמונה. אין דעם פּרט האָט זיך מאַרקס באַנוצט מיטן גאַנצן אַרסענאַל פון דער אַנטיסע־מיטישער דעמאַגאָגיע.

האָבן מיר ניט בדעה דאָ נאָך אַ מאָל אויפצוהייבן די פראַגע: צי איז מאַרקס געווען אַן אַנטיסעמיט, אָדער ניט? עס איז אָבער יאָ וויכטיק, אויף ווי ווייט ס׳איז נאָר מעגלעך, קלאָר צו מאַכן דעם ענין וועגן דער ראָל פון שבת און וואָך אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, אין אונדזער קאַמף פאַרן קיום.

מאַרקס האָט יידיש לעבן ניט געקענט. לויט זיין דערציִונג און זיין גאַנצן כאַראַקטער איז ער ניט געווען מסוגל צו פאַרשטיין, וואָס אַזויפֿל שבת־יום־טובדיקייט האָט ביי יידן באַדייט.

דער ענין שבת און יידישקייט איז ביי אונדז אָפּט באַהאַנדלט געוואָרן. אַ קלאַסישע פאָרמולירונג, דוכט מיר, האָט געפונען אחד העם: „מיר קאָנען זאָגן אָן שום גוזמא, אַז מערער ווי יידן האָבן געהיט שבת, האָט שבת אָפּגעהיט די יידן (יותר משישראל שמרו את השבת שמרה השבת אותם). און ווען די מלכה שבת וואָלט זיי ניט אומגעקערט צוריק זייער „נשמה" און וואָלט ניט באַנייט וואָך־איין, וואָך־אויס זייער גייסטיק לעבן, וואָלט דער עלנט פון די וואָכעדיקע טעג זיי אַראָפּגעשלעפּט אַלץ מער אַראָפּ און אַראָפּ, און זיי וואָלטן געזונקען ביז צום נידעריקסטן שטאַפּל פון מאָראַלישער שפּלות".

פאַר דעם מאָדערנעם פאָרשער, וואָס באַטראַכט מיט אָפענע אויגן דעם

יידישן עבר, קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז גערעכט איז אחד העם און ניט קאַרל מאַרקס. עס איז איינפאַך לעכערלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז יידן האָבן זיך אויפגעהאַלטן ווי אַ פאָלק, ווייל זיי האָבן אויסגעפירט אַ וויכטיקע עקאָנאָמישע פונקציע, ווייל די וועלט האָט זיך גענייטיקט אין יידישע באַנקירן, יידישע פעדלער און יידישע שניידער. לויט מאַרקסן קומט אויס, אַז אייגנטלעך האָבן די יידן שוין ביים באַרג סיני זיך אויסגעלערנט די תורה פון האַנדל און געלט־געשעפטן. האָט זיך ממילא די וועלט ניט געקאָנט קיין עצה געבן אָן די מיסטישע „יידישע פעיקייטן" צו מסחר און „שאכער". און באמת, ווי וואָלט זיך דען די וועלט אַן עצה געגעבן אָן יידישע פעדלערס און אָן יידישע שניידערס?

קאַרל מאַרקס האָט, מסתמא, גאָרניט באַמערקט, אַז ער האָט דאָ געשאַפן אַ „מאַטעריאַליסטישע" אתה־בחרתנו־טעאָריע. יידן זיינען דאָס „אויסגעוויילט" געוואָרן פון דער געשיכטע צו זיין די באַנקירן פון דער וועלט. איז עס אָבער גאָרניט אַזוי שווער צו באַווייזן, אַז אָט די גאַנצע טעאָריע וועגן דער באַזונדערער יידישער עקאָנאָמישער פונקציע איז אויסגעזויגן פון פינגער. אַלס האַנדלספעלקער האָבן די פעניקיער און גריכן אין דער אַלטער צייט געשפּילט גאָרניט אין אָן ערך אַ וויכטיקערע ראָל ווי די יידן. עס קאָן ניט זיין דער מינדסטער ספק, אַז די יידישע תורה איז אַ סך עלטער ווי דער יידישער מסחר. עס לאָזט זיך ווייטער באַווייזן, אַז גראַד די עקאָנאָמיק האָט די יידן צום מייסטן געשטופּט צו אַסימילאַציע. באַנקירן און סוחרים האָבן זיך אָפּט גיכער אַסימילירט ווי פּשוטע אַרבעטער און בעל־מלאכות. אגב, וואָס זיינען געווען די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געקאָנט צווינגען די יידישע סוחרים זיך דווקא צו האַלטן ביי תורת־משה?

די עקאָנאָמיק האָט יידן געצוווּנגען זיך אויסצולערנען פרעמדע שפּראַכן, אָנצונעמען פרעמדע מנהגים און ניט־יידישע מאָדעס; די עקאָנאָמיק האָט אונדז כסדר געצוווּנגען זיך צו פאַרבינדן מיט דער וועלט. ניט דער מסחר און ניט דער מאַרק האָבן אויפגעהיט יידישקייט. יידישע קולטור און יידיש לעבן האָבן זיך אויפגעהיט דער עיקר — אַ דאַנק דעם שבת, דעם בית־מדרש, דעם חדר, די מנהגים פון כשרות א. אַז. וו.

דער אמת איז, אַז די וואָך איז אַ סך מער באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער שבת־יום־טובדיקער יידישקייט ווי פאַרקערט. דאָס עקאָנאָמישע לעבן, דער געראַנגל פאַר פרנסה איז געווען דאָס מלכות פון נויטווענדיקייט, פון דרויסנדיקן צוואַנג, בעת אין בית־מדרש און אין די יום־טובדיקע טעג האָט זיך דער ייד געפילט פריי. יידיש לעבן איז געווען אַ רעזולטאַט ניט פון דעם צוואַנג פון דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט, איבער וועלכער מיר זיינען אָגב געווען גאָר קליינע באַלעבאַטים, נאָר פון דער שבתדיקער פרייהייט. מיר זיינען געבליבן יידן, ווייל מיר זיינען גרייט צו באַצאָלן דעם פרייז פאַר יידישקייט, גאָר ניט געקוקט אויף אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שוועריקייטן, אויף וועלכע מיר האָבן זיך כסדר אָנגעשטויסן.

קארל מארקס, ווי מיר ווייסן, איז דער שעפער פון דער פילאָזאָפיע פון עקאָנאָמישן דעטערמיניזם: דיווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג איז דער אַנט־שיידנדיקער פאַקטאָר אין דער געשיכטע. עקאָנאָמישע אינטערעסן און עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען באַשטימען די אידעאָלאָגיע פון פעלקער, קלאַסן און אַפילו פון גאַנצע תקופות. די עקאָנאָמישע געבונדנקייט פון דעם מענטשן איז אָבער פאַר מארקסן ווייט ניט געווען קיין אידעאַל. גראָד פאַרקערט, טאַקע דערפאַר, ווייל אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז דער מענטש אַזוי געבונדן, איז ער דער קנעכט פון דער עקאָנאָמיק, מוזן מיר מאַכן אַ סוף צו דעם קאַפּיטאַ־ליסטישן סדר פון לעבן. ערשט דער סאָציאַליזם וועט דעם מענטשן באַפרייען פון די קייטן פון עקאָנאָמישע זאָרגן. דער סאָציאַליזם וועט אונדז געבן די מעג־לעכקייט צו פורעמען אונדזער קולטור־לעבן לויט אונדזערע נאַטירלעכע באַדער־פענישן. דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם איז לויט ענגעלסן דער שפּרונג פון דער מלכות פון נויטווענדיקייט אין דער אימפּעריע פון פרייהייט.

מארקס און ענגעלס האָבן בכן גראָד אַ סך געהאַלטן פון שבת־יום־טובדיק לעבן, זיי האָבן אָבער ניט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון שבת־יום־טובדיקייט אין די ראַמען פון אַ קאַפּיטאַליסטישער וועלט. ערשט דער איבערגאַנג צום סאָציאַליזם וועט מאַכן אַ סוף צו דער קאַפּיטאַליסטישער וואָכעדיקייט און ס׳וועט זיך אָנהייבן די תקופה פון שבת־יום־טובדיקער וועלט.

דער חלום פון מארקסן איז אין תוך דער אַלטער חלום פון די נביאים — באַפרייען דעם מענטשן פון זיין געבונדנקייט צו דער אַרבעט, באַפרייען אים פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, וואָס דערדריקן זיין געמיט און דערשטיקן אין אים זיינע איידלסטע אַמביציעס. האָט דעריבער קארל מארקס געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען אויף דער פאַרקירצונג פון דער אַרבעטסצייט. אויך מארקס האָט ניט אַנדערש געוואָלט נאָר — שבת זאָל זיין, שבת! און אויב מיר קאָנען ניט ברענגען דעם משיחישן שבת, דאַן האָט די גאַנצע וועלט קיין זין ניט. איז ממילא ניט קיין חידוש, וואָס די יידישע תלמידים פון מארקס האָבן מיט אַזאַ באַגייסטערונג געלייענט די שטעלע אין דער „גאָלדענער קייט" ווען ר׳ שלמה זאָגט, אַז ער וועט קיין הבדלה ניט מאַכן, אַפילו ווען דאָס זאָל ברענגען צום אונטערגאַנג פון דער וואָכעדיקער וועלט. יאָ, רופט ר׳ שלמה אויס:

חרוב זאָל ווערן די וועלט!  
און מיר —  
מיר שבתדיקע,  
מיר יום־טובדיקע,  
מיר נשמה־יתירהדיקע יידן  
וועלן איבער אירע חורבות גיין...

דערמיט קומען מיר צו דעם עיקר־טעות פון דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע. דער טעות באַשטייט דערין, וואָס פרייהייט און קנעכטשאַפט איז ניט נאָר אַ פראַגע פון ריין דרויסנדיקע באַדינגונגען, עס איז ניט בלויז אַ פראַגע פון עקאָנאָמיק און פּאָליטיק, נאָר אויך, און אפשר אין דער ערשטער שורה, פון קולטור, פון דער קולטור פון אַ פאָלק און דער מאָראַל פון דעם יחיד.

די דערפאַרונגען פון אונדזער צייט האָבן אונדז קלאָר באַוויזן, אַז די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם אַליין איז נאָך ווייט ניט גלייכבאַדייטנדיק מיטן אָנקומען פון דער משיחיש־סאָציאַליסטישער פרייהייט. מיר זעען אין „סאָציאַליסטישן" רוסלאַנד אַזאַ ברוטאַלע אונטערדריקונג פון דער מענטשלעכער פרייהייט, וואָס מיר האָבן זיך דאָס גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן. פון דער אַנדער זייט האָבן אונדזערע עלטערן באַוויזן איינצוהאַלטן אַ היפּש ביסל שבת־יום־טובדיקע יידישקייט אין אַ וועלט פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אונטערדריקונג.

שטעלט זיך די פראַגע: אויב דער ציל פון סאָציאַליזם איז: מער פרייהייט, מער גערעכטיקייט, אַ בעסער לעבן און אַ העכערער סטאַנדאַרט פון מאָראַל; קאָנען אָט די צילן דערגרייכט ווערן מיט די מיטלען פון פּאָליטישן קאַמף? דער פאַקט איז, אַז די מאָראַל פון דעם יחיד איז בדרך־כלל אַ סך העכער ווי די מאָראַל, וואָס הערשט געוויינטלעך אין פּאָליטישן לעבן. אַן אָנגעזעענער רעליגיעז־סאָציאַליסטישער דענקער אין אַמעריקע, ריינהאָלד נעיבור, האָט אגב אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך אויף אָט דער טעמע אונטערן טיטל: „דער מאָראַלישער מענטש און די אוממאָראַלישע געזעלשאַפט („מאָראַל מען ענד אימאָראַל סאָסייעטי"). דער גרונט־געדאַנק פון דעם בוך איז, אַז מענטשלעכע קאָלעקטיוון, פעלקער, מלוכות און קלאַסן זיינען בדרך־כלל ווייניקער מאָראַליש ווי די יחידים פון וועמען זיי באַשטייען. עס איז דעריבער אַ סך שווערער צו רעאַליזירן דעם אידעאַל פון גערעכטיקייט צווישן גרופּעס ווי צווישן יחידים.

מיר באַגעגענען זיך אגב מיט אָט דעם פּראָבלעם אויף שריט און טריט. זייער ערנסטע און ערלעכע פּאָליטיקער האַלטן אָפט פאַר נייטיק צו דערקלערן, אַז מ'קאָן ניט צוגיין צו פּאָליטישע פּראָבלעמען מיט אַ ריין מאָראַלישן מאָסשטאָב! מאָראַל און פּאָליטיק לאָזן זיך ניט אַלע מאָל פאַראייניקן! מוזן מיר זיין רעאַלפּאָליטיקער. אָט אַזוי איז די וועלט!

העגעל, דער באַרימטער דייטשער דענקער, וואָס האָט געהאַט אַזאַ געוואַלדיקן איינפלוס סיי אויף מאַרקסן און סיי אויף די אידעאָלאָגן פון דייטשן נאַציאָנאַליזם, האָט בפירוש געפּסקנט, אַז פּאָליטיק האָט איר אייגענע מאָס פון מאָראַל. די מלוכה איז, לויט העגעלן, די העכסטע פאַרווירקלעכונג פון מאָראַלישן אידעאַל. אין דעם פּרט גייט העגעל נאָך אַ סך ווייטער ווי פּלאַטאָן. העגעל איז אייגנטלעך דאָס געוועזן דער אומגליקלעכער נביא פון דער עבודה־זרה פון דעם „שטאַאַט", וואָס האָט געפונען איר קלאַסישע פאַרווירקלעכונג אין דעם מאָדערנעם פאַשיזם. העגעל שטעלט די „עכטע" מאָראַל פון דער מלוכה

אַ סך העכער ווי די „פּאַלשע״ מאָראַל פון פּריוואַטן בירגערלעכן לעבן. די העלדן־טאַטן פון די גרויסע פּערזענלעכקייטן טאָרן ניט געמאָסטן ווערן מיט דער באַנאַלער מאָס פון דער באַלעבאַטישער מאָראַל. פאַר דער מלוכה, פאַר פּאָלי־טיקער און פאַר גרויסע מענטשן בכלל עקזיסטירן ניט קיין מאָראַלישע פאָדע־רונגען און מאָראַלישע גרענעצן. מאַכט איז, לויט העגעלס פילאָזאָפיע, אַ סך מערער ווי רעכט און דער העכסטער ריכטער איז — דער דערפאָלג. פּאָליטישע הצלחה באַרעכטיקט אַלע עוולות, אַלע פאַרברעכנס. פּאָליטישע הצלחה, איז, לויט העגעלן — די אַנטפּלעקונג פון דער געטלעכקייט אין דער געשיכטע.

מאַרקס האָט ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער ברוטאַלער „רעאַל־פּאָליטיק״ פון העגעל, ער האָט אָבער אויך דעם עצם פאַקט ניט געקאָנט לייקענען, אַז פּאָליטיק און מאָראַל זיינען צוויי גאַנץ באַזונדערע זאַכן. זיין אויספיר איז דעריבער געווען: אין אָט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז דאָס גאַנצע סאָ־ציאַלע און קולטורעלע לעבן ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון דער קאַפּיטאַליס־טישער עקספּלואַטאַציע. אויך די מאָראַל פון אונדזער צייט האָט בלויז די פונקציע צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער עבודה־זרה. האָט מאַרקס ממילא ניט געקאָנט פאַרשטיין די שבתדיקייט פון דעם יידישן מענטשן. ווי קאָן אַ ייד, אַ ייד אַ קרעמער, אַ סוחר, אַ באַנקיר, מיט אַ מאָל זיך אין גאַנצן אויסטאָן פון האַנדל־וואַנדל און ווערן אַ נשמה־יתירהדיקער מענטש? מאַרקס האָט ניט גע־גלייבט אין דער אויטאָנאָמיע פון קולטור, אין דער אויטאָנאָמיע, ביז צו אַ געוויסן גראַד נאַטירלעך, פון דער מאָראַלישער פּערזענלעכקייט. מוזן מיר בכן, האָט ער געטענהט, צעברעכן די קייטן פון קאַפּיטאַליזם, כדי צו פאַרזיכערן די פולע מאָראַלישע פרייהייט פונעם אַרבעטס־מענטש.

דאָס אומגליק באַשטייט אָבער דערין, וואָס ביים צעברעכן די קאַפּיטאַליס־טישע קייטן ווערן אָפט שוין געשמידט „סאָציאַליסטישע״ קייטן. דער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע כוחות אין מענטשלעכן לעבן, דער געראַנגל צווישן דעם יצר־הרע און דעם יצר־טוב, צווישן שבת און וואָך, גייט ווייט אַריבער די גרענעצן פון מאַטעריעלן עגאָיזם און עקאָנאָמישע אינטערעסן. איז ממילא אויך דער ענין פון רעאַליזירן אַ גערעכטן סאָציאַלן סדר גאָרניט אין אַן ערך קאָמפּליציר־טער. מיט די מעטאָדן פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף אַליין לאָזט זיך ניט אַלץ דערגרייכן. דאָס האָבן אגב זייער גוט פאַרשטאַנען די יידישע סאָציאַ־ליסטן פון כמעט אַלע ריכטונגען, זיי האָבן מייסטנס ניט געהאַט דעם מאָראַלישן מוט עס אָפן צו זאָגן. אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען געווען אין תוך, אויף וויפל זיי האָבן זיך געשטעלט יידישע אויפגאַבן, אַנטי־מאַרק־סיסטיש. דאָס איז ריכטיק סיי בנוגע די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע ריכטונגען, סיי בנוגע דעם „בונד״. איך וואָלט אַפילו געזאָגט, אַז די בונדישע פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז אין תוך אַ סך מער אַנטי־מאַרקסיס־טיש ווי דער ציוניסטישער סאָציאַליזם. ווי קאָן דען געמאָלט זיין קולטורעלע אויטאָנאָמיע אָן אַן עקאָנאָמישן יסוד? יידישער סאָציאַליזם קאָן זיך פול אַנט־

וויקלען נאָר אין דער פאַרעם פון אַ קולטור־סאָציאַליזם, פון אַ שבת־יום־טובדיקן סאָציאַליזם. דאָס לערנט אונדז די יידישע געשיכטע. אַ סך פון אונדז האָבן נאָך געהאָט די מעגלעכקייט צו זען און אָפּצושאַצן די שבת־יום־טובדיקע יידישקייט ווי זי האָט געלעבט און געווירקט. אָט די יידישקייט איז ווייט ניט געשטאַנען אין דינסט פון די אינטערעסן פון די יידישע קאַפּיטאַליסטן. גראָד פאַרקערט. זי האָט אויסגעפּילט אַ היסטאָרישע פונקציע פון סאָציאַלן יושר. און אויב שבת־יום־טובדיקע יידישקייט איז געווען אַן אַנטשיידנדיקער כוח אין אונדזער געשיכטע מיט דורות צוריק, פאַר וואָס זאָל עס ניט מעגלעך זיין היינט, אין אונדזער צייט ?

## יידישע יום־טובים זיינען אַנדערש

אונדזערע יידישע יום־טובים געהערן צו די גרעסטע וווּנדער אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. מען קאָן פאַרשטיין און אָפּשאַצן די באַדייטונג פון אונדזערע יום־טובים נאָר דאַן, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די יום־טובים ביי אַנדערע פעלקער. ערשט ווען מען מאַכט אַזאַ פאַרגלייך ווערט קלאָר, וואָס פאַר אַן אוצר פון קולטור עס ליגט פאַרבאַהאַלטן אין דער טראַדיציע פון די יידישע יום־טובים.

די געשיכטע פון יום־טובים ביי די מערסטע פעלקער איז, אין אַ גרויסער מאָס, אַ געשיכטע פון ברוטאַליטעט, שיכּרות און אויסגעלאַסנקייט. איך באַטאָן בפירוש די ווערטער — אין אַ גרויסער מאָס — ווייל עס וואָלט געווען אַבסאָלוט פאַלש צו לייקענען דעם פאַקט, אַז אויך ביי אַנדערע פעלקער זיינען געמאַכט געוואָרן ערנסטע פּרוּוון צו פאַרוואַנדלען די יום־טובים אין טעג פון געלייטערטער פייערלעכקייט און דערהויבנקייט. איך בין אָבער טיף איבערצייגט, אַז ביי קיין שום פאָלק האָבן די יום־טובים ניט אַנגענומען אַזעלכע פאָרמען פון איידלסטער גייסטיקייט, געלייטערטקייט און דערהויבנקייט ווי ביי יידן.

און ווי מערווערדיק דאָס זאָל ניט זיין, גראָד אַ סך פון די יום־טובים ביי די אַלטע פעלקער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט ווילדער גרויזאַמקייט, אויסגעלאַסנקייט און שיכּרות. מיר האָבן אַן אַ שיעור דאָקומענטן, אַן אַ שיעור באַווייזן, וואָס באַשטעטיקן דעם ממש אוממענטשלעכן כאַראַקטער פון אַ סך פון די יום־טובים אַפילו ביי די ציוויליזירטע פעלקער.

דער טראַגישער פאַקט איז, אַז מענטשן האָבן אָפּט הנאה פון גרויזאַמקייט. אין מיטלאַלטער און אויך נאָך אַ סך שפּעטער פלעגט מען אויספירן אַ טויט־אורטייל איבער אַ פאַרברעכער עפנטלעך, אויפן מאַרק־פּלאַץ, כדי אַלע זאָלן קומען און זען. פאַר אַלעמען איז עס געווען אַ פייערלעכער ספּעקטאַקל.

ברוטאַל זיינען געווען די מייסטע פּאַלקס־שפּילן. מיר ווייסן אַלע וועגן די גרויזאַמע שפּילן פון די גלאַדיאַטאָרן אין רוים. זיינען טאַקע די מענטשן לויט זייער נאַטור אַזוי ברוטאַל? איך גלייב ניט. איך גלייב גיכער, אַז מענטשלעכע ברוטאַליטעט איז אַ רעזולטאַט פון פאַרצווייפלונג. די ווילדע יום־טובים זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר מענטשן, וואָס האָבן ניט געפונען זייער וועג אין לעבן.

געווען נאָך אַנדערע פאָרמען פון גרויזאַמקייטן, וועלכע פלעגן אָפט באַ־שיינען די יום־טובים ביי אַ סך פעלקער. מיר ווייסן אַלע פון די ברוטאַלע אַקסן־קאַמפן, וועלכע זיינען נאָך אַפילו היינט באַליבט אין די שפּאַניש־רעדנדיקע לענדער. יום־טובים זיינען אָפט געווען פאַרבונדן מיט אָרגיעס, מיט ווילדער צעלאַזנקייט און הפקרות. געווען פאַלן, ווען מען פלעגט אַריינקומען אין אַ פּאַטאַלאַגישן עקסטאַז, אין ווילדע טענץ און מען פלעגט זיך אַליין צעקאַליעטשען ביז בלוט. אין מלכים א׳, למשל, ווערט דערציילט: ווען אליהו הנביא האָט זיך באַגעגנט אויפן באַרג כרמל מיט די נביאים פון בעל, האָבן די נביאים פון בעל געבעטן צו זייער אָפּגאָט מיט ווילדע געשרייען און „זיי האָבן זיך איינגעשניטן זייער לייב, ווי עס איז זייער שטייגער, מיט שווערדן און מיט שפּיזן, ביז בלוט האָט זיך איבער זיי געגאָסן״ ויקראו בקול גדול ויתגדדו כמשפטם בחרבות וברמחים עד שפך דם עליהם). אָט דער מנהג איז געווען ניט קיין יידישער, אָבער אין די צייטן פון קעניג אחאב האָבן די יידן איבערגענומען דעם ברוטאַלן גויישן מנהג.

געווען נאָך אַ מנהג ביי אַ צאָל פעלקער. ווען די פאַרזאַמלטע צום יום־טוב פלעגן אַריינפאַלן אין דער העכסטער מדרגה פון עקסטאַז, פלעגן זיי זיך צוכאַפּן צו אַ בהמה, וואָס האָט געדאַרפט געבראַכט ווערן פאַר אַ קרבן, פלעגן זי לעבע־דיקערהייט צערייסן אויף שטיקער, אויפעסן דאָס פלייש ווען ס׳איז נאָך רוי און טרינקען דאָס בלוט. עס ווייזט אויס, אַז אויך ביי די אַלטע יידישע שבטים איז דער מנהג געווען באַקאַנט. צוליב דעם טעם איז אַזוי שטרענג פאַרבאָטן צו עסן „אבר מן החי״ — פלייש פון אַ בהמה, וואָס לעבט נאָך.

אין די געבאָטן וועגן פסח ווערט אגב בפירוש פאַרזאָגט, אַז דאָס פלייש פון קרבן פסח טאָר ניט געגעסן ווערן ווען ס׳איז נאָך רוי, „אל תאכלו ממנו נא״. סיי דער תרגום אונקלוס און סיי דער אבן עזרא גלייבן, אַז דערמיט איז געמיינט רוי, „לעבעדיק״ פלייש. דער תרגום אונקלוס זאָגט: איר זאָלט דערפון ניט עסן ווען עס לעבט נאָך (לא תיכלון מיניה כד חי). געווען, ווייזט אויס, אויך ביי יידן באַקאַנט דער מנהג צו עסן רוי פלייש אין אַ יום־טוב. מיר מוזן דערביי האָבן אין זינען, אַז פלייש איז אין די אַלטע צייטן געווען אַ גרויסער לוקסוס. נאָר ביי פייערלעכע געלעגנהייטן פלעגט מען זיך פאַרגינען עסן פלייש, פלעגט מען ביי אַזאַ געלעגנהייט אויך טרינקען דאָס רויע בלוט; דאָס איז געווען אַ מין שיכרות. צוליב דעם טעם ווערט אין דער תורה אַזוי אָפט איבערגעחזרט דאָס געבאָט — ניט צו עסן קיין בלוט. אין דברים י״ב ווערט אַפילו געזאָגט: „רק חזק לבלתי אכל הדם״, שטאַרק זיך, נעם זיך אָן מיט כוח, ניט צו עסן קיין בלוט. עס

איז, ווייזט אויס, פאַר די יידישע שבטים אין מדבר ניט געווען אַזוי גרינג זיך אָפּצוזאָגן פון די אַלטע געצנדינערישע מנהגים.

דאָס הויפּט־פּראָבלעם פון יום־טוב איז אַלע מאָל געווען, און איז אויך נאָך איצטער — וואָס טוט מען מיט דער פרייער צייט? דאָס פאָלק זוכט פרייד, דאָס פאָלק זוכט אַן ענטפער אויף די טראַגישע פּראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן. דאָס פאָלק זוכט אַ זין אין לעבן. דער פאָלקס־מענטש וויל זיך אויסלעבן, ער וויל ניט האָבן דאָס געפיל, אַז זיין לעבן איז געווען אומזיסט; אַז ער האָט זיין לעבן ניט געלעבט. אַ סך פאַרביטערונג, אַנטוישונג, שנאה און גרויזאַמקייט נעמט זיך דערפון וואָס מענטשן פילן זיך אָפּגענאַרט פון גורל, זיי האָבן זייער לעבן ניט אויסגעלעבט, ווי עריך פראָם, דער באַקאַנטער דענקער און פּסיכאָ־לאָג, האָט זיך ריכטיק אויסגעדריקט.

דערפון נעמען זיך די ווילדע און אַרגיאַסטישע פאָרמען פון פאַרשידענע יום־טובים: ברוטאַליטעט, שיכרות, אויסגעלאַסנקייט. מען וויל אויף דעם אופן פאַרטרייבן דעם אומעט, די לאַנגווייליקייט, דעם פאַרדרוס. ווען מיר לייענען באַשרייבונגען פון יום־טובים אין מיטלאַלטער און טיילווייז אַפילו נאָך אין דער מאָדערנער צייט, שטויסן מיר זיך אָן כסדר אויף איין צענטראַלן מאָטיוו — אומעט און לאַנגווייליקייט. ראַטעוועט מען זיך מיט פאַרשיידענע האַזאַרד־שפּילן, שיכרות א. אַ. וו.

אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד איז געווען אַ סך שיכרות. די פּויערים, די אַרבעטער האָבן ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט דער פרייער צייט פון זונטיק און יום־טוב. מיינט ניט, אַז היינט איז אַ סך בעסער. אין אַ זאַמלונג פון אָפּ־האַנדלונגען וועגן שיכרות, וואָס איז לעצטנס אַרויס אין אַמעריקע, ווערט געבראַכט אַן אויסצוג פון אַן אַרטיקל אין „איזוועסטיאַ" וועגן זונטיק אין אַ פּראָווינץ־שטאָט אין היינטיקן רוסלאַנד:

„זונטיק איז אומעטיק... דער עולם טרינקט אין דער היים. ניט נאָר וואָדקאָ, נאָר אויך אומלעגאַל פאַבריצירטן שנאַפּס. זונטיק זעט מען שטענדיק אַ צאָל שיכורים אויף די גאַסן. שיכורע אַרגיעס און געשלעגן זיינען אַ נאָרמאַלע דער־שיינונג אין דעם קולטור־צענטער".

ערשט ווען מען באַקענט זיך נענטער מיט די פּראָבלעמען פון אָפּרו, די פּראָב־לעמען פון יום־טוב ביי פאַרשיידענע פעלקער, ווערט פאַר אונדז קלאָר די באַדייטונג פון אונדזערע יידישע יום־טובים. זיצט דער יידישער מענטש ביים סדר און טרינקט זיינע פיר כוסות און ער ווערט ניט שיכור. ער ווייסט ווי זיך צו פרייען, ער פאַרשטייט ווי צו פייערן זיינע יום־טובים. און ער פאַרשטייט עס דערפאַר, ווייל די יידישע טראַדיציע האָט אים געוויזן דעם וועג פון לעבן, האָט אים געהאָלפן צו באַגרייפן דעם זין פון לעבן. דערין באַשטייט דער וווּנדער פון אונדזערע יידישע יום־טובים.

# אַרבעט און אָפּרו
# דאָס מאָראַלישע פּראָבלעם פון אַרבעט

אין אָנהייב איז געווען די אַרבעט, אַזוי לערנט אונדז די געשיכטע פון בראשית. די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך אַרבעט, און דורך אַרבעט ווערט די מענטשלעכע וועלט אויפגעהאַלטן. אין בראשית ווערט, אמת, אויך געזאָגט, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך גאָטס וואָרט. אַזוי ווערט אונדז דער־ציילט וועגן דעם ערשטן טאָג פון באַשאַף: „און גאָט האָט געזאָגט: זאָל ווערן ליכט! און עס איז געוואָרן ליכט". און מיט דער באַשאַפונג פון ליכט האָט זיך אָנגעהויבן די מעשה בראשית. עס איז אָבער פּונקט אַזוי קלאָר, אַז אויך די אידעע פון אַרבעט פאַרנעמט אַ צענטראַלן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון בראשית. אַזוי לייענען מיר: „און גאָט האָט געענדיקט צום זיבעטן טאָג זיין אַרבעט, וואָס ער האָט געמאַכט (מלאכתו אשר עשה) און ער האָט גערוט אויפן זיבעטן טאָג פון זיין גאַנצער אַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן (וישבת ביום השביעי מכל מלאכתו אשר עשה). נאָך זעקס טעג פון שעפערישער אַרבעט האָט דער בורא באַשטימט איין טאָג פון אָפּרו, וואָס זאָל זיין אַ הייליקער טאָג: „און גאָט האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג, און האָט אים געהייליקט, וואָרים אין אים האָט ער גערוט פון זיין גאַנצער אַרבעט, וואָס גאָט האָט געטאָן אין די טעג פון באַשאַף".

דאָ האָבן מיר דעם שליסל צו דער יידישער פילאָזאָפיע פון אַרבעט. עס קאָן ניט געמאָלט זיין שעפערישע אַרבעט אָן אַ טאָג פון אָפּרו. עס קאָן ניט געמאָלט זיין אַ שעפערישע וואָך אָן דעם הייליקן טאָג שבת. די וואָך לעבט פון שבת און דער הייליקער שבת איז די קרוינונג פון דער וואָך. אין אונדזער מאָדערנער קולטור האָבן מיר נאָך ניט אָפּגעשאַצט אין דער געהעריקער מאָס דעם טיפערן זין פון אַרבעט, פון באמת שעפערישער אַרבעט. נאָך ווייניקער האָבן מיר פאַרשטאַנען דעם זין און די גרויסע באַדייטונג פון אָפּרו, די באַ־דייטונג און די הייליקייט פון שבת. וואָרים ס'איז דאָ אַרבעט פון פרייהייט און אַרבעט פון קנעכטשאַפט. ס'איז מעגלעך זינלאָזע אַרבעט, קנעכטישע האָ־רעוואַניע און ס'איז אויך דאָ אַרבעט, וואָס ברענגט רעזולטאַטן, אַרבעט וואָס דערהייבט און באַפרייט דעם מענטשן; אַרבעט וואָס ברענגט גליק און פרייד פאַרן יחיד און פאַרן כלל. און פּונקט אַזוי זיינען פאַראַן פאַרשיידענע וועגן פון אָפּרו. פאַראַן אַ פאַרעם פון אָפּרו, וואָס איז פאַרבונדן מיט אויסגעלאַסנקייט און הפקרות. דאָס איז דער וועג פון אָפּרו פאַר קנעכט. דער מענטש וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם יאָך פון קולטור, דעם יאָך פון מאָראַלישע פליכטן; און פאַראַן אויך דער וועג פון שבתדיקער מנוחה, פון הייליקער רו, אַן אָפּרו וואָס באַפרייט און דערהייבט דעם מענטשן, וואָס ברענגט אַריין גייסטיקייט און הייליקייט אויך אין זיין וואָכעדיקער אַרבעט. דאָס איז די מתנה פון שבת און יום־טוב, ווי די יידישע טראַדיציע האָט עס פאַרשטאַנען.

די צענטראַלע אידעע אין דער יידישער פילאָזאָפיע פון וואָך און שבת, פון אַרבעט און אָפּרו איז — פרייהייט. דער מענטש איז דער בעל־הבית איבער זיין גורל .אויך דער אָרעמסטער ייד קאָן און מוז מאַכן שבת. דער ייד מאַכט שבת און שבת פורעמט די יידישע פערזענלעכקייט. יידישע דענקער האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען די פּראָבלעמען פון אָרעמקייט און נויט, זיי האָבן זיך אויך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן זיין טראַגישן גורל, וועגן זיין עלנטן צושטאַנד. אין דער זעלביקער צייט אָבער איז יידישקייט אַ רוף צום מענטשן ניט צו פאַר־געסן זיינע גרויסע שעפערישע מעגלעכקייטן. אויך דער מענטש קען באַשאַפן און צעשטערן וועלטן. דאָס איז דער זין, לערנט אונדז ר׳ חיים וואָלאָזשינער, פון די ווערטער : „און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין פאָרעם און אין זיין געשטאַלט״. מיר ווייסן דאָך, זאָגט ר׳ חיים וואָלאָזשינער (דער תלמיד פון דעם ווילנער גאון), אַז דער באַשעפער פון דער וועלט האָט ניט קיין פאָרעם און קיין געשטאַלט; אַז דער גאַנצער באַגריף פון פאָרעם און געשטאַלט איז אַ ריין־מענטשלעכער. ממילא איז קלאָר, אַז די תורה רעדט דאָ ניט וועגן דער מענטשלעכער געשטאַלט, נאָר וועגן די מענטשלעכע מעגלעכקייטן. דער בורא האָט דעם מענטשן געגעבן די מעגלעכקייטן צו ווערן אַ שותף אין דער כסדר־דיקער באַנייונג פון מעשה בראשית. דורך זיינע גוטע מעשים קאָן דער מענטש העלפן שאַפן וועלטן און דורך זיינע זינדיקע מעשים, חס ושלום, קאָן ער חרוב מאַכן וועלטן. דער מענטש איז אַ שותף צו מעשה בראשית, צו דער באַשאַפונג פון דער וועלט און צו דער אויספורעמונג פון זיין אייגענער וועלט.

די ערשנדיקע שטרעמונגען אין דער מאָדערנער פילאָזאָפיע האָבן גאָר אַן אַנדער צוגאַנג צו מענטש און וועלט. די ערשנדיקע שטימונג אין אונדזער צייט איז: דער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון אומשטענדן און באַדינגונגען, איבער וועלכע ער איז ניט קיין בעל־הבית. די פילאָזאָפיע פון סאָציאַלן דעטערמיניזם איז כאַראַקטעריסטיש כמעט פאַר אַלע אידעיִשע ריכטונגען אין אונדזער צייט. עס איז, אין תוך גענומען, אַ פילאָזאָפיע פון פּאַסיוויקייט און אָפּהענטיקייט אויף וויפל דאָס האָט אַ שייכות צום יחיד. עס זיינען דאָ אייזערנע געזעצן פון דער געשיכטע, לערנט די פילאָזאָפיע פון דעטערמיניזם, אייזערנע געזעצן פון עקאָ־נאָמישן לעבן און אייזערנע געזעצן פון דער מענטשלעכער נאַטור. דער מענטש איז הילפלאָז אין זיין מלחמה פאַר זיין פרייהייט.

דערמיט איז ניט געזאָגט, אַז די מאָדערנע פילאָזאָפישע שיטות זיינען אַלע פּעסימיסטיש. זיי זיינען דער עיקר פּעסימיסטיש בנוגע די מעגלעכקייטן פאַרן איינצלנעם מענטשן. דאָס איז באַזונדערס ריכטיק בנוגע דער שיטה פון קאַרל מאַרקס. דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם איז גראָד אַקטיוו און דינאַמיש. די מאַרקסיסטן גלייבן, אַז מען קאָן ענדערן די באַדינגונגען, אַז מען קאָן ענדערן די געזעלשאַפט.

דער מאַרקסיזם גלייבט ניט אין די כוחות און אין די מעגלעכקייטן פון דעם איינצלנעם, אָדער אָפילו פון פרייוויליקע גרופּעס. דערפאַר איז דער מאַרקסיזם

פּאַקטיש גלייכגילטיק צו די עקספּערימענטן פון קאָאָפּעראַטיוון אָדער אוטאָפּישן סאָציאַליזם. דאָס האָט געשאַפן אַ מעגלעכקייט פאַר אַן אויסטייטשונג פון מאַרקסיזם, וואָס מאַרקס האָט וואַרשיינלעך ניט פאָרויסגעזען. איך האָב דאָ אין זינען די לעניניסטיש־באָלשעוויסטישע אויסטייטשונג פון מאַרקסיזם.

דער גרונט־פּרינציפּ פון לעניניסטישן מאַרקסיזם איז: מען מוז קלאָר פעסט־שטעלן דעם אונטערשייד צווישן דער אַקטיווער און רעוואָלוציאָנערער אינטע־ליגענץ און דער פּאַסיווער אַרבעטער־מאַסע. די אייזערנע געזעצן פון עקאָנאָמישן לעבן זיינען גילטיק פאַר דער מאַסע, ווייל דער פּשוטער אַרבעטער מיט זיין מינימאַלן וויסן קאָן ניט פאַרשטיין דעם מעכאַניזם און די געזעצן פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן און ער קאָן ממילא ניט פאַרשטיין ווי צו ענדערן דעם סאָציאַלן סדר. גאַר אַנדערש איז די לאַגע פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ. דער מאַרקסיזם, האָט לענין געהאַלטן, גיט אונדז די מעגלעכקייט צו ענדערן די געזעלשאַפט; דער מאַרקסיזם קאָן אונדז העלפן אויפצובויען אַ נייע געזעל־שאַפט. לענינס פילאָזאָפיע איז: פרייע מעגלעכקייטן פאַר דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, אייזערנע געזעצן פאַר דער מאַסע.

איך וויל דאָ נאָך אַ מאָל באַטאָנען: קאַרל מאַרקס האָט אַוודאי ניט פאָרויס־געזען די מעגלעכקייט פון אַ לעניניסטישער אויסטייטשונג פון זיין פילאָזאָפיע. עס קאָן אָבער אויך ניט געלייקנט ווערן, אַז עפּעס איז דאָ אין מאַרקסיזם, וואָס לאָזט צו אַזאַ אויסטייטשונג. קאַרל מאַרקס האָט דורכויס געגלייבט אין דער מעגלעכקייט צו ענדערן די וועלט אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן, און ער האָט בפירוש געגלייבט, אַז זיין שיטה ווייזט דעם וועג, אַז זיין שיטה קאָן ווערן דער מעכטיקסטער אינסטרומענט אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערע פירער דורכצופירן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. געוויס, מאַרקס רעדט ניט וועגן פירער, מאַרקס רעדט כסדר וועגן דעם אַרבעטער־קלאַס. ער זעט אין דער סאָציאַליסטישער פירערשאַפט בלויז אַן אינסטרומענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די סאָציאַליסטישע פירער זיינען ביי אים די געטרייע דינער פון די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער־קלאַס. דאָס אַלץ קלינגט זייער גוט טעאָרעטיש. פּראַקטיש אָבער איז די ראָל פון די פּאָליטישע פירער אַ סך אַ גרעסערע. די געשיכטע פון אונדזער צייט האָט דאָס קלאָר באַוויזן.

און דאָ ווערט פאַר אונדז קלאָר איינע פון די וויכטיקסטע סיבות, וואָס האָט געפירט צו אַן אַ שיעור קאָנפליקטן אין דער געשיכטע פון דער מענטש־לעכער ציוויליזאַציע. עס איז דער קאָנפליקט צווישן די מענטשן פון אַרבעט און די מענטשן פון וואָרט. אין בראשית האָבן מיר די האַרמאָנישע פאַרבינדונג צווישן וואָרט און אַרבעט. די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך גאָטס וואָרט און אויך דורך געטלעכער אַרבעט, כביכול. וואָרט און אַרבעט זיינען צוויי שעפּערישע כוחות. אין אונדזער מענטשלעכער וועלט אָבער ווערט דער ענין אַ סך קאָמפּליצירטער.

אַפילו דער סאָציאַליזם האָט ניט באַוויזן צו שאַפן אַן אמתן רעס־

פעקט פאַר אַרבעט, פאַר דעם פּשוטן אַרבעטער. די מענטשן פון וואָרט פאַר־נעמען דעם אויבנאָן, דער מייסטער פון וואָרט געווינט מיט דער צייט די אָנערקענונג פון דער וועלט. אַלע מעגלעכקייטן זיינען אָפן פאַרן מייסטער פון וואָרט. ער קאָן ווערן אַ פּאָליטישער פירער, אַ באַרימטער שרייבער, אַ מיניסטער, אַ פּרעזידענט. יעדנפאַלס זעט דער מענטש פון וואָרט פאַר זיך אַזאַ מעגלעכקייט. און וואָס זיינען די אויסזיכטן פון אַ פּשוטן אַרבעטער? זיינע אויסזיכטן זיינען, ווי מיר ווייסן, גאַנץ באַשיידענע. ער וועט זיך דערשלאָגן צו נאָך אַ פּאָר דאָלאַר אַ וואָך, בעסערע באַדינגונגען פון אַרבעט, מער זיכערקייט אויף דער עלטער. דאָס אַלץ איז וויכטיק, קאָלאָסאַל וויכטיק. אָבער די מענטשלעכע אַמביציעס גייען אַ סך ווייטער. יעדער מענטש טראָגט זיך אַרום מיט געטלעכע אַמביציעס, ווייל דער באַשעפער האָט אים געשענקט אַ פונק פון געטלעכקייט. און אונדזער מאָדערנע קולטור האָט, ליידער, אַוועקגענומען פון דער מענטשלעכער אַרבעט דעם פונק פון געטלעכקייט. מיר זעען ניט די שעפערישקייט פון מענטשלעכער אַרבעט און מיר פאַרשטייען ניט דעם זין פון פּשוטער אַרבעט. דער מענטש פון וואָרט האָט אין גאַנצן געשטעלט אין שאָטן דעם מענטשן פון אַרבעט.

פרעגט זיך: האָבן מיר מעגלעכקייטן פון אָנערקענונג פאַר דעם מענטשן פון אַרבעט? האָבן מיר מעגלעכקייטן צו באַפרידיקן די העכערע מענטשלעכע אַמ־ביציעס פון דעם אַרבעטנדיקן מענטשן? איז מעגלעך צו געפינען אַ האַרמאָנישע פאַרבינדונג צווישן אַרבעט און וואָרט? די געשיכטע פון בראשית גיט אונדז דערויף צום טייל אַן ענטפער. דער יידישער ענטפער איז — שבת. אָבער אָט דער ענטפער נייטיקט זיך אין אַ גרינטלעכער אויסטייטשונג.

## אַרבעט און די פרייד פון שאַפן

דער וועג פון פרייד קאָן זיין אַ שעפערישער. אין חומש ווערט דערציילט, אַז נאָכדעם ווי גאָט ברוך הוא האָט באַשאַפן דעם מענטשן און האָט דערמיט פאַרענדיקט די מעשה בראשית, האָט ער באַטראַכט דאָס אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן און עס איז געווען זייער גוט (והנה טוב מאד). און דאָס איז דער זין פון די ווערטער אין בראשית: „און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט״. דער מענטש האָט געקראָגן די מתנה פון געטלעכער שעפערישקייט.

ניט געווען ביי יידן קיין בלינדער קולט פון אַרבעט. די גרויסע פרייד פון דעם מענטשן באַשטייט ניט סתם אין דעם פאַקט פון אַרבעט פאַר זיך אַליין, נאָר אין דער שעפערישער דערגרייכונג, וואָס די אַרבעט ברענגט. דאָס איז די פרייד פון אָפּרו נאָך אַ פּעריאָד פון אַרבעט, די פרייד פון שבת, די פרייד פון יום־טוב. וואָרים אָפּרו איז ניט ווייניקער וויכטיק ווי אַרבעט. ערשט די טעג פון שבת און יום־טוב מאַכן מעגלעך די שעפערישע פרייד פון אַרבעט.

די געשיכטע פון יידן ווי אַ פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן, וואָלט מען אפשר געקאָנט זאָגן, מיטן קאַמף פאַר יום־טוב. און אַט־דער פאַקט איז סימבאָליש פאַר דער גאַנצער יידישער געשיכטע. ווען משה איז געקומען צום ערשטן מאָל צו פּרעהן, ווערט דערציילט אין חומש, האָט ער פון אים פאַרלאַנגט בלויז איין זאַך: די קינדער פון ישראל זיינען געווען קנעכט אין מצרים. זיי האָבן שווער און ביטער געהאָרעוועט. האָט משה זיך געווענדט צו דעם הערשער פון מצרים אַזוי האָט געזאָגט דער גאָט פון ישראל: לאָז אָפּ מיין פאָלק, זיי זאָלן האַלטן אַ יום־טוב פאַר מיר אין מדבר (שלח את עמי ויחגו לי במדבר). דאָס איז געווען די ערשטע פאָדערונג אין נאָמען פון גאָט און אין נאָמען פון די קנעכט. עס איז געווען די פאָדערונג צו קאָנען פראַווען יום־טוב.

ביי אַ סך פעלקער איז פרייד פאַרבונדן מיט מיליטערישע נצחונות. די פרייד פון זיגן און באַזיגן איז געוויס מענטשלעך, אָבער אויך אוממענטשלעך. ווייל מיר פאַרגעסן די באַזיגטע. עס קאָן ניט געמאָלט זיין אַ לויטערע מענטש־לעכע פרייד כל־זמן עס וועלן זיין זיגער און באַזיגטע. באַקענען מיר זיך מיט די רעליגיעזע פאַרשטעלונגען פון אַזאַ קולטור־פאָלק ווי די אַלטע גריכן, דאַן ווערט פאַר אונדז קלאָר דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן דער אַלטער גריכישער קולטור און דער יידישער. די העלדן פון די אַלטע גריכן זיינען מלחמה־העלדן און אויך זייערע געטער זיינען כסדר פאַרנומען מיט מלחמה און אינטרי־געס. גאָר אַן אַנדער וועלט איז די יידישע און מען מעג דאָ רויִק זאָגן להבדיל אלף אלפי הבדלות. דער יידישער באַגריף וועגן געטלעכקייט איז שעפערישקייט. דער האַר פון דער וועלט איז דער שעפער פון דער וועלט, דער בורא־עולם. אויך די גרויסע גריכישע דענקער האָבן ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון שעפערישקייט. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם ווונדער פון מעשה בראשית.

## אַרבעט און שלום
## דער בויער און דער מאַן פון מלחמה

מיט דער אידעע פון שלום איז גאָר באַזונדערס פאַרבונדן דער מאָטיוו פון פרייד. אין צייטן פון שלום האָט דער אַרבעטס־מענטש די מעגלעכקייט צו זען די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט, ער באַווייזט אַראָפּצונעמען די תבואה פון די פעלדער און ער קאָן זיך פרייען מיט גאָטס ברכה. איז ממילא דער יום־טוב סוכות אין אַ באַזונדערער מאָס אַ צייט פון פרייד (זמן שמחתנו). דאָ זיינען פאַרבונדן צוזאַמען די פרייד פון אַרבעט און די פרייד פון שלום.

לויט זיין נאַטור איז דער מענטש ניט נאָר אַן אַרבעטער, נאָר אויך אַ קעמפער. און עס וואָלט געווען דער גרעסטער טעות צו לייקענען דעם פאַקט, אַז אויך מלחמה קאָן דעם מענטשן פאַרשאַפן אַ סך פרייד. קינדער שפּילן זיך

אין מלחמה, אַרבעט אָבער פאַרנעמט על פּי ערך אַ באַשיידענעם פּלאַץ אין די קינדישע שפּילן.

דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער קולטור ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דער קאָנפליקט צווישן דעם אַרבעטס־מענטשן און דעם מלחמה־מאַן. און אין איטלעכן מענטשן ראַנגלען זיך אָט די צוויי כוחות, דער שעפערישער אַרבעטער, און דער קעמפער, דער בויער, דער פּיאָנער און דער צעשטערער, ווייל די ליידנ־שאַפט פון מלחמה איז אָפט אַ ריין סאַדיסטישע ליידנשאַפט. עס איז אַ ווילדע ליידנשאַפט פון רשעות, פון צעשטערן, פון חרוב־מאַכן.

די געשיכטע פון יעקבן און עשון ברענגט אַרויס מיט אַ באַזונדערער קלאָר־קייט דעם קאָנפליקט צווישן דעם אַרבעטס־מענטשן און דעם מלחמה־מאַן. עשו איז אַ יעגער. און יאַגד, ווי מיר ווייסן, האָט אַ גרויסע שייכות צו מלחמה. אַנטקעגן דעם איז יעקב אַ רויִקער און פרידלעכער פּאַסטוך. אין חומש ווערט אונדז געגעבן די וווּיטערדיקע כאַראַקטעריסטיק פון די צוויי ברידער: „און עשו איז געווען אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט געיעג, אַ פעלד־מענטש, און יעקב איז געווען אַ שטילער מענטש, וואָס זיצט אין געצעלטן" (**ויהי עשו איש יודע ציד איש שדה ויעקב איש תם יושב אהלים**). די גאַנצע געשיכטע פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „און יעקב האָט געגעבן עשון ברויט און געקעכטס פון לינדזן, און ער האָט געגעסן און געטרונקען, האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק־געגאַנגען, אַזוי האָט עשו מבזה געווען די בכורה".

די געשיכטע, ווי זי ווערט דערציילט אין חומש, שטיצט זיך ניט אויף יעקבס צד. מיר פילן אַפילו אַ געוויסע סימפּאַטיע מיט עשון, מיט דעם נאַטור־מענטשן, מיט דעם מענטשן, וואָס לעבט מיטן היינט, מיט זיינע היינטיקע עמאָציעס. דער אויסגערעכנטער יעקב איז אונדז אפשר ווייניקער סימפּאַטיש. אָבער דער סוף פון דער געשיכטע מאַכט פאַר אונדז קלאָר דאָס פּראָבלעם. די בכורה איז די פּריווילעגיע פון ירושה, דער סימבאָל פון דער ציוויליזאַציע פון אַרבעט. דער יעגער דאַרף ניט קיין בכורה, דער יעגער נעמט ניט איבער קיין ירושה, וואָרים ירושה איז מייסטנס אַ רעזולטאַט פון יאָרן אַרבעט. האָט עשו געגלייבט, אַז אַ טאָפּ לינדזן היינט, איז וויכטיקער ווי די בכורה אין צוואַנציק־דרייסיק יאָר אַרום, ווען דער טאַטע יצחק וועט מער ניט זיין. און ווער ווייס, צי איך וועל גאָר דערלעבן די בכורה?

גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג פירט דער וועג פון אַרבעט. דער אַרבעטס־מענטש, דער פּאַסטוך און דער פּויער, טראַכט ניט נאָר וועגן היינט, ער זאָרגט כסדר פאַרן מאָרגן. ער זאָרגט פאַר זיין פאַמיליע, און ער זאָרגט פאַר זיינע שאָף מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט. רירנדיק איז די באַשרייבונג אין ספר שמואל פון דעם אָרעמען מענטשן, וואָס האָט געהאַט איין קליין שעפעלע. און דאָס דאָזיקע שעפעלע איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן ביי אים אין דער היים; „און עס איז אויפגעוואַקסן — זאָגט אונדז דער פּסוק — אין איינעם מיט אים און מיט זיינע קינדער, פון זיין ברויט פלעגט עס עסן, און פון זיין בעכער

פלעגט עס טרינקען, און אין זיין שויס פלעגט עס ליגן, און עס איז געווען ביי אים ווי אַ טאָכטער". און ווען די נביאים האָבן דערי‏בער גערעדט וועגן שלום, האָבן זיי געהאַט אין זינען דעם אוניווערסאַלן שלום. ניט נאָר שלום צווישן מענטשן, צווישן פעלקער, נאָר אויך שלום צווישן אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט, אַפילו צווישן די חיות פון פעלד און וואַלד. און דער נביא ישעיה האָט אויך קלאָר אַרויסגעבראַכט דעם טיפן קאָנפליקט צווישן דער פילאָזאָפיע פון מלחמה און דער פילאָזאָפיע פון אַרבעט. „אין יענער צייט" — זאָגט אונדז דער נביא — וועלן די פעלקער פון דער וועלט איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקער־אייזנס, און זייערע שפּיזן אויף שנייד־מעסערס, אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד, און מען וועט מער ניט לערנען קיין מלחמה". דער אַקער־אייזן, די אַרבעטס־געצייג, זיינען פאַר אונדזער נביא דער סימבאָל פון שלום, אַרבעט איז דער וועג צו שלום. אויך אונדזער צייט שטייט פאַר דער גורלדיקער פראַגע: מיט דער שווערד, אָדער מיטן אַקער־אייזן? אַרבעט קאָן לייזן אַלע פּראָבלעמען, מלחמה, קאַמף, לייזט ניט קיין שום פּראָבלעם. איז ניט קיין וווּנדער וואָס סוכות, דער יום־טוב פון אַרבעט און פון שלום, איז אויך די צייט פון שמחה, דער יום־טוב פון זמן שמחתנו.

## אַרבעט און פרייהייט

„פאַראַן מענטשן" — דערקלערט אַריסטאָטעלעס — „וואָס זיינען געבוירן געוואָרן צו זיין קנעכט. און פאַר די לעצטע — לערנט אונדז ווייטער דער גרויסער גריכישער פילאָזאָף — איז קנעכטשאַפט דער פּאַסיקער צושטאַנד. עס איז גערעכט און גוט פאַר זיי".

די אַלטע וועלט האָט זיך ניט געקאָנט געבן קיין עצה מיט דעם פּראָבלעם פון אַרבעט און פרייהייט. די אַזוי גערופענע פרייע, די איידל־לייט, האָבן ניט געאַרבעט, און פאַר די אַרבעטס־מענטשן איז ניט געווען קיין פרייהייט.

גאָר אַנדערש איז געווען דער יידישער צוגאַנג. אַלע מענטשן זיינען גאָטס קינדער, מיר אַלע זיינען באַשאַפן געוואָרן אין דער געשטאַלט פון דעם באַשעפער. איז ממילא איטלעכער פון אונדז באַרעכטיקט צו זיין חלק פון פרייהייט און אָפּרו. אַרבעט און פרייהייט לאָזן זיך ניט אָפּטיילן.

„און דו זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביסט דו געווען אין דעם לאַנד מצרים, און גאָט האָט דיך פון דאָרטן אַרויסגעצויגן מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם; דערי‏בער האָט גאָט דיר באַפוילן צו מאַכן דעם טאָג שבת".

יציאת מצרים האָט דערהויבן דעם יידישן מענטשן צו דער העכסטער מדרגה פון שבתדיקייט, פון יום־טובדיקער געלייטערטקייט, ביסלעכוויז האָט די יידישע

שבתדיקייט אַנגעהויבן אַרויסצושטראַלן איבער גאַר דער וועלט. פאַראַן אַ וועג. האָט די וועלט זיך אַרומגעזען, צו פאַראייניקן אַרבעט און פרייהייט, צו פאַר־זיכערן פאַר איטלעכן מענטשן זיין חלק אין יום־טובדיקן אָפּרו. און דער וועג הייסט — דער וועג פון שבת, שבת פאַרן מענטשן און שבת פאַר דער וועלט.

דער נס פון פסח איז — דער נס פון פרייהייט, דער נס פון שבת יום־טוב־דיקער יידישקייט. די פאָלקסטימלעכע קאַרנעוואַל יום־טובים זיינען אַ וויכטיקער עלעמענט אין אונדזער קולטור־לעבן. דער מענטש האָט די באַדערפעניש פון צייט צו צייט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך און די קייטן פון דער ציוויליזאַציע. קיין אידעאַל איז עס אָבער ניט. אונדזער וועלט נייטיקט זיך היינט מער אין יום־טובים, וואָס גיבן דעם אַרבעטס־מענטשן זיין חלק אין אַ העכערער ציוויליזאַציע, זיין חלק אין דער מלוכה פון גייסטיקייט.



עס קאָן ניט זיין קיין בעסערער סימן פון יידישער פרייהייט ווי דער פאַקט וואָס יידן האָבן ניט פאַרגעסן, אַז זיי זיינען אַמאָל געווען קנעכט אין מצרים. זיי האָבן דעריבער פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן אין דער פולסטער מאָס, וואָס פריי־הייט מיינט און צו וואָס פרייהייט איז אַ מענטשן מחייב. פרייהייט הייסט אויך, און אפשר אָפּילו אין דער ערשטער שורה, אָפּהיטן און רעספּעקטירן דעם צווייטנס פרייהייט.

און דאָס פאָלק האָט ניט פאַרגעסן. דאָס פאָלק האָט געדענקט זיין פאַרגאַנ־גענהייט און האָט געוווּסט, ווי אָפּצוהיטן די פליכטן פון פרייע מענטשן.

אין סך־הכל האָט זיך די יידישע געזעלשאַפט קיין מאָל ניט גע־האַלטן אויף שקלאַפן־אַרבעט. איז אין דער יידישער געשיכטע געמאַכט געוואָרן דער פיאָנערישער עקספּערימענט צו פאַרבינדן אַרבעט מיט פרייהייט. דער עקספּערימענט האָט זיך איינגעגעבן און דער יום־טוב פסח ברענגט אָט די פאַר־בינדונג פון אַרבעט און פרייהייט אַרויס מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט.

וואָרים פסח איז דער יום־טוב פון אַרבעט און פרייהייט. פסח איז דאָך — ווי מיר ווייסן פון תנ״ך — אויך דער יום־טוב פון אָנהייב פון שניט, ווען מען הייבט אָן אַראָפּצונעמען די תבואה פון די פעלדער. אַזוי איז דער יום־טוב פון פרילינג אין דער זעלבער צייט אַ יום־טוב פון אַרבעט און אַ יום־טוב פון פריי־הייט. אַ סך שווערער איז עס געווען דורכצופירן אָט די אידעע אין לעבן. ווי קאָן דער פאַרהאָרעוועטער און פאַרזאָרגטער אַרבעטס־מענטש גאַר טראַכטן וועגן פרייהייט? ווען איז ער פריי און ווי אַזוי קאָן ער זיין פריי?

דער ענטפער, וואָס די יידישע טראַדיציע האָט דערויף געגעבן, איז אַ באַ־זונדערס מערקווערדיקער. מיר קאָנען טיילווייז באַפרייען דעם מענטשן פון דעם יאָך פון אַרבעט און זאָרג, אויב מיר וואַרפן אויף אים אַרויף דעם יאָך פון פריי־

הייט. אַן די שטרענגע דינים פון שבת וואָלט דער יידישער אַרבעטס־מענטש קיין מאָל זיך ניט באַוויזן צו באַפרייען פון זיין וואָכעדיקן יאָך. דער מענטש מוז זיך אַליין דערציִען צו פרייהייט, מוז אָפּט אויף זיך אַרויפצווינגען די פליכטן פון פרייהייט. וואָרים פרייהייט מיינט פאַראַנטוואָרטונג, פליכטן און זעלב־שטענדיקייט.

## וואָס טוט אַ מענטש מיט זיין פרייער צייט?

מיר זיינען לפי ערך גוט באַקאַנט מיט די סאָציאַלע און מאָראַלישע פּראָב־לעמען פון אַרבעט און אַרבעטסלאָזיקייט. מיר האָבן אויף דעם פעלד גאָר אַ רייכע וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור מיט אַן א שיעור ספּעציעלע אויספאָרשונ־גען. אַנטקעגן דעם זיינען נאָך גאָר ווייניק אויסגעפאָרשט געוואָרן די פּראָבלעמען פון אָפּרו און פרייער צייט בכלל. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אַ צאָל געלערנטע אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דעם ענין פון פרייער צייט. און ס'איז נייטיק צו באַמערקן, אַז מיר האַלטן דאָ ערשט ביים סאַמע אָנהייב. גענוג צו זאָגן, אַז דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון שבת און יום־טוב איז אין דער וויסנ־שאַפטלעכער ליטעראַטור גאָר ווייניק באַהאַנדלט געוואָרן. מיט עטלעכע יאָר צוריק, למשל, איז אַרויס אין ענגליש אַ ספּעציעלער באַנד מיט אַ גרעסערער צאָל אָפּהאַנדלונגען פון פאַרשיידענע מחברים וועגן דעם ווי דער מאָדערנער מענטש נוצט אויס און פאַרברענגט זיין פרייע צייט. אין אָט דעם ספּעציעלן באַנד ווערט פאַקטיש אין גאַנצן איגנאָרירט די פראַגע וועגן יום־טובים. עס שאַפט זיך די פאַרשטעלונג, אַז אַזעלכע וויכטיקע אינסטיטוציעס ווי שבת און יום־טוב וואָלטן גאָרניט געהאַט קיין שייכות צו דעם ענין פון אָפּרו. דער אמת אָבער איז, אַז ביז צום צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיינען בדרך כלל קיין אַנדערע פאָרמען פון אָפּרו ניט געווען. טעג פון אָפּרו זיינען צום ווייט גרעסטן טייל געווען טעג פון יום־טובדיקייט. אָבער דער מאָדערנער געלערנטער האָט זיך מורא צוצורירן צו ענינים, וואָס זיינען מער־ווייניקער פאַרבונדן מיט אַ רעלי־גיעזער טראַדיציע און רעליגיעזע צערעמאָניעס.

דער זין פון יום־טוב און אָפּרו איז: אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון זאָרגן, דעם יאָך פון וואָכעדיקייט. דער יום־טובדיקער מענטש האָט די אַמביציע צו זיין אַ פרייער מענטש. און דאָ שטעלט זיך די פראַגע: וואָס מיינט פרייהייט?

דאָס איז אַ פילאָזאָפישע פּראָבלעם, וואָס האָט אויך פאַרן פּראַקטישן לעבן פון דעם פשוטסטן מענטשן אַ געוואַלדיקע באַדייטונג. אמתע פרייהייט, קאָן מען זאָגן, איז די פרייהייט אַלץ צו טאָן וואָס דאָס האַרץ גלוסט, אויך די פרייהייט צו זינדיקן. דער מענטש דאַרף האָבן די פולסטע פרייהייט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די קייטן פון מאָראַלישער געבונדנקייט. אַזאַ פרייהייט מוז, נאַטירלעך, פירן

צו מאַראַלישער הפקרות, צו דער ווילדעסטער אויסגעלאַסנקייט. אָבער אפשר איז מאַראַלישע הפקרות, ווענ מען זאָגן, גאָרניט אַזאַ שלעכטער וועג? פאַראַן בלויז איין קליינע שטערונג: מאַראַלישע הפקרות פירט פּראַקטיש צו דער פאַרניכטונג פון פרייהייט. מיר האָבן געהאַט אַזאַ מאַראַלישע הפקרות אין דער געשטאַלט פון דעם דייטשן נאַציזם. און מיר ווייסן צו וואָס דאָס האָט געפירט. אַזוי זעען מיר, אַז עס קאָן גאָרניט געמאָלט זיין קיין אמתע פרייהייט אָן אַ מאַראַלישן שולחן־ערוך.

פאַראַן אַ צווייטער פילאָזאָפישער צוגאַנג צו פרייהייט: דאָס איז דער שטרענג־אַסקעטישער. אמתע פרייהייט, לערנען אונדז די אַסקעטישע פילאָזאָפן, מיינט פרייהייט פון דער קנעכטשאַפט צום יצר־הרע, פון דער קנעכטשאַפט צו די מענטשלעכע תאוות, צום עגאָיזם. דער מענטש דאַרף זיך אָפּזאָגן פון עולם־הזה, פון אַלערליי פאַרגעניגנס, פון פאַמיליע־לעבן א. א. וו. ערשט דאַן, ווען דער מענטשע ווערט דער פולער בעל־הבית איבער זיינע אייגענע אַמביציעס און ליידנשאַפטן, דערגרייכט ער די מדרגה פון אַ פרייער פערזענלעכקייט.

אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע באַגעגענען מיר דעם שטענדיקן קאָנפליקט צווישן אָט די צוויי פילאָזאָפישע שיטות פון פרייהייט: די שיטה, וואָס פאַרלאַנגט פרייהייט צו זינדיקן, די פולסטע פרייהייט פאַרן יצר־הרע; און די צווייטע שיטה, וואָס פאַרלאַנגט די פרייהייט פאַרן גייסטיקן און מאַראַלישן מענטשן, און דאָס מיינט אייגנטלעך, די באַפרייונג פון דעם יאָך פון יצר־הרע און עולם־הזה.

אָט די צוויי פילאָזאָפישע וועגן שפּיגלען זיך דייטלעך אָפּ אין דער געשיכטע פון די יום־טובים ביי אַלע פעלקער און אויך ביי אונדז, יידן. פאַראַן יום־טובים וואָס טראָגן אַ קאַרנאַוואַל־כאַראַקטער. דאָס זיינען יום־טובים, ווען מען קאָן זיך דערלויבן אַ ביסל צו זינדיקן. פאַראַן אַפילו קאַרנאַוואַל־יום־טובים, ווען די פרייהייט צו זינדיקן נעמט אָן די פאָרמען פון אויסגעלאַסנקייט און הפקרות. באַזונדערס אויפן סעקסועלן געביט.

בדרך כלל פלעגן די יום־טובים ביי די געצנדינער זיך פאַרענ־דיקן מיט סצענעס פון ווילדער שיכרות און אויסגעלאַסנקייט, און קעגן די אַלע פאָרמען פון שיכרות און אויסגעלאַסנקייט פּאָלעמיזירן אַזוי שטאַרק די נביאים. עס האָט גענומען גאָר אַ סך צייט ביז דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגעוווינט פון די אַלטע געצנדינערישע מנהגים. לאָמיר עס קלאָר מאַכן: עס איז מעגלעך און פאַרשטענדלעך ווען מען וויל פון זיך אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון זאָרגן און ציוויליזאַציע דווקא אין די טעג פון פרייד, אין די טעג ווען מען באַפרייט זיך פון די וואָכעדיקע פליכטן, האָט זיך געפאָדערט אָן עקשנותדיקער קאַמף, כדי צו דערהייבן די יום־טובים און דערהייבן דעם מענטשן.

אַנדערש איז נאַטירלעך דער צוגאַנג פון דעם אַסקעטישן פילאָזאָף צו די פּראָבלעמען פון אָפּרו און יום־טוב. פאַרן אַסקעטישן דענקער איז דער יום־טוב

דער עיקר אַ טאָג פון אָפּזאָגן זיך פון אַלע קערפּערלעכע פאַרגעניגנס. עס איז אַ טאָג ווען דער מענטש לעבט מיט זיין אייביקייט, ווען ער מאַכט זיין חשבון מיט זיך און מיט דער וועלט. דער טאָג פון יום כיפור האָט אין זיך די עלע־מענטן פון אַט דעם אַסקעטיש־פילאָזאָפישן חשבון. בדרך כלל אָבער זיינען די יידישע טעג פון שבת און יום־טוב ווייט פון די ביידע עקסטרעמען.

אין אונדזער תקופה, ווען אַפילו דער אַרבעטס־מענטש האָט אַזוי פיל פרייע צייט אין זיין רשות, האָט די פראַגע וועגן אויסנוצן אויף אַ געהעריקן אופן די פרייע צייט אָנגענומען גאָר קריטישע פאָרמען. פאַראַן אַ פאַרשפּרייטע „בעל־הביתישע" מיינונג, אַז לייִדיק־גייערייִ קאָן פירן צו זינד. אַ מענטש דאַרף זיין פאַרנומען, ער דאַרף טראָגן אַ יאָך, לערנט אונדז די באַלעבאַטיש־בירגערלעכע מאָראַל. מיר האָבן ניט קיין גרונד צו לאַכן פון אָט דעם באַלעבאַטיש־בירגער־לעכן צוגאַנג. מיר ווייסן די לייכטזיניקייט פון דער „גאָלדענער יוגנט", אָדער פון די „פּלעי־באָיס". אָבער אויך פאַר דער אָרעמער יוגנט, וואָס ווערט באַפרייט פון שול, זיינען אָפט די חדשים פון וואַקאַציע אַ מאָראַליש פּראָבלעם.

האָט דאָך שוין דער תלמוד געזאָגט „הבטלה מביאה לידי זימה", אַרומגיין ליידיק פירט צו אויסגעלאַסנקייט. און אויך די יוגנטלעכע גענגס און די יוגנט־לעכע פאַרברעכערישקייט איז אָפט אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס אונדזער יוגנט קאָן זיך ניט געבן קיין עצה מיט איר פרייער צייט. די ענערגיע פון דעם יונגן מענטשן ווערט ניט אויסגענוצט פאַר פּראָדוקטיווע צוועקן, זוכט ער אַנדערע וועגן ווי זיך אויסצולעבן. אויך פאַרן דערוואַקסענעם מענטשן איז דאָס פּראָבלעם פון אויסנוצן די פרייע צייט אַ געוואַלדיק וויכטיקער ענין.

## דער יידישער באַגריף פון פרייהייט

וואָס איז דער זין און דער אינהאַלט פון פרייהייט ?

דאָס איז אַן אַלטער פילאָזאָפישער וויכוח. לויט אונדזער יידישן צוגאַנג, איז די באַפרייונג פון מצרים געווען בלויז דער ערשטער עטאַפּ אויפן וועג צו פולער מענטשלעכער פרייהייט. ערשט ביים באַרג סיני, ווען יידן האָבן אָנגע־נומען די תורה, זיינען זיי געוואָרן פרייע מענטשן. די תורה מאַכט דעם מענטשן פריי — דער יאָך פון מצוות איז דער יאָך פון פרייהייט. יידישקייט איז פרייהייט מיט אַ סדר, מיט געזעצן, מיט פליכטן, מיט מצוות און מיט אויפגאַבן.

צווישן די קריסטלעכע און ניט־קריסטלעכע קעגנער פון דער יידישער פי־לאָזאָפיע פון תורה און מצוות געפינען מיר צוויי ריכטונגען : די ראָמאַנטיקער און די ניהיליסטן.

די ראָמאַנטיקער גלייבן, אַז מען קאָן ראַטעווען די וועלט בלויז מיט דרשות,

מיט פרעדיקן ליבע, איז ממילא גאָר ניט נייטיק אַרויפצולייגן אויפן מענטשן פליכטן און אויפגאַבן.

דער צווייטער עקסטרעם איז אַ ניהיליסטישער. אַט־די ריכטונג לייקנט אין גאַנצן אָפּ די מאָראַלישע ציוויליזאַציע. אַריינגערעכנט די קולטור פון דער פאַמיליע. עס איז אַ ריכטונג פון הפקרות, וואָס האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ רעליגיעזער מאַסקע. אַ סך פון די געצנדינערישע יום־טובים זיינען געווען פאַרבונדן מיט אָרגיאַסטישע קולטן און מיט ווילדע אויסברוכן פון אויסגעלאַסנקייט און שיכרות.

אויך יידן זיינען ניט געווען אין גאַנצן פריי פון אַזעלכע אויסברוכן פון געצנדינערישער הפקרות, ווי מיר ווייסן עס פון די שטראָף־רייד פון די נביאים. עס וועט כדאַי זיין צוצוגעבן, אַז די משיחישע באַוועגונג פון יעקב פראַנק האָט אויך געהאַט אין זיך עלעמענטן פון מאָראַלישער הפקרות.

די ניהיליסטישע פילאָזאָפיע פאַרלאַנגט פרייהייט פאַר די מענטשלעכע אינסטינקטן, פאַר דער חיה אין מענטשן. עס איז דער קאַמף פאַר דער פרייהייט פון יצר־הרע.

אונדזער מאָדערנע ליטעראַטור ווערט אויפן שטאַרקסטן אופן באַאיינפלוסט פון אַט־דער אַנטי־יידישער געצנדינערישער פילאָזאָפיע פון ניהיליזם. ביי אייניקע שריפטשטעלער איז פּאָרנאָגראַפיע סתם אַן אויסדרוק פון הפקרות. פאַראַן אָבער אויך שריפטשטעלער פאַר וועמען מאָראַלישער ניהיליזם איז אַ קולט, אַ פילאָזאָפיע.

געוויסע עלעמענטן פון אַט־דער פילאָזאָפיע געפינען מיר שוין ביי פרוידן. עס איז די אידעע, אַז דער יאָך וואָס די ציוויליזאַציע לייגט אַרויף אויפן יחיד, פאַרקריפּלט די מענטשלעכע נאַטור.

די יידישע אידעע פון פרייהייט איז גאָר אַן אַנדערע. עס איז ניט די פרייהייט פאַרן יצר־הרע, די פרייהייט פאַר דער חיה אינעם מענטשן, נאָר גראָד פאַרקערט, עס איז די פרייהייט פון דעם יאָך פון יצר־הרע, די פרייהייט פאַר דאָס מענטשלעכע אין דעם מענטשן.

תורה און מצוות, דער יום־טוב און דער סדר באַפרייען דעם מענטשן פון דעם יאָך פון זיינע ווילדע און חיהשע אינסטינקטן. די יידישע פרייהייט איז אַ פרייהייט פון מענטשלעכקייט, אַ פרייהייט פון ברידערלעכקייט, אַ פרייהייט פון קאָאָפּעראַציע.

זיצן מיר ביים סדר־טיש, עלטערן און קינדער, ברידער און שוועסטער, פריינד און באַקאַנטע. עס איז דער יום־טוב פאַר דער פאַמיליע. און צוזאַמען מיט אונדז זיצן דורות פון אַמאָל. זיצן מיר ביים טיש פון דער געשיכטע. מיר שאַפן געשיכטע און מיר פאַרבלייבן ווייטער אין דער געשיכטע פון אַ גרויס און הייליק פאָלק.

# יום־טוב — פרייהייט

פאַראַן אַ מערקווערדיקע לעגענדע ביי די עסקימאָסן אין אַלאַסקאַ. אַ יונגער בחור האָט זיך אַמאָל פאַרלוירן אין די בערג. ער האָט לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט איינער אַליין. מיט אַ מאָל דערהערט ער שטימען פון פרייד און געזאַנג. ער קומט צו נעענטער. מען פּראַוועט אַ גרויסע שמחה. חיות פון אַלע מינים האָבן זיך צונויפגעזאַמלט און זיי פייערן אַ יום־טוב. ער איז באַזונדערס געוואָרן איבערראַשט, וואָס די חיות האָבן אויסגעזען זייער ענלעך צו מענטשן, און אויך די קולות, וואָס זיי האָבן פון זיך אַרויסגעבראַכט, זיינען געווען כמעט ווי מענטשלעכע. געווען צווישן די חיות אַן אַלטע אַדלער־מוטער, האָט זי דעם פאַרבלאָנדזשעטן יונגן מענטשן דערקלערט די באַדייטונג פון דעם יום־טוב. זי האָט דערביי צוגעגעבן: כל־זמן דער יום־טוב האַלט אָן, פילן זיך אַלע באַשעפענישן ווי מענטשן. ווי נאָר דער יום־טוב גייט אוועק, ווערן זיי ווידער חיות, ווי זיי זיינען געווען פאַרן יום־טוב.

מיר געפינען ביי פאַרשיידענע פּרימיטיווע און אַלטע פעלקער אויך גאָר אַנדערע פאַרשטעלונגען וועגן יום־טובים. עס איז אַ פאַרשפּרייטער מנהג ביי אַ סך פעלקער אין די טעג פון יום־טוב זיך צו פאַרמאַסקירן, אַנצונעמען די געשטאַלט פון חיות און צו פּרווון זיך אויפפירן ווי חיות. געווען יום־טובים, ווען דאָס פאָלק פלעגט זיך באַפרייען פון די נאָרמאַלע באַגרענעצונגען און רעגולירונגען פון קולטור־לעבן. אָפט מאָל פלעגן אַזעלכע יום־טובים אָננעמען פאָרמען פון ווילדער אויסגעלאַסנקייט, שכרות און פּרימיטיווע אָרגיאַסטישע טענץ און שפּילן. אין אַ מילדערער פאָרעם באַגעגענען מיר אַזעלכע יום־טובים אויך ביי די העכסטע קולטור־פעלקער. אַזאַ יום־טוב, למשל, איז ביי אונדז פּורים, ווען ס׳איז אַ מצווה זיך אָנצושיכורן ביז מען קען מער ניט דערקענען דעם אונטערשייד צווישן ברוך מרדכי און ארור המן. דאָס איז, באַטירלעך, ניט מער ווי אַ מליצה. אויך ווען אַ ייִד האָט פּורים גענומען אַ ביסל משקה, האָט ער דאָך זיכער ניט פאַרגעסן דעם אונטערשייד צווישן מרדכי און המן. אונדזערע פּורים־שפּילן זיינען אויך געווען ווייט, זייער ווייט, פון די ווילדע אָרגיאַסטישע שפּילן ביי פאַרשיידענע פעלקער. פאַראַן אָבער אויך אין פּורים עפּעס, וואָס באַפרייט אונדז פון דעם יאָך פון ציוויליזאַציע, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויס־דריקן.

אַזאַ יום־טוב פון ווילדע אָרגיאַסטישע טענץ און שכרות איז ביי די אַלטע גריכן און רוימער געווען דער יום־טוב פון גאָט באַקכוס אָדער דיאָניסוס. דאָס זיינען געווען די באַקכאַנאַליע־פּייער־טעג.

אויך ביי אונדז ייִדן זיינען אַמאָל געווען אַזעלכע ווילדע געצנדינערישע מנהגים. אין די ספרים פון די נביאים געפינען מיר גענוג שטראָף־רייד פון די גרויסע ייִדישע דענקער און לערער קעגן אָט־די פּרימיטיווע מנהגים פון אָרגיעס, פון ווילדע טענץ און אויסגעלאַסנקייט. אַזאַ פּרימיטיוון יום־טוב האָט אַפילו

דאָס פאָלק ישראל געפּראַוועט אין מדבר — ווערט אונדז דערציילט אין שמות — ווען זיי האָבן געדינט צום עגל, צום גאָלדענעם קאַלב. ווען משה איז אַראָפּ פון באַרג סיני, לייענען מיר אין שמות ל״ב, האָט ער דערהערט די ווילדע קולות פון פאָלק. דאָס זיינען געווען די קולות אַרום דעם אָפּגאָט. יהושע, דער תלמיד פון משה רבנו, וואָס האָט אויף אים געוואַרט ביים באַרג סיני, האָט אַפילו געמיינט, אַז דאָס זיינען ווילדע קולות פון מלחמה (קול מלחמה במחנה). דאָס זיינען אָבער ניט געווען קיין קולות פון מלחמה, נאָר די צע־רייצטע ליידנשאַפטלעכע אויסרופן פון פאָלק. מען האָט זיך געפרייט מיטן גאָל־דענעם קאַלב.

דאָס סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבן, אַפילו אין דעמאָקראַטישע לענדער, לייגט בכלל אַרויף אויפן מענטשן אַ שווערן יאָך, אַ שווערן יאָך פון אַרבעט, זאָרגן און עגמת־נפש. איז ממילא אין גאַנצן פאַרשטענדלעך וואָס דער מענטש פּרוּווט פון צייט צו צייט צו באַפרייען זיך פון דעם דאָפּלטן יאָך פון ציוויליזאַציע, פון דעם מאָראַלישן יאָך און פון דעם סאָציאַלן יאָך. די יום־טובים זיינען דעריבער קודם־כל טעג פון פרייהייט.

איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן פון אַ דעמאָקראַטישער אָרדענונג איז: קלאָר אָנצוצייכענען די גרענעץ־ליניע צווישן פרייהייט און הפקרות. די געשיכטע פון אַלע דורכגעפאַלענע רעוואָלוציעס ווייזט אונדז, אַז דאָרט ווו די רעוואָלוציאָנערע פירערשאַפט האָט ניט באַוויזן איינצוהאַלטן קלאָר די גרענעץ־ליניע צווישן פרייהייט און הפקרות, האָט זיך די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פאַרענדיקט מיט אַ דיקטאַטור. די געשיכטע לערנט אונדז ווייטער, אַז דיקטאַטאָרן האָבן זיך מיט גרויס סימפּאַטיע באַצויגן צו די פאַרשיידענע באַקכאַנאַלישע יום־טובים. זאָל דאָס פאָלק זיך פאַרשפּילן, פאַרגעסן די צרות, פאַרגעסן די טענות צו דער רעגירונג, צו דער פירערשאַפט. די רוימישע הערשער האָבן עס באַזונדערס געוווּסט. זיי האָבן געוווּסט, אַז גראָד מיט די ווילדסטע שפּילן, ווי, למשל, די ברוטאַלע שפּילן פון די גלאַדיאַטאָרן, קאָן מען אַמבעסטן געווינען די סימפּאַטיעס פון דעם פּרימיטיוון המון.

די יידישע גייסטיקע פירער האָבן געהאַט גאָר אַן אַנדער צוגאַנג צום גאַנצן ענין יום־טוב. פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן המון און פאָלק, צווישן דעם מאַסן־מענטשן און דעם פאָלקס־מענטשן. מיר איז שוין אויסגעקומען אין מיינע פריערדיקע אַרטיקלען אָנצווייזן אויף דעם אייגנאַר־טיקן כאַראַקטער פון די יידישע יום־טובים. דער יידישער יום־טוב האָט ניט די אויפגאַבע צו באַפרייען דעם מענטשן פון זיינע מאָראַלישע, פון זיינע מענטש־לעכע פליכטן. גראָד פאַרקערט. דער יום־טוב מאַכט אים מער מענטשלעך, מאַכט אים איידעלער, שבתדיקער, יום־טובדיקער. אַפילו די חיה אין דעם מענטשן ווערט אין די טעג פון שבת און יום־טוב מענטשלעכער, ווי די פריער ציטירטע לעגענדע פון די עסקימאָסן האָט עס אַזוי ווונדערלעך אַרויסגע־בראַכט.

דער יום־טוב באַפרייט אָבער יאָ דעם יידישן מענטשן פון דעם סאָציאַלן יאָך, פון דעם יאָך פון וואָכעדיקע זאָרגן און פון די אַלע עוולות און אומגע־רעכטיקייטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם וואָכעדיקן סדר פון דער וועלט. דער מענטש ווערט באַפרייט פון אַרבעט, פון פרנסה־זאָרגן און פון אַלע גע־וויינטלעכע וואָכעדיקע דאגות.

די יידישע טראַדיציע האָט מער געהאַלטן פון דעם טייל פון יום־טוב, וואָס דערהייבט דעם מענטשן. עס איז אָבער ביי אונדז אויך געווען פאַרשטענדעניש פאַר דעם מאָטיוו אין יום־טובדיקייט, וואָס גיט דעם מענטשן די מעגלעכקייט זיך צו באַפרייען אויף אַ קורצער צייט פון דעם יאָך פון מאַניערן און עטיקעט, פון האַלטן סטאַט. אין די טעג פון חנוכה און פורים מעג מען זיך אַרומשפּילן, מען מעג נעמען אַ ביסל מער משקה, מען מעג אַפילו הוליען.

אַ געמישטער און גאָר אַן אייגנאַרטיקער יום־טוב איז דער יום־טוב שמחת־תורה. עס איז פון איין זייט אַ יום־טוב פון געלייטערטער גייסטיקייט, דער יום־טוב פון תורה, און דאָך איז גראָד דער יום־טוב פון תורה אויך דער יום־טוב פון עכטער פאָלקסטימלעכער פריילעכקייט. אַ גאַנץ פאָלק פרייט זיך מיט דער תורה און די פרייד איז אַזוי טיף מענטשלעך, אַזוי נאַטירלעך מענטשלעך, ווי מען קאָן זיך דאָס קוים פאַרשטעלן.

אין זלמן שניאורס בוך „שקלאָווער קינדער" איז דאָ אַ קאַפּיטל, וואָס טראָגט דעם אויסטערלישן נאָמען: „דער גראַביאַזש פון די קוגלען". דאָ ווערט באַשריבן דער מנהג, ווען דער עולם פלעגט אַרויסגיין שמחת־תורה אויף די גאַסן, מען פלעגט זיך לאָזן איבער די הייזער צו נעמען כיבוד. דער עולם פלעגט ניט „וואַרטן" אויף כיבוד, מען פלעגט נעמען מיט כוח, מען פלעגט אַרויסנעמען פון די אויוונס די וואַרעמע מאכלים, די קוגלען, מען פלעגט נאָך נעמען משקה דערצו און מען פלעגט זיך אויסזעצן ביי די טישן גאַנץ ברייטלעך. שמחת־תורה זיינען „אָפּגעשאַפט" געוואָרן די געזעצן פון מיין און דיין:

„אַן אַנטיק אין דער וועלט, וואָס ס'איז דאָ כאָטש איין טאָג אַזאַ — שמחת־תורה! מיינע — דיינע, דיינע — מיינע! אַז משיח וועט קומען", טראַכט שניאורס העלד, דער יונגער פּיווקע, „וועט אפשר אַלע מאָל זיין אַזוי... נאָר אַ מאָדנע זאַך! דווקא אינעם טאָג, ווען מען פרייט זיך אַזוי מיט דער תורהלע... און חסידים צעהוליען זיך, דווקא אינעם זעלבן טאָג, רייסן זיך אַרויס אַלע „לאווין" פון די האַרבע פענטעס. מען כאַפּט פרעמדע בלינצעס, מען גנבעט קוגעלעך איינער ביים צווייטן, מען גזלט פלאַדן... און נאָך איין זאַך פאַר־שטייט ניט פּיווקע. אין זיינע צען־עלף יאָר, וואָס ער לעבט אויף דער וועלט... האָט ער נאָך ניט געזען, דער רימער, דער ליימער אָדער דער טאָקער, וואָס ווינען דאָ אויף דער גאַס, זאָלן אַזוי באַפאַלן און ראַבעווען די גבירישע קוגלען..."

ס'איז אָבער ניטאָ זיך וואָס צו וווּנדערן. דער יום־טוב פון דער תורה איז אַ יום־טוב פון פרייהייט און ברידערלעכקייט, ווערט ממילא אָפּגעשאַפט די

גרענעץ צווישן דעם רייכן, דעם בעל־הבית און דעם פשוטן אַרבעטס־מענטשן. דאָס האָט אויך פאַרשטאַנען שלום עליכם אין זיינע שילדערונגען פון דער „חברה הוליאַקעס":

„דאָס זיינען יידן דווקא שטילע מענטשעלעך און דווקא נישקשה פון אָרעמע לייט און געהערן זיך ניט אָן אַ גאַנץ יאָר איינס מיטן אַנדערן גאָרניט ניט; נאָר אַז עס קומט שמחת־תורה, ווערט מען לעבעדיק־פריילעך ,און גלייך ווי מען וואָלט זיך אויפגערעדט; מען נעמט זיך אַרום גאַנץ ברידערלעך און מען גייט איבער די גאַסן, טאַנצנדיק און זינגענדיק פריילעכע ניגונים און מען מאַכט פריילעך די גאַנצע שטאָט. מען קומט אַריין צו אַלע בעלי־בתים גוט יום־טוב בעטן, מע רייסט זיך אַריין אויך צו די נגידים און מע מאַכט זיי דעם פריילעכן שמחת־תורהדיקן קידוש, און באַין ברירה מוז געשטעלט ווערן וויין אויפן טיש... אַניט קאָנען די הוליאַקעס אַליין נעמען. זיי ווייסן ווו וואָס עס שטייט...

פאַרשטייט זיך, אַז פון יאָר צו יאָר ווערט ביי אונדז די „חברה הוליאַקעס" שיטערער און ווינציקער... דעריבער אייל איך זיך די דאָזיקע באַרימטע הוליאַקעס צו באַשרייבן, יעדן איינציקן מיט זיין טיפּ און ביי זיין נאָמען. לאָז כאָטש בלייבן אַ זכר, אַ סימן פון דעם ווי מען הוליעט ביי יידן אין גלות, אַז עס קומט שמחת־תורה".

אַזוי האָבן יידן געפּראַוועט שמחת־תורה אין די שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים. די שמחה פון דער תורה האָט געבראַכט אַ סך פרייד אין לעבן. עס איז די פרייד פון אַ פריי פאָלק, אַ פאָלק, וואָס האָט באַוויזן צו שאַפן די העכסטע פאָרמען פון אַ קולטור פון יום־טובדיקייט.

דאַרפן מיר נאָך היינט האָבן יום־טובים? פאַראַן, אמת, איינצלנע מענטשן, וואָס קאָנען אויסקומען אָן יום־טובים, פונקט ווי מען קאָן אויסקומען אָן נאָך אַ סך זאַכן. מען קאָן זיין אַ מסתפק במועט, מען קאָן אויסקומען מיט די סאַמע איינפאַכסטע מאכלים, מיטן פשוטסטן בגד און מיט דער אָרעמסטער דירה. אָרעמקייט איז אַוודאי ניט קיין חרפּה. איך גלייב אָבער, אַז גייסטיקע אָרעמקייט איז ניט קיין גרויסע מעלה. און פאַרברענגען אַ גאַנץ לעבן אין וואָכעדיקייט, אָן אַ ליכטיקן טאָג יום־טוב, אָן די יום־טובדיקע ענדערונגען און אָן דער יום־טובדיקער שמחה, איז גייסטיקע קבצנות. צוליב וואָס זיך יאָגן נאָך קבצנות, ווען מיר פאַרמאָגן אַזאַ אוצר פון יום־טובדיקייט!

און אפשר ווערט אַ מענטש גייסטיק געזינטער, גייסטיק רויִקער, ווען ער קאָן האָבן אַ יום־טוב און הנאה האָבן פון יום־טוב. אפשר איז יום־טובדיקייט דער וועג צו מער געלייטערטע און מער פריינדלעכע פאָרמען פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן?

# שבת — די קרוינונג פון דער וואָך פון שאַפן

די וועלט פון דער קינסטלערישער פאַנטאַזיע באַווייזט זיך צו אונדז אין צוויי דימענסיעס. דאָס זיינען צוויי וועגן ווי צו אַנטלויפן פון דער וועלט פון וואָכעדיקייט. איין וועג איז דער וועג פון שבת. און עס איז אַוודאי ניט בייטיק דאָ אויסצוטייטשן פאַרן יידישן לייענער דעם זין פון שבת, די דימענסיע פון נשמה־יתירהדיקייט. פאַראַן נאָך אַ צווייטער וועג ווי צו אַנטלויפן פון דער וועלט פון וואָכעדיקייט — דאָס איז דער קאַרנאַוואַל. ווען דער מענטש טוט אָן אַ מאַסקע און וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם יאָך פון ציוויליזאַציע. אין אַ מילדער פאָרעם פירט דער יום־טוב פּורים אויס די ראָל פון אָט דעם קאַרנאַוואַל, ס׳איז אַ אַ מצווה אין דעם טאָג פון פּורים זיך אַ ביסל אַנצושיכורן, זיך צו פאַרשטעלן, חוזק צו מאַכן פון דער וועלט. פּורים איז דאָך אויך אַ צייט פאַר די פּורים־שפּילער, פאַר קאָמעדיאַנטן. און מיר ווייסן, אַז דער יידישער טעאַטער האָט זיינע וואָרצלען אין דעם פּורים־שפּיל.

ביי אַ צאָל אַנדערע פעלקער האָבן די קאַרנאַוואַל־פייערלעכקייטן אָפט אָנגענומען עקסטרעמע פאָרמען. מיט תאוותדיקע אָרגיאַסטישע שפּילן און מיט אַ היפּשער מאָס פון הפקרות. אונדזער היינטיקע קולטור ווערט ביז צו אַ געוויסן גראַד באַהערשט פון דער שטימונג פון קאַרנאַוואַל, עס איז די רעוואָלוציע פון די פּורים־שפּילער, וואָס האָט אַזוי פאַרכאַפּט און פאַרכישופט די פאַנטאַזיע פון דעם מאָדערנעם מענטשן. דער פאַנטאַסטישער דערפאָלג פון די „ביטלס״ און „ביטניקס״ איז אין דעם פּרט באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש.

די אָפּאָזיציע קעגן דער רוקער און אויסגערעכנטער באַלעבאַטישער וועלט האָט אויך פאַרכאַפּט דעם גרעסטן טייל פון די ערנסטע שרייבער און קינסטלער פון אונדזער צייט. זיי זיינען געוואָרן די געפּאַנגענע פון דער רעוואָלוציע פון די פּורים־שפּילער. אויך אין פּאָליטישן לעבן רוקט זיך אַרויס אַלץ מער פאַרויס דער קאָמעדיאַנט און דער פּורים־שפּילער. און אָט די טענדענץ אין אונדזער היינטיקן קולטור־לעבן מוז פריִער אָדער שפּעטער פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. אַ פאָלק קאָן ניט לעבן מיט קאַרנאַוואַל און פּורים־שפּיל. אַ פאָלק מוז שאַפן, אַ פאָלק מוז בויען. די פּורים־שפּילער, ווי טאַלאַנטפול זיי זאָלן ניט זיין, קאָנען ניט ווערן די גייסטיקע לערער און וועגווייזער פאַרן פאָלק. די זיילן פון קולטור־לעבן מוזן בלייבן: וואָך און שבת, די אַרבעט פון דער וואָך און די העכערע קולטור פון שבתדיקייט.

אין די געזעצן פון מלחמה אין ספר דברים ווערן דערמאָנט די קאַטעגאָריעס, וואָס ווערן באַפרייט פון דער פליכט צו גיין אין קריג: ווער עס האָט אויסגעבויט אַ ניי הויז און האָט עס נאָך ניט באַנייט, זאָגט די תורה, זאָל גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, טאָמער פאַלט ער אין מלחמה, און אַן אַנדער מאַן וועט עס באַנייען. און דאָס זעלביקע ווערט געזאָגט וועגן דעם, וואָס האָט ערשט פאַרפלאַנצט אַ וויינגאָרטן און הייבט אָן אַ פאַמיליע־לעבן. אפילו אין אַ

צייט פון מלחמה־געפאַר, זאָגט אונדז די תורה, דאַרף מען ווייטער בויען, ווייטער פלאַנצן, ווייטער זאָרגן פאַר דער פאַמיליע.

דער באַלעבאַטישער מענטש איז דער וואָכעדיקער מענטש, דער מענטש פון אַרבעט, דער מענטש פון אייגנטום, דער מענטש פון דער פאַמיליע. אַרבעט, אייגנטום און פאַמיליע, דאָס זיינען די דריי זיילן פון נאָרמאַלן סאָציאַלן לעבן. מיר מוזן אָבער אויך האָבן אין זינען, אַז די תורה באַנוגנט זיך ווייט ניט בלויז מיט דער וואָכעדיקער וועלט, מיט דער וועלט פון אַרבעט און אייגנטום. מען וואָלט אַפילו געקאָנט זאָגן, אַז די אינסטיטוציע פון שבת איז אַ פּראָטעסט קעגן דער וועלט פון בלויז אַרבעט און אייגנטום. כאַראַקטעריסטיש פאַר שבת איז דאָך דער פאַקט, וואָס מען טאָר אין דעם טאָג פון אָפּרו ניט טאָן קיין שום מלאכה. די תלמודישע טראַדיציע באַהאַנדלט באַזונדערס אויספירלעך די אַלע מלאכות, וואָס זיינען פאַרווערט אין דעם טאָג פון שבת. פונקט אַזוי מוז מען זיך אָפּהאַלטן פון אַרבעט אין די טעג פון יום־טוב.

באַזונדערס וויכטיק איז אָבער דאָס געבאָט וואָס זאָגט, אַז דער טאָג פון שבת איז אַ טאָג פון אָפּרו פאַר אַלעמען, אויך פאַר די געדונגענע אַרבעטער, אויך פאַר די קנעכט און אַפילו פאַר די אַרבעטס־בהמות. מ'טאָר שבת אַליין ניט אַרבעטן און מ'טאָר אויך ניט באַשעפטיקן קיין פרעמדע אַרבעטער אין דעם הייליקן טאָג שבת. אין דעם טאָג פון אָפּרו ווערט דער קנעכט אויס קנעכט און דער בעל־הבית אויס בעל־הבית.

נאָך ווייטער גייט דאָס געזעץ פון שמיטה: „זעקס יאָר — ווערט געזאָגט אין משפטים — זאָלסטו זייען דיין לאַנד און איינזאַמלען די תבואה, אָבער דעם זיבעטן יאָר זאָלסטו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און עס איבערלאָזן פריי, כדי די אָרעמע פון דיין פאָלק זאָלן דערפון עסן און דעם רעשט זאָל עסן די חיה פון פעלד; דאָס גלייכן זאָלסטו טאָן מיט דיין וויינגאָרטן, מיט דיין איילבערט־גאָרטן".

אין דעם זיבעטן יאָר, אין דעם יאָר פון שמיטה, זעען מיר דאָ, ווערט אָפּגעשאַפט דאָס רעכט פון אייגנטום. דאָס זיבעטע יאָר איז אַ יאָר פון שבת, אַ יאָר ווען מען דאַרף ניט באַאַרבעטן די פעלדער, און די פרוכט פון די פעלדער און גערטנער איז הפקר, אַלע קאָנען דערפון געניסן, אָרעם און רייך און אויך די חיה פון פעלד.

עס איז אָבער ניטאָ קיין אַבסאָלוטער קאָנפליקט צווישן שבת און וואָך. די וואָך ווערט זינלאָז אָן דעם שבת און דער שבת פאַרלירט זיין באַדייטונג אָן דער וואָך. דער הייליקער טאָג שבת איז די קרוינונג פון די זעקס טעג פון וואָכעדיקן לעבן. די אַרבעט פון דער וואָך ווערט דערהויבן און געהייליקט דורכן שבת, און די הייליקייט פון שבת אַליין ווערט ערשט מעגלעך דורך די צוגרייטונגען פון דער וואָך. שבת איז דער אידעאַל, די וואָך איז דער גרויסער נסיון. עס איז צייטנווייז שווער צו פירן אַן ערלעך לעבן אין די טעג פון דער וואָך. די מלחמה פאַרן לעבן איז פול מיט געפאַרן, פול מיט שטרויכלונגען,

אָבער אויך גרויס מיט דערגרייכונגען. בויען אַ הויז איז אַ דערגרייכונג; פלאַנצן אַ ווייַנגאָרטן איז אַ דערגרייכונג; אָנהייבן אַ פאַמיליע־לעבן איז אַ דערגריי־כונג. עס איז אַ רחמנות אויף דעם קינסטלער, וואָס זעט ניט די פּאָעזיע אין בויען אַ הויז, אין באַנייען אַ הויז; ווי צו דעם קינסטלער, וואָס זעט ניט די געטלעכע שיינקייט אין אָנהייבן אַ פאַמיליע; און ווען דער קינסטלער פאַרשטייט ניט דעם סוד פון דער וואָך, דעם סוד פון שאַפן, און ווען דער קינסטלער פאַרשטייט ניט די הייליקייט פון שבת, דעם סוד פון פאַרענדיקן, פון ויכלו... וואָס בלייבט דאַן איבער?

עס איז גוט אַ מאָל אויסצולאַכן דעם מענטשן. עס איז גוט אַ ביסל חוזק צו מאַכן פון זיך אַליין. יידן האָבן אָפט ליב זיך צו וויצלען איבער די אייגענע שוואַכקייטן. אָבער ווען איז דאָס געוואָרן, ווען מען טוט עס איין מאָל אין יאָר, אין די טעג פון פורים. מ׳טאָר אָבער ניט פאַרוואַנדלען דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן אין חוזק, אין אַ קאַריקאַטור. דאָס מענטשלעכע לעבן איז גרויס, הייליק און דערהויבן. גרויס איז די וואָך און הייליק אין דער שבת.

# אינהאַלט